לושיץ – לזכר קהילה שהושמדה

לאשיץ–לזכר אן אומגעבראכטער קהילה

# לאַשיץ

## לזכר אַן אומגעבראַכטער קהילה

אַרויסגעגעבן דורכן פאַרבאַנד פון לאַשיצער לאַנדסלייט
אין ישראל און אין די תפוצות

תל־אביב, 1963 – תשכ״ג

# ŁOSICE

IN MEMORY OF A JEWISH COMMUNITY,
EXTERMINATED BY NAZI MURDERERS




Published by the Union of the Remnants of
the Jewish Community of Łosice (Poland)

(Adress: David Ruzal, Borochov str. 15, Tel Aviv, Israel)



לזכר קדושי קהילת
לוֹשיץ
LOSICE
(פודלסיה פולין)
שנרצחו בידי הנאצים
בימי השואה
ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳
יום הזכרון:
יום הגירוש הגדול
ט׳ אלול תש״ב (1942)
יוצאי לושיץ
בישראל ובתפוצות
מגילת השמדה

**רעדאַקטאָר:**

מרדכי שנער (ב. פעדער)

**רעדאַקציע־קאָמיסיע:**

בן־יעקב יוסף, גאָלדשטיין חיים־איצל,
פּאַסטערנאַק־האָכמאַן רחל, ראָזענבאַנד־
ביאַליקאַמיען חיה־רחל, רוזאַל דוד,
רוזאַל מנחם, שמולעוויטש־גאָלדבאַנד
בעלטשע, שנער מרדכי

**תרגום ועריכה בעברית:**

א. בר־תנא

דפוס החברה המאוחדת להדפסה בע"מ, תל־אביב

עיירתנו קטנה היתה, ואף לעתים נדירות סומנה אף על המפות הגדולות והמדויקות של פולין; מרוחקת מכל דרך ראשית ואפילו קו מסילת הברזל לא הגיע עדיה — אך חיים יהודיים מלאים תססו בה, מושרשים מני דורות, בדומה למאות קהילות יהודיות אחרות, גדולות וקטנות, על אדמת פולין. השואה שהביא על יהדות זו האויב המרושע ביותר בתולדותינו — גרמניה של היטלר — לא פסחה גם על עיירתנו לושיץ. הקהילה הקטנה נעקרה מן השורש ונמחתה מעל פני האדמה. מרבית יהודי לושיץ, אנשים, נשים וטף, נשרפו באכזריות בתאי הגזים, נקברו חיים, נטבחו ונורו.

אף אלה השרידים שניצלו, כמה מאות יהודי לושיץ החיים כעת במדינת ישראל ובארצות אחרות, כולם, בלי יוצא מן הכלל, שכלו את יקיריהם והקרובים להם ביותר — אבות, אמהות, רעיות, בעלים, אחיות, אחים, ילדים, נכדים — וכל אשר בשם בית יכונה. אין ניחומים לנו, ואף לא ייתכנו; עוניינו וכאבנו ילוונו עד יום אחרון.

ישמש נא איפוא ספר זה מצבת־זכרון לכל מה שאיבדנו עם חורבן לושיץ — זכרון למעננו, לילדינו, לדורות הבאים.

*

בספר זה אנו מביאים רשימות שנכתבו ע״י אנשי עיירתנו, כפי שכל אחד מהם חזה אותה ואת יהודיה בששונם וביגונם, בחייהם ובמותם. כך אנחנו ראינו את עיירתנו, בעיני אוהב מעולפות דמעות, וכידוע אין אוהב מבחין בצללים ובפגמים. לכן אין אנו מתיימרים לכתוב את ההיסטוריה של עיירתנו, ורשימות אלו אינן אלא דפים העשויים לשמש חומר להיסטוריה.

ה מ ע ר כ ת

קליין איז געווען אונדזער שטעטעלע, זעלטן נאָר באַצייכנט אויף גרויסע גענויע מאַפּעס; ווייט פון יעדן הויפּט־טראַקט, ווייט אפילו פון אַ באַן־ליניע — האָט דאָך דאָרט געברויזט אַ יידיש לעבן, פאַרוואָרצלט, זייט דורות, ווי אין די הונדערטער אַנדערע, גרעסערע און קלענערע, יידישע קהילות אויף דער פוילישער ערד. די קאַטאַסטראָפע, וואָס עס האָט געבראַכט אויפן פוילישן יידנטום דער אוממענטשלעכסטער שונא אין אונדזער געשיכטע — דער דייטשער היטלעריזם — האָט אויך נישט אויסגעמיטן לאָשיץ. אונדזער קליינע קהילה איז אויסגעראָטן און אָפּגעווישט געוואָרן. די גרעסטע מערהייט לאָשיצער יידן, אנשים, נשים וטף, זענען אומרחמנותדיק פאַרברענט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן, באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט, אויסגעשאָכטן און אויסגעשאָסן געוואָרן.

די עטלעכע הונדערט לעבן־געבליבענע לאָשיצער יידן, אין מדינת־ישראל

און אויף דער גאָרער וועלט, האָבן, אַלע אָן אויסנאַם, פאַרלוירן זייערע נאָענטסטע און טייערסטע — טאַטעס און מאַמעס, פרויען און מענער, ברידער און שוועסטער, קינדער און אייניקלעך, צוזאַמען מיט אַלץ וואָס איז אָנגערופן געוואָרן היים. נישטאָ קיין טרייסט, זי איז נישט מעגלעך; יעדן פון אונדז וועלן שוין דער פיין און ווייטיק באַגלייטן ביזן קבר.

זאָל דאָס בוך דינען ווי אַ דערמאָנונג, ווי אַ מצבה און בילד פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן מיט לאָשיץ, — פאַר אונדז, פאַר אונדזערע קינדער, פאַר קומענדיקע דורות.

*

מיר האָבן געבראַכט אַלץ, וואָס לאָשיצער האָבן פאַרצייכנט, ווי יעדער האָט געזען דאָס שטעטל מיט זיינע יידן, אין זייערע פריידן און פיינען, אין זייער לעבן און אומקום. אַזוי האָבן מיר געזען אונדזער שטעטל מיט פאַרליבטע, אָפט מיט טרערן־איבערפולטע, אויגן, און ליבע לאָזט אָפט נישט דערזען פעלערן און שאַטנס. מיר פרעטענדירן נישט, דעריבער, צו האָבן געשריבן געשיכטע, נאָר בלויז בלעטלעך, מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע.

רעדאַקציע

## לזכר לאָשיץ

הרעיון להוציא ספר יזכור לקהילתנו הדוויה ראשיתו בשנת 1948, כאשר הגיעו לישראל שרידי בני עיירתנו, שניצלו ברוסיה, פולין וגרמניה. ידענו היטב כי ניתקל בקשיים רבים ולא בקלות נוכל להגשים את שאיפתנו זו. עניים היינו הן בחומר והן ברוח, ואעפי״כ החלטנו, הוועד של עולי לושיץ, לא להירתע ולעשות מה שבאפשרותנו.

הרגשנו כי אנו, שנשארנו בחיים, חייבים להנציח את חיי קהילת לושיץ ואת אבדנה הטראגי.

היסטוריונים לא כתבו על לושיץ ואף האנציקלופדיות אינן מביאות תעודות ותאריכים על העיירה לושיץ, וודאי לא על יהודיה. עתונים לא הופיעו בעיירתנו וממילא לא נותר לנו אלא לסמוך על זכרונותיהם של אנשי הקהילה. אך קשה היה מאוד להניע את חברינו לכתוב בשביל הספר. זה נמשך שנים עד שנענינו.

לעריכה ממשית של הספר נגשנו באפריל 1958, כאשר חברי המערכת חיים איצל גולדשטיין וחיה רחל רוזנבאַנד־ביאַליקאַמיין התארחו בישראל. אז קבענו את ועדת המערכת ואז גם התחלנו בעיבוד החומר.

השתדלנו לשקף את מכלול חיי העיירה. האזנו ורשמנו דברי זכרונות של אנשים אשר לא כתבו אותם במו ידם וכך הצלחנו לקבל תמונה מהימנה של לושיץ, בעיקר מהתקופה האחרונה שלפני חורבנה, שבה חיו ופעלו בעלי הרשימות.

רשמנו הכל: על נהרה של ימי חג ואפרורית של ימי חול, סיפרנו על רבנים

ויהודי השוק, אנשי עמל ובחורי ישיבה, פועלים וסוחרים. כל אלה אשר עונו וניספו ואפילו לא הובאו לקבר ולא הוקמה להם מצבה. ואלה שבאו לקבר ישראל בבית העלמין הישן, גופותיהם חוללו ובאבני מצבותיהם נסלל כביש ליד הכנסיה.

יהיו נא עלים אלה מצבת־זכרון ליקירינו.

שרידי לושיץ הנפוצים על פני יבשות שונות נשארו כנחמת־מה — איבר חי מן העיירה. חלק מן הספר מוקדש, איפוא, להם. אך למרבה הצער, מכמה ארצות בהן חיות קבוצות ניכרות של אנשי לושיץ, לא קיבלנו חומר כלשהו וזאת למרות הפניות המרובות של המערכת.

השתדלנו לדייק ברשימת הקדושים שניספו ע״י הנאצים ועשינו כל שהיה ביכולתנו למען לא יחסרו בה שמות בני העיירה. לשם כך פנינו לכל בני לושיץ, שישלחו לנו את שמות קרוביהם שניספו. אם שמות כלשהם לא צוינו — לצערנו הרב — הרי זה באשמתם של אלה אשר לא הודיעו לנו עליהם.

בעבודתנו עסקנו תוך יראת הכבוד, חרדה ואחריות. אנו, הדור האחרון של בני לושיץ, ראינו בזאת צורך וחובה גם יחד. ללא כל ספק אין מלאכתנו נקיה משגיאות בלא יודעים ובלא כוונה. הקורא יסלח לנו וההיסטוריון אשר יחקור בעתיד עלים אלה, ודאי ידע לגלות אותן שגיאות. סבורים אנו כי בכוחותינו הצנועים ובאמצעינו המוגבלים מילאנו את חובתנו לקהילה ולקדושיה.

דוד רוזאל

## אין אָנדענק פון לאָשיץ

דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך נאָך אונדזער פאַרשניטענער קהלה איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1948, ווען עס זענען אָנגעקומען קיין ישראל די ערשטע לעבנגעבליבענע פון לאָשיץ, געראַטעוועטע אין רוסלאַנד, פוילן און דייטשלאַנד. מיר האָבן גלייך געוווסט, אַז מיר וועלן האָבן גרויסע שוועריקייטן, כדי צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן געדאַנק; אַז מיר זענען אָרעם אין גייסטיקע, ווי מאַטעריעלע מיטלען, דאָס דורכצופירן. דאָך האָבן מיר, דער קאָמיטעט פון די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ישראל, באַשלאָסן נישט צו קוקן אויף אַלע שוועריקייטן און אַלץ צו טאָן, כדי דאָס צו פאַרווירקלעכן; מיר האָבן געהאַלטן, אַז עס ליגט אויף אונדז, לעבנגעבליבענע, אַ חוב, — צו פאַראייביקן דאָס לעבן און דעם טראַגישן אומקום פון דער קהילה לאָשיץ.

קיין היסטאָריקער האָבן וועגן לאָשיץ נישט געשריבן; אין קיין ביכער און ענציקלאָפּעדיעס זענען כמעט נישטאָ קיין דאַטן און דאָקומענטן וועגן אַלגעמיינעם לאָשיץ און אוודאי נישט וועגן יידישן. קיין צייטונגען זענען אין לאָשיץ נישט דערשינען. מיר האָבן, דעריבער, גלייך פאָרגעזען די שוועריקייטן ביים וועלן אָפּשפּיגלען די געשיכטע פון אונדזער שטעטל, און געוווסט, אַז מיר קאָנען זיך פאַרלאָזן נאָר אויף די זכרונות פון די לעבנגעבליבענע. אָבער ס'איז אונדז זייער שווער אָנגעקומען צו באַוועגן די לאָשיצער לאַנדסלייט

צו שרייבן פאַרן בוך. עס האָט געדויערט פשוט יאָרן, ביז מען האָט גענומען ענטפערן אויף אונדזערע רופן. צו דער פאַקטישער אַרבעט פון רעדאַגירן דאָס בוך זענען מיר צוגעטראָטן אין אַפּריל 1958, ווען די רעדאַקציע־מיטגלידער חיים־איצל גאָלדשטיין און חיה־רחל ראָזענבאַנד־ביאַליקאַמיען האָבן זיך געפונען צו־גאַסט אין ישראל. דעמלט האָבן מיר באַשטימט די רעדאַקציע־קאָמיסיע און צוגעטראָטן צו באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל.

מיר האָבן זיך באַמיט אָפּצושפּיגלען דאָס גאַנצע לעבן פון אונדזער שטעטל. מיר האָבן אויפגענומען און פאַרצייכנט זכרונות פון די, וועלכע האָבן אַליין נישט געשריבן. אַרויסגעקומען איז, פאַרשטייט זיך, אַ בילד פון לאָשיץ, דער עיקר אין דער עפּאָכע, אין וועלכער עס האָבן געלעבט און געוועזן טעטיק די לעבנ־געבליבענע. מיר האָבן פאַרצייכנט אַלץ — יום־טוב און גרויע וואָך, רבנים און מאַרק־יידענעס, האָרעפּאַשניקעס און ישיבה־בחורים, אַרבעטער און סוחרים. זיי אַלע לעבן נישט מער, זענען פאַרפייניקט און אומגעבראַכט געוואָרן. זיי האַבן אפילו צו קיין קבר און מצבה נישט זוכה געווען. און די, וועלכע האָבן יאָ געהאַט מצבות אויף אונדזער אַלטן בית־עלמין, זענען זייערע ביינער פאַרשוועכט געוואָרן און מיט די מצבות איז אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן דער ברוק אַנטקעגן דער קירכע. זאָלן די דאָזיקע בלעטלעך זיי דינען אַלס מצבה.

די לאָשיצער לאַנדסלייט, צעשפּרייטע איבער קאָנטינענטן און לענדער, זענען געבליבן ווי אַ טרייסט — אַ לעבעדיקע שטיק פונעם שטעטל. מיר האָבן, דעריבער, אַ ספּעציעלן טייל פון בוך געווידמעט די לאָשיצער לאַנדסלייט איבער דער וועלט, — עס איז נאָר צום באַדויערן, וואָס פון עטלעכע לענדער, ווו עס לעבן גרויסע גרופּעס לאָשיצער, האָבן מיר נישט באַקומען וועגן זיי קיין מאַטעריאַלן פאַרן בוך, טראָץ די פילמאָליקע ווענדונגען מצד דער רעדאַקציע.

ביים צונויפשטעלן די ליסטע פון די קדושים, אומגעבראַכטע דורך די נאַציס, האָבן מיר זיך באַמיט צו זיין וואָס פּינקטלעכער און וואָס ווייניקער נעמען זאָלן דורכגעלאָזן ווערן. מיר האָבן זיך געווענדעט צו אַלע לאָשיצער צוצושיקן פאַרן בוך די נעמען פון זייערע אומגעבראַכטע נאָענטע. אויב געוויסע נעמען פון קדושים זענען נישט פאַרצייכנט געוואָרן, זענען, צום באַדויערן, שולדיק די לעבנגעבליבענע — מ׳האָט נישט צוגעשיקט די נעמען.

מיר האָבן אונדזער אַרבעט געטאָן מיט יראת־הכבוד, מיט חרדה און פאַראַנטוואָרטלעכקייט נאָר מיר, דער לעצטער לעבנגעבליבענער דור פון שטעטל, האָבן עס געדאַרפט און געמוזט טאָן. מיר האָבן זיכער אויך געמאַכט פעלערן, כאָטש נישט־באַוווסטזיניק און נישט־ווילנדיק — דער לייענער וועט עס מוחל זיין און דער קומענדיקער היסטאָריקער, וואָס וועט פאָרשן די בלעטלעך, וועט זיכער וויסן ווי די פעלערן און טעותן צו אַנטדעקן. מיר האָבן, מיט אונדזערע באַשיידענע כוחות און באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, מיינען מיר, דערפילט אונדזער חוב לגבי דער אומגעבראַכטער קהילה און אירע קדושים.

ד ו ד   ר ו ז א ל

# דאס שטעטל

## לאַשיץ און לאַשיצער יידן אין לויף פון דער געשיכטע

ווען איך האָב, אַלס קינד, געטראָפן דעם נאָמען פון אונדזער שטעטל אין איינעם פון סיענקיעוויטשעס היסטאָרישע ראָמאַנען, בין איך געוואָרן פול מיט שטאָלץ. איינער פון סיענקיעוויטשעס העלדן איז אויף דער עלטער געוואָרן סטאַראָסטע איבער לוקאָוו און לאַשיץ. די דאָזיקע געשעעניש קומט פאָר אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, — און איך האָב זיך דעמלט געגרויסט מיט דער „אַלטקייט" פון מיין געבוירן־שטעטל. אין דער ווירקלעכקייט איז, אָבער, לאַשיץ פיל עלטער און מען געפינט שוין אירע שפורן אין דער פוילישער געשיכטע פון דרייצנטן און פערצנטן יאָרהונדערט. ביזן זעכצנטן יאָרהונדערט איז, אָבער, לאַשיץ געווען מער אַ דאָרפישער ישוב, ווי אַ שטאָט.

אין יאָר 1444 האָט דער פוילישער קעניג קאַזשימיעזש יאַגיעלאָנטשיק „פאַרנומען אויף סטאַביל" ווענגראָוו און די אַרומיקע געגנט. דעמלט ווערט שוין לאַשיץ דערמאָנט אַלס איינע פון די שטעט פון פּאָדלאַסיע, צוזאַמען מיט די באַקאַנטע ווייטערע און נאָענטערע שכנישע שטעטלעך, ווי סאָקאָלאָוו, ציעכאַ־נאָוויעץ, סעמיאַטיטש, מעלניק, מאָרד און אַנדערע. פאַקטיש אָבער איז לאַשיץ געוואָרן אַ פולבאַרעכטיקטע שטאָט ערשט אין אָנהויב פון זעכצנטן יאָרהונדערט.
אין יאָר 1505 האָט דער קעניג אַלעקסאַנדער יאַגיעלאָנטשיק, „נעמענדיק אין אַכט די אָנקלאַגע פון די לאָשיצער מיעשטשאַנעס, אַז זיי זענען אונטעריאָכט דער ווילקירלעכער האַנדלונג פון מיעלניצקיער סטאַראָסטע, כדי צו ענדיקן מיט דער אומרעכט און פאַרבעסערן זייער גורל — האָט איבערגעטראָגן די שטאָט פון רוסישן און ליטווישן געזעץ אויפן מאַגדעבורגישן, און זי באַפרייט פון אונטער דער מאַכט פון די וואָיעוואָדעס, קאַשטעלאַנעס, סטאַראָסטעס". אַלעקסאַנדער יאַגיעלאָנטשיק האָט דאַן דורך אַ ספּעציעלער „קעניגלעכער פּריווילעגיע" דערלויבט אויסוויילן יעדעס יאָר אַ בירגערמייסטער, אויסבויען אַ „ראָטהויז מיט יאַטקעס, שעפּסן־וואָל־שערעריי און וואָג"; ער האָט אויך דערלויבט פיר יערלעכע יאַרידן, פון וועלכע „דער פאַרדינסט זאָל פאַרנוצט ווערן פאַר דער שטאָט".

ווייזט, אָבער, אויס, אַז די קעניגלעכע מאַכט פון וואַרשע האָט געהאַט גרויסע שוועריקייטן ביים באַהערשן דאָס פאַרוואָרפענע שטעטל אין פּאָדלאַסיע און

טראָץ די קעניגלעכע פּריווילעגיעס, האָבן די סטראַראָסטעס אויפֿן אָרט ווייטער געהערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט און געטאָן, וואָס זיי האָבן געוואָלט. די געגנט איז געווען אַן אָרעמע און די איינוווינער האָבן נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם עול פֿון די אַרויפֿגעלייגטע אָרטיקע שטייערן. זיי האָבן זיך ווידעראַמאָל געקלאָגט, פֿאַרן צווייטן קעניג, זיגמונט דעם ערשטן, און ער האָט אין 1510 באַשטעטיקט די פֿאָריקע פּריווילעגיעס און האָט „איינגעפֿירט געוויסע אָפּצאָלן, אָבער פֿון אַלע איבעריקע דאַנינעס און שטייערן די לאָשיצער מיעשטשאַנעס באַפֿרייט". דאָס זעלבע האָט געטאָן זיגמונט אויגוסט אין יאָר 1569, ווען ער האָט אָפֿיציעל איינגעשלאָסן פּאָדלאַסיע אין קרוין־באַזיץ. אָבער, דערציילט אונדז די רוסישע „אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", „דער שטייערן־אונטערנעמער אַלעקסאַנדער מינטשאַ האָט אויפֿגעמאָנט, לויטן ליטווישן מנהג, דאָפּלטע אָפּצאָלן און דורכגעפֿירט אַנדערע ווילקירלעכקייטן". דער קעניג האָט אים דערפֿאַר באַשטראָפֿט, אין 1570, מיט 6000 זלאָטיס און באַפֿוילן צו „באַהאַנדלען די מיעשטשאַנעס לויט זייערע פּריווילעגיעס". דער סטאַראָסטע, מסתּם מאַכנדיק יד־אַחת מ׳טן שטייערן־אונטערנעמער, האָט „ווייטער אונטערדריקט דאָס שטעטל". דאָס האָט געצווּנגען דעם סיים, וואָס האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין וואַרשע, צו ווײלן אַ נייעם קעניג, אין 1573, זיך צו פֿאַרנעמען מיט לאָשיץ און „שיקן דעם סטאַראָסטע אַ פֿאָרוואורף, פֿאַרבאָטנדיק אים אַזאַ האַנדלונג". דער קעניג סטעפֿאַן באַטאָרי האָט אין 1575 באַשטעטיקט אויפֿסניי די פּריווילעגיעס פֿאַר לאָשיץ און די איינוווינער באַפֿרייט אויך פֿון פֿריערדיקן קליינעם שטייער, דערלויבנדיק נאָך אַ יאַריד אין יאָר און חודשלעכע מערק.

די לאָשיצער שטאָטישע איינוווינער, די „מיעשטשאַנעס", וואָס זענען געווען אַזוי קאַמפּלוסטיק, פֿעסט באַשטאַנען אויף זייערע רעכט און זיך געקלאָגט פֿאַר קעניגן און פֿאַרן סיים אויף זייערע אונטערדריקער, האָבן שוין זיכער פֿון לאַנג געהאַט צווישן זיך אויך ייִדן. אָבער אין דער ערשטער העלפֿט פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט טרעפֿן מיר זיך שוין אָן אין די — בדרך כּלל ווייניקע און לאַקאָנישע — היסטאָרישע פֿאַרצייכענונגען איבער לאָשיץ, וועגן קעגנזאַצן און רייבונגען צווישן דער קריסטלעכער און ייִדישער באַפֿעלקערונג אינעם שטעטל.

אין יאָר 1647 האָט דער קעניג וולאַדיסלאַוו דער פֿערטער, „נעמענדיק אין אַכט די נויט און אָרעמקייט פֿון לאָשיץ, וואָס האָט געליטן פֿון פֿאַרשידענע צרות", דערלויבט די דאָרטיקע שטאָטישע איינוווינער אויסאַרבעטן בראָנפֿן און אַנדערע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען און האַנדלען מיט זיי, צעפֿירן און פֿאַרקויפֿן איבער דער גאַנצער געגנט. דאָס איז געווען אַ זייער וויכטיקע מאַטעריעלע פּריווילעגיע. לאָשיץ האָט אָבער לאַנג נישט גענאָסן רואיק פֿון דער דאָזיקער פּריווילעגיע און נישט באַוויזן, וואַרשיינלעך, זיך אַרויסצוהייבן פֿון דער כראָנישער נויט, ווייל פּונקט דרייסיק יאָר שפּעטער, אין 1677, האָט די אַזוי־

גערופענע „שוועדישע מלחמה" געגצלעך חרוב געמאַכט דאָס שטעטל. כדי אויפצובויען די חורבות איז באַנייט געוואָרן די פֿריערדיקע קעניגלעכע פּריווי־לעגיע און ס׳איז אין איר אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז יעדער לאָשיצער „מיעשטשאַנין" האָט רעכט אויסצואַרבעטן און צו פֿאַרקויפֿן אַלקאָהאָלישע געטראַנקען („טרונקי") נישט בלויז אין לאָשיץ אַליין, נייערט אויך איבערן גאַנצן לאַנד.

אין דער דאָזיקער צייט געפֿינען מיר שוין די ערשטע היסטאָרישע שפּורן פֿון יידן, וואָס שפּילן אַ ראָל אין דעם ווירטשאַפֿטלעכן לעבן פֿון לאָשיץ.

עס איז זיך נישט פֿאָרצושטעלן, אַז אַ שטעטל מיט יערלעכע יארידן און חודשלעכע מערק, זאָל נישט האָבן קיין יידישע באַפֿעלקערונג. אָבער זי איז זיכער געווען ביז דעמלט אַ זייער קליינע. די כמיעלניצקי־שחיטות אין נאָענטן אוקראינע אין די יאָרן ת״ח ות״ט (1648—1649) האָבן, ווייזט אויס, געבראַכט קיין לאָשיץ אַ גרעסערע צאָל פּליטים און דער יידישער ישוב איז מיט איינמאָל אויסגעוואַקסן. די פּוילישע „אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע" פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט, פֿאַרגעסט, פֿאַרשטייט זיך, די גזירות ת״ח ות״ט, די שוידערלעכע פּאָגראָמען און בלוט־באָד, נאָר, לויט איר, האָבן די יידן „אויסגענוצט די נויט פֿונעם שטעטל", זיך געגומען דאָרט, „פֿלוצלינג", באַזעצן און קאָנקורירן מיט די קריסטן ביים אויסאַרבעטן און האַנדלען מיט אַלקאָהאָל־געטראַנקען. עס איז אַנטשטאַנען אַ קאָנקורענץ־קאַמף צווישן די יידישע און קריסטלעכע סוחרים אין לאָשיץ. עס איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלן, אַז די פֿריש־געקומענע יידן האָבן געהאַט מער באַציאונגען מיט נאָענטע און ווייטע געגנטן פֿון לאַנד און מער סוחרישע דערפֿאַרונג און זייערע געשעפֿטן זענען מסתם אַוועק בעסער, ווי ביי דער אָרטיקער פּויערישער באַפֿעלקערונג. די סטאַראָסטעס אויפֿן אָרט זענען מערסנטס געשטאַנען אויף דער זייט פֿון די יידישע הענדלער, געשטיצט זייערע אונטערנעמונגען, געלאָזט אַנטוויקלען און אויסברייטערן זייער האַנדל, נעמענדיק זיי אין שוץ קעגן די מיסבראויכן, אָדער פּשוטע אַנטיסעמיטישע בלבולים, מצד זייערע קריסטלעכע קאָנקורענטן. די לעצטע האָבן זיך געווענדעט צום קעניג מיט דער אָנקלאַגע, אַז זיי ווערן באַעוולט מצד די סטאַראָסטעס און די יידישע הענדלער. די קעניגן האָבן עטלעכע מאָל „דערמאָנט די סטאַראָסטעס" נישט צו מיסברויכן מיט זייער מאַכט לטובת די יידישע הענדלער. דער קעניג אויגוסט דער צווייטער האָט אין יאָר 1700 „פֿאַראָרדנט דעם סטאַראָסטע פֿון לאָשיץ צו וואַכן, אַז די מיעשטשאַנעס זאָל נישט געשען קיין אומרעכט". דער כראָניקער דערציילט, אָבער, אַז דער סטאַראָסטע „האָט זיך לייכט פֿאַרגלייכט מיט די יידן און האָט זיי נישט נאָר נישט געשטערט, נייערט פֿון זיין זייט געמאַכט זיי אַלע פֿאַרלייכטערונגען". די רייבונגען אין שטעטל האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן. די שפּעטערדיקע פּוילישע קעניגן, אויגוסט דער דריטער אין יאָר 1756, סטאַניסלאַוו

אויגוסט אין יאָר 1766, האָבן זיך ווידער אריינגעמישט אין דעם ענין און „באַנייט די וואָרענונגען". עס איז אויך פאָרגעקומען אַ פּראָצעס וועגן דעם ענין פאַרן וואַרשעווער קרוין־געריכט. מען האָט, אָבער, נישט געוואַגט צו פאַרבאָטן די לאָשיצער יידן דעם האַנדל מיט בראָנפן, אָדער זיי אַרויסצוטרייבן פון שטעטל פאַר „נישט ערלעכער קאָנקורענץ". אין תוך איז זיכער זייער קאָנקורענץ געווען אַן ערלעכע און געזעצלעכע — זייערע העכערע האַנדלס־פעיקייטן האָבן די לאָשיצער פּויערים מסתם געוואָלט, אָבער נישט געקאָנט, באַזיגן דורך מסירות און צוואַנג מצד דעם קעניג, סיים, צי געריכט.

עס איז זעלבפאַרשטענדלעך, אַז אין דער דאָזיקער צייט זענען ווייט נישט אַלע יידן אין לאָשיץ געווען הענדלער מיט בראָנפן. עס זענען שוין דאַן, זיכער, געווען אין לאָשיץ, ווי אין אַנדערע פּוילישע שטעטלעך, יידישע בעל־מלאכהס, באַלעגאָלעס און הענדלער אויך מיט אַנדערע זאַכן, נישט בלויז מיט משקאות — און זיי זענען מסתם געווען די מערהייט אין דער יידישער קהילה, — נאָר וועגן זיי פעלן אָנגאַבן און פאַרצייכענונגען פון יענער צייט.

*

עס שטעלט זיך די פראַגע, ווי גרויס איז געווען דאָס שטעטל, וויפל איינוווינער האָט עס געהאַט, בעת אָט־די געשעענישן? וויפל יידן האָבן דעמלט געוווינט אין לאָשיץ, אויב אַ טייל פון זיי איז געווען אַזאַ ערנסטער קאָנקורענץ־כוח פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג? די ערשטע ציפערן, וועלכע זענען אונדז פאַרבליבן אויף דעם געביט, שטאַמען פון נישט פריער, ווי די צווייטע העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1765 איז אין גאַנץ פּוילן דורכגעפירט געוואָרן אַ ציילונג פון די יידן. דורכצופירן די ציילונג האָט פאַראָרדנט דער סיים. ביז דעמלט האָט דעם אַלגעמיינעם קאָפּ־שטייער פון די יידן אין פּוילן איינגעמאָנט און איינגעצאָלט דער רעגירונג, דער „ועד ארבע ארצות". דער קאָפּ־שטייער איז באַשטאַנען פון 2 פּוילישע גילדן פאַר יעדן ייד, מאַן און פרוי, און אפילו קינדער עלטערע פון איין יאָר. דער „ועד ארבע ארצות" האָט, איינמאָנענדיק ביי יעדער קהילה, איינגעצאָלט אין קעניגלעכן אוצר אין יאָר 1764, אַלס אַלגעמיינעם קאָפּ־שטייער, 220,000 גילדן פאַר די יידן אין קרוין־פּוילן און 60,000 גילדן פאַר די ליטווישע יידן. דער סיים האָט דאַן באַשלאָסן דורכצופירן אַ ציילונג פון אַלע יידן, וואָס דאַרפן צאָלן דעם קאָפּ־שטייער — אין יעדער קהילה האָט די ציילונג דורכגעפירט אַ קאָמיסיע פון פיר פּערזאָן: דער אָרטיקער רב, דער פרנס־הקהל, דער שמש און אַן אָרטיקער פּוילישער שלאַכטשיץ — און איינמאָנען דעם שטייער דירעקט ביי יעדער קהילה, לויט דער צאָל יידן, וואָס די ציילונג וועט פעסטשטעלן. נאָך דער ציילונג איז טאַקע די סומע פון קאָפּ־שטייער געווען אַ גענצלעך אַנדערע: 859,312 גילדן פאַר קרוין־פּוילן און 315,298 פאַר ליטע.

לויט דער דאָזיקער ציילונג האָבן אין לאָשיץ געלעבט אין יאָר 1765 — 482 יידן. די דאָזיקע ציילונג איז דורכגעפירט געוואָרן מיט זייער פּרימיטיווע מיטלען און געווען שטאַרק אומפּינקטלעך און די יידן זענען געווען פאַראינטערעסירט אָנצוגעבן וואָס ווייניקער נפשות, כדי זיך אַרויסצודרייען פונעם דאָזיקן דערנידעריקנדיקן און מאַטעריעל־שווערן שטייער. די ציילונג ווייזט אויך נישט אָן אויף דער פּראָפּאָרץ פון דער יידישער צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אינעם שטעטל.

גענויערע ציפערן וועגן דער צאָל יידן, און דער פּראָפּאָרץ מיט דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער אין לאָשיץ, האָבן מיר ערשט נאָר פון 19־טן יאָרהונדערט.

די צאָל יידן אין לאָשיץ, סיי אין אַבסאָלוטע ציפערן און סיי אין פּראָפּאָרץ צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, האַלט אין איין וואַקסן במשך פון גאַנצן נײַנצנטן יאָרהונדערט. דאָס באַווייזט די פאָלגנדיקע טאַבעלע:

| ציילונג־יאָר | סך־הכל איינוווינער | אין דעם יידן | אין דעם קריסטן | פּראָצענט יידן |
|---|---|---|---|---|
| 1827 | 1,576 | 654 | 922 | 41.5 |
| 1857 | 1,775 | 838 | 937 | 47.3 |
| 1862 | 1,709 | 917 | 792 | 55.7 |
| 1884 | 2,610 | 1,487 | 1,123 | 57.0 |

אין יאָר 1827 זענען אין לאָשיץ געווען 190 הייזער; אין 1857 — 193 הייזער, צווישן זיי 6 געמויערטע און די איבעריקע הילצערנע; אין 1862 — 193 הייזער; אין 1884 — 208 הייזער. צווישן די געביידעס, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין דער פאַרצייכענונג פון יאָר 1857 (אַ הילצערנע פּאַראַפּיע־קירכע, 2 וואַסער־מילן, 1 ווינט־מיל, אַ גאַרבאַרניע, אַן „אָלעאַרניע") איז אויך פאַראַן — אַ „הילצערנע יידישע סינאַגאָגע".

עס דערמאָנט זיך די הילצערנע צערקווע, וועלכע איז געשטאַנען אַנטקעגן דער אַפּטייק אויף דער ביאַלער גאַס. נאָכן אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, אין 1918, האָט מען די צערקווע צעשטערט און ס'איז געבליבן אַ ליידיקער פּלאַץ מיט עטלעכע קברים פון פּראַוואָסלאַווע גלחים. די פּאָליאַקן האָבן געטענהט, אַז די צערקווע איז אויפגעבויט געוואָרן בעת דער רוסישער הערשאַפט איבער פּוילן, נאָר „כדי צו רייצן די קאַטוילישע באַפעלקערונג" און זי „אַראָפּפירן פון אַלטן גלויבן". פּוילישע געשיכטלעכע קוועלן דערציילן, אָבער, וועגן גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס „געאָגראַפישע ווערטערבוך פון דער פּוילישער מדינה" גיט אָן, אַז די ערשטע קאַטוילישע קירכע איז אין לאָשיץ אויפגעבויט־געוואָרן דורכן קעניג זיגמונט דעם ערשטן, אין יאָר 1511; די קירכע, אַ הילצערנע, האָט באַקומען דעם נאָמען פון „הייליקן זיגמונט"; לעבן איר איז אויפגעבויט געוואָרן

אַ „געמויערטע קאַפּליצע” אויפֿן נאָמען פֿון „הייליקן סטאַניסלאַוו”. דאָס „ווערטערבוך” גיט דערביי צו: „אַ רוסישע צערקווע איז וואַרשיינלעך אַנטשטאַנען נאָך אין אַ פֿריערדיקער עפּאָכע”. אַזוי, אַז לאָשיץ האָט געהאַט צווישן די איינוווינער פּראַוואָסלאַוונע קריסטן אין די גאָר פֿריע צייטן פֿון איר עקזיסטענץ און נישט שטענדיק געווען „ריין־קאַטויליש”, ווי די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט.

*

אין די יאָרן פֿון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט איז די צאָל איינוווינער בכלל, אין לאָשיץ, ווייטער געוואָקסן און פּראָפּאָרציאָנעל איז נאָכמער געוואָקסן די צאָל יידישע איינוווינער. אין די 37 יאָר, פֿון דער לעצטער ציילונג אין 19־טן יאָרהונדערט (1884), ביז דער ערשטער פֿאָלקס־ציילונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. אין יאָר 1921, איז די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער אין לאָשיץ געוואָקסן פֿון 2,610 ביז 3,888 נפֿשות. די יידישע באַפֿעלקערונג איז אין אַבסאָלוטע ציפֿערן געוואָקסן אין דער צייט כמעט מיט 100% — פֿון 1487 אויף 2,708 נפֿשות און האָט אין 1921 שוין אויסגעמאַכט 69.7 פּראָצענט פֿון אַלע איינוווינער.

דער דאָזיקער כסדרדיקער וווקס פֿון שטעטל האָט אָנגעהאַלטן ביז דער קאַטאַסטראָפֿע, אין וועלכער דאָס יידישע לאָשיץ איז אכזריותדיק פֿאַרשניטן געוואָרן.

אין די 300 יאָר — פֿון דער העלפֿט 17־טן ביז דער העלפֿט פֿון 20־טן יאָרהונדערט — פֿון דער פֿאַרצייכנטער געשיכטע פֿון יידישן ישוב אין לאָשיץ, האָבן זיך, און זיכער נישט איינמאָל, ראַדיקאַל געענדערט די עקאָנאָמישע לאַגע און דער סאָציאַלער בוי פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין שטעטל. די ערשטע פֿאַרצייכענונגען זענען, ווי מיר זעען, וועגן בראָנפֿן־הענדלער; אומגעקומען איז אַ האָרעפּאַשנע שטעטל, פֿול מיט אַרבעטער און בעל־מלאכהס, אַ שטעטל, אין וועלכן דער פּראָצענט פּראָלעטאַריער איז געווען פֿיל גרעסער, ווי אין אַנדערע יידישע שטעטלעך פֿון דער אַרומיקער געגנט.

*

לויט די אָנגאַבן פֿון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, זענעןביים אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, געווען אין לאָשיץ 2,900 יידן. לויט די אויסרעכענונגען פֿון די לעבן־געבליבענע איז די יידישע באַפֿעלקערונג ביי אונדז אין שטעטל געווען דעמלט פֿיל גרעסער, ווי די אָנגעגעבענע ציפֿער.

לויט די פֿאַרצייכענונגען אין „דזשאָינט”־אַרכיוו פֿון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, זענען אין מערץ 1940 אָנגעקומען קיין לאָשיץ 900 יידישע פּליטים פֿון בלאַשקי, קאַליש, אַלעקסאַנדער, טשעכאָטשינעק, לאָדזש און פּויזן. שפּעטער זענען צוגעקומען נייע פּליטים פֿון פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. אין מאַי 1942, דריי חדשים פֿאַר דער ליקווידאַציע פֿון לאָשיצער „גרויסן געטאָ”, האָט מען אין זיינע איבערפֿולטע געסלעך אריינגעשטופּט

נאָך 500 יידן פון סאַרנאַק. לויט די ציפערן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע זענען אין די פאַרשידענע פאַזן פון דער נאַצי־הערשאַפט געווען אין לאָשיץ פאַלגנדיקע צאָלן יידן: דעצעמבער 1940 — קרוב 4,000; יולי 1941 — העכער 4,000; סעפטעמבער 1941 — 4,600; יאַנואַר 1942 — 5,000; יוני 1942 — 5,500.

אָט די דאָזיקע טויזנטער יידן זענען שבת, ט׳ אלול תש״ב, דעם 22־טן אויגוסט 1942, אכזריותדיק אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן וועג צו די גאַז־אויוונס אין טרעבלינקע — און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די דריי־הונדערט־יאָריקע געשיכטע פון יידן אין לאָשיץ.

ב. פעדער

## קווים לתולדות העיר לושיץ ותושביה היהודים

בילדותי הייתי מלא גאווה כאשר מצאתי את שם עיירתי באחד הרומנים ההיסטוריים של סינקיביץ׳, בו מסופר על אחד מגיבורי הרומן שבימי זקנותו נתמנה מושל מחוז לוקוב ולושיץ. היה זה במאה השבע־עשרה, ואני התגאיתי ב„עתיקותה״ של עיירת מולדתי. אך לאמיתו של דבר, עיירתנו לושיץ היא עתיקה יותר ובתולדות פולין היא רשומה כבר במאות ה־13 וה־14. אולם עד למאה ה־16 אופייה היה כפרי בעיקר.

בשנת 1444 כבש המלך הפולני קאז׳ימייז׳ יאַגיללו „כיבוש קבע״ את וונגרוב והסביבה הסמוכה. כבר אז רשומה לושיץ בין ערי פודלסיה, ביחד עם שכנותיה סוקולוב, צ׳יכאנוביץ, סמיאטיץ׳, מלניק, מורד ואחרות. בשנת 1505 הוצא צו מטעם המלך אלכסנדר יאגיללו, כי „בהתחשב בקובלנה שהוגשה ע״י העירוניים מלושיץ כי הם מדוכאים תחת שלטונו השרירותי של שר־המחוז של מלניק, וכדי למנוע מעשי עוול ולשפר את גורלם — תועבר העיר מחוק שיפוטן של רוסיה וליטה לחוק השיפוט המגדבורגי, ושוב לא תהיה נתונה לשלטונם של שרי פלך ושרי מחוז״. בפריווילגיה מלכותית מיוחדת שהוציא המלך אלכסנדר יאגיללו נמנו זכויותיהם של תושבי העיר, הותר להם לבחור לעצמם ראשי־עיר ולבנות בית־עיריה עם „אטליזים, מיבנים לגזיזת כבשים ולמשקלות״. כן ניתן רשיון לאזרחי לושיץ לקיים בעירם ירידים שנתיים אשר „ברווחיהם ישתמשו לטובת העיר״.

אך מסתבר, שלא בקלות הצליח הממשל המלכותי בוורשה להשליט סדר בעיירה מרוחקת זו שבפודלסיה, ועל אף הפריווילגיות המלכותיות נהגו בה שרי המחוז בשרירות וביד חזקה. הסביבה עניה היתה ותושביה לא יכלו לעמוד בעול המסים שהטילו עליהם השלטונות המקומיים. ושוב פנו התושבים בקובלנה אל המלך, הפעם אל זיגמונד הראשון, ובשנת 1510 אישר הוא שוב את הזכויות הקודמות של תושבי העיר, „הטיל תשלומים מסויימים אך שחרר את העירוניים מלושיץ מכל שאר המסים והארנונות״. כך נהג גם המלך זיגמונד אוגוסט בשנת 1569,

כאשר סיפח רשמית את פודלסיה למלכותו. אולם, מספרת לנו „האנציקלופדיה הכללית הרוסית", „המוכס אלכסנדר מינטשאַ דרש מסים כפולים, כפי שהיה נהוג בליטה, והנהיג אמצעי דיכוי אחרים". בשל מעשיו אלה הטיל עליו המלך, בשנת 1570, קנס בסך של 600 זלוטי. ושוב יצאה פקודה מלכותית „לנהוג בעירוני לושיץ בהתאם לזכויות שהוענקו להם". אך שר המחוז, כנראה תוך קנוניה עם המוכס, „שוב דיכא את העיירה". מצב זה הביא לידי התערבות הסיים, ובמושב שלו בשנת 1573, שנתכנס כדי לבחור מלך חדש, „נשלח גינוי לשר המחוז של לושיץ ונאסר עליו התנהגות כזאת". בשנת 1575 אישר המלך סטיפן באַטורי מחדש את תוקפן של הפריווילגיות המיוחדות של העיירה, שחרר את תושביו אף מהמסים הנמוכים שהיו חייבים בהם קודם לכן וכן התיר להם לקיים יריד נוסף בכל שנה וגם ימי־שוק בכל חודש.

בין עירוניים אלה, שידעו להיאבק בלהט כזה על זכויותיהם ואף להתאונן לפני המלך והסיים על מדכאיהם, ישבו בוודאי גם יהודים. אולם במחצית הראשונה של המאה ה־17 אנו מוצאים כבר רשימות היסטוריות — בדרך כלל מעטות וקצרות — בדבר ניגודים וחיכוכים בין האוכלוסיה הנוצרית והיהודית שבעיירה.

בשנת 1647 התיר המלך וולאַדיסלב הרביעי, „בהתחשב בעוניה ודלותה של לושיץ", לייצר בה יי"ש ומשקאות חריפים אחרים ולסחור בהם בסביבה. פריווילגיה זו היתה בעלת ערך חומרי רב. אך כנראה לא הצליחה העיירה ליהנות ממנה זמן רב בשלווה ולא נחלצה מעניותה הכרונית, כי בשנת 1677, בדיוק 30 שנה לאחר שקיבלה את הפריווילגיה הנ"ל, נחרבה כליל במלחמה השוודית. בתום מלחמה זו, וכדי לאפשר שיקומה של העיירה, שוב חודשה הפריווילגיה המלכותית הנ"ל, ובה הודגש זכותם של עירוני לושיץ לייצר משקאות חריפים ולמכרם לא רק בעיר גופה, אלא בכל ארץ פולין.

בתקופה זו אנו כבר מוצאים סימנים היסטוריים ראשונים בדבר יהודים, שהחלו למלא תפקיד בחייה הכלכליים של העיר.

אין להניח, כי עיר שקיימה ירידים שנתיים וימי שוק חודשיים, לא תימצא בה אוכלוסיה יהודית. אך ודאי הדבר שמעט היה מספרה. רק לאחר פרעות כמילניצקי בשנות ת"ח ות"ט הגיעו כנראה ללושיץ פליטים רבים ובבת־אחת גדל מספרה של האוכלוסיה היהודית. „האנציקלופדיה הכללית" הפולנית מהמאה הקודמת אינה מזכירה, כמובן, גזירות ת"ח ות"ט על טבח הדמים שלהן ביהודים, אך לדבריה, „ניצלו היהודים את מצוקתה של העיירה" ו„לפתע פתאום" התיישבו שם והחלו להתחרות עם הנוצרים בייצור משקאות חריפים ובמכירתם. נקל לשער, כי היהודים שמקרוב באו ואשר היו בעלי קשרים מסחריים טובים יותר עם שאר מחוזות המדינה וגם נסיונם היה רב יותר — הצליחו בעסקיהם יותר מאשר העירוניים הנוצרים. שרי המחוז עמדו, על הרוב, לצדם של הסוחרים היהודים, תמכו ביוזמתם ואף פיתחו והרחיבו את מסחרם, בהגינם עליהם מפני הלחץ והעלילות האנטישמיות שטפלו עליהם מתחריהם הנוצרים. אלה האחרונים פנו בתלונה אל המלך וטענו שהם מקופחים ע"י מושלי המחוז והיהודים.

המלכים פנו כמה פעמים ב„תזכורות" אל מושלי המחוז לבל ישתמשו לרעה בשלטונם לטובת היהודים. בשנת 1700 ציווה המלך אוגוסט השני על מושל המחוז של לושיץ לעמוד על המשמר לבל יקופחו זכויותיהם של העירוניים הנוצרים. אולם הכרוניקה מספרת, כי „מושל המחוז לא זו בלבד שהתפשר בקלות עם היהודים ולא הכביד ידו עליהם, אלא גם העניק להם זכויות רבות". החיכוכים בין הנוצרים והיהודים נמשכו. בתקופה מאוחרת יותר שוב התערבו מלכי פולין בענין העיירה, והמלך אוגוסט השלישי בשנת 1756 וכן המלך סטאַניסלאַוו אוגוסט בשנת 1766 „חידשו את אזהרותיהם" לא לקפח את העירוניים. באותו ענין אף התקיים משפט בבית־הדין המלכותי בוורשה. אולם לא ההינו לאסור על יהודי לושיץ את המסחר ביי"ש או לגרש אותם מהעיירה בשל „התחרות בלתי הוגנת". לאמיתו של דבר יש להניח כי התחרותם של היהודים היתה ודאי חוקית, אך העירוניים השתדלו, אף כי ללא הצלחה, לגבור על כושרם המסחרי הטוב יותר של היהודים באמצעות מלשינות ולחץ מצד המלך, הסיים ובית המשפט.

מובן מאליו שבאותו זמן לא כל יהודי לושיץ עסקו במשקאות חריפים; ובודאי כבר גרו אז בלושיץ בעלי מלאכה וסוחרים יהודיים אחרים, בדומה לעיירות שבשכנותה, ואלה ודאי היו הרוב בקהילה. אך לגביהם אין לנו שום נתונים ורשימות מאותה תקופה.

מתעוררת השאלה מה היה מספר תושבי העיירה בתקופה זו, וכמה יהודים בכלל חיו אז בלושיץ, אם חלק מהם כבר היווה גורם בעל תחרות כה רציני לאוכלוסיה הנוצרית? המספרים הראשונים שבידינו מתייחסים רק למחצית השניה של המאה ה־18, בעוד שחסרים לנו נתונים לגבי מספר האוכלוסיה שבעיירה לפני כן.

בשנת 1765 הועבר בפקודת הסיים מיפקד האוכלוסיה היהודית שבכל פולין. עד לשנה זו היה „ועד ארבע ארצות" גובה את מס הגולגולת מהקהילות ושילם אותו לשלטונות פולין בסכום כולל. תשלום המס היה — שני זהובים פולניים בעד כל יהודי ויהודיה, כולל ילדים מבני שנה ומעלה. בשנת 1764 שילם „וועד ארבע ארצות" לאוצר המלכותי הפולני סך של 220,000 זהובים כמס גולגולת בעד יהודי פולין ו־60,000 בעד יהודי ליטה. אז החליט הסיים על מיפקד של האוכלוסיה היהודית. בכל קהילה הועבר המיפקד באמצעות ועד של ארבעה — הרב, הפרנס, השמש, ואציל פולני מקומי — וכל קהילה חויבה לשלם ישירות את המס לשלטונות לפי מספר היהודים שנמנו במיפקד. ואמנם, לאחר המיפקד היה הסך הכל של מס הגולגולת שונה לגמרי: 859,312 זהובים בעד היהודים שבמלכות פולין ו־315,298 בעד אלה שבליטא.

לפי מיפקד זה גרו בלושיץ בשנת 1765 — 482 יהודים. המיפקד נעשה באמצעים פרימיטיביים, והמספרים שהעלה אינם מדוייקים, כי היהודים היו מעוניינים להעלים ככל האפשר את מספרם הריאלי כדי להתחמק מאותו מס

כבד ומשפיל. כן אין ללמוד ממיפקד זה על היחס המספרי שבין האוכלוסיה היהודית והנוצרית בעיירה.

נתונים מדוייקים על מספר היהודים בלושיץ והיחס המספרי שביניהם לבין שאר התושבים אנו מוצאים רק החל במאה ה־19. מנתונים אלה אנו למדים, כי בכל שנות המאה הזאת נמשך והלך גידולה הבלתי פוסק של האוכלוסיה היהודית בלושיץ הן במספרים אבסולוטיים והן ביחס לאוכלוסיה הכללית, כפי שמוכיחה הטבלה שלהלן:

| שנת המיפקד | ס״ה תושבים | יהודים | נוצרים | יהודים באחוזים |
|---|---|---|---|---|
| 1827 | 1775 | 838 | 937 | 47.3 |
| 1857 | 1709 | 917 | 792 | 55.7 |
| 1862 | 2610 | 1487 | 1123 | 57.0 |
| 1864 | 1576 | 654 | 922 | 41.5 |

בשנת 1827 היו בלושיץ 190 בתים; בשנת 1857 — 193 בתים, מהם 6 בתי־אבן והשאר מבנים של עץ; בשנת 1862 היו בלושיץ 193 בתים ובשנת 1884 — 208 בתים. בין הבתים הנזכרים ברשימה משנת 1857 (בנין עץ של הכנסיה, 2 טחנות־מים, 1 טחנת־רוח, בית בורסי ובית־בד), נמנה גם „בנין העץ של בית־הכנסת היהודי״.

אנו נזכרים בבנין העץ של הכנסיה הפרבוסלבית, שמקומו היה מול בית המרקחת ברחוב ביאלי. עם קום מדינת פולין העצמאית בשנת 1918, נחרבה כנסיה זו ובמקומה נשאר מגרש ריק בלבד ובו כמה קברים של כמרים פרבוסלביים. הפולנים טענו, שכנסיה זו הוקמה בעת שלטונה של רוסיה בפולין „כדי להתגרות באוכלוסיה הקתולית ולהדיחה מאמונתה״. אולם ממקורות היסטוריים פולניים אפשר ללמוד כי שונים היו פני הדברים. „המילון הגיאוגרפי של פולין״ מספר, שהכנסיה הקתולית הראשונה נבנתה בשנת 1511 ע״י המלך זיגמונט הראשון. כנסיה זו, שהיתה בנויה מעץ, נקראה על שם זיגמונד הקדוש; סמוך אליה הוקם בית תפילה מאבן על שם סטאַניסלאַב הקדוש. וה„מילון״ מוסיף: „כנסיה פרבוסלבית נבנתה כאן כנראה עוד בתקופה קודמת״. מכאן, שעוד בתקופות קדומות גרו בלושיץ גם פרבוסלבים ועיירה זו לא היתה בכל עת „על טהרת הקתוליות״.

במאה העשרים הוסיפה לגדול האוכלוסיה הכללית בלושיץ, ויחסית גדלה עוד יותר האוכלוסיה היהודית. במשך 37 שנה, היינו מהמיפקד האחרון במאה ה־19 (1884) ועד למיפקד הראשון בפולין העצמאית, גדלה האוכלוסיה מ־2610 נפש ל־3888. באותה תקופה גדלה האוכלוסיה היהודית במספרים מוחלטים כמעט במאה אחוזים — מ־1487 נפשות ל־2708, ובשנת 1921 היוו היהודים 69.9 אחוזים מכלל האוכלוסיה בלושיץ.

גידולה הבלתי פוסק של העיירה נמשך עד לשואה, שבה עלה הכורת על לושיץ היהודית והיא נכחדה באכזריות.

בתקופה זו של שלוש מאות שנות ההיסטוריה הרשומה של לושיץ — ממחצית המאה ה־17 ועד למחצית המאה ה־20 — ודאי נשתנו לא אחת מצבה הכלכלי והמבנה הסוציאלי של האוכלוסיה היהודית בעיירה. הרשימות הראשונות מספרות, כפי שראינו, על יהודים סוחרים במשקאות חריפים. אך בשעת חורבנה היתה זו עיירה עמלה של פועלים ובעלי מלאכה, שאחוז הפרוליטריון בה היה רב יותר מאשר בעיירות היהודיות האחרות שבסביבה.

לפי הנתונים של המכון ההיסטורי היהודי בוואַרשה, מנתה האוכלוסיה היהודית בלושיץ בשעת פרוץ המלחמה, באחד בספטמבר 1939 — 2900 נפשות. אולם לדעת אלה שנשארו לפליטה, היה אז מספר היהודים בעיירה גדול הרבה יותר.

לפי הרשימות בארכיון הג׳וינט שליד המכון ההיסטורי היהודי בוואַרשה, הגיעו ללושיץ במארס 1940 — 960 פליטים יהודים מהערים בלאשקי, קאליש, אלכסנדר, צ׳יכוצ׳ינק, לודז׳ ופוזנן. אחר כך באו פליטים נוספים מערים ועיירות שונות בפולין. בחודש מאי 1942, שלושה חודשים לפני חיסולו של „הגיטו הגדול״ בלושיץ, דחקו לתוך הסמטאות הצפופות והגדושות שלו, עוד 500 יהודים מסארנאק. מהנתונים של המכון הנ״ל יש ללמוד, כי בשלבים השונים של שלטון הנאצים היה מספר היהודים בלושיץ כלהלן: דצמבר 1940 — קרוב ל־4000; יולי 1941 — למעלה מ־4000; ספטמבר 1941 — 4600; ינואר 1942 — 5000; יוני 1942 — 5500.

ביום השבת, ט׳ באלול תש״ב, 22 באוגוסט 1942, גורשו אלפי יהודים אלה מן העיירה והובלו לכבשני הגזים של טרבלינקי — וכך באה אל קצה ההיסטוריה בת שלוש מאות השנים של יהודי לושיץ.

ב. פעדער (מ. שנער)

## צי קאָן מען פאַרגעסן?

צי קאָן מען פאַרגעסן אין אַ מאַמען, פון וועמענס בריסטן מען האָט זיך דערנערט, אין וועמענס שויס מען האָט זיך דערצויגן, אויף וועמענס הענט מען האָט די ערשטע זון־שטראַלן דערזען און מיט וועמענס ליפּן מען איז מיט הייסע קושן באַדעקט געוואָרן? אַזוי קאָן מען נישט פאַרגעסן דאָס שטעטל, אויף וועלכנס ערד מען האָט די ערשטע טריט געשטעלט, פון וועלכנס פעלדער און גערטנער מען האָט זיך אָנגעטרונקען מיט די שמעקנ־דיקסטע פרילינג־ריחות, אין וועלכנס וועלדער מען האָט זיך איינגעהילט אין שאָטן, ווען די זון איז געשטאַנען אַ צעגליטע אינמיטן הימל, און אין וועלכנס שטראָמיקן טייכל מען האָט דעם צעוואַרעמטן קערפּער אָפּגעקילט...

לאָשיץ איז פון דער נאַטור באַשאָנקען מיט פיל שיינקייט, מיט טויזנטער חנען. אַ קליינטשיק שטעטעלע, אַרומגעהילט מיט ברייטע רחבותדיקע פעלדער און טיף־ווייטע וועלדער. יעדעס פעלד האָט זיך זיין נאָמען, און אַוודאי יעדער

וואַלד. אויף יעדן פעלד וואַקסן אַנדערע בלומען און אין יעדן וואַלד — אַנדערע ביימער. אויב אין די יאַטיכער, ניעמאָיקער און זאַקרער וועלדער וואַקסן הויכע שלאַנקע סאָסנעס און זייערע נאָדל־קרוינען רייסן זיך אין די הימלען אַריין, וואַקסן אין די אדענאָווער וועלדער ברייט־צעצווייגטע דעמבעס און אין די כאַטיטשער וועלדער — יונגיטשקע בעריאָזעס.

און די פעלדער?..

דעם „גלחס לאָנקע"... מיט וויפל פריידיקע דערינערונגען איז אָט־דאָס רחבותדיקע פעלד פאַרבונדן! וויפל זיסע טרוימען, ביז היינט נאָך נישט דער־גרייכטע, זענען צווישן יענע טיפע גראָזן אויסגעטרוימט געוואָרן! נאָך זע איך דעם אַלטן רוסישן פּאָפּ, מיט זיין לאַנגער, שוין דאַן גרויער טשופּרינע, ווי ער פאַרנעמט זיך צו פאַרטרייבן פון „זיין לאָנקע" די יידישע יוגנט, וועלכע טראַכט אפילו נישט זיך אַ ריר צו טאָן. ווייל ווי קאָן מען אַוועק פון אַזאַ ערדישן גן־עדן? ווי קאָן מען אַוועק פון אַ פעלד, ווו מען באָדט זיך גאַנצע טעג אין גלעטנדיקע זון־שטראַלן, און דערלעבן שלענגלט זיך דאָס שטראָמיקע טייכל — דער „גאַי" — ווו מען קאָן אָפּקילן די צעוואַרמטע בלוטן?

אַ ספּעציעלע ראָל האָט אין לאָשיץ געשפּילט „פּאָלענאָווע", אַ גרויס פּריציש גוט, מיט צוויי קוואַליקע וואַסער־שטראָמען און אַ גרויסער אָזיערע, אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך פון אַלטע טאָפּאָלן. וויפל פריידיקע געזאַנגען עס פלעגן זיך דאָ אַרומטראָגן אין די זומער־חדשים! דאָס האָט די לאָשיצער יידישע יוגנט אויסגעמישט איר געזאַנג מיט דער טרעלעריי פון די פאַרשידענע פייגל. עס פלעגן דאָרט זינגען בונדיסטן און צוקונפטיסטן לידער פון אַרבעט און נויט, לידער פון קייטן און תפיסות, לידער פון פרייהייט און סאָציאַליזם. די ציוניסטישע יוגנט פלעגט דאָרט אויסזינגען אירע בענקשאַפט־לידער נאָך ציון. און ווען עס זענען געקומען קאָמוניסטן, האָט מען דורך געזאַנג געגומען שטרייטן, ווועמענס גלויבן עס איז אַ בעסערער...

כאָטש דאָס שטעטל האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט באַרימען מיט צו־שטאַרקער רייכקייט, אפילו צווישן די בעסער־סיטואירטע יידן, און אוודאי נישט צווישן די אַרבעטער, ווו מען פלעגט אָפטמאָל צוהונגערן, דאָך לאָזן זיך נישט פאַרגעסן יענע טייערע, זיסע — זאָל זיין הונגעריקע — יוגנט־יאָרן. ווער האָט דען צייט געהאַט צו טראַכטן וועגן עסן, ווען אַלץ אַרום האָט געבליט, ווען אַלץ האָט זיך געריסן צום לעבן, ווען זיין אַ פאַרטיי־מיטגליד איז געווען מער אַ הייליקייט, ווי אַ נויטווענדיקייט, ווען יעדן האָבן אויסגעפּעלט שעהן אין טאָג צו דערפילן זיין הייליקן חוב? ווי גוט וואָלט דעמלט געווען, ווען מען וואָלט געקאָנט די טעג און אָוונטן אַביסל אויסציען, זיי לענגער מאַכן — ווייל וויפל מען האָט זיי געצויגן, זענען זיי אַלץ געווען צו קליין... איינס אַזייגער ביינאַכט. די פּויערים אַרום שטעטל זענען שוין פאַרזונקען אין טיפן שלאָף,

און די יידישע יוגנט איז נאָך וואַך און רעשיק. מען רעפּעטירט אַ נייע טעאַטער־פּיעסע, דער כאָר שטודירט איין אַ ניי ליד; מען מאַכט אַ לעבעדיקע צייטונג; אַ קעסטל־אָוונט. אַ פרייער מיינונג־אויסטויש וועגן בונדיזם און ציוניזם, אַ דיסקוסיע וועגן זינאָוויעווס 21 פּונקטן... און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט טראָגן זיך פונאַנדער די געזאַנגען, צוגלייך מיט די געשרייען פון דער יידישער יוגנט, ווייט־ווייט אַריבער דעם מאַרק, אַזש צו די ברעגן פון שטעטל, ווו עס שלאָפן די פּויערים. און נישט איינער פון זיי כאַפּט זיך אויף און, צלמענדיק זיך אין דער פינצטער, שעלט ער אין דער מאַמעס־מאַמען אַריין...

וויפל זיסע דערינערונגען טראָגן אין זיך די על־פּי־נס־לעבענגעבליבענע לאָשיצער פון יענע צייטן, ווען יידישקייט האָט אין שטעטל אַרויסגעשיינט פון יעדן ווינקל! מיטן יידישן ליד האָט די מאַמע פאַרוויגט, יידיש וואָרט און יידיש געזאַנג האָבן יעדן פון אונדז אַלע זיינע יוגנט־יאָרן באַגלייט.

פון מיכל האָדעסעס הויז, איבער שייעצן, וועלוועל באָגאַטש, ביז יהושע געמיטכעס — האָבן זיך געצויגן לאַנגע יאָרן פון שעפערישער טעטיקייט; פון די דאָזיקע הייזער האָט זיך געטראָגן ליכט פון וויסן. דאָרט זענען אויפגעטראָטן גרויסע פּאָליטישע, קולטורעלע און גייסטיקע כוחות פון וואַרשעווער בונדיסטן, ציוניסטן און קאָמוניסטן.

כאָטש לאָשיץ האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקע פרייע, נישט־רעליגיעזע יוגנט־באַוועגונג, פלעגט זיך, פונדעסטוועגן, אין אַ יידישן יום־טוב — דאָס גאַנצע שטעטל פילן יום־טובדיק.

אויפגעוואָקסן אינעם גייסט פון נישט־געפעלשטן גלויבן, האָבן זיך הונדערטער יוגנטלעכע אין לאָשיץ דערצויגן ווי שטאָלצע יידן, גוטע סאָציאַליסטן און אויפריכטיקע מענטשן, וועלכע האָבן שפּעטער מיט מוט גענומען שפּרייזן אין לעבן אַריין און אַוועק איבער דער ברייטער וועלט. אויב פון משה גאָלדשטיין איז אויסגעוואָקסן אַ יידישער שרייבער, איז דאָס צו פאַרדאַנקען זיין לאָשיצער דערציאונג; אויב אין ישראל, פראַנקרייך, אַרגענטינע, פאַרייניקטע שטאַטן, אויסטראַליע, קאַנאַדע, קאָלאָמביע, בראַזיל — און ווו נישט? — העלפן לאָשיצער ווייטער שמידן די גאָלדענע קייט פון יידישקייט, איז עס דער פאַרדינסט פונעם שטעטעלע לאָשיץ.

*

נישטאָ אונזערע טאַטעס און מאַמעס. נישטאָ די, וואָס פלעגן אונדז צערטלען, וואָס פלעגן אויסקושן יעדן אבר אונדזערן, וואָס פלעגן ציטערן איבער יעדן טראָט אונדזערן. נישטאָ מער די, פון וועמענס אויגן עס פלעגן גלאַנצן טרערן פון פרייד, ווען מיר האָבן זיך געפרייט, און טרערן פון צער און ווייטיק, ווען מיר האָבן געוויטיקט. נישטאָ מער אונדזערע ברידער און שוועסטער, מיט וועמען מיר האָבן דורכגעמאַכט אונדזערע בעסטע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. נישטאָ מער די, מיט וועמען מיר האָבן צוזאַמען געטרוימט און אָפטמאָל געגלויבט

אַז גאָר־גאָר אינגיכן וועט קומען דער פריידיקער מאָרגן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט... אַ שרעקלעכע חיה, אין געשטאַלט פון נאַציזם, האָט זיי אַלעמען פאַרצוקט. און ווער ווייסט, ווער קאָן זיך גאָר פאָרשטעלן, מיט וועלכע משונהדיקע טויטן, זיי אַלע, אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע, זענען אומגעקומען.

נישטאָ מער פאַר אונדז אונדזער שטעטל לאָשיץ, וואָס האָט איינגעפלאַנצט אין אונדז דעם גלויבן אין יושר און אין גוטסקייט, די ליבע צו מענטשלעכקייט און יידישקייט. אַ בייזער שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן שטעטל און אויסגעריסן מיטן וואָרצל יידן און יידישקייט. ווילדע גראָזן וואַקסן היינט איבער לאָשיצער גאַסן און געסלעך, ווו קיין יידישער פוס טרעט נישט מער

*

אין די ערשטע טעג פון יאָר 1940 האָב איך צום לעצטן מאָל געזען לאָשיץ. נישט צום דערקענען איז שוין דאַן געווען אונדזער שטעטל. די גאַסן און געסלעד זענען געשטאַנען איינגעקורטשעט פון טיפן ווייטיק. די הייזלעך האָבן זיך געטוליעט איינס צום צווייטן, ווי צעשראָקענע שאָף. אַ וואָיענדיקער ווינט האָט ווילד געריסן די בלעכענע דעכער; דער הימל, איינגעהילט אין דיקע וואָלקנס, האָט פון צייט־צו־צייט אַראָפּגעגאָסן אַ מבול — דאָס האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם טרויער און פחד אין יידישע הערצער. יעדער האָט באַשיימפּערלעך געפילט, אַז דער מלאך־המות שוועבט אַרום איבער די יידישע הייזער און וועט גאָר־אינגיכן אָנהויבן זיין שחיטה...

אַ צעוווייטיקטער בין איך מיט מיין משפחה אַוועק דעמלט פון שטעטל, שווערנדיק קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן אונדזער לאָשיץ און קיינמאָל נישט מוחל זיין די נאַצישע מערדער.

יוסף פרידמאַן (יאָסל באָביק)

## האם אפשר לשכוח?

כשם שלא ישכח אדם את אמו אשר בחיקה גדל ומשדיה ינק, כך לא ישכח איש מאתנו את עיירת דתו אשר על אדמתה הצבנו את צעדינו הראשונים, אשר בשדותיה וגניה ספגנו לתוכנו ריחות אביב, בצל יערותיה מצאנו לנו מנוחה ובצינת הנחל שלה טבלנו בימי קיץ לוהטים.

הרבה חן ויופי העניק הטבע ללושיץ. היתה זו עיירה זעירה, אך סביבה שדות רחבים ויערות המשתרעים למרחקים. כל שדה ושמו, כל שדה ופרחיו המיוחדים לו וכל יער ואילנות שלו שונים מאחרים, מהיער הקרוב. ביערות זאכּרי גדלו אורנים תמירים וגבוהים שצמרות־המחט שלהם עולות אל על, ואילו ביערות אדינוב ניצבו אלונים רחבי נוף וביערות חטיצ׳וב לבנים צעירים.

והשדות?... הנה ה„גלחס לאָנקע"...

בכמה זכרונות מרנינים קשור שדה זה, וכמה חלומות זוהרים, שעד היום הזה לא נתמלאו, ניטוו בתוך אותם עשבים.

עודני רואה לפני עיני את ה„פופ" (כומר) הרוסי הזקן עם בלוריתו הארוכה והאפורה כבר אז, כיצד הוא מנסה לגרש משדה המרעה שלו את הצעירים היהודים ואלה כלל אינם מעלים בדעתם לזוז מן המקום. כי כיצד יתכן לעזוב גן עדן תחתון זה? כיצד יתכן להסתלק משדות נוהרים אלה בהם מתפתלים מימיו הקרירים של ה„גאי".

תפקיד מיוחד היה שמור בלושיץ לאותה אחוזה, שהיתה ידועה בכינוייה פולה נובה (שדה חדש). היתה זו אחוזה של אצילים ובה שני מעינות ואגם גדול מוקף כולו עצים. מה רבים השירים שנשמעו כאן בימי הקיץ והתערבו ברינתם של ציפורי שיר. כאן שרו צעירי ה„בונד" על עמל וסבל, על בתי כלא וכבלים, על חופש וסוציאליזם ושיריהם נתמזגו בשירי געגועים לציון. כאשר באו גם הקומוניסטים, ניסו מחנות הנוער השונים להתמודד זה בזה בשיריהם.

לא קלים היו החיים בעיירתנו. בעושר היא לא ידעה להתפאר והפועלים בתוכה אף ידעו מדי פעם בפעם ימי רעב, אך לעולם לא אשכח אותן שנות נוער זוהרות — ולו גם ימי רעב. וכי מי זה היה פנוי להרהר על אוכל, כאשר הכל מסביב פרח, כאשר הכל פרץ לחיים, כאשר החברות במפלגה היתה ענין של קדושה, של הכרח חיים, ולכל אחד מאתנו לא הספיקו שעות היום כדי למלא את חובתו הקדושה. מה טוב היה אילו ניתן לנו להאריך קצת את הימים והלילות, כי כל כמה שהארכנו אותם — נראו לנו כקצרים.

השעה היא אחת אחר חצות. האיכרים שקועים כבר מזמן בתרדמה, ואילו הצעירים היהודים ערים והומים. אלה משננים תפקידים להצגת־תיאטרון, המקהלה לומדת שיר חדש. במקום אחר מקריאים עתון־חי, או ערב שאלות ותשובות וחילופי דברים חפשיים על בונדיזם וציונות, או ויכוח על 21 הסעיפים של זינובייב.

בדומית הלילה נשמעת קול ההמולה של הנוער היהודי, הרחק הרחק אל מעבר השוק עד לקצות העיירה ולא איכר אחד נעור משנתו ונוזף בצעירים באבי אביהם.

מה רבים הזכרונות היקרים מאותם הימים כאשר היהדות הציצה מכל הפינות. מבית מיכל־הדהס'ס, דרך שייעץ וועלוול בוגאץ' עד ליהושע געמיטכעס נמשכו שנים רבות של פעילות יוצרת. מבתים אלה נפוץ אור של דעת, לשם הגיעו עסקני ציבור, בעלי שאר רוח, מוורשה — בונדיסטים, ציונים וקומוניסטים.

אף על פי שרבים מבין הצעירים לא היו דתיים, הרי בימי החג, היתה בעיירה השראה חגיגית.

מאות הצעירים היהודים של לושיץ גדלו כבני אדם משכילים, יהודים גאים וסוציאליסטים ומכאן נפוצו על פני תבל רבה. אם משה גולדשטיין גדל כסופר יהודי, הרי זה תודות לחינוך בלושיץ. אם בישראל, צרפת, ארגנטינה, ארצות־הברית, אוסטרליה, קנדה, קולומביה, בראזיל — והיכן לא? — ממשיכים בני לושיץ לנגד את שלשלת הזהב של היהדות — הרי זה תודות לעיירה לושיץ.

אבותינו ואמהותינו אינם. אלה, שהיו דואגים לנו וחרדים לכל צעדינו, ניספו. אלה, אשר עיניהם ניצתו בשעה שאנו שמחנו, ודמעו שעה שאנו התיסרנו ביסורים — אינם עוד. אחינו ואחיותנו אשר אתם חלמנו והאמנו כי הנה, הנה יאיר השחר לכל האנושות — חיה רעה בדמות הנאציזם השמידה אותם בדרכי מוות איומים ומשונים. כל היקרים והקרובים לנו כלו.

לושיץ זו אשר נטעה בקרבנו את האמונה בכל הטוב והישר, את האהבה לבני אדם וליהודים, נעקרה משורשה.

*

בפעם האחרונה הייתי בלושיץ בימים הראשונים של שנת 1940. לא ניתן כלל להכיר את העיירה. הרחובות כמו נתכווצו מצער ויסורים. הבתים הקטנים כמו ניסו להצטנף זה אל זה כעדר כבשים נבהל, רוח קשה קרעה את הפחים מעל גגות. השמים המכוסים עננים כבדים הורידו מדי פעם גשם־מבול וכל זה הצטרף אל האסון והפחד שבלבבות. כל אחד הרגיש כי מלאך המוות מרחף כאן מעל בתי היהודים וחיש מהר יחל בשחיטה.

יוסף פרידמן (יאָסל באָביק)

## דאָס איז געווען אונדזער שטעטל

לאָשיץ (Łosice) געפינט זיך 130 קילאָמעטער אויף מזרח פון וואַרשע, אין מיטן פון דער געגנט פּאָדלאַס״ע. דאָס שטעטל ליגט פינף קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַציע ניעמאָיקי. אונדזערע עלטערן האָבן דערציילט, אַז ווען מען האָט, בעת דער צאַרישער הערשאַפט, געבויט די באַן־ליניע וואַרשע—וואָלקאָוויסק, זענען די רוסישע אינזשיניערן אַראָפּגעקומען קיין לאָשיץ און געפאָדערט צען טויזנט רובל, כדי צו מאַכן די באַן־סטאַציע אין שטעטל גופא; ווען מען האָט זיי די סומע נישט געגעבן, האָבן זיי די סטאַציע געמאַכט ביים דאָרף ניעמאָיקי. דאָס האָט באַ־שווערט נישט נאָר די קאָמוניקאַציע, נאָר זיך שווער אָפּגערופן אויף דער גאַנצער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און אויסברייטערונג פון לאָשיץ. צום אָנקומען פון יעדן צוג פלעגן קיין ניע־מאָיקי פאָרן אַ בריטשקע און ספּעציעלע וועגענער, געפירט דורך שמילקע זיש־קעס (איזאק), שלום מענדעלקאָ, יש־ראל־ישעיהו גינזבורג און אַנדערע.



דוד רוזאל

אַדמיניסטראַטיוו האָט לאָשיץ לעצטנס געהערט צום שעדלעצער פּאָוויאַט און לובלינער וואָיעוואָדשאַפט.

די נאָענטע שטעט און שטעטלעך, מיט וועלכע לאָשיץ איז געווען ווירטשאַפטלעך און גייסטיק פאַרבונדן, זענען געווען: מאָרד — 13 קילאָמעטער פון לאָשיץ, סאַרנאַקי — 14 קילאָמעטער, קאָנסטאַנטין — 16 קילאָמעטער, מעזריטש — 25 קילאָמעטער, שעדלעץ — 30 קילאָמעטער, יאַנווו־פּאַדלאַסקי — 35 קילאָמעטער, סעמיאַטיטש — 23 קילאָמעטער. די דאָזיקע און עטלעכע אַנדערע שטעט, וואָס זענען געלעגן אַרום־און־אַרום לאָשיץ, זענען צווישן זיך אויך געווען פאַרבונדן משפּחהדיק, ווייל מען האָט זיך משדך געווען צווישן זיך און די יידן פון איין שטעטל האָבן געהאַט נאָענטע און ווייטערע קרובים אין אַלע אַנדערע שטעטלעך.

*

אין צענטער פון שטעטל איז געווען אַ גרויסער פיר־קאַנטיקער מאַרק, מיט אַ ליידיקן פּלאַץ אינמיטן. אויפן מאַרק זענען געשטאַנען נאָר דריי גרויסע געמויערטע הייזער. צוויי פּאַראַלעלע, וואָס האָבן געשאַפן צווישן זיך אַ שמאָל געסל, און דאָס דריטע הויז אין ווינקל צו זיי, שאַפנדיק צוזאַמען אַ בראָם אין דער פאָרם פון אַ דלד׳. אין די דריי הייזער זענען, אין דער נידער, געווען צונויפגעדריקט, געדיכט איינס לעבן צווייטן, יידישע געוועלבלעך מכל המינים. אויפן ערשטן שטאָק, איבער די געוועלבן, זענען געווען וווינונגען. די דאָזיקע דריי גרויסע הייזער, מיט צענדליקער וווינונגען, האָבן נישט געהאַט די מינדסטע סאַניטאַרע איינריכטונגען. די איינוווינער פלעגן מוזן גיין מאַכן זייערע מענטשלעכע באַדערפעניש הינטערן שטעטל, ביים בית־עולם, ביים טייכל, אָדער ביי דער באָד. פאַרטאָג פלעגט מען פון די הייזער אַרויסטראָגן און וואַרפן אויף גרויסע קופּעס אין מיטן מאַרק מענטשלעך מיסט פון גאַנצע נעכט...

אַרום מאַרק זענען געווען געמויערטע, מערסטנס, צוויי־שטאָקיקע הייזער, אויך פול מיט געוועלבער. אין די עקן פון מאַרק האָבן זיך אָוועקגעצויגן די הויפּט־גאַסן.

די **שעדלעצער גאַס**, דורך וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שאָסיי קיין שעדלעץ און דער וועג קיין ניעמאָיקי, איז געווען דער הויפּט־שפּאַציר־וועג פון דער לאָשיצער יוגנט. אויף דער גאַס האָט זיך געפונען דער מאַגיסטראַט און לעבן אים די קליינע טורמע, די „קאָזע״. דאָ איז אויך געשטאַנען די גרויסע קריסטלעכע קירכע, די פייערלעשער־רעמיזע און די פאָלקס־שול. די **מעזריטשער גאַס**, וווּ עס האָבן זיך געפונען די גרויסע שיל און דער גרויסער בית־מדרש. די **ביאַלער גאַס**, וווּ עס איז געווען דער גרויסער בנין פון דער אַפּטייק. דאָס זענען געווען די דריי הויפּט־גאַסן, וווּ עס זענען נאָך געווען פיל געמויערטע הייזער. די איבעריקע געסלעך — קאָשציושקי,

שוויניאַראָווער, נאָטעוויזנע, שמולעוויזנע, קילינסקיעגאָ, פּאָלענאָווע, שפּיטאַלנע, טויטע־געסל — זענען שוין מערסטנס געווען פאַרבויט מיט הילצערנע הייזער, וועלכע זענען אפילו אָפט געווען באַדעקט מיט שטרויענע דעכער אָדער מיט הילצערנע שינדלען.

הינטער דער קירך, אין הויז פון דער ביר־ברויעריי, איז געווען אַ קליינער שטאָטישער שפּיטאָל, וווּ עס איז לאַנגע יאָרן געווען טעטיק דער דאָקטאָר גראַבאָווסקי.

באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג, יידישער ווי פּוילישער, איז געווען דער ד״ר טשערווינסקי. אַ שטילער מענטש, אַ באַשיידענער און שטענדיק



אַ יאַריד אויפן לאָשיצער מאַרק, דעם 1־טן אָקטאָבער 1924

מיט אַ פריינטלעכן שמייכל אויף די ליפּן. אַן אָנגעזעענער דאָקטאָר איז געווען נאַשילעווסקי, וועלכער האָט געוווינט אויסער דער שטאָט. עס איז אויך אַ פּאָר יאָר געווען אין לאָשיץ אַ יידישער דאָקטאָר, זילבערמאַן, פון גאַליציע, וועלכער איז געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַלס ציוניסטישער טוער.

*

דער האַנדל אין לאָשיץ האָט זיך געפירט מערסטנס מיט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. דער הויפּט־האַנדל פלעגט פאָרקומען יעדן צווייטן מיטוואָך אויפן יאַריד. פון גאָר פרי פלעגן אָנהויבן קומען אין שטעטל אַריין הונדערטער פּויערים מיט זייערע וועגענער און זיך צעשטעלן איבערן מאַרק, וווּ די יידן פלעגן אויסשטעלן ספּעציעלע ביידלעך מיט פאַרשידענע סחורות.

די פּויערים פלעגן ברענגען תבואה, קאַרטאָפל, פּרוכטן, אייער, הינער, ווי אויך קי, שעפּסן און פערד צום פאַרקויפן. אין משך פון טאָג פלעגן זיי פאַרקויפן זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און איינקויפן די נויטיקע אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען, קליידער, שטאָפן, וועש, שטיוול און פאַרטיקע שפּייז־פּראָדוקטן. צו די יארידן פלעגן אויך קומען מיט זייערע פאַרטיקע סחורות יידישע סוחרים פון פיל אַרומיקע שטעטלעך. אין משך פון צוויי וואָכן פלעגט אין שטעטל זיין אַ שטילשטאַנד אין מסחר און מען האָט געוואַרט אויפן יאַריד, כדי צו פאַרדינען אויף ווייטערדיקע צוויי וואָכן...

אין די יאַריד־טעג זענען אויך געווען איבערפולט און פאַרוואָרפן מיט אַרבעט די דריי יידישע דאַמף־מילן: איינע פון שלמה פּאָליאַקעוויטש, משה



די פּאָסט אין ראָג פון מאַרק און שעדלעצער גאַס

ראָזנבוים און יעקב דראַזשניעווער — ווייט אין דער מעזריטשער גאַס; דוד יאַגאָדזשינסקיס, נישט ווייט פון דער באָד — אין זיין מיל איז אויך געווען די שטאָטישע עלעקטראָווניע; און ניעביעסקיס. אויסערדעם איז אין סוף פון דער ביאַלער גאַס געווען אַ ווינט־מיל.

*

ווער פון די לאָשיצער געדענקט נישט דעם פּלומפּ אין סאַמע מיטן מאַרק? אַרום אים פלעגן שטענדיק רינען ריטשקעס מיט אָנגעגאָסן וואַסער, וואָס פלעגט זיך ביים ערשטן פראָסט פאַרוואַנדלען אין אייז — אַרום פּלומפּ איז דאַן געוואָרן גליטשיק און דאָס צוקומען צו אים איז דעם גאַנצן ווינטער געווען פאַרבונדן מיט דער געפאַר זיך אויסצוגליטשן אין די אויגן פון גאַנצן

מאַרק קרעמער... אָבער שטענדיק, סיי ווינטער ווי זומער, פלעגן שטיין אַרום דאָזיקן פּלומפּ גאַנצע רייען מענטשן מיט עמערס נאָך וואַסער. דאָס וואַסער פון מאַרק־פּלומפּ איז געווען נישט געשמאַק און פלעגט דינען נאָר צו וואַשן און רוימען. גוט וואַסער, צום קאָכן, פלעגט מען נעמען פון גלחס ברונעם אין טויטן־געסל, און פון קאָוואַלס ברונעם לעבן יאַגאָדזשינסקיס מיל. ספּעציעל געשמאַק וואַסער אויף טיי איז געווען פון ברונעם ביי דער „קאָזע” לעבן מאַגיסטראַט. עס איז געווען אין לאָשיץ נאָך איין פּריוואַטער ברונעם, ביי שטשערביצקין דעם קאַוואַל, אָבער ער האָט אים געהאַלטן געשלאָסן און נישט צוגעלאָזט די יידן דאָרט שעפּן וואַסער.

יעדע פאַמיליע האָט געהאַט אַ וואַסער־פאַס. אָרעמע יידן האָבן אַליין, מערסטנס פאַרטאָג, זיך אָנגעטראָגן וואַסער פון נאָענטן ברונעם אָדער פּלומפּ. פאַר די רייכערע האָבן געטראָגן די וואַסערטרעגער. אַנדערע פלעגן זיך דערלויבן נעמען וואַסער ביים וואַסערטרעגער נאָר אויף שבת און די גאַנצע וואָך ברענגען אַליין. וואַסערטרעגער זענען אין לאָשיץ געווען: פּיטייע, מוינע, ישעיה און שפּעטער זיין זון דוד. דעם גאַנצן טאָג פלעגן זיי גיין הין־און־צוריק פון ברונעם, אָדער פּלומפּ, צו באַלעבאַטישע הייזער, איינגעבויגן אונטער דער משא פון די קראָמיסלעס אויף דער פּלייצע, מיט אָנגעהאָנגענע צוויי עמערס וואַסער איןביידע זייטן. דאָס פּשוטע וואַסער פון פּלומפּ איז געווען ביליקער, דאָס בעסערע פון די ווייטערע ברונעמער, האָט געקאָסט טייערער.

און ווער פון אונדז האָט אין זיין יוגנט נישט געבראַכט אַמאָל אַ פּאָר עמערס וואַסער אין שטוב אַריין ?..

*

די גרויסע שיל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער מעזריטשער גאַס, איז געווען אַ מאַסיווע הויכע געביידע פון רויטע ציגל. דער קינסטלעריש־געשניצטער הילצערנער ארון־קודש און די מאָלערייען אויף די ווענט און אויפן סופיט זענען געמאַכט געוואָרן דורכן קינסטלער פאָדאָליאַק פון מעזריטש. אין שיל פלעגן אָפט דאַווענען גאַסטראָלער־חזנים פון אַנדערע שטעט. עס זענען אין איר אויך פאָרגעקומען מוזיק־קאָנצערטן פון פרעמדע אָרקעסטערס, ווי פון די מעזריטשער פייערלעשער. די שיל איז געווען דער ערשטער קרבן פון דער דייטשער באָמבאַרדירונג, שבת, דעם 9־טן סעמפּטעמבער 1939.

לעבן דער שיל איז געווען דער גרויסער הילצערנער בית־המדרש. אין קעגנזאַץ צו דער שיל, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען ליידיק, האָט מען אין בית־המדרש שטענדיק געדאַוונט און געלערנט, פון ערשטן מנין אין גרויעם באַגינען, ביזן שפּעטן אָוונט. דאָ האָט מען געלערנט דעם טעגלעכן דף גמרא, דאָ האָבן געלערנט די מיטגלידער פון חברה משניות, אָדער סתם תהילים־זאָגער זענען לאַנגע שעהן געזעסן מיט זייערע סידורים אין די הענט. אין בית־

מדרש פלעגן שטענדיק דרשנען אַרומפאָרנדיקע מגידים און אַזעלכע יידן, ווי יאָסל זישקעס און אברהם וואָדע, פלעגן דאַן פאַרשטעלן דעם אַריינגאַנג מיט אַ טיש און פאָדערן ביי יעדן זיין נדבה פאַרן מגיד.

עס איז נאָך געווען אַ קליינער בית־מדרש, „חיי אדם״, אויף נאָטעוויזנע.

אויסערדעם זענען געווען חסידים־שטיבלעך מכל־המינים: גערער, קאָצקער, לובלינער, מעזריטשער, פאַרצעווער, יאַנאָווער, סאָקאָלאָווער. עס איז אויך געווען אַ שוסטער־שטיבל, אין איינעם פון די זייטיקע צימערן אין פאָליש פון דער גרויסער שיל, און באַזונדערע מנינים, ספּעציעל שבת און יום־טוב, פון שניידער און קצבים.

זיי אַלע, אַלע זענען מער נישטאָ און מיר וועלן שוין אייביק נאָך זיי טרויערן.

דוד רוזאַל



אין שיינדלס סאָד, אויף דער שעדלעצער גאַס. — פרוי דאָבזשינסקי מיט איר זון ברוך, ביים אָראָפּנעמען פּאָמידאָרן




די לאָשיצער לאַנדסלייט פון ישראל, פאַרזאַמלט אַרום דער אַנדענק־מצבה פאַר אונדזערע קדושים, אויפן הר־ציון אין ירושלים,
י׳ אלול תשט״ו, 28־טן אויגוסט 1955, פאַרן אַוועקשטעלן די מצבה אין „מרתף־השואה״

# זכרונות פון אמאל

## די צוויי גרויסע שריפות

(לויט די זכרונות פון הערש־טרייטל אָקסענהאָרן)

ביים פעסטשטעלן אַ דאַטע פון אַ געשעעניש, אָדער עמעצנס אַן עלטער, פלעגט, געדענק איך, מיין פאָטער רעכענען לויט די „גרויסע שריפות": אַזויפיל און אַזויפיל יאָרן פאַר אָדער נאָך איינער פון די שריפות. די „ערשטע" און די „צווייטע" שריפות זענען געווען עפּעס ווי ווענדפּונקטן אין דער געשיכטע פון לאָשיץ. איך האָב, קינדוויז, אָפט געבעטן מיין טאַטן מיר צו דערציילן פּרטים וועגן די שריפות — ער פלעגט עס גערן טאָן. זייט יענער צייט האָבן געבושעוועט אַזעלכע שריפות, אַנטקעגן וועלכע די „גרויסע שריפות" אין לאָשיץ זענען ווי קינדער־שפּילן, — און נישט קיין וווּנדער, וואָס די געהערטע פּרטים האָבן זיך לאַנג שוין פאַריבן אין זכרון. און ווען אין דער לעצטער שוידערלעכער שריפה, איז מיין טאַטע, צוזאַמען מיט אַלע ערלעכע לאָשיצער יידן פאַרברענט געוואָרן, — ווער זאָל זיך דערמאָנען וועגן שריפות ?...

האָבן מיר געפּרווט צונויפ־שטעלן אַ בילד פון די שריפות אין אַ שמועס מיט אַ יליד־לאָשיץ, וואָס איז לאַנגע יאָרן געווען אונדזער עלטסטער לאַנדסמאַן אין ישראל, ר' הערש־טרייטל אָקסענהאָרן. ער איז שוין אויך אַ שוכן־עפר און וועט מער נישט קומען אויף אונדזערע יערלעכע הזכרות זאָגן זיין האַרץ־רייסנדיקן קדיש...



הערש־טרייטל אָקסענהאָרן מיט זיינע אייניקלעך, אין ישראל

מיר האָבן אים געטראָפן אין בית־מדרש פונעם בית־הזקנים אין בני־ברק, ווו ער האָט געהערט, צוזאַמען מיט נאָך צענדליקער אַלטיטשקע יידן, אַ שיעור משניות. געווען נאָך דער זעלבער אויסגעגלייכטער גוטמוטיקער, נידעריקער, גרויער זקן, ווי איך האָב אים געדענקט פון מיין קינדהייט אין לאַשיץ. ער האָט נישט באַנוצט קיין ברילן, און דאָך מיך דערקענט פון ווייטן. ער האָט גערן גערעדט, דערציילט געשיכטעס פון מיט צענדליקער יאָרן צוריק, פונקט ווי נעכטן זאָל דאָס האָבן געשען, מיט אַלע איינצלהייטן, מיט אַלע פיטשעווקעס, צוגעפּראַווועט מיט אַ שמייכל, מיט אַ געשמאַק לאַשיצער ווערטל... האָט ער אויך קיין געגויע דאַטן נישט געוווּסט.

בעת דער ערשטער שריפה איז ער געווען אַ יינגל פון אַ יאָר זעקס־זיבן. לויט אונדזערע אויסרעכענונגען איז דאָס פאָרגעקומען באַלד אין אָנהויב פון די זיבעציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם, ניינצנטן יאָרהונדערט. ער האָט דערציילט:

„גאַנץ לאַשיץ איז באַשטאַנען פון בלויז הילצערנע שטיבער מיט שטרויענע דעכער, אויסער דעם מויער פון דיין זיידן, דעם ציטעריקן ר׳ הערש־פסח ע״ה. אָבער קיין שריפות זענען נישט פאָרגעקומען. מען האָט דערציילט, אַז אַ גוטער ייד האָט אַמאָל געגעבן אַ ברכה דעם שטעטל, אַז פייער זאָל זיך נישט קאָנען פאַנאַנדערשפּרייטן... פלעגט זיין אַ שריפה, האָט זי זיך קיינמאָל נישט פאַרשפּרייט צו קיין שכנים, נאָר געבליבן אין דער שטוב, ווו זי איז אויסגעבראָכן...

„...געווען איז דאָס דריי טעג נאָך פּסח. מיין טאַטע מענדל ע״ה פלעגט פאַריכטן פעלצן פאַר פּויערים, איז ער גלייך מוצאי־יום־טוב אַוועקגעפאָרן אין אַ דאָרף אַריין מיט אויספאַריכטע פעלצן און די מאַמע איז אַוועקגעפאָרן נאָך סחורה קיין סעמיאַטיטש. ביי אונדז אין הויז, אויף דער סאָקאָלאָווער גאַס, איז געווען אַ חדר פון אַ קאָנסטאַנטינער מלמד. איך האָב דאָרט געלערנט און דער מלמד האָט אויף מיר אַכטונג געגעבן, ווען די עלטערן זענען נישט געווען. די שריפה איז אויסגעבראָכן אינדערפרי, ווען די קינדער זענען שוין געווען אין חדר; פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ געוואַלד און גלייך האָט מען געזען פייער איבער דער גאַנצער שטאָט... עס האָט געגומען ברענען אין דער קוזשניע ביי בנימין קאָוואַלס טאַטע, אַראָפּ אין דער שוויניעראָווער גאַס... דאָס פייער, האָט מען געזען, האָט זיך גלייך גענומען ציען צום בית־עולם, צו דער אַלטער שיל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, שוין האַלב איינגעזונקען אין דער ערד...״

מען האָט נאָך אַלץ געדאַוונט אין דער אַלטער איינפאַלנדיקער שיל, כאָטש איינער, אַ אָנגעזעענער באַלעבאָס, ר׳ ברוך, האָט שוין לאַנג געהאַט געשאָנקען דעם פּלאַץ אויף דער מעזריטשער גאַס אויף אַ נייער שיל, נאָר מען האָט זיך נישט געיאָגט זי צו נעמען בויען.

„...איז געקומען די שטראָף פון הימל... אפילו שוואַלבן האָבן געטראָגן פייער צו דער זייט פון בית־עולם...״ — האָט מיט טרויער געזאָגט דער אַלטער הערש־טרייטל.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס גאַנצע, בוכשטעבלעך דאָס גאַנצע, שטעטל איז געשטאַנען אין פלאַמען. מענטשן זענען ווי וואַנזיניק אַנטלאָפן אויף די פעלדער אַרויס. דער מלמד האָט דעם קליינעם הערשל־טרייטל אַריינגעשטופּט אַ קישן אין די הענטלעך אַריין און געהייסן לויפן צוזאַמען מיט אַלע חדר־יינגלעך, וועלכע האָבן מיט שרעק און געוויין גענומען רופן מאַמע־טאַטע. דער קליינער הערש־טרייטל איז מיט דער קישן, די איינציקע אָפּגעראַטעוועטע זאַך פון זיין טאַטנס פאַרמעגן, געלאָפן צו דער שעדלעצער גאַס און דאָרט, לעבן דער קירכע, זיך באַהאַלטן אין אַ גרוב. די דורכלויפנדיקע יידן האָבן דאָס קינד, מיטן „פאַרמעגן", פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט און מיטגענומען אין פעלד אַריין און דורכדעם אים געראַטעוועט, ווייל באַלד איז דאָס פייער געווען אויך דאָרט.

עס זענען געקומען פייערלעשער פון די אַרומיקע גרעסערע שטעט, שעדלעץ, מעזריטש, ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ — אין לאָשיץ אַליין זענען קיין פייערלעשער דעמלט נאָכנישט געווען, — אָבער מען האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן, — דאָס גאַנצע שטעטל, אויסער, ווי געזאָגט, איין־איינציקן מויער, איז אַוועק מיטן רויך. אַלע איינוווינער האָבן גענעכטיקט אין פעלד, וווהין מען האָט מיט פורלעך געבראַכט ברויט פון די אַרומיקע שטעטלעך. ר' הערש־טרייטל האָט דערציילט, ווי זיין טאַטע האָט אים ביינאַכט, אַ פאַרסאַפּעטער פון לויפן, געזוכט צווישן די נשרפים אין פעלד...

אַ טייל פון די געליטענע לאָשיצער יידן האָט זיך דאַן צייטווייליק איינגעאָרדנט אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, — פיל פאַמיליעס האָבן וואָכנלאַנג „געוווינט" אין די נאָענטע וועלדער, ביז מען האָט, ווי עס איז, צוריקגעבויט די אָפּגעברענטע כאַלופּעס. צווישן די נשרפים האָט געהערשט הונגער און נויט, ווייל קיינער האָט כמעט גאָרנישט אָפּגעראַטעוועט. דורך די צייטונגען האָט מען געבעטן הילף און שליחים זענען געפאָרן איבער גאַנץ פּוילן זאַמלען שטיצע פאַר די לאָשיצער נשרפים.

דאָס שטעטל האָט זיך צוריקגעבויט אַזוי ווי עס איז געווען — ווידער כמעט בלויז הילצערנע הייזער, ענג, איין הויז לעבן צווייטן. אַ טייל דעכער זענען שוין געווען פון שינדלען, אָנשטאָט שטרוי. מען האָט באַלד אויפגעבויט אַ נייע שיל, אַ הילצערנע, — „אַ פּראַכט!", דערמאָנט זיך ר' הערש־טרייטל, „מיט מאָלערייען, וואָס מען זעט גאָרנישט..." און שוין אויפן נייעם פּלאַץ, אויף דער מעזריטשער גאַס.

דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע שריפה.

דאָס שטעטל איז פּאַמעלעך געקומען צו זיך. אָבער פערצן יאָר שפּעטער איז דאָס זעלבע אומגליק געקומען נאָכאַמאָל, — די צווייטע גרויסע שריפה. אויך

דאָס מאָל איז דאָס גאַנצע שטעטל אַוועק מיטן רויך, און ווידער איז געבליבן גאַנץ נאָר דאָס איינציקע געמויערטע הויז, אויפן ראָג פון מאַרק און דער סאָקאָלאָווער גאַס, וואָס האָט געהערט צו ר׳ הערש־פּסח ליבערמאַן, דער „ציטעריקער״.

„איך בין שוין דעמלט״ — האָט דערציילט ר׳ הערש־טרייטל, — „געווען אַ באַלעבעסל פאַר־זיך, אַ חתונה־געהאַטער און אויך געוואָרן אַ נשרף...״ ער האָט געפירט סחורה און פאַסאַזשירן פון און קיין ביאַלע.

נאָך דער צווייטער שריפה האָט מען שוין גענומען אויפשטעלן מויערן. עס איז אויסגעוואָקסן דער געמויערטער מאַרק, דער „ראַט״ אין מיטן מאַרק, פון רויטע ציגל, און אפילו אַראָפּ, אין די געסלעך, האָט מען שוין געשטעלט „קאַמיעניצעס״ און נישט בלויז הילצערנע הייזער. דעמלט האָט מען אויפגעבויט די גרויסע געמויערטע שיל, וואָס מיר אַלע געדענקען, כאָטש דעם בית־מדרש, לעבן איר, האָט מען נאָך, אויך נאָך דער צווייטער שריפה, געמאַכט פון האָלץ.

אָט דאָס געמויערטע שטעטל איז געבליבן שטיין — נאָר פאַרברענט זענען געוואָרן אַלע־אַלע יידן פון דאָרט...

„ווי איז דאָס מעגלעך?!... ס׳איז דאָך נישט צו גלויבן...״ — האָט געפרעגט, צוזאַמען מיט אונדז אַלעמען, די גרויסע קשיא דער אַלטיטשקער הערש־טרייטל.

מ. שנער

## די גרויסע הילצערנע שיל

די עלטסטע געשעעניש, וואָס איך געדענק פון מיין קינדהייט אין לאָשיץ, איז פאָרגעקומען אין אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווען איך בין געווען אַ קינד פון אַ יאָר פיר. דאָס איז געווען אין אַ זומערדיקן שבת־נאָכמיטאָג. מען האָט פּלוצלינג גענומען לויפן פון אַלע זייטן צו דער שעדלעצער גאַס. אויך איך בין געלאָפן. פאַר דער קריסטלעכער קירכע איז געשטאַנען אַ גרויס געזעמל מענטשן. פיל פּאָליאַקן זענען געשטאַנען און זיך געצלמט, די פּוילישע פרויען האָבן ביטער געוויינט. די קירכע איז געווען אַרומגערינגלט דורך רוסישע זשאַנדאַרן און סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אַראָפּגענומען פון קופּאָל די גלאָקן. מען האָט מיר דעמלט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער צאַר וויל נישט מען זאָל קלינגען אין דער קירכע און רופן די פּאָליאַקן צו די תפילות. די צונויפגעלאָפענע יידישע קינדער זענען פון דאָרט שנעל אַוועק צו דער מעזריטשער גאַס זען, צי מען טשעפּעט נישט אויך אונדזער שיינע שיל.

אָבער דאָרט איז געווען שטיל, נאָר עטלעכע יידן האָבן אויף דער מזרח־וואַנט געזאָגט „פרק״.

פראַכטפול־שיין איז געווען די הויכע הילצערנע שיל, וועלכע איז אָפּגעברענט געוואָרן אין דער צווייטער גרויסער שריפה, מיט קנאַפּע אַכציק יאָר צוריק.

די שיל איז געווען זייער הויך מיט אַ קיילעכדיקן סופיט. פון אַלע אַרומיקע שטעט איז מען געקומען אָנקוקן און באַוואונדערן אונדזער שיל, דער עיקר — די מאָלערייען. אויפן סופיט זענען געווען אויסגעמאָלן די פאַרשידנסטע חיות אין דער נאַטירלעכער גרויס. אין דער ערשטער ריי אַ לייב מיט אַ לייבעכע; דערנאָך אַן אָדלער; ווייטער הירשן, פוקסן, וועלף און אַנדערע באַשעפענישן. אויף דער מזרח־וואַנט זענען געווען אויסגעמאָלן אַלע מינים כלי־זמר, מיט אַ גרויסן אויסצוג פון תהלים פרק ק״נ: „הללוהו בתקע שופר, הללוהו בנבל וכנור; הללוהו בתוף ומחול, הללוהו במנים ועגב״. אויף דער מערב־וואַנט, וואָס איז געגאַנגען צו דער ווייבער־שיל, איז געווען אויסגעמאָלט דער לויתן, אַ ריזן־פיש, אין אַ קיילעכדיקער פאָרם אַרום דער וואַנט, מיטן וויידל אין מויל, און אינמיטן — אַן אָקס אין דער נאַטירלעכער גרויס, דער שור־הבר, וואָס מיר וועלן עסן אי״ה אויף „יענער וועלט״...

מיר, לאַשיצער יידישע קינדער, פלעגן זיין זייער אייפערזיכטיק אויף אונדזער שיל. נאָך יעדער חופה, וואָס פלעגט פאָרקומען אויפן פּלאַץ פאַר דער שיל, פלעגן די פרעמדע מחותנים אריינגיין באַקוקן די שיל און פאַרייסן די קעפּ אין דער הויך צו די מאָלערייען; פלעגן מיר קוקן אויף די פרעמדע מיט פאַרדרוס, ווי זיי זאָלן צונעמען שטיקלעך פון אונדזער לויתן, אָדער אונדזערע פידלען און פויקן...

אַ צווייטע איבערלעבונג, וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, איז אויך פאַרבונדן מיט אונדזער שיל, אָבער שוין די שפּעטערדיקע, די געמויערטע.

איך בין שוין דעמלט געווען אַ דערוואַקסענער בחור און זיך פאַרנומען אין שטעטל מיט לערערי. איך האָב געגעבן לעקציעס צו איינצלנע, אָדער גרופּעס, פון לייענען און שרייבן. ס׳איז דעמלט נאָרוואָס געהאָט אַנטשטאַנען די ערשטע פאַבריק פון געגריוועטע שיך. דער פאַבריקאַנט איז געווען יאָסל חיים־משהס. צום לויב פון די לאַשיצער אַרבעטער דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ווי־גיך זיי האָבן געגומען פאַרדינען, האָבן זיי זיך ראשית־כל גענומען לערנען און גוט געצאָלט דעם לערער פאַר די לעקציעס.

דאָס איז אויך געווען אַ שבת־נאָכמיטאָג, ווען די שוסטער־אַרבעטער האָבן מיך איינגעלאַדן צו זיי, אין שוסטער־שטיבל, אין דער געביידע פון דער שיל, אויף רעכטס ביים אריינגאַנג פון פאָליש. עס איז דעמלט פאָרגעקומען אַ פאַר־

זאַמלונג וועגן העכערן די לוינען. געדעדט האָט מעלע קאָקע. איך געדענק געגוי זיינע ווערטער: „טוט אַ קוק, מיינע ברידער, אַרבעטער, דעם חילוק פון אונדז פּראָלעטאַריער ביז דעם בעל־הבית... ער, יאָסל חיים־משהס, אונדזער ברויטגעבער, מאַכט קידוש אויף ווײַן, אויף אַ גאַנץ קוואַרטירל ווײַן, אָבער מיר מאַכן קידוש איבער קליינע שוואַרצע חלהלעך, ווען ביי אים ליגן צוויי גרויסע געפלאָכטענע חלות...״ דאָס האָט מעלע קאָקע געזאָגט מיט זיין שטאַרקן טעמבער, און גלייך דערנאָך האָבן זיך אַלע געשטעלט דאַוונען מנחה... דאָס איז נאָך געווען פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, — אַזוי האָט דעמלט אויס־געזען די „רעוואָלוציאָנערישקייט״ פון די לאָשיצער שוסטער־אַרבעטער...

עס דערמאָנט זיך מיר נאָך אַ פאַקט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער באַציאונג צווישן די כלי־קודש און די שוסטער־אַרבעטער.

איינמאָל איז דער רב ר׳ מרדכילע געגאַנגען פון דאַוונען, אינעם שטריימל און זיידענער זשיפּעצע, באַגלייט דורך וועלוול שמש. אינמיטן מאַרק איז פאַרבייגעגאַנגען אַ דאָרפס־פויער און אַ שפּיי געטאָן אויפן רב. עס איז געוואָרן אַ געדודער, אָבער קיינער האָט דעם פאַליאַק נישט פאַרטשעפּעט. דאַן איז אַרויסגעקומען דער שוסטער גדליה די גאַווריליע און געווירוועדיק וואָס עס האָט פּאַסירט, לויפט ער אריין אין וואַרשטאַט, כאַפּט דעם אייזערנעם דראָנג, אויף וועלכן מען שטעלט אַרויף די שטיוול אָנצוקלאַפּן די פּאָדקאָוועס, לויפט נאָך דעם פויער און דערלאַנגט אים מיטן גאַנצן כוח איבערן קאָפּ: „נאַ דיר פאַר באַליידיקן אונדזער רב...״ דער פויער איז אַוועקגעפאַלן אַ שווער־פאַרוווּנדעטער.

מיט אַ פויער, וואָס האָט געשפּיגן מיטן מויל, האָבן זיך אונדזערע לאָשיצער שוסטער שטענדיק געקאָנט אַן עצה געבן. עס איז, אָבער, געקומען דער נאַצי־שונא, וואָס האָט געשפּיגן מיט פייער פון האַרמאַטן און פון גאַז־אויוונס, — קעגן דעם זענען אונדזערע ברידער געווען צו שוואַך און אונדזער ליב שטעטעלע איז אָפּגעווישט געוואָרן צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים אין אייראָפּע.

הערשל קופּערשטאָק

## דאָס יאָר 1905 און די בית־מדרש־לייכטער

די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע אין יאָר 1905 האָט אויפגערודערט אונדזער שטעטל. עס זענען געווען מאַניפעסטאַציעס, קריגערייען, אָבער צו קיין בלוט־פאַרגיסונג איז נישט געקומען, כאָטש עס האָט קיין סך דערצו נישט געפעלט.

די בונדיסטן האָבן דעמלט פאַרלאַנגט, אַז די קהלה זאָל זיי געבן אַ געוויסע סומע געלט, צי פאַר זייער פּאָליטישער טעטיקייט, צי אונטערשטיצונג פאַר



משה אָקסענהאָרן

אָרעמע אַרבעטער, — דאָס ווייס איך נישט. איך געדענק, אָבער, אַז די קהלה האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגע־זאָגט זיי צו געבן די פאַרלאַנגטע אונטערשטיצונג. איין פרימאָרגן, ווען מען איז געקומען דאַווענען אין גרויסן בית־מדרש אַריין, זענען נישט געווען די גרויסע מעשענע הענג־לייכטער. באַלד איז מען געוווּיר געוואָרן, אַז די בונדיסטן האָבן זיי ביינאַכט אַרונ־טערגענומען — זיי האָבן געדראָט צו פאַרקויפן די לייכטער, אויב מען וועט זיי נישט געבן דאָס געפאָדערטע געלט.

דעם זעלבן טאָג האָט דער רב ר׳ מרדכילע צונויפגערופן אַ גרויסע אסיפה אין בית־מדרש. דער רב האָט דערקלערט, אַז אויב די לייכטער וועלן נישט אָפּגעבראַכט ווערן אין משך פון צוויי טעג, וועט ער „אַריינוואַרפן אין חרם אַלע די וואָס האָבן דורכגעפירט, אָדער ווייסן ווער עס האָט דורכגעפירט דעם חילול־הקודש"... דערביי האָבן די ראשי־הקהל אויך גערעדט קעגן וועלן „אַריינשלעפן די גאַנצע יידישע עדה אין קאַמף קעגן מלכות"... די דאָזאָרעס, הערשל אַפּעל און גרשון גאָדלס (ראָזענבאַנד), האָבן אויפגעוויזן, אַז „מען שטעלט ר״ל אין סכנה די גאַנצע ק״ק דורך האַלטן רעדעס פון באַלעמער אַראָפּ קעגן מלכות..."

אין בית־מדרש זענען אויסגעבראָכן סקאַנדאַלן, געשרייען; מען האָט זיך געגומען שלאָגן. מען האָט געהערט שטימען: „מיר וועלן אָפּשניידן די עמודים, וו דער חרם וועט ווערן אַרויסגעקלעפּט..."

דאָך האָט די דראָאונג מיט אַ חרם געהאָלפן און אויפן צווייטן טאָג זענען די הענגלייכטער געהאָנגען אויף זייערע פּלעצער. מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט ווער עס האָט זיי אַראָפּגענומען, ווער עס האָט זיי צוריק אויפגעהאָנגען און ווו מען האָט זיי צייטווייליק אויסבאַהאַלטן.

די בונדיסטן האָבן דאַן אָנגענומען אַן אַנדער מיטל, אַן עקאָנאָמישן, כדי צו צווינגען די קהלה זיי צו געבן געלט. זיי האָבן געשטעלט באַוואָפנטע גרופּעס אויף די אַרויסגאַנג־וועגן פון לאָשיץ, ספּעציעל אויפן שאָסיי קיין שעדלעץ, צו היטן מען זאָל נישט קאָנען צופירן קיין סחורות און קיין פּראָדוקטן אין שטעטל אַריין.

דערביי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די צוויי קהלה־דאָזאָרעס, הערשל אַפּעל און גרשון ראָזענבאַנד, זענען דורכן „בונד" פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. באַלד איז טאַקע אַריינגעשאָסן געוואָרן מיט אַ רעוואָלווער אין געשעפט פון הערשל אַפּעל אין מאַרק און נאָר דורך אַ גליקלעכן צופאַל האָט די קויל קיינעם נישט געטראָפן. פון די בונדישע קרייזן האָט מען אפילו דערנאָך אויפגעקלערט, אַז מען האָט בכיוון געשאָסן כדי נישט צו טרעפן, נאָר אָפּצושרעקן, ווייל „ווען מען וויל צילן טרעפט מען..." — אָבער דער שאָס האָט אַרויסגערופן געוואַלדיקע אויפרודערונג אין גאַנץ לאָשיץ. ביידע דאָזאָרעס האָבן זיך דאַן אַ שטיק צייט נישט באַוויזן אין גאַס. די פרייע רעוואָלוציע־צייט האָט זיך, אָבער, שנעל געענדיקט אין גאַנץ רוסלאַנד און אויך אין לאָשיץ איז באַלד שטיל געוואָרן.

משה אָקסענהאָרן

## לאָשיץ — בעת מלחמות און רעוואָלוציעס

די ערשטע גרויסע אויפרודערונג, וואָס איך דערמאָן מיר אין אונדזער שטעטל, איז געווען בעתן אויסברוך פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין יאָר 1904. ווען מען האָט גערופן זיך צוצושטעלן צום מיליטער די אַזוי־גערופענע „זאַפּאַסנע", איז דאָס גאַנצע שטעטל אַרומגענומען געוואָרן דורך אַ טרויער און אַ געוויין האָט זיך געהערט אין די גאַסן. די געשעענישן אויפן ווייטן פראָנט האָבן זיך, אָבער, אַנטוויקלט מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז איידער די „זאַפּאַסנע" האָבן באַוויזן אָוועקצופאָרן צו זייערע מיליטער־אָפּטיילונגען, האָט זיך די מלחמה געענדיקט והעיר לאָשיץ צהלה ושמחה... פאַר פרייד האָבן די נישט־דערגאַנגענע סאָלדאַטן געגרינדעט אַ פאַריין מיטן נאָמען „זאַפּאַסנע" און אַלס דאַנק דעם רבונו־של־עולם, גענומען שרייבן אַ ספר־תורה. דאָס ענדיקן שרייבן דעם ספר און דאָס פירן אים אין שיל אריין, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יום־טוב און פאָלקס־פייערונג פון דער גאַנצער קהילה. מען האָט אַראָפּגעבראַכט דעם אָרקעסטער מיט יאַנטשע בראש, וועלכער האָט זיך דעמלט גערעכנט פאַרן בעסטן מוזיקער אין דער גאַנצער געגנט. עס זענען צו דער פייערונג געקומען די רבנים פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. קליין און גרויס, אָרעם און רייך, זענען פייערלעך געגאַנגען אין צוג אַרום דער נייער ספר־תורה, אַרומגערינגלט מיט צענדליקער ברענענדיקע



איצל ראַק

שטורקאַרצן. דער אָרקעסטער האָט אַלעמען באַרוישט מיט זיין מוזיק און ביז היינט באַמבלען זיך מיר אין קאָפּ מעלאָדיעס, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן ביי יענער פייערונג. נאָכן אַריינפירן דעם ספר אין שיל אַריין, האָט דער אָרקעסטער געשפּילט אַ חזניש „שטיקל", הינטער די פענצטער פון יעדן „זאַפּאַסנעם" סאָלדאַט. יונג און אַלט האָבן דערביי געטאַנצט אין די גאַסן, געפרייט זיך און געיום־טובט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

*

אין יאָר 1905 האָב איך געלערנט ביי הערש־חיים דעם מלמד, וועלכער האָט געהאַט זיין חדר קעגנאיבער דעם בית־מדרש. איין ווינטערדיקן אָוונט, ווען איך בין אַרויס אַ מינוט פון חדר, האָב איך דערזען עפּעס אַ גרויסע באַוועגונג אין און אַרום בית־מדרש — אַן אומגעוויינלעכע דערשיינונג פאַר אַ געוויינלעכן וואָכן־טאָג. איך בין צו צום בית־מדרש — ביים אַריינגאַנג זענען געשטאַנען צוויי מענער מיט אַ גרויסער רויטער פאָן און מיך נישט אַריינגעלאָזט. איך בין אַריין דורך דער עזרת־נשים. אויפן בעלעמער אין בית־מדרש זענען געשטאַנען: דער בונדישער פירער וויכער און הערשל באַראַווסקי. זיי האָבן איינער נאָכן אַנדערן גערעדט. וואָס זיי האָבן גערעדט האָב איך נישט פאַרשטאַנען. וואָס האָט אַ דעמלטיקער חדר־ייִנגל געקאָנט פאַרשטיין פון אַזעלכע ווערטער ווי „רעוואָלוציע", „פּראָלעטאַריאַט", אָדער „אַרבעטער־קלאַס"? ווען באַראַווסקי האָט, אָבער, געענדיקט מיטן אויסרוף „נידער מיטן צאַר!" — בין איך שרעקלעך דערשראָקן געוואָרן. דאָס בילד פון „צאַר־באַטיושקאַ" איז געהאַנגען אין חדר און מען האָט אונדז אויף אים אָנגעוויזן, ווי אויף עפּעס אַ הייליקייט, עפּעס גאָר־הויכס און „אומבאַרירלעכס", און דאָ פּלוצלינג — „נידער מיטן צאַר!"... מיט אַ ציטער בין איך — ווידער דורכן עזרת־נשים, ווייל דורך דער הויפּט־טיר האָבן די פאָן־טרעגער קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט, — אַרויף צוריק אין חדר און מיט אַ שרעק אין קול דערציילט דעם רבין, וואָס איך האָב געזען. דער מלמד האָט מיך באַרואיקט, נאָר דאָך גלייך אָפּגעפירט אַליין אַלע קינדער ביז זייערע היימען.

ווען הערש־חיים האָט מיך געפירט אַהיים, איז שוין אין שטאָט געווען לעבעדיק. נאָכן מיטינג אין בית־מדרש האָבן די בונדיסטן מאַניפעסטירט דורכן מאַרק און אויסגעהאַקט די שויבן אין מאַגיסטראַט. די רוסישע פּאָליציאַנטן, האָט מען דערציילט, האָבן זיך באַהאַלטן הינטער דער באָד, נישט באַווייזנדיק זיך בעת דער מאַניפעסטאַציע. אָבער עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אַרעסטירט די שטענדיק־פאַרדעכטיקטע מעלע קאָקע און שמואל (שמילע) משה־בערישעס.

*

דעם ערשטן מאי 1905 איז אין לאַשיץ פאָרגעקומען אַ עפנטלעכע אַרבעטער־מאַניפעסטאַציע. איך בין דעם טאָג געווען פריי פון חדר, ווייל דער אָרטיקער

„רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט” האָט פאַרבאָטן די מלמדים צו לערנען אינעם אַרבעטער־יום־טוב. איך האָב דעריבער געקאָנט זיין אין גאַס און אַלץ באַאָבאַכטן. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען באמת פייערלעך. אַלע קראָמען זענען געווען געשלאָסן און אויף די גאַסן האָט דעם גאַנצן טאָג שפּאַצירט אַ יום־טובדיק געקליידעטער עולם. די מאַניפעסטאַציע איז פאָרגעקומען נאָכמיטאָג, ביי אַ פרעכטיק־שיינענדיקער זון. די מאַניפעסטאַנטן זענען געגאַנגען צו דריי אין אַ ריי, געאָרעמט איינער מיטן צווייטן. אונטער די לאַצן האָבן זיי געטראָגן רויטע



די לאָשיצער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין 1915—1916. צווישן די שטייענדיקע, פון רעכטס: 1־טער — יאָסל וואָדע, 5־טער — משה קאָפּיטש (ניעביעסקי), 9־טער — יאנקל ליבער (גאָלדעס), 10־טער — מנשה באָראָווסקי, 11־טער — פריץ קאַמינסקי פון זאַקרע, 12־טער — מנשה חיה־פייגעס, 13־טער — זאַמיאַטאַטש, 14־טער — „דאָס נעזל”. צווישן די זיצנדיקע: 3־טער — בעריש לאנדוי, 4־טער — געסנער פון ברויז, 5־טער — הערשל אפּעל, 6־טער — מאָטל דאָזער, 7־טער — טוביה־יחיאל דאָבזשינסקי

שלייפן און מען האָט עטלעכע מאָל קאָנטראָלירט צי יעדער טראָגט דעם רויטן צייכן. בראש פון דער מאַניפעסטאַציע זענען געגאַנגען מעלע קאָקע, הערשל באָראָווסקי, ישראל נאָטקעס, אייבאַ דער וואַסערטרעגער און אַנדערע.

ווען איך בין אונטערגעוואָקסן און אָנגעהויבן לייענען ביכער, האָב איך געפּועלט ביי מיין טאַטן ער זאָל שרייבן צו מיין ברודער אין ענגלאַנד, אַז ער זאָל פאַר אונדז אַבאָנירן די יידישע טאָג־צייטונג „פריינד”, וואָס איז דערשינען אין פּעטערבורג. אַ גאַנץ יאָר בין איך, אַזוי אַרום, געווען פון די איינציקע אין

שטעטל וואָס האָבן געהאַט אַ צייטונג. איך פלעג די צייטונג איבערלייענען אינגאַנצן און דערנאָך אין בית־מדרש, צווישן מנחה און מעריב, איבערגעבען איר אינהאַלט פאַרן עולם. איך בין געוואָרן אַ גאַנצער „פּאָליטישער אינפאָרמאַטאָר" און אַזוי ווי איך פלעג אַריינקומען אין בית־מדרש אריין, פלעגט מען מיך אַרומרינגלען און נעמען ציען: „נו... וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער וועלט?..." דאָס איז געווען די צייט פון בייליס־פּראָצעס און אַלע האָבן זיך שטאַרק איבערגענומען מיט דעם בלוט־בלבול. געדענק איך דעם פרימאָרגן פון די ערשטע „סליחות", ווען איך בין פאַרטאָג געקומען אין בית־מדרש אַריין מיט דער בשורה, אַז בייליס איז באַפרייט געוואָרן. מען האָט מיך פשוט געטראָגן אויף די הענט. מען האָט זיך געווונטשן מזל־טוב און די פרייד האָט זיך איבערגעטראָגן אויפן גאַנצן יידישן שטעטל.

*

איך דערמאָן זיך גענוי דעם טאָג פון 1־טן אויגוסט 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די שטימונג אין לאָשיץ איז געווען אַ שרעקלעך־געדריקטע. מיט געוויינען האָט מען באַגלייט די מאָביליזירטע סאָלדאַטן. כמעט די גאַנצע איבערגעבליבענע מענער־באַפעלקערונג, יונג און אַלט, האָט מען אַריבערגעפירט פון לאָשיץ קיין פאַרצעווע צו צוואַנג־אַרבעט ביים גראָבן אָקאָפּעס. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. צוזאַמען מיט אַנדערע האָב איך אויך געפּרוווט איינמאָל ביינאַכט אַנטלויפן. מען האָט אונדז געכאַפּט און געשמיסן מיט נאַהייקעס ביז בלוט. אָבער איך בין דאָך פון זיי דעמלט אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן ביז די דייטשע אַרמיי האָט אָקופּירט לאָשיץ, אין אויגוסט 1915.

די יידן אין לאָשיץ האָבן דערוואַרט די דייטשן ווי באַפרייער פון צאַרישן אַנטיסעמיטישן יאָך. אָבער מען האָט גאַנץ שנעל דערזען זייער אמתן פרצוף. אויפן דריטן טאָג נאָך זייער אָנקומען, דאָס איז געווען שבת, האָט מען מיך, צוזאַמען מיט צענדליקער אַנדערע יינגלעך, אפילו פיל יינגערע פון מיר, געכאַפּט צו צוואַנג־אַרבעט. די אַרבעט איז געווען ביים אויפבויען צוריק דעם אויפגעריסענעם בריק איבערן טייך, אויפן שעדלעצער שאָסיי, לעבן שבע־ביילען. מען האָט אויפגעשטעלט הויכע ווענט פון האָלץ און מיר, יינגלעך, האָבן זיי געדאַרפט אָנפילן מיט זאַמד, נישט פאַרשיטנדיק, חלילה, אין דער זייט, — אויף דעם האָט מען געהיטן מיט דייטשער פּינקטלעכקייט. איך בין שוין געווען אַ דערוואָקסענער בחור און האָב, טראָץ דער שווערקייט פון דער לאָפּאַטע, געאַרבעט ווי עס דאַרף צו זיין. לעבן מיר איז, אָבער, געשטאַנען אַ קליין שוואַך יינגל, וועלכער האָט נישט געקאָנט אויפהויבן אפילו די לאָפּאַטאַ, ווייל זי איז געווען גרעסער פון אים אַליין. ווען ער האָט, נישט־ווילנדיק, פאַרשאָטן אַביסל זאַמד אין אַ זייט, האָט ער פון היטנדיקן גראָבן דייטשן אָפיציר, באַקומען אַזאַ שמיץ מיט דער נאַהייקע, אַז דער גאַנצער קאָפּ איז אים מאָמענטאַל געשוואָלן

געוואָרן. זעענדיק דאָס, בין איך ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַנטלאָפן אויפן נאָענטן יידישן בית־עולם אַרויף, און נישט אָפּגעשטעלט זיך, כאָטש דער דייטשער אָפיציר האָט געדראָט מיר נאָכצושיסן. פון בית־עולם בין איך דורכן „טויטן געסל" אַריין צו אבא שניידער, וועלכער האָט מיך באַהאַלטן ביי זיך אויפן בוידעם.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן מיר געגרינדעט אין לאָשיץ די ערשטע אַרבעטער־ביבליאָטעק אופן נאָמען פון בונדישן פירער



דער מאַגיסטראַט און די „קאָזע" אויף שעדלעצער גאַס, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

גראָסער. די טוער דערביי זענען דעמלט געווען: אברהמל ראָזענבוים („שטריקער"), שיע־פאַליק רוזאַל, דוד בעקערמאַן, יאָסל טשאָפּ, משה חכם, אשר קופערשטאָק, ביילע ראָזענצווייג, פייגע מערמעלשטיין און איך. מיר האָבן גענומען זאַמלען ביכער און געדונגען אַ צימער ביי וועלוול באָגאַטש, ווו מיר האָבן אַליין אויפגעשטעלט די שענק און דערעפנט די ביבליאָטעק. מיר האָבן דערביי אַלע געאַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט. די צאָל לייענער איז שנעל געוואָקסן. באַלד האָבן מיר געמוזט דינגען אַ גרעסערן צימער ביי שאַיעצן און דער ביבליאָטעק אַ נאָמען געגעבן „צוקונפט". דאָ האָבן מיר אָנגעהויבן אַ פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט. מיר האָבן אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן, אַ כאָר, טעאַטער־פאָרשטעלונגען פון אַמאַטאָרן. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט רעפערענטן פון דער פרעמד, ווי דוד ניימאַרק און אברהם סלושני פון שעדלעץ. אונדזער איינפלוס אין שטעטל איז כסדר געוואָקסן. די טעאַטער־פאָרשטעלונגען פון

אונדזער ליבהאָבער־קרייז האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. די הויפּט־ראָלן פלעגן דאַן שפּילן העניע־פּייגע גאָלדשטיין, יאָסל גאָלדפאַרב (ברײנע־רחלס) און יאָסל פרידמאַן („באָביק״).

איינמאָל האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן די גאַנצע באַפעלקערונג אויפן מאַרק. נאָכן אַהיימשיקן די פרויען, קינדער און אַלטע לייט, האָבן זיי די איבעריקע ארומגערינגלט מיט זשאַנדאַרמען און אָפּגעשיקט אויף צוואַנג־אַרבעט. איך בין אין דער לעצטער מינוט אַנטלאָפן. די צוואַנג־אַרבעט איז געווען ביי אַזעלכע אוממענטשלעכע באַדינגונגען, אַז אַכט מענטשן זענען פון דעם געשטאָרבן. פיל האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר געלט און דורכדעם זיך געראַטעוועט.

אין דער זעלבער צייט האָט מען מיך אַרעסטירט פאר אומלעגאַלן האַנדל און איינגעזעצט אין „קאָזע״ לעבן מאַגיסטראַט. איך בין דאָרט געזעסן צוזאַמען מיט שמאי אריה־איטשע־נאָטעס. די איבעריקע צוויי תפיסה־קאַמערן האָט מען ביינאַכט אָנגעפילט מיט געכאַפּטע יידן צו צוואַנג־אַרבעט. מיט אַן ארייגעגנבעט צווענגל האָבן מיר ביינאַכט אויפגעבויגן די האַקעס אויף וועלכע די קאַמער־טירן זענען געהאָנגען, אויפגעעפנט אַזויאַרום די טירן און אַלע אַרעסטירטע זענען אַנטלאָפן. די דאָזיקע באַפרייאונג האָט דעמלט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין לאָשיץ און די גאַנצע געגנט האָט לאַנג וועגן דעם גערעדט, לאַכנדיק פון די דייטשן מיט זייער שמירה.

*

ענדלעך האָט זיך די ערשטע וועלט־מלחמה געענדיקט און ס'איז געקומען דער דערוואַרטער שלום. עס איז אַנטשטאַנען אַ פרייע פּוילישע מדינה. באַלד זענען פאָרגעקומען די ערשטע שטאָטראַט־וואַלן. בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע איז אין לאָשיץ געווען לעבעדיק און רוישיק. אונדזער בונדישע אָרגאַניזאַציע איז געווען ספּעציעל טיכטיק. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אַ קאַנדידאַטן־ליסטע, ווו איך האָב פיגורירט אויפן ערשטן אָרט. אויף אונדזערע מיטינגען און דיסקוסיעס מיט די איבעריקע פּאַרטייען האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט בערל גוטמאַן און יאָסקע מינץ. אין רעזולטאַט פון די וואַלן האָט דער „בונד״ באַקומען פיר מאַנדאַטן אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון זעקס, וואָס די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט.

ווען די רויטע אַרמיי האָט אָקופּירט לאָשיץ בעת דער פּויליש־סאָוויעטישער מלחמה אין 1920, האָבן מיר נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ שטעלונג אָנצונעמען צו דער נייער מאַכט. געווען צווישן אונדז עקסטרעמיסטן, וואָס האָבן גערופן צו ענגער מיטאַרבעט מיט די באָלשעוויקעס. ווען מיר זענען איינמאָל, אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, געזעסן אויף אַ זיצונג אין אונדזער לאָקאַל, האָט עמעצער פון די עקסטרעמיסטן אַרויפגעבראַכט אַ רוסישן גענעראַל און

אָנגעוויזן: דאָס זענען די פאָרשטייער פון לאָשיצער אַרבעטער־קלאַס. אויפן אָרט האָט דער גענעראַל פאָרמירט אַ „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט). בערל גוטמאַן איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאָרזיצער, שיע־פאַליק רוזאל אַלס הויפּט פון דער מיליץ און איך — אַלס אַפּראָוויזאַציע־קאָמיסאַר.

מיין קאַנצעלאַריע איז געווען אין מאַגיסטראַט. אַלס מיין פאַרטרעטער האָב איך באַשטימט דעם דענטיסט פוקלער און אַלס סעקרעטאַרן — גדליה לעווין, ביילע ראָזענצווייג און פייגע מערמעלשטיין.

בעת דער קורצער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע זענען אין לאָשיץ פאָרגע־קומען שלום־אונטערהאַנדלונגען צווישן פּוילן און ראַטנפאַרבאַנד. ס'זענען געקומען דער פּוילישער אויסערן־מיניסטער און הויכע באָלשעוויסטישע פירער פון מאָסקווע. איך האָב באַקומען אַ באַפעל צו באַזאָרגן פאַר די אונטערהאַנדלונגען אַ געהעריקן פּלאַץ און צוגרייטן עסן פאַר די הויכגעשטעלטע געסט. איך האָב פאַר דער קאָנפערענץ באַשטימט דאָס הויז פון ברויז־אייגנטימער סאַדאָווסקי. דער גלח האָט מיר געבאָרגט געפעס און גאָפּל־לעפל פאַר די דעלעגאַטן. דעם אָוונט נאָך דער קאָנפערענץ האָט אַ הויכער סאָוויעטישער פירער געהאַלטן אַ רעפעראַט אין לאָשיצער מאַגיסטראַט. אין זיין רעדע איז ער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַנטיסעמיטיזם.

פאַר מיין אַרבעט בעת דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע האָב איך שפּעטער געהאַט אַ פּראָצעס פאַרן פּוילישן געריכט. איך בין באַפרייט געוואָרן אדאנק דער אינטערווענץ און עדות־זאָגן פון פּאָליטישע קעגנער, ווי די ציוניסטן הערשל קאַרטש און בעריש לאַנדוי.

איצל ראַק

## באַגלייטנדיק די „זאַפּאַסנע" אין 1914

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, אין 1914, בין איך געווען אַ קינד פון 6 יאָר. דער מלחמה־אויסברוך און, דער עיקר, דער אָפּפאָר פון די מאָביליזירטע „זאַפּאַסנע" יידן פון לאָשיץ, האָט זיך מיר אַזוי איינגעקריצט אין זכרון, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. בפרט, אַז איך האָב דעמלט געזען צום לעצטן מאָל מיין פאָטער, וועלכער איז דאַן מאָביליזירט געוואָרן און איז אומגעקומען אויפן פראָנט אַלס רוסישער סאָלדאַט.

די מלחמה איז אויסגעבראָכן פּרייטיק, דעם 1־טן אויגוסט 1914, און דער ערב־שבת איז שוין אין לאָשיץ געווען אַ פאַרשטערטער. אין פיל שטיבער, ווי ביי אונדז, האָט מען געוויינט און געקלאָגט.

די מאָביליזירטע האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן אויף מאָרגן, שבת חזון, דעם 2־טן אויגוסט. דער רב האָט פאַרבאָטן די יידישע מאָביליזירטע אַרויסצופאָרן פון שטאָט גופא. באַלד אינדערפרי האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל פאַרזאַמלט צו

תפילה בציבור אין דער גרויסער שיל. אַלע זענען געקומען — מען האָט דאַן נישט געדאַוונט אין קיין באַזונדער שטיבל, אָדער מנין. די „זאַפּאַסנע״ האָבן געהאַט אַן אייגענעם מנין ביי נפתלי שניידער, מיטן נאָמען „אגודת־אחים״. אָבער דעמלט זענען זיי אַלע געקומען אין שיל אַריין. די געוויינען בעתן דאַוונען זענען געווען שוידערלעכע. פרויען און מענער, יונג און אַלט, האָבן פאַרגאָסן טרערן. דער רב האָט געהאַלטן אַ רירנדיקע דרשה און זיך פייערלעך געזעגנט מיט אַלע מאָביליזירטע. באַלד נאָכן דאַוונען, אַרום 10 אַזייגער פרי, האָט זיך דאָס גאַנצע, קאָן מען זאָגן, שטעטל פאַרזאַמלט אויפן בערגל אין דער ביאַלער גאַס לעבן דוד מילנערס ווינט־מיל, כדי צו געזעגענען די מאָביליזירטע, וועלכע זענען פון דאָרט אָפּגעפאָרן אויף פויערישע פורמאַנקעס.

עס זענען אַוועקגעפאָרן קנאַפּע דרייסיק יידישע מאָביליזירטע. איך דערמאָן זיך צווישן די אָפּפאָרנדיקע: יאָסל פאַטקעווער, דער שוואַרצער קסיל, מעלע קאָקע, וועלוול ליסעווער, וועלוול רוזאל, מאָטל קוואַטש, יצחק יאַפּאָנטשיק, וועלוול קאָוואַל, צאַלקע קאָניוך, משה סטורמענשענער, חיים־יוסף קאָניוך, אברהם וואָדע, וועלכע זענען נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען; די, וועגן וועלכע עס איז אָפיציעל געמאָלדן געוואָרן, אַז זיי זענען אומגעקומען: מיין פאָטער אהרן־אלתר שוואַרץ, נאסקע באק, רחל קעצעלעס מאַן און ברכהס מאַן; די וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען אויפן שלאַכטפעלד און נישט צוריקגעקומען: ישראלקע ברייגעס און רבקה־זיסלס מאַן. זיי זענען אוועקגעפאָרן, באַגלייט דורך האַרצריי־סנדיקע געוויינען פון אַלע פאַרזאַמלטע און דער עיקר פון זייערע משפחות. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטוב אַריין פאַריתומטע און מיין מוטער איז געבליבן אַן אלמנה מיט קליינע קינדער.

חיים שחורי בן אהרן־אלתר

## יעקב־איסרס לוויה

די רעליגיעזע אין לאָשיץ האָבן זיך שטענדיק אויפגעפירט לגבי דער פרייער יוגנט איינגעהאַלטענער, ווי אין אַנדערע קליינע שטעטלעך אין דער געגנט. דאָך האָט זיך פון צייט־צו־צייט דערהערט אַ גרילץ, ווען מענס אָפּקלאַנג עס האָט אָפּגעהילכט ווייט אויסער די גרענעצן פון שטעטל.

אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט דער לוויה פון פאַרשטאָרבענעם בונדיסט יעקב־איסר.

אין יענער צייט האָט זיך אין לאָשיץ שוין געפילט דער „בונט פון דער יוגנט״, וועלכע איז אַראָפּ פון די וועגן פון די עלטערן. ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט מען שטודירן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, דיסקוטירן איבער אַטעאיזם און מאַנאָטעאיזם, רעליגיע און קלער. צו איינעם אַזאַ קרייז האָט געהערט יעקב־

איסר. זיין אויפירונג, ווי די אויפירונג פון אַנדערע, וואָס זענען געווען אַנטי־רעליגיעז, האָט זיך געדעקט מיט זיינע איבערצייגונגען. פריי פון רעליגיעזע דאָגמעס, האָט מען שבת גערויכערט אַ פּאַפּיראָסל און געטאָן אַנדערע עבירות. געווען אַ סך אַזעלכע, אָבער דער שווערער גורל איז פּונקט אויסגעפאַלן אויף יעקב־איסרן.

יעקב־איסר האָט חתונה־געהאַט און אין אַ צייט אַרום איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ זון. דער רב פון שטעטל האָט דאַן דערקלערט, אַז מען וועט ביים טאַטן דעם „בעל־עבירהניק", נישט מל זיין דעם זון... יעקב־איסר האָט זיך נישט געפוילט, גענומען אַ פּאָר שטיינער און אויסגעהאַקט די שויבן ביים רב (גאָרנישט ווי אַ היינטצייטיקער בונדיסט און אַטעאיסט...). מען האָט דאָס קינד מל געווען און דאָס שטעטל האָט דעם גאַנצן ענין, מילה און שויבן־האַקן, שנעל פאַרווישט, דערשטיקט צווישן זיך, כדי עס זאָל נישט דערגיין צו דער מאַכט. מען וואָלט דעם ענין אויך גיך פאַרגעסן, ווען עס וואָלט מיט יעקב־איסרן נישט געשען אַן אומגליק — ער איז אַ קורצע צייט שפּעטער געשטאָרבן בעת אַ טיפוס־עפּידעמיע.

די רעליגיעזע האָבן באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין אין טויטן — באַגראָבן אים ביים פּלויט. מען האָט פּשוט נישט געגלויבט, אַז די לאָשיצער פרומע זענען פעאיק צו אַזאַ שריט. „פאַרוואָס קומט דאָס אים?" — האָט מען געשריגן אין שטעטל — „ער איז דאָך געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט!..." דער „בונד" אין שטעטל האָט דעם שריט דערקלערט אַלס „אַנגריף אויף די, וואָס ווילן נישט גיין אין שפּאַן פון קלער און אַ ווילן אָפּצושרעקן די יוגנט, וואָס איז נישט רעליגיעז". דער „בונד" האָט, אומדירעקט, געמאַכט וועגן דעם איינציקע ווענדונגען צו דער חברה קדישא, אָבער אַלע ווענדונגען זענען געווען אומזיסטע. דאַן האָט דער „בונד" באַשלאָסן אליין צו מאַכן די לוויה און לייגן יעקב־איסרן דווקא אויף אַ שיין אָרט פון בית־עולם.

מיר, היינט, קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן דעם רושם, וואָס עס האָט געמאַכט אין שטעטל דער באַשלוס פון „בונד". עס איז דאָך געווען מיט קנאַפּע פופציק יאָר צוריק. קינד־און־קייט האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. אין קיין שום לוויה פריער און אויך שפּעטער, איז נישט געווען אַזוי פיל מענטשן, ווי אויף דער לוויה פון יעקב־איסרן. עס האָט זיך געפילט אַן אינערלעכער שטילער פּראָטעסט פון דער מערהייט יידן אין שטעטל קעגן באַשלוס פון די רעליגיעזע.

צוליב די קלאַנגען, אַז די חברה קדישא גרייט זיך אַרויסצונעמען דעם טויטן פון קבר און אים איבערטראָגן צום פּלויט, האָט דער „בונד" אָוועקגעשטעלט טאָג־און־נאַכט אַ וואַך ביים קבר. קיינער האָט זיך אָבער נישט פאַרגעשטעלט אויף וואָס די שטעטלדיקע קנאים זענען פעאיק. דאָס שטעטל איז אויפגערודערט געוואָרן — דייטשע זשאַנדאַרן מיטן קאָמענדאַנט בראש זענען געקומען אויפן בית־עולם אויספירן דעם ווילן פון די רעליגיעזע.

איך בין דאַן אַלט געווען פערצן יאָר, און וואָס קאָן אייגנטלעך אַ פערצן־יאָריק קינד פאַרשטיין אין אַזעלכע ענינים? ס׳איז אָבער געגנוג דאָס וואָס איך האָב

געזען און פאַרשטאַנען, אַז נאָך היינט זאָל מיר אַדורכנעמען אַ ווייטיקדיקער ציטער, ווען איך דערמאָן זיך אין יענע מינוטן. פון איין זייט קבר זענען געשטאַנען: דער דייטשער קאָמענדאַנט, אַן אָנגעפּרעסענער יעקע, בראש פון אַן אָפּטיילונג זשאַנדאַרן, דער רב פון שטעטל, די חברה קדישא און אַנדערע כלי־קודש. פון דער צווייטער זייט: די חברים פון „בונד", מיט אברהמל שטריקער בראש. און אינמיטן, אין קבר, איז שוין געלעגן זייט אַ פּאָר טעג אַ מענטש, וועלכן מען האָט, לויט אַלע געזעצן, סיי פון מענטשלעכן, סיי אפילו פון רעליגיעזן שטאַנד־פּונקט, געדאַרפט לאָזן צורו. דער רב וויל, אָבער, דווקא, אַז מען זאָל דעם טויטן אויסגראָבן, אַרויסשמייסן און ער פּרווווט דאָס, מיט זיין יידישן „דייטש", אויספּועלן ביים יעקע. אָבער... דער דייטשער קאָמענדאַנט האָלט אַנדערש: נאָך וואָס זאָל מען נעמען אַ מענטשן, וואָס ליגט שוין אַ פּאָר טעג אין קבר און אים אויסגראָבן און איבערפירן אויף אַ צווייטן פּלאַץ? — פאַרשטייט ער נישט. און זיין אורטייל איז טאַקע געווען: לאָזט אים רוען, ווו ער ליגט...

יוסף פרידמאַן (יאָסל באַביק)

## ה„מחלל־שבת" מובא לקבר ישראל

מעשה זה קרה כשנה לפני פרוץ מלחמת העולם הראשונה.

בעיירה שלנו גר אז יהודי בשם יעקב־איסר. הוא היה מחלל־שבת בפרהסיה, מעשן בשבת, אוכל טריפות. היו אז בלושיץ עוד אנשים חופשיים, —אבל עשו מה שעשו בצנעה, וחו"ח שהרב דמתא יראה או ידע מזה. אבל יעקב־איסר עשה הכל כך — שכולם יידעו ויראו...

ויהי היום ויוולד לו בן. חשבו שהוא לא ימול את בנו — אבל קרה ההיפך: יעקב־איסר הלך אל הרב וביקש שימולו את בנו. אך הרב אמר: לאו... דרש שיחזור למוטב, אז ימלו את בנו. יעקב־איסר לא עבר בשתיקה על כך ובשבת שיבר את כל השמשות בדירת־הרב.

טקס הברית התקיים בזמן — רצו רק להפחיד את יעקב־איסר.

לא עבר זמן רב ואותו מופקר להכעיס מת. אנשי החברה קדישא, על דעת „הקהילה", היקצו לו מקום ליד הגדר. אבל ידידיו לא הסכימו לזה. הם ערכו את הלוויה לבדם. עשו לו טהרה לפי הדין וחפרו בשבילו קבר ליד ה„אוהל" של הרבי, שהיה מיועד למקום קבורה רק לאנשים חשובים ביותר. באו אנשי החברה־קדישא ורצו להוציא את הגוויה מהקבר ולהעבירה למקום אחר. אבל מקורביו של הבר־מינן שמרו על הקבר יומם וליל. פרצו מריבות ומכות ואף דם נשפך.

היה זה בימי מלחמת־העולם הראשונה. הגרמנים משלו בעיר. הביאו לבית־העלמין את מפקד־העיר הגרמני, וסיפרו לו מה קרה. אבל הוא פסק: אם בן־אדם שוכב כבר בקברו — אסור לטלטלו.

במעמד זה היו סביב לקבר כמעט כל יהודי העיר. ביניהם היתה אלמנה

אחת, שהקבר החדש נכרה ליד קבר בעלה המנוח. כשהיא שמעה את פסק־הדין של המפקד, השתטחה, בפני כל עם ועדה, על קבר בעלה וקראה:
„משה אפרים, איך בעט דיך, זאָלסט זיך נישט חברן מיט אים, זאָלסט זיך נישט לאָזן אָנכאַפּן ביי די פּאָלעס דורך דעם חזיר־פּרעסער!...״

חיים זינגר

## איין יאָר מיטן אַלטן חזן

ווען איך האָב גענומען פּאַרשטיין וואָס עס איז אַזוינס נגינה, איז דער אַלטער חזן שוין געווען אין טיפן עלטער. אַ גרויאינקער פלעגט ער מיט דראָבנע טריטלעך, מיט אַן אָנשפּאַר־שטעקן אין האַנט, אַרומשפּאַצירן איבערן שטעטל און זוכן... זוכן, אפשר וועט ער דאָך געפינען עפּעס אַ יונג שטימעלע צווישן די קליינע ווייסע־חברהניקעס, פון וואַנען ער פלעגט שטענדיק שעפּן אַ גרויסן טייל פון די פרישע זינגער־כוחות, ווען ס׳פלעגן זיך דערנענטערן די ימים־נוראים. ווען קיין פריש סאָפּראַנדל, אָדער אַלטל האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו געפינען, איז זיין איינגעבויגענער קערפּער נאָכמער איינגעבויגן געוואָרן — פון גרויס צער און ווייטיק וואָס אים וועט אויסקומען צו דאַווגען אָן פרישע כוחות.

כאָטש זיינע מעלאָדיעס זענען נישט געווען קיין נייע, פלעגט דאָך דאָס שטעטל וואָכנלאַנג לעבן אונטערן איינדרוק פון זיין דאַווגען. איך ווייס נישט צי האָט דער אַלטער חזן געקענט אָדער נישט געקענט קיין נאָטן; איך ווייס, אָבער, אַז צו אָרגאַניזירן אַ כאָר און אָנצופירן מיט אים, איז ער געווען אַ קינסטלער.

ער איז שטענדיק געווען אַ גרויסער קבצן; דאָך איז דער דרך־ארץ פאַר אים געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. דאָס שטעטל האָט זיך ממש געשפּיגלט אין זיין באַזילבערטן קאָפּ און אין זיין נאָכמער־באַזילבערטער באָרד.

מיר איז אויסגעקומען אַ פאַר יאָר צו זינגען מיט יצחק שוחט, שחרית, און מיט איטשע־מאיר רוזאַל, מוסף. איך וועל, אָבער, ביז מיינע לעצטע מינוטן געדענקען דאָס איינציקע יאָר וואָס איך האָב געזונגען מיט אים, מיטן אלטן חזן.

כל נדרי. אין בית־המדרש איז שטיל. אַ פחד שוועבט אום אין יעדן ווינקל. מיט צעווייטיקטע הערצער און פאַרטרערטע אויגן, ווענדן די יידן זייערע בליקן דאָרט־אַהין, ווו עס דערנענטערט זיך צום עמוד מיט זיינע דראָבנע טריטלעך דער אַלטיטשקער חזן.

מיך, דעם סאָליסט און יינגסטן צווישן די משוררים, האָט דער חזן אַוועקגע־שטעלט לעבן זיך. איך האָב געפילט ווי דער אויסגעטרוקנטער קערפּער פון אַלטיטשקן חזן ציטערט; איך האָב נישט פאַרשטאַנען די סיבה פון זיין ציטער, — צי האָט ער מורא געהאַט, אַז אונדזער נגינה וועט נישט אָנגענומען ווערן, אַז מיר וועלן נישט זוכה זיין אויסצובעטן אַ גוט יאָר פאַר די יידן אין שטעטל?... אָדער אפשר האָט ער געהאַט דעם פאָרגעפיל, אַז דאָס איז זיין לעצטער כל־נדרי...

איך, אַליין אַ פּאַרציטערטער פונעם ערשטן כל־נדרי־אָוונט צווישן אַ כאָר, האָב געקוקט דעם חזן גלייך אין פּנים אַריין. יעדע באַוועגונג זיינע האָט געמאַכט אויפציטערן מיין גאַנץ וועזן; ביז זיינע גרויסע גרויע ברעמען האָבן זיך אויפּ־געהויבן און פון הינטער זיי האָב איך דערזען אַ פּאָר צערטלעכע אויגן, אין וועלכע עס פינקלען טרערן. אַזעלכע אויגן פלעג איך נאָר זען ביי מיין מאַמען, ווען זי פלעגט שטיין איבער מיין בעטל, וווּ איך בין געלעגן אַ צעפּלאַמטער אין פיבער. איך ווייס נישט ווי לאַנג דעם חזנס בליק האָט אָנגעהאַלטן, — פאַר מיר זענען דאָס געווען אייביקייטן.

איך האָב שוין אין מיין לעבן געהערט אַ שפּאָר ביסל גוטע חזנים און אָפּערע־זינגער. זייערע שטימען זענען זיכער געווען בעסערע, ווי די שטימע פון אונדזער אַלטן חזן; די אויגן, אָבער, וואָס איך האָב געזען אין יענעם כל־נדרי־אָוונט — האָב איך קיינמאָל ביי קיינעם נישט געפונען...

ווי אַזוי האָט דער אַלטער חזן, וועלכער האָט שוין געהאַט אויפגעגעבן יעדע האָפענונג יענץ יאָר צו ברענגען עפּעס נייעס צום עמוד, מיך דאָך געפונען?

קיין לאָשיץ איז געקומען אויף אַ באַזוך דער מעזריטשער רבי, וואָס איז געווען אַ גרויסער בעל־מנגן. ער איז איינגעשטאַנען ביי גרשון גאָדלס, וואָס האָט געוווינט לעבן אונדז. מיר האָבן דאַן געוווינט ביים געלן שניידער. פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען דער רבי האָט זיך געגרייט מקבל־שבת צו זיין, זענען אַלע צימערן ביי גרשון־גאָדלס געווען אָנגעשטאָפּט מיט יידן. איך האָב געפּרוווט מיט אַלע מיינע כוחות זיך אריינבאַקומען אינעווייניק, כדי צו זען און הערן דעם רבין. אָבער יעדעס מאָל, ווען איך בין שוין געווען נאָענט צום ציל, האָבן מיך אָנגעכאַפּט אַ פּאָר אַנדערע שטאַרקע הענט און צוריקגעטראָגן, אַזוי לאַנג, ביז — איך בין געלעגן אַ צעקלאַפּטער אויפן הויף. ס'איז מיר געבליבן איין אויסוועג — ארויפצוקריכן אויפן פלויט אַנטקעגנאיבער דעם רבינס פענצטער און פון דאָרט זיך אָנצוטרינקען מיטן זאַפטיקן ניגון פון דעם מעזריטשער רבינס „שלום־עליכם". דעם זעלבן „שלום־עליכם" האָב איך באַשלאָסן אויפצוזינגען פאַר מיינע חברים און דאָס — אין בית־מדרש, גלייך אויף מאָרגן, שבת בייטאָג, ווען קיינער איז דאָרט נישטאָ.

ביז היינט ווייס איך נישט ווי אַזוי דער אַלטער חזן האָט זיך דערוווּסט. אַז איך גיי געבן אַ „קאָנצערט". איך ווייס נאָר, אַז ווען, נאָכן באַווייזן מיינע חברים ווי גוט איך מאַך נאָך דעם מעזריטשער רבינס נגינה מיט אַלע טרעלן, מיר האָבן געוואָלט אויפמאַכן די טיר — איז מיט אַ צוגעלייגטן אויער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דער בית־מדרש־טיר, דער אַלטער חזן... און פון דאַן אָן האָט ער מיך ווי פאַרכישופט. ער האָט מיך נאָך מעריב מיטגענומען צו זיך אַהיים.

— ברײנדל! — האָט ער מיט שמחה גערופן צו זיין פרוי, עפענענדיק די טיר — שטעל דעם סאַמאָוואַר! דו זעסט, מיר האָבן היינט אַ גאַסט, דאָס איז הערצקעס זונעלע.

ער האָט געריבן האַנט־אין־האַנט פאַר נחת און איך האָב מיט דערשטוינונג

געהערט ווי ער רעדט שטיל, ווי צו זיך אַליין: „איי, סאַראַ שטימעלע... די יידן אין לאַשיץ וועלן דאָס יאָר האָבן אַזוינס און אַזעלכעס...״

ווען דעם חזנס פרוי האָט דערלאַנגט טיי און דער אַלטער האָט מיר צוגערוקט די גלאָז, אריינוואַרפנדיק צוויי שטיקלעך צוקער (צו וואָס איך בין קיינמאָל נישט געווען געוווינט...) — האָב איך זיך דערפילט שטאָלץ, ווי קיינמאָל נישט פריער.

עס זענען אַוועק וואָכן פון שווערער אַרבעטביים צוגרייטן זיך צו דער הייליקער עבודה. יעדן אָוונט, נאָכן זינגען, פלעגט מיך דער חזן אַרומוויקלען פון אַלע זייטן, איך זאָל זיך, חלילה, נישט צוקילן. ווען עס האָט זיך, אָבער, דערנענטערט יום־כיפור, זענען מיר געוואָרן אַלץ מער באַזאָרגט וועגן זיין געזונט. כאָטש ער איז געווען זייער שוואַך, סיי פון אַלטקייט און סיי פון אָנגעשטרענגטקייט, האָט ער דעם גאַנצן מעת־לעת געפאַסט, ווען מיך האָט ער, דאַקעגן, געצווונגען יאָ עפּעס איבערצוכאַפּן. זיין שוואַכער אָרגאַניזם האָט זיך דעם יום־כיפור אַ וואַקל געטאָן און ביי נעילה האָבן מיר אים, אַ פאַרחלשטן, אָפּגעפירט אַהיים.

מער האָט דער אַלטער חזן שוין נישט געזונגען.

נאָך זיין טויט איז קנאַפּע פיר צענדליק יאָר זיין אָרט געבליבן ליידיק. בעת אַ קאָנקורס אויף אַ שטאָט־חזן זענען אפילו אַ שפּאָר ביסל גוטע חזנים אויפגע־טראָטן אין לאַשיץ, אָבער קיינער האָט נישט זוכה געווען צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון אַלטן חזן, וועמענס נגינה עס באַגלייט מיך ביז היינט און וועט מיך באַגלייטן ביז מיינע לעצטע טעג...

יוסף פרידמאַן

## אָרעם און רייך

איך בין נאָך געווען אַ יונג מיידל, ווען איך האָב פאַרלאָזט לאַשיץ. אָבער דאָס בילד פונעם שטעטל איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון און ליב, ווי ס׳איז יעדן ליב און טייער זיין קינדהייט און יוגנט.

עס דערמאָנען מיר זיך די שפּאַצירן קיין „פּאָלינאָוועס״, וווּ אַלע, אָן אונטערשייד, האָבן געשעפּט פרישע לופט און גערוט אויף דער גראָז אונטער דיביימער אַרום קוואַל. אויף די גאַסן פון שטעטל איז אָבער געווען אַן אונטערשייד צווישן אָרעם און רייך. עס זענען געווען אָרעמע געסלעך און רייכע גאַסן... און די קינדער פון רייכע און אָרעמע היימען האָבן זיך אונטערשיידט אויף די גאַסן, נישט אויסגעמישט זיך, און נאָר זעלטן זיך געחברט. אָט די דאָזיקע „נאַטירלעכע געזעצן״ האָבן, ווייזט אויס, אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער געבוירנשטעטל... איך האָב געהערט צו אַן אָרעמער, אַרבעטנדיקער משפחה. ווען מיר האָבן שפּאַצירט אויף איין גאַס — די ביאַלער, דוכט מיר — האָבן זיך די רייכע קינדער פאַרקליבן צו דער שעדלעצער גאַס, מיט די בריקן. גאַנצע „קאַמפן״ געדענק איך צווישן אָרעמע און רייכערע קינדער, בעתן באָדן זיך אין

„גאַי״. מען האָט זיך קעגנזייטיק באַשפּריצט, באַוואָרפן מיט בלאָטע, געדראָט מיט „דערטרינקען״...

איך ווייס נישט, ווי עס איז געווען אין בית־מדרש. מיין טאַטע פלעגט שבת צוריקקומען פון דאַוונען אַ צעזונגענער און פריילעכער, בפרט ווען מ׳האָט אים דאָרט צוגעלאָזט צום עמוד. ער האָט דאָרט, זעט אויס, נישט געפילט זיין אָרעמקייט...

דער נאַצישער צורר האָט אַלעמען אויסגעמישט, קיין אונטערשייד נישט געמאַכט צווישן אָרעם און רייך אין שטעטל — אַלעמען צוזאַמען אומגעבראַכט.

צפורה גראבער־קויפמאַן

# א פּאָגראָם-בלבול

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין לאָשיץ, ווי אין גאַנץ פּוילן, געלאָזט פילן אַ שטאַרקער אנטיסעמיטיזם. די ענדעקישע אַנטיסעמיטיש־רעאַקציאָנערע פּאַרטיי איז געווען שטאַרק טעטיק אין שטעטל און אָנגעטאָן די יידן פיל צרות.

אין יאָר 1938 איז איינמאָל פּאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט שיעור דערפירט צו אַן אמתן פּאָגראָם. דער חזירניק גאַברילוק, אַ באַקאַנטער שונא־ישראל, האָט אָנגעשיכורט אַ קריסטלעכן בחור און אים אַרויסגעשיקט אין מאַרק צו פּאַרטשעפּען אַדורכגייענדיקע יידן, ספּעציעל פרויען. ווען ער האָט פּאַרטשעפּעט יאָסל־זישקעס אַ זון, האָט דער לעצטער געכאַפּט אַ פלאַש און מיט איר דערלאַנגט דעם אָנפאַלער אין קאָפּ אַריין און אים פאַרוווּנדעט. אויף דעם האָבן געוואַרט גאַברילוק מיט זיין באַנדע. צום בלוט־פלעק אויפן מאַרק האָט מען צוגעמישט רויטע פאַרב און נישט געלאָזט עס אָפּוואַשן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם־העצע. באַלד האָט מען געוואָרפן שטיינער אין יידישע הייזער אַריין און עס זענען אויסגעהאַקט געוואָרן פיל שויבן.

די לאַגע איז געווען זייער אַן ערנסטע. אויף מאָרגן, מיטוואָך, האָט געדאַרפט פּאָרקומען אַ יאַריד. עס זענען קיין לאָשיץ דערגאַנגען ידיעות, אַז מען העצט די פּויערים אין די נאָענטע דערפער, רופנדיק צו „נעמען נקמה אין די יידן פאַרן פאַרגאָסענעם קריסטלעכן בלוט״ און מען גרייט זיך צו פאַרוואַנדלען דעם יאַריד אין אַ בלוטיקן פּאָגראָם.

מען האָט צווישן די יידן שנעל צונויפגענומען געלט און מעלע גרינבערג מיט מאיר קראַקאָוויאַק זענען אַוועקגעפאָרן קיין שעדלעץ אינטערווענירן ביים סטאַראָסטע. פאַר אַ גרויסן שוחד זענען געשיקט געוואָרן פון שעדלעץ אַ קאָמיסאַר מיט אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג. זיי האָבן פאַרופן די העצער און זיי געוואָרנט, אַז זיי וועלן טראָגן די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די געשעענישן און אין דער לעצטער מינוט איז דער פּאָגראָם אויסגעמיטן געוואָרן.

אהרן פרעטער

# אין „מרתף־השואה״ אויפן הר־ציון אין ירושלים



בעתן אַנטהילן די אָנדענק־מצבה נאָך דער לאָשיצער קהילה אינעם „מרתף־השואה״ („קאַטאַסטראָפע־קעלער״) אויפן הר־ציון אין ירושלים, שטייען, פון רעכטס אויף לינקס, די לאַנדסלייט: שלמה קאַרשנשטיין, שלמה רובינשטיין, הערש־טרייטל אָקסענהאָרן, יואל־דוד פרידמאַן און פלטיאל־דוד גרינבערג




בעת דער זעלבער צערעמאָניע, פון רעכטס אויף לינקס : רחל האָכמאַן, אברהם ליבערמאַן, שרה רוזאל, אריה ליבערמאַן, אַן אומבאַקאַנטער, איצל ראַק, יעקב פרידמאַן, לאה קאַנעלשטיין, אברהם בער, אברהם שיינקינד, מנחם רוזאַל

# געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג

## שוסטעריי און פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

איך בין אַוועק פון לאָשיץ נאָך אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק יונגן עלטער, דווקא אין דער צייט, ווען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז דאָרט געווען אין פונאַנדערבלי און געגאַנגען באַרג־אַרויף. איך האָב אָבער פריער געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו שטיין ביים געבורט פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט־לעכער באַוועגונג אין אונדזער גע־בוירן־שטעטל און מיט מיינע באַ־שיידענע כוחות צוגעהאָלפן אין דער טעטיקייט, דער עיקר אין דער פּראָפע־סיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט אין לאָשיץ פאַרשריבן ערלעכע בלעטער פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף.



חיים־איצל גאָלדשטיין

עס איז שווער צו שרייבן געשיכ־טע פון יענער צייט, נישט האָבנדיק פאַר זיך קיין שום אַרכיוו־מאַטעריאַלן, אָדער דאָקומענטן — מיינע שורות זענען דעריבער מער זכרונות, דערינערונגען פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען, אָדער באַאָבאַכטונגען, און מעגלעך אָפּט, פון ריינעם געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט גע־נומען, נישט גענוי און אפילו טעותדיק. צו אונדזער ווייטיק, זענען זייער ווייניק געבליבן פון די, וועלכע קאָנען אויפשטעלן אַ מער־גאַנץ, מער־אַרומנעמענדיק און מער־ריכטיק בילד פון די איבערגעלעבטע געשעענישן. געווען דעמלט טעטיק אין לאָשיץ אַ גאַנצע ריי ערלעכע, פּשוטע און האַרציקע פאָלקס־מענטשן און אַרבעטער. זיי האָבן אַלע אָפּגעגעבן זייערע יונגע כוחות און זייער ענטוזיאַזם, כדי צו העלפן אַנטוויקלען אונדזער שטעטל עקאָנאָמיש און קולטורעל, אריינ־ברענגענדיק פרישן גייסט, פריש לעבן אין די פינצטערע געסלעך. זאָלן די שורות פאַראייביקן זייער מי און בלייבן פאַר זיי אַן אָנדענק לדורות.

פון דער פריסטער קינדהייט מיינער געדענק איך דעם גרויסן מאַרק־פּלאַץ אינמיטן פון שטעטל. דאָ זענען פאָרגעקומען די יאַרידן און מאַרק־טעג, וועלכע זענען געווען אויפלעב־טעג נישט בלויז פאַר די סוחרים און בעלי־מלאכהס, נאָר אויך פאַרן קליינוואַרג פון גאַנצן שטעטל. אין די דאָזיקע טעג פלעגן די יידן אָפּדאַווענען פריער ווי שטענדיק אוןֹ שנעל קומען אויפן מאַרק מיט ליידיקע זעק, אָפּוואַרטן די אָנקומענדיקע פויערים פון דער סביבה. אין גרויעם פרימאָרגן פלעגן אָנהויבן קומען פורלעך פון די אַרומיקע דערפער. זיי פלעגן ברענגען, ווער אַ פּערטעלע קאָרן צי ווייץ, ווער אַ קערצל קאַרטאָפל, אַ זעקל ציבעלעס, צי גאָר אַ יונג קעלבל אויף פלייש; אַנדערע פלעגן שלעפּן, צוגעבונדן פון הינטן צו דער פור, אַ יונג זשרעבעקל צו פאַרקויפן, אָדער אַן אויסגעדאַרטע קו, וואָס האָט אויפגעהערט געבן מילך און עס האָט זיך פאַר איר געעפנט דער לעצטער וועג — צום יידישן שעכטהויז.

מען האָט אָפּגעקויפט ביי די פויערים אַלץ און פון דעם געצויגן די בידנע חיונה. אָבער וואַרטנדיק אַזוי אויף די פויערים, צווישן איין קניה און דער צווייטער, האָט מען געכאַפּט אַ שמועס צווישן זיך; דערציילט אַ גוט וואָרט פון רבין; פאַרענדיקט אַ גמרא־פּשטל, וואָס מען האָט אָנגעהויבן אַן אָוונט פריער צווישן מנחה און מעריב; און טאַקע אַביסעלע פּאָליטיק, אויף היימישן שטייגער, האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט. ביי דעם אַלעמען האָט מען שטענדיק געזיפצט אויף די שלעכטע צייטן. און שטענדיק איז געווען פאַרוואָס צו זיפצן, ווייל קיין גוטע צייטן האָבן די דאָזיקע יידן קיינמאָל נישט געהאַט... דאָך האָט מען די געשפּרעכן שטענדיק געענדיקט מיט ווערטער פון בטחון און האָפענונג — „ה׳ ירחם”, גאָט וועט העלפן...

אינמיטן דאָזיקן מאַרק איז געווען דער „ראַט” מיט געוועלבער. אָבער אויך אַרום־און־אַרום, אין אַ ברייטן בויגן, האָבן זיך געצויגן געוועלבלעך, געדיכט, צוגערוקט איינס צום צווייטן — מאַנופאַקטור, גאַלאַנטעריע, אייזנוואַרג, שפּייז, שענקען; און צווישן זיי — בעל־מלאכהשע וואַרשטאַטן, היטלמאַכער, שניידערס, שוסטערס; אַ פּאָר בעקערייען. אין די געוויינלעכע טעג פלעגן די קרעמער מערסטנס זיצן אויף די בריקלעך לעבן די קראָמען — אויסקוקן אַ קונה. נאָר אין מאַרק־ און יאַריד־טעג פלעגט זיין לעבעדיקער, רוישיקער.

אין די זייטיקע געסלעך, ווי די מעזריטשער גאַס, די ביאַלער, נאָטעוויזנע, אָדער טויטע־געסל, האָבן געוווינט די אָרעמסטע פון שטעטל: שוסטער, דאָרף־שניידער, מלמדים, שלאָסער, מוליער, צי דאָרף־גייער. אין האַלב־איינגעפאַלענע הילצערנע כאַטקעס, באַדעקט מיט שטרויענע דעכער, האָט געוווינט דאָס שטעטלשע אָרעמקייט. אַ שרעקלעכע נויט האָט געהערשט אין די דאָזיקע הייזקעס. אַרבעט איז געווען ווייניק. דעריבער איז נישט נאָר קיין פלייש נישט געווען אין די דאָזיקע שטיבלעך, נאָר אויך שוואַרץ ברויט צו דער זעט — גאַנץ זעלטן.

פלוצלינג, דוכט מיר, איז דאָס געשען, אַ שטיקל צייט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — די געגריוועטע שוסטערײַ האָט אַרויסגעצויגן דאָס שטעטל פון נויט. מעכאַנישע, אָדער געגריוועטע שוסטערײַ, האָט מען דאָס גערופן. ווי מיט איינמאָל איז אויסגעוואָקסן אין לאָשיץ אַ פאַרצווייגטע שוסטער־אינדוסטריע. פון וואַנען און ווי אַזוי דאָס האָט זיך גענומען אין שטעטל אַריין, ווייס איך נישט. מען האָט גענומען אַרבעטן פאַר דער רוסישער אַרמיי, כאָטש לאָשיץ איז נישט געווען קיין שום סטראַטעגישער פונקט, קיין מיליטערישער גאַרניזאָן איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען; מען האָט גענומען עקספּאָרטירן שיך



אין אַ שוסטער־וואַרשטאַט אין לאָשיץ, אין 1925, אויף דער מעזריטשער גאַס, אין הויף פון יצחק שלאָסער. פון לינקס אויף רעכטס: הערש־לייב שפּאַקיער, נאָסקע שמואל־אברהמס, יצחק אָקסענהאָרן, זעליג נוסבוים, זלמן שמעונס, דבטשע בנימין־גרעבערס, חיים זינגער, הערש־לייב דער שעדלעצער, שעפּסל וואָדע („דאָוווּדזשטווע"), דן. אין פענצטער קוקט אריין יצחק שלאָסערס אַ זון

אין ווייטע געגנטן פון גרויסן רוסלאַנד, כאָטש קיין באַן־ליניע האָט נישט דורכגעשניטן דאָס שטעטל און צו דער נאָענטסטער סטאַציע, ניעמאָיקי — ניעמיק, ווי מען האָט עס יידישלעך גערופן — איז געווען אַ מהלך פון פינף קילאָמעטער. אין לאָשיץ זענען אפילו נישט געווען קיין גאַרבאַרניעס אויסצו־אַרבעטן לעדער, וואָס מען האָט טאַקע געמוזט ברענגען פון דער פרעמד.

די פריש־צעוואַקסענע אינדוסטריע האָט פשוט געענדערט דעם אויסזען פון שטעטל.

פאַבריקלעך האָבן זיך געמערט פון טאָג־צו־טאָג. מען האָט גענומען פאַרדינען. צום ערשטן מאָל אפשר אין דער געשיכטע פון שטעטל: אַ מאַנגל אין אַרבעט־

הענט. טאַטעס האָבן אַרויסגענומען פון די חדרים נאָכנישט גאַנץ־אויפגעוואָקסענע קינדער און זיי געפירט אין די הינטער־געסלעך, שנעל אויסלערנען האַקן די קליינע אייזערנע שטיפטן, אָדער שניידן אָפּצאַסן — ווערן געגריוועטע שוסטערס.

שטראַלן ליכט האָבן זיך אַריינבאַקומען אין די ענגע שטיבלעך פון די שמאָלע בלאָטיקע געסלעך. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך געהערט דאָס שנעלע געקלאַפּעריי פון די העמערלעך, באַגלייט דורך אַ מוטיק געזאַנג — מען האָט געזונגען וועגן אַרבעט און בענקנדיקער ליבע. פון דער נאָטעוויזנע און פון טויטן־געסל, פון „דונאַי" און פון הינטער־דער־שיל, האָבן זיך געטראָגן די פאָלקס־סטראָפן:

„העמערל, העמערל קלאַפּ,
שלאָג שטאַרקער אַ טשוואָק נאָך אַ טשוואָק,
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס..."

אברהם רייזינס ליד איז געוואָרן ווי אַ הימן ביים שוסטערישן לאָשיץ.

דאָס פאַך האָט זיך אָן אויפהער אויסגעשפּרייט. די גאַנצע דעמלטיקע יוגנט, וועלכע איז געוואַקסן אָן אַ פּערספּעקטיוו פאַר דער צוקונפט, געלעגן ביי די אָרעמע עלטערן און שטענדיק צוגעהונגערט, האָט פּלוצלינג דערזען פאַר זיך אַן אויסוועג, און זיך מיט ברען אַ כאַפּ־געטאָן צו דער אַרבעט. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט דאָס פאַך אַרומגענומען אַ באַדייטנדיקן טייל פון די שטעטלדיקע יידן. די געסלעך האָבן באַקומען אַן אַנדער אויסזען — זיי זענען ווי אָנגעפּילט געוואָרן מיט לעבן. מען איז אַוועק פון דער גמרא אין וואַרשטאַט אריין. זיידענע יונגעלייטלעך און איידעמס אויף קעסט האָבן זיך פאַרשעמטערהייט, אין די געהאַקטע קאַפּאָטקעס און אַטלאַסענע קליינע היטעלעך, שטיל אַראָפּגעכאַפּט אויף נאָטעוויזנע זיך צו לערנען דאָס נייע פאַך — זיין אַ שוסטער איז געוואָרן אויס שאַנד.

שבת האָט מען אָנגעהויבן זען אויף די שפּאַצירן, נאָך אַ שווערער וואָך אַרבעט, אַ פריילעכע, זאַטע יוגנט, בעסער געקליידעט, און זי האָט מיט איר פריידיקן געפילדער מיטגעריסן אַלט און יונג.

מיט איין וואָרט — גאַנץ לאָשיץ האָט געגעסן צו דער זעט.

*

די גאַנצע אויסאַרבעטונג איז געגאַנגען פאַרן ברייטן אָפּזאַץ־מאַרק פון דעמלטיקן רוסלאַנד. רוסישע סוחרים פון ווי־ווייט פלעגן קומען קיין לאָשיץ קויפן די שיך. די יידישע שיך־פאַבריקאַנטן פון לאָשיץ האָבן גענומען אַרומפאָרן געשעפטלעך איבער דער גרויסער צאַרישער אימפּעריע. דאָס שטעטל האָט אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער ברייטער וועלט.

דער קאָנטאַקט איז אָבער נישט געבליבן נאָר אַ ווירטשאַפטלעכער. אויך דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז, וואָס האָט געשטורעמט אין דעמלטיקן רוסלאַנד, האָט זיך געכאַפּט אין לאָשיץ און געבראַכט מיט זיך נייע ווינטן, נייע האָפענונגען, נייע סאָציאַלע פֿאָדערונגען און נייע קולטור־באַדערפֿענישן גלייכ־צייטיק. די וועלדלעך און די לאָנקעס אַרום שטעטל, וואָס פֿלעגן דינען פֿאַר דער יוגנט אויף די שבתדיקע שפּאַצירן, האָבן גענומען באַנוצט ווערן פֿאַר געהיימע פֿאַרזאַמלונגען פֿון יידישע אַרבעטער, פֿאַר רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. שטיל, אין האַלבן שעפּטשען, זענען דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן „מאַסוווקעס", לעקציעס, רעפֿעראַטן, פֿאַרגעקומען הייסע דיסקוסיעס. אין לאָשיץ האָבן זיך באַוויזן געהיימע בלעטלעך און אומלעגאַלע, האַלב־לעגאַלע און אויך די נייע לעגאַלע ליטעראַטור, אין רוסיש און יידיש. מען האָט גענומען לייענען, לערנען זיך.

עס זענען געקומען מצד דער שוסטער־יוגנט די ערשטע פֿאָדערונגען פֿאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען. דאָס איז, אמת, געשען אויף אַ נישט־אָרגאַניזירטן אופֿן — מען האָט אָבער דערפֿילט אין שטעטל סימנים פֿון אַ נייעם כּוח, און מען האָט זיך גענומען מיט אים רעכענען.

*

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט די „פּראָספּעריטי" אין שטעטל. דער בעסערער עקאָנאָמישער צושטאַנד האָט נישט באַוויזן זיך ווי געהעריק צו פֿאַרפֿעסטיקן און עס איז אָנגעקומען די ערשטע וועלט־מלחמה, אין די יאָרן 1918—1914, און האָט אַלץ צעשטערט. די אַרבעט האָט זיך מיט איינמאָל אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. דער גרויסער רוסישער מאַרק איז אָפּגעשניטן געוואָרן און אין די מלחמה־באַדינגונגען איז קיין מעגלעכקייט נישט געווען צו פֿירן אַ האַנדל אפֿילו מיט די געגנטן, צו וועלכע מען האָט יאָ געקאָנט צוקומען. אַ הונגער האָט גענומען הערשן אין שטעטל און דער עיקר — אין די שוסטערישע געסלעך.

ווען די דייטשע אַרמיי האָט אָקופּירט לאָשיץ, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן די לאָשיצער יידן דערפֿילט דעם טעם פֿון דייטשישער הערשאַפֿט. די סאָלדאַטעסקע האָט געהאַט אַ פֿרייע האַנט, און מען פֿלעגט כאַפּן יידן צו צוואַנג־אַרבעט. מען האָט געאַרבעט ביי שרעקלעכע באַדינגונגען, און אַמערסטן האָבן דערביי געליטן די אָרעמע פֿון שטעטל.

דער מלחמה־פּעריאָד, געדענק איך, כאָטש ער איז געווען אַזאַ שווערער, האָט נישט אַריינגעוואָרפֿן די יוגנט אין קיין יאוש־שטימונגען און אַפּאַטיע. מען האָט כּסדר געהאָפֿט, אַז אָט־באַלד ענדיקט זיך די מלחמה און דאָס לעבן וועט ווידער אַוועק זיין נאָרמאַלן גאַנג. מען האָט, דעריבער, אין הונגער, אין דער מלחמה־נויט, געטראַכט וועגן מאָרגן, וועגן אָרגאַניזירן דאָס שפּעטערדיקע לעבן און אויסבעסערן די אַרבעט־באַדינגונגען, כּדי זיך קעגנצושטעלן דער נויט און דער עקספּלואַטאַציע. מען קאָן דערפֿאַר זאָגן, אַז אין יענע מלחמה־

יאָרן האָט זיך גענומען אויספאָרמירן דאָס געשטאַלט פונעם געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן לעבן אין אונדזער שטעטל, וואָס האָט אויפגעבליט און דערגרייכט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, צו אַן אמת הויכער שטופּע.

*

גלייך ווי די מלחמה פון 1914—18 האָט זיך געענדיקט, האָט זיך ווידער באַנייט די שוסטער־אַרבעט אין לאַשיץ, און דורך דעם האָט זיך, שטופּנווייז, אויך געענדיקט דער הונגער און די מלחמה־נויט. עס איז צוריקגעקומען אַן אויפלעבונג אין שטאָטישן פאַך, אָבער ביי גענצלעך אַנדערע באַדינגונגען ווי פאַר דער מלחמה. דער פריערדיקער אָפּזאַץ־מאַרק — דאָס גרויסע רוסלאַנד — איז פאַרשוווּנדן. עס האָבן זיך באַוויזן אַנדערע מערק פאַר די לאַשיצער שיך — אין פּוילן גופא.

אויך די סאָציאַלע לאַגע פונעם שוסטער־אַרבעטער האָט זיך געענדערט.

אַרום יאָר 1920 איז אין לאַשיץ געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון שוסטער־ און שטעפּער־אַרבעטער, וועלכער האָט געציילט העכער 400 מיטגלידער, און האָט גלייך אָנגעהויבן אַן ערנסטן קאַמף צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די אַרבעטער אין שטעטל.

גלייכצייטיק איז אין לאַשיץ, ווי אין גאַנצן יידישן פּוילן אין יענער צייט, געקומען אַ שטאַרקער דראַנג נאָך בילדונג און וויסן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק, מיט אַ גרויסן אויסוואַל פון ביכער, וועלכע זענען מאַסנווייז געלייענט געוואָרן. מען האָט געגרינדעט אָוונט־קורסן, וווּ מען האָט געשמאַק געלערנט; עס זענען פאָרגעקומען אָפטע רעפעראַטן אויף פאַרשידענע פּאָליטישע, ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעכע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופן ברייטע דיסקוסיעס. עס זענען געשאַפן געוואָרן עטלעכע דראַמאַטישע קרייזן. די גאַנצע יוגנט, און אויך עלטערע, האָבן געלערנט, געלייענט און געשטרעבט זיך צו אַנטוויקלען, מיטצוגיין מיט דער נייער צייט.

פאַרן ערשטן וועלט־קריג און אין דער צייט פון קריג זענען די לאַשיצער אַרבעטער פּאָליטיש געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון „בונד". דער „בונד" האָט פיל געלייסטעט פאַר דער אָרגאַניזירונג און פאַרן קאַמף פון די אַרבעטער אין לאַשיץ. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אַרויסגערופן נייע האָפענונגען ביים אַרבעטער־קלאַס איבעראַל און אויך אין אונדזער שטעטל. די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אויך צו אונדז דערגרייכט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע דיסקוסיעס און רייבונגען, ווי דאָס איז דעמלט פאָרגעקומען אין גאַנץ פּוילן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער גרעסטער טייל פון די אַרבעטער אין לאַשיץ איז אַריבער צום רעוואָלוציאָנערן פליגל, צום „קאָמבונד".

אויך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע כוחות האָבן זיך דאַן שטאַרק אַנטוויקלט אין שטעטל.

נאָך פאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט אין לאָשיץ געווירקט דער ציוניזם. איינער פון די עלטסטע ציוניסטישע טוער פון יענער צייט איז געווען אברהם פינקוס (געראַטעוועט מיט זיין פאַמיליע ביי אַ קריסט אין אַ שייער, היינט אין די פאַרייניקטע שטאַטן). די ציוניסטישע באַוועגונג אין לאָשיץ איז זיך אָבער צעוואַקסן נאָכן ערשטן וועלט־קריג, נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דער גרעסטער טייל פון יינגלעך און מיידלעך פון דער פאַרמעגלעכער באַפעלקערונג האָט זיך דעמלט גרופירט אַרום די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע האָבן געעפנט אַ לאָקאַל אין הויז פון גרשון שענקער, אויפן ראָג פון דער ביאַלער גאַס און פון מאַרק, אויפן ערשטן שטאָק. דעם לאָקאַל האָט מען גערופן „אגודה". די פירער פון די ציוניסטן זענען דעמלט געווען: אברהם פינקוס, הערשל קאַרטש, גדליה לעווין, גאָדל ראָזענבאַנד, מעלע גרינבערג, רייכל שינקאַרזש, יאַנקל גאָלדעס.

אויסער די צוזאַמענטרעפן אַ גאַנצע וואָך, פלעגן אין דער „אגודה" פאָרקומען יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס רעפעראַטן, פאָרלעזונגען, „קעסטל־אָוונטן" מיט דיסקוסיעס, אויף פאַרשידענע טעמעס. ביי דער „אגודה" איז געווען אַ ביבליאָטעק, אָוונט־קורסן און אַ דראַמאַטישער קרייז. די העברעישע אָוונט־קורסן זענען פאָרגעקומען אונטער דער אָנפירונג פון אַ לערער מיטן נאָמען פעלדמאַן, וועלכער איז ספּעציעל צו דעם צוועק אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון מעזריטש.

אַרום דער דאָזיקער „אגודה" האָבן זיך שפּעטער אויסקאָרמירט פאַרשידענע גרופירונגען אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווי צעירי־ציון, השומר הצעיר, וועלכע האָבן שפּעטער געהאַט אייגענע לאָקאַלן.

אַזוי האָבן אין שטעטל געווירקט צוויי קעגנערישע געזעלשאַפטלעכע כוחות — די ציוניסטישע און די קאָמוניסטישע, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אויפשוואונג, דינאַמיזם און קולטורעלן פראָגרעס אין דעם קליינשטעטלדיקן לעבן.

ביי דער זייט פון די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, האָבן ווייטער אין לאָשיץ שטאַרק געווירקט די רעליגיעזע כוחות. געווען חסידים פון אַלע גרויסע רביים, מיט זייערע שטיבלעך, אויסער דער מתנגדישער שיל און דעם גרויסן בית־מדרש אין דער מעזריטשער גאַס.

זאָל, אָבער, מיט שבח פאַרצייכנט ווערן, אַז דער געזעלשאַפטלעכער קאַמף צווישן די פאַרשידענע קעגנזעצלעכע גרופּירונגען איז די גאַנצע יאָרן, נאָר מיט קליינע אויסנאַמען, געפירט געוואָרן אויף אַ קולטורעלן און פרידלעכן אופן. איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט איבערשטייגן מיט אַ בעסערער ביבליאָטעק, מיט מער פאַרזאַמלונגען און אַ ברייטערער קולטור־טעטיקייט. עס איז געווען אפילו אַ קעגנזייטיקע הילף פון די דראַמאַטישע קרייזן, — מען האָט זיך געהאָלפן מיט רעפּערטואַר און רעזשי.

*

דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט מיך געצוווּנגען, אין יאָר 1927, צו פאַרלאָזן מיין געבוירנשטעטל. איך בין אַוועק קיין וואַרשע, ווי זייער פיל אַנדערע, זוכן

אַרבעט, ווייל מיר האָבן אין לאָשיץ נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע עקזיסטענץ. מיר זענען אַלע אַוועק פון אונדזער ליב שטעטל מיט גרויס באַדויערן — יעדער האָט געבענקט אַהיים און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף יום־טוב צו קאָנען פאָרן אויף אַ וואָך צייט צוריק אין די אייגענע ליבע געסעלעך.

אין 1929 האָב איך פאַרלאָזט פוילן און עמיגרירט קיין פראַנקרייך. איך האָב פון וויטן נאָכגעפאָלגט דאָס לעבן פון מיין געבוירנשטעטל, געפרייט זיך, וואָס דאָס קולטורעל־געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך דאָרט אַלץ מער פאַנאַנדער־געבליט. איך האָב מער קיין לעבעדיקס דאָס יידישע לאָשיץ נישט געזען, — נאָר אַ טויטס, אין יאָר פון דער היטלער־מפּלה, 1945.

חיים־איצל גאָלדשטיין

## דער פּראָפעסיאָנעלער לעדער־אַרבעטער־פאַריין

דער לעדער־אַרבעטער־פאַריין איז געווען די איינציקע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אין לאָשיץ. געווען אין שטעטל אויך שניידערס, סטאָלערס, זייגערמאַכערס און שמידערס. אָבער קיין איינס פון די פאַכן האָט זיך נישט אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערן פאַריין — אַלע האָבן זיך געוואָרעמט ביים לעדער־פאַריין. פון שוסטערריי און שטעפּעריי האָבן געלעבט אין לאָשיץ אַ פּאָר הונדערט משפחות. דיביידע אַרבעט־צווייגן זענען אַריינגעדרונגען אפילו אין די היימען פון שוחטים, דיינים, חזנים און ענלעכע.

איך ווייס נישט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די לעדער־אינדוסטריע אין לאָשיץ. איך ווייס בלויז, אַז זייענדיק נאָך אַ קינד האָב איך שוין געזען ביי אונדז אין לאָשיץ שוסטער־וואַרשטאַטן, ווו מ׳האָט אויסגעאַרבעט קינדער־שיכלעך. שפּעטער, ווען די נויט אין שטוב האָט מיך, אַ צוועלף־יאָריק קינד, אויך אַריינגעטריבן אין אַזאַ וואַרשטאַט, האָב איך זיך שוין גאָר נאָענט באַקענט מיט שוסטעריי.

דער גרעסטער אָפּנעמער פון די קינדער־שיכלעך איז אין יענער צייט געווען אליהו וורובעל. ער האָט דיקטירט אין גאַנצן שטעטל די פּרייזן. ס׳רוב פאַבריקאַנטלעך זענען געווען בלויז כאַלופּניקעס. זיי האָבן אָפּגעאַרבעט די גאַנצע וואָך און שבת־צו־נאַכטס אַוועקגעטראָגן צו אליהו וורובעל די פאַרטיקע שיכלעך, כדי צו באַקומען אַביסל געלט און לעדער און צו קאָנען ווידער גיין אַ גאַנצע וואָך אין שפּאַן.

געווען אַ סך אַזעלכע קליינע פאַבריקאַנטלעך. אָבער ווייניק פון זיי געדענק איך. דאָס ערשטע אָרט האָט אין יענער צייט פאַרנומען די משפחה חיים־משהס, דער טאַטע מיט זיינע דריי זין, יאָסל, איטשע און אברהם.

דאַן — מרדכי נאָטקעס, משה הערש־טרייטלס, גרשון אייזשעס, וועלוול פודיע־מודיעס, דעם געלן שניידערס זון חיים־נחום און נאָך און נאָך. די אַלע אויסגערעכנטע, און נישט אויסגערעכנטע, זענען געווען „מייסטער״, אָבער ווייט פון זיין גבירים און די אַרבעטער ביי זיי — נאָך גרעסערע קבצנים.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט מיט איינמאָל געענדערט די גאַנצע לאַגע אין שטעטל. מיטן פאַרלירן דעם רוסישן מאַרק, האָט זיך די שוסטעריי־אַרבעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט און דאָס האָט באַדייט — הונגער, אין פולן זין פון וואָרט. ס׳איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער ווי ס׳האָט אויסגעזען די נויט ביים אָרעמען טייל פון שטעטל באַלד ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. ס׳איז אומעגלעך געווען צו געפינען עפּעס אַ באַשעפטיקונג, כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. ערשט מיט דריי יאָר שפּעטער האָט זיך ווידער גענומען באַווייזן צוביסלעך אַרבעט. אָבער די אַרבעט איז שוין געווען אַ גאַנץ אַנדערע. קינדער־שיכלעך האָט מען דאַן שוין געמאַכט זייער ווייניק. אין צווישנצייט האָט די נויט געצוווּנגען פיל לאָשיצער לעדער־אַרבעטער צו וואַנדערן, זוכנדיק אַרבעט, ווער אין וואַרשע, ווער אין פויזנער געגנט. אין שטעטל גופא האָבן דערווייל זיך באַוויזן אַנדערע פאַבריקאַנטן, מיט ברייטערע אַמביציעס, וועלכע האָבן געפּרוווט נאָך מער עקספּלואַטירן די אַרבעטער. דאָס האָט געגעבן אַ שטויס די לאָשיצער לעדער־אַרבעטער צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ פאַריין.

די ערשטע גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען ביי וועלוול באַגאַטש. דער ענטוזיאַזם איז געווען אַ גרויסער. איך ווייס נישט צי פיל פון די פאַרזאמלטע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע, נישט בלויז פּראָפעסיאָנעלע, נאָר אויך דערציאונג־ראָל, עס וועט אין די נאָענטע יאָרן שפּילן אָט־די אינסטיטוציע, וואָס זיי גרינדן. איך ווייס אפילו נישט צי די אָרגאַניזאַטאָרן און איניציאַטאָרן פונעם פאַריין האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַז די אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט געשאַפן וועט אַ פּאָר יאָר ממש באַהערשן די הערצער און מוחות כמעט פון דער גאַנצער שטעטלשער יוגנט. ווען איך האָב באַגריסט די גרינדונג פון פאַריין, אין נאָמען פון דער יוגנט, בין איך געווען אינגאַנצן דורכגענומען מיט דער וויכטיקייט פון דאָזיקן מאָמענט.

דער אָנפאַנג איז געווען אַ שווערער. די קליינע פאַבריקאַנטלעך, וואָס האָבן זיך אין אָנהויב באַצויגן מיט סימפּאַטיע צום פאַריין, האָבן אים שפּעטער גענומען ביטער באַקעמפן. אָבער דער פאַריין האָט גלייך גענומען באַפעסטיקן זיינע פּאָזיציעס. ער איז אַ לאַנגע צייט געווען די איינציקע מאַסן־אינסטיטוציע אין שטעטל.

בראש פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון פאַריין איז געשטאַנען יוסף טענענבוים (יאָסל טשאָפּ), וועלכער איז אַליין געווען אַ לעדער־אַרבעטער און אַ טיפּישער

אַרבעטער־אינטעליגענט. אַ צוריקגעקומענער פון רוסלאַנד, ווו ער האָט מיטגע־מאַכט דעם גאַנצן ברען פון דער רעוואָלוציע, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט שטאַרקע פונקען פון יענעם פייער, און האָט זיך באַמיט מיט דעם אָנצושטעקן די לאָשיצער אַרבעטער.

דער פאַריין האָט אַ שטיקל צייט געפירט זיין טעטיקייט אין הויז פון וועלוול באָגאַטש און שפּעטער זיך אַריבערגעצויגן אין אַ גרעסערן לאָקאַל — ביי יהושע געמיטכעס.

צו די ערשטע פאַרוואַלטונגען פון פאַריין האָבן, צווישן אַנדערע, וועלכע איך געדענק נישט, געהערט: מנשה צאַלקעס, נוסקע שמואל־אברהמס, משה חנאכעס, שאול־דוד חנאכעס, איטשע־מאיר רויזענקינד, משה אָקסענהאָרן, י. פרידמאַן, י. מינץ, און שפּעטער משה חכם, שמאי ניעביעסקי, ראובן טראַטש. דער ערשטער פאָרזיצער איז געווען יאָסל טשאָפּ. דער ערשטער סעקרעטאַר — יאָסקע מינץ; שפּעטער איז געוואָרן סעקרעטאַר דער שרייבער פון די שורות, י. פרידמאַן.

די פאַרוואַלטונג האָט גלייך פון אָנהויב געהאַט פאַר זיך זייער שווערע אויפגאַבן. עס איז געווען צו טאָן סיי מיט די נייע פאַבריקאַנטן און סיי מיט אַ טייל אַרבעטער, וועמען ס'איז שווער געווען צו באַנעמען די אויפגאַבן פון פאַריין. גאַנץ אָפט זענען פאָרגעקומען שטרייקן, ווייל די אַרבעט־פרייזן זענען אין לאָשיץ געווען זייער הינטערשטעליק. די שטרייקן זענען פילמאָל געווען פאַרביסענע. דער טאָן־געבער פון די פאַבריקאַנטן אין יענער צייט איז געווען יאַנקל פוקס, וועלכער איזווירקלעך געווען אַ ייד „אַ פוקס”. ער איז פריער לאַנגע יאָרן געווען אין וואַרשע אַ טעקסטיל־פאַבריקאַנט און האָט נישט געהאַט קיין שום ידיעה אין שוסטעריי. ווען ער איז געקומען קיין לאָשיץ, האָט ער איינגעלאַדן צו זיך אַ דעלעגאַציע פון פאַריין און דערקלערט, אַז ער מיט הערשל מנוחהס, ווילן אויפמאַכן אַ גרויסע שיך־פאַבריק אין שטעטל און זיי בעטן זיי צו געבן צו דער אַרבעט גוטע פאַכלייט, ווייל זיי אַליין זענען נישט קיין פאַכלייט. דער פאַריין האָט גלייך פאָרגעפילט, אַז יאַנקל פוקס גרייט זיך צו באַהערשן דעם לאָשיצער שיך־מאַרק. מען האָט דעריבער געשיקט אין דער נייער פאַבריק אַריין די בעסטע פאַריין־כוחות. דער ווילשטאַנד פאַר די אַרבעטער ביי יאַנקל פוקס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז ער האָט באַזיגט אַלע קלענערע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן שפּעטער, אַזוי צי אַנדערש, געמוזט אויספירן זיין ווילן. דערנאָך ערשט האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צום פאַריין, צו די אַרבעטער. אָבער דער לעדער־פאַריין איז געווען גענוג שטאַרק, כדי צו קאָנען צוימען זיינע אַפּעטיטן. דעם פאַריין איז געלונגען צו דערגרייכן נישקשהדיקע לוינען.

אַ פּאָר יאָר האָט דער פאַריין געפירט אַ פּראַכטפולע טעטיקייט פון קאַמף און זיג. צווישן די ווענט פון פאַריין איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט אויף אַלע געביטן. דער פאַריין איז געוואָרן דער צענטראַלער לעבנס־נערוו

נישט בלויז פאַר די יידישע אַרבעטער, נאָר אויך פאַר אַ גרויסן טייל קליינבירגער, וועלכע האָבן זייער גייסטיקע יניקה געקאָנט שעפּן נאָר פון לעדער־פאַריין. די צעצווייגטע אַרבעט פון פאַריין האָט געצווונגען צוצונעמען אַ פונקציאָנאַר; צום ערשטן איז עס געווען יאַנקל אַרישעס פון סעמיאַטיטש, און שפּעטער האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבעט אַלס פאַריין־פונקציאָנאַר זיסקינד שטיינמאַן, בערל מוליערס. ביים פאַריין זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ כאָר און אַ דראַמאַטישע סעקציע, וואָס פלעגן אויך באַדינען די קליינע שטעטלעך אַרום לאָשיץ.

די אַנטוויקלונג פון פאַריין איז אָנגעגאַנגען ביז אין „בונד", וואָס איז דאַן געווען די איינציקע אַרבעטער־פּאַרטיי אין לאָשיץ, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן מיינונג־פאַרשידנהייטן, וועלכע האָבן דערפירט צו אַ שפּאַלטונג. די מיינונג־פאַרשידנהייטן אין די אַרבעטער־רייען האָבן אָנגעהויבן איינברעכן די גאַנצקייט פון פאַריין. נאָך דער שפּאַלטונג זענען פון „בונד" אַוועק כמעט אַלע אָנפירער פונעם לעדער־פאַריין, אויסער מנשה צאַלקעס, י. מינץ און י. פרידמאַן. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז קאָם־בונדיסטן און קאָמוניסטן, מיטן אויסנאַם פון איין בונדיסט — יוסף פרידמאַן.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז פאָרגעקומען דער גרויסער אַרעסט, וואָס האָט אַוועקגעריסן פון פאַריין זיין אָנפירערשאַפט. דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף דער טעטיקייט פון פאַריין און עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז נייע כוחות האָבן זיך געשטעלט בראש און אים ווידער באַלעבט.

כאָטש דער לעדער־פאַריין האָט מער נישט פאַרנומען דאָס פריערדיקע אָרט אינעם לעבן און קאַמף פון דער לאָשיצער אַרבעטערשאַפט, האָט ער דאָך נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין האַנט די פאָן פון קאַמף ביז דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון יידישן ישוב אין לאָשיץ.

נישטאָ היינט קיין זכר פון יידן אין שטעטל, נישטאָ קיין זכר פון אונדזער לעדער־פאַריין. פאַראיינזאַמטע וואָגלען אַרום איבער לענדער און קאָנטינענטן יחידים און טראָגן אין זייערע צעווייטיקטע הערצער דעם אָנדענק פון זייער רומפולן אַמאָל.

יוסף פרידמאַן (יאָסל באָביק)

## פיר צענדליק יאָר „בונד" אין לאָשיץ

שרייבנדיק וועגן פיר צענדליק יאָר „בונד" אין לאָשיץ, בין איך נישט אויסן צו שרייבן די געשיכטע פון לאָשיצער „בונד"; צו דעם וואָלט איך באַדאַרפט האָבן דאָקומענטן, דאַטעס, ציפערן, נעמען, וואָס איך פאַרמאָג נישט. איך וויל בלויז פאַרצייכענען זכרונות, ווי אַ מיטבויער פון געזעלשאַפטלעכן



אַ גרופּע לאָשיצער בונדיסטן. פון רעכטס צו לינקס: שטייענדיק — מרדכי רוזאל און הערשל זינגער; זיצנדיק — משה וואָדע און יוסף טענענבוים (יאָסל טשאָפּ)

לעבן אין אונדזער שטעטל ביז מיין אויסוואַנדערן פון דאָרט.

לאָשיץ איז אין דער שעדלעצער געגנט געווען באַקאַנט אַלס אימפּולסיוו און קולטורעל שטעטל. און געהערט האָט עס צו די שטעטלעך, ווו די גרויסע מערהייט איינ־ווינער איז געווען אָרעם און געליטן נויט. מען פלעגט חתונה האָבן, גע־בוירן קינדער, דערלעבן אייניקלעך, — שטענדיק מיט דער האָפענונג, אַז מאָרגן וועט זיין בעסער, כאָטש פון וואַנען, פון וועלכער זייט, ס׳וועט קומען די ישועה, האָט קיינער נישט געוווסט... דער מלאך־המוות פלעגט אין שטעטל יעדעס יאָר, מערסטנס ווינ־טער־צייט, מאַכן אַן אמתן שניט, איבערהויפּט צווישן די אָרעמע קינדער, מיט וועלכע מען האָט זיך נאָכן טויט אויך נישט געצאַצקעט: געשטאָרבן פלעגט קומען דער באַגרעבער, אַרונטערנעמען דאָס עופהלע אונטער דער פּאָלע און שנעל אַוועקגיין, באַגלייט דורך אַ שטילן מאַמע־געוויין.

דער אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט געבראַכט ענדערונגען אין שטעטל אַריין. אמת, די אָרעמעלייט זענען נישט רייכער געוואָרן, — זיי זענען אָבער געוואָרן פאַרשטענדלעכער; זוכנדיק די סיבה פון זייער ביטערער נויט, האָבן זיי דערזען, אַז זיי זענען נישט פאַראייניזאַמט אין זייער הונגער און גענומען צוזאַמען זוכן וועגן ווי אַזוי אים צו לינדערן. שוין אין באַגינען פון יאָרהונדערט האָט זיך אין לאָשיץ גענומען אויספורעמען אַ באַוועגונג, אָנגעפירט דורך מעלע קאָקע, וועמען מען האָט אין יענע צייטן גערופן „דער קייסער”. עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן די גרופּע „אחדות”, וואָס האָט נאָך נישט פאַרמאָגט קיין

באַשטימט קלאָרן ציל, אָבער האָט געפּרוווט פּאַרטיידיקן די אָרעמעלייט אין שטעטל און זיי העלפן. אפילו אין קאַמף פון די „זאַפּאַסנע״ (אויסגעדינטע סאָלדאַטן פון דער רוסישער אַרמיי) קעגן די גבירים פון שטעטל, האָט די „אחדות״־גרופּע געשפּילט אַ גרויסע ראָל. די „אחדות״־גרופּע האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן „בונד״, וואָס האָט שפּעטער געהאַט הינטער זיך נישט נאָר די שטעטלדיקע אָרעמקייט, נאָר איז אויך אריינגעדרונגען אין קליינבירגלעכע היימען, ווו די לאָזונגען פון „בונד״ זענען ביז דאַן געווען פרעמד און ווייט. פון אַזעלכע היימען זענען אפילו געקומען די שפּעטערדיקע פירער פונעם „בונד״ אין לאָשיץ: יהושע רוזאַל,ביילע יונהס, דוד בעקערמאַן און איצל ראַק.

*

דאָס איינציקע אַנטוויקלטע פאַך אין לאָשיץ איז געווען שוסטעריי. אָבער אויך די שוסטער, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט קינדער־שיכלעך און „גיסאַרקעס״, האָבן דאַן נישט געלעקט קיין האָניק. די גאַנצע שיך־פּראָדוקציע איז געווען אָפּהענגיק פון געציילטע מענטשן, וועלכע האָבן דיקטירט די פּרייזן סיי די כאַלופּניקעס און סיי די, וואָס האָבן ביי זיי געאַרבעט. און דער אַרבעט־לוין איז געווען אַ שרעקלעך נידעריקער, אַן אמתער הונגער־לוין. אָבער דאָס איז געווען דער איינציקער פּרנסה־קוואל פון דער לאָשיצער אָרעמקייט, און אויך דער דאָזיקער נעבעכדיקער לוין האָט געצויגן מאַסן יוגנטלעכע, אפילו קינדער פון „באַלעבאַטישע היימען״, קינדער פון שוחטים, דיינים, זיך צו לערנען שוסטעריי.

דאָס יאָר 1914 — דער אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע פון אָרעמען טייל יידן אין שטעטל. דאָס שוסטער־פאַך האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. עס זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן אפילו די קלענסטע קוואַלן, פון וועלכע מען האָט געקאָנט שעפּן פּרנסה. צווישן די האָרעפּאַשניקעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער הונגער. אין די אַרבעטער־שטיבער האָט גענומען לויערן דער טויט...

די רעטונג פון הונגער־טויט איז דעמלט געקומען מצד דעם „בונד״.

קיין לאָשיץ איז דאַן געקומען, נאָכן באַפרייט ווערן פון תפיסה, אַווּרעמל שטריקער (אברהם ראָזנבוים), וועלכער האָט אין שטעטל באַקומען דעם נאָמען „גאָטעלע״. ער האָט זיך גענומען מיט ברען אָרגאַניזירן הילפס־אַרבעט, וואָס זאָל נישט דערלאָזן אין שטעטל קיין הונגער־טויט. ס'איז אומעגלעך היינט זיך פאָרצושטעלן וויפל כוחות דער „בונד״ האָט אין יענער צייט אוועקגעגעבן, כדי צו שפּייזן די אָרעמקייט אין לאָשיץ. און פון יענע מלחמה־יאָרן ביזן לעצטן גסיסה־געראַנגל אין די לאַפּעס פון דער נאַצישער חיה, האָט מען אין לאָשיץ געפילט דעם אָטעם פון „בונד״, דעם גייסט פון אַווּרעמל שטריקער.

אין וואַלד, וואָס ליגט צווישן די דערפער יאַטיך און זאַקרע, און האָט געהערט צום זאַקרער פריץ קאַמינסקי, האָט דער „בונד״ באַשלאָסן אויפצושטעלן אין די

זומער־חדשים אַ פּאָלקס־קיך פאַר דער אָרעמקייט פון לאָשיץ. קיין געלט־מיטלען האָט די שטעטלשע אָרגאַניזאַציע אויף דעם נישט פאַרמאָגט און באַקומען שטיצע פון דער צענטראַלער אָנפירונג איז נישט מעגלעך געווען דעמלט, ווייל דער פראָנט איז שוין געווען נאָענט ביי וואַרשע. מען האָט באַשלאָסן אויף פאַרשידענע אופנים צו צווינגען די רייכע צו שטיצן די פּאָלקס־קיך. עס זענען געווען אַזעלכע רייכע, וואָס האָבן אויף אַ חוצפהדיקן אופן זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן די קיך. זיי האָט דער „בונד" געצוואונגען צו באַשעפטיקן ביי זייערע הויז־אַרבעטן אַרבעט־לאָזע און דער לוין פון די אַזוי־אַרום באַשעפטיקטע אַרבעטער איז פאַרנוצט געוואָרן פאַר דער קיך. אָבער עס האָט אַלץ נישט געסטייעט. דער „בונד" האָט זיך אויך געוואָנדן צו די רייכע פויערים און פריצים אַרום שטעטל, זיי זאָלן שטיצן די קיך מיט פּראָדוקטן פון זייערע פעלדער. אויך זיי האָבן אָפּגעזאָגט.

טראָץ אַלעמען האָט זיך, אָבער, אין יאַטיכער וואַלד געגומען שפּינען אַ טיכטיקע בונדישע אַרבעט. יעדן פרימאָרגן פלעגן אַרבעטער מיט געזאַנג אַרויסמאַרשירן פון שטעטל אין וואַלד אַריין, פאַרברענגען דאָרט אַ גאַנצן טאָג, אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען, אויסהערן לעקציעס. דער בורזשואַזיע אין און אַרום לאָשיץ, מיטן אייגנטימער פון וואַלד בראַש, איז דאָס נישט געפעלן. זיי האָבן דאַן אַראָפּגעבראַכט פון יאַנאָוו אַן אָפּטיילונג רוסישע זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן, צוזאַמען מיט אַ באַנדע פויערים, אָנגעפירט דורכן זאַקרער פריץ, באַוואָפנטע מיט געווער, ווידלעס און קאָסעס, באַפאַלן דעם וואַלד פונקט דאַן, ווען ס׳איז דאָרט פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון „בונד". עס איז אויסגעבראָכן א לאנג־דויערנדיקער אומגלייכער קאַמף. פון איין זייט — אומבאַוואָפנטע יידישע אַרבעטער, פון דער צווייטער זייט — זשאַנדאַרמען און פויערים, באַוואָפנטע ביז די ציין. שעהנלאַנג האָט געדויערט דער געראַנגל. עטלעכע שטאַרק־צעשלאָגענע בונדיסטן זענען אָפּגעפירט געוואָרן, אונטער אַ שטאַרקער וואַך, אין שטעטל אַריין. ווען די „אָרדענונג־היטער" מיט זייערע צוהעלפער, זענען אָנגעקומען צום שטעטל, זענען פון בית־עולם אַרויס בונדיסטן, באַוואָפנטע מיט שטיינער און שטעקנס, און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסניי. דאָ האָבן די אָנפאַלער באַקומען גוט באַצאָלט און זיי זענען זיך צעלאָפן אין גרויסער בהלה.

די יידישע גבירים פון שטעטל האָבן זיך, אָבער, באַלד אַרומגעזען, אַז זיי האָבן „פאַרקאָכט אַ קאַשע", וואָס קאָן זיך פאַטאַל ענדיקן, ווייל די אַרעסטירטע האָט געדראָט אַ קריגס־געריכט. די גבירים האָבן דאַן אַליין „געשמירט", ווו מען האָט געדאַרפט, כדי דעם גאנצן ענין צו פאַרייבן. מורא־האָבנדיק פאַר די סאַנקציעס, וואָס דער „בונד" האָט געקאָנט אָנעמען צוליב דעם מיאוסן איבערפאַל, האָבן זיי געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזאַציע. נאָכן באַפרייען די אַרעסטירטע, זענען די רייכע באַלעבאַטים געצוווּנגען געווען העלפן אויפשטעלן אַ קיך, שוין נישט אין וואַלד, נאָר אין שטעטל גופא.

1915. די דייטשן, וואָס האָבן דעמלט פאַרנומען דאָס שטעטל און זיך

פאָרגעשטעלט אַלס „רעטער", האָבן גלייך אָנגעהויבן באַווייזן זייערע וועלפּישע ציין. זיי האָבן אָנגעהויבן שלעפּן אויף צוואַנג־אַרבעט, פון וואַנען עס זענען געקומען שרעקלעכע גרוסן וועגן שווערע ליידן און פיל טויט־פאַלן. אויף צוואַנג־אַרבעט האָט מען, נאַטירלעך, גענומען נאָר די אָרעמע, ווייל די רייכע האָבן שוין געפונען וועגן ווי אַזוי זיך אויסצוקויפן פון דעם. ביי די דעמלטיקע פאַרהעלטענישן איז אין אַזאַ קליין שטעטל שווער געווען עפּעס אויפצוטאָן, כדי זיך קעגנצושטעלן דעם ווילקיר. לאָשיץ האָט אַ לאַנגע צייט געהערט צום פראָנט־געביט און די דייטשן האָבן פאַר יעדער אומגעהאָרכזאַמקייט געדראָט מיט אַ מיליטער־געריכט.

און דער הונגער האָט אַלץ געבושעוועט אין שטעטל... די הילף פון מאַגיס־טראַט, דורכן דייטשן ייד מ. קאָהן, און די אונטערשטיצונג פון אַמעריקע האָבן געסטייעט אויפן שפּיץ מעסער. דאַן איז ווי אַ רעטונג־בשורה אויפגענומען געוואָרן די נייע פאָלקס־קיך, וואָס דער „בונד" האָט געגרינדעט ביי מיכל־האָדעסעס. יעדער האָט דאָרט פאַר גראָשנס באַקומען אָפּצועסן, און ווער ס'האָט נישט געקאָנט, — האָט גאָרנישט באַצאָלט. קאָן מען זיך דען פאָרשטעלן, וואָס עס האָט באַדייט פאַר אַ הונגעריקער משפחה יענער מיטאָג אין דער בונדישער קיך? די יוגנט האָט אויפגעלעבט, — זי האָט, אין דער קיך, באַקומען אַ צווייטע היים, ווו מען האָט זיך געקאָנט אָנוואַרעמען, אָפּעסן צו דער זעט און פאַרברענגען צווישן חברים און פריינט.

דער „בונד" איז זיך שנעל צעוואָקסן. מען האָט אָנגעהויבן איינשטעלן אַ כאָר. דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן אָטעמען מיט לעבן. טעאַטער־טרופּעס, וואָס פלעגן אַרומוואַנדערן איבער דער פּוילישער פּראָווינץ, האָבן דערשמעקט אין לאָשיץ אַ דאַנקבאַרן באָדן און גענומען געבן פאָרשטעלונגען. ווען די אַרבעט איז זיך צעוואָקסן, האָט דער „בונד" דערעפנט ביי שייעצן אין הויז אַ קולטור־קלוב, מיט אַ רייכער, פאַר יענע פאַרהעלטענישן, ביבליאָטעק. אינעם קולטור־קלוב איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט, מיט רעפעראַטן, לעקציעס, קעסטל־אָוונטן, שמועסן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, רעציטאַציע־ און דעקלאַמאַציע־אָוונטן, שוין מיט אייגענע איינשטודירטע ליבהאָבער־כוחות, וועלכע זענען געקומען פון אַלע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

1916. פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ איז אָנגעקומען קיין לאָשיץ די חברטע מרים. דער „בונד" האָט גערופן די יוגנט אויף אַ גרויסן מיטינג מיט איר אָנטייל. ביז דעמלט פלעגן אויך פאָרקומען יוגנט־צוזאַמענטרעפן, — אַמאָל אויפן בית־עולם, אַמאָל ביי שיינדלען אין סאָד, אַמאָל אויף אַן אָפן פעלד, — און יאָשקע חיה־ליפּטשעס, דאַן אַליין נאָך אַ יוגנטלעכער, פלעגט מיטרייסן די פאַרזאַמלטע. אַבער דער מיטינג פון „בונד" מיט דער חברטע מרים איז געווען אַ נייעס. מרים האָט פאָרגעשטעלט דעם פּיין, וואָס עס מאַכן דורך נישט בלויז די יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער, נאָר אויך די יוגנט פון אַלע פעלקער און ראַסן; זי האָט

אַרויסגערופן טרערן ביי די פאַרזאַמלטע, מאָלענדיק דעם גרויל פון די שרעקלעכע מלחמה־שחיטות, וועלכע ציען זיך שוין צוויי יאָר, אָן אַ צוועק און אָן אַ זין. קינדערישע הערצער האָבן זיך צעהיצט, אויגן אין טרערן האָבן געפלאַמט מיט נייגער... קינדער האָבן זיך דערזען מאַרשירנדיק, אונטער רויטע פענער, צווישן מיליאָניקע מחנות איבער דער גאָרער וועלט, — פאַר אָפּשטעלן דעם ברידער־מאָרד, פאַר איינפירן אַ ניי, פריי, סאָציאַליסטיש לעבן... איך בין דאַן אַלט געווען פופצן יאָר. זיכער האָב איך דעמלט נישט באַנומען אַלע געדאַנקען פון דער חברטע מרים. ס'איז אָבער גענוג געווען דאָס וואָס איך האָב יאָ באַנומען, אַז איך זאָל מיין גאַנץ לעבן בלייבן פאַרבונדן מיט די אידייען, מיט דעם סאָציאַליסטישן גלויבן, וועלכע זי האָט דאַן דערוועקט.

עס איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר דער יוגנט, וועלכער האָט אָנגעהויבן פירן אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט פון וועכנטלעכע לעקציעס, קרייזן, פּאָליטישע שמועסן. פון צווישן דער יוגנט גופא האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן אַקטיווע טוער, וועלכע האָבן פאַרביטן די עלטערע אַלס קרייז־אָנפירער. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט פאַרלאַנגט אַנדערע און פיל־ברייטערע אַרבעט־פאָרמען ווי ביז דאַן. די לאָקאַלן פון „בונד" זענען געוואָרן צו־קליין און מען האָט געמוזט דינגען אַ לאָקאַל ספּעציעל פאַר דער יוגנט. אויב עס זענען אין יענער צייט געווען פאַרשטאָפּט אַלע קוואַלן פון פרנסה, האָבן זיך אויפגעעפנט ברייטע קוואַלן פון קולטור אויף אַלע געביטן און דאָס האָט אָפּטמאָל געמאַכט פאַרגעסן אין הונגער... ס'איז פשוט אָפּט נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן וועגן עסן...

פון וואַרשע איז דאַן געקומען די חברטע מאַניע, וואָס האָט איבערגענומען די אָנפירונג מיטן כאָר און מיט דער דראַמאַטישער סעקציע, אין וועלכער עס האָבן זיך אַרויסגערוקט זייער פעיקע און באַגאַבטע שפּילער. אין אָנפאַנג האָט מען געגעבן איינאַקטערס און שפּעטער גאַנצע פּיעסן.

די פאַרטיי, פון איר זייט, האָט געפירט אַ ברייטע פּאָליטישע אויפקלערונג־אַרבעט. עס זענען דאַן, אין אַ קורצער צייט, געווען אין לאָשיץ מיט רעפעראַטן, ל. לעווין, ב. אייסעראָוויטש, אַרטור, הימלפאַרב, עמנואל נאָוואָגראָדזקי און הערשל מעטאַלאָוויעץ, פון וואַרשע, און דוד ניימאַרק, פון שעדלעץ. לאָשיץ האָט מיטגעלעבט מיטן גרויסן וועלט־געראַנגל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די פאַרשידנסטע פראָנטן.

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן איינברעכן. די אַנטי־מלחמה־שטימונגען האָבן זיך איינגעריסן אַלץ טיפער אין די ברייטע מאַסן און זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין רעוואָלוציאָנערן אויפברויז. פון רוסלאַנד זענען אָנגעקומען אַלץ קלאָרערע ידיעות וועגן רעוואָלוציאָנערע קאַמפן. לאָשיץ האָט ממש געשלונגען מיט פאַרכאַפּטן אָטעם יעדעס וואָרט, יעדן ווונק, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטורעם. פון רוסלאַנד זענען דאַן געקומען צוויי לאָשיצער, וועלכע האָבן געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון דער רוסישער רעוואָלוציע.ביידע

געקומענע האָבן מיטגעבראַכט אַ ברייטן שוווּנג און אימפּעט פאַר פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. בערל גוטמאַן (בערל דעם מאָרדער גלעזערס) איז געקומען פון רוסלאַנד, אויסגעוואָקסן מיט אינטעליגענץ, קולטור און וויסן. ער איז געווען אַ שטילער רעדנער. ער האָט אָבער צוגעשמידט זיינע צוהערער מיטן שאַרפזין פון זיינע געדאַנקען; זיינע רעפעראַטן זענען געווען ברייט־פאַרמאָסטענע לעקציעס. בעת זיינע רעדעס זענען די זאַלן געווען איבערפולט נישט בלויז פון בונדיסטן, נאָר אויך פון קליינבירגער, ציוניסטן. לאָשיץ איז אָבער געווען פאַר אים צו־ענג, די לאָשיצער לופט — צו שטיקנדיק. זיין ענערגישע נאַטור האָט געמוזט האָבן אַ ברייטערן טעטיקייט־פּלאַץ. ער איז לאַנג נישט געבליבן אין שטעטל און איז צוריק אַוועק העלפן שמידן די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. דער צווייטער געקומענער פון רוסלאַנד איז געווען יאָסל טשאָפּ, אַ טיפּ פון אַן אמתן אַרבעטער־אינטעליגענט, מיט גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן. אים האָט דער „בונד" אַוועקגעשטעלט בראש פון פּראָפעסיאָנעלן לעדער־פאַריין. כאָטש ער איז געווען אַ קראַנקער, האָט ער נישט געשוינט זיין געזונט און מיט איבערגעגעבנקייט געפירט זיין אַרבעט.

אַ רעוואָלוציאָנערער שטורעם טראָגט זיך דאַן איבער אייראָפּע. נאָך רוסלאַנד — דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן. פּוילן ווערט אַן אומאָפּהענגיקע מדינה. כאָטש ווייט פון די רעוואָלוציאָנערע שלאַכטפעלדער, האָבן די לאָשיצער בונדיסטן מיטגעפיבערט און מיטגעלעבט מיט די קעמפער. אַוורעמל שטריקער ווערט דאַן גערופן קיין וואַרשע, אויף אָנפירערישער אַרבעט אין צענטער. די געזעגענונג פון „גאָטעלע" אין לאָשיץ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ דעמאָנסטראַציע פאַרן „בונד", פאַר סאָציאַליזם. אַ פּאָר טעג שפּעטער ווערט לאָשיץ איינגעהילט אין אַ טיפן טרויער, — אַוורעמל שטריקער איז, אויפן וועג קיין וואַרשע, פּלוצלינג געשטאָרבן אין שעדלעץ. די שטורמישע געשעענישן לאָזן נישט לאַנג טרויערן. אַוורעמלס אָרט פאַרנעמעןביילע יונהס (שפּעטער אַוועק קיין ראַטנ־פאַרבאַנד), יהושע רוזאַל (היינט אין אַרגענטינע), דוד בעקערמאַן (אומגעבראַכט אין ראַטנפאַרבאַנד), איצל ראַק (היינט אין ישראל), יאָסל טשאָפּ און אַנדערע.

1920, 1921. די באָלשעוויסטישע אַרמיי דערנענטערט זיך צו לאָשיץ. דער „בונד" גרייט פּאָרויס צו דעם „רעווקאָם" פאַרן שטעטל און די דעלעגאַציע וואָס דאַרף באַגריסן די אַריינמאַרשירנדיקע רויטע אַרמיי. שוין דעמלט באַווייזן זיך סימנים פון שפּאַלטונג. משה חכם דערקלערט זיך פאַר אַ קאָמוניסט און די רויט־אַרמייער שענקען אים מער אויפמערקזאַמקייט ווי דעם גאַנצן „רעווקאָם". די פרייד מיט די באָלשעוויקעס דויערט נישט לאַנג. די רויטע אַרמיי טרעט אייליק אָפּ אויף צוריק. דער בונדישער „רעווקאָם" לויפט מיט מיט דער אָפּטרעטנדיקער באָלשעוויסטישער אַרמיי, ער ווערט אָבער ביי ביאַליסטאָק אָפּגעשניטן און מוז צוריקומען קיין לאָשיץ. דאָ ווערן אַלע פאַרהאַלטן דורך דער פּוילישער מאַכט און אָפּגעפירט אין דער שעדלעצער תפיסה, אַ קריגס־

געריכט פאַרמשפּט חיים־נחום פרידמאַנען צום טויט און די איבעריקע אויף לאַנגע יאָרן תּפיסה. חיים־נחום ראַטעוועט זיך פון טויט נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ס׳איז אים געלונגען אין תּפיסה אַראָפּצוואַרפן זיך פון צווייטן שטאָק און צעברעכן הענט־און־פיס.

עס קומען אָן פאַר לאָשיץ שווערע צייטן פון רעאַקציע און אויך שווערע גורלדיקע טעג אין דער פּאַרטיי גופא. די דיסקוסיעס אַרום די „איין־און־צוואָנציק פּונקטן" נעמען אָן, אין לאָשיץ, אַ זייער שאַרפן כאַראַקטער. צו די דיסקוסיעס זענען געקומען פון וואַרשע הערשל הימלפאַרב און אַרטור זיגלבוים, און סלושנע פון שעדלעץ. די לאָשיצער אָרגאַניזאַציע ווערט צעפּרעסן דורכן „קאָמבונדיזם", וואָס רעדט איין די שטעטלדיקע בונדיסטן, אַז „קאָמבונד" מיינט נישט קאָמוניזם... די שפּאַלטונג־טענדענצן זענען גלייך אַריבער אין לעדער־פאַריין, ווו עס האָבן זיך געשאַפן צוויי פיינטלעכע לאַגערן. חברים, וואָס האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט שווערע הונגער־ און קאַמף־יאָרן, וואָס האָבן צוזאַמען געגעבן אינהאַלט און לעבן דער באַוועגונג אין לאָשיץ — שטייען איינע אַנטקעגן די אַנדערע ווי בלוטיקע שונאים, וואָס וואָלטן זיך קעגנזייטיק איינגעביסן אין די גאָרגלען. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון שוסטערס צעברעקלט זיך, די מייסטערס נוצן אויס די לאַגע און דערפירן צו אַ לאָקאַוט, וועלנדיק אַראָפּדריקן די לוינען.

דער „בונד" אין לאָשיץ, פון וועמענס רייען עס איז אַוועק די ווייט־גרעסטע מערהייט, הויבט ביסלעכווייז אָן קומען צו זיך, זיך אויפסניי צו אָרגאַניזירן, און שטיצט אונטער דעם לעדער־פאַריין אין זיין שווערן געראַנגל קעגן שטרייק־ברעכער. דער אומגעריכטער איבערפאַל פון דער לובלינער און שעדלעצער „דעפענסיווע" אויף אונדזער שטעטל, דאָס אַרעסטירן און פאַרמשפּטן אויף לאַנגע יאָרן תּפיסה מענטשן, וואָס האָבן קיין שייכות נישט געהאַט מיט קאָמוניזם, האָט צעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל און נישט ווייניק אויך דעם „בונד". עס האָט געמוזט דויערן אַ צייט ביז די פּאַרטיי איז געקומען צו זיך און געקאָנט פאָרזעצן איר טעטיקייט.

1924. דער „בונד" אין שטעטל האָט זיך צוריק אָרגאַניזירט. דער לעדער־פאַריין ראַנגלט זיך פאַר זיין פּרצוף און קיום. אַ טייל פון די אָנפירער זיצן אין תּפיסה, אַ טייל איז אויסגעשלאָסן און אַנדערע הויבן אָן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אויך איך מוז אַוועק. די פּאַרטיי האָט מיך געשיקט קיין זאַגלעמביע.

*

שווער צו פאַרצייכענען די נעמען פון אַלע, וועלכע האָבן מיט טיפער באַגייסטערונג און מסירת־נפש געוועקט דעם באַוווסטזיין פון די לאָשיצער אַרבעטער. איך האָב זיך שוין באַזונדער, ברייטער אָפּגעשטעלט אויף די געשטאַלטן פון אַווּרעמל שטריקער, בערל גוטמאַן און יאָשקע מינץ. איך וויל דאָ דערמאָנען נאָך איניקע נעמען, פון צווישן די, וועלכע האָבן אין שאַרפסטן

חושך געטראָגן אין שטעטל דעם סאָציאַליסטישן ליכטיקייט־פּאַקעל, ביז פּאַרשי־דענע טויטן האָבן זיי אַרויסגעריסן פון די רייען פון לאָשיצער אַרבעטער, אויסער צוויי־דריי, וועלכע לעבן היינט אין ישראל און אַרגענטינע.

ביילע יונהס, אַ מיידל פון אַ בירגערלעכער היים, ווערט אין די רייפסטע יאָרן אַנגעשטעקט מיט בונדיזם און אַרבעט מיט מיט אַוורעמל שטריקער אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַליין אַ לערערין פון באַרוף, האָט זי געהאַט אַ ברייט פעלד פון אַרבעט צווישן דער לאָשיצער יוגנט. אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד מיט די באָלשעוויקעס אין 1921.

דוד בעקערמאַן, אַ זון פון אַ רייכער היים אין לאָשיץ, רייסט ער איבער מיט דער רייכקייט, ווערט אַן איבערגעגעבענער בונדיסט און אַרבעט מיט ברען אויפן קולטור־געביט. אויך אַוועק מיט דער סאָוויעטישער אַרמיי אין 1921 קיין ראַטנפאַרבאַנד. זיין גורל — אומבאַקאַנט.

יהושע רוזאַל (שיע פּאַליק), איצט אין אַרגענטינע, און איצל ראַק, איצט אין ישראל,ביידע קינדער פון בירגערלעכע היימען, ווערן גאָר יונג אָגעשטעקט מיט בונדיזם און גיבן שפּעטער אַ גרויסן צושטייער צו פאַרברייטערן און פארטיפן די בונדישע באַוועגונג אין לאָשיץ.

ראובן טראַטש, אַ פעיקער יוגנטלעכער טוער, רוקט זיך אַרויס צווישן די אָנפירער פון „צוקונפט" אין לאָשיץ. עס ציט אים דער ראַטנפאַרבאַנד, וווהין ער קומט דורך וועגן און אומוועגן, און ווערט דאָרט אומגעבראַכט פאַר טראָצקיזם.

זלמן שמעונס און יאָסל מאַן, ביידע פירער פון „בונד" אין לאָשיץ, בלייבן אויף זייערע פּאָסטנס ביז די לעצטע מינוטן, און טיילן דעם ביטערן גורל פון אַלע יידן אין שטעטל — זיי ווערן אומגעבראַכט דורך די נאַציס בעת דער גרויסער קאַטאַסטראָפע.

שמאי ניעביעסקי (איצט אין אַרגענטינע), יאָסל חיה־מאַליעס (אומגעקומען אין אוישוויץ), מנשה ווישניע (אומגעבראַכט דורך די נאַציס), און נאָך און נאָך, האָבן אַלע צוגעהאָלפן געשטאַלטיקן דאָס יידישע לעבן אין לאָשיץ.

אַ סך טוער, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אַרויסגערוקט ווי אָנפירער מיט דער באַוועגונג אין לאָשיץ, האָב איך נישט געקענט, ווייל איך האָב שוין דעמלט נישט געלעבט אין שטעטל. איין זאַך אָבער ווייס איך, דאָס האָב איך געזען און געפילט יעדעס מאָל, ווען איך בין נאָך געקומען אין שטעטל אַריין, ווען מיר איז אויסגעקומען צו רעדן פאַר די לאָשיצער אַרבעטער, סיי בונדיסטן

און סיי נישט קיין בונדיסטן, — די פאָן פון „בונד" און די פאָן פון פּראָפּעסיאָ־נעלן לעדער־פאַריין זענען קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון געטרייע, איבערגעגעבענע הענט. אָפטמאָל זענען די פענער געטראָגן געוואָרן אין שרעקלעכן שטורעם, דורך שטאַרקע געוויטערן, אָבער שטענדיק מיט טיפן גלויבן, אַז נישט ווייט איז די צייט, ווען זון און פרייד וועלן אַרומנעמען אונדזער גאַנץ שטעטל.

1939. אַ מיאוסע רעגן־נאַכט האָט מיך צוריקגעבראַכט אין מיין שטעטל אריין. מיין „באַגאַזש" איז באַשטאַנען פון אַכט קאָמוניסטן און איין בונדיסטקע, פון זאַגלעמביע, וועלכע איך האָב געוואָלט ראַטעווען פון די נאַצישע נעגל און זיי אַריבערפירן איבערן בוג, לעבן לאַשיץ, צו די סאָוויעטן. מיר איז נאָך דעמלט געלונגען צו האָבן אַ צוזאַמענטרעף מיט אַ שפּאָר ביסל בונדיסטן אין לאַשיץ. אַלע דערקלערן מיר דאַן קאַטעגאָריש, אַז זיי בלייבן אויפן אָרט און גרייטן צו אַן אונטערערדישע טעטיקייט, — אין דער טראַדיציע פון „בונד", אין דער טראַדיציע פון דער לאַשיצער אַרבעטער־באַוועגונג.

יוסף פרידמאַן (יאָסל באָביק)

## די אַלגעמיין־ציוניסטישע באַוועגונג

אונדזער שטעטל לאַשיץ, ווי די מערהייט אַזעלכע שטעטלעך אין פוילן, איז ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען און נישט אַרויסגעוויזן קיין צייכן פון אַן אויפוואַכנדיקן לעבן. איך וועל איבערגעבן אַן אינטערעסאַנטן פאַקט פון יענע צייטן. איך, מיט נאָך אַ פּאָר בחורים, וועלכע האָבן צוזאַמען געלערנט אין גערער שטיבל, האָבן איינמאָל אַבאָנירט די דעמלטיקע העברעישע צייטונג „הצופה". ווען די חסידים זענען דערפון געוויר געוואָרן, איז געוואָרן חושך אין שטיבל, מען האָט נישט געוווסט וואָס מיט אונדז צו טאָן. נאָך אַ באַראַטונג פון עטלעכע טעג האָט מען אונדז פאָרגעלייגט: גלייך אָפּשטעלן די צייטונג און אַלס סימן פון חרטה זאָלן מיר אָנטאָן אונטער די היטלען יאַרמולקעס. מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן און אַריבער לערנען פון שטיבל אין בית־מדרש אריין. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אונדז פאָרגעלייגט אַ קאָמפּראָמיס: יאַרמולקעס — ווער עס וויל, נאָר די צייטונג מוזן מיר אויפגעבן, ווייל — האָבן זיי געטענהט — „,הצופה לרשע', דער ,הצופה' איז נאָר פאַר אַ רשע וועגן..."

ווען עס איז אין 1904 געשטאָרבן דער גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם, ד"ר הערצל, האָבן מיר, די יונגע בחורים, פיל וועגן דעם גערעדט צווישן זיך און, געוויינלעך אין דער שטיל, געטרויערט נאָך דער אבידה שאינה חוזרת, אָבער

רעדן דערפון בפומבי האָבן מיר נישט געוואַגט. איך וויל נישט זאָגן, אַז מען האָט דעמלט אין שטיבל געטרונקען לכבוד הערצלס טויט בראָנפן און זיך געווונטשן „לחיים", אָבער געטרויערט האָט מען זיכער נישט. אין דער זעלבער צייט האָט זיך שוין אין לאָשיץ געהאַט אָרגאַניזירט דער „בונד", נאָר אים האָט מען אין די חסידישע קרייזן איגנאָרירט. „ציציליסטן" — דאָס זענען דאָך גנבים, אויסוורפן, איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן, — מיט זיי וועט זיך קיין באַלעבאַטיש קינד נישט חברן, פאַר זיי איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן...

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 און דאָס אָנקומען פון די דייטשן, איז געווען פונקט ווי מען זאָל עפענען אַ פענצטער צו דער וועלט, — עס האָבן אַ בלאָז געטאָן נייע ווינטן, מיט פרישער לופט. געווירקט האָבן דערצו פיל סיבות, אָבער, דער עיקר, די נייע עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געמעגט האַנדלען מיט תבואה נאָר דער וואָס האָט באַקומען פון דער שטאָט־קאָמענדאַנטור אַ ספּעציעלע דערלויבעניש („שאַין"). מיט דער דערלויבעניש האָט מען געמעגט גיין איבער די דערפער איינקויפן תבואה, וועלכע מען האָט אָבער געמוזט פאַרקויפן דער אָפיציעלער דייטשער איינקויף־שטעלע. די דערלויבענישן פלעגט מען אין דער קאָמענדאַנטור אַרויסגעבן נאָר שבת. די עלטערע רייכע תבואה־סוחרים זענען געווען פרומע יידן און זיי זענען שבת נישט געגאַנגען אַרויסנעמען די דאָזיקע „שאַינען". דאָס האָבן געטאָן נאָר יונגע בחורים. מיט אַזאַ „שאַין" פלעגט מען לויפן איבער די דערפער איינקויפן אַ פאָר קערץ תבואה, דערביי פלעגט מען שוין אריינשמוגלען אין שטעטל אריין אַ פאָר זעקלעך תבואה, אויסער דער, וואָס מ'האָט געמוזט פאַרקויפן די דייטשן, און אַנדערע זאַכן, וואָס מען פלעגט פאַרקויפן פאַר הויכע פרייזן אויפן „שוואַרצן מאַרק". פיל זענען דעמלט דערביי רייך געוואָרן, זיך „אַרויפגעאַרבעט", ווי מען האָט געזאָגט. פון דער צווייטער זייט, האָט אַ טייל יידן פשוט געהונגערט. עס האָבן זיך האַסטיק געענדערט באַגריפן און מנהגים אין שטעטלשן לעבן. די עלטערע פרומע יידן האָבן גענומען אַראָפּבויגן די קעפּ און מער נישט געקאָנט הערשן איבער די קינדער, וועלכע זענען געוואָרן די פּרנסה־געבערס. די פּרנסה וואָס איז געקומען פון „שבת־שאַין", שמוגלעריי און איינשטעלעניש, האָט שוין ממילא געווירקט אויף דער יוגנט זי זאָל אויפהויבן די קעפּ און נישט לאָזן זיך זאָגן דעות פון די עלטערן.

*

אין די יאָרן 16־1917 האָבן, טראָץ דער מלחמה, גענומען אריינדרינגען צווישן דער יוגנט אין לאָשיץ נייע פּאָליטישע אידייען. אונטער דעם איינדרוק פון די מלחמה־ליידן, האָט מען אין די באַלעבאַטישע קרייזן אָנגעהויבן רעדן וועגן ארץ־ישראל אַלס היים פאַרן געפּייניקטן יידישן פאָלק. אין יענער צייט

האָבן מיר, פינף פערזאָן, — גדליהו לעווין, הערשל קאַרטש, מעלע גרינבערג, רייכל שינקאַרזש און דער שרייבער פון די שורות, אברהם פינקוס — ספּאָנטאַן זיך פאַרזאַמלט און געגרינדעט אין לאָשיץ די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „אגודת הציונים בלושיץ". יעדער האָט זיך פאַרפליכטעט צו ווערבירן זעקס חברים פאַר דער אָרגאַניזאַציע. באַלד האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל ביי יאַנטשע־פּיני אין הויז, אויף דער ביאַלער גאַס. צום אָנדענק־טאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע פון 2־טן נאָוועמבער 1917 האָבן מיר דורכגעפירט אַ שיינע און רירנדיקע מאַניפעסטאַציע, וואָס לאָשיץ האָט זעלטן אַזעלכע געזען. איך געדענק נאָך ווי היינט דאָס בילד: אַ מאַן הונדערט, בחורים און מיידלעך, האָבן אַרויסגעמאַרשירט שורותווייז, אויסגעשטעלט גלייך. בראש האָט געטראָגן די ווייס־בלויע פאָן ניסן פלאָט (שייע באָדניקס זון). דער עולם האָט געזונגען פאַרשידענע ציוניסטישע לידער. מיר זענען אַרומגעגאַנגען דעם גאַנצן מאַרק און זיך אָפּגעשטעלט לעבן אייזיקל בעקערס שטוב. דאָרט האָט פון באַלקאָן געהאַלטן אַ רעדע דער דענטיסט פוקלער. ער האָט גערעדט וועגן גלות און זיינע ליידן און די אויסזיכטן פאַר פרייהייט אין אַן אייגענער מדינה אין ארץ־ישראל. ביי די אויסגעשרייען: „תחי מדינת ישראל!", „יחי בלפור!" און מיטן געזאַנג „עוד לא אבדה תקוותנו", האָבן מיר אַריינמאַרשירט אין אונדזער לאָקאַל. לאָשיץ האָט געגאַפט. דאָס שטעטל האָט נאָך אַזעלכעס נישט געהאַט געזען. וואָכנלאַנג איז די ציוניסטישע מאַניפעסטאַציע געווען די טעמע פון אַלע געשפּרעכן.

אין לאָקאַל האָבן מיר, אויסער דער ציוניסטישער אַרבעט, ווי דער פאַרקויף פון שקלים, זאַמלונגען פאַר קרן־קימת־לישראל, אויך איינגעאָרדנט שבת־פאָרלעזונגען. גדליהו לעווין, מעלע גרינבערג און איך האָבן, לויט דער ריי, שבת־ביי־שבת געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף פאַרשידענע ציוניסטישע און אַלגעמיין־פּאָליטישע טעמעס.

אַזוי איז געגאַנגען אונדזער אַרבעט און פון טאָג צו טאָג איז אונדזער אָרגאַניזאַציע געוואָרן גרעסער און שטאַרקער אין כמות און אין איכות. עס איז צוגעקומען אַ מער אינטעליגענטער עולם, אַ שיינע ערנסטע יוגנט.

גדליהו לעווין, אַ באַוווסטזיניקער, אינטעליגענטער בחור. ער איז קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן פון זיינער אַ שטעלונג און זיך פעסט געהאַלטן ביי זיינע פּרינציפּן. ער וואָלט זיך געלאָזט הרגענען פאַר אַ „קוצו של יוד" פון זיין פּראָגראַם. אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין טרעבלינקע, דעם 22־טן אויגוסט 1942.

מעלע גרינבערג האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער לאָשיצער פאַמיליע. ער האָט שוין אין חדר אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און האָט דערנאָך געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, ווו ער איז באַקאַנט געווען אַלס „לאָשיצער


מעלע גרינבערג

עילוי". ער איז, אָבער, יונג אַרויס „לתרבות רעה" און גענומען לערנען וועלטלעכע לימודים, לייענען אין געהיים העברעישע, יידישע, רוסישע און פוילישע ביכער. זיין ציל, צו דערגרייכן אַלגעמיינע רעגולערע בילדונג, האָט ער נישט באַוויזן דורכצופירן און איז געבליבן אַן אויטאָדידאַקט. ער האָט אָבער אַליין דערוואָרבן פיל וויסן, גוט געקענט די נייע און אַלטע העברעישע און אייראָפּעישע ליטעראטור און עטלעכע שפּראַכן. ער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער בוכהאַלטער. באַקאַנט געווען מיט זיין אָרנטלעכקייט און אָפּגעהיטנקייט אין מידות. ער איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַן איבערגעגעבענער ציוניסט, שטענדיק טעטיק און אַ כלל־טוער אין די שטאָטישע מוסדות אלס פאָרשטייער מצד דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער איז לאַנגע יאָרן געווען ראַטמאַן פון לאָשיצער שטאָט־ראָט. אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין טרעבלינקע, אין אָקטאָבער 1942.

**רייכל שינקאַרזש**, יצחק שוחטס טאָכטער. אַן איידעלע און פיינפילנדיקע פרוי, אַ קלוגע, אַרבעטזאַמע און גוטע אָרגאַניזאַטאָרין. געקאָנט גוט תנ"ך און פיל געלייענט. אַ לאַנגע צייט איז זי געווען די מורשה פון קק"ל אין לאָשיץ. טראָץ איר שווערער מאַטעריעלער לאַגע, ווען זי האָט צוזאַמען מיט איר מאַן געפירט דאָס געוועלבל און דערצויגן אירע קינדער, האָט זי געפונען שטענדיק צייט זיך צו באַשעפטיקן מיט ציוניסטישער טעטיקייט, ספּעציעל אין ועד פון קרן־קימת־לישראל. די לעצטע יאָרן האָט זי געוווינט אין סעמיאַטיטש, ווו זי איז אומגעבראַכט געוואָרן, צוזאַמען מיט אירע קינדער, דורך די נאַצישע חיות.

*

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט אין 1918, איז די נויט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָשיץ געווען אומגעהויער, — מען האָט פשוט געליטן הונגער. דעמלט האָט אָנגעהויבן קומען פון אַמעריקע הילף דורכן „דזשאָינט". איך מיט הערשל קאַרטש זענען אייניקע מאָל געפאָרן קיין שעדלעץ, ווו עס האָט זיך געפונען דער קרייז־סקלאַד פון „דזשאָינט", און מיר האָבן געבראַכט קיין לאָשיץ מלבושים, שפּייז און אויך אַ שיינע סומע געלט. אין שעדלעץ האָט מען אונדז געהייסן שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט, מיטן אָנטייל פון אַלע פּאַרטייען, וועלכע עקזיסטירן אין שטעטל, כדי צו צעטיילן די באַקומענע הילף. אַזוי ווי אויסער די ציוניסטן איז אין לאָשיץ געווען דאַן נאָר איין פּאַרטיי, דער „בונד", האָבן

מיר צונויפגעשטעלט אַ קאָמיטעט פון 12 פערזאָן מיטן פאָלגנדיקן אָנטייל: 3 חסידים, 3 בעלי־מלאכהס, 3 פון „בונד" און 3 ציוניסטן. מיר האָבן פאַנאַנדערגע־טיילט די הילף פאַר די סאַמע נויטבאַדערפטיקסטע. דאָך זענען פאָרגעקומען אינעם קאָמיטעט שאַרפע רייבונגען בנוגע דעם, ווער עס איז באמת נויטבאַדערפטיק. עס האָבן זיך אָפט געשאַפן צוויי גלייכע קעגנערישע צדדים — דער „בונד" מיט די האַנטווערקער פון איין זייט און מיר, די ציוניסטן מיט די חסידים, פון דער צווייטער זייט. די חילוקי־דעות האָבן געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן דורכ־געפירט עס זאָל געעפנט ווערן אַ פאָלקס־קיך, ווו יעדער, אָן אויסנאַם, וואָס וועט נאָר קומען און פאַרלאַנגען, זאָל באַקומען אַ פאָרציע עסן מיט געבעקס פאַר איין פערזאָן. מיט דער קיך האָבן אָנגעפירט הערשל אַפעל, טוביה־יחיאל דאָבזשינסקי און איטשע סקאַלימאָוויטש, אונטער דער אויפזיכט פונעם קאָמיטעט.

אין דער צייט פון דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, ווען די רויטע אַרמיי איז דערגאַנגען ביז הינטער וואַרשע און לאָשיץ איז אָקופּירט געוואָרן דורך די סאָוויעטן, האָט זיך אונדזער הילפס־אַרבעט אָפּגעשטעלט, ווייל די מיטלען פונעם הויפּט־קאָמיטעט פון „דזשאָינט" אין וואַרשע, זענען מער נישט אָנגעקומען אין אונדזער געגנט. די לאַגע פון די אָרעמע שיכטן אין לאָשיץ איז דאַן טאַקע געוואָרן זייער אַ שווערע. עס איז געווען אַ גרויסער הונגער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל און מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט העלפן.

*

אַ צייט שפּעטער האָט זיך דער „בונד" געשפּאָלטן און די מערהייט פון זיינע אָנהענגער זענען געוואָרן קאָמוניסטן. די שפּאַלטונג האָט אָפּגעשוואַכט זייער אַלגעמיינע פּאָזיציע אין שטעטל און דעריבער איז אונדזער איינפלוס געוואָרן שטאַרקער און פעסטער. עס זענען אונדז צוגעקומען פרישע כוחות, ווי יאַנקל ליבעס, יאַנקל צוקערמאַן, גאָדל ראָזענבאַנד און יאַנקל גינזבורג. ווען עס זענען אין יאָר 1921 פאָרגעקומען די ערשטע וואַלן צו די שטאָט־ראַטן אין זעלבשטענ־דיקן פוילן, האָבן מיר אַרויסגעשטעלט אַן אייגענע ציוניסטישע ליסטע און דורכגעפירט צוויי ראַטמענער צום לאָשיצער שטאָט־ראַט. אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 12 ראַטמענער, האָבן די יידן געהאַט אַ מערהייט — 7. עס זענען דעמלט אויסגעוויילט געוואָרן: פון די חסידים — הערשל אַפּעל און מאיר קראַקאָוויאַק; פון דער האַנטווערקער־ליסטע — אלתר־העניעס אַ שוואָגער (דעם נאָמען געדענק איך נישט) און מעלע גרינבערג; פון דער ציוניסטישער ליסטע — בעריש לאַנדוי און יאַנקל ליבער; און דוד יאַגאָדזשינסקי — אַן אומפּאַרטייאישער. יאַנקל ליבער האָט זיך דאַן באַלד אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע און איך בין אַריין אויף זיין אָרט אין שטאָט־ראַט פון דער ציוניסטישער ליסטע. דעם אַמט האָב איך כסדר פאַרנומען, ביז די לעצטע וואַלן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין דער צייט ווען עס האָט געהערשט אין פוילן דער „אָזאָן" און די רעגירונג האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו היטלערן, ווען עס האָבן זיך

אָנגעהויבן די אַנטי־יידישע עקסצעסן, ווי אַ פאָרשפּיל צו די שפּעטערדיקע נאַצי־רציחות, און אין פּוילישן סיים האָט די טרויעריק־באַרימטע פּריסטאָראָוואַ געפאָדערט צו פאַרבאָטן די כשרע יידישע שחיטה, — דעמלט זענען פאָרגעקומען שטאָט־ראַט־וואַלן, ביי וועלכע מען האָט מיט אַלע מיטלען נישט דערלאָזט, אַז עס זאָלן אויסגעוויילט ווערן יידן. אין די דאָזיקע לעצטע וואַלן זענען שוין געוויילט געוואָרן אין שטאָט־ראַט נאָר צוויי יידן, — גרשון לעווין און יהושע ראָזענצווייג.

אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אין די יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות כסדר געוואָקסן און זיך אַנטוויקלט. עס האָט זיך פיל געהויבן איר השפּעה ווען גאָדל ראָזענבאַנד האָט איבערגענומען און אָרגאַניזירט דעם סעקרעטאַריאַט. צוזאַמען מיט אים האָט געאַרבעט אינערהאַלב דער אָרגאַניזאַציע חייטשקע (חיה־רחל ביאַלי־קאַמיען, גאָדלס פרוי), זיי האָבן געפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער ציוניסטישער אידייע, געהאַלטן פאָרלעזונגען, אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן, וווּ מען האָט געשמאַק געלערנט העברעיש. אין דער צייט האָבן מיר אין לאָקאַל געעפנט אַ שיינע ביבליאָטעק מיט פיל יידישע, העברעישע און פּוילישע ביכער. די מיטגלידער האָבן זיך שטאַרק באַנוצט מיט דער ביבליאָטעק.

דעם 1־טן אַפּריל 1925, אין טאָג ווען עס איז אין ירושלים דערעפנט געוואָרן די העברעישע אוניווערסיטעט, האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ גרויסע פייערונג. נישט האָבנדיק קיין זאַל, וואָס זאָל קאָנען אריינעמען אַ גרויסן עולם, האָבן מיר איינגעאָרנדט דעם אָוונט אין ראובן גרינבערגס געמויערטן שפּייכלער. עס איז געקומען אַ גרויסער און פאַרשידנאַרטיקער עולם, אפילו נישט קיין אָפיציעלע ציוניסטן. די פייערונג האָב איך דערעפנט מיט אַ קורצער העברעישער רעדע. דערנאָך האָבן גערעדט: בעריש לאַנדוי, גאָדל ראָזענבאַנד און מעלע גרינבערג.

אונדזער אַלגעמיין־פּאָליטישע אַרבעט איז געווען ספּעציעל אַקטיוו פאַר די וואַלן צו יעדן פּוילישן סיים. עס דערמאָנען זיך מיר די וואַלן, ווען אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן זענען געגאַנגען צוזאַמען צו די סיים־וואַלן. די מינדערהייטן האָבן זיך פאַרייניקט, כדי דורכצופירן אַ גרעסערע צאָל דעפּוטאַטן, לויט זייער פּראָפּאָרץ אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון לאַנד, צו וואָס די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט נישט דערלאָזן, דורך אַ קינסטלעכער קרייז־איינטיילונג. אָנגעפירט מיט די וואַל־צוגרייטונגען אויף דער יידישער גאַס האָט דעמלט יצחק גרינבוים. אין דער קרייז־שטאָט ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ, צו וועלכער לאָשיץ האָט געהערט, איז דאַן פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. פון לאָשיץ זענען צו דער קאָנפערענץ געשיקט געוואָרן הערשל קאַרטש, גדליהו לעווין און איך. עס זענען אויף דער קאָנפערענץ אַרויסגעטראָטן יצחק גרינבוים, העשל פאַרבשטיין און אדוואָקאַט האַרטגלאַס. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז אַלע יידן מוזן שטימען אויף דער

ליסטע פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אויף וועלכער עס האָט פיגורירט בראש אין ביאַלער וואַל־קרייז אדוו. אַפּאָלינאַרי האַרטגלאַס, וועלכער איז טאַקע אויסגע־ווײלט געוואָרן אין סיים אַריין. אַדאַנק אונדזער פּראָפּאַגאַנדע האָבן די לאָשיצער יידן, אין זייער מערהייט, געשטימט פאַר דער דאָזיקער ליסטע.

די שפּעטערדיקע יאָרן האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ קיל ווינטל אין אונדזער אָרגאַניזאַציע. מיט דער פאַנאַנדערטיילונג אין וואַרשע אויף „עת לבנות" און „על המשמר", האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ שפּאַלטונג אין אונדזערע לאָשיצער רייען.

דער סוף צו דער באַוועגונג איז אָבער געקומען דורך דער בלוטיקער אויסראָטונג פון דער גאַנצער יידישער קהילה דורך די נאַציס.

אברהם פינקוס



הסתדרות „החלוץ", לאָשיץ 1932. פון רעכטס אויף לינקס: ערשטע שורה — לאָשיצע נח, ביאַליקאָמיען אברהם־יצחק, זעמעל שרה, זילבערקראַנץ שיינדל, ראָזנבאנד זלמן, רוזאל דוד; צווייטע שורה — שערץ אייזשע, יאַגאָדזשינסקי טילע, כהן יידל, ראָזענבאַנד גאָדל, זעמעל לייבקע, וויינמאַן וועלוול, פּאָלאַקעוויטש יוכבד, גאָלדמאַן בענדעט; דריטע שורה — האָכמאַן משה, פייגנבלום יצחק, ביאַליקאָמיען יהודה, גרינבערג עטל, וויינמאַן נח, זעמעל דוד, וורובעל הערשקע

## ביי געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אין שטעטל

כאָטש איך האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל נאָך גאַנץ יונג, בין איך פריער לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער און פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לאָשיץ. דאָס זענען געווען מיינע בעסטע יוגנט־יאָרן און די איינדרוקן און זכרונות פון דעמלט וועלן שטענדיק בלייבן טיף איינגעקריצט אין מיין האַרץ.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין איינער פון די גרינדער און שטיין בראש




הסתדרות „החלוץ" אין לאָשיץ, אין 1932. פון רעכטס צו לינקס: 1־טע שורה — מאַנדלבוים חוה, פינקלשטיין פּײגע, האָכמאַן שרה, כהן מינדל, וויינשטאָק שיינדל; 2־טע שורה — גראָסמאַן שרה, וואַקסמאַן מיכאל, זילבערמאַן פייגע, גאָלדבאַנד חיה, רוזאל דוד, גאָלדבאַנד בעלטשע, קראַקאָוויאַק מלכה; 3־טע שורה — ליבערמאַן אברהם, יאסטשאָמב לאהטשע, לעווין משה, הערץ שפּרינצע, זאַלצמאן לייזער, בלאָשטיין טעמע, שטיינמאן וועלוול, עלזאָן יצחק

פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג „פרייהייט" אין לאָשיץ, ווי פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" אין אונדזער שטעטל.

נישט לייכט איז געווען די וועלטלעכע פּאָליטיש־קולטורעלע טעטיקייט אין אַ שטעטל, ווו עס האָבן דורות־לאַנג געהערשט פאַנאַטיש־פרומע יידן און ווו דאָס גאַנצע לעבן איז געלעגן אונטער אַ רעליגיעזן חותם.

פאַר אונדז, היינט, איז אָפּט שוין שווער צו באַגרייפן די קאַמפן צווישן די חסידים און מתנגדים — צי מען זאָל אָנהויבן דאָס דאַוונען פון „מה־טובו"

אָדער „הודו״, וואָס זענען ביי אונדזערע עלטערן, זיידעס, געשטאַנען „ברומו של עולם״. די יוגנט, וואָס האָט זיך גענומען אָפּרייסן פון דאָזיקן אַלטן וועג, אָנגעהויבן זאָרגן וועגן אַנדערע זאַכן, האָט געהאַט גרויסע שטערונגען, סיי ענג־פאַמיליאַרע, ביי די פרומע עלטערן, סיי געזעלשאַפטלעכע מצד די קהילה־אָנפירער.

דאָס אַלץ האָט אָבער דער לאָשיצער יידישער יוגנט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון אָנהויבן אַ ניי וועלטלעך לעבן און נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

אַנטקעגן די מתנגדים און חסידים, צעטיילטע אין די פאַרשידענע שטיבלעך, אָנהענגער פון פאַרשידענע רביים, — זענען פאַר מיינע יוגנט־אויגן אויסגעוואַקסן אַלערליי פאַרטייען. אָנגעהויבן פון דער „אגודה״, דורך „מזרחי״, אַלגעמיינע ציוניסטן, „פועלי־ציון״, „החלוץ״, ביז „בונד״ און קאָמוניסטן. ווי מיט איינמאָל, דוכט מיר, זענען אויסגעוואַקסן אין לאָשיץ די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען פון אַלע שאַטירונגען, ווי „פרייהייט״ און „השומר הצעיר״, אַ „תרבות״־אָרגאַניזאַציע און נאָך און נאָך.

מען מוז מודה זיין, אַז די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אויסגעאיבט אַ גרויסע השפעה אין לאָשיץ און געהאַט אַ געוואַלדיקן איינפלוס אויף דער יוגנט. די קאָמוניסטן זענען געווען גוט אָרגאַניזירט און אַ לאַנגע צייט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין לאָשיץ. פאַר יעדן ערשטן מאַי פלעגן די ווענט זיין באַקלעפּט מיט אומלעגאַלע קאָמוניסטישע אויפרופן, אויף די טעלעפאָן־דראָטן זענען געהאָנגען רויטע פענער. די לאָשיצער פּאָליציי אַליין האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן און צום ערשטן מאַי פלעגן אַראָפּקומען אין שטעטל אַריין פּאָליציי־פאַרשטאַרקונגען פון שעדלעץ.

די לאָשיצער פּאָליציי האָט מיט אַלע כוחות, מיט דראָאונגען און שיקאַנעס געוואָלט כאַפּן די שולדיקע, און ווען דאָס האָט זיך איר נישט איינגעגעבן — האָט זי אַרעסטירט אומשולדיקע. אַזוי איז אַרעסטירט געוואָרן בנימין זילבערשטיין (לעבט היינט אין פּאַריז), אַ טעטיקער ציוניסט. ווען ער האָט אַן אָוונט, אַרויסגייענדיק פון „תרבות״־קלוב, זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ וואַנט איבערלייענען אַ קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציע, האָט מען אים אַרעסטירט, באַשולדיקט, אַז ער האָט זי אויפגעקלעפּט און, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט און עדות־געזאָגט, אַז ער איז אַן אַנטי־קאָמוניסט, האָט מען אים פאַרמשפּט אויף עטלעכע יאָר תפיסה.

אויך איך בין דעם ערשטן מאַי 1929 אַרעסטירט געוואָרן. אַזוי ווי מיר האָבן געוווינט אין צענטער פון שטעטל און פּונקט אַנטקעגן אונדזער פענצטער איז אויף די טעלעפאָן־דראָטן פאַרוואָרפן געוואָרן אַ רויטע פאָן, האָט מען פון מיר געוואָלט זיך דערוויסן ווער עס האָט זי אויפגעהאָנגען. פאַרשטייט זיך, אַז איך וואָלט זיי נישט געזאָגט אפילו ווען כ׳זאָל האָבן געזען ווער דאָס האָט געטאָן, בפרט ווען איך האָב עס נישט געזען און נישט געוווּסט. עס האָט נישט

געהאָלפן, וואָס איך בין ביי דער מאַכט געווען פאַרשריבן אַלס אָפיציעלער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די „פועלי־ציון״־ און „פרייהייט״־אָרגאַניזאַציעס, און באַקאַנט געווען אַלס קעגנער פון קאָמוניזם — מען האָט מיך מיטן „עטאַפּ״ געפירט צופיס 35 קילאָמעטער, קיין יאַנאָוו־פּאָדלאַסקי, ווו עס האָט זיך דאַן געפונען די פּאָוויאַט־מאַכט. פון דאָרט האָט מען מיך אָפּגעפירט קיין ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ צום אויספאָרשונג־ריכטער און אין טורמע אַריין. מיט פאַרשידענע דראָונגען האָט מען פון מיר געפרוווט דערגיין ווער עס האָט געקלעפּט די קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס און געהאָנגען די רויטע פענער.

איך האָב זיך געגרייט צו זיצן אַ פּאָר יאָר אין טורמע. עס האָבן אָבער לטובת מיר אינטערווענירט די יידישע קהילה, דער מאַגיסטראַט און אפילו דער גלח פון שטעטל האָט עדות־געזאָגט, אַז איך בין אַ שאַרפער קעגנער פון די קאָמוניסטן און פיר קעגן זיי אַ שטענדיקן קאַמף. דאָס האָט געהאָלפן און נאָך צען טעג בין איך באַפרייט געוואָרן. מען האָט דאָס דעמלט געהאַלטן פאַר אַ ספּעציעלן גליקלעכן אויסנאַם־פאַל, ווייל בדרך־כלל האָט מען שוין פאַר אַזעלכע באַשולדיקונגען אין דעמלטיקן פּוילן אויסגעזוכט „באַווייזן״ און פאַרמשפּט אויף עטלעכע יאָר תפיסה.

די קאָמוניסטן, נישט אָפּשרעקנדיק זיך פאַרן פּאָליצייאישן טעראָר, האָבן אַליין מיט געוואַלט־מיטלען געפרוווט באַהערשן דאָס עפנטלעכע לעבן אין לאָשיץ. זיי האָבן זיך דערביי נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין בלוטיקע אָנפאַלן.

די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל״ האָט איינמאָל איינגעלאַדן אויף אַ רעפעראַט דעם שליח פון ארץ־ישראל, ח׳ אַנטאָוויל. מיר האָבן געמאַכט גרויסע צוגרייטונגען צו דער פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער דער גאַסט איז אַרויס־געטראָטן, אין גרויסן זאַל פון דער פייערלעשער־רעמיזע.

מיר האָבן געוווסט, אַז די קאָמוניסטן ווילן אויפרייסן די דאָזיקע פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע פאַר ארץ־ישראל. מיר האָבן דעריבער אָרגאַניזירט אַ מיליץ, וועלכע זאָל היטן דעם אריינגאַנג און אריינלאָזן נאָר מענטשן מיט איינלאַדונגען. מיר זענען איינגעגאַנגען אריינצולאָזן אַ 8—10 קאָמוניסטן וועלכע וועלן צוזאָגן רואיק און קולטורעל צו אָפּאָנירן דעם רעדנער.

דער זאַל איז געווען איבערפולט. עס זענען געקומען יידן פון אַלע קרייזן, אויסער קאָמוניסטן. אַזוי ווי די לעצטע האָבן זיך נישט געקאָנט אריינבאַקומען אין זאַל, זענען זיי באַגאַנגען אַ העסלעכן טאַט. אויפן וועג צום זאַל זענען זיי באַפאַלן דעם שליח פון א״י, און מיט מעסערס פאַרוווּנדעט אים און די חברים וואָס האָבן אים באַגלייט, גד ראָזענבאַנד און לייב זעמעל. אונדזערע חברים זענען גלייך געקומען צולויפן אויפן אָרט און עס איז אויסגעבראָכן אַן אמתע שלאַכט. די פייערלעשער האָבן מיט אַ שטאַרקער וואַסער־שפּריץ צעטריבן די שטרייטנדיקע.

די קאָמוניסטן האָבן מיטן איבערפאַל געוואָלט שאַפן אַ פּאַניק־שטימונג, כדי

די פאַרזאַמלטע זאָלן זיך צעלויפן. דאָס האָט זיך זיי אָבער נישט איינגעגעבן. איך בין געווען פאָרזיצער פון דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג און האָב זיך געוואָנדן צום פאַרזאַמלטן עולם, אַז אַלע זאָלן בלייבן אויף די פלעצער, רואיק וואַרטן אויפן גאַסט פון ארץ־ישראל און נישט דערמעגלעכן די שטערער צו דערגרייכן זייער ציל. דער גאַנצער עולם איז טאַקע געבליבן געדולדיק אין זאַל. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פאַרשפעטיקונג, ווייל מען האָט די פאַרוואונדעטע געמוזט פאַרבאַנדאַזשירן. דער שליח אַנטאָוויל און לייב זעמעל



לאַשיצער יוגנט אויף ראָווערן, ביי דער באַן־סטאַציע אין ניעמאַיקי, אָפּוואַרטנדיק דעם ארץ־ישראל־שליח אַנטאָוויל

זענען אַרויפגעקומען אויף דער טריבונע מיט באַנדאַזשן אויף די קעפּ און אויפגענומען געוואָרן דורכן עולם מיט אַ שטורמישער אָוואַציע. די פאַרזאַמלונג איז אַדורך אָן שטערונגען.

אַרבעטנדיק אין לאַשיץ אַלס שטעפּער, בין איך געווען אַ מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן לעדער־אַרבעטער־פאַריין, וואָס איז געווען אָנגעפירט דורך די קאָמוניסטן. זייענדיק טעטיק אין פאַריין, בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער שטעפּער־סעקציע. די קאָמוניסטישע פירער האָט שטאַרק נישט געשמעקט, וואָס אַן אַקטיווער ציוניסטישער טוער איז פאָרזיצער פון אַ סעקציע אין זייער פאַריין. מען האָט מיך דעריבער גענומען „באַאַ־בעטן", פּרווונדיק מיך איבערצייגן איך זאָל ווערן אַ קאָמוניסט... איך געדענק ווי משה „חכם", וועלכער האָט דעמלט אָנגעפירט מיטן פאַריין, איז מיט מיר אָפּגעזעסן גאַנצע נעכט און אויפגעוויזן, אַז „די רעוואָלוציע שטייט שוין הינטער דער טיר".

דוד רוזאל

# תנועת „השומר הצעיר" בעירנו

מקום חשוב בחיי הנוער היהודי תפסה תנועת השומר הצעיר בעירנו. תנועה זו הכניסה רוח חלוצית במרבית הבתים היהודים והצליחה לרכוש את מיטב הנוער הלומד והעובד בלושיץ. פעולות הקן הצטיינו בתוכן עשיר: צופיות, משחקים שירה, טיולים ליער וכו'... בד בבד עם פעולות אלו הטילה התנועה על חבריה גם תפקידים אחראיים, ציוניים־חלוציים, כגון: לימוד מקצוע והסתגלות לעבודות פרודוקטיביות לפי תורתו של בר בורוכוב: אין עם יכול להבנות במולדתו בלי להיות מושרש בכל ענפי העבודה והתעשיה החיוניים לעם. אולם בסטרוקטורה הסוציאלית הבלתי־נורמלית של חיי היהודים בפולין, היה דרוש עמל רב כדי להביא לפני הנוער תורה זו ולחנכו לאור התוכן המהפכני הציוני. כמה מאמצים השקיעו המדריכים עד אשר הצליחו לרכז את הנוער בדרך להכשרה, לקיבוץ ולעליה ארצה. להגשים בחיים יום־יומיים את הצו של עבודה פרודוקטיבית יצרנית. היתה זו שאלה עקרונית שעמדה במרכז חייו של הנוער ברחוב היהודי.



די הנהגת קן השוה"צ אין 1932. פון רעכטס: שטייען — אַדל זיעלאָנילאַס, משה פייגענבוים, צביה רוזאל; זיצן — יצחק הייבלום, ברכה זילבערבערג, יוסף יאסטזשאָמב (בן־יעקב).

הוכחנו על בשרנו שקיום נוער חלוצי מגשים הוא הפתרון היחיד לבעיות יהדות הגולה, וגלות פולין במיוחד. רבים נפלו מאתנו בדרך, ולא זכו להגיע ארצה. אחדים לא עמדו במבחן בקיבוצי הכשרה בגולה, והיו גם כאלה שהעדיפו הגירה לארצות דרום־אמריקה וארצות אחרות.

גם מורנו, גד רוזנבנד, מרצה ומחנך, שהיה פעיל ומסור לכל פעולה ציונית בעירנו, והיה לנו לעזר רב בקיום תנועת השומר הצעיר בעירנו, אף הוא לא זכה להגיע אתנו ארצה ונסחף בזרם האמיגרציה שלא היתה לרוחו.

משטר הסנאציה בפולין בשנות השלושים, שהיה פאשיסטי למחצה, הוציא מידי היהודים מפעם לפעם ענפי מסחר ועסקי פרנסה שונים. מצוקת הקהילה היהודית גדלה, ומאות מבני הנוער שבעירנו נסעו יחד עם משפחותיהם לערים הגדולות, בעיקר לורשה, במקום שחלק מהמסחר הגדול והתעשיה הקלה עדיין היה בידי היהודים, וחיפשו שם מקור־מחיה לעצמם.

אולם אנחנו התקדמנו, למרות המכשולים הרבים. ביקרנו במושבות קיץ, לקחנו

חבל בהכשרת קיבוצים, הקמת נקודות עבודה, והיינו התנועה הגדולה ביותר באותם הזמנים במספר הנוער שהתרכז בשורותינו ובפעולה ציונית רחבה. פרצנו את החומה הסגורה, יצאנו למרחב והגיעו מעירנו ארצה הסנוניות הראשונות, מספר חלוצים מסורים ונאמנים. ההתלהבות החלוצית היתה גדולה מאד. מאושרים היינו באוהל צר ולחם דל, אבל על אדמת המולדת ובקיבוץ.

הקשר עם התנועה בין הארץ והגולה היה אמיץ. כמה בני עיר הספיקו לבקר בעירנו לפני החורבן וההשמדה. באו כדי לעודד אותנו בהמשך הפעולה, אשר תקעה יתד בעירנו. הנוער חיכה לעליתו ארצה בכליון עינים. רבים הספיקו לסיים את ההכשרה וטרם הגיע תורם לעליה, וזה גרם לממשיכים סבל רב וחוסר בטחון. ובעוד אנו באמצע דרכנו, מלאי תנופה ופעולה באה השואה והכל נעלם. בצורה האכזרית ביותר בתולדות האנושות נעלמו כולם... יחד הלכו בדרכם האחרונה — הורים, נוער, ילדים, זקנים וטף, מתנגדים וחסידים — הכל שותק ואין עוד שום סימן לחיי גולת פולין וקהילתנו לושיץ.

רחל הוכמן, מנחם רוזל

## תקופה של גיאות בקן „השומר הצעיר"

היינו חבורה כעשרים איש, בחור ובחורה, שעם גמר־לימודנו בבי"ס פולני, לא רצינו להשלים עם החיים האפורים והשגרתיים שמס־ביבנו, שנראו לנו חסרים כל סיכוי ועתיד. חדורי הכרה היינו, שאין להמשיך כך, וכי עלינו למצוא תוכן חדש בחיינו. חפשנו את הטוב והנעלה, ובעצם השאיפה הזאת, מצאנו סיפוק־מה. על תנועת השומר הצעיר שמענו מפי הח' גודל רוזנבנד, שהיה אז מורה לעברית בעיר וישקוב, והיה קרוב לחוגי השומר הצעיר שם.

היתה זו תקופה של גיאות לרעיון הציוני עקב האנטישמיות שגברה אז, ולמעשה קבלנו אנו את שעורי הציונות הראשונים דוקא בביה"ס הפולני. זוכרת




קבוצה „חבצלת" פון „השומר הצעיר"

אני מקרה, שמאז נחרת עמוק בנפשי: באחד משיעורי ההיסטוריה בביה״ס, ששכן בבית הרוקח קוסטצקי שברחוב ביאלה, נשאל פעם תלמיד שאלה שלא מיהר לענות עליה. המורה (בויקו היה שמו), בראותו שהתלמיד מציץ החוצה בעד החלון, פנה אליו בזו הלשון: „האם זה מענין אותך יותר לראות מה שעושים היהודים המזוהמים בחוץ, מאשר להתרכז בכיתה כאן?״ כתגובה על כך יצאתי את הכיתה ופניתי אל מנהל בית־הספר, מיכנייבסקי, ואמרתי לו: „כאשר התלמידים פוגעים בנו, כיהודים — אנו פונים אל המורים; אך אם המורה בעצמו עושה זאת, למי עלינו לפנות?״ אני זוכרת שהמורה האנטישמי התנצל בכיתה, באמרו שבכלל לא התכוון אלינו...

בשבילי היה במקרה זה משום שיעור חשוב מאוד בציונות. אני רואה גם חובה לציין, שבבית־ספר זה היו גם מורים הגונים יותר שידעו לכבד את היהודים, כמו צ׳יז׳בסקי ובאַראַן. זכורים לי גם שיעורים נסיוניים בפיזיקה שהמורה באַראַן היה נותן לנו בימי ראשון, כי סרבנו להופיע בשבתות בבית־ספר. אבל מורים אלה היו מעטים...

לכן שמחנו מאד על הרעיון של הקמת קן השומר הצעיר בעירנו לושיץ, ובעזרת החברים יצחק קפלן ומשה פלוטניקוב ואחרים מקן השומר הצעיר בסמיטיץ, נוסד קן השומר הצעיר אצלנו. הרגשנו כחוליה בתנועה גדולה, שאז הלכה והתפשטה בארצות אירופה. חיש מהר מצאו את מקומם בשורותינו בעיקר תלמידי בית־הספר, ואפשר לומר, שהקן הקיף את רובו של הנוער בעיר.

בקן שלנו היו קבוצות מכל הגילים, החל משכבת „כפירים״ ועד ה„קשישים״. את האולם לפעולותינו קיבלנו מההסתדרות הציונית „תרבות״.

בשבילי היה הקן כבית שני, כי היה קרוב למקום מגורי, וכן עקב עבודתי בקן. הרשיון של „תרבות״ שימש לנו גם כרשיון בפני השלטון הפולני לכל מיני פעולות, שניהלנו אז במידה רחבה מאד.

הקן התבסס יפה, והתנהלה בו פעולה מסודרת ותקינה. נבחרו ראשי קבוצות, ראשי גדודים והנהגת הקן. הקן נעשה מרכז חי בציבור. הרגשנו שאנו מעצבים אנשים חדשים, שיהיו מסוגלים לבנות חברה חדשה, טובה יותר, ליצור עולם יפה יותר. בעיקר עזרו לזה „עשרת הדברות״ של השומר הצעיר, שמקורן בצורך נפשי עמוק, שהיווה מין תורה שבלב. בעיקר התלהבנו מהדברה: „השומר, חובב הטבע״. כמה היה זה רחוק מחיי היהודים אצלנו! התחלנו לחבב את הטבע, בראש וראשונה ע״י הכרתו. היינו מעבירים כל מיני נושאים בשיחות קבוצות בחיק הטבע. במיוחד נחרת בזכרוני שיחת קבוצה אחת על נושא לפי ספרו של מטרלינק על „האינטליגנציה של הפרחים״. היינו יוצאים ליער הרחוק מן העיר כ־4—5 ק״מ לפעולות שונות, לרוב בשבתות, ובעיקר בל״ג בעומר. היינו יושבים ע״י המדורות ושרים שירים ארצישראליים. קרבנו ע״י כך את המולדת הרחוקה אלינו... תרומה חשובה מאד תרם לזה הח׳ חיים רוזנבנד, שאז היה חבר „החלוץ״ ובקיא בהווי הארץ, והיה מספר לנו הרבה על החיים החדשים

האלה ואנו היינו שומעים אותו בהתפעלות ובהשתאות. היינו מקיימים אתו קשר מכתבים מהארץ, ואני חושבת שיש לו חלק לא קטן באוירה החלוצית ששררה בקן.

הקן הכניס רוח חיים בעיר, כי הקיף שכבות שונות של הנוער, ואיחד לתנועה אחת תלמידי בית־ספר ונוער־עובד. הקן היה מרכז שוקק חיים, רקדו בו, שרו ולמדו, וכן היה מרכז לפעילות ציונית, נושא על שכמו כל התפקידים החלוציים והצטיין בפעולות למען הקרנות הציוניות.

תשומת־לב מיוחדת הקדשנו למושבות־הקיץ שהיינו מקיימים בסביבה. כדי לאפשר למכסימום ילדים להשתתף במפעל זה, ייסדנו חוג דרמטי והיינו נוסעים למקומות הסמוכים, כמו ינוב, להציג שם את ההצגות שהיינו מביימ־ם ומציגים בעירנו בכוחות עצמנו.

בהמשך התפתחותו של הקן התעוררה שאלת הקשישים. שורותיהם החלו להדלדל... ההגשמה האישית, המחייבת כל בוגר התנועה, הרחיקה הרבה חברים בוגרים מן השורה. מכל הגדוד הנפלא, שמנה כעשרים איש, נשארנו 3 חברות בלבד: רחל הוכמן, רחל גולדשטין ואנוכי. מאד, מאד התלבטנו אם נוכל לקיים את הקן בלי חברת הקשישים, האם נוכל להתרחק מהחברים שלנו, שעזבו את הקן... עוד עכשיו מצלצלים באזני דברי דוד רוזנבוים, שהיה אז חבר הנהגת הגליל: „הקן עדיין זקוק לכן, אם תוכלנה לעבוד באופן עצמאי, אזי יש עתיד לקן, ובאם לא, מוטב שתפזרו אותו מיד..." המלים האחרונות, „לפזר את הקן" הבהילונו. וקיבלנו על עצמנו למסור את כל זמננו לקן. ובאמת קיימנו את הבטחתנו. לא ראינו שום דבר יותר חשוב מהקן. התמסרנו בלב ונפש לעבודה בו.

הקן התבגר. התחלנו להתיחס בכובד ראש להגשמה הראשונה. רחל הוכמן יצאה להכשרה ללודביקובו. השכבות הצעירות קיבלו לידיהן את הנהגת הקן.

נעזרנו גם ע"י שליחי הנהגת הגליל, או ההנהגה הראשית, כמו יוסף גסנר ונפתלי קלבנסקי.

הקן מלא תפקיד חשוב מאד לעיצוב דמות הנוער בעירנו. כמה דואב הלב על אבדן כל אלה שלא זכו להגיע לכאן.

בלצ'ה גולדבנד־שמולביץ'

## זכרונות מן הקן של „השומר הצעיר" בלושיץ

את עיקר זכרונותי אקדיש לתנועת השומר הצעיר בעירתנו, שבה התחנכתי, ואשר בדרכה המיוחדת עיצבה את דמותנו וחישלה אותנו לקראת המבחנים הקשים שהיו צפויים לנו.

לא נמניתי עם מקימי הקן בלושיץ, וזכות זו שמורה לבלצ'ה שמולביץ (גולדבנד) ורחל פסטרנק (הוכמן) ואחרים שלא זכו להיות אתנו בארץ, ואילו אני כבר נמניתי

עם „דור ההמשך” שבקן. ורצוני להעלות כאן את ההווי המיוחד והרוח המרעננת שתנועת השומר הצעיר הפיחה בנו, בני הנוער בלושיץ, שרובנו היינו חניכי ה„חדר” ובא:ו מבתי־אב מסורתיים. תנועה זו השכילה ליצור אוירה מושכת לנוער הלושיצאי, ובתקופת הגיאות שלה היתה תנועת הנוער הגדולה ביותר בעיירתנו.

עדיין כולנו זוכרים את ערבי השבתות, כאשר התאספנו בקן לאחר סעודת השבת והזמירות. העיירה שקטה ורוגעת היתה לאחר שבוע של עמל ומיקח־וממכר, והאוירה הכללית בה — כבשיר העממי האידי הידוע: עם בוא שבת מלכתא / כל יהודי הוא מלך / עליז ובוטח... איזה תעתוע של גורל היה בהרגשת־בטחון זו!..



„השומר הצעיר” אין לאָשיץ. פון רעכטס: שטייענדיק — משה ראָזנצווייג, משה ראָזנבוים (פון יאַנווו־פאָדלאַסקי), מינדל כהן, נפתלי קליבאַנסקי (פון סלאָנים); זיצנדיק — שיינע ראָזענבאַנד, אַ חבר פון יאַנווו, בעלטשע גאָלדבאנד, פייגע פינקלשטיין, מלכה קראַקאָוויאַק, אַ חבר פון יאנווו, לאהטשע יאסטשאָמב; זיצנדיק אויף דער ערד — אַ חבר פון יאנווו און שרה האָכמאן

היינו מתאספים בקן, שהיה קרוי בפינו „תרבות לאָקאַל”. הקן היה הומה נוער תוסס, לבוש בגדי שבת ופורק מעצמו את הדכאון שאפף אותו בחיי יום־יום. השירים העבריים וריקודי ההורה היו בוקעים החוצה ומשרים גאווה ורוממות רוח מסביב. מובן שלא היו חסרים גם קוריוזים טרגי־קומיים כתוצאה מהתלהבותינו היתרה. השכנים באותו הבית לא תמיד השלימו עם גורלם ה„שמח”. במיוחד סבלו מזה השכנים מלמטה, לייזר בייניש הנגר — יהודי טוב וירא שמים (אבל אסור היה להרגיזו...) — ואשתו חיה ליפצ׳ה, ששפתיה היו מצומקות בגלל נשירת השיניים, ולא פעם חלו אי־הבנות בינינו משום שקשה היה להבין את דיבורה...

הסימנים הראשונים למחאתם הנרגזת היו דפיקות מקל בתקרתם־רצפתנו וכרגיל התעלמנו, ברוב התלהבותנו, מאותות־אזהרה אלו והמשכנו באותו העוז והמרץ. והתוצאות לא איחרו לבוא. באמצע ההורה המשולהב נתכו עליך בפתאומיות מכות נאמנות ממקלו העבה והמסוקס של לייזר בייניש הרגזן ומטיל האימה ובליווי מקלחת קרה על ראשינו מקערת המים (שאת טיבם לא ידענו...) מידי חיה ליפצ׳ה אשתו. מובן שזה צינן את התלהבותנו וקיבלנו את הדין לאותו ערב. אך כעבור כמה ימים חזרנו לסורנו. ואז הוטל התפקיד להרגיענו על שכנתנו מאותה הקומה הגובלת אתנו, רויזה אשת השוחט פיניה יוזפס (הוריה של תמה בלושטין, חברתנו



אַ קבוצה פון קן „השומר הצעיר״ אין לאַשיץ, אין יאָר 1932, מיט בעלטשע גאָלדבאַנד (אינמיטן)

בקן) והיא הופיעה בפתח ופצחה ב„ברכות״ — השם ישמרנו... זמן רב היינו נאלצים להיגמל מתענוג זה עד שהעזנו להמרות גם את פיה.

חוויה בלתי נשכחת היתה בשבילנו היציאה בל״ג בעומר ליער „מייסקי״. שבועות לפני זה היינו מתאמנים בתרגילי סדר, הליכה בסך ושירה. המבצע הזה הלהיב גם את הנוער שמחוץ לשורותינו והרבה הצטרפו אלינו.

באותו בוקר היינו מתאספים, כ־250 „שומרים״, לבושים לבוש צופי אחיד ויוצאים מסמטת הקן בצעדים מדודים, בשלשות מסודרות יפה ובהליכה גאה וזקופה שלא היינו רגילים לה. שירה אדירה בוקעת מגרוננו והורינו וקרובינו וסתם יהודים מלווים אותנו במבטיהם וקורנים מאושר, שנוער יהודי, בשר מבשרם, עומד לשנות פני מציאות יהודית אפורה ומג֗וונת ולקומם מולדת עתיקה־חדשה לעמנו.

החוויה העיקרית של אותו יום ניתנה ליקירינו עם שובנו מהיער לפנות ערב. גדול כקטן היה מחכה לנו בכניסתנו. אמנם, יגעים מתכנית גדושה של אותו יום ביער, אבל מלאי גאוה ואומץ. תרועת חצוצרה ושירי לכת עבריים היוו לסירוגין את האטרקציה העיקרית. לעולם לא אשכח את התרגשותם של יהודי לושיץ והבעת חיבתם אלינו על אף התנגדותם של רובם, מבחינה פוליטית.

קן השומר הצעיר בלושיץ היה מהראשונים שהנהיגו צופיות ומשחקי ספורט שונים, כגון: כדור־עף, כדור־יד זריקת דיסקוס וכו׳ אשר לא ידענום מקודם בעירנו.



אַ קבוצה פון השוה״צ, לאַשיץ 1929. ראשי־קבוצה: מנחם רוזאַל און טעמע בלאַשטיין

גולת הכותרת של תנועה זו באה לידי ביטוי בשטח הרוחני והלימודי. פעולה מסועפת של חוגים שונים, לסוציולוגיה, אנתרופולוגיה, ציונות, פלסתינוגרפיה, היוו את את עיקר פעולתנו היום־יומית. ואחרון־אחרון — לימוד השפה העברית, שהיתה חובה על כל בוגרי הקן, שהתקיים בעיקר בערבי חורף.

מזמן לזמן היינו מוציאים עתון קיר מוקדש לדברים אקטואליים, שהוקראו בלילי־שבת ע״י חברי המערכת בפני בוגרי הקן ואורחים מוזמנים, ידידי התנועה. בין היתר נזכר אני במיוחד במאֶלה גרינברג ז״ל, ציוני פרוגרסיבי מסור ורב פעלים, אשר עורר כבוד גם אצל מתנגדיו הפוליטיים, הן בהופעתו החיצונית השקטה והן ביושרו הפנימי. וכמו כן מורנו ורבנו גודל רוזנבנד ז״ל, אשר כלנו הערצנוהו, שהיה מעמודי התווך של תנועת התחיה בלושיץ.



קבוצת „השומר־הצעיר" אין לאַשיץ אין 1929, מיט די ראשי־קבוצות מנהם רוזאל און שיינדל ווײַנשטאָק (יפה רוזאל)

בערבי שבתות ערכנו ערבי שאלות ותשובות, שהשתתפו בהם גם מתנגדים פוליטיים מובהקים מ„הבונד" והקומוניסטים. ואז כמובן „התחממה" האווירה.

כמה עצוב וטרגי היא האמת האכזרית ששרידים מועטים בלבד מבין מתנגדינו זכו לראות בטעותם ומה היה בסופנו אילו היינו שומעים בקולם?! וכמה דואב הלב שלא הצלחנו להעלות יותר ויותר נוער לושיצאי לארץ־ישראל.

יוסף בן־יעקב (יסטשומב)

## הסנדלריה בקן של השומר הצעיר

תוך חתירה לפרדוקטיביזאציה של הנוער היהודי בעירנו, פתחנו בקן של השומר הצעיר סדנה לייצור עקבים לנעליים, שהכנסותיה הוקדשו למימון יציאת ילדים רבים ככל האפשר למושבות הקיץ האזוריות של התנועה.

בעירנו התקיימה תעשיית נעליים מפותחת ורובם של פועליה ובעלי המלאכה שבה עסקו בענפים הקשורים בתעשיה זו. לכן הצלחנו בארגון הסדנה, כי שיווק תוצרתה היה מובטח.

ניהל את הסדנה משה פיגנבוים, שהיה בעל מקצוע מצויין. עדיין נער היה כשארגן את הסדנה. קנה סחורה, הביא כלי עבודה, לימד את המלאכה לאחרים וכולם עסקו בה בהתלהבות ובמסירות. היה זה נער נפלא, חדור אחריות לתנועה ולמשפחתו. אף הוא ניספה בשואה.

רחל הוכמן



גדוד צופים מיט די מדריכים. פון רעכטס: ערשטע שורה, זיצנדיק — בעלטשע גאָלדבאַנד, רחל גאָלדשטײַן, פײַגעלע גראָמאַן, רחל האָכמאַן און מנחם רוזאל; צווייטע שורה — חיים ראָזענבאַנד, העניע עלזאָן, מאלענבוים, שרה גראָסמאַן, משה ראָזענצווייג און אברהם לײַבערמאַן; דריטע שורה — יצחק עלזאן, פײַגע זילבערמאַן, זילבערמאַן; לעצטע שורה — פײַגע פינקעלשטײַן, מלכה קראַקאָוויאַק, איטקע לאנדוי, טעמע בלאָשטיין, מינדל כהן, שרה האָכמאַן און לאה יאסטשאָמב

## חברות וחברים שאינם...

חיי עיירה קטנה בפולין נראים לנוער הישראלי בימינו כעין אגדה מהעבר הרחוק — והרי רק שלושים שנה עברו מאז.

הנוער בערים הקטנות בפולין חי חיי צוותא כמשפחה אחת. יחד למדו בבית־הספר הפולני, יחד הכינו שעורים. עתון אחד נקרא על־ידי כמה משפחות וספריה אחת שימשה למאות ילדים ונוער — ממעין אחד שתו כולם, והיו אלה חיים חברתיים ותרבותיים מלאי תוכן.

ערב־ערב ביקרנו בספרית „תרבות", שהיתה בשבילנו המקור להקניית דעת. בספריה זו היו חוגים שונים לנושאים מיוחדים, בהם למדנו והרחבנו ידיעותינו. קודש היה לנו אולם „התרבות" והספריה. הנוער בעירנו ידע לנצל את המעט שניתן לו ולהפיק ממנו תועלת מכסימלית.

וכך המשכנו מבית־הספר, דרך ספרית „תרבות", לקן של השומר הצעיר.

על החיים התוססים בקן שלנו, על הפעולה החינוכית־תרבותית למופת שהתנהלה בו, נכתב רבות בספר־זכרון זה; כאן רוצה אני להעלות דמויות־הם



קן השומר־הצעיר, 1928



**קבוצת בוגרים פון השומר־הצעיר, 1930. פון רעכטס אויף לינקס: ערשטע שורה — מינדל כהן, שיינע ראָזענבאַנד, שרה האָכמאַן, שפּרינצע הערץ; צווייטע שורה — שיינדל וויינשטאָק, מנחם רוזאל, טעמע בלאָשטיין, משה ראָזענצווייג, לאהטשע יאסטשאָמב; דריטע שורה — מלכה מאנדעלבוים, מלכה קראַקאָוויאַק, פייגע פינקעלשטיין, מאַנצבוים**

של חברינו וחברותינו בקן, אשר בפעילותם, בחריצותם ובמסירותם שימשו מופת לכולנו. לא זכינו שיהיו עמנו כאן, כי עלה הכורת עליהם.

מ י נ ד ל כ ה ן, השחרחורת ובעלת העיניים החומות. באיזו מסירות הדריכה את „הגדוד" שלה וכיצד הילדים שבהדרכתה היו קשורים אליה בכל מאודם. ביתה היה ביתם וממנה שאבו עידוד ונחמה בחייהם הדלים.

מ א ש ה ו י נ מ ן. עיניים כחולות־עמוקות, חולמניות. מבינה הרבה, מתבטאת מעט אבל בהגיון רב.

האחיות פ ס ה ו ת מ ה ב ל ו ש ט י י ן, הנאות ובעלות הצמות הארוכות.

ל א ה ב ל ט מ ן. שחרחורת, חיננית עם גומות חן עמוקות, מחייכת תמיד...

ר ח ל ג ו ל ד ש ט י י ן, בהירת שער, עינים כחולות וחולמניות, בעלת הגיון, משתתפת הרבה בחיי הנוער והקן, פעילה מאד, ערה בחיים החברתיים, בלימודים וגם בתנועת השומר הצעיר. מתבטאת תמיד בבטחון.

ועמהן רחל ורובל, ליבל שפיגלמן, מוטל אורן, מאיר פולקביץ, שרקה ליבמן — במשותף יצרנו את תנועת השומר הצעיר, והמשכנו בה שנים.

שרקה ליבמן הסתלקה מאתנו לפני ההגשמה והצטרפה לבני משפחתה בקנדה. ביקרה בארץ, וחלמה להשתקע. בשנת 1955 יצאה מביתה, מקנדה, עם שתי בנותיה לטיול לישראל, בה קיוותה להיפגש עם בני־העיירה וחברותיה הקרובות. אך היא ובנותיה היו בין קרבנות האוירון, שהופל ביולי 1955 בגבולות בולגריה, ולא זכתה שרקה להגיע למחוז חפצה. קשה להאמין כי נספתה בצורה כה טרגית, בטיול חופשי בימי שלום...

ר ח ל ה ו כ מ ן

## עיירה בפודלסיה

היה היתה עיירה בפודלסיה, בקונגרס פולין, ושמה לושיץ, לא רחוק מעיר מולדתי שדלץ. יחסי שכנות הדוקים קשרו אותנו, ביקורי גומלין קירבונו ויחסי רעות הדדיים שררו בינינו. קיימנו כינוסים משותפים מעת לעת, מושבות קיץ וחורף, מושבות מנהלים מטעם כל הגליל, וכולנו, כל אלה שהתעתדו לעלות ארצה ולחיות בה חיי הגשמה מלאים, חשנו כמשפחה אחת גדולה.

לושיץ היתה עיירה מבורכת בנוער הוגה ותוסס. תנועות הנוער החלוציות ותנועת החלוץ, כולן יחד במחנה של ארץ ישראל העובדת, היוו חלק בלתי נפרד של אותם הקאדרים שהתכוננו בלהט נפש ובקנאות רבה לעלות ולהגשים את חלומם וגעגועיהם של דורות בגלות. והנה נזכר אנכי בתמונה החרותה בלבי ולא משה מזכרוני עד היום.

מטעם הנהגת הגליל של „השומר הצעיר" הוטל עלי לבקר בקן הלושיצאי ולקיים מספר פגישות ואסיפות עם השכבות המבוגרות, לפני ועידת התנועה שעמדה אז להתקיים.

היה זה ביום ששי ואני הגעתי ללושיץ לפנות ערב, לאחר שעברתי ברגל כ־30 ק"מ. השבת כבר ריחפה באויר, ילדים התהלכו ברחוב, מלובשים בגדי שבת, הילדות מסורקות, נשים ותינוקות בזרועותיהן, לפני כל בית נקיון למופת ולאט לאט התחילו לנהור לבית־הכנסת יהודים לבושי קאפוטות, בצעדים אטיים, שקטים ורציניים, לקבל פני שבת המלכה.

ואנו, ה„אפיקורסים", התאספנו לעת ערב לשיחת הגדוד על עניני דיומא. היינו מלאי אמונה בדרכנו אנו, לא פחות קנאים ומשוכנעים מהורינו; אכן, לא נותקה השרשרת...

וכאשר שרנו באותו ערב לסיום האסיפה: „אנו שרים ועולים! אנו עולים ושרים!" — חשנו כי קדוש הוא הרגע הזה, כי ידענו שהופקד בידינו הדגל שיובילנו לארץ היעודה, שבה תתגשמנה כל השאיפות והתקוות.

האמונה באידיאה הציונית היתה חזקה ועמוקה, בהירה ומיסטית כאחת. האמנו ברציונאליזם ויחד עם זה היינו כמכושפים. החלום היה מעורב בבטחון עצמי ללא גבול. ידענו שנשבור הקרח, ידענו גם בתת־הכרתנו שנעלה לחומה, שנכבוש את מסדה, ידענו שנהפוך את המדבר והשממה לגן פורח, נחרוש ונזרע וגם נקצור, שיפרצו מעיינות ממעמקים וישטפו את אבק הגלות ונעלה לארץ הברוכה והקוסמת.

*

במוצאי שבת יצאנו לשדה. הנני זוכר את המיפקד כאילו נערך היום. הדגלים התנוססו, השורות התיישרו, כל הקן במעמד מלוכד ומסביב — כל העיירה, זקנים ופעוטים, נערות וסבתות, כי לכל אחד היה מישהו בשורות המחנה המתפקד. כולנו הרגשנו את המעמד בחיק הטבע, הכל לבש חג, העיניים זהרו ויקדו, פני המבוגרים צהלו וזרחו. הפכנו לרגעים אלה את הגולה לארץ ישראל הנכספת...

ושיא המיפקד — המדורה חשנו מעין עלית נשמה, הנה אנו יוצאים מאפילה גדולה לאור מזהיר. באותו ערב נשבענו שבועת אמונים לדרך, לחזון ולהגשמה, נשבענו להחזיק את הלפיד ביד רמה ולגייס עוד אלפים ורבבות ובמשותף לגול את האבן מעל פי הבאר...

ואחר כך פתחנו בריקוד. מבוגרים וצעירים, כל הגדודים והשכבות יחד, נוצר המעגל והשתלבו הידים והתרוממו הרגלים, לפי קצב אחיד. היה זה ריקוד חסידי במלוא הלהט, כל הלבבות דפקו יחד, בהרגשה של גורל אחד, וככה שרנו „איזה פלא, איזה פלא", ואכן היה זה פלא עלי אדמות, שבתוך עיירה מרודה זו, בסבלה ומצוקתה, הולכת ונוצרת התרוממות רוח כזאת.

ואז ידענו שנולדה הדרך, אלה הם האותות והצעדים של המשיח הגואל שיצרנו אותו במו ידינו, ידענו שאנו העתיד, אנו הפטיש והסדן גם יחד.

לושיץ היהודית, העממית, החינניח, איננה. היא נעלמה, לאן?

אנו, החלק הקטן שזכינו בהגשמת החלום, לא נחזה עוד באותם האנשים, חלק מבשרנו ונשמתנו, אלה שעלו על המוקד, שמסרו את חייהם ונשרפו על קידוש



קן השומר־הצעיר, 1929

השם. אולי מביטים הם ממרומים עלינו ונחמתם היחידה היא, שאנו הצלחנו לפרוץ הדרך, והפקדון היקר ביותר שהופקד בידינו — חזון מדינת היהודים — הפך מציאות בזכותם ובזכות אלה שקמו ועלו אל מולדתם ההיסטורית „לבנות ולהיבנות בה״.

אליעזר בר־חיים (ברנהולץ)

## הרצאתו של „אנטישמי״ אחד...

קרוב לחצי יובל שנים עבר מאז עזבתי את עירנו לושיץ, בה נולדתי וגדלתי. ולמרות שהזמן מטשטש ומשכיח הרבה מאורעות, עולים וצצים בזכרוני תמונות וקורות מהזמנים ההם, כאילו זה רק תמול־שלשום היה. אכן, אמת רבה טמונה בדבריה של המשוררת הפולנית: „כל כמה שתאריך ימיך — עשרים השנים הראשונות תהיינה הארוכות ביותר בחייך...״ בגיל מבוגר יותר, זוכרים יפה רק את העבר הרחוק... והרי מקרה מימי נעורי, שנחרת לעד בזכרוני.

בנו של הרוקח הפולני יאָז׳י קוסטצקי, מרחוב ביאלה, היה ידוע כשונא־ישראל, אנטישמי מובהק, שלא החמיץ אף הזדמנות אחת כדי לגרום צרות ליהודים.

ערב קיצי אחד נזדמננו, רחל הוכמן ואני, אתו בחנות של ברל גורן. בחנות זו בילו בני־נוער רבים בערבי הקיץ בשתית גזוז ואכילת גלידה. יאָז׳י היה אז סטודנט באוניברסיטה בוורשה. הוא סיפר לנו כי יחד עם עוד סטודנטים הוא ערך טיול במזרח־הקרוב והיה גם בארץ־ישראל, והוא הוסיף, שאם נרצה בכך, הוא מוכן להרצות בפומבי על ארץ־ישראל ולמסור את רשמיו בפני עם ועדה... ומניה וביה הוא מספר לנו שבעיקר התרשם מ„השומר־הצעיר״. ולכן הוא פונה אלינו לערוך הרצאה זו.

לא ידענו מה יש לו לספר... ואף על פי כן הסכמנו לערוך את הרצאתו.

למחרת היום נפגשנו אתו בביתו, כדי לקבוע את פרטי ההרצאה. הסכמנו שההרצאה תתקיים באולם הגדול ביותר בעיר, אולם מכבי־האש. כדי לקיים הרצאה באולם פומבי היה נחוץ לקבל רשיון מיוחד מה„סטרוסטה״ (רשות המחוז), שישב בעיר ינוב פודלסקי, ולשם כך היה צורך להמציא תזיסים של ההרצאה. זיק של תקוה התעורר בנו — עכשיו לפחות נדע על מה הוא ידבר... אבל, לדאבוננו, הוא הסביר לנו בחיוך, שכדי „לחסוך לנו עבודה״, הוא בעצמו יעביר בטלפון את התזיסים ל„סטרוסטה״. וכך נשארנו בחששותינו. בסוף שיחתנו באה הפתעה נוספת: לשאלתנו לאיזו מטרה היה רוצה שתהיה מוקדשת ההכנסה מהרצאתו, הוא ענה נמרצות — לקרן־הקימת־לישראל.

פרסמנו מודעות גדולות בעיר, הפצנו כרטיסים והכינונו הכל על הצד הטוב ביותר. וההרצאה של האנטישמי יאָז׳י קוסטצקי על א״י, בחסות „השומר־הצעיר״, עוררה התענינות בכל שכבות האוכלוסיה.

הגיע יום ההרצאה. האולם היה מלא מפה לפה, והקהל מגוון ביותר — יהודים ופולנים, זקנים וצעירים, עשירים ועניים. וכי מי לא יבוא ל„סנסציה" כזאת?... הקהל היה סקרני ומתוח. אבל המתיחות היתה עוד יותר גדולה אצלנו, המארגנים — כי עד הרגע האחרון לא ידענו מה בפי הנואם...

על כותבת השורות האלו הוטל התפקיד לישב ראש. ברכתי את הנואם ומסרתי לו את רשות הדיבור, כשכולי חרדה לבאות.

אך ההפתעה היתה גדולה מכל המשוער.

יאַז'י התחיל לספר על טיולו במזרח הקרוב ותיכף עבר לרשמיו מ„פלסתינה". וכאן התחיל לדבר ממש על „נסים ונפלאות שהיהודים מחוללים שמה"... הוא דיבר בהתלהבות על „הכבישים הנסללים בידי יהודים"... על „חיים חדשים בארץ הקדושה והעתיקה", על „קיבוצים שנוסדו על־ידי סטודנטים", על „חיי עבודה ועמל של בני העם העתיק"... היה זה נאום ציוני נלהב, שהציוני הטוב ביותר לא יכול היה להוסיף עליו..

לאות תודה קיבל יאַז'י נייר־בד מצוייר בידי חנה רוזנבנד ומכתב תודה מהלשכה הארצית של הקק"ל בפולין.

ההרצאה הכתה גלים הרחק מלושיץ. להזמנת הקרן־הקימת־לישראל נדד „האנטישמי" שלנו עם הרצאתו לערים רבות בסביבה וסיפר את האמת הגדולה על ארץ־ישראל ועם־ישראל המתעוררים יחד לתחיה...

לא הופתעתי, איפוא, כשסיפרו לי, שבזמן השואה הסתיר אותו יאַז'י קוסטצקי אצלו יהודים, בסכנו בזה את חייו הוא.

בלצ'ה גולדבנד־שמולביץ'

## די „יוגנט־פרייהייט" אין לאַשיץ

**אַזוי ווי איצט, דערמאָנט זיך מיר דער אָוונט, אין 1928, ווען עס איז צו מיר, שפּאַצירנדיק אין מאַרק, צוגעקומען דוד רוזאל און מיר איבערגעגעבן, אַז עס האָט בײַ געגרינדעט ווערן אין שטעטל אַן אָפּטיילונג פון דער יוגנט אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" בײַ פּועלי־ציון (פאַרייניקט מיט צ.ס.פּ.). די ידיעה האָט מיך דערפרייט, ווײַל כ'האָב שוין פריער געהאַט געשמועסט מיט אייניקע נאָענטע חברים וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע.**

**אין לאַשיץ האָט דעמלט עקזיסטירט נאָר איין ציוניסטישער לאָקאַל — דער „תרבות"־קלוב פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, מיט זייער גרויסער ביבליאָטעק, אונטער דער אָנפירונג פון גד ראַזענבאַנד. אין דאָזיקן לאָקאַל האָט זיך מיט אַ יאָר פריער, אין 1927, געגרינדעט דער „השומר הצעיר", וואָס האָט צוגעצויגן אַ גרויסן טייל פון דער ציוניסטישער יוגנט אין לאַשיץ. מיר האָבן אָבער געהאַלטן אַז ס'איז נויטיק אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־יוגנט, וואָס זאָל דערצויגן ווערן אין גייסט פון באַראָכאָוויזם.**

דעם 14־טן מאי 1928 האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אין „תרבות״־לאָקאַל אַ צוגרייטונג־זיצונג און באַשלאָסן צו רופן אויפן 25־טן פון זעלבן מאָנאַט די גרינדונג־פאַרזאַמלונג. מיר האָבן אַרויסגעשיקט 70 איינלאַדונגען צו יוגנטלעכע. געקומען אויף דער פאַרזאַמלונג זענען 64 פון זיי. די פאַרזאַמלונג האָט געפירט דוד רוזאל, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן פּראָגראַם, פּרינציפּן און אויפגאַבן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, געבויט אויף די לערעס פון בער באָראָכאָוו. ער האָט גערעדט וועגן דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון—צעירי־ציון און וועגן אונדזער טעטיקייט אין לאָשיץ.

אויפן אָרט האָבן אַלע 64 אַנוועזנדיקע אונטערגעשריבן דעקלאַראַציעס וועגן אריינטרעטן אין דער נייער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג זענען געווײלט געוואָרן צווישן אַנדערע: דוד רוזאל, גדליהו וואָדע, פריידע ווולקער און יאָספּע ווײמאַן. די פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט פאָלגנדיק: פאָרזיצער — דוד רוזאל, פּרעסע־ און קולטור־לייטער — גדליהו וואָדע. סעקרעטאַר — בערל בינשטאָק.

מיר האָבן זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, וועלכער האָט אונדז געגעבן אָנווייזונגען ווי צו פירן אונדזער טעטיקייט. ס׳האָבן אונדז אָפט באַזוכט מיטגלי־דער פון צ.ק., ווי לייב שפּיזמאַן און ביאַלאָ־פּאָלסקי און חברים פון ראַיאָן ־ קאָמיטעט אין שעדלעץ, ווי יקותיאל זילבערבערג און יצחק מיענדזשעצקי, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן אין אונדזער ארבעט. מיר האָבן איינגעאָרדנט לעקציעס וועגן באָראָ־כאָוויזם, שמועסן וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע, געמאַכט אויספלוגן און געפירט אַ ברייטע אויפ־קלערונג־אַרבעט. צווישן די, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן מיט פאַרלע־זונגען אויפן אָרט, איז אין דער ערשטער ריי געווען גאָדל ראָזענבאַום.



אַ טייל פון „פרייהייט״־קאָמיטעט אין 1929. פון רעכטס זיצנדיק: פריידקע ווולקער און דוד רוזאל; שטייענדיק: בערל בינשטאָק און גדליהו וואָדע

אונדזער טעטיקייט האָט זיך כסדר אויסגעברייטערט און די צאָל מיטגלידער אונדזערע איז כסדר געוואַקסן. צוליב דעם איז אונדז ענג געוואָרן און שווער געווען צו פירן די טעטיקייט אין „תרבות״־לאָקאַל. עס איז געקומען צו אומאָנגענעמע רייבונגען מיט די חברים פון „השומר הצעיר״, וועלכע האָבן געהאַט טענות, אַז צוליב אונדז ווערט געשטערט זייער אַרבעט. אָבער זיי, די ח״ח פון „השומר הצעיר״, האָבן נישט געוואָלט איינשטעלן מיט אונדז קיין פּלאַן, ווען



קרייז־פירער פון „פרייהייט״, לאַשיץ 1932. פון רעכט אויף לינקס: ערשטע שורה — לעווין משה, גאָלדבאַנד חיה, בינשטאָק הערשל; צווייטע שורה — טשעמני יעקב, ראָזען איטקע, וואדע גדליהו, צוקערמאַן הינדע, ווישניע פּיניע; דריטע שורה — רוזאל דוד, ענגלענדער חוה, עלזאָן יצחק

מיר און ווען זיי זאָלן פאַרנעמען דעם צווייטן צימער פונעם לאָקאַל. צום סוף איז אויך געקומען צו סקאַנדאַלן צווישן זיי און אונדז.

איינמאָל, אַ שבת, ווען דער „השומר הצעיר״ איז געווען אויף אַן אויספלוג, האָבן מיר אין לעצטן צימער געהאַט אַ שמועס מיטן ח׳ דוד גרינפאַרב פון

שעדלעץ. אינמיטן שמועס זענען אָנגעקומען צוריק פונעם אויספלוג די ח״ח פון השוה״צ. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן צו אונדז אין צימער און געשטערט דעם שמועס. אַ צווייט מאָל איז פאָרגעקומען אַ סקאַנדאַל, בעת מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ טרויער־אַקאַדעמיע צו בער באָראָכאָווס יאָרצייט. דאָ האָבן זיך פאַרייניקט מיטן השוה״צ קעגן אונדז די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן פאַר די רויטע פאָרהאַנגלעך, מיט וועלכע מיר האָבן באַצירט די פענצטער פונעם לאָקאַל... מען האָט אונדז געשטערט דעם אָוונט דורכצופירן.

מיר האָבן איינגעזען, אַז מיר קאָנען ווייטער נישט פירן אונדזער אַרבעט



„פרייהייט״־אָרגאַניזאַציע. לאָשיץ, 1934

אין אַלגעמיינעם „תרבות״־לאָקאַל. מיר האָבן דאַן געמאַכט אַ געלט־זאַמלונג צווישן אונדזערע חברים און געדונגען אַן אייגענעם לאָקאַל, ביי שטשערביצקין, אין דער שוויניעראָווער גאַס. דאָס איז געווען אין יאָר 1928. אין אייגענעם לאָקאַל האָט זיך אונדזער טעטיקייט אויסגעברייטערט.

מיר האָבן דאַן געגרינדעט אַ דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט געגעבן אַ ריי פאָרשטעלונגען, ווי „דער ישיבה־בחור״, „דער פרעמדער״, „אוקראַינער קרבנות״, „די פוילישע חתונה״ און אַנדערע. צווישן אונדזערע אַמאַטאָרן־שוישפּילער האָבן זיך אויסגעצייכנט: הערשל בינשטאָק, שמעון מאַנדעלבוים, שפרה באָראָווסקי, שפרינצע הערץ, גדליה וואָדע, בעלטשע ראָזענצווייג־קאַווער, בערל בינשטאק. רעזשיסירט מיטן דראמקרייז האָבן די חברים פון ווענגראַוו

בלאַכמאַן און פיינגאָלד, וועלכע זענען צוליב דעם אָפּט געקומען קיין לאָשיץ.

אין אויגוסט 1929 איז אין מעזריטש פאָרגעקומען אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ פון דער „יוגנט־־פרייהייט", מיטן אָנטייל פון די צ.ק.־דעלעגאַטן לייב שפּיזמאַן און ריטאָוו. אינמיטן דער קאָנפערענץ איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן אויסברוך פון די דעמלטיקע אַראַבישע אומרוען אין א"י. אונדזער גאַנצע יוגנט, און אויך די לאָשיצער אָרגאַניזאַציע, איז מאָביליזירט געוואָרן צו שאַפן הילף דעם קעמפנדיקן און זיך־פאַרטיידיקנדיקן ישוב אין א"י.



„פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע, לאָשיץ, 1934

אונדזערע לאָשיצער חברים האָבן גענומען פאַרווירקלעכן זייער אידעאַל — גיין אויף הכשרה און עולה־זיין קיין ארץ־ישראל. די ערשטע וואָס האָט פאַר־ווירקלעכט איר טרוים איז געווען חיה גאָלדבאַנד, דאַן זעלדע איזאַק און דוד רוזאל. שפּעטער איז געפאָרן אונדזער חבר מתתיהו־מאיר מאַנדעלבוים, וועלכער איז אין ארץ־ישראל איינגעטראָטן אין קיבוץ רמת־הכובש און העלדיש געפאַלן אויף זיין קאַמף־פּאָסטן, פאַרטיידיקנדיק אונדזער היימלאַנד קעגן די אַראַבישע איבערפאַלער.

בערל בינשטאָק

## די יידישע קהילה

די אַקטיוויטעט פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג אין לאָשיץ איז געווען זייער באַגרענעצט.

דער חודש־אָפּצאָל פאַר דער קהילה איז געגעבן געוואָרן מער פרייוויליק, ווי אָבליגאַטאָריש, ווייל קעגן נישט־צאָלער זענען זעלטן אָנגענומען געוואָרן שטרענגע מיטלען. אַ סטאַבילער איינקונפט איז געווען פון דער שחיטה; אָבער

נישט איינמאָל פלעגט אַ קצב מאַכן אַ סקאַנדאַל ווען אַ בהמה איז אים טריף געוואָרן, און וועגן באַצאָלן שחיטה־געלט איז שוין קיין רייד נישט געווען... דאָך פלעגן מער־ווייניק רעגולער אויסגעצאָלט ווערן די געהאַלטן די רבנים, שוחטים, שמשים און אַדמיניסטראַציע־באַאַמטע, און עס זענען שטענדיק געהאַלטן געוואָרן אין אָרדענונג די שיל, דער בית־המדרש, די באָד און דאָס „גוטע אָרט”.

אין די ראַמען פון דער קהילה האָט געאַרבעט די חברה „חסד־של־אמת”, די חברה קדישא. ווען ס'איז געשטאָרבן אַ רייכער בעל־הבית האָט מען געפאָדערט פאַר דער „קרקע” אַ טייל פון דער ירושה. די יורשים פלעגן דאַן קלאַפּן אין טיש, נישט וועלן געבן. אָבער דאָך איז דערפון געווען אַ שיינע הכנסה.

ווינטער פלעגט די קהילה אָרגאַניזירן אַ זאַמלונג פון האָלץ פאַר די נויטבאַ־דערפטיקע. פאַר פסח האָט מען געזאַמלט מעות־חיטין, אויף מצות פאַר אָרעמע.

מען האָט דערציילט אויך וועגן „בלי־פּעריאָדן” פון דער לאָשיצער קהילה־פאַרוואַלטונג אין די פריערדיקע יאָרן. דאָס איז געווען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָבן אָנגעפירט מיט דער יידישער קהילה מאָטל דאָזער, מתתיהו גאָלדוואַסער און דער אַלטער ישעיהו שענקער. מען האָט אויפגעבויט דעם גרויסן בית־מדרש, די געמויערטע שיל, די גרויסע באָד — אָבער קיין ספּעציעלע דויערנדיקע ווערק, אויפן קולטורעלן צי ווירטשאַפטלעכן געביט, פון די דעמלטיקע קהילה־פאַרוואַלטונגען, זענען אויך נישט פאַרבליבן.

פּרעזעסן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג זענען געווען, לויט דער ריי, ווי איך דערמאָן זיך: הערשל אַפּעל, יאַנקל דראַזשניעווער און מאיר קראַקאָוויאַק.

אַלס סעקרעטאַרן פון דער קהילה האָבן געאַרבעט: גאָדל ראָזענבאַנד און שפּעטער לייבל שפּיגלמאַן, ביזן לעצטן טאָג, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה.

די ביוראָ־לאָקאַלן פון דער קהילה זענען געווען: אין הויז פון יאַנקל זילבערקראַנץ, אין געסל פון יהושע האָכמאַן, דאַן ביי יוסף זילבערשטיין (יוסף מאָרדער) אין הויז, און צולעצט אין אַ צימער ביי דער גרויסער שיל.

לייבל האָפּער

## די קהילה־פאַרוואַלטונגען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

די ערשטע קהילה־פאַרוואַלטונג פון לאָשיץ אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, נאָך דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, איז אָנגעפירט געוואָרן דורך ר' ישעיהו וויינמאַן, וועלכער איז געווען דער הויפּט־פּרנס און ביי אים אין שטוב איז אויך געווען דער קהילה־אמט. דאָרט האָבן די באַלעבאָסטעס אויסגעקויפט צעטלעך צו שעכטן עופות און די קצבים — די צעטלעך צו שעכטן זייערע קי און אָקסן. ערשט שפּעטער איז די קהילה־ביוראָ איינגעאָרדנט געוואָרן אין

אַ זייטן־צימער אין פּאַליש פון דער גרויסער שיל. אויסער ישעיהו ווײנמאַן זענען דעמלט געווען דאַזאָרעס: הערשל אַפּעל, בונעם ווײמאַן, בעריש לאנדוי און יאָסל לעווין.

אין יאָר 1926 זענען פאָרגעקומען וואַלן צו אַ נייער קהילה־פאַרוואַלטונג און עס זענען געווילט געוואָרן: יהושע ווייסמאַן (דער מולער) פון יאַנאָווער רבינס שטיבל, מאיר קראַקאָוויאַק פון סאָקאָלאָווער שטיבל, שמחה הייבלום פון גערער שטיבל, פסח אַפּעל פון „מזרחי" און בעריש לאנדוי פון לובלינער שטיבל. פרעזעס איז געווען פסח אַפּעל. סעקרעטאַר איז געוואָרן לייבל שפּיגלמאַן.

די לעצטע וואַלן צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1931. אַלס פרעזעס איז דאַן געווילט געוואָרן משה ביאַליקאַמיען און אַלס דאַזאָרעס: יהושע ראָזענצווייג, הערשל לעוואַנדער, לייבקע זעמעל, מאיר קראַקאָוויאַק און ישעיהו ווייסמאַן. שמואל לאנדוי

## רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג

כאָטש לאָשיץ האָט געהאַט אַ פאַרצווייגטע אַרבעטער־באַוועגונג און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט דאָך דאָס רעליגיעזע לעבן געלייגט אַ חותם אויפן שטעטל.

עס דערמאָנט זיך מיר די צייט, ווען עס איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז די יידישע קינדער מוזן גיין שבת אין דער פאָלקס־שול צוזאַמען מיט זייערע פוילישע חברים און נישט רוען קיין צוויי טעג — שבת און זונטיק — ווי ביז דעמלט. מען האָט אפילו צוגעזאָגט, אַז מען וועט די יידישע קינדער נישט צווינגען צו שרייבן שבת אין די קלאַסן, זיי וועלן נאָר זיצן און אויסהערן די לעקציעס, — דאָס האָט קיינעם נישט באַרויִקט און דער פאַקט האָט אַרויסגערופן אַ פאַרשטענדלעכע אויפרעגונג און הייסע דיסקוסיע אין די רעליגיעזע קרייזן. פיל עלטערן האָבן, טראָץ דער פאַר־אָרדענונג, ווייטער נישט געשיקט אום שבת זייערע קינדער אין שול אריין. אַ טייל איז, אָבער, דאָך געגאַנגען. איין שבת אינדערפרי איז אַ גרופּע אָנגעזעענע באַלעבאַטים, מיטן יאַנעווער רבין הרב ליפשיץ און דעם שוחט הרב יצחק שינקאַרוש, אַוועק אין דער שול. נישט פרעגנדיק קיינעם פון דער שול־אָנפירונג, איז הרב ליפשיץ דער ערשטער צו צו יעדן קלאַס און געעפנט די טיר. ער האָט נאָר אריינגעקוקט אינעווייניק,


שמואל לאנדוי

אַ שאַרפן בליק געגעבן אויף די אָנוועזנדיקע יידישע קינדער, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. אַלע יידישע קינדער, אָן אויסנאַם, האָבן גענומען זייערע ביכער און אַוועק אַהיים אינמיטן דער לעקציע. מער זענען קיין יידישע קינדער נישט געגאַנגען שבת אין שול אריין.

אין לאָשיץ איז געווען אַן אַזוי־גערופענע „נאָוואַרדיקער ישיבה", ווו עס האָבן געלערנט הן לאָשיצער בחורים, הן בחורים פון פאַרשידענע אַנדערע שטעט. ווי עס האָט זיך געפירט, האָבן די פרעמדע בחורים „געגעסן טעג". ראש־ישיבה איז געווען ר' משה סלוצקער, וואָס האָט שפּעטער חתונה געהאַט אין לאָשיץ, מיט אַ טאָכטער פון ר' מענדלען, אַ הענדלער מיט פּוטער און מילך. דער ראש־ישיבה פלעגט נישט רעדן קיין שום דברי־חול, שטענדיק געשוויגן, און געעפנט דאָס מויל נאָר ווען ער האָט געזאָגט אַ בלאַט גמרא, אָדער געגעבן צו פארשטיין אַ סוגיא אין לערנען. אויך אין פריוואַטן לעבן האָט ער קיינמאָל נישט גערעדט — אויספירנדיק עפּעס אַ נדר, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. אַדמיניסטראַטיווער מנהל פון דער ישיבה איז געווען דוד אבאס (אבא זלאָטאָגורעס איידעם).

*

הרב יצחק־אייזיק ריזענבערג איז געווען אַ ציוניסט. ער פלעגט דערהאַלטן העברעישע צייטונגען פון ארץ־ישראל, צאָלן יעדן חודש פאַר קרן־קימת־לישראל, און פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַר בנין־הארץ. די אידייע, אָבער, צו גרינדן די רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הדתי" איז אַרויס נישט פון זיין מתנגדישער שטוב, נאָר פונעם חסידישן שטיבל פון ר' יוזפא. דאָרט האָבן געלערנט, צווישן אַנדערע בחורים, פּלטיאל בלאָשטיין, אשר קראַקאָוויאַק, חיים־ישעיהו, אברהם רוזאל, יוסף ליפּשעס און אויך איך פלעג דאָרט זיין אַן אָפטער גאַסט. צווישן איין שיעור און צווייטן פלעגן מיר צווישן זיך כאַפּן אַ שמועס וועגן פּאָליטיק. בעת איינעם אַזאַ שמועס האָבן מיר טאַקע באַשלאָסן צו גרינדן דעם „השומר הדתי". דער ערשטער לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אויף דער גאַס בערעק יאָסע־לעוויטש, לעבן אביגדור מלמד. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז געשטיצט געוואָרן דורכן „הפּועל המזרחי" און אין לאָקאַל איז געשאַפן געוואָרן אַ מנין, ווו שבת און יום־טוב האָבן געדאַוונט אָנהענגער פון „הפּועל המזרחי" און אונדזערע מיטגלידער.

דאָס גרינדן דעם „השומר הדתי" האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט אין די קרייזן פון „אגודת ישראל" אין לאָשיץ און אין די חסידים־שטיבלעך האָט מען גענומען העצן קעגן אונדז. אַ דעלעגאַציע פון חסידים, אין באַשטאַנד פון דוד־הערש זאַוואָדע, יוסף זילבערשטיין (זייפנזידער) און שמחה הייבלום, איז געקומען צו הרב ריזענבערג מיט אַ טענה פאַרוואָס ער דערלאָזט, אַז יינגלעך מיט מיידלעך זאָלן פאַרברענגען אין איין לאָקאַל... דער רב האָט זיי געענטפערט, אַז „דאָס זענען פרומע קינדער און זיי פאַרזאַמלען זיך לשם שמים און לשם בנין הארץ..." נישט פעלנדיק גאָרנישט ביים רב האָבן זיך די קעגנער פון „השומר הדתי" גענומען צו אַנדערע „מעטאָדן". איינעם אַן אָוונט, ווען אין אונדזער

לאָקאַל האָבן זיך געפונען נאָר מיידלעך, זענען אַהין אַריין דוד־הערש זאַוואַדע, שמחה הייבלום, דודל אבאס און יוסף זייפנזידער מיט שטעקנס אין די הענט; די טעראָריזירטע מיידלעך זענען אַנטלאָפן און איידער זיי האָבן באַוויזן אויפצוזוכן די חברים, איז דער גאַנצער לאָקאַל געווען דעמאָלירט. די איבערפאַלער האָבן אין לאָקאַל אָנגעמאַכט פשוט אַ חורבן, אַלץ צעבראָכן און צעריסן. געשענדעט און געריסן פון די ווענט די בילדער פון ציוניסטישע מנהיגים, אפילו דאָס בילד פון הרב קוק איז צעריסן געוואָרן.

נאָך דער געשעעניש האָבן מיר געדונגען אַ צווייטן לאָקאַל, אויף קאָשציושקאָ־גאַס, ביים לערער ליפּאָוויטש. נאָכדעם ווי מיר האָבן איינגעאָרדנט דעם נייעם לאָקאַל האָבן די זעלבע „גאָטס קאָזאַקן" ווידער געפּרוווט אים איבערפאַלן. אָבער דאָסמאָל האָבן מיר זיי שוין אָפּגעוואַרט און זיי באַצאָלט אויך פאַרן ערשטן מאָל... דעמלט האָט זיך באַרואיקט און מיר האָבן געקאָנט אומגעשטערט פירן אונדזער טעטיקייט.

*

די לעצטע יאָרן, איידער ער האָט עמיגרירט פון לאַשיץ, איז גד ראָזענבאַנד געווען מורשה פון קק"ל און איך בין געווען סעקרעטאַר פון קאָמיטעט. נאָכדעם ווי גאָדל איז אַוועקגעפאָרן, איז די הויפּט־אַרבעט פאַרן קרן־קימת־לישראל געפאַלן אויף מיר.

אין אָנהויב 1938 זענען נאָך געווען באַזונדערע לאָקאַלן פון די יוגנט־אָרגאַני־זאַציעס „השומר הצעיר", „פרייהייט" און „השומר הדתי". אין אַלע איז, אָבער, געפירט געוואָרן אַ שוואַכע טעטיקייט און מאַטעריעל איז די אָרגאַניזאַציעס שווער געווען אויסצוהאַלטן אייגענע לאָקאַלן. אויף אַ באַראַטונג פון די אָנפירער פון אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס: גדליהו וואָדע („פרייהייט"), צביה רוזאל (השוה"צ) און פלטיאל בלאָשטיין („השומר הדתי"), איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו פאַרייניקן אין איין לאָקאַל, וואָס זאָל אָפיציעל געהערן צו קק"ל, וווּ אַלע האָבן מיטגעאַרבעט. אַזוי איז געשען, אַז אין יאָר פאַרן גרויסן אומגליק, אין 1939, איז אין לאַשיץ געווען נאָר איין ציוניסטישער לאָקאַל, וואָס האָט זיך גערופן „קרן־קימת־לאָקאַל". דער דאָזיקער לעצטער ציוניסטישער לאָקאַל אין לאַשיץ האָט זיך געפונען אין הויז פון יאָסל גאָלדרינג. די ערשטע פאַרוואַלטונג, וואָס איז געוויילט געוואָרן, איז באַשטאַנען פון די חברים: גדליהו וואָדע, הדס ווײַמאַן, ליפּטשע שטיינמאַן, מאָשע גאָלדמאַן (פון יאַנוּוו־פּאָדלאַסקי), אברהם רוזאל (יוסף־אהרנס זון) און שמואל לאַנדוי אַלס סעקרעטאַר. נאָך מיין עולה־זיין, אין אָנהויב זומער 1939, איז געוואָרן סעקרעטאַר — אברהם רוזאל. דאָס איז געווען דער לעצטער ציוניסטישער קאָמיטעט אין לאַשיץ; פון אים זענען לעבן־געבליבן ליפּטשע שטיינמאַן און דער שרייבער פון די שורות, — ביידע אין ישראל.

שמואל לאנדוי

## יידישע קרעדיט־אינסטיטוציעס

באַלד ווי עס איז אין וואַרשע אַנטשטאַנען, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די צענטראַלע פאַר יידישער קרעדיט־קאָאָפּעראַציע („איקאָ״), האָט זיך אין לאָשיץ געגרינדעט די ערשטע „ליי־ און שפּאָר־קאַסע״, וועלכע האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ „פאָלקס־באַנק״. דער הויפּט־ציל פון דער אינסטי־טוציע איז געווען: עקאָנאָמישע הילף פאַר האַנטווערקער און קליינהענדלער, אין דער פאָרם פון קרעדיטן, פאַר נידעריקע צינזן, צוריקצוצאָלן אין קליינע ראַטעס. די אָנפירונג איז גלייך פון אָנהויב באַשטאַנען פון אַ געוויילטער פאַרוואַלטונג. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן, אין פאַרשידענע צייטן, געהערט די פאָלגנדיקע פּערזאָנען: הערשל פּערלמאַן, פלטיאל בעקערמאַן, הערשל אַפּעל, איטשע קולאָוויעץ, שלמה דראָגיצקי („די באָרד״), משה גאָלדפאַרב, הערשל לעוואַנדער, משה־אַהרן פּראַגיער, משה אָקסענהאָרן (הערש־טרייטלס), בעריש לאַנדוי, אליהו גאָלדפעדער, הערש־לייב כלעבעדאָוויץ, אברהם בינשטאָק, ישראל סאָלאָמאָן, דער ווענגראָווער שטעפּער, וועלוול איזאַק און נאָך אַנדערע. בוכהאַלטער איז געווען מעלע גרינבערג; אויסער אים האָבן געאַרבעט אין ביוראָ לייבל האָפּער און יוכבד האָפּער. קאַסיר איז געווען מתתיהו גאָלדוואַסער און נאָך זיין טויט — משה אַפּעל, שפּעטער וועלוול רייכנבאַכס טאָכטער, שרה בעקערמאַן און אויך חיה־רחל ביאַליקאָמיענס אַ שוועסטער.

אין דער „פאָלקס־באַנק״ זענען געווען מיטגלידער און גענומען הלוואות, יידן פון אַלע שיכטן — געגריוועטע שוסטער, קליינהענדלער, קאָניוכעס, קצבים, שניידער, דאָרפס־הענדלער. דער קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון קרעדיטן פון וואַרשע און אויך פון אָפּשפּאָרונגען פון לאָשיצער איינוווינער.

דאָס זיץ־אָרט פון דער באַנק איז אין אָנהויב געווען ביי שרה בראָנשטיין, ביאַלער גאַס, ווו עס האָט געוווינט יצחק שוחט; דאַן אין הויז פון יוסף זילבערשטיין אין מאַרק, און נאָכן קריזיס פון 1932 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — ביי וועלוול רייכנבאַך, אין הויז פון זלמן מינץ.

עס דערמאָנט זיך מיר דאָס אַרויסגעבן די לעצטע הלוואה, אין 1939, ווען דייטשע באָמבעס זענען שוין געפאַלן אויף פּוילן. די הלוואה האָט גענומען אברהם בינשטאָק, בערלס פאָטער.

לויט די אינסטרוקציעס פון וואַרשע, האָבן מיר, בעתן אַנטלויפן פון לאָשיץ, געלאָזט אָפן די גרויסע אייזערנע קאַסע און די וועקסלען מיט אַלע וויכטיקע דאָקומענטן אריינגעלייגט אין אַ קליינער אייזערנער קאַסע און זי באַגראָבן. איך האָב זי באַגראָבן אין קעלער ביי מיין טאַטן, יהושע הערשעלעס, אויפן „דונאַי״, ווו זי ליגט נאָך מסתם ביזן היינטיקן טאָג.

אין יאָר 1927 האָט זיך אין לאָשיץ געגרינדעט די „סוחרים־באַנק״ („באַנק קופּיעצקי״). די פאַרוואַלטונג און אַדמיניסטראַציע איז באַשטאַנען פון בעריש לאַנדוי, איטשע־מאיר ראָזענצווייג, מאיר קראַקאָוויאַק, טוביה־יחיאל דאָבזשינסקי

און אַנדערע. בוכהאַלטער — גאָדל ראָזענבאַנד. די אַקטיוויטעט איז געווען די זעלבע, וואָס פון „פאָלקס־באַנק״: אַרויסגעבן הלוואות סוחרים און האַנט־ווערקער, אָנעמען פקדונות און אָפּשפּאָרונגען און אינקאַסאָ פון וועקסלען. די דאָזיקע באַנק האָט געאַרבעט צוויי און אַ האַלב יאָר און זיך ליקווידירט.

אין דער צייט פון מיין אַרבעט אין דער באַנק בין איך געקומען אין באַרירונג מיט אַלע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין לאָשיץ. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מיר האָבן פאַרמאָגט טיפּן, וואָס זענען געווען כאַראַקטע־ריסטיש פאַר אַלע שטעט און שטעטלעך. כלל־טוער, וואָס האָבן געזוכט „בענקלעך״



זלמן מינצס הויז

און גאַנץ ווייניק געקלערט וועגן טובת־הכלל און באַשיידענע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן שטיל אָפּגעגעבן זייער צייט און ענערגיע פאַרן כלל, שלא על־מנת לקבל פרס. מיר האָבן געהאַט קליענטן, וועמענס טעטיקייט עס זענען געווען בלויז אמתע „לופט״־געשעפטן און אַרום זיי, פון זיי, האָבן זיי געלעבט, אויסגעהאַלטן פאַמיליעס, געלאָפן, געשאַפן.

אַ ריכטיק פּראָדוקטיווע טעטיקייט האָט די באַנק אַנטוויקלט און געפירט אַרום דער געגריוועטער שוסטעריי. מען האָט יעדן טאָג, דורך דער באַנק, עקספּעדירט צענדליקער פּעקלעך שיך „אויף נאָכנאַמע״. די באַנק האָט אָנגעפירט מיטן איינקויף פון רוי לעדער אין גרויסע קוואַנטומס און אינוועסטירט פיל געלט אין דאָזיקן צענטראַליזירטן איינקויף פון רוי־שטאָפן פאַר דער לאָשיצער שיך־פּראָדוקציע. די איינקויפן זענען געמאַכט געוואָרן דורך ישראל סאַלאָמאָן, הערמאַן יונגשטיין און אַנדערע. עס איז שוין דאַן געווען פאַרטיק דער פּלאַן צו קויפן אַן אייגן הויז פאַר דער באַנק און אָרגאַניזירן פּראָדוקציע־קאָאָפּעראַטיוון פון פאַרשידענע בראַנזשעס. מען האָט דעמלט פיל געקלערט וועגן די שניידער־טאַנדעטניקעס מיט די גרויסע משפחות, ווי ישעיהו מאַן, שלמה מאַן און

שמואלקע מאַן, בערל זילבערמאַן און אַנדערע. מען האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן בויען אין לאָשיץ אַ גאַרבערײַ פון רויעם לעדער. מיר האָבן אפילו געגומען זוכן אין דער געגנט אַ שטיק ערד, צו באַזעצן יידישע ערד־אַרבעטער, פינאַנסירן אַ יידיש פויערים־לעבן — אָט־דער געדאַנק איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן אין צענטער, אין וואַרשע.

אָבער די דאָזיקע פּלענער און שיינע געדאַנקען זענען צעשטערט געוואָרן דורכן גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס פון יאָר 1932. די לאָשיצער „פאָלקס־באַנק" האָט לאַנגזאַם אויסגעהויכט איר נשמה צוזאַמען מיט אַזויפיל יידישע פאָלקס־באַנקען אין פוילן.

מען מוז דאָ צוגעבן דעם שבח, אַז די „פאָלקס־באַנק" האָט אויסגעצאָלט אַלעמען, וועמען זי איז נאָר געווען שולדיק, דאַקעגן אָבער, זענען פיל געבליבן שולדיק דער באַנק און נישט אָפּגעצאָלט זייערע חובות.

אין 1935 האָט מען זיך גענומען פונדאָסניי אויפצושטעלן די קרעדיט־אינסטיטוציעס. אין אָנהויב האָט מען אין לאָשיץ געגרינדעט אַ גמילת־חסד־קאַסע. אין דער אָנפירונג זענען דעמלט געווען: הערשל פּערלמאַן (דוד יאַגאָדזשינסקיס איידעם), חיים־שמחה ניסנבוים, פלטיאל בעקערמאַן, הערשל ראָזנבערג (חיה־יהודית בעקערמאַנס איידעם) און אַנדערע. זיי האָבן אָפּגעגעבן פיל צייט, מי און אַ טייל אויך געלט, פאַר דער אינסטיטוציע. שפּעטער האָט מען צוריק געעפנט די „פאָלקס־באַנק", וועלכע האָט, אָבער, מער דעם גלאַנץ פון איר ערשטער טעטיקייט נישט דערגרייכט.

**לייבל האָפער**

## הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע

באַלד דער נאָך ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט אָנגעהויבן קומען די הילף פון אַמעריקע, איז אין לאָשיץ, ווי אין אַנדערע שטעטלעך אין פוילן, געגרינדעט געוואָרן אַן אומזיסטע פאָלקס־קיך, וווּ מען האָט פאַרטיילט, אינגאַנצן אומזיסט, ברויט מיט קאַקאַאָ. אויסער דעם האָט מען דעמלט אויך פאַרטיילט פאַר נויטבאַדערפטיקע קליידער, ווי ווינטער־מאַנטלען און שיך. די דאָזיקע הילף האָט דאַן פיל יידן אין שטעטל פשוט געראַטעוועט פון הונגער, ווייל די נויט בעת און נאָך די מלחמה־יאָרן איז געווען אַ געוואַלדיקע.

די הילפס־אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ קאָמיטעט מיט פאַרשטייער פון פאַרשידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, פון פאָליטישע פאַרטייען — ציוניסטן, „בונד", „אגודה" — ווי אויך האַנטווערקער און קליינהענדלער. צום קאָמיטעט האָבן געהערט: שלמה דראָגיצקי („די באָרד"), איטשע קולאַוויעץ („פיען"), אליהו גאָלדפעדער („קאָזע"), שמחה הייבלום, מרדכי־קלמן קאַמינער, שלום וורובעל, גאָדל ראָזענבאַנד, מעלע גרינבערג. דער צעטיילער פון דער הילף איז געווען כאַצקל גאָלדשטיין. די זיצונגען פון קאָמיטעט זענען שטענדיק געווען

שטורמישע. די נויט איז געווען אַן אַלגעמיינע און יעדער האָט געוואָלט דורכויס העלפן זיינע נאָענטע, פריינט, אָדער פּאַרטיי־חברים. אין לאַשיץ פלעגט מען זיך איבערגעבן אַן אָפּטע באַמערקונג פון „די באָרד״ ביים באַהאַנדלען אַ נויטבאַדערפּ־טיקן: „ער איז אפילו אַן אָרעמאַן, אָבער דאָך דאַרף מען אים געבן...״

די קיך איז שנעל פאַרמאַכט געוואָרן, אָבער דאָס צעטיילן קליידער האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, שוין אַלס הילף פון „דזשאָינט״.

ווי אַ פאָרזעצונג פון דער נאָכמלחמהדיקער הילף פון אַמעריקע זענען געווען די „מעות־חיטין״, וואָס פלעגן דערהאַלטן ווערן פון דער לאַשיצער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין די פאַרייניקטע שטאַטן פאַר אָרעמעלייט אויף פסח. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די אויבנדערמאָנטע און נאָך אַנדערע. די זיצונגען פון יערלעכן „מעות־חיטין״־קאָמיטעט און צעטיילונג פון געלט פלעגן פאָרקומען ביי יצחק שוחט.

איך וויל דאָ דערמאָנען נאָך אַ הילפס־אינסטיטוציע, אין וועלכער מיר איז אויסגעקומען צו זיין טעטיק. דאָס איז „צענטאָס״, מיט רחל שטערן פון וואַרשע אין דער שפּיץ. די אָפּטיילונג אין לאַשיץ, וואָס איך האָב געגרינדעט, האָט עקזיסטירט אין די יאָרן 1937—1939. די לאַשיצער „צענטאָס״־אָפּטיילונג האָט געפירט אַ באַשיידענע טעטיקייט, אָבער אויף אַזויפיל אָנגעזען, אַז איך בין שפּעטער געוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון פוילן, אַלס פאָרשטייער פון די לובלינער און קעלצער וואָיעוודשאַפטן.

„צענטאָס״ האָט זיך פאַרנומען מיט געבן הילף פאַרן אָרעמען יידישן קינד. מיר האָבן גלייכצייטיק געפאָרשט דעם געזונט־צושטאַנד און מאַטעריעלן מצב, אין וועלכן עס לעבן די יידישע קינדער, און אין די נויטווענדיקע פאַלן פאַרטיילט געלט־שטיצע. אונדזערע מעגלעכקייטן זענען געווען באַגרענעצטע. די געלט־מיטלען זענען געקומען הויפּטזאַכלעך פונעם צענטער, אין וואַרשע, און אין אַ זייער קליינער מאָס געשאַפן געוואָרן אויפן אָרט גופא.

ל ײ ב ל  ה א פ ע ר

## די אייזערנע קאסע און די בענק

עס דערמאָנט זיך מיר דער טאָג, אין 1923, ווען מען האָט קיין לאַשיץ געבראַכט די ערשטע אייזערנע קאַסע. דאָס איז געווען פאַר דער „פאָלקס־באַנק״, וואָס האָט זיך דעמלט אריבערגעצויגן אין אַ גרעסערן לאָקאַל, אויפן ערשטן שטאָק ביי יוסף זייפנזידער. דאָס אַרויפשלעפן די שווערע קאַסע דורכן באַלקאָן, אינמיטן מאַרק, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצער „פאָרשטעלונג״. יונג און אַלט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מאַרק אָנצוקוקן ווי מען הויבט, מיט קייטן און שטריק, דעם שווערן קאַסטן. דער טאָן־געבער איז דערביי, פאַרשטייט זיך, געווען דער טרעגער שלמה „דער נדן״. ער האָט דיריגירט מיט אַ גאַנצער כאַפּטע העלפערס. ביי יעדן ציִ פון די שטריק האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ נייעם וויץ אין עולם אריין. און ווען די

קאַסע איז שוין געווען אויפן באַלקאָן, האָט ער צוגעלייגטביידע הענט צום מויל און איבערן מאַרק האָט אָפּגעהילכט זיין באַקאַנטער רוף: „סיאָסטראַ זדראָוואַ...״

די אייזערנע קאַסע האָט געדאַרפט פאַרזיכערן די באַנק, הויבן איר אָנזען און דעם צוטרוי צו איר, — אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן אַרום איר מחלוקתן. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון סאָקאָלאָווער חסידים־שטיבל, וווּ עס האָבן געדאַוונט דער שטאָט־גביר בונעם וויימאַן און דער דאָזער מאיר קראַקאָוויאַק. פון דאָזיקן שטיבל איז נישט געווען קיין פאַר־טרעטער אין דער באַנק־פאַרוואַלטונג. זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ בזיון... און האָבן באַשלאָסן אָנצוהויבן אַן אַקציע קעגן „באַנק לודאָווי״. זיי האָבן צוגעצויגן עטלעכע חסידים פון גערער שטיבל און עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט צו גרינדן אַ חסידישע באַנק. פון „באַנק לודאָווי״ האָבן זיך דעריבער גענומען דערווייטערן געוויסע חסידישע קרייזן און אונטער זייער דרוק האָט אויך מיין פאָטער געמוזט פאַרלאָזן די באַנק. עס איז דאַן צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון בונעם וויימאַן, טוביה־יחיאל דאָבזשינסקי, הערשל אַפּעל און בעריש לאַנדוי, וועלכע האָבן אַרויסבאַקומען פון דער פּוילישער מאַכט אין 1925, אַ לעגאַליזאַציע אויף אַ צווייטער באַנק אונטערן נאָמען „באַנק קופּיעצקי״.

די נייע באַנק האָט זיך איינגעאָרדנט אין הויז פון זלמן מינץ. גאָדל ראָזענ־באַנד איז געוואָרן בוכהאַלטער און טוביה־יחיאל דאָבזשינסקי — קאַסיר.

אין אַ צייט אַרום האָט מען גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז „באַנק קופּיעצקי״ האַלט ביי באַנקראָטירן. עס האָט זיך אַרום איר געשאַפן אַ פּאַניק־שטימונג, מען האָט מיט איינמאָל גענומען אַרויסציען די פּקדונות און אַזוי ווי די געלטער זענען געווען אַרויסגעליִען אין הלוואות, האָט מען אַלע פאָדערונגען נישט געקאָנט נאָכקומען און די באַנק איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון אַן אָפיציעלן ליקווידאַציע־קאָמיטעט.

נאָך דער ליקווידאַציע פון „באַנק קופּיעצקי״ האָט מיין פאָטער געגרינדעט אַ קליינע פּריוואַטע באַנק אונטערן נאָמען „קאַסאַ קופּצוֹוו אי ראָלניקוּוו״, וועלכע איז געפירט געוואָרן ביי אונז אין דער וווינונג אויף אַ זייער קליינעם מאַסשטאַב.

פאַר זיין טויט האָט מיין פאָטער אויסגעאַרבעט אַ סטאַטוט און אַרויסבאַקומען פון דער מאַכט אַ לעגאַליזאַציע אויף אַ גמילת־חסד־קאַסע. דאָס עפענען פון דער קאַסע האָט זיך, אָבער, פאַרצויגן צוליבן מאַנגל אין אַ פּאַסיקן לאָקאַל און דערווייל איז מיין פאָטער געשטאָרבן. די לעגאַליזאַציע פון דער גמילת־חסד־קאַסע איז געבליבן ביי מיין ברודער אהרן לאַנדוי. איין שבת זענען געקומען אין לובלינער שטיבל, וווּ ער האָט געדאַוונט, מעלע קאָקע, הערשל לעוואַנדער און נאָך איניקע און נישט געלאָזט לייענען, ביז אהרן האָט זיי צוגעזאָגט איבערצוגעבן די דאָזיקע לעגאַליזאַציע. דאַן איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן די גמילת־חסד־קאַסע, וועלכע איז געפירט געוואָרן דורך לייבל האָפּער.

שמואל לאַנדוי

## דראַמאַטישע קרייזן און כאָרן

ביי יעדער גרעסערער אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז און אָפט אויך אַ כאָר, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער קולטור־טעטיקייט פון דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע.

די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט באַלד געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז, אין וועלכן עס האָבן געשפּילט אַלס ליבהאָבער־אַרטיסטן: הערשל קאַרטש, רייצע קאַרטש, שרה זיל־בערקראַנץ, יאָכע האַכמאַן, ריקל ראָזענבאַנד, יהושע ראָזענצווייג, דוד מינץ, מ. שמש, עזריאל כהן, יאָסל פּערלמוטער, אברהם פלאַט (טוביה דער מילכיקער), העניע פּערלמוטער, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן: חנה האַכמאַן, דוד רוזאל, אייזשע שערץ, הערשקע ווּרובעל.

צום גונסטען דער פאלקס־שולע.

**פראגראם**

פון דעם

**דראמאטישען אווענד,**

דאנערשטאג (א׳ דחוהמ״פ), דעם 17–טען
און שבת (ג׳ דחוהמ״פ), ד. 19–טען אפריל 1919
איינגעארדענט דורך דער דראמאטישער סעקציע ביי דער „אגודת־הציונים" אין לאשיץ.

**„דאס ברענענדע הויז"**

4־אקטער פון י. וואהלמאן.

**פערזאנען:**

ר׳ פסח הורוויץ . . ה׳ אהיגער
גאלדא מירעל, זיין פרוי . „ מ. שמש
מאניע, זייער טאכטער . „ פ. מערמעלשטיין
משה גאלדבערג, איהר מאן . „ הגבר
רעגינא, די צווייטע טאכטער . „ ר. קארטש
צעשא, די דריטע טאכטער . „ י. האכמאן
בעניעק, זייער זוהן . . „ ע. כהן
ראמעק, גאלדבערגס קינד . „ ד. ראזאל
ש. גימפעל, הורוויצ׳ס א פריינד „ דאבראוויטש
מירקין, דאנטיסט . . „ י. פערלמוטער
פייגא, א דינסט . . „ ש. זילבערקראנץ
א שדכן . . . „ א. פליאט.

דרוק. „וויקטאריא" גאלדבערג, שעדלעץ.

אַ שטאַרקער דראַמאַטישער קרייז און אַ כאָר זענען געווען ביים פּראָ־פעסיאָנעלן לעדער־אַרבעטער פאַראיין. אין דאָזיקן דראַמאַטישן קרייז האָבן זיך אויסגעצייכנט יאָסל באַביק, חנה גוז און שפרה גוז.

שפּעטער זענען ביי דער „יוגנט־פרייהייט" געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז און אַ כאָר, ביי וועלכע עס זענען ספּעציעל

טעטיק געווען: די ברידער חנא און גדליה וואָדע, פערעלע זילבערקראַנץ, דוד רוזאל, הערשל און בערל בינשטאָק, שפרינצע הערץ.

אָט זענען אייניקע פון די פיעסן אויפגעפירט דורך די לאָשיצער דראַמ־קרייזן: „דער יידישער קעניג ליר״, „די שחיטה״, „כאַשע די יתומה״, „זיבן געהאָנגענע״, „דאָס ברענענדע הויז״, „ווו זענען מיינע קינדער?״, „דער ווילדער מענטש״, „יידעלע דער בלינדער״, „שמע ישראל״.

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז טראָץ די פּאָליטישע קאַמפן צווישן די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, איז גלייכצייטיק צווישן די דראַמקרייזן פאָרגעקומען אַ חברישע צוזאַמענאַרבעט, אויפן געביט פון רעפּערטואַר און רעזשיסערישער הילף, מען האָט זיך קעגנזייטיק געבאָרגט קאָסטיומען און גרים.

יעדע פאָרשטעלונג פון אַ דראַמאַטישן קרייז, צי אַן אַרויסטריט פון אַ כאָר, זענען געווען אמתע קולטור־איבערלעבונגען אין לאָשיץ. דאָס זענען געווען פייערלעכע אָוונטן, צו וועלכע עס פלעגן קומען הונדערטער יוגנטלעכע און עלטערע. יעדע פיעסע פלעגט געשפילט ווערן צוויי־דריי מאָל.

אונדזערע דראַמאַטישע קרייזן פלעגן מיט זייערע פאָרשטעלונגען אויך אַרויספאָרן אין די נאָענטע שטעטלעך, ווו זיי האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג.

דוד רוזאל



די שארית־הפליטה פון לאָשיצער לאַנדסלייט אין דייטשלאַנד, גלייך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַרום אַן אָנדענק־מצבה נאָך אונדזער אומגעבראַכטער קהילה

## מיין מאַמעס שבת־קלייד

אין וואַלד ליגט פאַרבלוטיקט אַ קליידל מיין מאַמעס —
ווי שקיעה אַ רויטע פון ווייטן עס ברענט.
אין דעם פלעגט מיין מאַמע מיט הייליקן ציטער,
ביים צינדן די ליכטלעך, צעפּירן די הענט.

און איך, דאַן אַ קינד נאָך, אַזוי ווי אין חלום,
געזען האָב מלאכים מיט הערצער אַנטבלויזט.
אויף פליגל אויף ווייסע, זיי ברענגען דעם שבת
פון ליכטלעך אין זילבערנע לייכטער אַרויס.

און פול איז מיין שטוב דאַן מיט שלוה געוואָרן.
פון אויגן מיין מאַמעס, אַ טרער האָט געגלאַנצט,
און מיך האָט אַ מלאך ביים הענטל גענומען —
דעם שבת אַנטקעגן זיך לאָזן אין טאַנץ.

עס האָבן זיך פיסלעך ווי פליגל געהויבן,
אַזוי ווי אַ מלאך כ׳האָב דעמלט געשוועבט;
באַגלייט האָט מיין מאַמעס אַ ניגון אַ זיסער —
מיר האָבן אַ פריידיקן שבת דערלעבט.

און היינט, אין שבתים טראָגט אום זיך אַ יאָמער,
כאָטש קיינער עס ווייסט נישט און קען דעם באַשייד.
אַזוי קאָן נאָר ווייגען מיין מאַמעס נשמה,
וואָס קאָן נישט געפינען איר שבתדיק קלייד.

אַזוי גליט אין שנאה ביז היינט נאָך מיין מאַמע
צום דייטש, וואָס אין וואַלד האָט צעשניטן איר גוף,
און דאָרט אין אַ טייכל אַ בלוטיקס געלאָזן
איר קלייד, וואָס אין שבת דער מאַמען עס רופט.

עס רופן די ליכטלעך פאַראַבלט שוין יאָרן,
די מאַמע זאָל קומען אין שבתדיק קלייד.
דריי אַלטיטשקעביימער, זיי פּרווון פאַרדעקן
מיט בלעטער, מיין מאַמעס פאַרלאָשענע פרייד.

(״אונדזער שטימע״, פּאַריז)

יוסף פרידמאַן

# דאס רעליגיעזע לעבן

## עטלעכע לאָשיצער רבנים

### ר׳ מרדכילע גאָלדבערג

דער ערשטער רב, וועלכן איך געדענק אין לאָשיץ איז געווען ר׳ מרדכילע גאָלדבערג. ער איז געווען קליין־געוואוקסיק, אָבער זייער רירעוודיק, מיט גרויסע בלישטשענדיקע אויגן. ער האָט געהאַט אַ פלינקע תפיסה און אַ טיפן פאַרשטאַנד. אַ גרויסער בקי געווען אין תלמוד, בבלי ווי ירושלמי, און אין רמב״ם. ער איז געווען זייער פרום און באַקאַנט געווען מיט זיין גוט האַרץ. שטיל און עניוותדיק איז געווען זיין גאַנג אַלס רב, זיינע מעשים און זיין גאַנץ לעבן.



ר׳ מרדכילע

ער איז געווען אַ ליטוואַק. און עס איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן — נאָך אין סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט — אַ רב אַ ליטוואַק אין אַ חסידיש שטעטל אין פוילין, ווו אַלץ ווערט געטאָן לויטן רצון פונעם רבין. אָבער ר׳ מרדכילעס גאונות און פקחות האָבן אַלץ איבערגעשטיגן און אויך די חסידים האָבן אים געשעצט און אָנערקענט זיין אויטאָריטעט.

ר׳ מרדכלי איז געווען אַן אמתער איש־הספר, אַ יושב־אהל, ווייט פון עולם־המעשה. ער האָט

פֿאַרהייליקט דעם רמב״ם און פֿלעגט זאָגן, אַז דורך דעם רמב״ם זענען פֿאַר אים אויפֿגעדעקט געוואָרן נייע וועלטן אין תלמוד.

פֿון זיינע קינדער האָב איך געקענט נאָר זיין זון מנחם.

אין דער תורה־וועלט זענען געווײנלעך קיין „דינאַסטיעס״, לויטן שטייגער פֿון די חסידישע הויפֿן, נישטאָ. געווען, אמת, אַ סך משפּחות, וואָס האָבן זיך געגרויסט מיט זייער יחוס אין תורה, מיט לאַנגע דורות לומדים און רבנים; דער אַמט אָבער פֿון רבנות איז נישט סתם איבערגעגאַנגען בירושה פֿון עלטערן צו קינדער. קיינער איז נישט געבוירן געוואָרן אַלס רב — אַ רב האָט מען געדאַרפֿט ווערן; און דערצו איז קודם־כל געווען נויטיק די הסכמה פֿון די בעלי־בתים, פֿון דער קהילה. ר׳ מרדכילעס זון, מנחם, האָט שוין דאַן געשמט אַלס אַ „היינטוועלטיקער״, אַ מאָדערנער יונגערמאַן, און ס׳איז קיין רייד נישט געווען מען זאָל אים אויפֿנעמען אַלס רב אין לאָשיץ.

נאָך ר׳ מרדכילעס פּטירה, אין יאָר 1910, האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַ מחלוקת וועגן אויפֿנעמען אַ נייעם רב.

נאָך ביי ר׳ מרדכילעס לעבן האָט ביי אונדז אין לאָשיץ אָנגעפֿירט מיט אַ ישיבה הרב ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג. דאָס שכנותדיקע שטעטל קאָנסטאַנטין האָט אים געהאַט אויפֿגענומען אַלס רב. אַזוי ווי ער איז, אָבער, געווען אַ שטאַרקער מתנגד, האָבן אים דאָרט די חסידים אַזוי ביטער באַקעמפֿט, אַז ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פֿונעם רבנות, געזעצט אין לאָשיץ אַ ישיבה און פֿון דעם זיך מפֿרנס געווען.

## ר׳ יונתן אייבעשיץ

ווען ר׳ מרדכילע איז נפֿטר געוואָרן, האָבן עמך, שער־און־אייזן־פֿאָלק, געוואָלט אויפֿנעמען אַלס רב דעם דאָזיקן ראש־ישיבה, ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג. די חסידים האָבן זיך אָבער קעגנגעשטעלט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע מחלוקת אין שטעטל. די חסידים האָבן אַראָפּגעבראַכט אַלס רב אַ געוויסן ר׳ יונתן אייבעשיץ, אַ געוועזענעם סוחר, אַ יורד, וועלכער איז פֿריער קיינמאָל קיין רב נישט געווען — ער האָט אָבער געהאַט די המלצה פֿון גערער רבין. די חסידים האָבן פֿאַר אים „איינגעלייגט וועלטן״ און נאָך לאַנגע לאָדענישן און דין־תורהס איז ער געבליבן רב אין לאָשיץ.

די מערהייט יידן אין שטאָט זענען פֿון ר׳ יונתן נישט געווען צופֿרידן. ער איז געווען אַ איש סגור, פֿאַרשלאָסן אין זיך, אַ בודד, האָט ליב געהאַט צו פֿראַווען התבודדות און צו זיין אַליין. געדאַוונט האָט ער אַ גאַנצע וואָך אין שטוב, נאָר שבת פֿלעגט ער קומען אין בית־מדרש אַריין צום דאַווענען,

אַרומגערינגלט מיט אַ כאַפּטע חסידים. אין דער גרויסער שיל איז ער קיינמאָל נישט אַריינגעגאַנגען. נאָר לערנען, האָט מען געזאָגט, האָט ער געקענט זייער פיל, — מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גאון. אָבער פאַר קיין רב האָט ער נישט געטויגט, איז נישט געווען קיין מעורב עם הבריות. אָבער די בעלי־בתים האָבן געליטן און געשוויגן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914, איז ר׳ יונתן אַוועקגעפאָרן צו זיך אין שטעטל און לאָשיץ איז געבליבן אָן אַ רב.

## ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג

די צייט, ווי בעת יעדער מלחמה, איז דאַן געווען אַן אומנאָרמאַלע. אַ סך רייכע סוחרים, חסידים, זענען פאַראָרעמט געוואָרן צוליב די אָפּגעשטעלטע האַנדלס־מעגלעכקייטן מיט רוסלאַנד, און האָבן קיין קאָפּ נישט געהאַט צו רבנים־מחלוקתן. די חסידים האָבן אויך פאַרלוירן זייער השפעה צוליב דער אויפירונג פון זייער פאַריקן רב. דאָס אַלץ האָבן אויסגענוצט די מתנגדים און בעלי־מלאכהס און אויפגענומען אַלס רב דעם ראש־ישיבה ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג. ער איז געווען רב ביזן מיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער איז נפטר געוואָרן שוין אונטער דער אָקופּאַציע פון די נאַציס. זיין לעצטע תפילה איז געווען: „אוי, רבונו־של־עולם, לאָז מיר לעבן כאָטש אַ מינוט נאָכן סוף פון דער מלחמה, איך זאָל זען מיט מיינע אויגן די מפלה פון די רשעים״. ער האָט עס נישט דערלעבט.

ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג איז געווען אַ גרויסער למדן. אַ רואיקער ייד, אַ רך־לב, אַ חס על ממונם של ישראל. ער האָט זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך מקיל צו זיין, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט ביי אַ הפסד ממון. ער איז געווען אַ גרויסער עניו, פול מיט פשטות, געדולד און מענטשן־ליבע.

## ר׳ יוזפא בלאָשטיין

געווען אין לאָשיץ לאַנגע יאָרן אַ שוחט ר׳ יוזפא בלאָשטיין, אָדער ר׳ יאָיזעפּ, ווי מען האָט אים גערופן. ווען זיינע הענט האָבן אים אויף דער עלטער גענומען ציטערן און ער האָט שוין מער נישט געקאָנט שעכטן, האָבן אים זיינע מיט־חסידים פון ביאַלער־לובלינער שטיבל געמאַכט פאַר אַ רב און זיין זון פיניע אַלס שוחט אויף זיין אָרט. ר׳ יוזפא האָט געקענט אַ סך לערנען, געווען אַ שטאַרקער חסיד, אַ מקפיד און מחמיר און געהאַט פיל קעגנער אין שטאָט. ווען ער איז געוואָרן אויס שוחט האָט עמעצער געשריבן אין אַ קאָרעספּאָנדענץ צום וואַרשעווער „היינט״: „ר׳ יוזפא קאָן שוין נישט שעכטן קיין בהמות, אָבער מענטשן איז ער נאָך פעיק צו שעכטן...״ ער איז

אָבער געווען אַן ערלעכער ייד און געאַכטעט אפילו ביי די קעגנער. ער איז נפטר געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1927.

## ר׳ אריה־לייב ליפשיץ

ווען ר׳ יוזפא איז געוואָרן רב, אין דער אומנאָרמאַלער צייט גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך געפונען אַן אַנדער גרופּע חסידים, וואָס האָט אויפגענומען אַ דריטן רב, דעם אַזוי־גערופענעם יאַנאָווער רבין, ר׳ אריה־לייב ליפשיץ. די קהילה איז נאָך דעמלט נישט געווען אָרגאַניזירט, נישט געווען ווער עס זאָל רעאַגירן און איש כל הישר בעיניו יעשה. ביז ר׳ יוזפא איז נפטר געוואָרן, זענען, אַזוי אַרום, געווען אין לאָשיץ דריי רבנים מיטאַמאָל. שפּעטער האָט די יידישע קהילה אָפיציעל געהאַט רעגיסטרירט צוויי רבנים: ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג אַלס רב, וועלכער פירט די מעטריקע־ביכער און ר׳ אריה־לייב ליפשיץ אַלס דיין. ר׳ אריה־לייב איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת־פנים, אַ הויכער שלאַנקער מאַן מיט אַ שיינער באָרד. געהאַט ביי זיך אין וווינונג אַ חסידים־שטיבל און בכלל געפירט אַ שיינע שטוב. וואָס איז נוגע קענען לערנען, האָט מען געזאָגט — איז לאו דווקא... ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשע מערדער בעת דער אויסזידלונג פון לאָשיץ, דעם 22־טן אויגוסט 1942, און באַגראָבן געוואָרן דורך פּאָליאַקן, צוזאַמען מיט זיינעם אַ זון פון אַ יאָר 14—15 אין אַ ראָוו ביים פעלד, אויפן שעדלעצער וועג.

## ר׳ יענקל שיינקינד

מיין שווער ר׳ מענדל פערלמוטער ז״ל, אָדער מענדל־העניעס, ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל, איז געווען אַ גרויסער תבואה־סוחר, אַ מטופּל מיט 9 קינדער — 6 זין און 3 טעכטער, — און מיט געלט. „קיין זין״ — האָט געזאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט — „קאָן מען נישט קויפן, איידעמס — יאָ״. האָט מענדל־העניעס גענומען פאַר זיין עלטערער טאָכטער לאה, אַן אויסנאַם־חתן, אַ בחור פון גרויסן יחוס, פון גזע פונעם אַלטן קאָצקער רבין ר׳ מענדעלע — יענקל שיינקינד. ער איז געווען אַן אמתער גאון, אַ למדן מופלג מיט אַ גראַדן שכל. ער איז פריער געווען אַ תלמיד פון בריסקער גאון און מינסקער גדול. אָנקומענדיק צו אונדז קיין לאָשיץ האָט ער געמאַכט די נעכט פאַר טעג, געזעסן על התורה, געלערנט טאָג־און־נאַכט, געווען אַן אמתער מתמיד, ווי עס מאַכט אים ביאַליק אין זיין באַרימטן שיר.

צום סוף האָט ער באַקומען סמיכה אויף רבנות פון זיין פעטער, דעם סאָכאַטשאָווער רבין, ר׳ אברהמלע. אָבער מיין שוואָגער ר׳ יענקל שיינקינד

האָט נישט געוואָלט מאַכן פון דער תורה קיין קרדום לחפור, נאָר זיך גאָר גענומען צו מסחר, געווען אַ שטיקל צייט אַ שניט־קרעמער אין לאָשיץ. אין די צייטן פון גראַבסקין, ווען מען האָט דיסקרימינירט יידישע סוחרים מיט הויכע שטייערן, איז ער געצוווּנגען געווען אויפצוגעבן זיינע געשעפטן און איז געוואָרן רב אין קאָנסטאַנטין. אַלס רב האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט זיין לערנען און עוסק געווען יומם ולילה בתורה. אין דער צייט האָט ר׳ יעקב מסמיך געווען דעם סאָקאָלאָווער רבינס צוויי זין, זיינע תלמידים, וועלכע זענען געוואָרן רבנים אין ווענגראָוו און סטערדין. אויך דער הייַנטיקער פּאַריזער רב רובינשטיין, אַ יליד קאָנסטאַנטין, איז זיינער אַ תלמיד.

ווען די דייטשן האָבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אָקופּירט פּוילן, האָט קאָנסטאַנטין, ווי אַלע איבעריקע שטעט, איבערגעלעבט שרעקלעכע צייטן. דער רב האָט געמוזט אַנטלויפן און ר׳ יעקב שיינקינד, מיט דער רביצן לאה און זייער זון מאָטל, זענען געקומען צו מיר קיין לאָשיץ. איך האָב אים דאַן געבעטן ער זאָל מיר געבן צו פאַרשטיין די התחלה פון קבלה. האָט ער מיר געענטפערט, „אַז גאָט וועט געבן און מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה״, וועט ער דאָס טאָן. עס איז אים נישט באַשערט געווען איבערצולעבן. בעת דער אויסזידלונג פון די לאָשיצער יידן, האָט ער זיך, צוזאַמען מיט דער פרוי און זון, באַהאַלטן צוזאַמען מיט מיר און מיין פאַמיליע. ווען מיר זענען אַוועק אין אַ זיכערער באַהעלטעניש, האָבן זיי אויפן צווייטן טאָג אויך געדאַרפט צו אונדז אַרויסקומען. די דייטשן האָבן זיי אָבער געכאַפּט און אים צוזאַמען מיט דער רביצן דערשאָסן ביי מיר אין הויז אין לאָשיץ. צוריקערנדיק נאָך דער באַפרייאונג אַהיים האָב איך אויף דער וואַנט אין שטוב געפונען פלעקן פון זייער הייליק בלוט. זייער זון האָט זיך דורך אַ נס אָפּגעראַטעוועט און געפינט זיך אין ישראל.

## מיין ברודער שלום

איך קאָן נישט פאַרענדיקן די באַשרייבונג פון רבנים, נישט דערמאָנענדיק מיין אומגעבראַכטן ברודער, שלום פינקוס הי״ד. ער איז געווען אַ למדן מופלג, אַ בית־עקד ספרים דניידי, אַ לעבעדיקע ביבליאָטעק. ער האָט געקענט לערנען גוט אַ בלאַט גמרא מיט תוספות און מהרש״א, געקענט גאַנץ תנ״ך אויף אויסנווייניק און דאָס זעלבע דעם „מורה נבוכים״, געווען גוט באַהאַוונט אין אַלע חקירה־ספרים. ווען עמעצער האָט געדאַרפט וויסן ווו אַ פסוק געפינט זיך, האָט ער זיך געווענדעט צו שלומען. דערביי האָט ער געהאַט אַ צאַרטע פּאָעטישע נשמה און געווען תמיד פאַרזאָרגט וועגן קיום היהדות. ער האָט געווינט

פריער אין ראדזין, דערנאָך אין ראדאָם, פון וואַנען די רוצחים האָבן אים פאַרשיקט קיין טרעבלינקע און דאָרט אומגעבראַכט. אַ טאָכטער זיינע לעבט אין ישראל.

אברהם פינקוס (מענדעלסאָן)

## רבי יהונתן איבשיץ בקוצק

ר׳ יהונתן, שהיה בסוף ימיו רב בלושיץ, התחנך בחצרו ואוהלו של הרבי מקוצק. הוא למד תורה מפי „חדושי הרי״ם״ מגור בצוותא אחת עם בעל „שפת אמת״. בעודו צעיר התפרסם ר׳ יהונתן כעילוי וגאון בתורה ופוסקים. קהילות רבות בפולין הזמינוהו לכסא הרבנות, אך הוא לא רצה לעשות את תורתו קרדום לחפור בה ובחר לחיות באווירה של קוצק.

ר׳ יהונתן עסק במסחר היערות והצליח בו מאוד ובביתו היו תורה וגדולה במקום אחד. ביתו בן שתי קומות ברחוב השוק היה הגדול בעיר וכולו אומר כבוד. ר׳ יהונתן עזר ביד רחבה לכל הנצרכים בקוצק. מי שבתו הגיעה לפרקה ולא היתה לו נדוניה, פנה לר׳ יהונתן והוא הוציאו ממצוקתו; חולה שהיה זקוק לרפואה או למאכל מיוחד — ר׳ יהונתן היה המספק; חנוונים רבים בעיר נעזרו על־ידו בגמילת־חסד. עשרות פועלים ופקידים התפרנסו באופן קבוע בעסקי ר׳ יהונתן בהעברת עצים דרך נהר וייפש אל הוויסלה ולים הבלטי ומשם לגרמניה וארצות אחרות.

בסוף ימיו לא אצר כוח לנהל את העסקים ועלה על כסא הרבנות בלושיץ. אבל בפרוץ מלחמת העולם הראשונה עזב את לושיץ וחזר לקוצק.

גדליהו גרוסמן

## מיין זיידע „דער ציטעריקער״

דער מחבר פון דאָזיקן אַרטיקל, הרב ר׳ יהודה אלטוסקי, איז אַן אָנגעזעענער אָרטאָדאָקסישער רב אין ניו־יאָרק. געבוירן אין לאָשיץ, האָט ער געלערנט אין די גרעסטע ישיבות אין פוילן, ווו ער האָט געשמט אַלס עילוי און טיפער תלמוד־דענקער. שוין אַ יאָר דרייסיק ווי ער איז רב אין בראָנקס, ניו־יאָרק, ווו ער שטייט בראש פון פאַרבאַנד פון די אָרטאָדאָקסישע רבנים. ער איז אויך באַקאַנט אַלס פראַכטפולער רעדנער און געזעלשאַפטלעכער טוער און ער האָט שוין עטלעכע מאָל באַזוכט ישראל. הרב אלטוסקי האָט פאַרעפנטלעכט פיר ספרים, „הגיוני יהודי״, מיט דרשות אין יידיש און העברעיש, שרייבט אָפט אַרטיקלען וועגן יידישע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע ענינים אין פאַרשידענע יידישע צייטונגען און צייטשריפטן אין אַמעריקע.

דער נאָמען „דער ציטעריקער״ איז ווויל באַקאַנט יעדן לאָשיצער. געהייסן האָט ער טאָקע אַ גאַנץ שיינעם יידישן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען, — הערש־



הרב ר׳ יהודה אַלטוסקי

פסח ליבערמאַן — אָבער באַוווסט איז ער נאָר אַלס „דער ציטעריקער״. און נישט, חלילה, ווייל ער איז געווען אַזוי ציטעריק ביי זיינע לאַנדסלייט, אַ מין ציטעריק בן־יחידל. ניין, דער צונאָ־מען האָט אַ גאָר פשוטה סיבה: זיינע הענט האָבן געציטערט פון דער פריעסטער יוגנט אָן — אַ קראַנקהייט אַזאַ, רחמנא ליצלן. אָבער, מעגלעך, אַז אַן אונטערבאַוווסטזיניקער געדאַנק האָט אונטערגעזאָגט די לאָשיצער, אַז זייער לאַנדסמאַן ר׳ הערש־פסח ליבער־מאַן איז טאַקע אַן אויסנאַם אין דער וועלט, אַ ציטעריקער בן־יחיד... כ׳בין, אָבער, דאָ נישט אויסן צו באַשרייבן דעם ציטעריקן בכלל. איך וויל נאָר איבערגעבן וועגן שייכות פון מיין זיידן מיטן כבוד פון לאָשיצער רב און אַנדערע אינצידענטן אין צוזאַמענהאַנג מיט לאָשיצער רבנות.

די לאָשיצער רבנות־פראַגע איז געבליבן איינגעקריצט אין מיין מוח פון מיין פריעסטער יוגנט, צוליב אַ גאַליק־ביטערער באַמערקונג פון קאָנסטאַנטינער רב זכרונו לברכה: „לערנט, לערנט, קינדערלעך, וועט איר אויסוואַקסן צו זיין רבנים ביי יידן...״ אין אַן אַנדער צייט און אין אַן אַנדער אָרט וואָלט עס געווען אַ גאַנץ אומשולדיקער זאָג, וואָס וואָלט נישט איבערגעלאָזט קיין שום רושם. אָבער אין יענער צייט, אונטער יענע אומשטענדן, זענען מיר אַלע, די תלמידים פון דער לאָשיצער ישיבה, געבליבן זיצן פאַרגליווערטע און מורא געהאַט אויפצוהויבן די אויגן אויפן טרייסלענדיקן זיך פון כעס ראש־ישיבה.

די געשיכטע איז פאָרגעקומען לערך אין יאָר תרס״ט, (1910). דער לאָשיצער רב, דער אַלטער ר׳ מרדכילע, איז דאַן נפטר געוואָרן און מען האָט געדאַרפט אויפנעמען אַ נייעם רב.

צו יענער צייט איז לאָשיץ געווען אַ שטאָט פון יראים ושלמים, שיינע בעלי־בתים און זיידענע יונגעלייטלעך, משכילים און לומדים. צווישן זיי — טאַקע לומדים אויפן גרויסן שטייגער, וואָס יעדער פון זיי וואָלט געקאָנט מיט גרויס ווירדע פאַרנעמען דעם הויכן אַמט פון לאָשיצער רבנות. דאָס זענען געווען ר׳ יוזפא שוחט און דעם ציטעריקנס אײדעם, מיין פעטער ר׳ יצחק שר״ב, פון די וואָלאָזשינער שאַרפע קעפּ. אָבער צו יענער צייט זענען זיי געווען צו באַשיידן פאַרצושלאָגן זייערע קאַנדידאַטורן. אָבער דער קאָנסטאַנטינער רב,

הרב ריזענבערג זצ״ל, איז געווען דער נאַטירלעכסטער, זעלבפאַרשטענדלעכער קאַנדידאַט אויף דעם אַמט. ער איז געווען אַ ליטווישער למדן אויפן שטייגער פון פאַרשטאָרבענעם ר׳ מרדכילע. ער איז געווען אַ הויכער מאַן מיט גרויסע דורכדרינגענדיקע טרויעריק־קלוגע אויגן. ער איז געווען ראש־ישיבה אין לאָשיץ לאַנגע יאָרן, זינט ער האָט פאַרלאָזט קאָנסטאַנטינער רבנות, צוליב וועלכן מען האָט אים טאַקע גערופן „קאָנסטאַנטינער רב״. אין זיין ישיבה האָבן געלערנט בחורים פון פיל אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אָבער די גרויסע מערהייט תלמידים איז באַשטאַנען פון קינדער פון די לאָשיצער בעלי־בתים, פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, פון יאָנטשע חסידס זון ביז דעם משולחס, פון די אייניקלעך פון דעם ציטעריקן און דעם רייכן בעקערמאַנס ביז חיים־יידל דעם שניידערס זין. אַלע האָבן זיי, ווער מער און ווער ווייניקער, געלערנט ביים קאָנסטאַנטינער רב. אָבער ווען עס איז געקומען דער מאָמענט אַרויסצווייזן דאַנקבאַרקייט צו זייער רבין, האָט אים די שטאָט אָפגעטאָן אויף טערקיש, — מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ רב פון דער פרעמד. אין אָט־דעם טראַגישן מאָמענט האָט זיך עס אַרויסגעריסן פון קאָנסטאַנטינער רב דער אויבנדערמאָנטער סאַרקאַסטישער אויסגעשריי: „לערנט, לערנט, קינדערלעך, וועט איר אויסוואַקסן צו זיין רבנים ביי יידן...״

דער נייער רב איז געווען אַ גדול בתורה, ר׳ יהונתן אייבעשיץ זצ״ל פון קאָצק. נישט דער קאָצקער רב, נאָר אַן איינוווינער פון קאָצק, וועלכער איז ביז דעמלט, ביז דער עלטער פון זעכציק יאָר, נישט געווען קיין רב, נאָר אַ סוחר, אַ ייד אַ גביר. ווען ער איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ יורד און פונקט איז ליידיק געוואָרן דאָס לאָשיצער רבנות, האָט דער גערער רבי געגעבן אַ ווונק צו זיינע לאָשיצער חסידים אויפצונעמען דעם אָנגעזעענעם גערער חסיד, ר׳ יהונתן אייבעשיץ, אַלס רב אין זייער שטעטל.

ווי ווייט איך געדענק זענען די גערער חסידים געווען אַ קליינע מינדערהייט אין לאָשיץ. די שטאָט האָט געהאַט פיל מתנגדים, מיט אַ שטענדיק פול־געפּאַקטן מתנגדישן בית־מדרש און אַ הויכע קאַלטע מתנגדישע שיל. אויך די „שטיבלעך״ זענען מערסטנס באַשטאַנען פון מעזריטשער, פאַרצעוור און אַנדערע חסידים. פון שטאָט־גביר ר׳ זלמן מינץ ביז מיין פעטער ירחמיאל כהן דעם אייזן־קרעמער, זענען אַלע געווען פאַרצעווער חסידים. איך דערמאָן זיך דעם טאָג ווען דער פאַרצעווער רבי זצ״ל איז אַמאָל אַראָפּגעקומען קיין לאָשיץ. די גאַנצע שטאָט, ממש קינד און קייט, פון זלמן מינץ ביז מיר, אַ בר־מצוה בחורל, פון פאָסט־טרעגער ביז זלמן בעקער, איז אַרויסגעגאַנגען צופוס, אָדער אַרויסגעפאָרן אויף בריטשקעס, אַכט וויאָרסט הינטער דער שטאָט, מקבל־פנים צו זיין דעם פּאַטריאַרכאַליש־אויסזעענדיקן פאַרצעווער רבין. אויף די גאַנצע אַכט טעג, וואָס דער פאַרצעווער רבי איז געווען אין לאָשיץ, איז די גבירישע שטוב פון זלמן מינץ, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טומלדיקע קרעטשמע. די

גאַנצע שטאָט האָט אָן אויפהער באַלאַגערט דאָס הויז ווו דער רבי איז איינגעשטאַנען מיט זיינע משמשים.

פון וואַנען עס האָבן זיך פלוצלינג גענומען אין לאָשיץ אַזויפיל גערער חסידים, כדי צו קאָנען אַרויפצווינגען אַ גערער חסיד, אָן רבנישן עבר, אַלס לאָשיצער רב, קאָן איך ביז היינט נישט באַגרייפן.

איך קאָן אויך נישט זאָגן, אַז מיט זיין באַצויבערנדיקער רעדנער־קראַפט האָט ער פאַרכישופט די שטאָט... דאָס בילד פון נייעם רבס ערשטער דרשה, אין שטאָטישן בית־מדרש, שטייט נאָך איצט ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן. אַ פול־געפאַקטער בית־מדרש. דער נייער רב שטייט אין דער הויך לעבן ארון־קודש, איינגעוויקלט איינגאַנצן אין אַ גרויסן טלית, פון וועלכן מען האָט אים בכלל נישט אַרויסגעזען. און פון טלית אַרויס האָט מען אויך זיין קול איינגאַנצן נישט געהערט. אַ צענדליק חסידים איז געווען פאַרזאַמלט אַרום אים אויף דער בימה. צו זיי האָט ער, ווייזט אויס, עפּעס געזאָגט. אָבער דער גאַנצער עולם אין בית־מדרש האָט נישט געהערט קיין איין איינציק וואָרט פון נייעם רבס ערשטער דרשה...

דער ציטעריקער איז קיין גערער חסיד נישט געווען, און קיין פאַרצעווער, אָדער מעזריטשער חסיד, אויך נישט, — נאָר גאָר אַן אויסגעשפּראָכענער מתנגד, טאַקע פון די אַמאָליקע פאַרברענטע מתנגדים. מען האָט דערציילט, אַז דער זיידע, וועלכער האָט געהאַט ניין טעכטער און איין־איינציקן זון, א בן־יחיד, וועלכער איז לא עלינו דוקא געוואָרן אַ חסיד, זאָל האָבן געזאָגט, אַז אויב דער בן־יחיד וועט, לאחר מאה ועשרים שנה, וועלן זאָגן אין קדיש דעם חסידישן „ויצמח פורקני וקריב משיחי", וויל ער בכלל נישט ער זאָל זאָגן נאָך אים קדיש...

זעלבפאַרשטענדלעך, אַז ר' יהונתן אייבעשיץ, וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער מקורב פון גערער רבין, איז נישט געווען לויטן געשמאַק פון זיידן. ער האָט זיך בעסער געוווּנטשן, אַז דער ליטווישער קאָנסטאַנטינער רב זאָל שטיין בראש פון די לאָשיצער יידן און זיי פירן לויט זיין מתנגדישן שולחן־ערוך, און נישט זיי זאָלן, חלילה, פאַרפירט ווערן אויף חסידישע וועגן... שטילערהייט האָט ער אויך אַרויסגעבראַכט זיין פאַרדרוס, פאַרוואָס די שטאָט איגנאָרירט דעם גרויסן לומדישן איידעם זיינעם, ר' יצחק שוחט, וועלכער האָט, לויט זיין גרויסער מאָס וואָלאָזשינער לומדות און פקחות, געוויס, לפּחות, געמעגט קומען אין באַטראַכט צו פאַרנעמען דעם הויכן אַמט.

אָבער דער ציטעריקער האָט, טראָץ אַלעמען, נישט אָנטיילגענומען אין דער מחלוקת אַרום דעם רבנות־אַמט. אמת, ער האָט זיך נישט באַטייליקט אין די וואַלן פון נייעם רב, נישט געשטימט פאַר אים, אָבער ער האָט זיך דאָך בכלל קיינמאָל נישט געקהלט. אָבער ווען קהל האָט אויסגעקליבן איינעם פאַרן רב פון שטאָט, איז ער פאַר אים גלייך געוואָרן דער מרא דאתרא, די גייסטיקע אויטאָריטעט, פאַר וועלכן יעדער מוז בויגן דעם קאָפּ.

און דער ציטעריקער האָט אָנגעטאָן זיין פּעלץ און איז אַוועק צום בית־הרב אויפן מאַרק־פּלאַץ, כדי צו באַגריסן דעם נייעם רב.

ווען דער זיידע, דאַן שוין אין טיפן עלטער, איז אַרויפגעקומען, שווער־אָטעמענדיק, איבער די הויכע טרעפּ, האָט אים קיינער נישט באַגריסט, נישט געבעטן זיצן. דער רב איז געווען אָפּגעשלאָסן ביי זיך אין צימער און געלאָזט דעם אַלטן בעל־הבית וואַרטן אויף זיך אַ גאַנצע שעה. ווען ער איז סוף־כל־סוף אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש, האָט ער דעם זיידן נישט נאָר נישט איבערגעבעטן, נאָר אפילו נישט געשטעלט די פּשוטע יידיש־מענטשלעכע פראַגע „וואָס מאַכט אַ ייד?...״ אַלץ וואָס דער רב האָט גערעדט און געטאָן איז באַשטאַנען אין קוקן נישט דירעקט צום זיידן, נאָר צו דער זייטיקער ספרים־שראַנק און אַרויסברומען די איינציקע זילבע „ני...״ דער זיידע, אָבער, האָט באַגריסט דעם רב צו זיין איבערנעמען די כסא־הרבנות, אויף וואָס דער רב האָט געענטפערט מיט אַ צושטימענדיקן האַלב־שאָקל מיטן קאָפּ... די צוויי־און־א־האַלב־מינוטיקע אוידיענץ האָט זיך געענדיקט מיט „אַ גוטע נאַכט״ מצדן זיידן. אין דער זעלבער פּאָזע, אויסגעגלייכט, אָן פאַרביטערונג, אָן שום ברוגזן אויסדרוק, ווי ער איז אַרויפגעקומען, איז דער זיידע אַראָפּגעגאַנגען. אדרבא, ער איז צופרידן געווען — ער האָט, ברוך השם, מקיים געווען די מצוה פון קבלת פני הרב אויפן שענסטן אופן...

פון וואַנען איך ווייס אַלע איינצלהייטן פון דאָזיקן עפּיזאָד?

גאָר פּשוט. פון צווישן אַלע קינדער און אייניקלעך, האָט דער זיידע מיך אויסגעקליבן אים צו באַגלייטן אויפן דאָזיקן וועג. איך בין זיכער, אַז דער זיידע האָט מיר, דעם בר־מצוה־בחור, וואָס גרייט זיך צו זיין אַ רב, געוואָלט דערמיט געבן אַ פּראַקטישע לעקציע אין ענין פון כבוד הרב וכבוד התורה... און די לעקציע געדענק איך שטענדיק. דער ציטעריקער האָט מסתם געלאָזט זיין השפּעה אויף דעם געביט אויף די לאָשיצער יידן בכלל, וועלכע, נישט קוקנדיק אויף זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען, באַציען זיי זיך שטענדיק מיט פּיעטעט צו רבנים, אין ישראל ווי אין חוץ־לארץ.

איך האָב זיך שטענדיק געגריבלט צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן כוח פון „הבלגה״, ווי מ׳רופט עס היינט אין ישראל. ווו האָט זיך צו אים גענומען אַזאַ איבערמענטשלעכער כוח צו קאָנען אַראָפּשלינגען שווייגנדיק די אַלע באַליידיקונגען, אָן דער קלענסטער גרימאַסע אויף זיין פּנים? און דער געדאַנק פירט מיך אַוועק פון דער לאָשיצער רבנות־פראַגע צו אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד אינעם פּערזענלעכן לעבן פון ר׳ הערש־פּסח ליבערמאַן ז״ל.

אַ געוויסן טאָג איז דער זיידע, ווי זיין שטייגער, אַוועק פיר אַזייגער באַגינען אין בית־מדרש אַריין דאַוונען „ותיקין״. אויפן וועג האָט ער אָנגעקלאַפּט אין די לאָדנס פון עטלעכע בעלי־מלאכהס, שוסטערס, שניידערס, מיט וועלכע ער פלעגט דאַוונען „ותיקין״, ווייל די שיינע יידן און זיידענע יונגעלייטלעך

וועלן זיך דאָך נישט אויפהויבן, ווען ס׳איז נאָך שטאָק־פינצטער צו קאָנען דאַוונען „וותיקין״. מאַלע, וואָס אַ מתנגד קאָן איינפאַלן! נאָכן דאַוונען פלעגט ער ביז 9 אַזייגער לערנען זיינע טעגלעכע שיעורים אין שולחן־ערוך, משניות. דאַן פלעגט ער אהיימגיין. זיין שטייגער איז שטענדיק געווען אַדורכצוגיין דורכן געשעפט אין הויף אַריין, דאָרט געבן צו עסן די עופות, נאָכער אַריינגיין אין שטוב עסן פרישטיק און דאַן צוריק אין געוועלב אַריין, — שטענדיק מיט אַ ספר אין האַנט, כדי אין אים אריינצוקוקן אין יעדער פרייער מינוט. דעם דערמאָנטן טאָג האָט ער זיך אויך געפירט אויפן זעלבן אופן. אָבער ווען ער איז 9 אַזייגער צוגעקומען פון בית־מדרש צו זיין געוועלב, האָט ער פאַר זיך דערזען אַ שרעקלעך בילד: די פאָדערשטע וואַנט פון געשעפט איז געווען אויפגעבראָכן... מען האָט באַגנבעט! צענדליקער יאָרן פראַצע זענען צוגענומען געוואָרן אין די עטלעכע שעה, וואָס ער איז געווען אין בית־מדרש. אייגן געלט און פרעמד געלט... טויזנטער רובל... אַ ריזיק פאַרמעגן. ער איז אין יענעם פרימאָרגן פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ נגיד אין אַ קבצן.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז דער זיידע אַריין אין געשעפט. דאָ האָט ער דערזען אויף דער פּאָדלאָגע אַביסל צעשאָטענע בעבלעך, רייז, אַרבעס א.ד.ג. און דער אַלטער האָט אויסגערופן: „גאָט צו דאַנקען, זיי האָבן דאָך אויך פאַר מיר עפּעס איבערגעלאָזט...״ ער האָט דאָס צונויפגענומען און אַרויס אין הויף אַריין געבן עסן די עופות, מקיים צו זיין, ווי אין פסוק שטייט, „לבהמתך״ און שפּעטער „ואכלת ושבעת״... דאַן איז ער אַריין אין שטוב און געזאָגט צו זיין ווייב: „יוכבד, גיב עפּעס צו עסן!..״ געוואַשן זיך צום עסן, געגעסן, געבענטשט, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן פאָרגעקומען. דאַן ערשט איז ער צוריקגעגאַנגען אין געשעפט אַריין און געטאָן אַלץ וואָס די אומשטענדן האָבן געפאָדערט.

נו, אויף אַזאַ יידן איז שוין נישטאָ קיין קשיות צו פרעגן!.. אויף אַזאַ ייד קאָן מען שוין גלויבן, אַז אַ קראַנקער יתום, אַן אָרעם יינגל מיט ציטעריקע הענט, זאָל ווערן אַ גרויסער למדן, חתונה האָבן מיט דריי ווייבער, האָבן צען קינדער, זיין רייך און אָרעם, דאָס גאַנצע לעבן פּאָקן און מאָזלען, און אַריינלעבן ביז 83 יאָר און שטאַרבן בשיבה טובה ובשם טוב.

אָט אַזאַ ייד איז געווען אונדזער לאָשיצער לאַנדסמאַן, דער ציטעריקער, ר׳ הערש־פסח ליבערמאַן זכרונו לברכה.

הרב יהודה אַלטוסקי

## דער קאָנסטאַנטינער רב

דער מאַרק אין לאָשיץ איז געווען דאָס האַרץ פון שטעטל. פון מאַרק האָבן זיך געצויגן אַלע וויכטיקסטע גאַסן און געסלעך, ווי די שעדלעצער גאַס, מעזריטשער גאַס, ביאַלער גאַס. אַרום מאַרק האָבן זיך געפונען די בעסערע און

גרעסערע קראָמען און קרעמלעך פון שטעטל. דער האַנדל איז איינגעשטאַנען אין יידישע הענט. פּוילישע געשעפטן אויפן מאַרק האָט מען געקאָנט אָפּציילן אויף די פינגער, און זיי זענען געווען נאָר פון אַ ספּעציעלן מין סחורה, מיט וועלכער יידן האָבן נישט געהאַנדלט...

אין איין געסעלע וואָס האָט זיך געצויגן פון מאַרק, האָט זיך מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אָפּגעשפּילט אַ טראַגעדיע אונטערן נאָמען „דער קאָנסטאַנטינער רב".

דעם נאָמען פון געסל ווייס איך נישט. איך געדענק בלויז, אַז אָנגעפאַנגען האָט זיך דאָס געסל אין מאַרק, מיט יהושע ישעיהוס שענק אויף דער לינקער זייט. אויפן ערשטן שטאָק איבער דער דאָזיקער שענק האָט געוווינט דער קאָנסטאַנטינער רב. אין דער רעכטער זייט פון געסל האָט אברהם פּינקוס געהאַט זיין קרעמל פון שרייב־מאַטעריאַלן. דאָס געסל אַליין איז געווען אַ שמאָלטשיקס. די הייזקעס פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען אַזוי נאָענט צוגע־דריקט איינס צום אַנדערן, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אָט־אָט, קוועטשן זיי זיך צוזאַמען. דאָס געסל האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן גאָרטן, וואָס האָט זיך ווידער פאַרייניקט מיט חיה אידעסעס גאָרטן. אויפן ראַנד פון גאָרטן האָט יהושע־ישעיהוס געבויט אַ נייע געביידע. „מאיר כלה" מיט זיין נעבעכדיקן פערדל, ווען מאיר אַליין האָט פון צייט־צו־צייט געמוזט אַ שלעפּ טאָן, האָט אָן אויפהער געפירט אַהין רויטע ציגל. די ציגל זענען נאָך ממש געווען וואַרעם ווי פון אויוון אַרויס. מויערער (לאָשיץ האָט פאַרמאָגט אַ שפּאָר ביסל יידישע מויערער) האָבן געאַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז אין דער טיפער נאַכט. שנעל, זייער שנעל, איז די געביידע פאַרטיק געוואָרן. עפּעס האָט מען זיך אין שטעטל געסודעט אַז אין דער דאָזיקער געביידע דאַרף פאָרקומען אַ גרויסער משפט.

ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט און רבנים פון פאַרשידענע שטעט זענען זיך צוזאַמענגעקומען קיין לאָשיץ. דאָס שטעטל האָט אין יענער צייט געברויזט. צוויי פיינטלעכע מחנות זענען געשטאַנען אַנטקעגן זיך, ממש איינצובייסן זיך אין די גאָרגלען. נישט איינמאָל איז דערגאַנגען צו בלוטיקע סצענעס. ביידע לאַגערן האָבן געוואָלט אויסאיבן אַ דרוק אויף די ריכטער. אויך צווישן די אַראָפּגעקומענע רבנים איז נישט אַלץ געווען אַזוי גלאַטיק. אין שטעטל האָט מען דערציילט שטוינענדיקע זאַכן אַרום דעם גאַנצן ענין. סוף־כל־סוף זענען די רבנים געווען געצווונגען ממש צו אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק דעם גאַנצן משפט פאַרן לעבן גופא. און געהאַנדלט האָט זיך דעמלט וועגן כסא־הרבנות פון קאָנסטאַנטינער רב.

כאָטש מיין בליק אויף מענטשלעכקייט פון אַ יידן האָב איך קיינמאָל נישט געמאָסטן מיט קיין רעליגיעזער מאָס, מוז איך מודה זיין, אַז ווען איך שרייב וועגן דער געשטאַלט פון קאָנסטאַנטינער רב, ציטערט מיין האַנט. פיל סיבות האָבן גורם געווען אַז איך זאָל קוקן אויפן קאָנסטאַנטינער רב ווי אויף אַ

מאַרטירער אין אונדזער שטעטל. לאַנגע יאָרן האָט ער אָפּגעלעבט אַ הונגער־לעבן. לאַנגע יאָרן איז ער געווען דער רב בלויז פון די אָרעמעלייט. כאָטש די יידן פון אונדזער שטעטל זענען באַשטאַנען ס׳רוב פון אָרעמעלייט, האָבן זיי, די אָרעמעלייט, דאָך נישט געקאָנט העלפן זייער רבין. די פּאָר ישיבה־בחורים, מיט וועמען דער רב האָט געלערנט אין „חיי־אדם“־בית־מדרש, זענען אויך נישט געווען קיין רייכע און דער רב פלעגט נאָך פאַר זיי אַליין מוזן זוכן ווו אָפּצועסן אַ טאָג. האָט זיך דער קאָנסטאַנטינער רב אָפּגעפּייניקט אין לאָשיץ לאַנגע יאָרן. ס׳איז נפטר געוואָרן דער אַלטער רב, רבי מרדכילע, איז מען אין שטעטל געווען זיכער, אַז דעם פאַרשטאָרבענעמס אָרט וועט פאַרנעמען דער קאָנסטאַנטינער רב, וועמען דאָס רבנות איז געקומען לויט אַלע כללים. ס׳איז אָבער אַוועק אַ קורץ שטיקל צייט און קיין לאָשיץ איז געקומען פון קאָצק אַ רב אַ „ניי־געמאַכטער“, ווי מען האָט אין שטעטל פאַרזיכערט. דאָס שטעטל האָט אויפגעציטערט. יידן האָבן זיך געפרעגט צו וואָס מען האָט געבראַכט נאָך אַ רב, ווען מען קאָן נישט מפרנס זיין איינעם. אָבער אַזוי האָבן געוואָלט אייניקע קאָכלעפל, חסידים פון זעלבן רבין, ווי דער געקומענער רב. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער שטרייט. דער קאָנסטאַנטינער רב האָט געדולדיק פאַרנומען אַלע אומענטשלעכע אָנגריפן און אָנפאַלן אויף אים. איך געדענק נישט, אַז ער אַליין זאָל ווען עס איז האָבן וועמען באַליידיקט. פאַרקערט, אין די פאַרביטערטסטע טעג, טעג פון בלוט־פאַרצאַפּונג, האָט ער געפונען ווערטער פון טרייסט אפילו קעגן זיינע פאַרביטערטסטע קעגנער. איך האָב דעם רב קיינמאָל נישט באַגעגנט קיין בייזן. וויפל יאָרן מיר איז אויסגעקומען צו דאַוונען מיט מיין פאָטער אין „חיי־אדם“, פלעג איך דעם רב שטענדיק באַגעגענען אַ האַרציקן, אַ פריילעכן, פול מיט גלייכווערטלעך.

מיר דערמאָנט זיך אַ פאַל, ווען איך בין שוין געווען אַ בחור פון אַ יאָר פערצן און אַן אָנגעזעענער משורר. איך האָב געזונגען „סאָלאָ“ ביים אַלטן חזן. איז דער רב איינמאָל צוגעקומען צו מיין פאָטער, זאָגענדיק: „דו ווייסט, הערצקע, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר? איך וויל, אַז דיין זון זאָל באַווייזן זיינע קענטעניש אויך פאַר דער אָרעמקייט פון שטעטל. זאָלן די, וואָס דאַוונען אין ,חיי־אדם׳, אויך האָבן דאָס פאַרגעניגן צו הערן דיין זון...“ איך האָב געזען, ווי מיין פאָטער קווענקלט זיך, האָב איך אים דאַן איינגערוימט אין אויער: „טאַטע, איך וויל...“ און אָרעמע לייט האָבן געשעפּט נחת, און דער רב איז געווען באַגייסטערט פון מיין דאַוונען.

אויף וויפל איך געדענק דעם קאָנסטאַנטינער רב, איז ער געווען אַן אויסנאַם אין שטעטל. זיין בליק אויפן לעבן איז געווען גאַנץ וועלטלעך־פאָרגעשריטן, כאָטש ער האָט געלעבט אין אַ צייט ווען דאָס יידישע לעבן אין די קליינע שטעטלעך האָט נאָך געאָטעמט מיט אָפּגעשטאַנענער פרומקייט. ער איז געווען טאָלעראַנט צו אַנדערש־דענקנדיקע. ער האָט געהאַט אַ פאַרגעניגן צו כאַפּן

אַ שמועס אויך מיט אַ נישט־פרומען און ביים שמועס אָנרירן די טיפסטע סטרונעס אין מענטשלעכן לעבן.

אין יאָר 1930 בין איך געווען צו־גאַסט אין שטעטל. מיין פעטער זלמן בעקער, האָט מיך פאַרבעטן צום קאָנסטאַנטינער רב. וואָס פאַר אַן איבערקערעניש עס קאָן פאַרקומען אין מענטשלעכע מוחות! מיין פעטער זלמן, דער פאַרביסנ־סטער קעגנער פונעם רב, דער וואָס האָט אים אַזוי ביטער באַקעמפט, איז גאָר געוואָרן זיין הייסטער חסיד, וועלכן מען טרעפט שטענדיק ביים רבס טיש. אַזעלכע וואונדער האָט נאָר געקאָנט באַווייזן אַזאַ איידעלע געשטאַלט, ווי דאָס איז געווען דער קאָנסטאַנטינער רב. ער איז נישט געווען דער איינציקער, מיין פעטער זלמן. „דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים היינט ליב. נישטאָ היינט מער קיין צדדים...” האָט מיר מיין פעטער זלמן דערקלערט. „יע, יע...” — האָט מיר דאַן געזאָגט דער רב מיט זיין ליטווישן אַקצענט, — „געווען אַמאָל אַ סך פאַרביטערונג אין שטעטל אַרום מיין פערזאָן... מיר האָבן עס שוין פאַרגעסן, דאָס שלעכטע...” דער רב האָט מיך אויפגענומען מיט אויפריכטיקער פרייד. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדער קלייניקייט פון מיין לעבן אין סאָסנאָוויץ און האָט מיט נייגעריקייט געשלונגען יעדעס וואָרט וועגן דאָרטיקן יידישן לעבן.

כאָטש עס זענען שוין אַוועק דרייסיק יאָר, ווי איך האָב אים נישט געזען, שטייט ער מיר נאָך היינט פאַר די אויגן, אַ פאַרטרוימטער מיט זיין סאַמעט־שוואַרצער באָרד און געקרייזלטע פיאות. אָרעם, אָבער ציכטיק, געקליידעט.

די פאַרטרוימטקייט פון זיין פנים פלעגט פאַרשווינדן, ווי נאָר ער האָט זיך גענומען צום לערנען אַ שיעור מיט זיינע ישיבה־בחורים. מען האָט דעמלט באַשיימפערלעך געזען, ווי עס צעפלאַקערט זיך ביי אים אַ מאָדנע פייער, עס שיינט אַרויס גלויבן. וויפל מאָל פלעג איך מקנא זיין די בחורים וואָס לערנען צוזאַמען מיטן רבין, ווען איך האָב געמוזט טראַכטן וועגן תכלית, לויפן זוכן ערגעץ אַ פורל האָלץ צום צעהאַקן...

ווייטיקט דאָס האַרץ אויך נאָך אים, נאָך רבי יצחק־אייזיק, דעם רב און רבי פונעם שטעטל.

יוסף פרידמאַן

## מיין זיידע ר' יוזפא (יאָיזעפּ)

איך געדענק מיין זיידנס הילצערן הויז, וואָס האָט געגרענעצט מיט הינטער־שטאָטישע פויערישע גערטנער און מיטן פראָנט געווענדעט צו דער שטאָטישער באָד און צו יואלקע קאָוואַלס קוזשניע מיטן ברונעם מיטן קאָלטן קוואַל־וואַסער.

מיין זיידנס וווינונג האָט פאַרנומען נאָר אַ העלפט פון הויז. אין דער צווייטער העלפט איז געווען דאָס פאַרצעוואָר שטיבל, ר' יוזפאס מקום־קדוש. דאָרט האָט מען שטענדיק געלערנט. עס איז דאָרט פול געווען מיט ישיבה־בחורים, צי סתם

פאַרהאָרוועטע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע טעגלעכע צרות אריינצוכאַפּן אַ בלאַט גמרא. דער זיידע פלעגט דאָ לערנען זיין טעגלעכן שיעור און זיך אריינכאַפּן יעדע פאַר שעה אַ בליק טאָן צי מ׳איז נישט מפסיק אין דער תורה.

אויך אין זיידנס בית־דין־שטוב זענען שטענדיק געווען מענטשן. שאלות, דין־תורהס, צי סתם אַן עצה פרעגן וועגן אַ געשעפט, וועגן סילוקן אַ נדן.

אַלס קינד פלעג איך, צוזאַמען מיט מיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך, קומען שבת צום זיידן צו קידוש. געבנדיק יעדן פון אונדז אַ טייל פון אַן אייער־קיכל, האָט ער יעדעס קינד אויסגעהערט, ווי עס מאַכט די ברכה. ער האָט באַטראַכט מיינע פּיאותלעך און טייטלענדיק מיט אַ פינגער אין מיינע אויגן אַריין, געזאָגט: „זאָלסט זיי היטן... ביי אַ ייד דאַרפן די פּיאות זיין וואָס לענגער...״ גלייכצייטיק האָט די רביצן, די באָבע חוה, באַטראַכט מיין שוועסטערל חנהלעס ניי קליידעלע און געברומט: „אַ יידיש טעכטערל דאַרף טראָגן לענגערע אַרבעלעך...״

*

אין ווינטער 1931 איז דער זיידע געקומען צוגאַסט צו זיינע קינדער און אייניקלעך קיין וואַרשע. די גאַנצע משפחה האָט זיך געגרייט ווי געהעריק אויפ־צונעמען דעם ליבן גאַסט. מען האָט געראַמט, צוגעגרייט די באַזונדערע מילכיקע און פליישיקע כלים פאַר זיינעטוועגן.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז ער זאָל אין וואַרשע קראַנק ווערן, אָפּליגן דאָרט עטלעכע וואָכן אין בעט און נפטר ווערן ווייט פון זיין לאָשיץ, נישט צווישן זיין עדה יידן.

דעם לעצטן טאָג פאַר זיין טויט האָט ער צוגערופן צום בעט באַזונדער יעדעס קינד און אייניקל. זיינע אויגן זענען שוין געווען פאַרגלאָצט, אָבער ער איז געווען ביים פולן באַוווסטזיין. ער האָט יעדן ארויפגעלייגט אויפן קאָפּ זיינע אויסגעדאַרטע דורכזיכטיק־בלאַסע הענט און געשעפּטשעט אַ ברכה, וואָס יעדעס פון די לעבן־געבליבענע אייניקלעך טראָגט ביז היינט טיף אין האַרצן.

אברהם סלוכאָווסקי

## יאָיזעפּ און פּיניע יאָיזעפּס

פרייטיק־צו־נאַכטס איז עס געווען, אין וואַרשע. איך בין אַרויפגעגאַנגען געוויר ווערן, וואָס עס מאַכט דער קראַנקער לאָשיצער רב, ר׳ יאָיזעפּ. אין ערשטן צימער זענען געווען פאַרזאַמלט די קינדער און אייניקלעך. מען האָט נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט. אויף די פּנימער האָב איך דערקענט, אַז דער מצב פונעם קראַנקן איז זייער אַ שווערער. מען האָט מיר דערלויבט אריינגיין באַגריסן דעם חולה.

„גוט־שבת, רבי״, האָב איך געזאָגט מיט אַ שעפטש, דערנענטערנדיק זיך צו זיין בעט. זיינע אויגן זענען געווען געשלאָסן, אָבער ער איז נישט געשלאָפן און מיך דערקענט לויטן קול.

„דו ביסט עס, מרדכילע?...״ כ׳האָב זיך איינגעבויגן צו אים און ער האָט קוים דערהערבאַר געשעפטשעט: „מען זאָגט, אַז דיין דרך איז נישט גוט... זאָלסט בלייבן אַ ייד, הערסט?...״ און דאַן גלייך: „זאָלסט באַלד טעלעפאָנירן צו פיניען, ער זאָל קומען מיט מיין שבתדיקן טלית...״ דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער.

איך האָב אום שבת טעלעפאָנירט קיין לאָשיץ, צו זיין זון, פיניע שוחט, אויספירנדיק דעם נפטרס לעצטן ווילן.

זונטיק האָבן מיר אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו אויפן גענשער בית־עולם אין וואַרשע.



פיניע שוחט (בלאַשטיין), נעבן אים — זיין פרוי; אינמיטן — דער זון פלטיאל; שטייענדיק, פון רעכטס, די טעכטער פעסע און טעמע

פיניע שוחט האָט געבראַכט קיין וואַרשע זיין פאָטערס שבתדיקן טלית, כדי קובר צו זיין אין אים דעם נפטר.

ער, פיניע, איז איצט געבליבן אין שטעטל דער פולער יורש פון זיין פאָטער, כאָטש ער איז שוין פריער געווען לאַנגע יאָרן שוחט אויף זיין פלאַץ. גלייך ווי ער האָט דערפילט, אַז זיינע זקנה־הענט נעמען ציטערן און דער חלף איז אין זיי מער נישט זיכער, האָט ר׳ יוזפא איבערגעגעבן די שחיטה זיין יונגן זון פיניע. דעמלט האָט קהל אים, ר׳ יאָיזעפן, אויפגענומען אַלס רב.

פיניע שוחט איז געווען אַ שטילער, עניוותדיקער ייד. אַ בן־תורה, אָבער אַן רעש; אַן טומל, איז ער געווען אַן אָפּגעהיטענער חסיד. ער איז בכלל געווען אַ קנאַפּ־רעדעוודיקער, אַ רודף־שלום און נאָכגיביקער — ווי אַ היפוך פון זיין שטענדיק־ברויזנדיקן, האַרטן און קאַלטן פאָטער, ר׳ יוזפא. פיניע שוחט האָט נישט געשטערט זיינע קינדער צו גיין זייער אייגענעם וועג אין לעבן, וואָס איז אָפט

נישט געווען לפּי רוחו. ער האָט מיט חכמה געפּרווט איבערצייגן, איינגעטענהט מיט גוטן, שטיל, מיטן שטענדיק לייכטן שמייכל אויפן פּנים. אַלס שו״ב — געווען אַ מקיל, שטענדיק געזוכט וועגן ווי צו כשרן און נישט טריפה־צו־מאַכן.

מרדכי שנער

## יצחק שוחט (שינקאַרזש)

געווען זענען אין שטעטל פיר שוחטים: יוזפּא, יצחק, חיים און פּיניע. נאָך וואָס מען האָט אין אַזאַ פּיטשעמאַנטשיק שטעטעלע, ווו פליייש־עסן איז אין ס׳רוב יידישע היימען געווען אַ זעלטנהייט, און אַז ס׳איז ווער קראַנק געוואָרן און מען האָט דעם חולה געמוזט אונטערהאַלטן מיט אַ גוט ביסל יויך, האָט מען נאָך דעם געדאַרפט אויסלויפן אַ האַלב שטעטל, כדי עס צו באַקומען, — נאָך וואָס מען האָט אין אַזאַ שטעטל געדאַרפט אַזש פיר שוחטים, ווייס איך ביז היינט נישט.

פיר שוחטים, — פיר רעליגיעזע יידן ביי איין און דער זעלבער פּראָפעסיע. אָבער צווישן די פיר שוחטים זענען געווען צוויי, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט צוויי אַנדערע וועלטן, צוויי באַזונדערע בליקן אויפן לעבן.



יצחק שינקאַרזש

יוזפּא, אָדער יאָיזעפּ, ווי מען האָט אים גערופן אין לאָשיץ, האָט מיט זיך פאַרקערפּערט דעם גאַנצן נעכטן, פרומקייט אָן אַ גרענעץ און אָן שום קאָמפּראָמיס. קיין שום נייע ווינטן, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט פאַר־גנבעט אפילו אין די פרומסטע היימען, האָבן צו יוזפּאַס הויז נישט דערגרייכט. פלעגט מען אים זען אין שטעטל זיך דורכטראָגן ווי אַ שטורעם־ווינט, מיט זיינע צוויי צעפּאָכעטע פּאָלעס־פליג־לען, האָט מען געפילט, אַז דאָ גייט דער נעכטן. און כאָטש ביים פאַרהערן די תלמוד־תורה קינדער, פלעגט יאָיזעפּ מיט אַ שמייכל גוטמוטיק אַ קנופּ טאָן אין בעקל די קינדער, וואָס האָבן זיך גוט געלערנט, — איז דאָך יוזפּא פאַרבליבן דער סימבאָל פון קאַלטקייט, פון האַרטער, קאָמפּראָמיסלאָזער פרומקייט.

דער קעגנזאַץ איז געווען יצחק שוחט, — שינקאַרזש — וועלכער איז

געווען דער סימבאָל פון ה י י נ ט און מען האָט אין אים שוין געקאָנט דערקענען גאַנץ דייטלעכע סימנים פון אויפגייענדיקן מאָרגן. זיין מאַיעסטעטישער אויסזען, זיין קלוגער צוגאַנג צו געשעעניש, וואָס האָבן געצוויטעווועט אין יענע צייטן, האָבן אים אַרויסגעהויבן העכער פון אַלע פיר שוחטים. אפילו די האַלב־ליטווישע אויסשפּראַך זיינע, האָט געהאַט אין זיך עפּעס אינטימקייט און געוועקט דרך־ארץ. אַוודאי האָט מען דאָס אַלץ געקאָנט בעסער דערקענען, ווען מען האָט זיך געפונען נאָענטער צו יצחק שוחט. מיר איז אויסגעקומען צו זינגען אַ פּאָר יאָר מיט יצחק שוחט, וועלכער האָט געהאַט אַ חזקה צו דאַוונען ימים־נוראים פאַרן עמוד — צום ערשטן שחרית און שפּעטער מוסף — אין גרויסן בית־מדרש און אין שיל. און אין יענע פּאָר יאָר האָב איך זיך נישט ווייניק אָנגעטרונקען מיט די זאַפטן פון דאָזיקן מערקווירדיקן ייד. דווקא אין הויז פון אַ שוחט, וואָס האָט, לויט די באַגריפן פון יענער צייט, באַדאַרפט זיין שטרענג־רעליגיעז און צוריקגעשטאַנען — האָב איך געפונען פונקען פון פרייהייטלעכן געדאַנק און געפילט ווינטן פון אויפגייענדיקן מאָרגן.

עס איז שווער צו וויסן, וואָס פון יצחק שוחט וואָלט געוואָרן, ווען עס וואָלט אים נישט פאַרכאַפּט דאָס קליינע שטעטל לאָשיץ. איך ווייס נישט וואָס עס וואָלט געוואָרן פון דעם בחור, וואָס איז אין עלטער פון אַ 16 יאָר אַוועק פון שטעטל סעמיאַטיטש לערנען אין דער באַרימטער ישיבה פון וואָלאָזשין און שוין דעמלט האָט אים זיין שוועסטער אין גרויעם באַגינען אַראָפּגעלאָזט מיט אַ שטריק פון בוידעם אַ פּעקל „טריפהנע" ביכער, וואָס ער האָט געלייענט אין געהיים, אין באַהעלטעניש פאַר זיינע עלטערן, אין רוסיש און אין העבריעיש; איך ווייס נישט וואָס פון אים וואָלט געוואָרן, ווען ער וואָלט דערגרייכט די עקסטערן־מאַטורע, צו וועלכער ער האָט דאַן געשטרעבט. איך ווייס נאָר, אַז די לאָשיצער ווירקלעכקייט האָט אים אַוועקגענומען פון אַלע זיינע טרוימען און אים געגעבן אַ חלף אין די הענט.

אַמאָל האָט ער אַראָפּגענומען פון הויכן אויוון אַ פאַרפּאַקט פּעקל און מיר סודותדיק געוויזן: שוין צעשיטע בלעטער פון טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום" אין רוסיש, פּייערבערגס „לאָן" אין העבריעיש און אַ לערן־בוך פון העכערער מאַטעמאַטיק אין רוסיש — אַן איבערבלייבעניש פון יענע ביכער, וואָס ער האָט מיטגעפירט קיין וואָלאָזשין... ער האָט זיי געהיטן ווי אַ רעליקוויע.

עפּעס פלעגט אין מיר אויפגיין אַ זיסער טרויער, ווען מיר איז אויסגעקומען צו הערן פון יצחק שוחט וועגן זיין „אַמאָל". און דער אַמאָל האָט איבערגעלאָזן גאַנץ שטאַרקע שפּורן אויף אים, כאָטש דאָס רעאַלע לעבן אין אַזאַ קליינטשיק שטעטעלע האָט פאַרלאַנגט אַן אַנדער יצחק שוחט...

ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זען, ווי אַ שוחט, וואָס האָט זיך באַדאַרפט פאַרנעמען מיט תורה, פאַרנעמט זיך אויך מיט וועלטלעכע זאַכן.

יצחק שוחט איז גאָר, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, געווען אַן אָנהענגער פון טעריטאָריאַליזם, שטאַרק געהאַלטן פון זאַנגווילן און בעת הערצלס מעשה־אוגאַנדאַ — געווען פאַר אוגאַנדאַ.

ווי פלעגן זיינע אויגן אויפלייכטן, ווען ער פלעגט זיך, כאָטש ביים דערציילן, קאָנען אומקערן צו זיין יוגנט און צו זיינע יוגנט־טרוימען... כאָטש עס זענען שוין אַוועק פערציק יאָר, ווי מיר פלעגט אויסקומען צו זען דאָס אויפשיינענדיקע פנים פון יצחק שוחט בעתן דערמאנען זיין אַמאָל, — זע איך עס, ווי דאָס וואָלט געווען אָט־איצט.

ווייניק, גאַנץ ווייניק, האָט מען געקאָנט באַגעגענען אַזעלכע אויפגע־קלערטע שוחטים אין קליינע שטעטלעך פון אַמאָליקן פוילן, — זיי זענען געווען אַ זעלטנהייט אפילו אין פיל־גרעסערע שטעט ווי לאָשיץ.

איך ווייס נישט צי איז יצחק שוחט ווען עס איז אויסגעקומען צו ליידן פאַר זיין אַנדערשקייט — אָבער ער האָט זיך מיט דער דאָזיקער אַנדערשקייט נישט באַהאַלטן. ער איז געווען פרום, אויפריכטיק און טיף־גלויביק — אָבער זיין כשרע שטוב איז דאָך געווען אַ וועלטלעכע. זיינע קינדער זענען דערצויגן געוואָרן נישט דורך אַ פאָטער אַ פאַנאַטיקער, דורך אַ שוחט פון אַלטן טיפּ, נאָר דורך אַ מענטש מיט גרויס וויסן, סיי אין תורה און סיי אין וועלטלעכקייט.

זאָלן מיינע פאָר ווערטער דינען ווי אַ טרער אויפן קבר — אָדער בעסער געזאָגט: אויפן טרעבלינקע־אַש — פון אַ מענטש, וואָס האָט זיך אַרויסגע־הויבן אין שטעטל, סיי מיט זיין אויסזען, סיי מיט זיין האַלטונג, סיי מיט זיינע באַגריפן און סיי מיט זיינע קענטענישן.

יוסף פרידמאַן (יאָסל באָביק)

## תורה ועבודה און יראת־שמים

אויף אונדזער שטעטל קאָן מען זאָגן, אַז עס זענען דאָרט געגאַנגען צוזאַמען תורה ועבודה, באַגלייט דורך יראת־שמים.

אין בית־המדרש, אין „חיי־אדם", אין אַלע שטיבלעך, האָט מען שטענדיק געטראָפן יידן לערנען; יונגע בחורים און עלטערע בעלי־בתים. בעלי־מלאכהס, שוסטער און שניידער, סטאָלער און היטלמאַכער, האָט מען געקאָנט זען נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ווי זיי טוען שנעל איבער די כאַלאַטלעך און לויפן לערנען אַ פרק משניות, אַ בלעטל גמרא.

עס דערמאָנען זיך מיר עטלעכע האָרעפּאַשנע יידן פון שטעטל, ביי וועמען פרומקייט און מענטשלעכקייט זענען אַזוי רירנדיק געגאַנגען האַנט־ביי־האַנט.

אביגדור דער וואַסערטרעגער, וועלכער איז שטענדיק געגאַנגען מיט די קרעמעסלעס און פולע עמערס וואַסער, איז געווען אַ פּראָסטער ייד, — האָט ער געזאָגט תהלים. ערב יום־כיפור פלעגט ער אָנטאָן די לאַנגע יום־טובדיקע קאַפּאָטע, מיטן גרויסן סאַמעטענעם היטל און גיין צו אַלע באַלעבאַטים, וועמען ער האָט געטראָגן וואַסער, בעטן מחילה, — טאָמער האָט ער פאַרגאָסן אַביסל וואַסער, אָפּגענאַרט, חלילה, מיט אַ האַלבן עמער...

יאַנקל־ליפּען דעם באַלעגאָלע דערמאָן איך מיר, ווי ער פלעגט שבת פאַרטאָג לויפן אין שיל אריין, כדי צו זיין דער ערשטער צום זאָגן תהלים מיטן גאַנצן ציבור. טאָמער איז עמעצער געקומען פאַר אים — איז עס ביי אים געווען אַ גאַנצע טראַגעדיע.

עס וועט מיר שטענדיק קלינגען אין די אויערן דאָס קלאַפּן פון שמש פרייטיק פאַרנאַכט איבער די גאַסן און זיין וועקנדיקער רוף „אין שיל אריין!...״ באַלד האָט די שבתדיקע קדושה אַראָפּגענידערט אויפן שטעטל. דעם שבת־קודש האָט מען אין לאָשיץ אָפּגעהיט און געפּראַוועט כהלכתו. זעלטן עמעצער האָט מחלל־שבת געווען בפרהסיה. פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט מען שטיין אין דער ריי פאַרן שמש פון בית־מדרש, כדי צו קריגן אַן אורח אויף שבת, — מען האָט גאָר אַליין נישט געקאָנט עסן די שבתדיקע פיש...

געווען אין לאָשיץ אַ שוחט, זעליג. ווען ער איז אַלט געוואָרן און מער נישט געקאָנט שעכטן, האָבן די גערער חסידים באַשטימט אויף זיין אָרט אַלס שוחט ר׳ חיים גוזאָווסקי. אָבער דער אַלטער ר׳ זעליג האָט געפאָדערט חזקה־געלט פאַרן פלאַץ, אַנישט האָט ער נישט געוואָלט אָפּטרעטן. האָט מען אַ שבת באַשלאָסן, אַז אַלע חסידים לאָזן איבער אין שטיבל זייערע טליתים, און ווער עס וועט נישט געבן זיין חלק צום חזקה־געלט פאַרן אַלטן שוחט — וועט נישט צוריקבאַקומען זיין טלית... האָבן די חסידים זיך געיאָגט מוצאי־שבת און אויסגעלייזט זייערע טליתים, כדי צו האָבן אינדערפרי מיט וואָס צו דאַוונען. און דאָס חזקה־געלט איז געשאַפן געוואָרן — ר׳ חיים איז געוואָרן שו״ב אין לאָשיץ.

ר׳ חיים איז געווען אַן אָרנטלעכער, פרומער ייד, אַ מקפיד אין כשרות און מצוות, באַשיידן און עניוותדיק געלעבט און יום ולילה געלערנט. ער האָט דערצויגן אַ זון, וואָס זאָל ירשענען זיין אַמט און ווען ער איז נפטר געוואָרן איז זיין זון, ר׳ אברהם, געוואָרן שו״ב אויף זיין פלאַץ. אַ טאָכטער זיינע, דינה גוזאָווסקי־ברוידע, איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

י צ ח ק  מ א י ר  ג ר י נ ב ע ר ג

## מלמדים, חדרים און ישיבות

אויף דער דערציאונג פון מיין דור אין לאָשיץ, האָבן נאָך די מלמדים, זייערע חדרים און ישיבות, אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס, — פונקט ווי דאָס איז געווען מיט דורות פריער. ערשט ווען איך בין עלטער געוואָרן האָט זיך באַוויזן אין לאָשיץ דער ערשטער מאָדערנער, אָדער האַלב־מאָדערנער, יידישער לערער



יואלקע מלמד מיט תלמידים און זיין זון מתתיהו. לעבן זיי — אַ רוסישער זשאַנדאַר

און ס׳איז געבוירן געוואָרן דער אָנהויב פון אַ שול ביי יידן, אין נייעם, וועלטלעכן זין. פריער איז דער חדר געווען דער איינציקער דערציאונג־אַנשטאַלט פאַר די קינדער אין יידישן לאָשיץ. אין מיין צייט איז די יוגנט, אין דער גרעסטער מערהייט, נישט געווען רעליגיעז. געווען אפילו אַ גרופּע עקסט־לינקע, וועלכע האָבן מאַניפעסטירט זייער אַנטי־רעליגיעזקייט און פאַרייניקט זייער רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט מיט אַ קאַמף קעגן רעליגיע. אָבער אויך די נאַציאָנאַל־געשטימטע יוגנט, כאָטש זי פלעגט אָפט גיין מיט די

עלטערן שבת און יום־טוב אין שיל, אָדער אין שטיבל אריין, איז, אין דער מערהייט, אין תוך, נישט געווען רעליגיעז. אַלע, אָבער, אָן אויסנאַם, רייך און אָרעם, שפּעטערדיקע גאָר לינקע, ווי די עקסט־רעכטע, האָבן זייער ערשטע בילדונג באַקומען אין חדר. ווער אַ קירצערע צייט און ווער אַ לענגערע — אין חדר איז יעדער געווען, דעם אלף־בית, לייענען די קוואַדראַטנע יידישע אותיות האָט ער געלערנט אין חדר.

אונדזערע מלמדים זענען געווען ווייט פון זיין פּעדאַגאָגן, אפילו אין פּרימי־טיוּוסטן זין פון דאָזיקן באַגריף. אָפט איז זייער „פּעדאַגאָגיע" באַשטאַנען פון שמייסן ביז בלוט און קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פון האַנט דעם לעדערנעם קאַנטשיק. אָבער דעם דאָזיקן דרך פון לערנען און דערציען האָבן זיי געירשנט ווער־ווייסט פון וויפל דורות יידישע מלמדים, — און מיט זייער חדר און קאַנטשיק דאָך דערצויגן דורות, און אויך אויף מיין דור אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל און געהאַט אַן איינפלוס אויף אונזער גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. זיי זענען מער נישטאָ. נישטאָ דער לאָשיצער חדר, נישטאָ זיינע מלמדים, — זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע לאָשיצער חדר־יינגלעך, אין די זעלבע גאַז־קאַמערן ווי די טאַטע־מאַמעס.

איך האַלט, דעריבער, פאַר אַ חוב צו פּרוּוון געבן קורצע שטריכן פון עטלעכע מלמדים און זייערע חדרים, ווי איך געדענק זיי, אין מיין צייט.

ר' הערשל האָפּער, אָדער הערשעלע „קעטשע", ווי מען האָט אים גערופן, האָט אין זיין דרדקי־חדר געלערנט מיט גאַנצע דריי דורות לאָשיצער יידן. געווען יידן אין לאָשיץ, וואָס האָבן געפירט זייערע אייניקלעך צו הערשעלע „קעטשע" אין חדר אריין, נאָכדעם ווי זיי אַליין און זייערע קינדער האָבן ביי אים געלערנט.

אַ נידעריק יידל, איינגעבויגן, מסתם פון שטענדיקן אַריבערבייגן זיך איבער די קינדער מיטן טייטל אין האַנט. אויסערן חדר — אַ שטילער, פרומער ייד, פון וועלכן מען האָט קיינמאָל קיין הויך וואָרט נישט געהערט. אָבער אין חדר האָט ער איבער זיינע תלמידים געהערשט מיטן געשריי און קאַנטשיק, אַז דאָס קליינוואַרג פלעגט ציטערן פאַר זיינס אַ וואָרט. און ווען ער האָט געפּסקנט — „אַ שמייס!" האָט גאָרנישט געהאָלפן... מען האָט געוווּסט, אַז פאַר גלייך אַראָפּלאָזן אַליין די הויזעלעך און זיך אַוועקלייגן איבער דער שלאָפבאַנק, באַקומט מען אַ העלפט געשמיסן...

הערשעלעס חדר איז געווען אין אַ שמאָל זייטן־געסעלע אויף דער ביאַלער גאַס. דאָס געסעלע האָט מען גערופן „דער דונאַי"; אַ לץ האָט עס מסתם אמאָל אַזאַ נאָמען געגעבן צוליב די שטענדיקע בלאָטיקע קאַלוזשעס, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. דער חדר איז געווען אין דער סאַמע טיף פונעם געסל. שמאָל איז געווען דאָס געסל, אַ וואַנט לעבן אַ וואַנט, שטענדיק פינצטער און קיין זון־שטראַל האָט זיך קיינמאָל אַהין נישט פאַרגנבעט. אַן ענגער צימער. גרויסע

אומגעהיבלטע טישן און שמאָלע, לאַנגע בענק. סידורים מיט גרויסע אותיות און אין דער פּייכטער טונקלקייט פון חדר האָט זיך שטענדיק געטראָגן, אַ פּאָר צענדליק יאָר נאָכאַנאַנד, — „קומעץ אַלעף — אָו...״

און יעדע ווײַלע דערצו — „שייגאַץ!...״

מאיר פּעשקעס. אַ נידעריקער, מיט אַ שיטער גרוי בערדל, געלערנט חומש און גמרא. געהאַט אויך אַ געוועלבל אין מאַרק. זײַנע אַ משוגענע טאָכטער, מיטן צונאָמען „צאָצקע״, איז שטענדיק געלעגן אויפן „פּיעקעליק״ און געשראָקן די קינדער מיט קללות און געשרייען...

זלמן באָראָווסקי. אַ הויכער, דאַרער, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אַ קליין שיטער בערדל. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַן „אויפגעקלערטן, מאָדערנעם״ מלמד, „אַ שטיק פילאָזאָף״, וואָס האָט מיט זײַנע תלמידים געלערנט, אויסער חומש און גמרא, אויך שרײַבן און אַביסל דיקדוק.

יואלקע מלמד. מען האָט אים, צוליב זײַן שטרענגקייט גערופן „דער זשאַנדאַר״. ער האָט געלערנט מיט עלטערע בחורים גמרא מיט אַלע מפרשים, צוגעגרייט אין די ישיבות אַרײַן. געוווינט אין פּאָלענאָווער גאַס. יחיאלקע מלמד, געהאַט זײַן חדר אויף שייעוויזנע. אַ קליין דאַר יידל, מיט צוויי שפּיצן־בערדלעך. געלערנט גמרא מיט תוספות. בוטשע מלמד, גערופן „דער קאָלטאַן״. געלערנט עברי און חומש און באַקאַנט געווען מיט זײַן רואיקער פּאָטערלעכער באַציאונג צו זײַנע תלמידים. עס זענען נאָך געווען מלמדים: מאיר־לייזער, יעקב טענענבוים, דן, אביגדור, הערש־יאָסל דער טויבער, נחמן העניעס, מאַטעס „פּולקאָווניק״, מענדל קאָנסטאַנטינער — וואָס האָבן זיך ווייניק אונטערשיידט איינער פון צווייטן.

אליעזר (לאָזער) גראָסמאַן האָט געפירט אַ מין חדר־מתוקן בײַ יאָסקע שולץ אויפן הויף. אָן קאַנטשיק, אָן קלעפּ, געלערנט חומש, גמרא און אויך העברעיש מיט דקדוק, שרײַבן און געוויסע וועלטלעכע לימודים.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1918, איז אויף דער איניציאַטיוו פון הערשל קאַרטש, אברהם פּינקוס און גדליהו לעווין, געשאַפן געוואָרן אַ יידיש־העברעישע שול. זי האָט זיך געפונען בײַ שטשערביצקין אין הויז. דער לערער פון העברעיש איז געווען פעלדמאַן פון מעזריטש און אַ יידישע לערערין ענגלמאַן. דערנאָך האָט מיט דער שול אָנגעפירט שרה טשאַרנאָ־בראָדאַ, שפּעטער קאַרטש, פון שעדלעץ.

אַרום יאָר 1916, נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז בײַ וועלוול פּאָדיע־מאָדיע אין הויז, אויף קילינסקי־גאַס, געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה מיט 5 אָפּטיילונגען, פאַר קינדער וואָס האָבן געלערנט א״ב, ביז 16־יאָריקע גמרא־יינגלעך. ראש־ישיבה איז געווען מענדל האָפּער און זײַן פאַרטרעטער — זײַן שוואָגער קאָטלארסקי, גערופן „די פּאַניענקע״.

דוד רוזאל



לערער פעלדמאַן מיט זיין יידישער שול, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

## אַ „שטרייק״ אין חדר

מיין מלמד, צאַלקע זאַבירער, איז געווען אַ געפערלעכער כעסן. די קינדער אין חדר האָבן פאַר אים געציטערט אימת מות. ווייי איז געווען צו דעם קינד, וואָס האָט דעם רבין דערצאָרנט. צאַלקע האָט דאַן אויסגעלאָזט זיין גאַנצן ווייטיק צום קינדס זייטן. און שלאָגן האָט מיין רבי געקאָנט, בעסער ווי לערנען... איך ווייס נישט, ווי ס׳האָט זיך צו מיין מלמד גענומען אַזאַ כוח בעתן שלאָגן די קינדער; ווייל אייגנטלעך איז ער דאָך געווען אַ ייד אַ חלוש, וואָס קוים די נשמה האָט זיך אין אים דערהאַלטן. ער איז מער געלעגן אין בעט, ווי געלערנט מיט די קינדער. און אונדז, קינדער, פלעגט זיין ליגן אין בעט דווקא זיין צום האַרצן... גלייך ווי דער רבי האָט זיך נאָר אַוועקגעלייגט, פלעגן מיר איבערדרייען דעם חדר מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. און דער רבי פלעגט פון צווייטן צימער הוסטן און שעלטן ווי אַ מאַרק־יידענע.

אונדזער חדר איז שטענדיק געווען אָנגעפּראָפּט מיט קינדער. אָרעמעלייט האָט אין לאָשיץ נישט געפעלט, און ווער עס האָט נישט פאַרמאָגט אויף קיין שכר־לימוד, האָט זיין קינד געשיקט צו צאַלקע זאַבירער, דעם מלמד פון דער „תלמוד־תורה״, וווּ דאָס לערנען האָט נישט געקאָסט קיין געלט. די קינדער זענען

געווען פון אַ פאַרשידענעם עלטער. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען צוריקגעשטאַנענע קינדער, הונגעריקע, נישט־דערעסענע און שטאַרק צעלאָזענע.

שווער איז אָנגעקומען מיינע עלטערן צו דעצידירן זיך, מיך אריינצוגעבן אין אַזאַ חדר. אָבער אַז מען איז אָרעם און מען וויל נישט „דאָס קינד זאָל אויסוואַקסן אַ שייגעץ", — איז אויך גוט צאַלקע זאַבירער. געווען בין איך דער יינגסטער, קלענסטער, און אויך דער פיזיש־שוואַכסטער פון אַלע קינדער אין חדר. דער פּחד פאַרן מלמד איז ביי מיר געווען אָן אַ גרענעץ. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט פאַר קלעפּ. וואָלט דער רבי מיך מכבד געווען מיט קלעפּ ווי ער פלעגט געבן אַנדערע קינדער, וואָלט איך פון זיינע הענט, דאַכט זיך, קיין לעבע־דיקער נישט אַרויס. איך האָב זיך דעריבער באַמיט פלייסיק צו לערנען. אויפן צווייטן אָדער דריטן טאָג פון דער וואָך, האָב איך שוין געקענט די גאַנצע חומש־סדרה פון אויסנווייניק. איך בין אַזוי אַרום געוואָרן דער בעסטער תלמיד אין חדר. ווען ר' יוזפא פלעגט אונדז „פאַרהערן", פלעג איך שטענדיק באַקומען אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קניפּ אין בעקל.

די קנאה צו מיר פון די איבעריקע קינדער איז געווען אַ שטאַרקע. און דווקא די קינדער מיט „פאַרשטאָפּטע קעפּ" זענען געווען פיזיש שטאַרק און זיי פלעגן מיר פאַרביטערן דאָס לעבן.

איך געדענק נישט ווי אַזוי עס איז געקומען צו דעם, אַז איך זאָל אַרונטער אונטערן טיש און אונטערזאָגן אַנדערע קינדער די סדרה און זיי אַזוי־אַרום פאַרהיטן פון קלעפּ. צי דער געדאַנק איז געקומען פון מיר אָדער פון עמעצן אַנדערש, ווייס איך נישט. דער רבי איז געווען צופרידן, מיינענדיק אַז די קינדער לערנען גוט, און די קינדער — נאָך מער. דעם מלמד איז גאָרנישט איינגעפאַלן אַ בליק צו טאָן אונטערן טיש. ביז ס'איז געקומען די שווערע סדרה משפטים. דאָ האָט שוין דער רבי נישט געקאָנט באַנעמען, אַז אַזאַ שווערע פּרשה און שוין מיטוואָך ווייסן זיי, די אייזלען, די סדרה ווי וואַסער?... זיצט אַזוי צאַלקע מלמד און ציפּט זיך די באָרד, קראַצט זיך אין קאָפּ, דרייט זיך אַהין און אַהער, און מיר דרייט אין די קישקעס, זיצנדיק אונטערן טיש און אונטערזאָגנדיק. איך האָב נישט באַמערקט, אַז דער רבי האָט מיך שוין דערשנאַפּט און זיך אויפגעהויבן. ער איז צוגעגאַנגען צום אויוון, גענומען אַ קאָטשעבע און צו צו מיר מיט אַזאַ רציחה, אַז איך האָב דערפילט אַז דאָ איז מיין סוף. אין אויגנבליק בין איך פון אונטערן טיש אַרונטער אונטערן בעט. אָבער אויך דאָרט האָט מיך די קאָטשעבע דערגרייכט און געמאַכט לעכער אין די זייטן.

אַ שטאַרק צעשלאָגענער, בין איך אַרויס אין דרויסן, צונויפגענומען אַלע חדר־יינגלעך, געהאַלטן פאַר זיי אַ „רעדע" — מיין ערשטע „רעדע" אין לעבן. איך האָב זיי מיט מיינע קינדערישע ווערטער, גערופן, זיך מער נישט צו לאָזן שלאָגן און אַלס פּראָטעסט פאַרשטרייקן. אַלע קינדער האָבן מיט מיר מסכים געווען, אַז מיר גייען נישט מער אין חדר אריין. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין

קיין מאַרד. מיר זענען טאַקע אַוועק אויף דער שעדלעצער גאַס. אָבער באַלד נאָך די „טשוואַרקעס״ איז אונדז באַפאַלן אַ שרעקלעכער פּחד, מיר האָבן זיך דערשראָקן פאַר די בינטלעך קאָרן, וואָס זענען געשטאַנען אין פעלד... מיר האָבן זיך שנעל צוריקגעצויגן.

אין חדר אַריין זענען מיר אָבער נישט געגאַנגען, ביז מען האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז דער רבי וועט מער נישט שלאָגן.

יוסף פרידמאַן

## דאָס שבת־יום־טובדיקע לאַשיץ

ווען איך דערמאָן זיך נאָר אין אונדזער געבורט־שטעטל, שטייען מיר פאַר די אויגן די שבתים און יום־טובים, ווען לאַשיץ האָט זיך אויסגעטאָן פון וואָכע־דיקייט און געוואָרן אינגאַנצן שבת־יום־טובדיק.

אין די אויערן קלינגען מיר נאָך די ווערטער מיטן אַלטן סקאַרבאָוון ניגון: „יידן, אין שיל אַריין!״ — וועלכע עס פלעגט פרייטיק פאַרנאַכט רופן דער אַלטיטשקער שמש ר׳ וועלוול. אַ הויכער געזונטער ייד ווייס־גרוי ווי אַ טויב, פלעגט ער גיין איבער די געסלעך, קלאַפּנדיק מיט זיין גראָבן שטעקן אין די שטיינער פון ברוק — „יידן, אין שיל אַריין!...״ און ווי אונטער דער ווירקונג פון אַ כישוף־שטעקעלע, פלעגט דער שבת אַרויף אויפן שטעטל. די געשעפטן האָבן זיך געשלאָסן, דער רויך פון די קוימענס האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַלד האָבן די שבת־ליכט געגומען פינקלען פון אַלע יידישע פענצטער.

אַ חנעוודיקע רו האָט זיך דאַן פאַרשפרייט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת איבערן מאַרק און די געסלעך און זיך געצויגן אַוועק איבער די פעלדער, צו די נאָענטע וועלדלעך, ווו די יוגנט האָט אויף איר שטייגער געפייערט די שבתדיקע מנוחה.

און ווער קאָן פאַרגעסן דעם אַלטן ר׳ וועלוולס קלאַפּן ביינאַכט אין די לאָדנס: „שטייט אויף צו סליחות!״? און באַלד פלעגן, ווי שאָטנס, נעמען שטראָמען ציטערנדיקע אין קאַלטן אלול־באַגינען, געשטאַלטן צו דער זייט פון גרויסן בית־מדרש.

דאַן פלעגן קומען די יום־טובים. דאָס שטעטל פלעגט זיך איבערפולן. די צענדליקער, און אפשר הונדערטער, יוגנטלעכע, וואָס האָבן געאַרבעט, אָדער געלערנט, אין דער פרעמד, פלעגן אהיימקומען און מיטברענגען פרייד, לעבעדיקייט אין שטעטל אַריין.

אָבער אין לאַשיץ זענען די יום־טובים שטענדיק געפייערט געוואָרן מיט פיל פראַכט אויפן אַלטן טראַדיציאָנעלן־רעליגיעזן אופן. די שיל, בתי־מדרשים און שטיבלעך פלעגן שטענדיק זיין איבערפולט אום יום־טוב. אפילו נישט־רעליגיעזע פלעגן יום־טוב גיין הערן אַ געשמאַק חזניש „שטיקל״ פונעם חזן ר׳ איטשע־מאיר

רוזאל, אָדער פון די בעלי־תפילות, די שוחטים ר׳ יצחק און ר׳ פיניע און אַנדערע, וואָס פלעגן מיט זייערע האַרציקע תפילות צוציען יונג־און־אַלט.

ספּעציעל געדענקט זיך דער ערב־יום־כיפור. אינעם כל־נדרי־אָוונט האָט זיך דורכן שטעטל געטראָגן אַן אמתער פחד. טיר און פענצטער זענען געווען געשלאָסן. פון די בתי־תפילות האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל דער טרויעריקער ניגון פון די אַלטע יידישע תפילות.

דער פריילעכסטער יום־יוב איז געווען שמחת־תורה. פאַר די ערשטע הקפות האָט מען געטאַנצט, בייגאַכט, אין די גאַסן, פירנדיק דעם רב מיט פּאַראַד אין בית־מדרש אַריין. דער עיקר איז אָבער געקומען שמחת־תורה בייטאָג נאָכן דאַווענען. די חסידים פון די שטיבלעך פלעגן זיך לאָזן מחנותווייז פון איין חסידס שטוב צו דער צווייטער אויף אַ „קידוש״. אין די גלאַנציקע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, אַפּט מיט די טליתים אויף די פּלייצעס, פלעגט מען גיין מיט געזאַנג פון שטוב־צו־שטוב, עסן און טרינקען און דערביי אריינכאַפּן אַ געשמאַק חסידיש טענצל. ביי מיין פאָטער, יאנקל פייגענבלום, איז יעדעס יאָר פאָרגעקומען דער רוישיקסטער „קידוש״ פונעם פאַרצעוועער „שטיבל״. מיין מוטער רבקה האָט דעם גאַנצן חול־המועד סוכות שוין געבאַקן און געקאָכט, צוגרייטנדיק פון כל־טוב פאַרן שמחת־תורהדיקן „קידוש״. מיין פאָטער האָט געשטראַלט פון פרייד, ווען די חסידים האָבן איבערפולט אונדזער שטוב און מיט געזאַנג און טענץ זיך געלאָזט ווילגיין. און צווישן אַ גלעזל משקה און אַ טעלער קרעפּלעך, האָט מען זיך דערציילט מופתים פון רבין...

אָבער אפילו אין אַזעלכע „וואָכעדיקע״ יום־טובים ווי חנוכה און פּורים, פלעגט דאָך אונדזער לאָשיץ אָנעמען אַן אַנדער אויסזען. חנוכה פלעגט זיך טראָגן פון די יידישע שטיבער דער ריח פונעם געפּרעגלטן שמאַלץ אויף פּסח. און פּורים — די שלח־מנותן, די פייערלעכע סעודה און די „פאַרשטעלטע״.

יצחק פייגענבלום



**אליעזר גראָסמאַן מיט זיינע תלמידים פון „חדר מתוקן"**




**אַ קלאַס אין דער „פּאָווּשעכנע" שול, אין 1924. זיצנדיק, אין דער ערשטער ריי פון לינקס: די יידישע לערער, טשאַרנאָבראָדע און וועלוול כהן. לעבן אים — דער שול־דירעקטאָר טשיזשעווסקי; דער לעצטער, רעכטס — דער אַנטיסעמיטישער לערער באָיקאָ. צווישן די שילער — 4 יידן: אין דער לעצטער ריי, פון רעכטס — פעסע בלאָשטיין, רחל גאָלדשטיין; דער פערטער — משה כהן; זיצנדיק אויף דער ערד, צווייטער פון לינקס — מרדכי שינקאַרזש**

# שטעטלשע מענטשן

## נישטאָ...

ווען איך דערמאָן זיך אין אַמאָל — איז „דער אַמאָל" שוין אַזוי פאַרנעפּלט, אַזוי נישט־קלאָר. אַ חוץ די גאָר־נאָענטע, וואָס זענען שוין נישטאָ, און זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען — איז אַלץ אַזוי פאַרנעפּלט...

עס איז פאַרנעפּלט אונדזער לאָשיץ, וואָס איז מער נישטאָ...

נישטאָ די עלטערן. די מאַמע איז געשטאָרבן אין לאָשיץ — פאַר טרעבלינקע. דער טאַטע איז געבליבן אליין מיט יאָסלען, דעם יינגסטן ברו־דער, און מיט דער אַלטער באָבע שיינדל. האָבן זיי אַלע דריי צו־זאַמען געמאַכט דעם לעצטן וועג — פון לאָשיץ קיין טרעב־לינקע.



אין יאָר 1929, אין לאָשיץ. רעכטס — לייבל דאָבזשינסקי, לינקס — לייבל שפּיגלמאַן ; אינמיטן : אויבן — מרדכי שינקאַרזש (שנער), אונטן — מאָטל גאָרן

ווער קאָן דען וועגן דעם שרייבן ?...

ווי האָבן אויסגעזען דעם טאַטנס קלוגע און טרויעריקע אויגן, יאָסלס קינדערישער בליק און דער באָבעס טרוקענער געוויין ?...

אונדזער עלטסטער ברו־דער, אברהם־יצחק, איז גע־שטאָרבן פון אַ הונגער־טויט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן געסל פונעם וואַר־שעווער געטאָ. שפּעטער — מסתמה מיטן זעלבן טויט — זיין ווייב און יונגער זון. ער איז געווען דער בעסטער און פרומסטער פון אונדז אַלע. זיין טראַגישן הונגער־טויט — ווי זיין שווער אָרעם לעבן — איז אומעגלעך צו פאַרגעסן.

די איינציקע שוועסטער, אסתר, איז אומגעקומען, צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער, אין שעדלעץ. ווען איך האָב איר פאָרגעלייגט זי זאָל קומען צו מיר קיין

קאָלאָמביע, האָט זי מיר געענטפערט, אַז אירע מיידעלעך גייען אין „תרבות״־שול און זי וויל זיי פון איר נישט אָפּרייסן... געווען איז דאָס זעקס חדשים פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, אַ האַלב יאָר פאַר דער קאַטאַסטראָפע.

*

וואָס איז געשען מיט אַלע אונדזערע אייגענע און פריינט פון לאַשיץ?

וואָס איז געוואָרן פון אונדזערע יינגלעך און מיידלעך?

בעלטשע, די בעסטע, איז אין אַ קיבוץ אין ישראל. אויך רחל האָכמאַן איז אין ישראל. טעמע איז אין ענגלאַנד.

לאה בלאַטמאַן, די שענסטע, איז אומגעקומען אין שעדלעץ. דאָס זעלבע האָט געטראָפן מיט פעסע בלאָשטיין און רחל גאָלדשטיין.

שרה ליבמאַן איז אומגעקומען, צוזאַמען מיט צוויי טעכטערלעך, פליענדיק אין אַעראָפּלאַן פון קאַנאַדע קיין ישראל.

און די איבעריקע פון אונדזער גרופע ווו זענען?

פאַרנעפּלט אין טראַגיש־פאַרנעפּלטן לאַשיץ...

מאָטל גאָרן, מיין האַרציקער יוגנט־חבר.

זיין טאַטע, בערל גאָרן, פלעגט זאָגן צו מיין טאַטן — זיי זענען געווען פריינט נאָך פון זייערע יינגלשע יאָרן — „טוביה־יחיאל, אויב דו ווילסט וויסן ווער די לאָשיצער מיידלעך זענען — קאָנסטו וויסן: זיי גייען אַרום מיט מיין בחור...״

און געווען איז ער אַ האַר־ציקער בחור, — און האַרציקע זענען געווען די מיידלעך.

און די איבעריקע?

לייבל שפּיגלמאַן, מאיר פּאָ־ליאַקעוויטש — מסתם אַש אין טרעבלינקע.



לאַשיץ אין יאָר 1929. רעכטס — מאשע וויימאַן, לינקס — בעלטשע גאָלדבאַנד; אינמיטן: אויבן — רחל גאָלדשטיין; אונטן — שרה ליבמאַן.

משה כהן — אין בראזיל. אויך יאנקל וורובעל איז דאָרטן. אייזשע גאָלדמאַן — אין בוענאָס־איירעס. מרדכי שינקאַרזש — אין ישראל. אַזוי גוט, ווען מען קאָן דערמאָנען לעבעדיקע.

גאָדל, דער לערער און פריינט, — ער איז געווען דער באַרופנסטער צו שרייבן וועגן לאָשיץ — איז ער געשטאָרבן דאָ, ווייט פון שטעטל. ער איז נישטאָ, — דאַרפן מיר אַליין שרייבן.

*

ביי מיר איז ווייטעקלעך־פאַרנעפּלט אונדזער לאַשיץ.

ווי זאָגט איציק מאַנגער אין זיינס אַ ליד: „ווען מיר וועלן זיך, ברודער, מער שוין נישט זען, — וועל איך גיין און פאַרגיין ווי דער וואָלקן"... ווי אַ טראַגישער שוואַרצער וואָלקן — איז אַלץ אַוועק... און אויך מיר נעמען דאָך פאַרגיין...

נישטאָ, נישטאָ מער אונדזער לאַשיץ...

לייבל דאָבזשינסקי

## גאָדל ראָזענבאַנד

צום ערשטן מאָל, וואָס איך דערמאָן זיך גאָדלען אין מיין פריער יוגנט, איז פון אַן אָוונט ביי מיין פאָטער אין שטוב. גאָדל איז געווען אין אַ פּוילישן מיליטערישן מונדיר — ער איז אהיימגעקומען אויף אורלויב. מיין פאָטער איז געזעסן בראש פון טיש, אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ, מיט אַן אָפענער גמרא פאַר אים. רעכטס פון אים איז געזעסן דער גאַסט, אויפן שטענדיקן אָרט פון מיין מוטער, וועלכע האָט זיך געפּאָרעט אין קיך. אַרום טיש זענען נאָך געזעסן: מיינע דריי שוועסטער, רייכל, גאָלדע און טילע; מעלע גרינבערג און וועלוול כהן. עס האָט, לכבוד דעם גאַסט, גע־ברענט דער גרויסער שבתדיקער נאַפט־לאָמפּ. גאָדל האָט געהאַלטן אַ פּעקעלע קליינע, געדיכט־באַשריבענע בלעטלעך און פון זיי אַרויסגעלייענט. דאָס איז געווען אַ בילד פון זיין מיליטער־דינסט. ער איז, מיט נאָך אַ סאָלדאַט געשטאַנען אויף דער וואַך, ערגעץ אין אַ שטעטל נאָענט פון פראָנט. פון וויטן האָבן זיך געהערט שיסערייען, אַרום זיי, אין די שטעטל־גאַסן איז געווען טויט־שטיל און פינצטער. עס האָט גענומען רעגע־נען.ביידע סאָלדאַטן האָבן געזוכט שוץ קעגן די אַלץ־שטאַרקער פאַלנ־דיקע טראָפּנס, און אַן אָפּן ביידל



גאָדל ראָזענבאַנד

פאַר אַ הויז. זיי זענען אַהין אַריין, זוכנדיק שוץ פאַרן רעגן — אָבער דאָרט האָט שנעל גענומען אריינרעגענען דורכן סופּיט. ער טוט אַ קוק — ס'איז קיין דאַך נישט: סכך... אַ סוכה... „זשידאָווסקיע קוטשקי..." — רופט זיך

אַן דער צווייטער סאָלדאַט, אַ פּאָליאַק. אין דעם מאָמענט האָט ער, דער ייִד, זיך דערמאָנט, אַז ס'איז די ערשטע נאַכט סוכות — אין די אָקאָפּעס האָט מען די דאַטעס פאַרגעסן. און דאָס האָרץ פון ייִדישן וואַך־סאָלדאַט האָט אַ ציטער געטאָן... דער געדאַנק האָט זיך אַוועקגעטראָגן אַהיים, אין ווייטן טייערן שטעטל אַריין, צום טאַטן אין סוכה אַריין, צום יום־טוב אויף די היימישע געסלעך...

מיין טאַטע האָט מיט צופרידנקייט געגלעט די באָרד און זיך אָנגערופן: „אוודאי... די סוכה... דער ייִדישער ניצוץ..."

„DOS ŁOSICER ŁEBEN" פּרייז 15 גראָשען Jednodniówka.

# דאָס לאָשיצער לעבען

ŁOSICE. 9 czerwca 1932 לאָשיץ, דאָנערשטאָג, ערב שבועות, דעם 9 יוני

## „דאָס לאָשיצער לעבען"

שהחיינו —

אונזער בעשיידענע אכסניא.

דערווייל אַ דירת-ארעי, אַ איינסאַניג בלאַט, אַ בלאַט לאָשיצער לעבען..

אָהן פּרעטענזיעס צו ווערן פאַר-עקסעלאַנס אַ... פּראָווינצער אָרגאַן פון יאַחיסישער עם-כל-הנערים-ליטעראַטור, ווי עס פיהרט זיך ביי ליטען, — ווילען מיר מיט בעשיידענע כחות און עהרליכע מיטלען אויסבויען זיך אַ שטילע טריבונע פאַרן היגען יודישען נאַציאָנאַל-געזעלשאַפטליכען לעבען.

מיר זענען עדות פון אַ צעטוילונג-און-צעפאַלונגס-פּראָצעס אין אונזער קליין שטעטעל, עס ווערט יעדעסמאָל ענג און ענגער, שווער און שווערער [illegible]עבען אין אונזערע ענגע ד' אמות.

פון איין זייט: אַגרעסיווע קליקע-הערשאַפט, געזעלשאַפטליכע הפקרות און דעמאָראַליזאַציע מיט אַלע זייערע פאָלגען אויף אַלע געביטען פון אונזער היגען יודישען לעבען און פון דער צווייטער זייט: אַ מוראַדיגע אַפּאַטיע, אַבהענגיקייט, צדוק-הדין-שטימונג און קרעטינישע גם-זו-לטובה-מאָס...

דער רייכער קרוב אין דער גרויסער שטאָדט זעהט אונז בלויז אין „קרומען שפיגעל" אזוי אַרעם און אַזוי נעבעכדיג, און בעסטען פאַל אַלס נישט גינסטיגען אַרעמען קרוב...

אונזער רעגיאָנאַלע פרעסע — דערזעהט אונז אָבגעריסען, פּראַגמאַטיטאריש און... פרעמד.

בייטען מיר זיך איצטער אָרעמע אכסניא, אונזער איי גענע טריבונע —

„דאָס לאָשיצער לעבען" —

צום ערשטען מאָל אין אונזער שטאָדט —

שהחיינו! — — —

Redaktor-wydawca: God Rozenband רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער: גד ראָזענבאַנד.

Druk. Wassermana Łosice, ul. Międzyrzecka 10.

איין איינציק מאָל איז דערשינען אין לאָשיץ אַ צייטונג, „דאָס לאָשיצער לעבן" — רעדאַקטאָר: גד ראָזענבאַנד

# לופט, זון, אברוה — פאַר אונזערע קינדער וועגען!!!

## מושבות־קיץ

וואָס פאַר אַ האַרציגע מעלאָדיע עס בעגלייט דאָס וואָרט:

מושבות־קיץ —

פרעגט יעדען לומר און יעדער שוכרת, פון די בוגרים ביז די גורים, די וועלכע האָבען זוכה געווען דעם קליינעם גן־עדן צו פערזוכען און אַ קוואַל פון ליכטיגע און פריידיגע ערינערונגען וועט אייך ענטקעגענשטראָמען.

דער היגער קן „השומר־הצעיר" פראָיעקטירט אויך היי־יאָהר איינצואָרדנען מושבות־קיץ פאַר כפירים און גורים, דערנעהנטערן די יונגע, ווייכע, דאַרע און קראַנקע גוטים׳לעך צו דער נאַטור, צו שטאַרקען זיי און פערהאַרטען, ערפרישען די נערווען, אַריינשפּראַצען אַביסעל פרייד און זוניגקייט אין זייערע נשמה׳לעך.

רופען מיר צו טאַטעס און מאַמעס, ברודער און שוועסטער, חברים און פריינד:

העלפט אונז, ראַטעוועט אייער־אינזער קינד!

ראַטעוועט דעם דור הגאולה!

אקומולירט זייערע כחות ווען ענערגיען פאַר

דעם עתיד, פאַר אונזער ב״ה־חוז כשיעפּיט׳ען און

ליכטיגען עתיד בארץ ישראל הנגאלת!!!

חזק!

ביילטשע.

## זומער־קאָלאָניעס

אייביג איינזאַם —

נישטאָ קיין גואל פאַר׳ן אָרעמען יודישען קינד אין דער ליבער „פּראָווינץ"...

וואו עס זאָרגט אַ מאַגיסטראַט, וואו — אַ יודישע גמינה, וואו — „טאָז" און וואו — עלטערען־קאָמיטעטען פאַר אַ קאַרג ביסעלע זון און לופט פאַר אונזערע קליינע קינדער וועגען אין די זומער־פעריען, ביי אונז דריכעלט אַלץ אין גלייכגילטיגער פערגעסענהייט...

ציהען מיר דעריבער אַרויף אויף אונזערע שוואַכע פּלייצעס דעם גרויסען און שווערען יאָך, אויף אַוועקפיהל און ווי לאַנג די כחות וועלען דינען...

די היגע „פּריי־הייט" מיטן „סקויט" אַרדנען איין אויך היי־יאָהר זומער קאָלאָניעס, צו העלפען שמיעדען אַ געזונדטען קערפער — און אין איהם אַ שענהייט גייסט איינפלאַנצען.

אוף־שיאל וועט ביידע דאַרפען: „אַ געזונדטען גייסט און אַ געזונדטען קערפער";

דעם נייעם מענש און יוד, דעם בויער פון אַרבעטענדען ארץ־ישראל.

העלפט אונז מכשיר מאַכען צו דעם ציעל

אונזערע קינדער!

עלטערען, פריינד און סימפּאַטיקער מאַרען

איינז דאָס נישט אָבזאָגען!

דוד.

## מאָה פעמים ואַחת...

אַ ראַדיקאַל מיטעל געגען אַ שוואַכען זכרון — האָבען אונז די חז״ל צוגעשריבען --

101 מאָל איינצוחזר׳ן...

חזר׳ן מיר איבער:

דער קרן־קימת רופט אייך!

פון 13—14 יאָהר — ביי אונז אין שטאָדט, — ביי אונצעהליגע געלעגענהייטען, ביי קאַמפּיינ׳ען, אַקציעס, יובילעאומ׳ס, בעזוכען, ציוניסטישע פייערליכקייטען און אין אַלע כמעט וואָכעדיגע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, אַלע יאָהרען, דערמאָהנען מיר דערפון און רופען השכם והערב —

און דאָך —

דאָך מוזען מיר עס כסדר איין־ און איבער׳חזר׳ן...

און היינט נאָך שטאַרקער —

היינט -- אין קלעם צווישען אויגוסט 1929 און ערב דעם פרענטש־בעריכט...

היינט -- ווען גראָד אין אַזאַ צייט צייכנען ביי אונז די הכנסות פון ק״ק אַ בעדייטענדע ירידה — — —

חזר׳ן מיר איבער הויך און העכער:

דער קרן־קימת רופט:

גאולה תתנו לארץ!!!

חיה־רחל.

אַ זייט פון „דאָס לאָשיצער לעבן", מיט אַרטיקלען פון בעלטשע (גאָלדבאַנד), דוד (רוזאל) און חיה־רחל (ראָזענבאַנד)

מיין קוזין וועלוול כהן, אין זיין גימנאַזיסטישן מונדיר, האָט געפּרוווט דערוווידערן:

„היימאַט־וויי... בענקשאַפט צום שטעטל... צו אייגענע..."

זיי האָבן זיך ענטוזיאַזמירט פון דער באַשרייבונג, דיסקוטירט און סוף־סוף — אָדער ווי גאָדל פלעגט זאָגן: סומאַ־סומאַרום — אויסגעקומען: ביידע זאָכן צוזאַמען, אי די סוכה, אי די בענקשאַפט צום שטעטל...

איך בין דעמלט געשטאַנען אַנטקעגן גאָדלען, געקוקט מיט קינדערשער פאַרערונג אויף זיין שיין יונג פּנים, מיט די גלייכע רעגולערע שטריכן, און קלוגע לעבן־שפּריצנדיקע אויגן. זיין דעמלטיקער אויסזען האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון און ווען נאָר איך קלער וועגן אים, זע איך אים אַזעלכן ווי דעמלט, אין אָפּגענוצטן מיליטערישן מונדיר, לייענענדיק זיינע קליינע בלעטלעך... און דוכט מיר, אַז אומעטום און שטענדיק, וואָס ער האָט נאָר געטאָן און וווּ ער האָט זיך נאָר געפונען — האָט ער מיטן געדאַנק זיך געפונען אין לאַשיץ, אין זיין־אונדזער שטעטל, ווייל ס'האָט שטענדיק ביי אים דאָמינירט אָט־די בענקשאַפט אַהין.

פאַר מיר ליגן צענדליקער בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטן פון גאָדלען אין משך פון לאַנגע יאָרן. נישטאָ, בוכשטעבלעך, קיין איינער, אין וועלכן עס זאָל נישט דערמאָנט ווערן עטלעכע מאָל — לאַשיץ... אַזוי שרייבט ער אָפּנהאַרציג דעם 3־טן אָקטאָבער 1945 פון באָגאָטאַ:

„...דער שאָטן פון לאַשיץ גייט אונדז אומעטום נאָך, אַלע וועגן און שטעגן פירן אונדז אַהינצו אַוועק... גענוג די מינדסטע אַסאָציאַציע פון אַ געדאַנק, צי אַ וואָרט, און אויפן זכרון קומט אַרויף אונדזער אומגליקלעך שטעטל. — — — דער כישוף פון היים־שטעטל האַלט אונדז געשמידט, שטיקער פון אונדזער לעבן וואַלגערן זיך דאָרט אויף אַלע וועגן און סטעזשקעלעך..."

*

געבוירן אין אַן אָנגעזעענער חסידישער פאַמיליע, האָט גאָדל, פאַרשטייט זיך, נישט אויסגעמיטן דעם דרך פון לאַשיצער טראַדיציאָנעל־יידישער דערציאונג, דרדקי־מלמד, גמרא־חדר, ישיבה. קוקנדיק, אָבער, אויף זיינע ערשטע פּאָטאָ־גראַפיעס אין „געהאַקטן" קאַפּאָטקעלע מיטן קיילעכדיקן שוואַרצן יידישן היטעלע, איז לייכט זיך אָנצושטויסן, אַז צווישן די גמרא־בלעטער האָט ער שוין געהאַלטן אַ טריף־פּסולע „הצפירה", און גאָר יונג האָט ער, ביינאַכט, אין אַלקערל, ביי אַ קליין נאַפּט־לעמפּל, טאַטע־מאַמע זאָלן, חלילה, נישט דערזען, שוין אַריינגעטאָן זיך אין פייערבערגס „לאָן?". נישט אומזיסט האָט ער שפּעטער מיט מיר, און מיט אַזויפיל אַנדערע תלמידים — אַ גאַנצן שטעטלדיקן דור דאָך! — מיט אַזויפיל האַרץ אַריינגעקנעלט דעם „לאָן?", אַריינגעטייטשט, אַרויסגעטייטשט און איבערגעטייטשט אים.

אויסער די חדר־ און ישיבה־לימודים, איז גאָדל אין אַלץ געווען אַן אויטאָ־

דידאַקט. סיי די מאָדערנע יהדות־וויסנשאַפטן, סיי די אַלגעמיינע בילדונג, האָט ער דערוואָרבן לערנענדיק זיך אַליין, אָן שום לערער, וועלכע זענען דאָך אין זיינע יוגנט־יאָרן אפילו נישט געווען דענקבאַר אין לאָשיץ. און מען האָט געדאַרפט האָבן אַן אייזערנעם ווילן, אַן אמת־אינערלעכן דראַנג צו וויסן, אַ הויכע איינגעבוירענע אינטעליגענץ און ספּעציעלע פעאיקייטן — כדי אין נאָך־פריער יוגנט צו קענען און וויסן אַזויפיל ווי ער. אַ פּראַכטפולער שפּראַכן־קענער. מיט דער זעלבער פערלדיקער האַנטשריפט, לייכטקייט אין סטיל און וווּנדערבאַרן זאַץ־בוי, וואָס ער האָט געשריבן יידיש, האָט ער געשריבן העברעיש, פּויליש, רוסיש און דייטש. און נאָך אַ גאָר קורצער צייט זיין אין קאָלאָמביע, — האָט ער געשריבן אַ ליטעראַרישן שפּאַניש.

איך האָב זיך אַמאָל אין לאָשיץ געגרייט צום עקזאַמען אין זעקסטן קלאַס גימנאַזיע אַריין. לאַטיין איז מיר שווער געקראָכן אין קאָפּ אַריין... מיין קוזין וועלוול כהן איז שוין דעמלט געווען נאָך דער מאַטורע, האָט ער מיר, פאַרשטייט זיך, פיל געהאָלפן. איינמאָל ביי אַ שווערער סוגיא לאַטיין־גראַמאַטיק, רופט ער זיך אָפּ: „נאָר גאָדל וועט עס דיר אריינקלאַפּן אין קאָפּ אַריין...״ כ׳האָב אויפגעעפנט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן — גאָדל לאַטיין?... יאָ, זיין „סומאַ־סומאַרום״ איז נישט געווען קיין סתם אויפגעכאַפּט „אינאָסטראַננע״ וואָרט פאַר שיינקייט־ און רושם־וועגן: ער האָט געקענט די אַלטע פּאַטריצער־שפּראַך און אויב איך האָב יאָ סוף־כל־סוף באַנומען, וואָס עס איז „אַקוואַטיווווס קום אינפיניטיוואָ״, האָט עס מיר טאַקע גאָדל, דער וווּנדערלעכער בעל־מסביר, געגעבן צו פאַרשטיין.

גאָדל האָט געגעבן לעקציעס, געהאַלטן רעפעראַטן וועגן זייער פיל ענינים און די פאַרשידנאַרטיקסטע קעגנשטאַנדן. ביי אַלע זיינע תלמידים און צוהערער זענען אָבער אַמערסטן, אויף שטענדיק, געבליבן איינגעקריצט אין האַרץ און זכרון זיינע לעקציעס פון יידישער געשיכטע און יידישער ליטעראַטור. ווייל דאָס זענען נישט געווען ביי אים סתם קעגנשטאנדן צום לערנען. ער האָט אין יידישער געשיכטע געזען די לעבנס־פילאָזאָפיע פאַרן יידישן פאָלק און אַרויסגענומען פון איר די קרעפטן, די האָפענונגען פאַר אונדזער דור, אומעטום געפונען און ארויסגעדרונגען דעם „נצח ישראל לא ישקר״ — וואָס איז געווען זיינער אַ שטענדיקער דעוויז. און דאָס זעלבע מיט יידישער ליטעראַטור. ער האָט פון יעדן בוך אַרויסגעצויגן דאָס געמיינטע, דאָס מוסר־השכלדיקע פאַר זיך און פאַר אונדז — דעריבער זענען אַזוי אומפאַרגעסלעך זיינע לעקציעס ביי אַלע, וועלכע זענען אַמאָל געווען זיינע תלמידים.

*

גאָדל איז געווען אַ מאַסן־רעדנער. ער האָט צוגעשמידט דעם צוהערער. אָבער נישט מיט ביליקער פּראַזעאָלאָגיע. עס האָט מיטגעריסן זיין עלעגאַנץ און טיפזיניקייט, זיינע לייכט־געבויטע זאַצן, וועלכע זענען שטענדיק געווען פול

מיט אינהאַלט און לאָגיק. אָבער זיינע ווערטער זענען נישט געווען, ווי ביי אַ סך אַנדערע, אפילו גאָר גוטע, רעדנער — מן הפה ולחוץ, נאָר פון גאַנצן האַרצן. ער איז געווען טיף איבערגענומען — שוין אָפּגערעדט, אַז ער האָט אין דעם ערלעך געגלויבט — מיטן געזאָגטן. ער איז אַ צייט אַרומגעפאָרן איבער די פוילישע שטעטלעך, אַלס שליח פון דער הויפּט־ביוראָ פון קרן־קימת־לישראל אין וואַרשע. ער האָט טאָג־טעגלעך גערעדט; געהאָט גרויס דערפאָלג און וואָלט זיכער שנעל באַרימט געוואָרן אַלס ערשט־קלאַסיקער קאָנפערענציסט. אָבער צוליב זיין טיפן איבערנעמען זיך, דורכווייטיקן און דורכפילן יעדע רעדע, רעדנדיק ממש מיטן גאַנצן האַרץ, — האָט זיין האַרץ נישט אויסגעהאַלטן. ער איז קראַנק געוואָרן און די דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן ווייטער צו האַלטן כסדרדיקע רעדעס.

*

גאָדל ראָזענבאַנד האָט די לעצטע 18 יאָר פון זיין לעבן געוווינט אין קאָלאָמביע. האָט דער גורל געוואָלט, אַז ער זאָל וווינען נישט אין דער הויפּטשטאָט באָגאָטאַ, וווּ עס איז פאַראַן אַ יידישע באַפעלקערונג פון עטלעכע טויזנט נפשות, אַן אַנטוויקלט יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן — נאָר פאַר־וואָרפן ווערן אין אַ ווייטער, קליינער פּראָווינץ־שטאָט, פּאַמפּלאָנאַ, וווּ ער מיט זיין פאַמיליע זענען געווען כמעט די איינציקע יידישע משפּחה. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן זיין געמיט, זייענדיק אָפּגעריסן פון יידיש לעבן, פון יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. שווער געווען אים איינצולעבן זיך און אין זיינע בריוו האָבן זיך אַרויסגעריסן שורות מיט פאַרביטערונג און ווייַ:

„...12 יאָר אין ,גליקלעכן׳ דרום־אַמעריקע און אַלץ נאָכנישט אַקלימיטיזירט זיך; אַ שווערע סדרה, מרדכי־לעבן״ — שרייבט ער מיר דעם 27.3.1948.

אָבער עס רייסט זיך ביי אים אויך אַרויס אַ געשריי:

„אונדזער ,הכשרה׳ קאָסט אונדז צו טייער דאָ, מ׳פאַשעט דעם חומר און מ׳פאַרגראָביאַנעוועט דאָס פּיצל נפש. אַזויפיל טומאה, אומזין און דער פּועל־יוצא: אומקום, ווערנדיק רעדוצירט צו גייסטיקע סריסים״. (8.4.1947).

„דער גייסטיקער באַגאַזש, וואָס מ׳ברענגט מיט, פאַלט דאָ שטאַרק צו לאַסט. גליקלעך זענען די יעניקע, וואָס עס לאָסטן נישט אויף זיי די אַלטע בוימלדיקע ,שיריים׳ פון אַמאָל... — — — עס באַשווערט דעם היינט, דער אַלטער יחוסדיקער ,אַמאָל׳...״

גאָדל האָט געשריבן שיינע דערציילונגען, סקיצן, אָבער קיינמאָל נישט געוואָלט און נישט געפּרוווט דרוקן, כאָטש ווייסענבערג און נאָמבערג, פאַר וועלכע ער האָט פאָרגעלייענט זיינע שאַפונגען, האָבן אים דערצו צוגערעדט און געמונטערט. מיין קוזין וועלוול כהן האָט מיר דערציילט, ווי ער האָט אַמאָל באַגלייט גאָדלען אויף אַ באַזוך ביי י. מ. ווייסענבערג. ווייסענבערגן איז די דערציילונג, וואָס גאָדל האָט אים פאָרגעלייענט, זייער געפעלן און געוואָלט

זי גלייך צונעמען צו דרוקן. גאָדל האָט אים געענטפערט, אַז ער וויל זי איבער־שרייבן און וועט זי אים אַרויפברענגען אויף מאָרגן. וועלוול האָט אים שפּעטער עטלעכע מאָל געפרעגט וועגן גורל פון דער דערציילונג. „כ׳האָב זי נאָך אַלץ נישט איבערגעשריבן...” — פלעגט גאָדל ענטפערן לאַקאָניש. ווען איך האָב אים אַמאָל געפרעגט אין אַ בריוו פאַרוואָס ער האָט קיינמאָל גאָרנישט געדרוקט, האָט ער געענטפערט: „איך פאָדער צופיל פון געדרוקטן וואָרט, אַז איך זאָל קאָנען פועלן ביי זיך צו דרוקן פון מיין שרייבן...”



די פאַמיליע ראָזענבאַנד, אין לאָשיץ. פון רעכט אויף לינקס: אין פראָנט — חנה און שיינע; אינמיטן — ריקל, דער פאָטער גרשון, די מוטער פייגע, גאָדל; שטייענדיק — חיים, מלכה

אין יאָר 1945 האָב איך גאָדלען איינגעלאַדן עפּעס אָנצושרייבן פאַר אַן אויסגאַבע, וואָס איך האָב דעמלט רעדאַגירט. ער האָט אָפּגעזאָגט, שרייבנדיק:

„...דו האַלטסט אַז ,אַ פּען ווערט נישט פאַרזשאַווערט׳ — אָבער איך בין נישט גורס אַזוי, דאָס איז בבחינת ,אם תעזבני יום — יומים אעזבך׳, אַזוי אַז די ווייטקייט כפלט זיך כסדר, און שווער מחיה מתים צו זיין נעכטיקע טעג, בפרט ווען איך פאָדער צופיל פון געשריבענעם וואָרט, איך בין אַ שטאַרקער מחמיר אין דעם”.

און דאָ קומט ווייטער ווי אַ צוואה פאַר אונדז, לאָשיצער:

„דאָס איינציקע וואָס איך וואָלט געוואָלט איז, אַז איינער פון אונדזערע לאָשיצער, פון די פּען־האַלטער, זאָל זיך ערנסט און ערלעך פאַרמעסטן צו

שטעלן אַ דענקמאָל אונדזער שטעטל, ווו ס׳זאָלן פאַראייביקט ווערן אונדזערע שבת־יום־טובדיקע יידן און אויך נישט פאַרפעלן די ערלעכע פשוטע עמך־יידן, וואָס בייזאַמען זענען זיי אונדזער האַרציקער קאַפּיטאַל, אונדזערע גלאַרייכע קדושים, וואָס וואַרטן אויף זייער דענקמאָל, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי טריי און כשר פאַרדינט. קאָנסטאַנטינער רב, יאַנעווער רבי, יצחק שוחט און די גאַנצע עדה יידישע יידן, מתנגדים, חסידים, ביז צו דערגרייכן די תהלים־יידן און עמך־מענטשן, ווי אַ מאיר שניידער, יצחק שוסטער (שוואַרץ), דער וועגגראָוועד שטעפער וכו׳ וכו׳.״

האָט ער פאַרגעפילט, אַז ער וועט נישט דערלעבן צו זען אַזאַ בוך?...

ווייל וואָלט גאָדל געלעבט, וואָלט ער געווען דער באַרופנסטער פון אַלע לאָשיצער פעו־האַלטער אָט־דעם דענקמאָל צו שטעלן, דאָס דאָזיקע בוך צו רעדאַגירן.

צו אונדזער ווייטיק איז אויך גאָדל צווישן די, פאַר וועמען דאָס בוך דאַרף זיין אַ דענקמאָל.

מרדכי שנער

## גד רוזנבנד — מורי ורבי

כשאני מפליגה בזכרונות על העבר הרחוק בעירנו, עולה ראשית־כל לפני הדמות האצילה של גד רוזנבנד ז״ל. אחד האישים הבולטים ביותר בעירנו, שהשפעתו היתה רבה מאד על הדור הצעיר בימי והטביע את חותמו לא מעט על החיים התרבותיים והחברתיים בלושיץ.

היתה לי הזכות להימצא בקרבתו עקב עבודתנו המשותפת למען גאולת הארץ.

כמה נעים היה להאזין לדבריו ולהסברותיו. התמזגו בו סגולות של עסקן ציבורי מבורך, עדין נפש ונעים־הליכות. תמיד ריחף החיוך על שפתיו ודבריו היו מהולים בהומור עדין. הוא היה חדור אמונה עמוקה באדם, ברגש־היושר שלו ובהכרה שיש לדון כל אדם לכף זכות וכך רכש לו את אמונו של כל הציבור. הופעותיו, עבודתו הציבורית והתרבותית המסורה וגישתו האנושית לכל אדם, היקנו לו אהדה מצד ידידים ויריבים כאחד.

היה מסור בלב ונפש לרעיון הציוני ולכל דבר הקשור עם ארץ־ישראל. באיזו התלהבות היה מספר על ועידות קק״ל, שהיה משתתף פעיל בהן, על פגישות עם אישים גדולים, כמו אוסישקין, נחום סוקולוב; על קני „השומר־הצעיר״ בערים שונות. הוא היה ידיד נאמן של תנועת־נוער זו והיה לו חלק חשוב בהקמת הקן של „השומר־הצעיר״ בעירנו.

גד״ל היה בין הלוחמים למען השפה העברית וביצורה של התרבות העברית. היה קורא אתנו את העתונות הארץ־ישראלית, שקיבל מהארץ, והיה מקרב

אותנו אליה. היה קורא לפנינו, מספר לנו על הארץ הנכספת. ואנחנו, הצעירים, היינו תמיד רתוקים לדבריו.

בזכרי אותו, חשה אני גאוה שבסביבתנו חי ופעל האדם היקר הזה.

ומה מוזר וטראגי הדבר, כי אדם זה, שחינך את תלמידיו לקראת חיים חדשים בארץ — הוא עצמו לא זכה להגיע למולדת.

בלצ׳ה גולבנד־שמולביץ׳

## אברהם פינקוס

דאָס איז איינער פון די חשובע לאָשיצער יידישע כלל־טוער, וואָס האָט זיך על־פי־נס געראַטעוועט פון די נאַצישע נעגל, און לעבט איצט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. אַ מענטש מיט פיל וועלטלעכער בילדונג און קולטור און דערביי אַ למדן און תלמיד־חכם. אַ קלו־גער ייד און בעל־עצה און אַן ערלעך־אָפּ־געהיטענער סוחר. ער איז געווען פון די ערשטע ציוניסטן אין שטעטל און איינער פון די גרינדער פון דער אָרטיקער ציוניס־טישער באַוועגונג, פון וועלכער ער איז די גאַנצע יאָרן געווען איינער פון די באַ־ליבטסטע און טיכטיקסטע אָנפירער.



אברהם פינקוס

יידן, ווי נישט־יידן, האָבן געשעצט זיין חכמה און ערלעכקייט און שטענדיק געקומען זיך מיט אים מייעץ זיין. ווער עס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ שווער האַרץ, איז געקומען צו אברהם פינקוס זיך אַראָפּ־רעדן און שטענדיק געפונען ביי אים אַ וואַרעם וואָרט, אַ טרייסט און עצה טובה.

אברהם פינקוס האָט אויך פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין אַלגעמיינעם עפנט־לעכן לעבן אין לאָשיץ, — ער איז לאַנגע יאָרן געווען ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, וווּ מען פלעגט אויפמערקזאַם אויסהערן זיין מיינונג און די פוילישע מערהייט פלעגט אָפט פאָלגן זיינע עצות און אָננעמען זיינע פאָרשלאָגן.

זיינער אַ זון, אָסקאַר, האָט פאַרעפנטלעכט אין ישראל, אין העברעאיש, אַ בוך, „אוד מוצל״, וועגן די שווידערלעכע איבערלעבונגען פון דער פאַמיליע בעת דער נאַצי־צייט, זיך אויסבאַהאַלטנדיק אין לאָשיץ און אין אַ נאָענטן דאָרף.

שלום־יצחק ווורובעל

# הערשל קאַרטש

הערשל קאַרטש איז זיין גאַנץ לעבן, אין אַלע מאָמענטן, געווען די פאַרקערפּערונג פון ברוייזנדיקער ענערגיע און שטאַרקן ווילן; ער האָט אַן אויפהער געשטרעבט צו גיין פאָרויס, אַלץ ווייטער און ווייטער. עס איז דעריבער שווער צו שרייבן וועגן אים, ווי וועגן אַ טויטן.



הערשל קאַרטש

אַ יאָר צוואַנציק זענען מיר געווען צוזאַמען. דערקענט האָב איך אים אין לאַשיץ, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איך האָב אָנגעהויבן שטעלן מיינע ערשטע טריט אַלס לערערין, אין דער לאַשיצער „פּאָווישעכנע" שול. הערשל קאַרטש איז געווען „קוראַטאָר" פון דער יידישער שול, וועלכע האָט זיך גראָד דעמלט געשלאָסן, צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען. די יידישע באַפעלקערונג האָט בלית ברירה אָנגעהויבן פאַרשרייבן די קינדער אין דער פּוילישער שול. הערשל האָט דאַן אָנגעהויבן אַן אויפקלערונג־אַרבעט צווישן די עלטערן. ער האָט געפאָדערט נישט צו שיקן די קינדער אין דער פּוילישער שול, ווייל זי וועט זיי אָפּרייסן פון יידישקייט און פירן זיי צו אַסימילאַציע. ער האָט גערופן צו באָיקאָטירן סיי די שול און סיי די לערער. ער האָט אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד־אַקציע, וואָס זאָל אויסקעמפן ביי דער מאַכט און ביי דער יידישער קהילה א סובסידיע פאַר אַ שול מיט יידיש אַלס אונטעריכט־שפּראַך און העברעיש אַלס קענגשטאַנד.

מערקווירדיק איז געווען צו זען דעם מענטש, וועלכער האָט אַליין קיינמאָל נישט געלערנט אין קיין שול, מיט וואָסער חוש און פאַרשטענדעניש פאַר דערציערישע און פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען, ער האָט געפירט זיין קאַמף. און זיין אַקציע האָט געהאַט דערפאָלג. די יידישע קינדער האָבן אויפגעהערט קומען אין דער פּוילישער שול און אַ געוויסן טאָג בין איך געבליבן אין קלאַס בלויז מיט קריסטלעכע קינדער. די אַרבעט אין שול איז פאַר מיר געוואָרן פיינלעך און אַ קורצע צייט שפּעטער האָב איך געבעטן די מאַכט מיך צו באַפרייען פון מיין אַמט אין דער „פּאָווישעכנע" שול. צוויי וואָכן

שפּעטער איז געעפֿנט געוואָרן די יידישע שול, ווו איך בין געוואָרן לערערין. די שמחה פֿון קאַרטשן איז געווען אומבאַשרייבלעך. ער האָט געזאָרגט פֿאַר אַלץ, — פֿאַר געלט, פֿאַר ביכער, שפּילצייג א.א.וו. ער פֿלעגט זיך יעדן טאָג אָפּרייסן פֿון זיין אַרבעט און אריינפֿאַלן אין שול, אָבסערווירן, קאָנטראָלירן. און שטענדיק געדינט מיט ראָט און טאָט.

אין יענער צייט איז הערשל קאַרטש געווען דער לייטער פֿון „קאָנסום־פֿאריין", און געזאָרגט, אַז אין די שווערע נאָך־מלחמה־צייטן זאָל די יידישע באַפֿעלקערונג אין לאָשיץ און אומגעגנט באַקומען צו נאָרמאַלע פּרייזן נישט בלויז שפּייז־פּראָדוקטן, נאָר אויך הלבשה.

אין 1923 האָט קאַרטש פֿאַרלאָזט לאָשיץ און פֿון דעמלט אָן נאָר פֿון צייט־צו־צייט זיך אַריבערגעכאַפּט אויף אַ פּאָר טעג „אַהיים", — ער איז אָבער שטענדיק געווען געקניפּט און געבונדן מיט אַלע לאָשיצער און מיט די געזעלשאַפֿטלעכע און, בעיקר, ציוניסטישע ענינים פֿון שטעטל.

זיך באַזעצנדיק אין וואַרשע, איז קאַרטש שנעל באַקענט און באַליבט געוואָרן אין די קרייזן פֿון דער ציוניסטישער אָנפֿירונג. אין אָנהויב האָט ער געאַרבעט אין „קרן־היסוד", ארומגעפֿאָרן איבער דער פּראָווינץ מיט רעפֿעראַטן און געזאַמלט געלט פֿאַר דער אינסטיטוציע. שפּעטער איז ער געווען מיטגליד אין אָרגאַניזיר־קאָמיטעט צוריק אויפֿצולעבן די „הצפירה". די פּאָר יאָר, וואָס די צייטונג איז דעמלט דערשינען, אונטער דער רעדאַקציע פֿון יוסף העפטמאַן, איז הערשל קאַרטש אַרומגעפֿאָרן איבער גאַנץ פּוילן זאַמלען געלט און אַבאָנענטן, כדי אויפֿצוהאַלטן די איינציקע טעגלעכע העברעישע צייטונג אין פּוילן. ער האָט די דאָזיקע אַרבעט געפֿירט נישט נאָר מיט גרויס געשיקטקייט, נאָר מיט אומבאַגרענעצטער איבערגעגעבנקייט, ווי אָן עבֿודת־הקודש. ווען די „הצפירה" האָט זיך געשלאָסן און שפּעטער דערשינען אַלס „היום", איז קאַרטש געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פֿון דער צייטונג. ביי דער אַרבעט האָט ער זיך דערוואָרבן פֿריינטשאַפֿט און אָנערקענונג ביי די מיטאַרבעטער און ביי אַלע פּראָמינענטע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן אין דער צייטונג מיטגעאַרבעט.

אין יאָר 1929 איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער איטאַליענישער פֿאַרזיכערונג־געזעלשאַפֿט „ריאוניאָנע אדריאטיקא" — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט צוגעשטעלט חודשלעך אַ געוויסע צאָל „פּאָליסעס" און דערפֿאַר באַקומען אַ געלט־סובסידיע פֿון דער פֿאַרזיכערונג־געזעלשאַפֿט. קאַרטש איז דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע באַשטימט געוואָרן צו לייטן דעם דאָזיקן ענין, צום ערשטן אין ראַדאָמער און קיעלצער ראַיאָן און שפּעטער אין ביאַליסטאָק, אָן אַרבעט וואָס ער האָט געפֿירט מיט גרויס דערפֿאָלג ביזן אויסברוך פֿון דער מלחמה אין 1939.

ביי אַלע זיינע אַרבעטן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסע איניציאַטיוו, נישט־דורכשניטלעכע אָרגאַניזיר־פֿעיקייטן, איינגעבוירענע אינטעליגענץ און שנעלע אָריענטאַציע.

אַלע זיינע יאָרן האָט ער געשטרעבט צו האָבן אַן אייגענע וואַרעמע היים און ער האָט דאָס דערגרייכט. אונדזער הויז איז שטענדיק געווען אָפן פאַר חברים און פריינט. אין די טעג, ווען קאַרטש פלעגט קומען פון זיינע רייזעס — מיט וועלכע זיין אַרבעט איז שטענדיק געווען פאַרבונדן — איז אונדזער שטוב געווען פול מיט מענטשן, שרייבער, ארטיסטן, ציוניסטישע טוער; זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען — „אויפנעמען מענטשן ביי מיין אייגענעם טיש", ווי ער האָט עס אָנגערופן.

דער נאַצי־צורר האָט צעבראָכן זיין טיש, זיין היים און אים אַליין אומגעבראַכט.

ער איז אַלט געווען 53 יאָר (געבוירן אין 1889, אומגעקומען אין 1942).

שרה טשארנאָבראָדע־קארטש

## מתתיהו גאָלדוואַסער

מתתיהו, אָדער מאַטעס, גאָלדוואַסער, איז אַן צווייפל, געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע לאָשיצער יידן פון אַלטן דור. פריער איז ער געווען אַ שניט־



מתתיהו און רבקה (ריווטשע) גאָלדוואַסער

קרעמער, דערנאָך אַן אַפטייקער. אַ פרומער ייד, אָפּגעהיטן מצוות, און גלייכ־צייטיק אַ גרויסער משכיל, פאַרגעשריטן, מיט פיל וועלטלעכער בילדונג און וויסן.

ער איז לאַנגע יאָרן געווען דאָזאָר פון דער קהילה און מיט פיל חכמה און פקחות געפירט די ציבור־ענינים.

מיר, יונגע בחורים, פלעגן אריינקומען צו מאַטעסן, „הערן פּאָליטיק״ און לייענען אַ צייטונג. ער איז געווען דער ערשטער אַבאָנירער פון „פריינד״ און „הצפירה״ אין לאָשיץ.

מאַטעס איז אַמאָל, צוזאַמען מיטן גאַנצן עמיגראַציע־שטראָם, אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. נאָך אַ קורצער צייט איז ער צוריקגעקומען קיין לאָשיץ. „וואָס איז געשען?״ האָט מען זיך געוווּנדערט. „דווקא איר, וואָס קען ענגליש, האָט בילדונג — איר זענט צוריקגעקומען פון אַמעריקע?״ ער פלעגט אויף דעם ענטפערן מיט אַ מאַך מיט דער האַנט: „אָבער אַ ייד זיין איז ליבער אין לאָשיץ...״

שלום־יצחק ווּרובעל



דער לאָשיצער מאַרק בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.
אין צענטער — דאָס אָפּגעברענטע הויז פון מתתיהו גאָלדוואַסער

## זלמן מינץ

זלמן מינץ האָט נישט בלויז איבערגעלאָזט דאָס גרעסטע הויז אין לאָשיץ, נאָר איז טאַקע געווען דער גרעסטער גביר, וואָס דאָס שטעטל, און די גאַנצע אַרומיקע געגנט, האָט ווען עס איז געקענט.

אַמאָל, מיט אַן ערך הונדערט יאָר צוריק, האָט זלמן מינץ געהאַנדלט מיט אויסלענדישן וויין. מרדכי באַלעגאָלע, ישעיה שענקערס ברודער, פלעגט אים

ברענגען אַ פור ווײַן פון אונגאַרן. אַזאַ רייזע אהין־און־צוריק פלעגט דויערן, מיט פערד־און־וואָגן, זעקס וואָכן. קיין באַן־ליניע לעבן לאָשיץ איז נאָך דעמלט נישט געווען. אין יענער צייט האָט איינמאָל זלמן מינץ געקויפט ביים ריסקעווער פריץ אַ גרויסן טראַנספּאָרט בראָנפן; פּונקט דעמלט איז איינגעפירט געוואָרן דער רוסישער מאָנאָפּאָל אויף בראָנפן און דער פּרייז איז פון איין טאָג אויפן צווייטן פילפאַכיק געשטיגן. דעמלט איז טאַקע זלמן מינץ אַזוי רייך געוואָרן.


זלמן מינץ

אין שטעטל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער האָט געווונען דאָס גרויסע געווינס אויף דער לאָטעריע. זיין אייגן ווייב האָט אים געפרעגט: „זלמן, מיר מעגסטו דאָך דערציילן דעם אמת — האָסט טאַקע געווונען די 75 טויזנט רובל?" זלמן האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל: „וואָס איז די נפקא־מינה אויף וועלכן אופן דער אויבערשטער שיקט צו?..." די לעצטע יאָרן האָט ער געהאַנדלט מיט וועלדער און האָלץ. ער האָט געקויפט וועלדער, אויסגעהאַקט די ביימער און זיי געשיקט אין טראַטוועס דורכן בוג און ווייסל קיין דאַנציג.

זלמן מינץ איז געווען אַ גערער חסיד און פיל געהאָלפן די אָרעמע גערער חסידים, אָפט געפאָרן קיין גער און געווען אַ מקורב ביים רבין.

אין 1916, ווען די דייטשן האָבן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, פאַרנומען לאָשיץ, האָבן זיי זלמן מינצן באַשטימט אַלס בירגערמייסטער. ס'איז דאַן געווען אַ יקרות אויף לעבנס־מיטלען און זלמן מינץ האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי אַראָפּצונידערן די פּרייזן. איינמאָל האָט ער געלאָזט אויסרופן, „על דעת הקהל והרבנים", אין בית־מדרש און אין אַלע שטיבלעך, אַז מען זאָל נישט קויפן קיין פיש אויף שבת, ביז די סוחרים וועלן נישט נעמען דעם פעסטגעשטעלטן ביליקן פּרייז. און לאָשיצער יידן האָבן טאַקע יענעם שבת נישט געגעסן קיין פיש. דערציילט מען, אַז אייזשע נאָטעס האָט דאַן געשריגן אין גערער שטיבל: „צוויי מאָל אין לעבן האָב איך נישט געגעסן שבת קיין פיש — איינמאָל ווען די קאָזאַקן זענען געקומען און די געוועלבער זענען געווען פאַרמאַכט, און דאָס צווייטע מאָל צוליב ר' זלמן מינץ!" ווען די דייטשן האָבן געפאָדערט, אַז דער בירגערמייסטער זאָל זיי צושטעלן מענטשן אויף צוואַנג־אַרבעט מיט „פאָדוואָדעס" זיי אַוועקצופירן, האָט זלמן מינץ זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן

און דעמיסיאָנירט פון זיין אמט. אַלס בירגערמייסטער איז דאַן באַשטימט געוואָרן אַ פּאָליאַק.

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1925 אין דער עלטער פון 83 יאָר.

דוד רוזאל

## די פאַמיליע קאַמינער

מרדכי־קלמן קאמינער איז געווען אן איידעם פון זלמן מינץ, וועלכער האָט פאַר זיין טאָכטער ברכה געזוכט אַ מאַן פון אַ יחוסדיקער חסידישער משפחה. זלמן מינץ האָט דעם איידעם צוגענומען אלס שותף צו זיינע וועלדער און געשעפטן. מרדכי־קלמן איז געווען אַ פרו־מער גערער חסיד, אָבער גלייכצייטיק אַ מאָדער־נער און אינטעליגענטער מענטש.



מרדכי־קלמן קאַמינער מיט דער פרוי און דריי פון זיינע קינדער, אין לאָשיץ

אין 1919 האָט די פוילישע מאַכט, באַלד ווי זי איז איינגעשטעלט געוואָרן, קאָנפיסקירט מרדכי־קלמנס אַ וואַלד מיט האָלץ לעבן דאָרף פאַרצעווע, אין דער ווערט פון אַ האַלבן מיליאָן זלאָטעס פון יע־נער צייט. דער פאַקט האָט געמאַכט אַ שווערן רושם אין דער גאַנצער געגנט, מען האָט פּראָטעסטירט, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן — דאָס האָט מרדכי־קלמנען מאַטעריעל רואינירט.

מרדכי־קלמן קאַמינער האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם קהילה־לעבן פון שטעטל. ער האָט מיט די קעגנער קיינמאָל נישט איינגעריסן, באַמיט זיך דורכצופירן זיין מיינונג מיט גוטן, דורך איבערצייגן. ער איז דעריבער געווען אָנגענומען ביי אַלע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

מרדכי־קלמן האָט זיינע קינדער געגעבן אַ מאָדערנע דערציאונג און זיי נישט געשטערט אין זייער ציוניסטיש־וועלטלעכער טעטיקייט. זיין עלטסטער זון, יאָסל קאַמינער, איז געווען צווישן די ערשטע ציוניסטישע טוער אין לאָשיץ און איינער פון די גרינדער פון דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַקטיוו


פנחס קאַמינער

אין אַלע קרנות און אָנפירער פון בילדונג־קרייזן. אויך משה, בלומע און פנחס קאַמינער זענען געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָשיץ. די עלטערע קינדער האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין 1934/5. אין 1936 איז מרדכי־קלמן מיט זיין פרוי און די יונגע קינדער, געקומען קיין ארץ־ישראל. זיי זענען געווען אָרעם, אָבער אָן פרעטענזיעס און געפירט אַ באַשיידן אַרבעט־זאַם לעבן אין תל־אביב. ברכה קאַמינער האָט נאָר געלעבט אַ האַלב יאָר אין לאַנד. זי איז שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין עלטער פון 56 יאָר. מרדכי־קלמן איז געשטאָרבן אין 1939 אין תל־אביב.

אין ישראל לעבן איצט דריי טעכטער און די צוויי עלטסטע זין פון מרדכי־קלמן קאַמינער.

דער דריטער פון מרדכי־קלמנס זין, פנחס קאַמינער, איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער ציוניסטישער טוער אין פוילן אין לאַנד־מאַסשטאַב. ער האָט געאַרבעט אין די צענטראַלע ציוניסטישע אינסטיטוציעס אין וואַרשע און געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון יצחק גרינבוים. ער האָט זיך די גאַנצע צייט געגרייט עולה צו זיין צו דער פאַמיליע אין ארץ־ישראל, אָבער די גרויזלשאַפטלעך־ציוניסטישע טעטיקייט האָט אים שטענדיק פאַרהאַלטן אין פוילן, ביז ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציישע בעסטיעס.

נאָך אַ זון איז אין 1938 געפאָרן פון א״י קיין וואַרשע ברענגען זיין כלה — ער האָט דאָס נישט באַוויזן דורכצופירן און איז דאָרט אומגעקומען.

מרדכי־קלמנס יינגסטער זון, שמחה, איז העלדיש געפאַלן אַלס סאָלדאַט אין דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה פון ישראל.

דוד רוזאַל

## ישעיהו שענקער און יהושע האָכמאַן

אונדזער זיידע, ר׳ ישעיהו וויינמאַן, אָדער שאַיע שענקער, ווי מען האָט אים גערופן אין לאָשיץ, איז שוין געווען אַ זקן, ווען מיר זענען געבוירן געוואָרן. מיר געדענקען אים נאָר מיט זיין שניי־ווייסער באָרד. אַ מיטלוווקסיקער, קרעפטיקער ייד, מיט אַ שטענדיק ליבן שמייכל אויף די ליפּן.

ווען ער פלעגט אונדז, די אייניקלעך, צונויפנעמען אַרום זיין פריזבע אין

די אָוונטן און דערציילן מעשיות פול מיט הומאָר, פלעגט ער אויך רעדן וועגן זיין אייגענער יוגנט.

— נו — פלעג ער טאָן אַ פרעג — וועגן דער „פּאָווסטאַניע" האָט איר שוין געלערנט אין „שקאָלע"?

„זיין פּאָווסטאַניע" איז געווען דער פוילישער אויפשטאַנד פון יאָר 1863. און ער האָט גענומען דערציילן, ווי ער האָט דעמלט, נאָך אַן אַ „חתימת־זקן",



ישעיה וויינמאַן מיט זיינע צוויי טעכטער: רעכטס — גענענדל האָכמאַן, לינקס — רייצע

כמעט נאָך אַ יינגל, זיך געגנבעט קיין וואַרשע און זיך געשטעלט אין די רייען פון די אויפשטענדלער. נאָכן דורכפאַל פונעם אויפשטאַנד, האָט ער זיך אַ שטיקל צייט אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע און קוים מיט צרות זיך צוריק דערשלאָגן קיין לאָשיץ, ארויסדרייענדיק זיך פון דער צאַרישער פּאָליציי.

ער האָט זיך געגרויסט מיט זיין דאָזיקער איבערלעבונג און עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כבוד.

אין דער יוגנט איז ער מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון חסידיזם און געוואָרן אַ קאָצקער חסיד. אָבער נאָכן פאָרן אייניקע מאָל צום רבין, האָט ער זיך אַנטוישט און געוואָרן אַ מתנגד, נישט אריינשמעקנדיק מער אין קיין חסידיש שטיבל.

מען האָט אים גערופן „שענקער", ווייל די שענק איז געווען אויף זיין נאָמען, אָבער ער איז אין איר זעלטן אריינגעקומען. דאָס געשעפט האָט געפירט זיין פרוי, אונדזער באָבע, און ער האָט זיך פאַרנומען מיט קהלישע ענינים.

ער איז לאַנגע יאָרן געווען פּרנס פון דער יידישער קהילה. אין 1920, נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן, איז ער געוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן פון שטאָט־ראַט. ער איז געווען דער גרינדער פון דער ערשטער יידישער (האַנטווערקער־) באַנק אין לאַשיץ, ווו עס איז געווען סעקרעטאַר אברהם שינקאַרזש, דער עלטערער זון פון יצחק שוחט. די דאָזיקע באַנק, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען באַקאַנט מיט איר ערלעכער און ראַיעלער פירונג און געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין לאַשיצער עקאָנאָמישן לעבן פון יענער צייט.

אַמאָל האָט ער אונדז דערציילט וועגן זיין רייזע קיין וואַרשע צום צאַרישן גענעראַל־גובערנאַטאָר, כדי צו בעטן אַ דערלויבעניש צו בויען אין לאַשיץ די גרויסע געמויערטע שיל. די דערנידעריקונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען ביי די רוסישע באַאַמטע, איידער מען האָט אים צוגעלאָזט צום גובערנאַטאָר, האָבן נאָך דעמלט, ווען ער האָט עס אונדז דערציילט, אַזויפיל יאָרן שפּעטער, אַרויסגערופן ביי אים אַ שוימיקן כעס אויף די ליפּן. „כ׳בין געווען אַ שליח־ציבור און נישט געטאָרט זיך ווייסנדיק מאַכן...״ דער גובערנאַטאָר האָט אים אויסגעהערט, אין אָנהויב אָפּגעזאָגט, ווי ער האָט עס פריער געטאָן שריפטלעך. „אָבער כ׳בין נישט אָפּגעשטאַנען...״ — האָט דער אלטער זיך געגרויסט. געבעטן, איבערצייגט און — געפּועלט.

אונדזער זיידע איז געשטאָרבן אין 1935, אין עלטער פון 95 יאָר, אַרומגע־רינגלט מיט ליבע און פאַרערונג מצד דער גאַנצער קהילה און אויך נישט־יידישע איינוווינער פון לאַשיץ.

*

אונדזער פאָטער, יהושע האַכמאַן, אָדער שיע שייע שענקערס, ווי מען האָט אים גערופן אויפן נאָמען פון זיין שווער, איז געווען אַ גערער חסיד. יעדע ימים־נוראים פלעגט ער פאָרן צום רבין, פון וועלכן ער פלעגט אַהיימברענגען אויף אַ גאַנץ יאָר ברכות, וועלכע זענען, אָבער, נישט שטענדיק מקויים געוואָרן...

5 אַזייגער פאַרטאָג פלעגט ער זיך אויפהויבן און נאָך פאַרן גיין אין שטיבל אַריין דאַווענען, אָפּלערנען דעם טעגלעכן דף גמרא, ווייל שפּעטער קאָן דאָך פעלן צייט. אָבער אויך אינמיטן טאָג פלעגט ער פלוצלינג פאַרשווינדן פון גע־שעפט און זיך פאַרמאַכן אין אַ צימער אויף אַ פּאָר שעה ביי דער גמרא. דערביי איז ער די גאַנצע וואָך געווען פאַריאָגט ביי דאגות־פּרנסה. אָבער „פרייטיק אויף דער נאַכט איז יעדער ייד אַ מלך״, ווי ער פלעגט זיך שטענדיק צווינגען — און באַמיט זיך דאָס מקיים צו זיין.

זיין שבתדיקע געהאַקטע, זיידענע קאַפּאָטע האָט געגלאַנצט, די שיך — אויס־געפּוצט און די באָרד־און־פּיאות אויסגעוואַשן און אויסגעקעמט, איז ער געזעסן אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ, בראש פון טיש, שטענדיק מיט אַן אורח ביי דער זייט — טאַקע ווי אַ מלך. דער טאַטע פלעגט אָנהויבן, אינמיטן און באַלד נאָכן

עסן, מיט „זמירות״, אָבער שנעל אַריבער צו פריילעכע חסידישע געזאַנגען. דאָס האַלבע טוץ טעכטער, וואָס זענען אַלע געווען כאַר־זינגערינס, האָבן אים אונטערגעהאָלפן. זיי זענען, אָבער, אַריבער צו נאַציאָנאַלע „וואָכעדיקע״ לידער — און דער טאַטע האָט זיי אונטערגעהאָלפן... פלעגט זיך דאַן אונטערן פענצטער פאַרזאַמלען אַן עולם, זיך צוהערן צו אונדזער „כאָר״ און אָפט מיטזינגען פון דרויסן.

צוליב זיינע מסחר־ענינים פלעגט ער פאָרן אין ווייטע געגנטן פון פוילן. עס האָבן אים אין דעם נישט אָפּגעהאַלטן די געפאַרן פון די אומרואיקע צייטן. צווייִמאָל איז ער פון אַזעלכע רייזעס, אין דער פויזנער געגנט, צוריקגעקומען מיט אַן אָפּגעשניטענער באָרד. דאָס האָט אים צעבראָכן, געווייטיקט, אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון ווייטערן פאָרן אין די זעלבע געגנטן.



יהושע האָכמאַן

זיינע קינדער זענען אַוועק אויף וועגן, וועלכע זענען אים נישט געווען צום האַרצן. נישט זיין זון, נישט די טעכטער, זענען געגאַנגען אין די וועגן וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט זיי געפּרוווט איבערצייגן, אָבער נישט געבייזערט זיך, אפילו ווען דאָס האַרץ איז אים פול געווען מיט ווייטיק און פאַרביטערונג. מיר זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער נישט אויף דעם אופן ווי עס וואָלט געהייסן זיין רבי און ווי עס וואָלט אים אַליין געפעלן געוואָרן. האָט ער ווידער געפּרוווט אָפּרעדן מיט גוטן. ווען ס׳האָט נישט געהאָלפן, האָט ער מיטגעגעבן אויפן ווייטן וועג זיינע פאָטערלעכע ברכות און שפּעטער יעדע פאָר טעג געשריבן האַרציקע איבערגעגעבענע בריוו.

אַ רודף־שלום געווען; אַ מכניס־אורחים — נישט בלויז לגבי זיינע גערער חסידים, נאָר אויך לגבי זיינע קינדערס חברים און פריינט, וועלכע זענען געווען ווייט פון שטיבל און פון דער גמרא.

ער איז אומגעקומען אין טרעבלינקע, צוזאַמען מיט אַלע לאָשיצער קדושים וטהורים.

חנה און רחל האָכמאַן

## ירחמיאל כהן און דער אַנטיסעמיטישער קאָמענדאַנט

דאָס יאָר 1920 איז ביי מיר געבליבן שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון. די בלוטיקע געשעענישן אין פוילן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין לאָשיץ. דער צוריקטריט פון דער באָלשעוויסטישער אַרמיי פון הינטער וואַרשע האָט אַרומ־גענומען מיט אַ פּחד דאָס שטעטל, ווייל מען האָט גלייך איבערגעגעבן וועגן פּאָגראָמען און אָנפאַלן אויף יידן מצד דער זיגערישער פוילישער אַרמיי. די פּאָליאַקן האָבן דערשאָסן, אָדער דערטרונקען אין טייך בוג, די אַלע יונגעלייט וועלכע זיי האָבן געכאַפּט ביים וועלן מיטלויפן מיט דער אָפּטרעטנדיקער רויטער אַרמיי. אויסער דעם האָבן די פּאָליאַקן בלוטיק נקמה גענומען ביי די יידן פאַר מיטאַרבעטן מיט די באָלשעוויקעס בעת זייער קורצער מאַכט, נישט קוקנדיק וואָס די דאָזיקע מיטאַרבעט איז אָפט געווען אַ געצוווּנגענע.

אויך דאָס יידישע לאָשיץ האָט דעמלט געהאַט זיינע אומשולדיקע קרבנות.

עס דערמאָנט זיך מיר דער שטילער איידעלער ישיבה־בחור גרשון, יחיאלקע מלמדס זון, וועלכער איז דעמלט אומשולדיק אומגעבראַכט געוואָרן.

דער צווייטער קרבן איז געווען מתתיהו וואקסמאַן, 22 יאָר אַלט, דעם קליינעם שלמהלע שניידערס זון. זיי האָבן געוווינט אויף דער נאָטעוויזנע, לעבן ישראל־הערש דעם בעקער. די פּאָליאַקן האָבן אים געכאַפּט אויפן וועג, וועלנדיק אַנטלויפן מיט דער רויטער אַרמיי. זיין פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין שעדלעצער קרייז־געריכט און ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט דורך שיסן. די עקזעקוציע איז דורכגעפירט געוואָרן פּונקט יום־כיפּור.

די צוריקגעקומענע פּוילישע מאַכט האָט באַשטימט אַלס מיליטערישן קאָמענדאַנט פון שטעטל איינעם מיטן נאָמען ניעדזוויעדזקי. ער האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ אמתן וואַלד־גזלן, מיט גרויסע וואָנצעס און אַ רויטער נאָז ער האָט זיך שטענדיק אַרומגעדרייט אין באַגלייטונג פון אַ גרויסן שוואַרצן הונט, און ווען ער האָט נאָר דערזען אַ ייד, האָבן זיינע אויגן גענומען שפּראָצן מיט האַס און שנאה. ער האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויפן גאַנצן שטעטל יידן, געמאַכט בלבולים, געדריקט, געפּרעסט געלט.

גערענק איך איינמאָל אַזאַ בילד:

אינמיטן מאַרק איז געשטאַנען אַנטקעגן קאָמענדאַנט מיטן הונט ר׳ ירחמיאל כהן, דער אייזן־קרעמער. איך ווייס נישט גענוי, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן און וועגן וואָס — אָבער ביידע האָבן געשריען.

„איך וועל טאָן, וואָס מיר געפעלט, נישט פרעגנדיק ביי קיינעם!“ — האָט דער קאָמענדאַנט געוואַלדעוועט.

„ניין!“ — האָט אים ר׳ ירחמיאל געענטפערט אין אַן ענלעך הויכן טאָן — „דו ביסט נישט דער גאַנצער באַלעבאָס פון שטעטל, ביסט נאָר אַ צייטווייליק־באַשטימטער... איך בין אַ ראַטמאַן, אַ געוויילטער, ווען מיר וועלן וועסטו

אין משך פון צען טעג מער נישט זיין אין לאָשיץ... דיין טעראָר לגבי דער יידישער באַפעלקערונג מוז אויפהערן!..״

דער שונא־ישראל האָט, פאַרשטייט זיך, אויפן אָרט גאָרנישט נאָכגעגעבן און אַוועק אַן אויפגעקאָכטער, בילענדיק ווי זיין הונט. אָבער די מוטיקע שטעלונג פון יידישן שליח־ציבור האָט געהאַט די געהעריקע ווירקונג, — דער ווילקיר פונעם קאָמענדאַנט איז קלענער געוואָרן.

אַזאַ ייד איז געווען ירחמיאל אייזן־קרעמער. אין דער דאָזיקער אָנגעשטרענג־טער צייט איז זיין עפנטלעכער אַרויסטריט, אינמיטן מאַרק, קעגן אַלמעכטיקן קאָמענדאַנט, געווען ממש — סכנת־נפשות. ווען מען איז צו און אים געפרעגט: „ר׳ ירחמיאל, סטייטש?..״ האָט ער גאָרנישט מעשה־כהן, נאָר רואיק געענטפערט: „עמעצער האָט אים דאָך געמוזט זאָגן, אַז מיר וועלן זיך נישט לאָזן טרעטן מיט די פיס...״ ער האָט אויסגעגלייכט זיין הויכע, שלאַנקע פיגור, אַ גלעט געטאָן זיין צעצווייגטע געלבלעכע באָרד און אַוועק אין חסידים־שטיבל לערנען אַ בלאַט גמרא, זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, אָדער גאָר אין דער שטיל אָכבענטשן „גומל״, נאָך אַזאַ צוזאַמענשטויס.

אַ פרומער ייד געווען, אַ פאַרברענטער חסיד און אַ למדן. אַן ערלכער סוחר, וואָס האָט אָבער געקאָנט אויף גאַנצע טעג אַוועק פון געשעפט, צוליב אַ צדקה־ענין, אָדער אַנדערע קהלישע ענינים.

ירחמיאל כהן איז געווען דעם „ציטעריקנס״ אַן איידעם, דער מאַן פון זיין טאָכטער סערל. ער איז געשטאָרבן יונגערהייט, באַוויינט אויפריכטיק דורכן גאַנצן שטעטל.

סערל, אַ נידעריקע ענערגישע פרוי, איז געבליבן אַן אלמנה, מיט זעקס זין. זי האָט געפירט דאָס אייזן־געשעפט, געהאָלפן דורך די עלטערע זין, און דערצויגן די יינגערע. זי האָט זיך שנעל דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס ערלעכע און גוטע סוחרטע און גלייכצייטיק אַלס מוטער, וואָס פירט אַ מוסטערהאַפטע יידישע שטוב.

בנימין זילבערשטיין

## דער ערשטער יידישער גימנאַזיסט אין לאָשיץ

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דווקא ביי מיין טאַטן, ר׳ ירחמיאל כהן, דעם אומבויגזאַמען חסיד און פאַנאַטיש־פרומען ייד, איז אַ זון געוואָרן דער ערשטער יידישער גימנאַזיסט פון לאָשיץ. און מיין פאָטער איז נישט בלויז אויף דעם איינגעגאַנגען, נאָר ער האָט אים אויך מיטגעהאָלפן צו דערווערבן די וועלטלעכע בילדונג. אָבער נישט אַזוי פשוט און לייכט איז מיין ברודער וועלוול אָנגעקומען דער וועג אין דער וואַרשעווער גימנאַזיע אריין.

בעת דער דייטשער אָקופּציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אין לאָשיץ

געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע שול, אין וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבן לערנען אויך מיין ברודער וועלוול. די יידישע לערערין פון דער דאָזיקער שול איז איינמאָל געקומען צו מיין פאָטער און אים דערקלערט, אַז וועלוול האָט גרויסע פעיקייטן צום לערנען און מען דאַרף אים דורכויס אריינגעבן אין אַ מיטל־שול. אין אָנהויב האָט מיין פאָטער, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט הערן דערפון. אָבער די לערערין איז נישט אָפּגעשטאַנען, געקומען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און אירע רייד האָבן סוף־כל־סוף גענומען ווירקן.



אַלע ברידער כהן, אין לאַשיץ. וועלוול, שטייט דער ערשטער, לינקס; ווייטער — זילע, יידל; די ערשטע ריי, פון לינקס: פישל, אליהו, משה

אין פּלאָנסק איז געווען אַ פאָרגעשריטענער מלמד, גימפּל, אַ זון פון לאָשיצער האָלץ־מעקלער בורנעם, וועלכער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים העברעיש און אויך וועלטלעכע לימודים. פּלאָנסק איז דאַן, אין 1917, געווען אין אַנדערן מיליטער־ראַיאָן און די דייטשן האָבן נישט געגעבן קיין דערלויבענישן צו פאָרן אהין פון לאָשיץ. מיין פאָטער האָט פשוט מיט סכנות־נפשות אין געהיים אַוועקגעפירט וועלוולען קיין פּלאָנסק. בקרוב האָט וועלוול געשריבן אַ שיינעם העברעישן בריוו און דער פאָטער האָט געשעפּט נחת. שפּעטער האָט מיין פאָטער אַראָפּגעבראַכט דעם זעלבן גימפּל קיין לאָשיץ און אים איינגעאָרדנט ביי אונדז אין שטוב אַזאַ „חדר מתוקן", ווו מיין ברודער וועלוול האָט געלערנט צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע ייִנגלעך.

אין 1919, שוין אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, איז וועלוול אָנגעקומען אין דער פּויליש־יידישער „פּינקעל"־גימנאַזיע אין וואַרשע, וועלכע ער האָט אויסגעצייכנט פאַרענדיקט. זיין „מאַטורע" איז געווען די ערשטע גימנאַזיע־מאַטורע אין יידישן לאָשיץ.

שפּעטער האָט מיין ברודער וועלוול געענדיקט אין ביעלסק־־פּאָדלאַסקי אַ לערער־סעמינאר און געוואָרן לערער אין דער לאָשיצער „פּאָווסשעכנע"־שול. ער איז פאַרבליבן אויף דעם פּאָסטן ביזן סוף שול־יאָר 1932/33, ווען ער האָט פארלאָזט לאָשיץ, זיך באַזעצט אין וואַרשע און גענומען שטודירן אויפן אוניווערסיטעט. נאָך דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פּוילן, איז ער מיט זיין משפחה צוריקגעקומען קיין לאָשיץ, ווו ער איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאמען מיט אונדזער גאנצער קהילה.

פ י ש ל  כ ה ן

## מיין פאטער דב־בעריש לאַנדוי

מיין פאָטער איז געבוירן געוואָרן אין שעדלעץ, אָבער זיין גאַנץ זעלבשטענדיק און טעטיק לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין לאָשיץ. ער האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע לאָשיצער יידן און אומגעקומען אין טרעבלינקע.

מיין פאָטער, בעריש לאַנדוי, האָט געשטאַמט פון אַ רבנישער פאַמיליע. ער איז געווען אַן אייניקל פון ביאלער רבין, ר׳ בעריש לאַנדוי און אוראייניקל פון ר׳ אברהמלע טשעכאַנאָווער.

זייענדיק שטאַרק רעליגיעז, אַן אויפריכטיקער חסיד, איז מיין פאָטער גלייכצייטיק געווען אַ גרויסער משכיל און פאַרגעשריטענער מענטש, — אַן אמתע האַרמאָניע צווישן תורה און השכלה.

נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, ביים אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פוילן, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס יידישער „לאַווניק״ אין מאַגיסטראַט פון לאָשיץ און ער האָט דעם אַמט פאַרנומען אַ לענגערע צייט. שפּעטער איז ער געווען אַ מיטגליד פון שטאָט־ראַט און לאַנגיאָריקער דאָזאָר אין דער יידישער קהילה. אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט איז ער געווען צווישן די גרינדער און אָנפירער פון צוויי בענק, „לודאָווי״ און „קופּיעצקי״.


דב־בעריש לאנדוי

מיין פאָטער איז זיינע גאַנצע יאָרן געווען אַ הייסער ציוניסט און מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט אַלע ציוניסטישע קרנות.

כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקער פאַל:

אין אָנהויב פון די 20־ער יאָרן, ווען ס׳איז צום ערשטן מאָל אין באַפרייטן פוילן, געקומען קיין לאָשיץ מיט אַן אָפיציעלן באַזוך דער קאַטוילישער בישאָף פון דער געגנט, איז מיין פאָטער, צוזאַמען מיטן רב אַרויס אים באַגריסן אין נאָמען פון דער יידישער באַפעלקערונג. דערלאַנגענדיק דעם בישאָף די טראַדיציאָנעלע ברויט מיט זאַלץ, האָט מיין פאָטער געהאַלטן אַ קורצע באַגריסונג־רעדע. שפּעטער האָט דער פּרעלאַט איינגעלאַדן מיין פאָטער אויף אַ פּריוואַטן געשפּרעך און זיי האָבן געשמועסט אַ לאַנגע צייט.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער זעלבער בישאָף אָנטיילגענומען אין דער פייערלעכער דערעפענונג פון העברעישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. אין זיין רעדע דערמאָנט האָט ער, צווישן אַנדערן געזאָגט: „איך האָב קענענגעלערנט אין קליינעם שטעטל לאָשיץ אַ ייד מיטן נאָמען בעריש לאַנדוי... אַ פּשוטער

מענטש... ווען צווישן די זין פון יידישן פאָלק געפינען זיך אַ סך אַזעלכע מענטשן — מוז מען דאָס פאָלק אַכטן און זיין זיכער אין זיין צוקונפט...״

שמואל לאנדוי

## אונדזער ברודער שלום־יצחק ווּרובעל

שלום־יצחק איז געווען דער עלטסטער פון די 11 קינדער, וועלכע אונדזערע עלטערן, אברהם און מלכה ווּרובעל, האָבן געהאַט. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1898, אין סארנאק, אָבער אונדזערע עלטערן האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין לאָשיץ, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד, אַזוי, אַז ער איז אויפגעוואַקסן געוואָרן אין לאָשיץ. ער איז געווען דער איינציקער פון אונדז, וואָס האָט געצויגן אין בית־מדרש אַריין צו לערנען. די עלטערן זענען דאַן געווען אין שלעכטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, דאַרפנדיק אויסהאַלטן אַ גרויסע משפחה, און אים נישט געקאָנט העלפן. אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן, ער איז באַשטאַנען צו „עסן טעג״ און צו שלאָפן אויף דער האַרטער באַנק פון בית־מדרש, אַבי צו קאָנען לערנען. אזוי איז ער אָנגעקומען אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, ווו ער האָט, נאָך עטלעכע שווערע „מתמיד״־יאָרן, באַקומען סמיכה אויף רבנות.



שלום־יצחק ווּרובעל

ער איז אַהיימגעקומען קיין לאָשיץ אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען פרום, אָבער נישט פאַנאַטיש. געהאַט אויך פיל וועלט־לעך וויסן און געווען אייראָפּעיש גע־קליידט. אונדזער זיידע, ר׳ משה־אפרים, האָט זיך פאַרקלאָגט פאַר ר׳ יוזפא, דעם לאָשיצער רב, אויף די מאָדערנע דרכים פון זיין אייניקל. נאָך אַ לאַנגן געשפרעך מיט שלום־יצחקן, האָט ר׳ יוזפא געזאָגט צו אונדזער זיידן: „אל תסתכל בקנקן, אלא במה שיש בו... זאָלסט נישט קוקן אויף זיין קאַפּעלוש, נאָר צו אים אין קאָפּ און אין האַרצן אַריין... מעגסט זיין שטאָלץ מיטן דאָזיקן אייניקל דיינעם...״

ער האָט יעדן מיטגעפילט און פאַרשטאַנען. פאַר אונדז, יינגערע קינדער, איז ער געווען נישט בלויז אַ ברודער, נאָר אויך אַ פריינט.

אין יאָר 1920 איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין ליווערפּול, האָט פֿאַרלאָזט אונדזער שטעטל און עמיגרירט קיין ענגלאַנד. נאָך אייניקע יאָר האָט ער אויפגעגעבן דאָס רבנות און זיך גענומען צום מסחר. אין אַ קורצער צייט איז ער געוואָרן איינער פֿון די אָנגעזעענסטע סוחרים אין ליווערפּול. ער האָט, אָבער, דערביי נישט פֿאַרגעסן און נישט פֿאַרלאָזט דאָס גייסטיקע לעבן. ער איז געווען פֿון די אָנגעזעענסטע טוער אין דער קהילה, פֿיל געהאָלפֿן אין דער ציוניסטישער אַרבעט, און גלייכצייטיק געגרינדעט און געשטיצט ישיבות און תלמוד־תורהס. אַ ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט האָט ער געשענקט דעם ייִדישן מושב־זקנים, וווּ די אַלטע לייט באַוויינען אין אים אַ פֿריינט, אַ שליח־ציבור און אַ פֿאַרזאָרגער.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, איז ער געווען איינער פֿון די אָנפֿירער פֿונעם עקאָנאָמישן באָיקאָט אויף דייטשלאַנד. ער האָט דאַן גענומען צו זיך אַ ייִדיש פּליטים־קינד פֿון דייטשלאַנד, עס דערצויגן און דערנאָך חתונה געמאַכט, ווי אַן אייגן קינד.

ער האָט נאָך באַוויזן, ערב דער מלחמה, אַראָפּצונעמען צו זיך פֿון לאָשיץ אַ שוועסטער און די מוטער, און מיט ווייטיק באַקלאָגט די רעשט פֿון דער משפּחה, וועלכע ער האָט נישט באַוויזן צו ראַטעווען פֿון די נעגל פֿון די נאַצי־מערדער.

נאָענט צום האַרץ איז אים געווען דער גורל פֿון זיינע לאָשיצער לאַנדסלייט. פֿאַרברענגענדיק פּסח 1957 צווישן לאַנדסלייט אין פֿאַריז, האָט ער געוואָרפֿן דעם געדאַנק צו שאַפֿן אַ ליי־קאַסע פֿאַר די לאַנדסלייט אין ישראל. אַ האַלב יאָר שפּעטער האָט ער אין תּל־אָביב געגעבן די ערשטע גרעסערע סומע אויף דעם צוועק און מיט דעם געגרינדעט די גמילת־חסד־קאַסע ביים פֿאַרבאַנד פֿון די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ישראל. די דאָזיקע קאַסע האָט נאָך זיין טויט באַקומען זיין נאָמען, מיט וואָס די לאַנדסלייט האָבן באַערט און פֿאַראייביקט זיין אָנדענק.

גלייך נאָכן שאַפֿן די ייִדישע מדינה, האָט ער פֿאַרווירקלעכט זיין אַלטן טרוים און אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט אין ישראל אינוועסטירט פֿיל טויזנטער פֿונט־שטערלינג, אָבער מאַטעריעל נישט מצליח געווען אין לאַנד. דאָס האָט נישט געענדערט זיין באַציִאונג און מיינונג וועגן ציון.

זיין אייניציקע טאָכטער האָט חתונה געהאַט אין ישראל, מיט אַ געבוירענעם אין לאַנד. זיין שטרעבונג איז געווען — צו בלייבן שטענדיק אין ישראל.

דעם 5־טן פֿעברואַר 1959 איז ער מיט זיין ברודער געפֿאָרן פֿון ליווערפּול קיין לאָנדאָן זיך צו זען מיטן פֿאָרשטייער פֿון דער סוכנות, כּדי צו אָרגאַניזירן זיין ענדגילטיקע עליה און דאָס סטאַבילע באַזעצן זיך אין ישראל. ער האָט אַלץ דערליידיקט און אַ מאָנאַט שפּעטער האָט ער געדאַרפֿט זיין צוריק אין ישראל, אין זיין היים אין ראשון־לציון, — דאָסמאָל שוין אויף סטאַביל, אויף שטענדיק. ווען מיר זענען צוריקגעפֿאָרן פֿון לאָנדאָן איז ער, אין צוג, געווען פֿריילעך און מונטער — גליקלעך, וואָס ער ווערט אַ ישראל־בירגער.

אָבער דאָס איז אים נישט באַשערט געווען. פאַרן אָנקומען קיין ליווערפּול, האָט ער אין צוג פלוצלינג באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און איז אין צוויי טעג אַרום געשטאָרבן.

האַרי וורובעל און טעמע וורובעל־פישער

## הרב שלום־יצחק ורובל

זוכר אני את ר׳ שלום וורובל מימי נעוריו, בהיותו תלמיד בישיבת וולוז׳ין המפורסמת, לפני מלחמת־העולם הראשונה.

„שלום לאָשיצער", כפי שקראו לו — היה אז כבן 17—18 — נתחבב על כל חבריו, ביחוד על הצעירים שבין התלמידים. הוא היה פיקח, זריז וממולח, חריף ושנון, מעורב בין הבריות ומלא חדוות־חיים. הוא גם היה אחד ה„מתמידים" בישיבה והצטיין בלימודיו. חיבה יתרה היתה נודעת לו מהנהלת הישיבה, קרוב היה ל„בית הרב" ויוצא ונכנס בביתו תכופות. זוכר אני שפעם חלה מחלה קשה וכל בני הישיבה דאגו לו והפכו את משכבו בחליו, והנהלת הישיבה לא חסה על הוצאות והזמינה רופא גדול מוילנה הסמוכה.

אחרי שנים אחדות של לימוד בשקידה, נסמך ר׳ שלום להוראה ע״י גדולי הרבנים, שהרבו מאד בשבחיו וחזו לו גדולות.

אולם ר׳ שלום וורובל לא לרבנות נוצר, כי בטבעו היה איש המסחר, ולעסקים שם פניו והצליח בזה גם בשנות המלחמה וגם לאחריהן.

כשבאתי לעיר ליברפול בשנת תרפ״ט היתה לי הפתעה נעימה לפגוש שוב את ר׳ שלום וורובל, והפעם בתור בעה״ב וסוחר גדול.

הוא בא לליברפול בשנת תרפ״ב, ושם נשא אשה ובנה ביתו. תחילה ניסה מזלו בהוראה בבי״ס עברי, גם היה משמש בקודש באחד מבתי־הכנסת. אחר־כך התחיל לעסוק במסחר והיה לסוחר מובהק. מכובד היה כת״ח, מלומד ועסקן ציבורי. ביתו היה בית ועד לחכמים. נפגשו שם רבנים, סופרים ומלומדים; לכולם הסביר פנים ומכספו פיזר למוסדות ציבוריים ולאומיים. בימי מלחמת העולם השניה עזר הרבה לפליטים, שהגיעו הנה מאירופה הכבושה, הכניסם לביתו והיו כבני משפחתו.

זיקה יתרה היתה לו למי שהיו תלמידי ישיבת וולוז׳ין בעבר. זכרונות הישיבה היו חלק ממהותו, רוחו ונפשו, ותמיד הזכירם.

גם בליברפול היה פעיל בישיבה המקומית והיה גזברה במשך שנים. כן היה המייסד של גן־ילדים עברי בעירנו.

לא רדף ר׳ שלום אחרי הכבוד. צנוע היה בהליכותיו. היה אחד מַאלה שלא רק הטיף לבנין הארץ, אלא קיים מצוה זו בגופו. מכר את נכסיו בגולה ועלה והתיישב עם משפחתו בארץ.

ר׳ שלום וורובל התעניין ביחוד בעולי עיירתו לושיץ הנמצאים בארץ. היה בין מייסדיה של קופת־מלוה לנצרכים מלושיץ ותמך בה בעין יפה.

מלא חיים ושאיפה ליצירה ובנין היה. ולדאבון לב משפחתו, ידידיו ומוקיריו קטפהו המוות וגזלהו מאתנו.

הרב זלמן ברמ״א פלוטניק

# יידל שרהקעס

אַ טיף־גלויביקער, מיט אַ גוט־מענטשלעך האַרץ איז געווען יידל ו׳וזאל, אָדער שרהקעס, ווי מ׳האָט אים גערופן. זיין „שוואַכקייט״ איז געווען — שלום־מאַכן צווישן יידן. האָבן זיך צוויי געקריגט, געהאַט אַ סכסוך, האָט ער אַלץ געטאָן, כדי צו פאַרגלייכן צווישן זיי, שלום־מאַכן. אויף דעם פלעגט ער פאַרלירן גאַנצע טעג, פאַרנאַכלעסיקן זיין אַרבעט — „ווייל וואָסער מצווה איז דען גרעסער, ווי שלום צווישן יידן?״ פלעגט ער טענהן.



אַן איינציקע פאָטאָגראַפיע פ׳ון לאָשיצער בית־עלמין: די אלמנה און דריי זין ביים קבר פון יידל שרהקעס

געווען איז ער אַ שניידער. אָבער אין „מנין״, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין דער היים, אין „בראָם״, אויפן מאַרק, האָבן געדאַוונט יידן פון פאַרשידענע שיכטן. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט גמילות־חסדים, מיט „לינת־הצדק״ און מיט אַלץ, וואָס איז נאָר געווען פאַרבונדן מיט ואהבת לרעך כמוך...

אַ פרומער ייד געווען יידל־שרהקעס. ער האָט זיך, אָבער, אונטערשיידט פון אַנדערע ענלעכע שטעטלשע יידן — מיט זיין חכמה און טאָלעראַנץ. ער האָט געהאַט פיר זין. פיר זין — פיר פאַרטייען: איינער איז געווען אַ קאָמוניסט, דער צווייטער — אַ בונדיסט, דער דריטער — אַ שומר־הצעירניק און דער פערטער — אַ רעכטער פועלי־ציוניסט. און אַלע זענען געווען פּאָליטיש טעטיק. געפירט געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, וואָס זענען אָפט געווען אין קעגנזאַץ צום טאַטנס חסידישן וועלט־באַנעם — אָבער יידל

שרהקעס האָט צוגעקוקט, מיט ווייטיק מסתם אין האַרץ, און געשוויגן, נישט געסקאַנדאַלעוועט ביז לייטישע געלעכטערס, ווי דאָס פלעגן טאָן אַנדערע בעלי־בתים. און ווען די דיסקוסיעס צווישן די זין האָבן דערגרייכט „העכערע טענער" — האָט דער טאַטע אויך צווישן זיי געוואָלט שלום־מאַכן...



אַ פאַמיליע־בילד פון לאָשיץ. יידל שרהקעס מיט זיין פרוי (זיצן); עס שטייען זייערע קינדער (פ׳ן רעכטס): דוד, מרדכי מיט זיין פרוי, מנחם. די דריי קליינע קינדער — יידל שרהקעס אייניקלעך, מרדכיס קינדער

אַ פולע האַרמאָניע האָט געהערשט צווישן די זין, ווען אַ חזן האָט ביי יידל־שרהקעס געגרייט „זיינע כלים" צו אַ יום־טובדיק דאַווענען — אַלע זין האָבן דאַן געהאָלפן זינגען און ס׳שטעטל האָט זיך געזאַמלט הינטער די פענצטער צו הערן קאָנצערט, און ס׳איז געווען וואָס צו הערן...

איצל ראק

## יאָסל חנהס און זיין זון אליעזר

מיין זיידע ר׳ יאָסל חנהס — יוסף גראָסמאַן — און מיין פאָטער אליעזר, אָדער לאָזער יאָסל־חנהס, זענען, האָט זיך געדוכט, געווען צוויי קעגנזעצלעכע וועלטן. דער זיידע איז געווען אַ ייד פון בלויז פרומקייט, פון בלויז „אַמאָל", און זיין זון — דער מענטש פון פאָרשריט, פון דער נייער צייט. אין תוך, אָבער, האָבן זיךביידע דערגענצט און דער זון האָט נאָר געצויגן די נאַטירלעכע המשך־קייט פון זיין טאַטן. נאָר ביים זון האָט זיך טראַדיציאָנעלע פרומקייט אויסגעמישט

מיט נאַציאָנאַלן פּאָרשריט און באַהויכט געוואָרן מיט וועלטלעכקייט, וועלכע ס'איז נאָר מעגלעך געווען אריינצוברענגען אין שטעטל, נישט איינרייסנדיק און נישט איבערייסנדיק מיטן פאַנאַטיזם פון יאָסל חנהס און זיינס־גלייכן.

יאָסל חנהס איז ביי זיין שניידעריי־טיש שטענדיק געווען פריילעך, אונטער־געזונגען אַ רבישן ניגון אָדער דערציילט אַ „מופת". אָבער מער ווי מיט זיין שניידעריי האָט ער זיך פאַרנומען „בצרכי ציבור באמונה". דריי אַזייגער פאַרטאָג פלעגט ער אויפשטיין, גיך „נוטל־ידיים"־זיין, אויסגלייכן אין דער פינצטער זיין שיינע באָרד און שנעל אַוועק אין שיל אריין — ער האָט דאָרט געמוזט זיין פון די סאַמע ערשטע. ער איז פיל יאָרן געווען גבאי אין שיל און געזאָרגט פאַר איר אפשר מער, ווי פאַר זיין אייגענער שטוב. יעדן פרייטיק איז ער ארומגעגאַנגען זאַמלען געלט פאַר דער שיל — דאָ אויף אַ נייעם פרוכת, דאָ אויף אַ ספר־תורה, דאָ דאַרף מען מאָלן די ווענט, פאַרשענערן דעם ארון־קודש. שבת פרי פלעגט ער ארומגיין זאַמלען חלות און ער האָט שוין געוווסט אין וועלכע שטיבער מען דאַרף זיי ארייננטראָגן — און קיין פרעמד אויג זאָל נישט זען — עס זאָל זיין איבער וואָס קידוש צו מאַכן נאָכן דאַוונען.

יאָסל חנהס איז געווען אַ שטיקל פעלדשער. ער האָט געגעבן רפואות, וועלכע ד"ר טשערווינסקי פלעגט דערנאָך באַשטעטיקן. דערביי, אָבער, פלעגט מען אים נישט איינמאָל אויפוועקן אין מיטן דער נאַכט, ער זאָל שנעל קומען „אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע", ווייל עמעצער איז „איינגעפאַלן" ר"ל. ער פלעגט זיך שנעל אָנטאָן, קומען צום קראַנקן, שעפּטשען עפּעס מיט פאַרמאַכטע אויגן, דערביי האַלטן ביים פּולס, דערנאָך אַ טאַפּ טאָן דעם קאָפּ, אַ קוועטש טאָן בייט בויך און עפּעס אָנשרייבן אין תרגום־לשון אין אַ צעטעלע, וואָס נאָר מאַטעס גאָלדוואַסער האָט אינדערפרי פאַרשטאַנען, געבנדיק עפּעס אַ רפואה. אָבער דער ייִדע האָט געגלויבט, אַז געהאָלפן האָט דאָס „אָפּשפּרעכן"...

אין די יום־טובים האָט ער געדאַוונט שחרית פאַרן עמוד. ווען ער פלעגט פאַרציען דעם „המלך" אין די ימים־נוראים, האָט די שיל אַ ציטער געטאָן. איין יאָר, אין 1935, איז ער הייזעריק געוואָרן פאַר ראש־השנה און נישט געקאָנט דאַוונען פאַרן עמוד. דאָס האָט אים שרעקלעך געערגעט. נאָך יום־טוב איז ער קראַנק געוואָרן און דאָס זעלבע יאָר געשטאָרבן.

ער איז נפטר געוואָרן ביים פּולן באַוווסטזיין. זיך געזעגנט מיט זיין פרוי, איידל. זי האָט אים געפרעגט: „יאָסל, לאָזט מיך איבער?" „מיר וועלן זיך בקרוב זעען..." — האָט ער געענטפערט מיט אַ שוואַכער שטימע, און אַכט טעג שפּעטער, גלייך נאָך „שבעה", איז אויך די באָבע געשטאָרבן.

*

מיין פאָטער, אליעזר גראָסמאַן, האָט געפירט אַ מאָדערנעם חדר, ווו מען האָט געלערנט אויך שרייבן און יידישע געשיכטע. די ימים־טובים פלעגט אין

חדר געגעבן ווערן אַ נאַציאָנאַלע באַפּאַרבונג און ל״ג בעומר פלעגן די קינדער אַוועקגעפירט ווערן אין וואַלד אריין, ווו מיין פאָטער האָט פאַר זיי גערעדט מעניני דיומא.

ווי מיין זיידע האָט געהאַלטן פאַר אַ מצווה צונויפצוזאַמלען אַמערסטן פאַר דער שיל, איז מיין טאַטנס אַמביציע געווען, אַז ביי אים זאָל די ווייס־בלויע קק״ל־פּושקע זיין די אַמערסטן אָנגעפולטע פון שטעטל.



אליעזר און פראַדל גראָסמאַן, רעכטס — דער זון הערשל, לינקס — די טאָכטער עלקע, און אַ פרעמד קינד, וואָס זיי האָבן דערצויגן

ער איז געווען אַ בריוו־שרייבער. מען איז געקומען צו אים שרייבן בריוו צו קרובים קיין אַמעריקע און מיט זיין געצירקלטן האַנטשריפט האָט ער אַזוי באַשריבן די לאַגע, אַז אַלס ענטפער זענען געקומען דאָלאַרן און מיין טאַטן האָט מען געבראַכט ברכות און באַצאָלט מיט מטבעות אין דער קק״ל־פּושקע. ער האָט אויך געשריבן חתן־כלה־בריוו און איך פלעג, אַלס קינד, צולייגן דעם אויער צו דער טיר פון אַנדערן צימער, כדי אויסצוהערן די צעבראָכענע הערצער פון אָפּגענאַרטע כלות, וואָס ווילן מיט מיין טאַטנס בריוו דערוועקן רחמים ביי די חתנים...

דער טאַטע, אַלס איבערגעגעבענער ציוניסט, איז שטאָלץ געווען מיט מיין עליה. נאָר מיין שוועסטער עלקע האָט געוויינט בעתן פּאַקן מיינע זאַכן, פאַרוואָס איך נעם זי נישט מיט. זי איז אומגעקומען, צוזאַמען מיט די עלטערן, אין



יהושע גראָסמאַן

טרעבלינקע, באַווייזנדיק מיר איבערצו־שיקן אַ לעצטן גרוס נאָך דער אויסזיד־לונג פון לאָשיץ, דורך פראַדל ראָזנבוים.

יאָסל־חנהס צווייטער זון, מיין פע־טער יהושע גראָסמאַן, איז געווען אַ משולח פון ישיבות. ער פלעגט ארומפאָרן אי־בער דער מדינה, האַלטן דרשות און זאַמלען געלט פאַר די ישיבות. אין לאָ־שיץ פלעגט ער זיין אַ זעלטענער גאַסט, אָבער ווען ער פלעגט נאָר קומען, פלעגן אים אַלע אָפּגעבן גרויס כבוד און אויפ־מערקזאַם זיך צוהערן צו זיינע רייד און עצות. אין דער משפחה פלעגט מען מיט אומגעדולד וואַרטן אויף זיינע באַזוכן. די קינדער פלעגן אים אַרומרינגלען, כדי אויסצוהערן זיינע מעשיות און משלים, וואָס ער פלעגט דערציילן מיט אַ קינ־דערישער און מאָלערישער שפּראַך און אַ שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן.

שרה גראָסמאַן־ליבערמאַן

## מאיר קראַקאָוויאַק

אונדזער פאָטער, מאיר קראַקאָוויאַק, וואָס איז געווען אַזוי אָנגעזען אין לאָשיצער קהלישן לעבן, איז גאָר געווען אַ געבוירענער אין קאָנסטאַנטין און האָט זיך באַזעצט מיט דער פאַמיליע אין לאָשיץ אין 1920. נאָך אַ קורצער צייט איז ער געוויילט געוואָרן, מצד דער יידישער באַפעלקערונג, אַלס ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט און איז געוואָרן פאַרשטייער פון די יידן אין דער אָנפירונג פון דער פוילישער פאָלקס־שול. גלייכצייטיק איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דאָזאָר אין דער יידישער קהילה, ווו ער איז שפּעטער אויך געווען פּרעזעס.

אונדזער פאָטער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט בוררות און מיט פיל חכמה און טאַקט פאַרמיטלט און אויסגעגלייכט אין פיל פאַרפּלאָנטערטע סכסוכים.

זיין הויפּט־פּרנסה איז געווען דאָס פירן די ביכער אין שטשערביצקיס מיל.

ער איז געווען אַ חסיד און באַמיט זיך צו געבן זיינע קינדער אַ טראַדיציאָ־נעלע דערציאונג. אונדזער עלטסטער ברודער, אשר, איז באַקאַנט געווען אַלס לערנער און באַליבט געווען צווישן אַלע זיינע חברים. געבוירן אין 1911, האָט ער חתונה געהאַט קיין וויסאָקאָ־ליטעווסק און איז דאָרט אומגעקומען.

מלכה און חיים קראַקאָוויאַק

## יעקב און יענטע ראָזענצווייג

ווען אונדזער מאַמע, יענטע, איז געשטאַנען צווישן די געפּייניקטע לאַשיצער אויפן שעדלעצער בית־עולם, פאַרן אומגעבראַכט ווערן, האָט זי אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אויסגערופן: „גאָטעניו, איך דאַנק דיר, וואָס דו האָסט מיר אָפּגעראַטעוועט צוויי נשמות, — מיינע קינדער בעלטשע און משה, אין ארץ־ישראל!" דאָס האָבן אונדז איי־בערגעגעבן לאַשיצער, וואָס זענען על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון יענעם מעמד, נאָכן שטיין דאָרט צוזאַמען מיט אַלע קדושים פון לאַ־שיץ.


יעקב און יענטע ראָזענצווייג

זענען מיר, אַדאַנק אונדזער עליה, די איינציקע לעבן־געבלי־בענע פון אונדזער משפחה. די על־טערן, די ליכטיקע שוועסטערלעך, איינע שענער פון דער צווייטער, — אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורכן אומענטשלעכן היטלעריזם.

אונדזערע עלטערן, יעקב און יענטע ראָזענצווייג, האָבן געפירט אַ באַשיידן לעבן, אָבער אַ בעל־הביתישע טראַדיציאָנעל־יידישע שטוב. ביידע זענען געווען פרום. דער טאַטע — אַ געטרייער מעזריטשער חסיד, וואָס האָט געהיט מצוות און געטאָן, ווען ער האָט נאָר געקאָנט, מעשים טובים, און טראָץ זיין חסידות, געווען גליקלעך מיט אונדזער עליה און אונדז באַגלייט מיט ברכות צום וייטן וועג.

בעלטשע און משה ראָזענצווייג

## אברהם שטיינמאַן

אברהם שטיינמאַן, אָדער מוליער, ווי מ'האָט אים גערופן, איז געווען איינער פון די דריי מויער־מייסטער אין לאַשיץ. די איבעריקע זענען געווען בערל מוליער און יהושע מוליער. אברהם מוליער האָט געמאַכט נאָר ספּעציעלע אַרבעטן — קאַפלאָווע אויוונס, קיכן אויף צו הייצן מיט האָלץ, מיט טאָרף, אָדער מיט קוילן. אַ האָרעפּאַשנער ייד, וואָס האָט שטענדיק געלעבט פון שווערער ערלעכער אַרבעט. דערביי איז ער, אָבער, געווען אַ תלמיד־חכם, און ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט — אריינגעכאַפּט אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא. שטענדיק שטיל און באַשיידן, האָט ער זיך ווייניק געמישט אין קהלשע ענינים.

זיין פרוי איז געווען לאה, פון דער היים גרינבערג, חיה־בערלס טאָכטער.



אברהם שטיינמאַן מיט דער פֿאַמיליע, אין לאָשיץ. צווישן די עלטערן — שלום־מענדל; עס שטייען פֿון רעכטס, די טעכטער: קיעלטשע, חנה, שרה, ליפּטשע

זײַנער אַ זון, זאבֿ, איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל מיט פֿיל יאָרן צוריק און צוויי טעכטער, חנה און ליפּטשע, האָבן זיך געראַטעוועט אין ראַטנפֿאַרבאַנד און לעבן אויך מיט זייערע פֿאַמיליעס אין ישׂראל.

## שלמה און דבורה ליבערמאַן

מײַנע עלטערן, שלמה און דבורה ליבערמאַן, זענען געווען פֿרומע מענטשן, דער טאַטע איז געווען אַ חסיד, אָבער דאָך האָבן זיי אָפֿן סימפּאַטיזירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און זי אַפֿילו געשטיצט. מײַן פֿאָטער האָט נישט בלויז אײַנגעשטימט איך זאָל עולה זײַן קיין ארץ־ישׂראל, נאָר מיר געהאָלפֿן און צוגע־רעדט דערצו גלײַך פֿון דער ערשטער מינוט, ווען איך האָב אים דערציילט וועגן מײַן באַשלוס.

מײַן פֿאָטער איז געווען אַ שטעפּער. אַלס לעדער־אַרבעטער האָט ער געמוזט געהערן צום פּראָפֿעסיאָנעלן לעדער־אַרבעטער־פֿאַריין. ער פֿלעגט קומען אין פֿאַריין אַרײַן וואָס איז געווען אָנגעפֿירט דורך די קאָמוניסטן און בונדיסטן און האָט דאָרט אָפֿט געהאַט צו טאָן מיט די אָנפֿירער צוליב זײַן פֿרומקייט און טראַדיציאָנעלער קליידונג. ער האָט, אָבער, נישט איבערגעריסן מיטן פֿאַריין די גאַנצע צײַט, וואָס ער איז געווען אַן אַרבעטער.



שלמה און דבורה ליבערמאַן מיט די קינדער. צווישן די עלטערן — גאָלדע; שטייענדיק פון רעכטס — משה, שרה, חיה

ווען מיין פאָטער האָט געהאַט אַן אייגענעם שטעפּער־וואַרשטאַט, איז ער געווען טעטיק אין פאַרבאַנד פון די בעלי־מלאכה. שבת נאָכמיטאָג פלעגט ער די בעלי־מלאכה איינלאַדן אהיים צו זיך „אויף אַ פעסל ביר״ — מען האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט אָנגעשיכורט, נאָר באַגלייט יעדע גלאָז ביר מיט פרישע זמירות און גלייך דערנאָך פלעגט ער מיך מיטנעמען אין שטיבל אריין צו „מלוה מלכה״. ער איז געווען אַ לובלינער חסיד און גלייכצייטיק א בן־בית און מקורב ביים יאַנאָווער רבין.

אברהם ליבערמאַן

## שמואלקע וואָלקער

שמואלקע וואָלקער, אָדער „ליטוואַק״, ווי מען האָט אים גערופן צוליב זיין ליטווי־שער אויסשפּראַך, איז געווען אַ חסיד און שטילער, וויניק־רעדנדיקער סוחר, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין קהל־זאַכן. זיין טאָכטער, פריידקע, האָט געהערט צו די פירער פון דער „יוגנט־פרייהייט״ אין שטעטל. דער ייִנגסטער זון, הערשל, איז אויך געווען טעטיק אין די ציוניסטישע קרייזן, האָט זיך געראַטעוועט פון די דייטשע לאַפּעס, און אומגעבראַכט געוואָרן דורך די „אָ.ק.״־באַנדיטן גלייך נאָכן קריג.

## מיין זיידע מענדל ווײַמאַן (אַדענאַווער)

מיין זיידע, מענדל ווײַמאַן, איז באַקאַנט געווען אין לאָשיץ מיטן נאָמען אדענאַווער, לויט זיין אָפּשטאַם־אָרט. ער איז געווען אַ באַשיי־דענער מענטש, אַ פרומער און גרויסער למדן. ער איז געווען אַ גערער חסיד, אַ בעל־קריאה און האַרציקער בעל־תפילה. אלע ספרי־תורה, וואָס זענען געשרי־בן געוואָרן אין לאָשיץ, זענען געשריבן געוואָרן ביי מיין זיידן.



מענדל און מינטשע ווײַמאַן

זיין שטוב איז שטענדיק פול געווען מיט חסידים, וועלכע זענען געקומען זיך שואל־עצה־זיין מיט אים, און אַלע האָבן געפאָלגט זיינע עצות. די קינ־דער און אייניקלעך האָבן גע־האַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ און שטענדיק געפאָלגט זיין מיינונג.

ער האָט זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין לאָשיצער געטאָ, אַ חודש פאַר דער גרויסער אויסזידלונג און איז געקומען צו קבר־ישראל אויפן לאָשיצער בית־עלמין.

דריי אייניקלעך זיינע לעבן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, וווּ זיי באַטייליקן זיך אין עפנטלעכן פּאָליטישן לעבן.

יצחק ראָזענבלאט

## אבי, זונדל בר „המוזג"

כך קראו לאבא שלי בלושיץ — זונדל „שענקער", המוזג. יליד ונגרוב היה (נולד בשנת 1884 בערך), והשתקע בעיירתנו לאחר נישואיו עם בת־לושיץ. בית־המרזח של הורי, בפינת הרחובות ביאלה ונוטביזנה, לא הספיק לפרנס

את המשפחה, ולכן עסק אבי גם במסחר תבואות וקמח וגם חכר, יחד עם שותפים, את טחנת־הקמח אצל דוד יגודז׳ינסקי. אבל לרוע מזלו היה יוצא, אחרי כל „ההצלחות" העסקיות — בהפסד, ותמיד עוד נשאר בעל־חוב על הכסף שלווה בריבית... אני זוכר את אבי בהתרוצצותו התדירה להשיג גמילת־חסד אצל ידידים ומכירים, שאף הם היו נצרכים כמוהו, אבל קיוו בפעם הבאה לקבל גמילת־חסד מאבי. כך קיימו את האמרה „לכו והתפרנסו זה מזה" בשינוי נוסח: לכו והלוו זה לזה... בסוף נשאר בית־המרזח המקור היחיד לפרנסת המשפחה.

למרות התנאים החומריים הקשים שבהם חיינו, השתדלו הורי להסתיר את הדלפונות מעיני הבריות והיו מקובלים בתור „בעלי־מעמד"... לכל התלאות והדאגות של חיי יום־יום מצא אבי פורקן ושכחה בחברה שלו בבית־התפילה, ה„שטיבל", של חסידי פרצ׳ב שבבית הרב ר׳ יוזפא. שם היו מתכנסים לא רק לתפילה, אלא גם לשיחה על נפלאות דרכי ה׳ ושליחו עלי אדמות, הרבי שיחיה, העושה נפלאות... ב„שטיבל" אספו גם תשלומים לצרכיו של הרבי ופמלייתו — והחסידים העניים תרמו ביד נדיבה מעל לכוחותיהם...

אך כל הדאגות וטרדות־הפרנסה של ימי החול נשכחו אצל הורי בימי חג ומועד, שבהם השתדלו לצאת מחיי הגשמיות ולשקוע לחלוטין בעניני רוח ותורה. אבי אמר, כי גם המאכלים והמטעמים שסועדים בימי שבת וחג, צריכים לספק ראשית־כל את הנשמה היתרה, הנמצאת בנו בימים אלה. ואכן השמחה היתה שורה בביתנו בימי החגים, כמו בבתים וברחובות של כל העיירה.

תודות לחינוך המסורתי, הרצוף כליון נפש לשיבת ציון, שקיבלתי מאבי — הנני נמצא בארץ ונשארתי בחיים. אבי, למרות שהיה חסיד, המריץ אותי לצאת להכשרה, כדי לזכות ולעלות ארצה. הורי קיוו שעל ידי גם הם יגיעו לארץ הקודש. אך לדאבוני, הם לא זכו לכך. אחרי עמל של שנים באתי למחוז חפצי זמן קצר לפני פרוץ המלחמה. הספקתי עוד לקבל מכתבים אחדים מאבי, שביטאו שאיפתו ותקוות־המשפחה כולה להתראות בארץ־ישראל...

אברהם בר

## דער חזן יצחק־מאיר רוזאַל

די לעצטע יאָרן איז געווען שטאָטישער חזן ר׳ יצחק־מאיר רוזאַל. אַ האַרציקער ייִד, מיט אַ פיין געפיל פאַר נגינה, כאָטש קיין שטאַרקע שטימע האָט ער נישט געהאט. ער האָט גוט איינגעאיבט א כאָר פון 8—10 משוררים און ער פלעגט די יום־טובים דאַוונען מוסף איין טאָג אין שיל און איינעם אין גרויסן בית־מדרש. ווען ער האָט געדאַוונט אין שיל, האָט ר׳ יצחק שוחט געדאַוונט מוסף אין בית־מדרש, און דעם צווייטן טאָג — פאַרקערט.

ד. ר.

## דוד יאַגאָדזשינסקי



דוד יאַגאָדזשינסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופֿן אין לאַשיץ, דוד מילנער, איז געווען אַ שאַרפֿער חסיד, אַ סוחר און כלל־טוער. פֿון דער ווינט־מיל אין דער ביאַלער גאַס איז ער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַריבער אין זיין אליין־אויסגעבויטער פּאַרע־מיל, נישט ווייט פֿון דער באָד. ביי דוד יאגאָדזשינסקי אין מיל איז אינסטאלירט געוואָרן, אין סוף פֿון די 20־ער יאָרן, די ערשטע עלעקטראָווניע אין לאַשיץ, וואָס האָט צום ערשטן מאָל באַדינט דאָס שטעטל מיט עלעקטרישער באַלייכטונג.

דוד יאַגאָדזשינסקי איז געווילט געוואָרן פֿון אַן „אומפּאַרטייאישער יידישער ליסטע", אַלס ראַטמאַן אין ערשטן שטאָט־ראַט פֿון אומאָפּהענגיקן פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דוד מילנער איז אָפֿטמאָל געווען דאָזאָר אין דער קהילה און געשטאַנען בראש פֿון פֿארשידענע געזעלשאפֿטלעכע און ווירטשאַפֿטלעכע אונטערנעמונגען אין שטעטל. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין יושרדיקן צוגאַנג צו מענטשן און געשעענישן און שטענדיק תּקיפֿותדיק פֿאַרטיידיקט זיינע מיינונגען.

שלום־יצחק וורובעל

## אברהם און מלכה וורובעל

מיין פֿאָטער אברהם וורובעל איז געווען אַן אמתער נחבא אל הכלים. אַ מענטש מיט בילדונג אויפֿן יידישן און וועלטלעכן געביט. ער איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח און בעל־צדקה און אַן ערלעכער סוחר. מיין מוטער, מלכה, איז געווען אַ קלוגע פֿרוי, מיט אַן עכט־יידיש ווייך האַרץ. ווען מיין פֿאָטער איז געשטאָרבן אין לאַשיץ, אין 1927, איז זי געבליבן אַליין מיט 9 קינדער — זעקס טעכטער: חוה, שפרה, חנה, גיטל, רחל און טעמע, און דריי זין: שלום, הערשקע און מענדל. אין 1938 האָבן מיר, דריי קינדער, זי אַריבערגענומען קיין ענגלאַנד, ווו זי האָט צוזאַמען מיט אונדז איבערגעלעבט די שרעקלעכע מלחמה. זי האָט אַן אויפֿהער געזאָרגט וועגן גורל פֿון אירע 6 קינדער מיט זייערע משפחות, וועלכע זענען פֿאַרבליבן אין פּוילן. אויף מאָרגן נאָך דער דייטשער קאַפּיטולאַציע האָט זי אָנגעשריבן צו זיי זעקס בריוו. ווען אַלע בריוו זענען צוריקגעקומען מיט צושריפֿטן, אַז „מען קאָן דעם אַדרעסאַט נישט געפֿינען", איז זי פֿון צער פּאַראַליזירט געוואָרן און דעם 3־טן פֿעברואַר 1946 געשטאָרבן.

שלום־יצחק וורובעל

## אברהם־יצחק גאָלדרינג

אברהם־יצחק גאָלדרינג, דער בעקער, איז געווען באַקאַנט מיט זיין ערלעכקייט און גרויסער פרומקייט. אַ הייסער חסיד און בעל־צדקה. ער איז געווען אַ שיינער בעל־תפילה מיט אַ האַרציקער שטימע און דאָס געלט וואָס ער פלעגט באַקומען פאַר דאַווענען ימים־נוראים, פלעגט ער צעטיילן אויף צדקה. גאַנץ לאַשיץ האָט געקענט זיינע האַרציקע סליחות־זאָגן און ער האָט געהאַט אַ חזקה צו זאָגן „זכור ברית" אין גרויסן בית־מדרש, וואָס פלעגט מיטרייסן גרויס און קליין.

שלום־יצחק וורובעל

## יצחק אָפּענהיים

יצחק אָפּענהיים איז באַקאַנט געווען אַלס יצחק, הערשל אָפּעלס איידעם. ער איז געווען אַ וואַרשעווער, דאָרט געאַרבעט און פלעגט קומען קיין לאַשיץ, צו ווייב און קינדער, נאָר אויף יום־טובים, אָבער דאָך איז ער שנעל אַריינגעוואַקסן אין שטעטל און דאָס — אַדאַנק דעם רבינס ניגון... זיינע חסידים, די לובלינער, פלעגן אומגעדולדיק וואַרטן אויף זיין קומען — ער פלעגט יעדעס מאָל ברענגען אַ נייעם ניגון און דאָס דאַווענען אין שטיבל פלעגט דורך דעם באַקומען אַ נייעם ברען. אַן איידעלער הויכער יונ־גערמאַן געווען. געהאַט אַ גרויסן רבנישן שטערן, איבערן העלן פנים, און אַ קליין בערדל. יעדע פרייע מינוט האָט ער פאַר־בראַכט איבער דער גמרא, אָבער זיין לערנען איז אויך געווען מיט עפּעס אַ ספּעציעלן מתוקהדיקן ניגון און אַלעמאָל פלעגט ער זיך, אין מיטן דרינען, פּלוצ־לינג פאַרדבקהן אין אַ תפילהדיקן געזאַנג און מיטרייסן אַרום זיך אַלע חסידים. זיין געזאַנג איז געווען פול מיט מוזיקאַלישן געפיל און קיינמאָל נישט טרויעריק נאָר שטענדיק פריילעך, ווי פול מיט בטחון — און זיין בטחון האָט זיך אַריינגעגאָסן אין חסידותדיקן שטיבל.

בנימין זילבערשטיין

## משה־גד קלערמאַן

אויך ער איז געווען אַ וואַרשעווער. יצחק־מאיר דעם חזנס איידעם. אַ מיטל־וווקסיקער, רואיקער ייד, מיט אַ קליין קיילעכדיק בערדעלע. אַ שטענדיקער קבצן, אָבער פריילעך און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. ער פלעגט חוזקן איבער זיין אייגענעם דלות און זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט, כאָטש קיין פרנסה איז ביי אים קיינמאָל נישט געווען...

בנימין זילבערשטיין

## אברהם וואַסערמאַן

דאָס לובלינער שטיבל פלעגט וואַרטן אויך אויף זיינע ניגונים. אויך ער האָט געאַרבעט אין וואַרשע און געקומען נאָר אויף יום־טוב — מיטברענגענדיק, אויב נישט קיין פרנסה פאַר דער פאַמיליע, איז אַלע נייע מאָדזשיצער ניגונים פאַרן שטיבל... געקענט האָט מען אים אַלס שמחה יאָסל־חנהס איידעם. זיין פרוי, אסתר־רבקה, האָט געהאַט אַ שפּייז־קרעמל, אָבער ביידע צוזאַמען האָבן מיט שווע־

ריקייטן מפרנס געווען די משפחה. ער האָט געפּילפּול געזונגען און געווען אַ האַרציקער בעל־תפילה. זיין מיטעלע פיגור איז ביים עמוד גאָר אויפגעוואַקסן, דער שיינער הויכער שטערן פלעגט זיך אויסגלייכן און דאָס שוואַרצע קיילעכדיקע בערדל האָט געשיינט צוזאַמען מיטן גאַנצן פנים. זיין יום־טובדיקן שחרית, אָדער מוסף פלעגט מען קומען הערן פון אַלע אַנדערע שטיבלעך און אפילו מתנגדים פון שיל. מען איז געשטאַנען ביי די פענצטער. דער אַלטער יאָסל־חנהס, דער זיידע, פלעגט זיצן און אויסהערן מיט טרערן אין די אויגן פון נחת. זיין שטימע איז געווען אַ פּערלדיקע, דאָס געזאַנג מיט געפיל און אריינפאַלנדיק אין עקסטאַז, פלעגט ער זיך, צוזאַמען מיט אַלע צעזונגענע חסידים, אַריבערטראָגן ערגעץ אין אַנדערע וועלטן, אין די עולמות העליונות.

חול־המועד, צי בין כסה לעשור, פלעגט ער, צווישן מנחה און מערב, איינחזרן מיט די חסידים די נייע מעלאָדיעס און אינמיטן כאַפּן אַ שמועס, דערציילן אַ נייע מעשה פון רבינס הויף, זאָגן אַ גמרא־



ווערטל — אָדער גאָר אַ שמועס טאָן וועגן פּאָליטיק, תכלית, צו וועגן דער לאַגע אין שטעטל.

**בנימין זילבערשטיין**

## יוסף־אהרן רוזאַל

יוסף־אהרן רוזאַל איז געווען אַ זון פון יצחק מאיר דעם חזן און זיין פרוי חיה־רבקה. אין חדר האָט ער שוין אַלעמען פאַרוווּנדערט מיט זיין שאַרפזין און אייגנאַרטיקן דרך אין לערנען. אין ישיבה איז ער געווען אַ מתמיד, לערנענדיק ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און זייענדיק ווייט פון אַלע וועלטלעכע פאַרגעניגנס.

צו 18 יאָר האָט ער חתונה געהאַט. זיין שווער, יצחק זילבערשטיין, מיין פאָטער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן איצל חוהלע־מלכהס, איז געווען גליקלעך, ווען ער האָט זוכה געווען אים צו קריגן אַלס מאַן פאַר זיין עלטסטער טאָכטער ברכה. ווי דער מנהג איז געווען האָט ער, אויסער אַ גרויסן נדן, באַקומען אַכט יאָר קעסט, כדי ווייטער צו קאָנען לערנען.

ער איז געווען אַ גרויסער בעל־רחמנות און עמעצנס אַ קרעכץ, האָט אים פּשוט פאַרשאַפט ווייטיק. מיין מוטער האָט מיר דערציילט וועגן אים דעם פאָלגנדיקן פאַקט: פרייטיק פון מרחץ, פלעגט ער שטענדיק צוריקומען אָן אַ געוויסן מלבוש, אַמאָל אַ העמד, אַמאָל אַ שאַל, אַ סוועדער, צי גאָר די קאַלאָשן. האָט זי, די שוויגער, אים סוף־כל־סוף געפרעגט: „האָסט עס פאַרגעסן, צי פאַרלוירן?" ער האָט מיט פּשטות געענטפערט: „נישט פאַרגעסן און נישט פאַרלוירן..." ער פלעגט אַוועקגעבן אָרעמעלייט, וואָס זענען געקומען אין מקוה אַריין און נישט געווען ווי געהעריק אָנגעטאָן. ענלעך איז געווען זיין פירונג אויף אַלע געביטן אין לעבן.

יוסף־אהרן פלעגט שבת קיינמאָל נישט עסן אָן קיין אורח ביים טיש. און דעם אורח באַדינט, אָפּגעגעבן כבוד, טאָקע ווי די תורה האָט געהייסן.

**בנימין זילבערשטיין**

## וועלוול שמש

ווען מען דערמאָנט דעם גרויסן בית־המדרש, דערמאָנט זיך גלייך יעדער לאַשיצער אין וועלוול שמש. אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער ייד, וואָס האָט מיט זיין געשריי געוואָרפן אַ פּחד נישט נאָר אויף די ווייסע־חברהניקעס הינטערן אויוון פון בית־מדרש, נאָר אויפן גאַנצן שטעטל. זיין וועקן צו סליחות, צי דאָס רופן פרייטיק־פאַרנאַכט „אין שיל אריין", האָט שטענדיק אָפּגעקלונגען איבערן מאַרק און אַלע געסלעך. ווען ער פלעגט אַ פּאַטש טאָן אין בעלעמער און א הילך טאָן: „שאַ!" — איז שטיל געוואָרן. די קונדסים זענען געבליבן שטיין פאַרגליווערט אויף די ערטער, ווייל אַן איינגעוויקלטער אין טלית, איז וועלוול אַראָפּ פון בעלעמער און — וויי צו דעם, וועלכן ער האָט אָנגעכאַפּט פאַר אן אויער...

דוד רוזאַל

## ישראלקע „פלוי" און דער אַלטער חזן

פון מיין גאָר פריער קינדהייט האָט זיך מיר אַמערסטן איינגעקריצט אין זכרון דאָס ימים־נוראימדיקע דאַווענען פון אונדזער אַלטן ליטווישן חזן מיט זיינע אַכט משוררים. איך געדענק דעם חזן אַלס גאָר אַלטן מאַן, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. ער פלעגט דאַווענען כל־נדרי אין גרויסן בית־המדרש, וווהין מיין טאַטע פלעגט מיך מיטנעמען. אַזוי ווי מיין טאַטע פלעגט זיצן אויף דער מזרח־וואַנט, האָב איך, שטייענדיק לעבן אים אויף דער באַנק, געקאָנט זען דעם גאַנצן בית־מדרש מיטן עולם.

אין די ימים־נוראים, וואָס איך געדענק, איז געווען דער ייִנגסטער אין חזנס כאָר — ישראלקע, מיטן צונאָמען „פלוי", אַ ברודער פון שניידער שלמה חיה־יהושעס. ער האָט געהאַט אַ קלינגנדיקע אַלט־שטימע. ער האָט געזונגען „סאָלאָ", איינער אַליין, דעם „ועל כולם", בעת דער גאַנצער עולם, צוזאַמען מיטן חזן און די איבעריקע משוררים, זענען געבליבן אין אַ הייליקער שטילקייט.

דער עלטסטער משורר, מיט אַ באַס שטימע, איז דעמלט געווען הערשל יאַנקל־דעם־רופאס.

צו הערן דעם אַלטן חזנס כל־נדרי איז אויך געקומען אין בית־מדרש אריין די פּוילישע אינטעליגענץ פון שטעטל און זי האָט מיט יראת־הכבוד אויפמערקזאַם אויסגעהערט די תפילות. און מיך, אַלס קינד, האָבן אַמערסטן געוווּנדערט אָט־די׳ „גויים אין בית־מדרש"...

דעם נאָמען פון אַלטן חזן געדענק איך נישט, עס קלינגט מיר אָבער אין די אויערן זיין ליטווישע אויסשפּראַך פון די תפילות. דער דאָזיקער חזן, האָט מען דערציילט, איז געווען אַ גרויסער מוזיק־קענער און זיך אינטערעסירט מיט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו חזנות און מוזיק. מיט זיינע אַכט משוררים פלעגט ער חדשים־לאַנג איינשטודירן די תפילות. פלעגט איינער פון זיי, חלילה, געבן אַ פאַלשן טאָן בעתן דאַווענען, פלעגט ער פון ישראלקען גלייך אויפן אָרט באַקומען הינטנאַרום אַ קנופּ, וואָס פלעגט אים שוין דערמאָנען דעם ריכטיקן טאָן... דער חזן פלעגט אַליין קאָמפּאָנירן „שטיקלעך" צו די תפילות, וואָס פלעגן דערנאָך געזונגען ווערן אין לאָשיץ דורך קליין און גרויס. ווען מען פלעגט דורכגיין דורך די וואַרשטאַטן פון די געגריוועטע שוסטערס, פלעגט מען הערן ווי זיי באַגלייטן דאָס קלאַפּן פון די העמערלעך מיטן אַלטן חזנס מעלאָדיעס.

איצל ראַק

## ר׳ מרדכילעס אייניקל

ווען איך בין געווען אַ חדר־יינגל, איז געווען רב אין לאָשיץ ר׳ מרדכילע. אַלע האָבן דעם דאָזיקן רב געשעצט און ליב געהאַט. ער איז נישט געווען קיין פאַנאַטיקער און זיך דערנענטערט צו די פשוטע פאָלקס־מענטשן. מען האָט זיך איבערגעגעבן פון אויער צו אויער, אַז דער רב ליי׳ענט אין געהיים די „הצפירה״. זיין „רעכטע האַנט״ און הויפּט־בעל־יועץ איז געווען יאָסל־חנהס און יאָסל־חנהס זון, לאָזער, איז באַקאַנט געווען אַלס דעם רבס בעסטער תלמיד.

ביי מיר האָט זיך איינגעקריצט ביז היינט איז זכרון דעם רבס בילד־שיין אייניקל יאָכע, אַ יונג מיידעלע, אָן וועלכער ר׳ מרדכילע האָט זיך בכלל נישט גערירט. ווען דער שמש פלעגט אינדערפרי פירן דעם רב אין בית־מדרש אַריין, איז דאָס אייניקל געגאַנגען ביי זיין זייט. אפילו שמחת־תּורה, ווען מען האָט דעם רב געפירט מיט ברענענדיקע שטורקאַרצן דורך דער שטאָט צו די הקפות, איז דאָס קליינע מיידעלע געווען לעבן אים. בעתן דאַוונען פלעגט זי זיצן אויף דער מזרח־וואַנט לעבן איר זיידן און פאַרשיינט דעם בית־מדרש מיט איר שיינקייט. מיר, די קליינע חדר־יינגלעך, האָבן געקוקט אויף איר פשוט מיט פאַרגעטערונג און זענען אַלע געווען אין איר קינדעריש־פאַרליבט. ווען ר׳ מרדכילע איז נפטר געוואָרן, איז יאָכע אַוועקגעפאָרן צו אירע עלטערן און מער האָב איך וועגן איר נישט געהערט, — אָבער אין חדר, שטיל, דער רבי זאָל נישט הערן, האָבן מיר נאָך לאַנג זיך דערציילט וווּנדער־מעשיות וועגן יאָכעלען דעם רבס, איר שיינקייט און מעלות־טובות...

א י צ ל   ר א ק

## „אהרון רופא״

הרבה משעות הקיץ הלוהטות היה ר׳ אהרון רופא מבלה בישיבה על מדרגות המספרה שלו, מתבונן בסקרנות בכל עובר־ושב, תוך שהוא משמיע הוראות לבנו, איצ׳ה, שעבד במספרה.

ר׳ אהרון היה בעל קומה בינונית, עור פניו כהה, עטור זקנקן בעל זיפים קשים שהשיבה זרקה בהם. לראשו כובע „וליסופד״, לבוש חליפה בהירה ונעלי לבד על רגליו.

הוא היה ה„רופא״ בעיירה ומכשיריו כללו: ארגז לכוסות רוח וחוקן. ידע בעל־פה רשימה שלמה של כל מיני רפואות וכן מיני תה עם „וורניה״, אשר היה ממליץ עליהם בכל הזדמנות, כתרופה לכל מחלה...

בימי יריד היו ידי ר׳ אהרון עמוסות עבודה. אז היתה המספרה מתמלאת כפריים וביניהם גם „פריצים״ ובעלי אחוזות עשירים, שהגיעו במרכבות ובלווית משרתים; לפניהם היה ר׳ אהרון מחווה קידה ומקבלם בכל גינוני הנימוס שבאוצר לשונו ואף מטפל בהם מחוץ לתור. באותם ימים היו הלקוחות היהודיים מתבקשים לדחות את ביקורם למחר.

הכפריים היו נכנסים עמוסים חבילות ומלבושי־חורף וממלאים את כל פינות המספרה, המטבח ושני חדרי־המגורים שמאחוריהם. הם באו להרכיב כוסות רוח, לעקור שיניים כואבות וכד׳, ביניהם היו גם חולים ממש עם חום גבוה. מרביתם היו באים בלווית בני משפחה וידידים.

את הלקוחות שסבלו מכאב־שיניים היה ר׳ אהרון מושיב בצד, מוציא מהארון צבת מיוחדת ומתחיל, בלי הכנות, לתפוש בשן הכואבת. התרופה היחידה — עקירה... צעקות „אי ישו!...״ זעזעו את חלל החדר, אך השן כבר היתה בידיו של ר׳ אהרון...

בכל מקרי מיחושי בטן, היה ר׳ אהרון רגיל להפעיל את החוקן, תמיד, בלי יוצא־מן־הכלל. ואחרי ככלות הכל לא

שכח להזכיר לחולה, שכעת כבר מותר לו לשתות חצי ליטר ספירט...

את התמורה היה מקבל בכסף או בשווה־כסף, על פי רוב תוצרת חקלאית.

בערבי שבתות וחגים היה ר׳ אהרון מתרחץ בבית־המרחץ, לובש בגדי חג ואָץ לבית־המדרש לקבלת שבת. עם זאת הוא לא שם־לב לכך, שאיצ׳ה בנו מוסיף לעבוד במספרה, זמן רב אחר צאת הכוכבים ביום ששי... כביכול, לא ראה מאומה...

אריה שפיאלטער

## דער גאָלדשמיד

שלמה ראָזען, דער גאָלדשמיד, האָט געוווינט ביי הערש־יידלען. געווען שטענדיק אַן „אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס", אָבער זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט, ערלעך און שווער געאַרבעט ביי זיין פאַך און געטריי געדינט גאָט. ער איז אויך געווען אָנגענומען אַלס „אַ שטיקל רופא". געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַנאַטיש געגלויבט אין זיין „מעדיציניש וויסן". ער האָט געשטעלט באַנקעס, „פאַרשריבן פּראָשקעס", ספּעציעל פאַר קינדער. ער האָט, אָבער, קיינמאָל נישט געוואָלט נעמען באַצאָלט פאַר זיין טירחה אויפן דאָזיקן געביט — געהאַלטן דאָס פאַר אַ מצוה.

דוד רוזאַל

## יאָקל פּויקער

אַ קליין, פּעסט־געבויט יידל, מיט אַ כינעזיש פּנים. זיין פּויק איז געווען כמעט אַזוי גרויס ווי ער אַליין. ער האָט גע־האַט צוויי זין, פידלער — איז דאָס געווען אַ גאַנצע משפּחה־קאַפּעליע, וואָס מען האָט גערופן „יאָקל מיט די קלעזמער". אויף אָרעמע חתונות האָט מען זיך באַג־נוגנט מיט יאָקלס היימישער „קאַפּעליע"; אויף רייכערע חתונות פלעגט מען אַראָפּ־ברענגען קלעזמער פון סעמיאַטיטש, אָדער פון שעדלעץ — מיט אייזיקל בדחן, פון שעדלעץ, וואָס פלעגט „באַזאָגן" אַלע לאָשיצער חתן־כלהס — אָבער יאָקל האָט ביי אַלע געמוזט צופּויקן, דאָס איז געווען זיין חזקה. און ער האָט דערביי אַזוי געפּויקט, אַז מען זאָל אים הערן מער ווי אַלע קלעזמער... דערביי איז ער געווען אַ שטילער מענטש און קיין גביר — פאַרשטייט זיך, קיינמאָל נישט...

דוד רוזאַל

## וועלוול שניידער

וועלוועל שניידער האָט געהאַט דעם צו־נאָמען „פאַרך" — פאַרוואָס ווייס איך נישט, און מסתם קיינער נישט, ווייל קיין פאַרך האָט ער נישט געהאַט... ער איז געווען פון די בעסטע מענער־שניידער נישט בלויז אין לאָשיץ, נאָר אין דער גאַנצער געגנט. אַ פעדאַנטישער בעל־מלאכה. טאָמער פלעגט ער אין גאַס דערזען אַ קליענט מיט זיינעם אַן אַנצוג אויף זיך און באַמערקן עפּעס אַ פעלער — פלעגט ער אים גלייך מיטנעמען מיט זיך און נעמען פאַריכטן. אָבער, כדי וועלוועל זאָל אויפנייען אַן אַנצוג האָט מען געמוזט וואַרטן אַ יאָר. נאָר צו אַ חתונה, אָדער אַ ברית פלעגט ער אויפנייען שנעלער און דאָס אָפט אויך — אַן וועסטל; אויף דעם האָט מען שוין גע־מוזט וואַרטן אַ האַלב יאָר אין דער ריי...

ער האָט געהאַט זיין וואַרשטאַט און געוווינט ביי גדליהו זמאָרע, אין אָנהויב מעזריטשער גאַס.

דוד רוזאל

## אברהם וואָדע דער שניידער

דער טאַנדעט־שניידער אברהם וואָדע האָט געוווינט „אויפן גאָרן״, אויפן צווייטן שטאָק איבער גרשונס שענק, ראָג ביאַלער גאַס און מאַרק. ער איז געווען אַ שנעלער, רירעוודיקער בעל־מלאכה. אַרומגעגאַנגען וועגן אים פיל וויצן. צווישן אַנדערע: אַ פויער האָט ביי אים באַשטעלט אַ פאָר הויזן, האָט ער אים גענומען אַ מאָס און געהייסן אַראָפגיין צו גרשונען אין שענק אריין, אויסטרינקען אַ גלעזל משקה און צוריקומען נעמען די הויזן. אָבער איידער דער פויער איז אריין אין שענק, האָט אים אברהם שוין נאָכגעוואָרפן די פאַרטיקע הויזן דורכן פענצטער...

וויניקער געאיילט האָט זיך אברהם וואָדע ביים תהלים־זאָגן אין בית־מדרש, וווּ ער איז געווען פון די טעטיקסטע אין דער „חברת־תהלים״. און ווידער געאיילט האָט ער זיך, ווען מען האָט געדאַרפט גיין פון־טיר־צו־טיר צונויפנעמען נדבות פאַר נויטבאַדערפטיקע...

דוד רוזאַל

## דער זייגערמאַכער

נחמן קאָקאָשקא, דער זייגערמאַכער, איז געווען אַן ערלעכער שטילער ייד. שטענדיק איינגעבויגן איבער זייגערס און זייגערלעך — האָט ער פון דעם קיין פרנסה קיינמאָל נישט געהאַט. זומער האָט ער געדונגען ערגעץ אַ סעדל, כדי צו ציען חיונה. אָבער אַ גרויסן טרוים האָט ער געהאַט: דערפינדן אַ זייגער, וואָס זאָל אייביק אַליין גיין, זיך אויטאָמאַטיש אַנדרייען... ער האָט נישט געגלויבט, אַז ס׳איז אומעגלעך צו באַשאַפן אַ „פערפעטואום מאָבילע״ און ער פלעגט זאָגן — „איך וועל באַווייזן די שווייצאַרישע זייגערמאַכערס אַז מען קאָן יאָ...״ ער האָט גענומען צו הילף דעם גאָלדשמיד שלמה ראָזען —ביידע האָבן זיך יאָרן געסודעט וועגן דעם, געמאָסטן שרייפעלעך און רעדעלעך און — צוזאַמען אונטערגעהונגערט...

דוד רוזאַל

## שמואלקע שפּיאַלטער

שמואל׳קה הגיע ללושיץ לאחר שש שנות שרות בצבא הרוסי והשנים הללו הטביעו את חותמן עליו. הוא היה חדור רוח צבאית. גם מלבושיו היו תמיד מהודקים לגופו, מגפים, כובע פולני קטן וחליפה חצי־צבאית. הוא היה יליד סמיאטיץ׳, שהתחתן והשתקע בלושיץ, ורכש אמונם של תושבי העיירה בתרבותו ובנימוסיו.

כשהפרנסה לא היתה מצויה, נהג שפיאלטער להחליף את מקצועו: בעל מספרה, צלם, מעגילה, חנות לסדקית... וכי מה לא עושה יהודי למען פרנסה?... תמיד היה מחפש משהו חדש, וגם מקום חדש, כי צר לו המקום, סבל ממועקת העיירה הקטנה, בעלת האפשרויות המצומצמות — ברם, לא קל היה לעזוב את המקום לאחר שמתקשרים אליו בבית ומשפחה, — פשוט יותר היה בשבילו להחליף מדי פעם את המקצועות... תמיד היה פעיל ומלא יוזמה.

והיהודי הזה היה ונשאר כל ימיו נאמן להשקפותיו המתקדמות, וראה את פתרון עתידו ועתיד הציבור שמסביבו — בפתרון בעיות העולם. אך ככל שנמשך אחרי הקסם הגדול של ארץ־ישראל והמנהיגים הציוניים — עמד בשתי רגליו בתוך המוני בית־ישראל במקום ויחד עמם נאבק במלחמת הקיום, מבלי לחוש בשואה המתקרבת ובשריפה הגדולה שעמדה ללחוך הכל — אותו ובני משפחתו והעיירה כולה.

אריה שפיאלטער

## די ישיבה־בחורים

איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין אַ תלמיד אין דער ישיבה פון קאָנסטאַנטינער רב ר׳ יצחק־אייזיק ריזענבערג. דער ראש־ישיבה, דער שפּעטערדיקער לאָשיצער רב, איז געווען אַ גרויסער למדן און מתמיד. אָבער געלעבט אין דחקות. ער האָט נישט געהאַט קיין שום געהאַלט, נאָר קהל האָט אים דערלויבט צו נוצן די גרויסע שיל פאַר אַ ישיבה. אין דער ישיבה האָבן געלערנט אַ 50—60 בחורים, וועלכע האָבן, פאַרשטייט זיך, קיין לערע־געלט נישט געצאָלט. יהושע יאָסל־חנהס פלעגט אַרומפאָרן איבער גאַנץ פּוילן אַלס משולח און געזאַמלט נדבות פאַר דער ישיבה, פון דעם פלעגט ער אַליין לעבן און אויך דער רב ריזענבערג. די ישיבה איז אויסער דעם געווען אַן אומלעגאַלע אינסטיטוציע לגבי דער רוסישער מאַכט, וועלכע האָט זי נישט אָנערקענט אַלס לערן־אַנשטאַלט. דער משולח פלעגט פאַר די נדבות געבן קוויטירונגען פאַר — ציצות און אתרוגים...

צווישן מיינע חברים אין דער ישיבה איז געווען דעם ראש־ישיבהס זון, אַרקע ריזענ־בערג, אַ בחור אַ מושלם, אַ למדן און בעל־מידות, מיט אַ הייס יידיש האַרץ. ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט מיין קוזינקע בריינדל פאַכאַטשעווסקי. מיין צווייטער חבר איז געווען מעלע גרינבערג, אַ בחור מיט אַן עילוישן קאָפּ. פון לאָשיץ איז ער צוזאַמען מיט מיר געפאָרן לערנען אין דער וואָלאָזשינער ישיבה. שפּעטער האָט ער פאַר־נומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער ציוניסטי־שער באַוועגונג אין לאָשיץ, געווען בוכהאַל־טער און סוחר און חתונה געהאַט מיט יצחק שוחטס טאָכטער גאָלדע.

שלום־יצחק וורובעל

## יוגנטלעכע און יוגנט

כאָטש עס זענען שוין אַוועק עטלעכע־צוואַנציק יאָר זינט איך האָב פאַרלאָזט לאָשיץ, שטייט מיר כסדר פאַר די אויגן מיין ליב געבורטס־שטעטל, די גאַנצע יוגנט מיט וועלכע איך בין צוזאַמען אויפגעוואַקסן.

מיר זענען געווען אַ גרויסע גרופּע יוגנטלעכע, אַלע כמעט פון איין עלטער, וועלכע האָבן זיך יאָרנלאַנג געחברט, פאַרבראַכט צוזאַמען, געגאַנגען צוזאַמען אין דער פאָלקס־שול. צוזאַמען האָבן מיר געוועבט אונדזערע יוגנט־חלומות, רייף געוואָרן אויף אַלע געביטן, גענומען פירן צווישן זיך די ערשטע, צום אָנהויב קינדערישע, דערנאָך יוגנטלעכע ליבעס... דאָס איז געווען אַ גרופּע פון לעבנס־לוסטיקע און ענערגישע יוגנטלעכע, פאַר וועלכע דאָס קליינע שטעטל איז שנעל ענג געוואָרן און זיי האָבן געזוכט בעסערע לעבנס־באַדינגונגען אויף דער גרויסער וועלט. אַ דאַנק דעם אפשר איז, צו אונדזער פרייד, כמעט אַ העלפט פון דער גרופּע געבליבן לעבן, צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט. דריי פון זיי געפינען זיך אין ישראל: בעלטשע גאָלדבאַנד, רחל האָכמאַן און מרדכי שינקאַרזש (שנער); פיר אין דרום־אַמעריקע: אייזשע גאָלדמאַן (אַרגענטינע), לייבל דאָבזשינסקי (קאָלאָמביע), יאנקל וורובעל און משה כהן אין בראַזיל.

מיט צער און ווייטיק דערמאָנען מיר אָבער די איבעריקע, אומגעבראַכטע דורך די נאַצי־מערדער: לאה בלאַטמאַן, פעסע בלאָשטיין, רחל גאָלדשטיין,



פון רעכטס צו לינקס: שטייען — רחל גאָלדשטיין, דוד רוזאל, שרהקע ליבמאַן, אייזשע גאָלדמאַן, בעלטשע גאָלדבאַנד; זיצן — טעמע וורובעל, מאיר פּאָליאַקעוויטש, טעמע פּוטערמאַן (פון סעמיאַטיטש), לייבל שפּיגלמאַן, פּעסע בלאָשטיין



לאָשיץ 1928. פון רעכטס אויף לינקס: ערשטע שורה — אייזשע גאָלדמאַן, לאה בלאַטמאַן, משה פּלאָטניקאָוו, רחל האָכמאַן, מאַשע ווײַנמאַן; מיטלסטע שורה — נאָטע שפּיגלמאַן, חיהקע רוזאַל, בעלטשע גאָלדבאַנד, לייבל שפּיגלמאַן, שרה ליבמאַן, רחל גאָלדשטיין, יצחק קאַפּלאַן; דריטע שורה — משה כהן, מאיר פּאָליאַקעוויטש, אַ יאַנעווערין, לייבל דאָבזשינסקי, רחל וורובעל, טעמע וורובעל

מאָטל גאָרן, מאַשע וויינמאַן, מיין שוועסטער רחל וורובעל, מאיר פּאָליאַקעוויטש און לייבל שפּיגלמאַן.

*

חתונות אין שטעטל...

אַ חתונה פלעגט זיין אַ שמחה פאַרן גאַנצן שטעטל. צו דער חופה אונטערן פרייען הימל, צי טאַקע ביי דער גרויסער שיל, פלעגט גיין קליין־און־גרויס, צי מען איז יאָ אָדער נישט געווען פאַרבעטן צו דער חתונה... אַמאָל אָבער פלעגט זיך די חופה פאַרשפּעטיקן, נישט צוליב דער שמחה, נאָר ווייל די כלי־קודש האָבן געוואָלט אַ הויכן פּרייז פאַר געבן חופה־וקדושין און מען האָט זיך געדונגען מיט די מחותנים ביז אין דער ווייטער נאַכט אריין. אַזעלכע פאַרשפּע־טיקטע חופּהס געדענק איך ביי די חתונות פון דאָבע ראָגאל און חיה מאַראַנצענ־בוים. מיר זענען געזעסן אויף אונדזער בריקל אין מאַרק, שיעור ביזן פרימאָרגן, וואַרטנדיק אויפן „פריילעכס" פון די קלעזמער. און דערווייל האָט חתן־כלה שיעור נישט געחלשט צוליבן תענית אין חתונה־טאָג...

סוף־כל־סוף איז געקומען דער חופּה־מאַרש. גאַנץ לאַשיץ האָט ווי אויפגע־שפּילט און זיך מיטגעפרייט.

*

עס דערמאָנען זיך נאָך אַנדערע וואָך־נעכט — ווען די רעקרוטן האָבן נישט געלאָזט שלאָפן. זיי פלעגן איבערהענגען די שילדן אין מאַרק: דעם חזירניקס שילד אויפן געוועלב פון אַ פרומען דאָזאָר. זיי פלעגן אַוועקשטעלן די טהרה־ברעטער און די מתים־מיטה ביי דער טיר פון די גבירים, וועלכע האָבן זיי נישט



יידישע רעקרוטן פון לאַשיץ צום פּוילישן מיליטער, ביי דער באַן־סטאַציע אין ניעמאַיקי, אין יאָר 1925

געוואָלט געבן דעם פּריזיוו־„שטייער". די רעקרוטן־נעכט פאַרן פּריזיוו, זענען געווען פריילעכע נעכט אין שטעטל. מיר, קינדער, פלעגן דורך די לאָדנס־שפּאַרעס נאָכקוקן ווי די רעקרוטן טראָגן מאכלים פון באַלעבאַטישע הויז־שאַפקעס, כדי צו מאַכן אַ סעודה אין בית־מדרש.

אָבער אַלץ איז געווען נאָר קונדסים־מעשים, — קיין בייז, קיין שלעכטס און קיין גרויסע שאָדנס האָבן אונדזערע לאַשיצער יידישע רעקרוטן קיינמאָל נישט פאַראורזאַכט.

טעמע וורובעל־פישער

## יאַנקל טרעטניקס „שד"

יאַנקל טרעטניק, דער באַגרעבער, האָט געוווינט אויפן „דונאַי", אין דער ביאַלער גאַס. דאָס איז געווען אַ בייזער ייד, אָן אַ שמייכל, וועלכער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעבראַכט קיין גוט וואָרט פון זיין מויל. האָבן אַמאָל „ווילדע יונגען" באַשלאָסן אים אָפּצוטאָן אַ שפּיצל — אַז דאָס שטעטל זאָל כאָטש לאַכן פון אים. האָט זיך איין ווייסער־חברהניק פאַרשטעלט פאַר אַ פרוי, מיט אַ גרויסער פאַטשיילע אויפן קאָפּ און שפּעט ביינאַכט אָנגעקלאַפּט מיט אַ געוויין ביי יאַנקל טרעטניק אין טיר. ווען יאַנקל איז אַראָפּ פון בעט האָט „זי" אים דערציילט מיט אַ געיאָמער. אַז ס׳איז ביי „איר" געשטאָרבן אַ קליין קינד און בעט אים ער זאָל גלייך קומען עס באַגראָבן. יאַנקל האָט זיך אָנגעטאָן, אָנגעצונדן די לאַמטערנע און אַרויס אין דרויסן. די וויינענדיקע „יידענע" איז געגאַנגען מיט אים ביזן „טויטן געסל" — דאָ איז זי פּלוצלינג פאַרשוווּנדן אין דער פינצטער. יאַנקל איז געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער, לייכטנדיק מיט דער לאַמטערנע אין אַלע זייטן און רופנדיק די יידענע. אויף זייער אָרט איז צוגעקומען אַ ווייסער־חברהניק: „וואָס איז געשען, ר׳ יאַנקל?..."

דערציילט דער באַגרעבער די מעשה, צוגעבנדיק: „אַ שד איז דאָס מסתם געווען, נישט קיין יידענע..."

מער האָט לאַשיץ נישט געדאַרפט. אויף מאָרגן האָט קליין־און־גרויס גערעדט וועגן שד, און געלאַכט אין די פויסטן, און יאַנקל טרעטניק האָט אין דער שטיל געפאַסט תעניתים...

איצל ראק

## אביגדור „פאַלדעשאַט" און זיין זון

אביגדור איז געווען אַ וואַסערטרעגער און משמש אין שיל. פאַלדעשאַט האָט מען אים גערופן דערפאַר, ווייל אין רוסיש האָבן ביי אים פינף קאָפּיקעס געהייסן „פאַלדעשאַט"... אָבער אַ „פאַלדעשאַט", 5 קאָפּיקעס, איז ביי אים געווען אַ פאַרמעגן און אין זיין שטוב האָט מען שטענדיק צוגעהונגערט. אין

זיין יום־טובדיקן כאַלאַטל, וואָס ער פלעגט אויך אָנטאָן צו גיין אויף די גבירישע חתונות, האָט ער' געהאַט אַ ספּעציעלע גרויסע קעשענע פון — צעראַטע. אויף די רייכע חתונות פלעגט ער אין דער קעשענע אָנגיסן פול מיט יויך — דורך צעראַטע האָט נישט שטאַרק געררונען — און ער פלעגט עס שנעל אהיימטראָגן פאַר זיינע הונגעריקע קינדער.

אביגדורס עלטסטער זון האָט געהייסן משה און איז געווען אַ וואַסערטרעגער. גערופן האָט מען אים „שנייץ", ווייל פון ווייטן פלעגט מען שטענדיק הערן זיין כסדרדיקן שנייצן די נאָז... געשנייצט מיט דער נאָז האָט ער אויך ביי זיין צווייטער באַשעפטיקונג — ביים זאָגן תהלים. ווי גיך ער פלעגט זיך באַפרייען פון די וואַסער־עמערס — איז ער געזעסן אין בית־המדרש און געזאָגט תהלים. אַ וואָרט, פלעגט מען זאָגן, איז ביי משהן אַ רענדל — ער האָט קיינמאָל צו קיינעם נישט גערעדט. שוין אַלס אַלטן בחור האָבן אים די גבאיטעס באַשלאָסן חתונה צו מאַכן. אָבער ווען ער האָט זיך נאָך דער חופּה דערזען אַליין מיט זיין וויב אין צימער, איז ער אַ דערשראָקענער אַנטלאָפן דורכן פענצטער מיט אַ געשריי... ער האָט דער פרוי געגעבן אַ גט און שוין פאַרבליבן ביזן טויט אַליין, אַ שווייגנדיקער ביי זיינע קראָמיסלעס און ביים תהלים.

איינמאָל האָט די „ווייסע חברה" באַשלאָסן צו נעמען משהן „אויפן צימבל". מען האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער איז אַ געהיימער צדיק, אַ למד־וואָווניק. איינער, פאַרשטעלט פאַר אַ פרוי, איז צו צו אים, ווען ער האָט געשעפּט וואַסער ביי יואלקע קאָוואַלס ברונעם, אָנגעהויבן וויינען און בעטן: „הייליקער צדיק, איך בין אַן עקרה... ווינטשט מיר צו אַ קינד... איך ווייס, אַז נאָר איר קאָנט מיר העלפן מיט אַ ברכה..." האָט משה אַ ברום געטאָן: „גייט שוין, גייט און גאָט וועט אייך העלפן מיט אַ בן־זכר..." די באַהאַלטענע אַרום ווייסע־חברהניקעס זענען אַרויס און אים גלייך „מכבד" געווען: „הייליקער צדיק... בן־זכר־בענטשער..." דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים גענומען נאָכלויפן און חוזק מאַכן פון אים. אַ קורצע צייט שפּעטער איז ער געשטאָרבן און מ'האָט געשמועסט, אַז — פון עגמת־נפש.

א י צ ל ר אַ ק

## יאָשע דער פּאָסט־טרעגער

יאָשע דער פּאָסט־טרעגער איז געווען אַ נידעריקער ברייט־פּלייציקער ייד. אַ פולשטענדיקער אַנאַלפאַבעט, האָט ער דאָך אין משך פון לאַנגע יאָרן צעטראָגן די בריוו אין לאָשיץ. „ער טאַפּט אָן די אַדרעסן" — פלעגט מען זיך ווויצלען. דער אמת איז געווען, אַז ער פלעגט די בריוו פון פּאָסט ברענגען צו מתתיהו גאָלדוואַסער, וועלכער פלעגט אַריינלייגן יאָשען צו אַכט בריוו צווישן די פינגער

פוןביידע הענט, איבערלייענענדיק אים די אַכט אַדרעסן. נאָכן צעטראָגן די ערשטע, פלעגט יאָשע קומען נעמען נאָך אַכט בריוו. ווען ס'איז אַנטשטאַנען דאָס אומאָפּהענגיקע פוילן, האָט מען פון יאָשען געפאָדערט אַן עקזאַמען... ער איז דאַן געוואָרן שמש אין דער גרויסער שיל, — פאַר דעם פאָסטן האָט קהל פון אים קיין עקזאַמען נישט פאַרלאַנגט...

איצל ראַק

## ישראל־יצחק דער „אַלעאַרניק״

נישט נאָר די לאָשיצער יידן מיט די דאָזיקע ווייסע בערד זענען מער נישטאָ, נאָר אפילו בילדער זייערע זענען ווייניק געבליבן. זיי האָבן זיך דאָך זעלטן גע־לאָזט פאָטאָגראַפירן, גע־האַלטן, אַז זיי קאָנען מיט דעם, חלילה, עובר זיין אויפן „לא תעשה לך פסל״...



ישראל־יצחק גרינבערג מיט צוויי אייניקלעך

ישראל־יצחק גרינבערג האָט זיך אויף דער צו־דרינגלעכער ביטע פון זיי־נע צוויי אייניקלעך, פאָטאָ־גראַפירט מיט זיי.

ישראל־יצחק גרינבערג, אָדער „אַלעאַרניק״, ווי מען האָט אים גערופן, ווייל ער האָט געהאַט אַן „אַלעאַרניע״ צו מאַכן אייל, איז געווען אַ שטי־לער פרומער ייד. האָט זיך נישט געמישט אין קהלישע ענינים, אָבער באַקאַנט גע־ווען מיט זיין פרומקייט און אָפּגעהיטנקייט אויפן סוח־רישן געביט.

ישראל־יצחק גרינבערג האָט ליב געהאַט זאָגן „ווערטלעך״, וואָס האָבן געשטאָכן די „שיינע יידן״ און פון זיי אָפּגעלאַכט.

# שבע־ביילע



שבע־ביילע מיט אַן אור־אייניקל אין „שיינדלס גאָרטן" ווו די אַלטיטשקע האָט ליב געהאַט צו זיצן



טוביה־יחיאל דאָבזשינסקי מיט זיין פרוי און זון יאָסל — שבע־ביילעס אַן איניקל און אַן אור־אייניקל

קיינער האָט נישט גע־וווּסט גענוי וויפל שבע־ביילע איז אַלט געווען. אַלע, גאַנצע דורות, דוכט זיך, האָבן געדענקט שבע־ביילען שוין אַלס אלטיטש־קע. מען האָט געוווּסט, אַז זי איז לאַנג שוין אַריבער די הונדערט יאָר און צו „מאה ועשרים" האָט קיין סך נישט געפעלט.

אַ דאַרע, אַ נידעריקע, איז זי געגאַנגען איינגע־בויגן, אָבער שטענדיק יעדן דערקענט, זיך אינטערע־סירט מיט אַלץ און אַלע־מען. ביז דער לעצטער מי־נוט געווען געאַכטעט דורכן גאַנצן שטעטל און, דער עיקר, דורך דער גרויסער פאַמיליע, קינדער, אייניק־לעך און אור־אייניקלעך.

און זי האָט דערלעבט נחת פון דריי דורות, — קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך — וועלכע זענען געווען טוער, דאָזאָ־רעס, ראַטמענער, פּאָליטי־שע פירער און געזעלשאַפט־לעכע טוער אויף אַלע גע־ביטן פון שטעטלשן לעבן.

געבליבן לעבן זענען אַ גאַנצע ריי שבע־ביילעס איי־ניקלעך, וועלכע געפינען זיך אין פאַרשידענע לענדער, דער עיקר אין קאָלאָמביע און פאַרייניקטע שטאַטן.



אַ גרופּע חברים אין לאָשיץ, אין 1922. פון רעכטס: זיצן — שמעון סמאָלאַזש, יצחק אָקסענהאָרן, מאָטל זאָנשיין; שטייען — אליהו האָפּער, חיים־אליהו זאָנשיין. געבליבן לעבן איז נאָר יצחק אָקסענהאָרן, וועלכער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל



און פון די זענען לעבן־געבליבן צוויי, שרה גראָסמאַן און אברהם ליבערמאַן, אויך אַדאַנק זייער ציוניסטישער עליה. פאָטאָגראַפירט אין לאָשיץ, אין 1933, פון רעכטס: זיצן — אסתר זילבערמאַן, חוה עלזאָן, שרה יאַגאָדזשינסקי; שטייען — מלכה מאַנדלבוים, אברהם ליבערמאַן, שרה גראָסמאַן, חוה מאַנדלבוים

## אברהם־יצחק סטאָלער

אברהם־יצחק סטאָלער, דער לאַנג־יאָריקער גבאי פונעם גרויסן בית־מדרש, איז געווען דער זאָרגער פאַר אַלע אורחים, פאַר אַלע דורכפאָרנדיקע בעטלער, מגידים, אַלערליי צדקה־זאַמלער. ער איז פריער נישט אַרויס פון בית־מדרש ביז אַלע פרעמדע האָבן געהאַט וואו צו עסן — געשלאָפן האָבן אַלע ביי אים אין דער ענגער וווינונג, אַנטקעגן בית־מדרש. ער האָט יעדערן געגעבן אַ געלעגער, אויף בענק, אויף טישן, אויף דער ערד — אָבער פריער זיך אַליין נישט געלייגט אין בעט אַריין, ביז אַלע אורחים זענען געלעגן אויף זייערע געלעגערס.

זאָרגנדיק וועגן אַלע נויטבאַדערפטיקע, האָט ער אָפט אַליין געליטן נויט און זייער שווער געאַרבעט אויף פרנסה. ער האָט זיך, אָבער, קיינמאָל נישט געקלאָגט — אפילו ווען אומגליקן זענען אויף אים געקומען איינער נאָכן צווייטן: אין 1906 איז זיינער אַ זון אומגעקומען אין שעדלעצער פּאָגראָם; זיין איינציקע טאָכטער איז געשטאָרבן אין קימפעט מיטן ערשטן קינד; זיין יינגסטער זון, עקיבא, איז געשטאָרבן אַלס בחור פון 20 יאָר און דער איינציקער זון, וואָס איז געבליבן לעבן — האָט קיין קינדער נישט געהאַט. אברהם־יצחק האָט אויף אַלץ געזאָגט: „מסתם איז אַזוי באַשערט... אַזוי וויל דער וואָס לעבט אייביק...״

א י צ ל ר א ק

## פיטאַיע דער וואַסערטרעגער

פון גרויעם באַגינען ביזן שפּעטן אָוונט פלעגט פיטאַיע גיין איבערן שטעטל מיט די קראָמיסלעס אויף די פּלייצעס און צוויי עמערס ביי די זייטן. ער האָט געטראָגן וואַסער פון אַלע ברונימער. פון איין ברונעם אויף טיי, פון אַ צווייטן צום קאָכן און פון מאַרק־פּלומפּ — צו וואַשן וועש. ער האָט גענוי געוווסט ווען און וויפל יעדע באַלעבאַטישע שטוב דאַרף וואַסער; ער האָט געהאַלטן רעכענונג, ווען יעדע רייכע באַלעבאָסטע וואַשט וועש און וויפל וואַסער מען דאַרף איר דערצו אָנטראָגן. אַזוי האָט ער אָנגעהויבן טראָגן שבת־צו־נאַכטס, גלייך נאָך הבדלה, און געענדיקט פרייטיק פאַרנאַכט, ערשט דעמלט ווען וועלוול שמש האָט גערופן אין שיל אריין. פון דעם, ווי ער האָט מיר אַמאָל מיט שוועריקייט ארויסגעיאָנקעט, האָט ער צו עסן:

„אַ ביסל קרופּניק מיט אַ מעל־קוגעלע און אַ ל־לאכמע שוואַרץ ברויט — אינדערפרי באַלד נאָכן דאַווענען. בייטאָג אין גאַס, גייענדיק מיט ליידיקע קובלעס — אַ שטיקל ברויט מיט הערינג. וועטשערע — אַ שיסל קאַרטאָפל פאַרפּרייגלט מיט אַ ציבעלע... וואָ־אָ־אָס ד־ד־דאַרף מען מ־ער ?..״

אָבער ווען מען האָט אים נאָר געזען, האָט ער יעדן אַנטקעגנגעשמייכלט און

ביים אריינגיסן דאָס וואַסער אין די פּעסלעך, צי ביים וואַרטן אין דער ריי צו קאָנען שעפּן ביים ברונעם — האָט ער צו יעדן שטענדיק אַרויסגעשטאַמלט אַ גוט וואָרט, אַ ברכה.

רעכט דאַוונען האָט פּיטאַיע נישט געקענט, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט באַגינען צום ערשטן מנין אין בית־מדרש, געלייגט די תפילין, שטייענדיק הינטן, ביי דער טיר, זיך צוגעשאָקלט צו די ווערטער פון בעל־תפילה און מסתם עפּעס געשטאַמלט אויף זיין האַלב־שטומען לשון צום רבונו־של־עולם...

ער האָט, פאַרשטייט זיך, אויך נישט געקאָנט שרייבן און קיינמאָל דעריבער נישט פאַרצייכנט וויפל וואַסער ער האָט צו וועמען געטראָגן. ער האָט אַלץ געדענקט אויפן קאָפּ און קומענדיק פרייטיק מאָנען פאַר דער וואָך וואַסער, האָט יעדער אים באַצאָלט ווי ער האָט געזאָגט — מען האָט געוווסט, אַז מען דאַרף אים נישט נאָכרעכנען, פּיטאַיע וועט, חלילה, נישט נעמען אומזיסט פאַר קיין איבעריקן עמער וואַסער. אַזאַ עבירה וועט ער קיינמאָל נישט טאָן.

גערעדט האָט פּיטאַיע ווייניק. נישט געמישט זיך צו גאָרנישט און צו קיינעם. ער פלעגט נאָר אריינשטעקן די אויערן אין אַ געזעמל אין גאַס, צי אין בית־מדרש הינטערן אויוון, אויסהערן און אָפּט אַרויסשטאַמלען:

„פּ־פּ־פּע, בנ־נ־אמ־מ־נות... נג־ישט ש־שיין... אַן עב־בירה..."

צו אַן אָרעמער אלמנה, צו קראַנקע, פלעגט ער אומבאַשטעלט אריינוואַרפן, אומזיסט פאַרשטייט זיך, אַ פּאָר עמערס וואַסער, און אָפּט נאָך „פאַרגעסן" דערצו אַ האַלבן לאַבן ברויט...

אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט זיין געשטאַלט אין אַ שאַרפן ווינטער־דיקן פראָסט־טאָג. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען באַדעקט מיט אַ טיפן בלאַנק־דיקן שניי. פּיטאַיע האָט געטראָגן אַ לאַנגן שוואַרצן מאַנטל, פעסט אַרומגעבונדן מיט אַ ברייטן לעדערנעם פּאַס. אויף די פיס — שטיוול אריינגע־שטעקט אין קרייטשיקעס. אויפן קאָפּ — אַ טיפע באַראַנקאָווע היטל, פון וועלכער עס זענען נאָכגעהאָנגען דינע שטיקלעך אייז, פונקט ווי פון די דעכער און רינעס. פּיטאַיע האָט געשטעלט זיכערע טריט און געשמייכלט. פונקט, ווי ער זאָל בכלל נישט פילן די קעלט. אָדער אפשר איז עס געווען אַ שמייכל פון גליק, פון אונטערבאַוווסטזיניקן געפיל, אַז ער דערפילט עפּעס אַ וויכטיקע מיסיע — ברענגט וואַסער אויף אַ ביסל וואַרעמס אין קנאַקעדיקער פראָסטיקער קעלט...

„אַ מ־מ־מצווה..."

*

פּיטאַיע איז נאָך גאַנץ יונג בלינד געוואָרן. די קראָמיסלעס האָבן צעשעדיקט זיינע אויגן־נערוון. האָט ער זיך געבעטן, מיטן שטענדיקן תמימותדיקן שמייכל, קהל זאָל אים העלפן, קויפן אַ פערד־און־וועגעלע מיט אַ פאַס, וועט ער אין

האַלבער פינצטערניש נאָך קאָנען פירן וואָסער. אָבער ווער האָט געהערט די שטאַמלענדיקע תחנונים פון פיטאַיען?...

און ער האָט גענומען גיין איבער די הייזער.

זיין שמייכל איז ווייטער געבליבן אַ גוטמוטיקער אויף זיינע ליפּן. אָבער צי האָט ער געהאַט זיין קרופּניק מיטן שטיקל ברויט?

קיין קלאָגן זיך האָט זיין שטאַמלענדיק לשון נישט געקענט.

חיים־איצל גאָלדשטיין

## שלמה „דער נדן"

שלמה דער טרעגער איז אין לאַשיץ געווען באַקאַנט מיטן צונאָמען „דער נדן". די מערהייט לאַשיצער האָבן בכלל נישט געקענט זיין ריכטיקן נאָמען, פּונקט ווי זיי האָבן נישט אריינגעקלערט און נישט געוווסט פון וואַנען עס שטאַמט זיין צונאָמען „נדן". אַזוי האָט מען אים גערופן און אַזוי האָט ער זיך אַליין גערופן. ער האָט געהאַט שטאַרקע פּלייצעס און זיין הויכער גוף פלעגט זיך לייכט אויסגלייכן אונטער דער משא פון שווערע זעק תבואה, אָדער קאַסטנס סחורה. אָבער נישט ווייניקער איז ער געווען באַקאַנט מיט זיין פּשוט אומגעצוימט גלייכ־ווערטל און געפעפערטן וויץ, וואָס ער פלעגט דערציילן אויפן קול אין מיטן מאַרק, כדי די קרעמערקעס אין אַלע אַרומיקע גע־וועלבלעך זאָלן רויט ווערן.



שלמה „דער נדן"

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז „דער נדן" אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד און איז דאָרט פרייוויליק אריינגעטראָטן אין די רייען פון דער פּוילישער אַנדערס־אַרמיי. מיט דער אַרמיי איז ער געקומען, דורך איראַן, קיין ארץ־ישראל, אָבער דאָ נישט געוואָלט פאַרבלייבן אומלעגאַל, ווי די לאַנדסלייט האָבן אים געראָטן. ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ענגלאַנד, וווּ ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה און געשטאָרבן אין יאָר 1960, אַ קראַנקער און צוזאַמענגעבראָכענער. ער האָט געטרוימט וועגן באַזעצן זיך אין ישראל, זיין צווישן די לאַנדסלייט, וואָס האָבן אים האַרציק אויפגענומען בעת זיין דורכפאָרן אַמאָל און „זיך גאָרנישט געשעמט מיט מיר..."

אינטערעסאַנט, אַז „דער נדן", דער פּשוטער לאַשיצער האַלב־אַנאַלפאַבעטישער טרעגער, האָט זיך זיינע לעצטע יאָרן, אין לאָנדאָן, באַפריינדעט מיט דאָרטיקע יידישע שרייבער און מיט פיעטעט געווען זייערער אַ „נושא־כלים".

## מאיר „דער משוגענער"

פֿאַרוואָס מען האָט אים גערופֿן „דער משוגענער" הויב איך נישט אָן צו וויסן. אַ נאָרמאַלער, ערלעכער ייִד געווען, מאיר דער שניידער, כאָטש גלייך נאָכן אויסטרינקען דאָס ערשטע גלעזעלע יי"ש, פֿלעגט ער גוטמוטיק זיך אַ בייזער טאָן:

— רופֿ מיך נישט ר' מאיר, נאָר פּשוט מאיר משוגענער... — דער צונאָמען פֿלעגט זיך דאָך צוקלעפּן צו יעדן איינעם אין שטעטל, אַז ער אַליין האָט געמיינט, אַז דאָס איז זיין ריכטיקער נאָמען...

געוווינט האָט מאיר „דער משוגענער" אויף דער שוויניעראָוּוער גאַס, נישט ווייט פֿון „חיי־אדם"־בית־מדרש, וווּ ער האָט כל־ימיו געדאַוונט און לאַנגע יאָרן געווען דער גבאי.

ווען איך פֿלעג אהיימקומען אויף יום־טוב קיין לאָשיץ, דער טאַטע מיט דער מאַמען פֿלעגן דעם ערשטן טאָג יום־טוב אינדערפֿרי אַוועקגיין דאַוונען און איך פֿלעג וועלן „כאַפּן אַ שלאָף", זיך אויסרוען די ערשטע נאַכט אין דער היים — פֿלעגט מיך שטענדיק אויפֿוועקן דער זעלבער דראָבנער קלאַפּ אין טיר. איך האָב שוין געוווּסט ווער דער פֿריער גאַסט איז — מאיר דער משוגענער. ער פֿלעגט אָפּדאַוונען מיטן ערשטן מנין און קומען צו יצחק שוחט מאַכן קידוש — דאָס איז געווען זיין חזקה. און ער פֿלעגט שוין זיצן ביז דער טאַטע איז צוריקגעקומען פֿון דאַוונען, זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, כדי מיטן טאַטן שפּעטער ווידער צו טרינקען „לחיים". ער פֿלעגט אריינשטעקן אין טיר דעם קאָפּ מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, שטענדיק מיטן זעלבן פּזמון:

— זעסט, האָסט נאָך, חלילה, געקאָנט פֿאַרשפּעטיקן צום לייענען, ווען איך וועק דיך נישט אויף... — נאָר באַלד צוגעגעבן מיט אַ שעלמישן שמייכל, — איך ווייס, דו דאַוונסט, ווי איך, מיטן ערשטן מנין...

מאיר איז געווען אַן אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט — אָפּגעדינט עפּעס מער ווי אַ צענדליק יאָרן. ער איז געווען אַ סאָלדאַט בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. ער האָט מיטגעמאַכט די באַרימטע רייזע אויפֿן רוסישן פֿלאָט פֿון קראָנשטאַדט, דורכן באַלטישן ים, מיטלענדישן, סועץ־קאַנאַל, רויטן ים, אינדישן און פּאַציפֿישן אָקעאַן, ביז וולאַדיוואָסטאָק און פּאָרט־אַרטור. די געשיכטע איז באַקאַנט — ווען דער פֿלאָט מיט די אַרמיי־טיילן איז אָנגעקומען צו די ווייט־מזרחדיקע ברעגעס פֿון רוסלאַנד, איז שוין געווען נאָך דער מלחמה. האָט מאיר זיין גאַנץ לעבן געהאַט צו דערציילן נסים ונפלאות וועגן אָט־דער אמת־ווייטער, חדשים־לאַנגער רייזע איבער ימען און אָקעאַנען, פֿאַרביי קאָנטינענטן און עקזאָטישע לענדער. ער האָט דערציילט מעשיות וועגן „רויטע יידעלעך" אין אינדיע און וועגן „סיגנאַפּור, וווּ בייטאָג שלאָפֿט מען און ביינאַכט אַרבעט מען צוליב די היצן..."

— ר' מאיר, אפשר סינגאַפּור, נישט סיגנאַפּור?...

— אַז איך זאָג דיר סיגנאַפור, מעגסטו מיר גלויבן — עס שטאַמט פון סיגנעט, ווייל אַלע טראָגן דאָרט סיגנעטן אויף די הענט, פינגערלעך מיט גרויסע בריליאַנטן...

דער „הויך־פונקט" אָבער פון זיין רייזע איז געווען דער רויטער ים.

— ווען מיר האָבן זיך נאָר דערנענטערט צום ים־סוף — פלעגט ער דערציילן — האָבן זיך אַלע יידישע זעלנער פאַרזאַמלט אין איין ווינקל און גענומען זאָגן תהלים... באַלד האָבן מיר דערזען דעם ערשטן פּאַס... דערנאָך דעם צווייטן... דעם דריטן...

— וואָס פּאַראַ פּאַסן, ר' מאיר?

— וואָס הייסט, וואָס פּאַראַ פּאַסן? די פּאַסן אויפן ים־סוף, וווּ עס זענען דורכגעגאַנגען די שבטים, ווען משה האָט זיי אַרויסגעצויגן פון מצרים... אין ערשטן פּאַס איז געגאַנגען דער שבט ראובן, דערנאָך דער שבט שמעון...

— טאָקע?

— וואָס הייסט טאָקע? צוועלף פּאַסן פון אַלע צוועלף שבטים — בעיני ראיתי, כ'האָב זיי אַליין געזען... איבערגעציילט...

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, אַז ער האָט טיף געגלויבט, מאיר שניידער, אין דעם וואָס ער האָט דערציילט. ער האָט נישט געזאָגט קיין ליגן, נישט אויסגעטראַכט. מען האָט עס אים איינגערעדט אויף דער שיף, ער האָט דערביי מיט פאַרמאַכטע אויגן געזאָגט תהלים און האָט אין דעם געגלויבט...

און ער האָט זיכער געזאָגט תהלים אויף זיין לעצטן וועג, קיין טרעבלינקע, גלויבנדיק, אַז אין לעצטן מאָמענט וועט גאָט באַפעלן אַ נייעם משה אויפצוהייבן דעם שטעקן און אויב נישט שפּאַלטן דעם ים, איז שפּאַלטן דעם גאַז־אויוון און דורכפירן לעבעדיק זיינע יידעלעך...

מרדכי שנער

## יאָסל טאָמקעס

אַראָפּ אין דער מעזריטשער גאַס, ערגעץ צווישן גרויסן בית־מדרש און פּאָליאַקעוויטשעס מיל, איז געווען די „אימיעניע" פון יאָסל טאָמקעס. אַ הילצערן הייזל מיט אַ שטרויענעם דאַך און אַלטע ברוינע ווענט. אַרום — אַ הויף מיט עטלעכע דאַרע, האַלב־אָפּגעדאַרטע פרוכט־ביימער. טיף אין הויף — אַ „שעטש־קאַרניע", אַ מאַשין מיט אַ האַנט־קאָרבע, צו צעשניידן שטרוי אויף „שעטשקע" פאַר בהמות. אויפן הויף האָבן זיך שטענדיק אַרומגעדרייט אַ צוויי־דריי ציגן און עטלעכע הינער — וועלכע האָבן צוזאַמען געגראַבלט אינעם אָפּפאַלעכטס פון צעשניטענעם שטרוי.

ווען אַ יינגל איז געלאָפן פון „חדר", מיטן פינפער־גראָשן אין האַנט, צו יאָסל טאָמקעס זיך אָפּשערן, האָט מען נישט געקאָנט וויסן צי מ'וועט אים טרעפן ביי דער מאַשין־קאָרבע אַלס „שעטשקע"־דרייער, צי אויפן נידריקן

שוסטער־בענקעלע פאַרלאַטנדיק אַ פאָר שיך, צי גאָר אין שטעלכל ביי דער לייט־מאַשין פאַריכטן אַ פרימוס, אָדער אַ פאָר ברילן... מיט אַלץ האָט זיך פאַרנומען יאָסל טאָמקעס.

— מ׳וויל זיך שערן! — האָט רחל, די „טאָמקעכע", אַ געשריי געטאָן אין הויף אַריין.

באַלד איז יאָסל געשטאַנען אויף דער שוועל, אין גלאַנציקן לעדערנעם שוסטער־פאַרטעך.

— וויפל האָסטו געבראַכט, ייִנגעלע? וואַי׳ נאָר... — האָט ער ראשית צוגענומען די פאָר גראָשן.

דערנאָך איז געקומען די טראַדיציאָנעלע פראַגע:

— ווי האָט די מאַמעשי געהייסן אָפּשערן — „באָיעוואָיע" צי „גאַרניזאָננע"?

יאָסל איז געוואָרן אַ „שערער", דינענדיק אין רוסישן מיליטער. דאָרט האָט ער זיך אויסגעלערנט צווייערליי „אָפּשערעכץ" — „גאַרניזאָננע": אַ ביסל העכערע האָר, געשוירן מיט אַ שערל; „באָיעוואָיע", ווי צו גיין אויפן פראָנט: אָפּגאָלן נידעריק מיט אַ מאַשינקע. האָט ער שטענדיק געשוירן לויט די צוויי אופנים. אָבער אַ ספּעציעלע אַרבעט איז געווען נאָכן אָפּשערן, דאָס פאַרגלייכן די האָר אויפן האַלדז. יאָסל האָט דאַן גענומען אַ שטריקל, איינגעטונקען עס אין ווייסן טרוקענעם קאַלך — ווי ער פלעגט עס טאָן ביים מאַכן אַ „שלאַק" נאָכן אויסקאַלכן אַ שטוב (אויך מיט דעם האָט זיך פאַרנומען יאָסל טאָמקעס!). „רחל!" — פלעגט ער אַ רוף טאָן דאָס ווייב פון קיך — „האַלט צו!" יאָסל האָט געהאַלטן אין איין עק שטריקל, רחל פון דער צווייטער, נאָענט פון דעם ייִנגלס קעפּל. עטלעכע מאָל האָט ער זייטיק אַ קוק געטאָן מיט איין אויג, צי דאָס שטריקל איז גלייך, דאַן אַ צי געטאָן עס און אַ לאָז־אָפּ... אויף די האָר איז געבליבן אַ ווייסער צייכן פון קאַלך — לויט דעם צייכן האָט יאָסל טאָמקעס „פאַרגלייכט" די האָר אויפן האַלדז... אַזוי ווי אַ שטובן־מאָלער.

יאָסל טאָמקעס איז געווען איינער פון דריי ברידער, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט דריי שוועסטער — ביי די אַלע פּרנסות, איז איבעריק צוצוגעבן, איז יאָסל טאָמקעס געווען דער גרעסטער אביון אין דער משפּחה...

*

יאָסל טאָמקעס האָבן אַמאָל כוליגאַנעס צעהאַקט אַן אויג. אַ צייט האָט ער געמוזט טראָגן אַ לעדערנעם באַנדאַזש אויף איין אויג, אַ־לאַ גענעראַל משה דיין. דאָס איז פאָרגעקומען, דוכט מיר, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָדער נאָך פריער. אָבער פיל יאָרן שפּעטער, ווען דאָס אויג איז שוין לאַנג געווען אויסגעהיילט, פלעגט יאָסל, שבת, גייענדיק אין בית־המדרש אַריין, אָנטאָן דעם באַנד אויפן אויג. ווען מען האָט אים צוגעלאָזט צום עמוד, „אָפּקלאַפּן" אַ שחרית, האָט ער דעם באַנד אַרונטערגענומען. ווען נישט — פלעגט ער הינטערן אויוון, אָדער אין פּאָליש צונויפנעמען בעתן לייענען אַ

כאַפּטע יינגלעך און דערציילן וועגן „יענער צייט”... אָנגעהויבן האָט ער שטענדיק אַזוי:

„...אין וואַלד צווישן זאַקרע און ניעמיק זענען די גזלנים פּלוצלינג אַרויס פון צווישן דיביימער...”

די האָר פלעגן זיך שטעלן ביי אונדז, יינגלעך, אויף די קעפּ, ווען ער פלעגט מאָלן זיין קאַמף מיט יענע „גזלנים”. האָבן מיר זיך דען געקאָנט דאַן פאָרשטעלן נאָך גרעסערע גזלנים, וואָס וועלן פאַרברענען לעבעדיק דעם אַלטן יאָסל טאָמקעס, מיטן בית־מדרש, מיט דער מערהייט פון אָט־די יינגלעך אַרום אים?

מרדכי שנער

## ישעיה כהן

ישעיה כהן האָט געוווינט אויף דער נאָטעוויזנע, לעבן דעם „חיי־אדם”. מיט פרנסה האָט ער זיך נישט אינטערעסירט — מיט דעם האָט זיך פאַרנומען זיין ווייב. בכלל, האָט ער געטענהט, וואָס הונגעריקער מען איז, אַלץ בעסער קאָן מען דינען גאָט. ממילא האָט אים נישט קיין סך געאַרט, וואָס אויך זיין פרוי און די קינדער הונגערן... ער פלעגט זיצן דעם גאַנצן טאָג אין „חיי־אדם”, זיך שאָקלען איבער אַ גרויסער גמרא און אונטערברומען אַ חסידישן ניגון. לערנען, האָט מען געוווּסט אין שטעטל, קען ער ווייניק, ער האָט זיך אָבער געהאַלטן אַזוי, ווי ער זאָל זיין דער גרעסטער למדן. ער האָט אויף אַלעמען געקוקט פון אויבן אַראָפּ און מיט קיין עניוות נישט געזינדיקט... אויב, אָבער, אַ ישיבה־בחור איז צו אים צו פרעגן וועגן עפּעס אַ שווערער סוגיא, האָט ער זיך שטענדיק קונציק אויסגעדרייט און פונקט קיין צייט נישט געהאַט צו ענטפערן...

שבת פלעגט ער קומען אין בית־מדרש אין אַ ברייטער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, אַ הויך סאַמעטן היטל פאַרוקט ביז אינמיטן פון די לאַנגע געקרייזלטע פּיאות. ער פלעגט צו קיינעם קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן, אַרויף גלייך אויף דער מזרח־וואַנט, זיך איינוויקלען אין טלית און נעמען זיך האַסטיק שאָקלען, אַזוי פלעגט ער זיך שאָקלען בעתן גאַנצן דאַווענען, נישט אָוועקזעצנדיק זיך אויף קיין מינוט. אָבער ווען דאָס דאַווענען איז שוין געווען געענדיקט, דער עולם האָט זיך גענומען צעגיין, איז נאָך ישעיה כהן לאַנג געשטאַנען און זיך ווייטער געשאָקלט... ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס ער פאַרציט אַזוי שפּעט זיין דאַווענען, האָט ער לאַנג נישט טראַכטנדיק, געענטפערט:

„שטאָט איז זינדיק, רחמנא־ליצלן — עמעצער מוז דאָך מתפלל זיין פאַר קהל...”

און ער האָט דעם ענין גענומען אַלץ ערנסטער. גענומען שטאַרקער זיך שאָקלען, מאַכן משונהדיקע הויות... און אויסגעמיטן צו רעדן מיט מענטשן...

ביז מען האָט זיך גענומען שושקען אַרום אים: אפשר טאַקע עפּעס אַ נסתר, וואָס דאַרף נתגלה ווערן?...

און ער איז „נתגלה" געוואָרן, — אַז לאָשיץ האָט געלאַכט אין די פויסטן.

לאָשיצער ווייסע־חברהניקעס האָבן ליב געהאַט, ווי אין אַלע שטעטלעך, אָפּצוטאָן שפּיצלעך אין די סדר־נעכט, בעתן עפענען די טירן צו „שפוך חמתך". צו איינעם פלעגט מען אריינטרייבן אַ קאָזע, צו אַ צווייטן אריינ־יאָגן אַ קאַץ, אַמאָל פלעגט איינער אריינשפּרונגען אין ווייסן מיט אַ צוגעקלעפּטער באָרד — אליהו הנביא... איין סדר־נאַכט האָט חברה געוואָלט אַ שטיף טאָן מיט ישעיה כהן. ווען זיי האָבן, אָבער, אַריינגעקוקט דורך זיין אָפענער טיר ביי „שפוך חמתך", האָבן זיי פאַרגעסן צו וואָס זיי זענען געקומען... אַזאַ בילד האָבן זיי דערזען: אינמיטן צימער איז געשטאַנען אַ באַליע מיט וואַסער. ישעיה כהן איז געשטאַנען מיט די פיס אין וואַסער, אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל, און מיט אַ שטעקן געהאַקט אין וואַסער אַריין... מסתם לזכר ווי משה האָט געשפּאָלטן דעם ים. די חברהלייט האָבן געמאַכט אַ גוואַלד. די גאַנצע נאָטעוויזנע איז זיך צונויפגעלאָפן. ישעיה האָט זיך דערשראָקן און געבליבן שטיין אין וואַסער מיטן שטעקן אין האַנט — אַזוי האָט אים באַטראַכט דאָס גאַנצע געסל.

אַזוי איז ער נתגלה געוואָרן... אָבער ער איז געווען צופרידן — מען האָט טאַקע געלאַכט, אָבער דאָס גאַנצע שטעטל האָט דאָך גערעדט פון אים...

חיים־איצל גאָלדשטיין

## אַנטשעליכע

ווי זי האָט געהייסן ווייס איך נישט און איך מיין, אַז קיינער אין לאָשיץ האָט נישט געוווּסט איר נאָמען. מען האָט זי גערופן נאָך איר מאַן אַנשל — אַנשעליכע, אָדער אַנטשעליכע. איר מאַן איז געשטאָרבן זייער יונג און זי איבערגעלאָזט מיט דריי קליינע קינדער.

אַז מען האָט געזאָגט אַנטשעליכע, האָט מען געמיינט די „טשאַיניע", דאָס „טיי־הויז". דאָס איז געווען אַ קליין הילצערן הייזל, לעבן זלמן מינצס גרויס הויז. עטלעכע שטיינערנע טרעפּלעך מיט אַ בריקל האָבן געפירט צו צוויי ברייטע גלעזערנע טירן. אינעם גרוימען טשאַיניע־צימער איז אין אַ ווינקל געווען אַרומגעמויערט מיט ציגל אַ גרויסער קופּערנער קעסל. אויף זיין דעק זענען געווען שטענדיק אָנגעלייגט שמאַטעס, זיי זאָלן נישט אַרויסלאָזן די פאַרע און דאָס געקאָכטע וואַסער זאָל זיך נישט אָפּקילן. שבת נאָכמיטאָג איז געווען אַן אמתער געלויף מיט טשאַיניקעס צו אַנטשעליכען. צוויי קאָפּיקעס אַ טשאַיניק הייס קאָכעדיק וואַסער. אָבער אום שבת האָט מען ביי איר, חלילה, קיין געלט נישט גענומען. מען האָט געדאַרפט זונטיק קומען באַצאָלן. און ווער

עס האָט נישט באַצאָלט, האָט דעם צווייטן שבת ווידער באַקומען הייס וואַסער, באַגלייט דורך אַנטשעליכעס שטענדיקן שמייכל.

זי האָט שטענדיק גוטמוטיק געשמייכלט. שבת, ווי אין דער וואָכן. אַ גאַנצע וואָך פלעגט זי אָפּערשמייכלען פון הינטערן גרויסן טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען איר גאַנץ קולינאַריש פאַרמעגן: אַ טעלער געווינלעכע און אַ טעלער געפּרעגלטע הערינג; אַ בלעך געגליוועטע פּיס; אַמאָל לעבערלעך און אַ פעלער מיט געשניטן ברויט. פרייטיק איז נאָך געווען געהאַקטע ציבעלעס און געפילטע פיש. און שטענדיק, — אַ הייסער קרופּניק.

אַרבעטער פון די אַרומיקע שוסטער־וואַרשטאַטן פלעגן אין מיטן דער אַרבעט ארייַנשפּרונגען צו אַנטשעליכען כאַפּן שטייענדיק אַ שטיקל ברויט מיט הערינג און אַ גלאָז טיי, אָדער זיך דערוואַרעמען מיט אַ טעלער פאַרענדיקן קרופּניק. אין די יאַריד־טעג פלעגן פויערים איבערפולן די טשאַיניע. אמרעשיקסטן איז אָבער געווען ביי אַנטשעליכען — בעת די שטרייקן. ביי אַ גלעזל טיי האָט מען ביי איר אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען. אַרבעטער זענען געקומען געוויר ווערן ווי די לאַגע זעט אויס. ביי אַנטשעליכען איז מען, בעת די שטרייקן, אויך געווען זיכערער פון אַ „שלעכט אויג" מצד דער פּאָליציי. אין צווייטן צימערל פון דער טשאַיניע האָבן מיר נישט איינמאָל אָפּגעהאַלטן געהיימע זיצונגען מיט אומלעגאַלע שליחים פון אויסער דער שטאָט. זי פלעגט מיט אַ שמייכל ארייַנברענגען דעם טיי, וואָס איז געווען באַפּאַרבט מיט אַביסל צוגע־ברענטן צוקער, אַ בליק טאָן אויף אונדז ערנסט, אָנעם שמייכל, ווי איינער זאָגט, „איר נאַרט מיך נישט, כ'ווייס וואָס איר טוט..." און דאַן ווידער מיט איר שמייכל: „עסט, טרינקט געזונטערהייט און זאָל אייך נאָר זיין צום געזונט..."

אויפן טיש ביי אַנטשעליכען איז געלעגן אַ גראָבער בוך, נישט קיין סידור, נאָך אַ בוך צום פאַרשרייבן ווער ס'האָט גענומען „אויף באָרג". זענען דאָרט געווען רעכנונגען פון מיט יאָרן צוריק. אַנדערש ווי מיט אַ שמייכל האָט זי נישט געמאָנט, ווער ס'האָט נישט געהאַט, האָט נישט געצאָלט; זי האָט ווייטער געגעבן און ווייטער פאַרשריבן... אַמערסטן איז אַנטשעליכעס „בוך" „געגאַנגען אין קאָן", ווי מען האָט געזאָגט, בעת די געגריוועטע שוסטערס האָבן נישט געאַרבעט. מען פלעגט דעמלט גאַנצע טעג און אָוונטן זיצן אין טשאַיניע, זיך דערוואַרעמען מיט אַ גלעזל טיי, „דערכאַפּן ס'האַרץ" מיט אַ שטיקל הערינג און — הייסן פאַרשרייבן. זי האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט, נאָר צוגעשמייכלט:

„עסט, קינדערלעך, טרינקט — אירט מירצעשעם באַצאָלן אויך..."

איז אַנטשעליכעס גראָבער חובות־בוך אפשר פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט איר אליין, מיט אירע קינדער. ווען ער זאָל בלייבן, וואָלט מען פון זיינע פאַרפעטסטע בלעטער אַרויסגעלייענט אַ שטיק געשיכטע פון האָרעפּאַשנעם לאָשיץ, אַ שטיק געשיכטע דורך די אָרעמע גלעזער טיי, שטיקלעך הערינג, אָדער טעלערס קרופּניק „אויף באָרג"...

חיים־איצל גאָלדשטיין

# טשיטשעפּערעליכע

דאָס גאַנצע שטעטל האָט איר אַזוי גערופן — טשיטשעפּערעליכע, און ווען זי זאָל קאָנען שרייבן, וואָלט זי זיך מסתם אַליין אויך אַזוי אונטערגעשריבן. אָבער געהייסן האָט זי גאָר דוואָשע. דער נאָמען שטאַמט נאָך איר מאַן, וועלכן איך האָב נישט געקענט, ווייל ער איז געשטאָרבן מסתם נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן — איטשע־בער, האָט ער געהייסן. איז זי דאָך — איטשע־בערעליכע און פון דעם איז געוואָרן טשיטשעפּערעליכע. אַן אויסטערלישער נאָמען טאַקע, אָבער ער איז געווען ווי צוגעפּאַסט צו איר אויסזען, כאַראַקטער און לעבן — אַלץ איז ביי איר געווען אויסטערליש.

אַ הויכע, גראָבע, מיט אַן אַומפּראָפּאָרציאָנעלן גרויסן קאָפּ. דאָס פּנים שוואַרץ, איבערפולט מיט גרויסע בראָדעוועקעס און באַוואָקסן מיט האָר. שטענדיק מיט אַ שמאַטע, פון אַ משונהדיקן טונקעלן קאָליר, אויפן קאָפּ און אין ברייטע פאַרשידנקאָליריקע קליידער. זי האָט אינגאַנצן אויסגעזען קיילעכדיק ווי אַ פאַס. מיט איין וואָרט — דער, וואָס האָט זי געזען צום ערשטן מאָל, האָט זיך געמוזט דערשרעקן... און ווען זי האָט נאָך דערצו געעפנט דאָס מויל!... איר שטימע איז געווען אַ מענלעכע, אַ גראָבע — און ווען זי האָט אַ שעלט געטאָן אין איין עק שטעטל האָט מען עס געהערט אויפן צווייטן עק. און שעלטן האָט זי געקאָנט אַזוי, אַז אַלע האָבן געציטערט פאַר אירע קללות.

אַ פאַרביטערטע, אַ שטענדיק ליידנדיקע, האָט זי טאַקע געשאָלטן, — אָבער צי איז זי דען אין תוך געווען אַ שלעכטע?

אָפיציעל, אַזוי צו זאָגן, איז זי געווען אַ מאַרק־זיצערין, אַ מאַרק־יידענע. אָבער אויסער דעם האָט זי געוואַשן וועש און געריבן אין די רייכע הייזער; געווען אַ טיקערקע; געהאָלפן ביים צוגרייטן חתונות. נו, און געווען אַ גבאיטע אין שיל. דאַוונען האָט זי נישט געקענט. זי איז אָבער געזעסן שבת אין שיל, מיט אַ גרויסן סידור אין די הענט און אַלטע פּענסנע אויף דער נאָז, און — געמישט די בלעטער, פּונקט ווי אַלע ווייבער, וואָס האָבן יאָ געקענט עברי. און שטענדיק איז איר סידור געווען אויפגעמישט אויפן אָרט — זי האָט דערקענט די בלעטער לויטן אָנטאַפּן זיי, האָבן די ווייבער געזאָגט.

פרייטיק פלעגט טשיטשעפּערעליכע גיין מיט אַ רויטער פאַטשיילע אין האַנט איבער די שטיבער זאַמלען נדבות. נאָר נישט פאַר זיך, — פאַר סתם אָרעמעלייט און ספּעציעל פאַר די ישיבה־בחורים. געגעבן האָבן איר אַלע, מען האָט דאָך מורא געהאַט פאַר איר מויל. זי האָט דאָס געלט צעטיילט נויטבאַדערפטיקע, אַן אמתער „מתן בסתר”, קיינער האָט נישט געוווסט געניי וועמען, אָבער אַלע האָבן געוווסט, אַז זי אַליין איז פון דעם נישט נהנה, קיינעם איז גאָרנישט איינגעפאַלן איר חושד צו זיין אין דעם.

געוווינט האָט זי אַליין אין אַ האַלב־חרוב אָרעם שטיבל לעבן דער באָד. אַן אייזערן בעטל איז דאָרט געשטאַנען מיט אַ שטרויענעם שעניק, אַ הינקעדיק

אַלט טישל און אַ פּאָר צעבראָכענע בענקלעך. דאָס איז געווען איר מאַיאָנטעק.

אליין האָט זי טאַקע קיין עברי נישט געקענט. מען פלעגט זי אָבער אָפט טרעפן שטיין שעהן הינטער די פענצטער פון דער ישיבה, זיך איינהערן אין קלאַנג פון גמרא־ניגון און איר פּנים פלעגט דאַן שיינען...

קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט, אָבער נישט איין אָרעמע כלה האָט זי געפירט צו דער חופה, דורך די געזאַמלטע נדבות.

טשיטשעפּערעליכע האָט אָפט געשריגן און געשאָלטן אָן אַ פּאַרוואָס. ס׳איז איר מסתם געגנוג ביטער געווען אויפן האַרץ. די קללות אירע האָבן זיך מערסטנס געטראָגן צו די רייכע פענצטער...

זי האָט, אָבער, דערלעבט אויך צו האָבן איר גליקלעכן טאָג, ווען אַלע האָבן געקוקט אויף איר מיט כבוד און באַוווּנדערונג. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען זי האָט געפירט איר ספר־תורה אין בית־מדרש אריין.

אין אָנהויב איז עס געווען אַ סוד. דערנאָך האָט מען זיך עס דערציילט פון אויער צו אויער: טשיטשעפּערעליכע שרייבט אַ ספר־תורה... עס האָט געדויערט לאַנגע יאָרן. זי האָט מיט שווער־פאַרדינטע גראָשנס געצאָלט פאַר יריעה נאָך יריעה. און דער ספר איז פאַרטיק געוואָרן. אַ סיום מיט בראָנפן און טענץ, און דאַן האָט מען אים אונטער דער חופה געפירט אין בית־מדרש אריין. דעמלט איז קיינער צו איר קיין גלייכן נישט געווען. זי, טשיטשעפּערעליכע, איז געגאַנגען אונטער דער חופה, אָנגעטאָן אין אַ קרינאָלין־קלייד, וואָס האָט נאָך זיכער געשטאַמט פון איר חתונה. אַרום איר — אַלע דריי רבנים פון שטעטל מיטן גאַנצן כלי־קודש. שטורקאַרצן האָבן באַלויכטן דעם וועג און קלעזמער האָבן צוגעשפּילט אַ פריילעכס און הינטער דער חופה — דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, אָרעם און רייך.

צומאָרגנס האָב איך איר געווונטשן מזל־טוב.

— יאָ, יאָ, חיים־איצעלע, — האָט זי געענטפערט — דערלעבט... איינמאָל כאָטש האָבן די רייכע ווייבער מיך מקנא געווען... אַ רוח... — און אַ צענפּאַביקע קללה האָט זיך אַ קאָלער געטאָן פון איר מויל.

חיים־איצל גאָלדשטיין

# **אַרבעטער-טוער**

## אונדזערע טרוימער און קעמפער

דאָס יידישע לאָשיץ האָט געהאַט אַ גרויסע אַרבעטער און האָרעפּאַשנע מאַסע. און אָט די מאַסע האָט פון זיך אַליין אַרויסגעבראַכט אירע פירער. געוועז צווישן זיי דערהויבענע און זויבערע געשטאַלטן. זיי האָבן אויפגעבויט אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, אויפגעשטעלט אַרבעטער־ און פּראָפעסיאָנעלע־אָרגאַניזאַציעס, געפירט שטרייקן, פּאָליטישע קאַמפן, געליטן, אפילו אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאַר זייערע אידעאַלן. זייערע נעמען דאַרפן און וועלן באַשיינען די געשיכטע פון אונדזער שטעטל.

זיי זענען אַלע אומגעקומען. ווען איך בין באַלד נאָכן חורבן, אין 1945, אָנגעקומען אין שטעטל אַריין, — זענען מיר אַנטקעגנגעקומען זייערע שאָטנס, ווו איך האָב זיך אַ דריי געטאָן זענען זיי מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. איך בין פון דאָרט אַנטלאָפן, — אָבער זייער אָנדענק, זייערע ערלעכע געשטאַלטן זענען מיר פאַרבליבן טיף איינגעקריצט אין זכרון און אין האַרץ.

## „דאָס גאָטעלע"

אברהמל שטריקער איז באַקאַנט געווען אין לאָשיץ בעת דעם ערשטן וועלט־קריג. „דאָס גאָטעלע", האָט מען אים גערופן, געני פאַרוואָס ווייס איך נישט; איך מיין, אָבער, אַז דער נאָמען איז אים געגעבן געוואָרן דערפאַר, ווייל די אַרבעטער האָבן אים פשוט פאַרגעטערט. פון דער פריער יוגנט אָן האָט ער געהערט צום „בונד" און געווידמעט זיין ברויזנדיקע ענערגיע און פעיקייטן די סאָציאַלע קאַמפן פון די אַרבעטער. ער איז געזעסן אין תפיסה. אַרויס־געקומען אַ קראַנקער, אָבער נישט אָפּגעשטאַנען אין קאַמף פאַרן וווויל פון די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן בכלל.

ער איז געווען אַ נידעריקער. שטענדיק בלאַס; אויפן פנים האָט זיך אָנגעזען זיין קראַנקייט; איך געדענק אים אַן איינגעבויגענעם אַביסל, מיט אַ הוסט, וואָס האָט אים אָן אויפהער געמאַטערט. אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן דער קראַנקייט, נאָר מיט אומגעווייגלעכער ענערגיע פאָרגעזעצט זיין טעטיקייט.

אינעם קריג פון 1914—1918 זענען דער הונגער און די נויט אין די לאָשיצער אַרבעטער־שטיבער געווען אומגעהויערע. אויף דער נאָטעווינע, אין

טויטן געסל און אויף דער ביאַלער גאַס, ווו עס האָט געוווינט דער רוב לאָשיצער אַרבעטער, האָט מען אין די גרעסטע ווינטער־קעלטן נישט געזען קיין רויך פון די קוימענס — עס איז נישט געווען מיט וואָס צו הייצן און נישט וואָס צו קאָכן.

דעמלט האָט „דאָס גאָטעלע", כאָטש שוין אַ קראַנקער און פיזיש־שוואַכער, אַרויסגעוויזן זיין שטאַרקייט און אָרגאַניזאַטארישע קראַפט. ער האָט אָרגאַניזירט הילף דורך פאַרשידענע וועגן און מיטלען. ער האָט געשאַפן אַ פאָלקס־קיך, ווו יעדער הונגעריקער האָט באַקומען אַ שטיקל ברויט מיט אַ טעלער וואַרעם געקעכטס און עפּעס מיטצונעמען פאַר די קינדער אַהיים. גלייכצייטיק האָט ער צוגעגרייט די אַרבעטער פאַר די קומענדיקע קאַמפן, ווען עס וועט ווידער זיין ארבעט.

„דאָס גאָטעלע" איז געווען אַ פּראַקטפולער מאַסן־רעדנער און האָט מיטגעריסן די צוהערער. ער איז באמת געפאַלן אויפן פּאָסטן — געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אינמיטן אַ רעדע פאַר אַרבעטער אין שעדלעץ.

##ביילע יונהס

אברהמל שטריקערס נאָענטסטע מיטהעלפערין אין יענער צייט איז געווען ביילע ראָזענצווייג, אָדער ביילע יונהס, ווי מען האָט זי גערופן. זי איז געווען דער היפּוך פון אים אין אויסזען, אין געזונט, ווי אין אָפּשטאַמונג. אַ געזונט, שיין מיידל, אַ טאָכטער פון פרומע עלטערן, האָט זי פאַרלאָזט די רייכע היים, נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און זיך געווידמעט דעם אַרבעטער־קאַמף. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אינטעליגענץ און ענערגיע און געוואָרן איינע פון די פירערינס פון „בונד" אין לאָשיץ. אין 1920, ווען די רויטע אַרמיי איז צוריקגעטראָטן פון הינטער וואַרשע, איז זי אַוועק מיט איר קיין ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט האָט זי שטודירט און געבליבן לעבן ביז היינט.

## פון „בונד" צו קאָמוניזם

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז אַנטשטאַנען דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן, האָט זיך אין לאָשיץ רעשיק פונאַנדערגעוואָקסן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. עס האָבן גענומען ווירקן נייע אידעען און נייע מענטשן. ביז דעמלט האָט זיך די גרעסטע מערהייט יידישע אַרבעטער אין שטעטל געפונען אונטערן איינפלוס פון „בונד". דאַן איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין די אַרבעטער־רייען, עס איז געשאַפן געוואָרן דער „קאָמבונד", וועלכער האָט זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די ערשטע טוער אין יידישן אַרבעטער־לאָשיץ, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער דאַן אומלעגאַלער קאָמוניסטישער טעטיקייט זענען געווען: יאָסל שטאָפּ, משה חכם, איטשע־בער דער פריזירער, יאַנקל שרה־רויזעס, און שפּעטער אַביסל: דוד מינץ, זיסקינד

שטיינמאַן, טוביה דער מילכיקער, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות און אַנדערע.

## יאָסל טשאָפּ

געהייסן האָט ער יוסף טענענבוים, אָבער גערופן האָט מען אים „יאָסל טשאָפּ", אַזוי האָט ער זיך סוף־כּל־סוף אַליין אויך געגומען רופן.

זיין שול איז געווען דאָס האַרטע לעבן. ער האָט געשטאַמט פון דער גרעסטער אָרעמקייט און פון קינדווייז אָן איז טרוקן ברויט געווען ביי אים אַ לוקסוס. וועגן חדר אָדער שול־בילדונג איז ביי אים קיין רייד נישט געווען. אָבער זיין ווילן צו לערנען און וויסן איז געווען אַ גרויסער און ער האָט פון דער פריער יוגנט זיך אַליין געלערנט און געלייענט. ער האָט געהאַט אַ שנעלע אָריענטאַציע און שאַרפן שכל. גאָר יונג האָט ער אָנגעהויבן אַקטיוו מיטאַרבעטן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און דאָס האָט אים באַלד געבראַכט אין תפיסה אַריין. די תפיסה האָט אים נישט אָפּגעשראָקן, אַרויס־קומענדיק צוריק אויף דער פריי האָט ער זיך מיט נאָך מער אייפער געוואָרפן אין דער דער אַרבעט פון דער באַוועגונג און געוואָרן איינער פון אירע פירער אין לאָשיץ. די פּראָלעטאַרישע קראַנקייט, שווינדזוכט, וואָס ער האָט באַקומען אין זיין אָרעמער היים און אין תפיסה, האָט אים יונג צוגענומען פון דער וועלט, — ער איז געשטאָרבן אין דער עלטער פון קוים 30 יאָר.

אָבער טראָץ דעם, וואָס ער איז געשטאָרבן אַזוי יונג און די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן נישט געקאָנט פירן קיין ברייטע טעטיקייט צוליב זיין קראַנקייט, — האָט ער באַוויזן צו זיין, ווירקלעך, איינער פון די גרונט־לייגער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אונדזער שטעטל.

## איטשע־בער און יאַנקל שרה־רויזעס

זיי זענען ביידע געווען די טיפּישע פאָרשטייער פון די אַרבעטער און פונעם אָרעמקייט אין אונדזער שטעטל. ביידע אָן גרויסע פּרעטענסיעס; אָן פּאַרביטערונג, טראָץ זייער שווער לעבן און שטענדיק־שווערער אַרבעט, כדי אויסצוהאַלטן זייערע פאַמיליעס. זייער געדאַנקן־גאַנג איז געווען אַ פּשוטער און אַזוי אויך זייערע ווערטער. דווקא דערפאַר האָט מען זיי פאַרשטאַנען און געהערט. זיי זענען געווען געאַכטעט און געליבט ביי אַלע אַרבעטער.

## זיסקינד שטיינמאַן

זיסקינדן דערמאָן איך זיך אַ שטענדיק־שמייכלענדיקן. ער האָט געשמייכלט, כאָטש ער איז אַזוי אָפט געווען הונגעריק... ער האָט געשטאַמט פון זייער אַן אָרעמער היים. זיינע פרומע עלטערן האָבן אָבער דווקא געוואָלט אים דערציען

אַלס רב, זיי האָבן אים דעריבער, מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, געשיקט אין חדר און דערנאָך אין ישיבה אריין. אָבער לערנענדיק אין ישיבה, האָט ער אויסגעקליבן אַ גאַר אַנדערן וועג אין לעבן. ער האָט זיך דערנענטערט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג און דורך איר געזוכט אַ לייזונג, אַ רפואה פאַרן הונגער אין זיין טאַטנס שטוב, ווי אין אַזויפיל אַנדערע שטיבער. מען האָט אים אַרעסטירט, פאַרמשפט אויף תפיסה, — אָבער נישט געבראָכן זיין גייסט און גלויבן.

## טוביה דער מילכיקער

געהייסן האָט ער אברהם פלאַט, אָבער געקענט האָבן אים אַלע נאָר אַלס — „טוביה דער מילכיקער". ווען מען האָט אים גערופן אברהם, האָט ער זיך אפילו נישט אומגעקוקט — ווי נישט אים מיינט מען, ער האָט געענטפערט נאָר אויפן רוף „טוביה", ווי דאָס זאָל זיין זיין ריכטיקער נאָמען.

מען האָט אים גערופן טוביה דער מילכיקער צוליב זיין אייגנאַרטיקן אופן פון אָפּלאַכן און גוטמוטיקן חוזקן פון אַלץ און פון אַלעמען. אָבער בעתן דורכפירן זיינע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן איז ער געווען ערנסט, פול מיט טיפער פאַרשטענדעניש. אויך אין דער באַוועגונג, אין די אָפּט־שווערע באַדינ־גונגען און דיסקוסיעס, פלעגט אַלעמען אויפלעבן, באַרואיקן זיינס אַ וויץ, אַ גלייכווערטל. מען גיט איבער, אַז אויך אין די שרעקלעכע געטאָ־באַדינגונגען, פלעגט טוביה מיט זיין גוטמוטיק מעשהלע אויפהאלטן די מאָראַל און וועקן צו מוט און אויסדויער.

## דוד מינץ

דוד מינץ, אָדער דוד רישקעס, איז געקומען צו דער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַ רייכער היים און אַ באַלעבאַטישער סביבה. אַ שטענדיק צוריקגעהאַלטענער, אָן רעש, האָט ער פיל געהאָלפן דער באַוועגונג מיט ראַט און טאַט. ער איז געווען צווישן די ערשטע זיבן יידישע קרבנות, וועלכע די נאַציס האָבן דערשאָסן נאָכן פאַרנעמען לאָשיץ, כדי אָפּצושרעקן די באַפעלקערונג פון קעגנשטעלן זיך דער נאַצישער מאַכט.

## יאָסל חיה־מאַליעס

יאָסל חיה־מאַליעס האָט געהערט צום יונגערן דור טוער אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג פון לאָשיץ. ער איז אַרויסגעוואָקסן פון די לאָשיצער אַרבעטער־רייען גופא. אין דער קינדהייט איז ער געגאַנגען אין חדר, אָבער אַליין דערוואָרבן זיין בילדונג ביי שווערע באַדינגונגען. געווען טעטיק צווישן דער יוגנט, אויפן

פּראָפעסיאָנעלן און קולטורעלן געביט. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג אין שפּאַניע, קומט ער אַהין פון פוילן, דורך געפערלעכע אומלעגאַלע וועגן און טרעט אריין אַלס פרייוויליקער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. ער ווערט פאַרוווּנדעט אין קאַמף, היילט זיך אויס און איז ווידער אויפן פראָנט, ביז דער לעצטער מינוט פון רעפובליקאַנישן ווידערשטאַנד. נאָך פראַנקאָס זיג געלינגט אים צו אַנטלויפן קיין פראַנקרייך. אויך דאָ שטעלט ער זיך גלייך אין די רייען פון קעמפנדיקן אַנטי־פאַשיזם.


יאָסל חיה־מאַליעס (שטייענדיק, דער ערשטער רעכטס) מיט אַ גרופּע יידישע פרייוויליקע קעמפער אין דער שפּאַנישער רעפובליקאַנישער אַרמיי

אין פראַנקרייך האָט יאָסל חתונה געהאַט און זיך מאַטעריעל איינגעאָרדנט. ער געניסט אָבער נישט לאַנג פון רו. עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. באַלד נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע ווערט ער אַרעסטירט און פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ווען ער איז שוין געווען אין לאַגער, האָט זיין פרוי געבוירן אַ זון, אָבער יאָסל האָט שוין נישט געהאַט דאָס גליק אים צו זען און צו שפּילן זיך מיט אים. ער ווערט שנעל אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ. דאָרט האָב איך געהאַט די טרויעריקע פריווילעגיע צו זען אים שטאַרבן. אַזוי ווי ער האָט געלעבט, גלויביק און קעמפעריש, אַזוי איז ער אומגעקומען. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער געגלייבט וועגן דער בעסערער וועלט וואָס וועט סוף־כל־סוף קומען. עס האָט אים געמאַטערט אַ טיפע בענקשאַפט צו דער פרוי און צו זיין קינד, וואָס ער האָט נישט געקענט. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע באַנדיטן אין אַ שיינעם סעפטעמבער־טאָג פון 1942.

חיים־איצל גאָלדשטיין

## מעלע קאָקע

מעלע קאָקע איז געווען פון די ערשטע רעוואָלוציאָנערן אין לאָשיץ, נאָך פון פאַר 1905. ער איז געווען אַן אַנאַלפאַבעט, נישט געקאָנט לייענען און נישט שרייבן. ער איז אָבער געווען אַן אַרבעט־מענטש מיט אַ נאַטירלעך

געפיל פאַר יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער האָט אויסגעהערט די אַגיטאַטאָרן אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען, אויפגענומען זייערע רייד מיט פשטות און גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר די אַרויסגעבראַכטע אידייען. ער איז אומעטום געווען דער ערשטער, אָן מורא. און איז אויך שטענדיק געווען דער ערשטער קרבן. איז די פּאָליציי געוויר געוואָרן וועגן אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג — האָט מען ראשית־כל אַרעסטירט מעלען. האָט מען פאַרשפּרייט רעוואָלוציאָנערע אויפרופן — האָט „עזריאל דער סטראַזשניק" גלייך געשלעפּט מעלען קיין יאַנעווע, אין דער קרייז־טורמע אַריין. אַזוי איז ער געזעסן צענדליקער מאָל אין פאַרשידענע תפיסות.

איצל ראק

## יאָסקע מינץ (יאָשקע חיה־ליפּטשעס)

מיטן נאָמען פון יאָסקע מינץ איז פאַרבונדן דאָס אַנטשטיין פון אַ מאָדערנער סאָציאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג אין לאָשיץ. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, איז עס אָבער אַן אמתער פאַקט, אַז אין דער עלטער פון צוועלף יאָר פלעגט שוין יאָסקע מינץ אָרגאַניזירן יוגנט־צוזאַמענקונפטן און האַלטן רעדעס פאַר יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען פיל עלטער פון אים. פון זיינע אַגיטאַציע־רעדעס פלעגן שוין דעמלט אָפּטמאָל געבוירן ווערן שטרייקן; נישט נאָר קעגן די „מייסטערס" זענען די יוגנטלעכע דעמלט אַרויס אין שטרייק, נאָר אויך קעגן די אַרבעטער, ביי וועלכע זיי זענען געווען באַשעפטיקט אַלס געהילפן.

יאָסקע מינץ איז געווען באַשאָנקען מיט אַ סך מעלות. ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער רעדנער, אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און געהאַט אַ לייכטע פעדער צום שרייבן. זייענדיק גאָר יונג, האָט ער שוין מיט זיין וויסן ווייט איבערגע־שטיגן אַ סך עלטערע חברים.

יאָסקע מינץ האָט געשטאַמט פון אַ היים, וואָס איז געווען אַן אויסנאַם אין שטעטל. זיין פאָטער, לייזער־ביינוש, וועמען מען האָט אויבנאויפיק נישט געקאָנט אונטערשיידן פון אַנדערע לאָשיצער יידן, איז דאָך געווען אַן אַנדער ייד, מען מעג זאָגן — אַן אויסנאַם. ער איז געווען אַן אויפגעקלערטער און קולטורעלער מענטש, וואָס האָט זיך זיין גאַנץ לעבן נישט געשיידט מיטן יידישן און פוילישן בוך. לייזער־ביינוש האָט גוט געקענט די יידישע און פוילישע ליטעראַטור. נישט אומזיסט האָט מען אין שטעטל „געלאַכט", אַז לייזער־ביינוש שלאָפט מיטן נאַפּט־לעמפּל אין בוזים...

אַ טיפער חושך האָט נאָך דאַן געשוועבט איבער די קליינע שטעטלעך. שווער, זייער שווער איז אָנגעקומען צו שטעלן אַ טראָט פאָרויס אין אַזאַ געדיכטער פינצטערניש, און אַז מ'האָט אין אַזאַ חושך דערזען פון ערגעץ אַ שיין, איז דאָס געווען ווי אַ דערלייזונג. אַזאַ שיין האָט זיך געטראָגן פון יאָסקע מינצס היים. זיין פאָטער, דער ביין־טאָקער, איז שוין דעמלט געווען ווייט־ווייט פון די

קליינשטעטלדיקע באַגריפן. פון וואַרשע, ווו ער האָט געאַרבעט, פלעגט ער שטענדיק מיטברענגען דעם אָטעם פון נייע ווינטן און אין גייסט פון אָט־די נייע ווינטן האָט זיך דערצויגן זיין זון, יאָסקע. און יאָסקע האָט דעם גאַנצן יוגנטלעכן ברען, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, אַוועקגעגעבן אויפצושטעלן דעם בנין, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן דאָס יידישע וואָרט, דער יידישער קולטור־געדאַנק, דער יידיש־סאָציאַליסטישער ניגון, — ביז די גרויזאַמע שרעקלעכע נאַצי־חיה האָט אַלץ פאַרניכטעט.

אין 1916 איז אין לאָשיץ געגרינדעט געוואָרן אַ יידיש־סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכערס שפיץ עס האָט זיך געשטעלט יאָסקע מינץ. אַכט יאָר איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען אין דער באַוועגונג און צו באַוווּנדערן זיינע קענטענישן און פעאיקייטן. נישט שטענדיק זענען מיר געווען אייניק בנוגע דעם אופן פון אַרבעט; נישט שטענדיק זענען מיר געווען אייניק אין אונדזערע בליקן וועגן מאָרגן. אָבער אפילו אין די אויפברויזנדיקסטע מאָמענטן פון אונדזער נישט־איינשטימיקייט, האָב איך יאָסקען באַוווּנדערט.

ער איז געווען אַ פלאַמיקער רעדנער; איך ווייס נישט צי אין שטעטל האָט זיך אין יענער צייט ווער ס'איז געקאָנט מיט אים פאַרגלייכן. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך וויסן. ער האָט שטענדיק געאַרבעט איבער זיך; אַ סך געלייענט, נישט בלויז יידישע ליטעראַטור, נאָר אויך אַלגעמיינע; ער איז אויך געווען אַ קענער פון פויליש, וואָס איז דעמלט אין שטעטל געווען אַ זעלטנהייט.

אוודאי זענען אין זיינע טרוימען געווען פיל־פיל אומדערגרייכבאַרע געדאַנקען. אָבער ווער פון אונדזער דעמלטיקער יוגנט האָט זיך נישט אוועקגעלאָזט אויף פאַנטאַזיע־פליגלען צו נישט־דערגרייכבאַרע האָריזאָנטן ?...

אין יאָר 1919 איז יאָסקע דער דעלעגאַט פון שעדלעצער געגנט אויפן סאָציאַליסטישן יוגנט־צוזאַמענפאָר פון גאַנצן לאַנד. אַביסל שפעטער ווערט ער אַ פאַרטיי־פונקציאָנאַר און פאָרט אַרום איבער דער פראָווינץ מיט רעפעראַטן. ווייזט אויס, אַז די אַרבעט אַלס פאַרטיי־פונקציאָנאַר האָט יאָסקען נישט באַפרידיקט און ער קומט צוריק קיין לאָשיץ. אין שטעטל טרעפט ער אַ ברייט־צעוואַקסענע סאָציאַליסטישע יוגנט־באַוועגונג און ער צעפאַכעט זיינע פליגלען פון קענטעניש אויף אַלע געביטן פון אַרבעט. אומעטום האָט מען זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט.

אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן האָבן זיך אונדזערע וועגן צעשיידט. איך ווייס נישט וועלכע סיבות עס האָבן באַוויגן יאָסקען אוועקצוגיין אויף אַנדערע וועגן, איך ווייס נאָר, אַז ווען מיר איז אויסגעקומען זיך מיט אים צו טרעפן, פלעגט ער מיר פאַרזיכערן, אַז ער איז געבליבן דאָס וואָס ער איז געווען.

אין די גרויליקע סעפטעמבער־טעג פון 1939 איז יאָסקע מינץ געווען אין ביאַליסטאָק. ווער ווייסט, וואָס אים האָט באַוויגן זיך צו לאָזן צוריק קיין וואַרשע. ער איז צוריקגעפאָרן... און ווו עס רוט ערגעץ דאָס געביין פון זיין יונג־פאַרשניטן לעבן ווייסט קיינער נישט.

יוסף פרידמאַן

## משה „חכם"

ווען איך האָב גענומען קומען אין די לינקע געזעלשאַפטלעכע קרייזן אין לאָשיץ, איז משה „חכם" געזעסן אין תפיסה. זיין נאָמען פלעגט דערמאָנט ווערן מיט ערפורכט. און מען האָט זיך פאַרופן אויף אים ווי אויף איינעם פון די „פוסקים"... „משה חכם האָט געזאָגט..." איז געווען ווי אַ געזעץ. איך האָב אים פערזענלעך נישט געדענקט. בעתן גרויסן אַרעסט און דעם פּראָצעס בין איך נאָך געווען אַ חדר־ייִנגל. כ'האָב צוגעשריבן צו איינעם פון די בריוו צו אים אין תפיסה אריין, — אַזוי אַרום האָבן מיר זיך באַקענט. זיינע בריוו זענען, פון ערשטן אָן גלייך, געווען ווי צו אַן אַלט־באַקאַנטן, אומיטלבאַר, פול מיט פשטות, אָפט מיט הומאָר און ווי משפחהדיק: אויס־געפרעגט זיך אויף עלטערן, שוועסטער, און ווען כ'בין געווען אין דער פרעמד, געלערנט, — וועגן איינצלהייטן פונעם לעבן, פאַרדינסט, שוין אָפגערעדט וועגן פרטים פון דער לערע, אויף וועלכע ער האָט געפרעגט און געפאָרשט. איך האָב זיך אָפט געטראַכט, אַז ער טוט דאָס צוליב דער תפיסה־צענזור, — עס זאָל נישט פאַלן אויף מיר קיין פאַרדאַכט, עס זאָל אויסזעען, אַז מיר זענען נאָענטע קרובים. איך האָב זיך ערשט שפּעטער איבערצייגט, אַז דאָס איז דער „חכם", — פאַראינטערעסירט אויפריכטיק אינעם לעבן פון אַ חבר־פריינט.


משה חכם אויפן תפיסה־הויף

איך האָב געוווינט אין אַ צימער אויפן לעצטן שטאָק ערגעץ אין דער מוראַנאָוו־געגענט אין וואַרשע. געזעסן אריינגעטאָן אין עפּעס אַ לערן־בוך, ווען מען האָט שטיל אָנגעקלאַפּט אין טיר. ווען די טיר האָט זיך געעפנט, — האָב איך אַ צאַפּל געטאָן: אויף דער שוועל איז געשטאַנען משה „חכם". כ'האָב אים דערקענט, כאָטש כ'האָב אים דעמלט געזען צום ערשטן מאָל.

זיינע פאָטאָגראַפיעס זענען געווען פאַרשפּרייט אין די לאָשיצער אַרבעטער־קרייזן, ביי מיר איז געווען זיינס אַ לעצטע פאָטאָגראַפיע, געשיקט פון „הינטער די קראַטעס״, געמאַכט טאַקע אין תפיסה־הויף. אָבער אויך אַזוי, דוכט מיר, וואָלט איך אים דערקענט, נאָך אַזויפיל הערן וועגן אים...

אַ ברייטער שמייכל איז געווען צעלייגט אויף זיין קיילעכיק פּנים. מיר האָבן אָן ווערטער זיך אַרומגענומען און צעקושט.

„וואָס ביסטו איבעראַשט?...״ — האָט ער דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווייגן.

*

פאַרוואָס מען האָט משה רויזענקינד גערופן „חכם״, ווייס איך ביז היינט נישט. ער איז שוין גראָד קיין נאַר נישט געווען. דעם צונאָמען האָט ער גוטמוטיק אָנגענומען, אפשר דערפאַר ווייל קיינער האָט אים נישט גערופן אַזוי מיט בייזוויליקייט, אָדער מיט חוזק. אַ צונאָמען — יעדנפאַלס אַ שענערער, ווי פיל־פיל אַנדערע צונעמען אין שטעטל. איז דער צונאָמען אים אַזוי צוגעוואָקסן, אַז ער פלעגט זיך אַליין פאָרשטעלן פאַר פריש־באַקאַנטע נישט מיטן פאַמיליע־נאָמען, נאָר: „משה חכם״... פראָסט און פּשוט, שלום געמאַכט מיטן פאַקט.

משה רויזענקינד האָט געשטאַמט פון אַ זייער פרומער, אָבער שטאַרק אָרעמער פאַמיליע. גאָר יונג האָט ער געמוזט אָנהייבן אַרבעטן. ער איז אין אָנהויב געוואָרן אַ בעקער און אַלס יינגל שוין געפילט די שווערע לאַגע פון אַ פּראָלעטאַריער. אין די נעכט, צווישן איין געבעקס און צווייטן, האָט ער גענומען אין געהיים לייענען די ביכלעך, וואָס האָבן אים געוויזן אַן אויסוועג פון דער שווערער לאַגע, פאַר אים און פאַר אַלע זיינסגלייכן. דאָס האַרטע לעבן, צוזאַמען מיט דער אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור, האָט אים געבראַכט צו דער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטישער אַרבעטער־באַוועגונג. און דאָס האָט אים געבראַכט אין תפיסה אַריין.

דאָס לאָשיצער בעקער־יינגל איז אַרויסגעקומען פון תפיסה אַ הויך־אינטע־ליגענטער בחור, אָנגעשטאָפּט מיט פאַרשידנאַרטיקן וויסן. איך ווייס נישט וואָס ער האָט געקענט און געוווּסט פריער, פאַרן אַרעסט; מאַרקסיזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, האָט ער מסתם פריער אויך שוין געקענט. אָבער די זיבן יאָר תפיסה זענען פאַר אים געווען שטודיר־יאָרן, אמתע „אוניווערסיטעטן״, — סיי פאַר אַלגעמיינער בילדונג, סיי פאַר פאַרטיפן און אויסברייטערן זיין מאַרקסיסטיש וויסן, — דאָס איז זיכער. ער האָט, ראשית־כּל, געריידט אַ שיינעם פּויליש, וואָס ער וואָלט אין לאָשיץ זיכער נישט געלערנט. ער האָט גוט געקענט די וועלט־געשיכטע, אַרויסגעוויזן דערביי בקיאות און געמאַכט אָריגינעלע אַנאַליטישע פאַרגלייכונגען. געווען אַ „בן־בית״ אין דער אייראָפּעישער ליטעראַטור, פון די עלטסטע ביז די נייעסטע צייטן.

*

ער איז לאַנג נישט געבליבן אין פּוילן. די פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אים צו שיקן קיין ראַנטפּאַרבאַנד דורכמאַכן אַ הויכן פּאַרטיי־קורס מיטן ציל צוריקצובערענגען אים קיין פּוילן אויף אומלעגאַלער פּאָליטישער אַרבעט.

מיר זענען געווען זייער נאָענט. ער איז מיט מיר געווען אינגאַנצן אויפריכטיק. ער האָט זיך געשראָקן. עפּעס אַ פּחד פאַר דער אומלעגאַלער רייזע אהין, פאַרן אומלעגאַלן צוריקער. „עס איז אָבער ווערט...״ — האָט ער זיך אַליין באַרואיקט און געטרייסט — „כ׳וועל זיין דאָרט אַ יאָר און נאָך מער...״ ער האָט געחלומט וועגן דאָרט, וועגן לאַנד פון דער רעוואָלוציע, וועלכער ער האָט זיך געווידמעט, מקריב געווען אַלץ...

זיינע בעסטע יוגנט־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין תפיסה, כאָטש ער האָט זיך נישט געקלאָגט אויפן פּאָליטישן טורמע־רעזשים, האָט אים געשראָקן דער געדאַנק, אַז ער קאָן ווידער אריינפאַלן אויף יאָרן. אָבער, קומענדיק צו עפּעס אַ קעגנשטאַנד, וואָס ער האָט נישט געקענט, פלעגט ער מיט אַ שמייכל „באַרואיקן״:

„נישט געזאָרגט, ביי מיינע ווייטערדיקע אוניווערסיטעט־יאָרן, וועל איך דאָס אויך לערנען...״

*

איך האָב אים, דער איינציקער פון אַלע נאָענטע חברים, באַגלייט צו דער באַן. איך בין געקומען אויפן מזרח־וואָקזאַל אין פראַגע אַ פּאָר מינוט פריער, טראָגנדיק די טעקע מיט זיינע פאַלשע דאָקומענטן. ער איז אַרויסגעקומען אויפן פּעראָן די לעצטע מינוט פאַרן אָפּגיין פון צוג. מיר האָבן זיך שטיל אַרומגענומען. אין זיינע גרויסע אויגן איז געלעגן עפּעס אַ טרויער, צי אַ שרעק.

„מיר וועלן זיך דאָך בקרוב צוריקזען, משה...״

ער האָט נישט באַוויזן צו ענטפערן, דער קאָנדוקטאָר האָט דעם לעצטן פייף געטאָן, משה האָט שנעל זיך אויסגעדרייט און אריינגעשטיגן אין וואַגאָן.

*

איך האָב דערהאַלטן פון אים פון ראַטנפאַרבאַנד איין איינציקן בריוו. ער האָט באַשריבן אַ באַזוך אין מוזיי פון דער רעוואָלוציע אין לענינגראַד. דער בריוו האָט געאָטעמט מיט פרייד און ענטוזיאַזם. „דערלעבט...״, „ווערט געווען אַלץ... אַלעליידן...״ — האָט זיך געלייענט אין און צווישן די שורות. ער האָט אָנגעגעבן אַ צוריק־אַדרעס אין אַ קוראָרט לעבן אָדעס, וווּ ער „פאַרט זיך דערהאָלן פאַרן אָנהויבן לערנען...״

קיין ענטפער אויף מיין בריוו אַהין האָב איך מער פון אים נישט באַקומען.

ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיינע לערער און פירער, די לענסקיס, וואַרסקיס, זשאַרסקיס און סאָכאַצקיס — די בויער פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

משה „חכם‟ האָט אָפּט ליב געהאַט צו זאָגן פּאַראַדאָקסן — אָבער אַזעלכן, וואָס זיין טראַגישער סוף האָט אים געגרייט, האָט ער אפילו אין חלום נישט געז׳עגן... און ווען עמעצן פון זיינע נאָענטע פאַלט איין אים עס פאַרצוזאָגן, וואָלט ער מיט אַ שטאָלצן הויב פון קאָפּ מיט יענעם איבערגעריסן, אויב ער וואָלט אים נישט געקאָנט פריער אויספּאַטשן, אָדער אָנשפּייען אין פּנים...

ב. פעדער

## חיים־איצל גאָלדשטיין

חיים־איצל גאָלדשטיין איז גאָר יונג אריינגעטראָטן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש. ער האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען ביי דער אָנפירונג פון לעדער־אַרבעטער־פאַריין און געווען איינער פון די גרינדער פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין לאָדזש. זיין לאָגישער געדאַנקען־גאַנג, רואיקער צוגאַנג צו אַלע געזעלשאַפטלעכע ענינים און טיפע לעבנס־חכמה האָבן אים געמאַכט באַליבט אפילו אין די קעגנערישע קרייזן און ער איז שטענדיק געווען פון די פאַרמיטלער און פאַרשטענדיקער צווישן דער אַרבעטער־באַוועגונג און דעם בירגערלעכן לאַגער.

ער איז פרי אַוועק פון שטעטל, ווו ער האָט נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע באַזע פאַר זיך און זיין פאַמיליע. ער האָט געאַרבעט אין וואַרשע ביי שטריקערייִ און סוף פון די 20־טער יאָרן אַוועק קיין פּאַריז, ווו ער איז ביז היינט אַ תושב.

חיים־איצל איז גלייך נאָך זיין אָנקומען קיין פראַנקרייך, אריינגעטראָטן אין די רייען פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געווען פון די אָנפירער פון שטריקער־אַרבעטער־פאַריין אין פּאַריז, וואָס האָט אין יענע יאָרן געפירט, בראש פון הונדערטער יידישע אַרבעטער, אַ ברייטע קעמפערישע פּראָפּע־סיאָנעלע טעטיקייט. גלייכצייטיק איז חיים־איצל געווען אַן אָנגעזעענער טוער אין פאַרשידענע יידישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונעם לינקן אַרבעטער־פליגל.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך ביים צווייטן וועלט־קריג, איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. פון אוישוויץ איז חיים־איצל געשיקט געוואָרן, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידישע קרבנות, קיין וואַרשע, אָפּרייניקן דעם שטח פון געטאָ, נאָכן אויפשטאַנד. דאָ האָט ער זיך באַטייליקט אין דורכגעפאַלענעם פּוילישן באַר־אויפשטאַנד און האָט צוזאַמען מיט נאָך געציילטע יידן זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער אונטער אַ חרוב הויז פון יידישן געטאָ. דאָ, אונטער דער ערד, האָט ער דורכגעלעבט דעם לעצטן, שרעקלעכן ווינטער פון דער מלחמה און איז באַפרייט געוואָרן, ווען די סאָוויעטישע אַרמיי האָט פאַרנומען וואַרשע.

וועגן זיינע איבערלעבונגען אין לעצטן ווינטער פון דער מלחמה, האָט חיים־איצל גאָלדשטיין אָנגעשריבן אַ גרויס בוך, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע און אַרויסגערופן גרויס אויפזען ביי דער קריטיק.

צוזאַמען מיט חיים־איצלען איז אַלע יאָרן טעטיק געזעלשאַפטלעך זיין פרוי רויזקע, פון דער היים גאָלדרינג, אברהם־יצחק בעקערס טאָכטער, פון לאָשיץ. זי האָט זיך, בדרך נס, באַוויזן צו ראַטעווען, בעת דער מלחמה, פון די נאַצישע נעגל, צוזאַמען מיט זייערע צוויי קינדער.

מ. ש.

## יהושע רוזאַל

יהושע רוזאל איז געווען פון די ערשטע אַרבעטער־פירער און קולטור־טוער אין לאָשיץ מיט 40—45 יאָר צוריק. ער האָט געבראַכט די ערשטע ביכער פאַר דער לאָשיצער אַרבעטער־ביבליאָטעק און אַלץ געטאָן זיי זאָלן געלייענט ווערן דורך דער שטעטלדיקער יוגנט, וועלכע זאָל דערזען דורך די ביכער די ברייטע וועלט און דורכגעדרונגען ווערן מיט די נייע פּראָגרעסיווע אידייען.



יהושע רוזאַל

יהושע איז אַ זון פון ר' יצחק־מאיר חזן, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן געדאַוונט פאַרן עמוד יום־טובים אין שיל און בית־מדרש, בראש פון אַ גרויסן כאָר. איטשע־מאיר חזן האָט געהאַט אַ געוועלב אין ראָג פון די דריי ראַט־הייזער אינמיטן מאַרק. דער טאַטע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געשעפּט קיין נחת פון די מעשים פו'ן זיין אויפגעקלערטן זון און פון זיין סאָציאַליזם. „נישט געזונט" — פלעגט דער פאָטער טענהן — „וואָס ער גייט אַליין אויף שלעכטע וועגן, מאַכט ער נאָך קאַליע אַנדערע יידישע קינדער, איז אַ מחטיא את הרבים..." דערפאַר האָט ער געהאַט נחת פון צווייטן זון, וואָס איז געווען אַ שטאַרק פרומער און געוואָרן יצחק־אהרן חוה־מלכהס איידעם. ר' איטשע־מאירס פרוי פלעגט טענהן: „איך האָב צוויי זין, איז איינער — עשיו און דער צווייטער — יעקב..."

יהושע רוזאַל איז געווען, צוזאַמען מיט אַווראַמל שטריקער, יאָסל טשאָפּ און אַנדערע, פון די גרינדער פון „בונד" אין לאָשיץ און צווישן די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע אין אירע ערשטע יאָרן. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער, אָבער, צוליב די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, פאַרלאָזט דאָס שטעטל און גענומען אַרבעטן אין וואַרשע ביי שטריקעריי. אויך אין וואַרשע איז ער געווען טעטיק אויפן פּאָליטישן און פּראָפעסיאָנעלן געביט. אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע.

אין אַרגענטינע איז יהושע רוזאַל די גאַנצע יאָרן אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפט־לעכער טוער, ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער אַרבעט ביי די יידישע שולן,

פאַרלאַג־וועזן און אויפן ווירטשאַפטלעכן געביטביים קאָאָפּעראַטיוון באַנק־וועזן. ער האָט לאַנגע יאָרן אויך געהערט צו דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה אין בוענאָס־איירעס.

צוזאַמען מיט אים איז טעטיק זיין פרוי צעשע, וועלכע איז זייער פּאָפּולער אין די געזעלשאַפטלעכע קרייזן פון יידישן ישוב אין דער אַרגענטינער הויפּט־שטאָט.

דוד רוזאַל

## איצל ראַק

איצל ראַק איז געווען איינער פון די ערשטע אַרבעטער־טוער אין לאָשיץ, אין סאַמע באַגין פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין שטעטל. ער האָט אָנגעהויבן אַלס קולטור־טוער, געווען צווישן די גרינדער פון דער ערשטער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין לאָשיץ, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. זייער יונג איז ער אריינגעצויגן געוואָרן אין „בונד" און געווען איי־נער פון די גרינדער פון דער בונ־דישער אָרגאַניזאַציע אין לאָשיץ.



איצל ראַק מיט זיין פאַמיליע אין לאָשיץ

פאַר זיין צוזאַמענאַרבעט מיט די באָלשעוויקעס, בעת דער סאָוויעטי־שער אָקופּאַציע פון לאָשיץ אין 1920, איז ער שפּעטער געמשפּט געוואָרן דורך אַ פּויליש געריכט און באַפרייט געוואָרן אַדאַנק גרויסע באַמיאונגען פון פאַרשידענע זייטן.

בעת דער צווייטער וועלט־מלח־מה האָט ער זיך געראַטעוועט מיט זיין פאַמיליע אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו עס איז אומגעקומען זיין פרוי. ער איז דאָרט געווען פאַרשיקט, געאַרבעט ביי שווערער צוואַנג־אַרבעט, אָבער שטענדיק געבליבן האָפענונגספול, מונטער, זיכער אין אַ בעסערן, שענערן מאָרגן.

נאָך דער מלחמה איז ער געקומען קיין ישראל, ווו ער לעבט צווישן זיינע קינדער און אייניקלעך, געאַכטעט דורך דער גאַנצער לאָשיצער משפחה.

מ. ש.

# מיין שוועסטער עלקע פרידמאַן

געווען איז מיין שוועסטער עלקע דאָס מוזיניקל אין שטוב. ביי פֿאַרמעגלעכע עלטערן וואָלט אַזאַ מוזיניקל געווען אַ צעפּיעשטשעטע קינד. ביי אונדז, אָבער, ווי ביי אַנדערע אָרעמע עלטערן, האָט מען זיך אויף קיין קינדער נישט שטאַרק אומגעקוקט — זיי האָבן זיך געמוזט אַליין „דערציִען".

מיין שוועסטער עלקע איז געווען דאָס נייִנטע קינד ביי אונדז אין שטוב און יונגער פֿון מיר מיט דרייצן יאָר. געבוירן איז זי אין אַ שרעקלעך אומרואיקער צייט, אין אַ צייט ווען לאָשיץ איז געשטאַנען אין מיטן פֿייער פֿון דער ערשטער וועלט מלחמה. פּאָגראָמען, רויבערייען און מאָרדן האָבן צעטרייסלט דאָס שטעטל. די דייטשע אַרמיי, פֿון וועלכער מען האָט דאַן דערוואַרט אויסלייזונג, איז גאָר פֿון צדיקים נישט באַשטאַנען. די דייטשן האָבן, פֿאַרנעמענדיק אונדזער שטעטל, אויסגעזויגן פֿון דעם דאָס לעצטע ביסל מאַרך. אין יענע שווערע מלחמה־יאָרן, האָט עלקע געשטעלט אירע ערשטע קינדער־טריט. אירע קינדער־אויגן האָבן זיך שוין דאַן באַגעגנט מיט די דייטשישע רוצחים. מיט איר קינדישן שכל האָט זי נישט געקאָנט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס זי מוז הונגערן. גאַנצע טעג, און אָפֿט מאָל אויך גאַנצע נעכט, פֿלעגט זי וויינען בעטנדיק עסן. איר געוויין פֿלעגט שניידן ביים האַרצן. מען פֿלעגט דאַן פֿאַרגעסן אין אייגענעם הונגער און בלויז מיטפֿילן דעם קינדס ווייטיק.

פֿאַרמאָגט האָט מיין שוועסטער עלקע אַ פֿייערדיק קעפּל צום לערנען. אין שול איז זי געווען די בעסטע שילערין. שטיל אין זיך פֿלעג איך מקנא זיין, פֿאַרוואָס זי גייט אין שול און איך האָב אַלס קינד קיין שול נישט באַזוכט, נאָר בלויז אַ פֿינצטערן חדר. איך האָב דערפֿאַר באַשלאָסן איר צו העלפֿן אין דער לערע, מיט וואָס נאָר כ'וועל קאָנען. ווען אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן באַוויזן אַרבעט, האָב איך פֿאַר מיין שוועסטער צוגענומען די לערערין חיה־מאַליע, זי זאָל איר לערנען יידיש. דער לערער פֿון דער פֿאָלקס־שול, וועלוול כהן, האָט מיך צוגערעדט צוצוגרייטן מיין שוועסטער צו אַ מיטל־שול. אין צווישנצייט האָט מיך דאָס לעבן פֿאַריאָגט קיין סאָסנאָוויעץ. איך האָב בלויז געקאָנט העלפֿן מיין משפּחה מאַטעריעל, אָבער נישט געהאַט מער קיין השגחה אויף מיין שוועסטער פֿון דער נאָענט.

*

עלקע איז צו־יונג רייף געוואָרן. דער קאָמוניזם, וואָס האָט אין יענע יאָרן באַהערשט דאָס יידישע לעבן אין שטעטל, האָט אויך מיין שוועסטער מיטגעריסן.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען איך בין געווען צוגאַסט אין שטעטל, האָב איך שוין מיין שוועסטער געטראָפֿן ווי אַ רייפֿע, איבערגעגעבענע קאָמוניסטקע. דורכן באַהערשן די פּוילישע שפּראַך (וואָס איז דאַן געווען אין די לאָשיצער אַרבעטער־רייען אַ זעלטנהייט) איז מיין שוועסטער עלקע שנעל געשטיגן ביי דער קאָמוניסטישער טעטיקייט. צו צוויי־און־צוואַנציק יאָר איז זי שוין

געווען אַ מיטגליד אין פּרעזידיום פון געגנט־קאָמיטעט. אַ לאַנגע צייט איז זי געווען די קאַסירערין פון גאַנצן שעדלעצער ראַיאָן. דאָס איז געווען אַ סימן פון דעם גרויסן צוטרוי צו איר מצד די קאָמוניסטישע אָנפירער. דורך אַ פּראָוואָקאַציע ווערט פאַרשאָטן דער גאַנצער שעדלעצער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און מיין שוועסטער ווערט אַרעסטירט און פאַרמשפּט אויף אַ פּאָר יאָר תפיסה. פּאָר געלט געלינגט זי צו באַפרייען אויף קויציע ביזן אורטייל פון אַפּעלאַציע־געריכט. זי קומט צו מיר קיין סאָסנאָוויעץ, מיינענדיק אַזויאַרום אויסצומיידן די תפיסה־שטראָף. אָבער דאָס גיט זיך איר נישט איין. נאָכן באַשטעטיקן דעם אורטייל פון ערשטן געריכט, ווערט זי אין סאָסנאָוויעץ פאַרהאַלטן און איינגעזעצט אין קאַטאָוויצער תפיסה.


עלקע פרידמאַן

דאָרט פאַרכאַפּט זי דער נאַציזם, וועלכער פאַרפלייצט גאַנץ פּוילן, נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. איך מוז דאַן אַנטלויפן פון סאָסנאָוויעץ, נישט קאָנענדיק זי ראַטעווען פון די נאַצישע נעגל. אָנקומענדיק קיין ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך אַלץ געטאָן כדי מיין שוועסטער צו ראַטעווען. נאָך לאַנגע באַמיאונגען געלינגט מיר צו באַקומען אַ פאַרזיכערונג פון סאָוויעטישן אויסערן־קאָמיסאַריאַט, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט עלקע זיין אין לוצק.

צוואַנציק יאָר וואַרט איך אויף איר. צוואַנציק יאָר רו איך נישט, מיינענדיק אַלץ אַז אָט־אָט און זי וועט קומען. איך קאָן אַלץ נישט שלום־מאַכן מיטן שרעקלעכן גורל. איר געשטאַלט, וואָס איך האָב געזען ביים פלעכטן קוישן אין דער קאַטאָוויצער תפיסה, גייט מיר נאָך אויף אַלע מיינע וועגן. איך האָב פאַרלוירן טאַטע־מאַמע, איך האָב פאַרלוירן מיין עלטערן ברודער הערשל מיט זיין פרוי און זעקס דערוואַקסענע קינדער, איך האָב פאַרלוירן מיין עלטסטע שוועסטער מיט איר מאַן, איך האָב פאַרלוירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע משפּחה פון פעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס, איך האָב פאַרלוירן הונדערטער טייערע און האַרציקע חברים און פריינט, איך האָב פאַרלוירן אַ גאַנץ שטעטל יידן, וואָס האָבן דורות־לאַנג געלעבט מיט האָפענונג, מיט גלויבן, מיט איבערצייגונג אַז קומען וועט אַ בעסערער און שענערער מאָרגן. איז געקומען אַ חיה

און האָט אַלע פּאַרצוקט. ס׳טוט וויי, ס׳טוט שרעקלעך וויי. ס׳טוט מיר אָבער נאָך מער ווי דאָס פֿאַרלירן מיין שוועסטער עלקע. די אומשטענדן וואָס האָבן זי דערפֿירט צום אומקום זענען פֿון אַ באַזונדערן מין. אירע הילף־רופֿן פֿון קאַטאָוויצער תּפֿיסה, וואָס איך פֿלעג אין בריוו באַקומען, שוין זייענדיק אין סאָוויעטן־לאַנד, לאָזן מיך נישט רוען. שוועסטער מיינע, — רעד איך אָפּטמאָל צו זיך אַליין אין דער שטיל, ווי עפּעס אַ תּפֿילה — איך האָב דאָך אַלץ געטאָן כדי דיך צו ראַטעווען. איך האָב דאָך נישט גערוט ביז מען האָט מיר פֿאַרזיכערט אַז דו קומסט צו מיר...

אין 1940 האָבן זי די נאַציס „באַפֿרייט" פֿון תּפֿיסה. דורך וועגן און אומוועגן איז זי געקומען קיין לאָשיץ, וואָס האָט זיך דאַן אַליין געקאָרטשעט אין ווייטיק, אין שווערן געראַנגל מיטן נאַצישן מלאך־המוות. איך האָב דאַן אָנגעווענדט אַלע מיטלען זי אַריבערצובאַקומען אויף דער צווייטער זייט בוג. אָבער לײדער האָב איך דאָס נישט געקאָנט דערגרייכן און מיין שוועסטער האָט געטיילט דעם גורל פֿון אַלע לאָשיצער קדושים.

*

אויף די גאַסן אין שעדלעץ האָט זי אַן איינזאַמע אַרומגעוואַנדערט. די נאַצישע חיה האָט זיך נאָך אַ שפּיל געטאָן מיט איר יונג לעבן. „באַפֿרייט" זי פֿון תּפֿיסה, און געלאָזט איר אַוועקוואַנדערן צוריק אין איר שטעטל, דאַן, ווען קיין יידן האָבן זיך שוין נישט געקאָנט פֿריי באַוועגן. אין לאָשיץ האָט זי לאַנג נישט געקאָנט בלייבן. זי האָט געמוזט אַוועק. זי איז אַנטלאָפֿן קיין מינסק־מאַזאָוויעצק צו אירער אַ קוזינקע. אָבער אויך דאָרט האָט געברענט אונטער איר דער באָדן. ווי אַ געיאָגטע חיה איז זי ווידער געלאָפֿן קיין שעדלעץ, מיינענדיק, אַז אפֿשר דאָרט וועט זי קאָנען איבערהאַלטן. די איינזאַמקייט אין שעדלעץ האָט איר געצוווּנגען אונטערצונעמען שריט צוריקצופֿאָרן קיין לאָשיץ. ביים אויספֿירן איר פּלאַן איז זי געפֿאַלן פֿון אַ מערדערישער נאַצי־קויל אויף אַ שעדלעצער גאַס. איר בלוט האָט געוואַשן דעם ברוק אין שעדלעץ...

יוסף פרידמאַן

## יאָכטשע פרידמאַן

מיר האָבן זיך געטראָפֿן אין פּאַריז, ווען אונדזער לאָשיץ האָט מער נישט עקזיסטירט — אין 1949.

זי האָט זיך אויפֿריכטיק־תּמימותדיק געפֿרייט:

„נאָך איין געבליבענער..." און זיך צעשמייכלט — „מיך געדענקסטו נישט, אָבער דעם טעם פֿון מיין מאַמעס ליבעלעס רעטשענע באָבעלעך דערמאָנסטו זיך זיכער..."

אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָט שוין אַ ווייטיקדיקער ערנסט פאַרכמורעט איר פּנים און זי האָט געפרעגט די פראַגע, וועלכע זי האָט מסתם גע־שטעלט יעדן אָנגעטראָפענעם לאָשי־צער, ווי ווילנדיק אים משפּטן לויטן ענטפער:

„און ווען לאָשיץ שטייט אויף תחית־המתים, עס לעבט צוריק אויף דאָס שטעטל, ווי ס׳איז געווען אין יענע, שווערע, צייטן — וואָלסטו אַהיימגעפאָרן ?!"

איך האָב איר נישט געקאָנט ענטפערן אויף דעם. כ׳האָב געשוויגן... אָבער איר ענטפער איז געווען קלאָר. זי וואָלט קיין מינוט נישט פאַרבליבן אין ליכטיקן פּאַר׳ז, זי וואָלט מיט ביטל צעריסן די פּאַפּירן קיין אויסטראַליע און וואָלט געפאָרן, נישט סתם געפאָרן, נאָר געפלויגן — „אַהיים".



יאָכטשע פרידמאַן

זי האָט נישט געקאָנט דענקען און רעדן וועגן איר לאָשיץ, וועגן איר ליב געבוירן־שטעטל, אַנדערש, ווי וועגן — אַ היים. דעריבער איז געווען אַזאַ וואַרעמקייט, אַזויפיל האַרציקייט אין אירע זכרונות וועגן שטעטל, וועגן שטעטלדיקע מענטשן, וועגן וועלכע זי איז נישט מיד געוואָרן רעדנדיק. איר גוף, שוין אויסגעמאַטערט דורך דער שווערער טויט־טראָגנדיקער קראַנקייט, האָט דאַן צוריקבאַקומען זיינע כוחות און דאָס בלאַסע פּנים — די יונגע קאָלירן. וואָלט לאָשיץ געלעבט — וואָלט זי דאָך לעבן־געבליבן, זי וואָלט שטאַרקער געווען פון דער מחלה...

*

איר פאָטער, משה סקאָלימאָוויטש, איז געווען אַ גיבור. ער פלעגט מיט די ציין אַראָפּנעמען אַ זעקל זאַלץ פון זיין וואָגן און אַזוי אריינטראָגן עס אין שטוב אַריין. יאָכטשע איז אַלט געווען דריי יאָר, ווען איר פאָטער איז יונגערהייט געשטאָרבן אין דער טיפוס־עפּידעמיע בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, אין 1905.

„פון יענער צייט" — האָט זי דערציילט — „געדענק איך נאָר יאַנקל טרעטניק דעם באַגרעבער, ווייל איך פלעג אים נאָכלויפן ער זאָל מיר אָוועקגעבן מיין טאַטן..."

דעמלט האָט זיך אָנגעהויבן די נויט. די מוטער האָט געמוזט אַליין שפּייזן פיר קליינע קינדער. יאָכטשע איז אַרומגעגאַנגען איבער די שוסטער־וואַרשטאַטן פאַרקויפן רעטשענע באָבעלעך, וואָס איר מוטער האָט געבאַקן. דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט דער אַלגעמיינער נויט, זיך דערוווסט אַז מענטשן זוכן וועגן אָפּצושאַפן אָט־די נויט און אַז די זון קאָן שײַנען גלייך פאַר אַלע און אַלע זאָלן עסן ברויט צו דער זעט. זי איז אריין „אין די רייען". אין 1916 זינגט זי שוין אין יוגנט־כאָר ביי דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, זי שפּילט אין דראַמקרייז און ווערט אריינגעצויגן אין פּאָליטישער טעטיקייט.

„ביי יעדן לאָשיצער יוגנטלעכן" — האָט זי געזאָגט — „איז דאָך זיין אָרגאַניזאַציע געווען אַ צווייטע היים, אָבער ביי מיר נאָך פיל מער... קאָנסטו זיך דען פאָרשטעלן די נויט און דעם יאוש אין מיין מאַמעס שטוב בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה ?... די בונדישע קולטור־געזעלשאַפט, מיט איר חברישער וואַרעמקייט און אידייאישער מוטיקונג — האָט מיך ממש דערהאַלטן ביים לעבן..."

זי האָט שוין דעמלט געקענט יאָסל באָביק. זיי האָבן זיך באַקענט נאָך קינדווייז, ווען ער האָט אין אַ וואַרשטאַט געקויפט ביי איר אַ רעטשן באָבעלע. זי איז אַלט געווען 22 יאָר, ווען זיי האָבן חתונה געהאַט.

„מיר האָבן געהאַט אַ קליין שטיבעלע ביי נאָטע־לוין. מען האָט דאָרט קוים געקאָנט אַוועקשטעלן צוויי בעטן — אָבער שטענדיק בענק איך נאָך דעם... אַזוי וואַרעם איז דאָרט געווען... דאָרט איז געווען מיין אמתע היים. און אַזויפיל נאָענטע היימען זענען דאָרט געווען: ביי יאָסל חיה־משהס, ביי מרדכי יידל־שרהקעס, ביי הלל אברהם־יאָקילס, ביי חיה שרה־דבורהס..."

אין 1924 איז זי אַריבער צו איר מאַן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער בונדישער אַרבעט אין סאָסנאָוויץ — אָבער נישט אויפגעהערט בענקען „אהיים", קיין לאָשיץ. אין סאָסנאָוויץ איז זי געוואָרן אַ מאַמע, אָבער גלייך נאָכן קימפּעט, מיטן קליינעם טעכטערל — אַוועק קיין לאָשיץ.

„ס'איז דאָך נאָרמאַל — אַהיים".

זי איז צום לעצטן מאָל געקומען „אַהיים" אין 1939, געיאָגט דורך די היטלער־באַנדיטן

„לאָשיץ האָט געגאָסט, ווען מיר זענען אַוועק אויף מזרח. עס איז געקומען דער פּיין־וועג אין אַ חזרים־וואַגאָן קיין סיביר... כ'האָב דאַן געקלערט וועגן זעלבסטמאָרד..."

אָבער זי האָט געשלעפּט דעם שווערן סיבירער לעבנס־יאָך, אַלס מאַמע און פרוי. האָט זי דערציילט ווי זי האָט, אַ כמעט־באָרוועסע, געטראָגן וויטע שטרעקעס, אין סיבירער שנייען, פון אַ קאָלכאָז, אַ ביסל קאַרטאָפל פאַר איר פאַמיליע, און געטרוימט:

„עס מוז זיך דאָך ענדיקן — מען וועט צוריקומען אהיים, קיין לאָשיץ..."

דער עול פֿאַר דער פֿאַמיליע און די האָפֿענונג האָבן זי אויפֿגעהאַלטן, אָבער דאָך איז ערגעץ אין די סיבירער שנייען געבליבן שטעקן — איר געזונט. דער וואַנדער־וועג אויף צוריק, די ביטערעווירקלעכקייט פֿון אויסגע־ראָטענעם יידישן פּוילן, האָבן זי נאָך מער צעבראָכן.

ווען איך האָב זי געטראָפֿן אין פּאַריז, איז זי ביסלעכווייז געהאַט געקומען צו זיך און געפּרוווט האָפֿן:

„מען קאָן, ווען מען מוז, אָנהויבן פֿונדאָסניי...״

זי האָט געהאַלטן ביי פֿאָרן קיין אויסטראַליע. אַ נייע וועלט. צוזאַמען מיט דער גאַנצער פֿאַמיליע — אָנהויבן דאָרט פֿונדאָסניי.

„לאָשיץ איז טויט... אפשר וועט דאָרט זיין אַ היים...״

מיט אָט־דער האָפֿענונג איז זי געגאַנגען צו דער אָפּעראַציע, נאָך וועלכער זי איז מער נישט אויפֿגעשטאַנען. 48 יאָר איז זי אַלט געווען.

*

נאָך איר טויט האָט איר מאַן, יוסף פֿרידמאַן — יאָסל באָביק — געזונגען אין טרויער („אונדזער שטימע״, פּאַריז):

„אויב שטערן וואָלטן אויף אמת באַדייטן
אַ צייכן פֿון מענטשלעכן לעבנס־שיקזאַל —
האָט קיינמאָל איר שטערן געלויכטן אין ווייטן,
איר לעבן ז׳געווען אַן אַ פֿריידיקן שטראַל״.

האָט זיין ווייטיק איבערגעטריבן. איר לעבן האָט געהאַט „פֿריידיקע שטראַלן״ — דווקא אין לאָשיץ, אין די אָרעמע געסלעך, צוזאַמען מיט שפרה גוז, מיט מרים גאָלדשטיין, מיט מאַשע קאַזע. דאָרט האָבן איר געלויכטן שטערן פֿון האָפֿענונג, פֿון אַ זאַטן מאָרגן און גליקלעכער צוקונפֿט...

מרדכי שנער

## דער רעוואָלוציאָנער פֿון חסידים־שטיבל

ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַראָפּגעשטיגן פֿון עראָפּלאַן אויפֿן פֿלי־פֿלאַץ פֿון ריאָ־דע־זשאַנייראָ, די הויפּטשטאָט פֿון בראַזיל, האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ הויך גרוי פּאָרפֿאָלק. די פֿרוי האָב איך גלייך דערקענט, כאָטש זי איז אינגאַנצן גרוי געוואָרן אין די בערך צוויי־צענדליק יאָר, וואָס כ׳האָב זי נישט געהאָט שוין געזען. די זעלבע סכּיע... דאָס זעלבע שיינע האַרציק־שמייכלענדיק פּנים, מיט די איידעלע שטריכן, ווי איך פֿלעג זי באַוווּנדערן אין מיין יוגנט — די הויכע שטאָלץ־גלייכע פֿיגור פֿון סכּיען מיט די לאַנגע שוואַרצע צעפּ, וועלכע האָבן אַפּערגעקוקט פֿון אונטערן שייטל, אַמאָל־אַמאָל אין לאָשיץ.

אים, אָבער, וואָלט איך — ווען זי שטייט נישט דערלעבן — בשום אופֿן נישט דערקענט...

איך האָב אים, שלום וורובעל, געדענקט, ווי אַ הויכן שלאַנקן חסידישן יונגנמאַן, וועלכער פלעגט שווערלעך גיין מיט איין שטענדיק־אויסגעגלייכ־טן פוס. ער פלעגט דעמלט זיין גע־קליידט אין אַ לאַנגער, שוואַרצער „געהאַקטער" קאַפּאָטע, הויכע גלאַנצי־קע שטיוועלעך און טראָגן אויפן קאָפּ אַ קליין קײלעכדיק „יידיש" היטעלע. איך דערמאָן זיך אים פון לאָשיץ, מיט אַ נישט־לאַנגער ברוינלעכער באָרד און גאַנץ־לאַנגע שוואַרצע פיאות. אין מיין זכרון איז געוועזן איינגעקריצט זיין פיגור מיטן טלית־זעקעלע אונטערן אָרעם, איילנדיק צום דאַווענען אין חסי־דישן „שטיבל" אריין, צי גאָר זיצנ־דיק צווישן מנחה און מעריב אין גרויסן בית־מדרש טיף פאַרטאָן אין אַ ספר.


סעכיע און שלום וורובעל אין בראַזיל

אין שאָטן פון די ברעג־בערג פון דער גואנאבאַראַ־בוכטע איז געשטאַנען אַן אַלטער אייראָפּעיש־געקליידעטער מאַן מיט אַ גלאַט־ראַזירט אָפּגעברענט פנים. דער ווייענדיקער ים־ווינט האָט צעבלאָזן די ווייסע האָר פונעם קאָפּ און ווי געפּרוווט מיט זיי פאַרדעקן די טיפע קנייטשן אויפן שטערן און אונטער די אויגן.

באַלד בין איך אויך געוואָרן: לכבוד מיר האָט שלום ריזיקירט צו קומען — נאָך לאַנגע יאָרן — אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ אין ריאָ־דע־זשאַניירא, אויסגעשטעלט אויף אומגעוווּנטשענע בליקן... פאַר דער פּאָליציי פון דער בראַזיליאַנער הויפּטשטאָט האָט ער דאַן נישט עקזיסטירט, ער איז פאַרשוווּנדן, נישטאָ מער... פאַרלאָרן אין די טיפענישן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן...

*

דערציילט די פרוי:

ער האָט שוין אין לאָשיץ גענומען „אונטערזינדיקן". אין שטוב האָבן זיך באַוויזן טריף־פּסולע ביכער, ביי וועלכע ער פלעגט זיצן ביז שפּעט ביינאַכט. ער פלעגט אין זומערדיקע פאַרנאַכטן, אָנשטאָט אין בית־מדרש אריין, פאַרבלאָנ־דזשען אין וואַלד, ווו חברה בונדיסטן פלעגט אָפּהאַלטן אומלעגאַלע „מאַסוווקעס", זיך איינהערן, נעמען דיסקוטירן. אָבער אין שטיבל האָט מען, פאַרשטייט זיך,

גאַרנישט געוווסט, אין בית־מדרש נישט געאַנט; אָבער די משפחה, די ברידער און שוואָגערס — אַלע פאַרברענטע חסידים — האָבן עפּעס געגומען פון אים הערן נייע ווערטער: פּאָליטיק... אַרבעטער... אָרעמע לייט... זיי זענען, אָבער, זיכער געווען, אַז ער שעפּט אַלץ פון די אַלטע קוואַלן — פון עמוסן, צי פון אַ מדרש. ער האָט די קאַפּאָטע נישט געקירצט, די באָרד נישט פאַרשוירן און קיין דאַוונען בציבור אַלץ נישט דורכגעלאָזט.

„ס'איז געווען אַ פּאַמעלעכער פּראָצעס" — דערציילט שלום, — „וואָס האָט זיך געצויגן לאַנגע יאָרן..." אפשר האָט צוגעהאָלפן די שווערע מאַטעריעלע לאַגע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער רייכער קעסט־איידעם האָט געהאַט גרויסע שוועריקייטן ביים „אַראָפּגיין פאַר־זיך" און נישט געקאָנט זיך מאַטעריעל איינאָרדענען.

פון לאָשיץ האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע אין די לענדער מעבר־לים, עס זענען געפאָרן שוסטער־זינדלעך און זיידענע יונגעלייטלעך — די געגריוועטע שוסטעריי האָט קיין פרנסה נישט געגעבן. אויך שלום איז אַוועק פון שטעטל. דער גורל האָט אים פאַרוואָרפן קיין בראַזיל.

ער איז אויף יענער זייט ים אויסגעשטיגן פון דער שיף, שוין אָן דער קאַפּאָטע, אין אַ מאָדערנעם שטרוי־הוט אויפן קאָפּ און שוין אָן דער באָרד, — זי איז פאַרשוווּנדן ערגעץ אין די כוואַליעס פון אַטלאַנטיק...

און אויפן דעק פון דער שיף, אַלס תפילת־הדרך, האָט ער דעם גאַנצן וועג — שטודירט מאַרקסן...

אין בראַזיל איז דעמלט געווען אַ שטאַרקע יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אָנגעפירט דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין דאָזיקן גרויסן וווּנדערבאַרן לאַנד איז דעמלט ווי פון אונטער דער ערד געוואַקסן די לעגענדע וועגן „ריטער פון דער האָפענונג", לואיס קאַרלאָס פּרעסטעס, וועלכער האָט געגרייט זיין צווייטע רעוואָלוציע, דאָס מאָל נאָכן דורכמאַכן אַ שול אין מאָסקווע.

שלום איז גלייך אריינגעצויגן געוואָרן אין די אומלעגאַלע קרייזן. ער האָט בייטאָג, ווי די מערהייט „גרינגאָס", געקלאַפּט אין טירן מיט זיין פּעקל סחורה אויף די פּלייצעס. און ביינאַכט, מיט ענטוזיאַזם, מיט פרישער, צום ערשטן מאָל פון אים אַרויסקווועלנדיקער, ענערגיע, זיך געוואָרפן צו פּאָליטישער אַרבעט. מיט חסידישן ברען, מיט עכט־פרומער ערלעכקייט. און דער גמרא־קאָפּ האָט געאַרבעט. ער האָט זיך אַנטוויקלט, געוואַקסן און — געווירקט אויף צווייטע.

„נישט נאָר דער קאָנטינענט איז געווען פאַר מיר אַ נייע וועלט, — נאָר עס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט מיט גלויבן, מיט טעטיקייט, מיט האָפענונגען..." — האָט ער זיך דערמאָנט נאָך יאָרן.

די רעאַקציע, אָבער, אין בראַזיל האָט שנעל אָנגענומען דראַסטישע מאָס־מיטלען קעגן דער דאָרטיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער „קאַוואַליר פון דער האָפענונג", גענעראַל לואיס קאַרלאָס פּרעסטעס, איז אַרעסטירט און

געפּייניקט געוואָרן, און טויזנטער טויטע, קלענערע און גרעסערע, צוזאַמען מיט אים.

די ריי איז אויך געקומען אויף שלומען. מען האָט אים פאַרשפּאַרט אין תּפיסה, ווען ער האָט שוין, אַלס „קלאַפּער״, געמאַכט גאַנץ גוט און אַוועקגעשיקט אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן מיט שיפס־קאַרטן פאַר זיין פרוי און קינדער פון לאָשיץ.

דערציילט דער עלטסטער זון:

„אַריינקומענדיק מיט דער שיף אין האַפן פון ריאָ־דע־זשאַניירא, האָבן מיר נישט געקוקט אויף דער שענסטער בוכטע פון דער וועלט, נישט באַמערקט די וווּנדערבאַרע בערג — מיר האָבן מיט די אויגן געזוכט דעם טאַטן, וועלכן מיר האָבן עטלעכע יאָר נישט געזען... ער האָט אונדז נישט אָפּגעוואַרט...״

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די דערשיטערונג פון סביען מיט די קינדער, געוויר ווערנדיק, אַז דער מאַן און פאָטער זיצט אין תּפיסה.

„דו זעסט... דאָ...״ — ווייזט מיר דער זון. אין סאַמע מיטן פון ריאָ, אויף איינעם פון אירע פּראַכטפולע בערגלעך, שטייט די פעסטונג־אַרטיקע פּאָליטישע טורמע. דאָרט, הינטער קראַטן, אָנגעטאָן אין אַרעסטאַנטן־מלבושים, האָבן זיי, פון וויטן נאָר, געציילטע מינוטן, געקאָנט זען דעם טאַטן.

מען האָט שלומען פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן פאַרשיקונג מיט צוואַנג־אַרבעט אויף אַ ווייטן ווילדן אינדזל, ערגעץ ביים עקוואַטאָר אין אַטלאַנטישן אָקעאַן. אַ געשמידטער אין קייטן, אַ געפּייניקטער איז ער אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן שרעקלעך־הייסן באַפּעסטיקטן אינדזל.

געבוירענע בראַזיליאַנער נעגער איז שווער לאַנג אויסצוהאַלטן אויפן דאָזיקן אינדזל; פאַר אַן אייראָפּעער איז דאָס אַן אמתער גהינום, וואָס ברענגט שנעל אין קבר אַריין.

שלום האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו בלייבן לעבן, דאָס הייסט, — אַנטלויפן. דאָס איז נישט אַזוי לייכט. אויסער דער פּאָליציי־שיף, וואָס ברענגט נייע אַרעסטאַנטן, קומט דאָרט נישט צו קיין שום שיף. די איינציקע מעגלעכ־קייט, — אויף אַ רודער־שיפל, וואָס מען שניידט אויס אַליין פון אַ בוים אויפן אָרט. אַלע, כמעט, פּרוּוון דאָס. די מיליטער־וואַך פון אינדזל יאָגט זיי אפילו נישט נאָך. נאָכוואָס?... אָדער די אָקעאַן־כוואַליעס וועלן די אַנטלויפער פאַרשלונגען צוזאַמען מיטן שיפל, אָדער זיי וועלן נאָך לאַנגע שעהן און אַמאָל טעג, צוריקומען האַלב־טויטע, ראַטעווענדיק קוים דאָס לעבן...

שלום האָט געוואַגט. צוזאַמען מיט נאָך צוויי גורל־חברים האָט ער זיך אין אַזאַ פּרימיטיוו הילצערן שיפל אַוועקגעלאָזט איבער די אומברחמנותדיקע כוואַליעס פון אָקעאַן. געהאַט האָבן זיי מיט זיך נאָר ווייניק טרינק־וואַסער.

און דורכגעמאַכט אַן אמתע אָדיסיי־רייזע.

זיבן טעג און זיבן נעכט געוואָרפן דורך די ווילדע כוואַליעס. געברענט דורך דער עקוואַטאָר־זון, הונגעריק און דאָרשטיק. זיי האָבן געראָדערט... האַלב־

טויטע, אָפּט שוין אָן באַוווסטזיין, — זיי האָבן זיך געהאַלטן אויפן אויבערפלאַך פון אָקעאַן.

און סוף־כל־סוף — אָנגעקומען צו די באַוווינטע ברעגעס פון אומגעהויערן בראַזיל. פון ברעג, — אין די נעכט, דורך אורוואלד און ווילדע געגנטן, זיך געשלייכט צו די היימען, וועו איבער די וועגן האָט געלויערט אויף זיי מיליטער און פּאָליציי. זיי האָבן געדאַרפט דורכמאַכן טויזנטער קילאָמעטערס איבער די וועגלאָזע אומגעהויערע ווייטן פון בראַזיל.

אָנגעקומען...

„ווי אַזוי ?...״ — האָט ער געריבן דעם רבנישן שטערן, צושמייכלענדיק, — „כ׳ווייס אליין נישט... שווער, אומעגלעך איבערצוגעבן. אָנגעקומען... זעסט דאָך...״

דער אַלטער יידישלעכער — „זעסט דאָך״...

האָט ער זיך באַזעצט אויף דער צווייטער זייט פון דער גואַנאַבאַראַ־בוכטע, אַ האַלבע שעה ים־רייזע פון ריאָ־דע־זשאַניירא. אַ צווייטער שטאָט, אַנדער פּאָליציי, — יענער, דער אַמאָליקער שלום וורובעל איז דאָרט נישט באַקאַנט געווען.

*

יאָרן זענען אַריבער. די איבערלעבונגען, די פּיינען, האָבן געלאָזט שפּורן אין אַלטן קערפּער. אָבער שלום האָט מיך באַגריסט מיט יונגן אומגעלאָשענעם ברען, פול מיט גלויבן אין די גרויסע סאָציאַלע אידעאַלן, ערלעך, אויפריכטיק, ווי אַמאָל דער גלויבן אין רבין אינעם חסידים־שטיבל פון לאָשיץ...

*

זענען מיר געזעסן אַ פרייעם זונטיק־אָוונט ביי אים דאָרט אויפן „פּאַטיאָ״, צופוסנס פון אַ געהיימנישפול אין וואָלקן־געשלייערטן באַרג, — ווי קאָן דען אַנדערש זיין אין דער פּאַרכישופנדיקער געגנט פון בראַזילס, איצט שוין, געוועזענער הויפּטשטאָט ?...

מיר זענען געזעסן אין דער באַשיידענער וווינונג פון שלום און סעכיע וורובעל. אַ בראַזיליאַנער שטוב ? ניין, — אַ לאָשיצער, ווייל צווישן די ווענט האָט זיך אַרומגעטראָגן דער לאָשיצער גייסט...

אַרום גרויעם פּאָרפּאָלק, — די זין, געבוירענע אין לאָשיץ, אָבער מיט קינדער שוין דאָרטיקע; און לאָשיצער: לייבל ניסענבוים, יאַנקל און פסח וורובעל, נח פּאָליאַקעוויטש, משה כהן. און מען האָט צום ערשטן מאָל צוזאַמען באַוויינט אונדזער שטעטל. אַרום האָבן געפינקלט, אויף באַרג און טאָל, רונד אַרום דער בוכטע, די ווונדערבאַרע פייערן פון דער שענסטער שטאָט אין דער וועלט... מיר האָבן עס נישט געזען, — עס איז געווען אין 1946, — עס זענען אָנגעקומען די ערשטע באַשטעטיקטע איוב־ידיעות פון דעם נאַר־וואָס פון נאַצי־באַפרייטן פּוילן. מיר האָבן באַנומען, אַז אונדזער לאָשיץ איז מער נישטאָ.

איז מען ביז שפּעט ביינאַכט, ווי אַמאָל די מסובים אין בני־ברק, ביז די פּייערן האָבן זיך גענומען לעשן אין גרויעם פרימאָרגן, געזעסן און דערמאָנט זיך אין שטעטל, אין שטעטלדיקע. האָבן מיר אַרום טיש אָנגעקוקט זיך: דריי דורות לאָשיצער; און געפילט: די לעצטע...

דער פאָרשטייער פון עלטסטן דור, דער גרייז־גרויער שלום, איז געזעסן אַנטקעגן מיר מיט זיין אייגנאַרטיקייט, מיט זיין אליינקייט צווישן די אונדזעריקע, ער האָט געוואַרט אויפן דאָזיקן בוך, נישט כדי אַליין פאַראייביקט צו ווערן, נאָר צו זעען אַ בילד פון זיין פאַרשניטענעם שטעטל.

ער האָט זיך נישט דערוואַרט. ער איז געשטאָרבן אין מערץ 1960, אין ניטעראָי, אויף יענער זייט פון דער ריאָ־דע־זשאַנייראָ־בוכטע.

ב. פעדער

# פען-מענטשן

## משה גאָלדשטיין — דער טאַלאַנטפולער שרייבער

משה גאָלדשטיין איז געבוירן געוואָרן אין לאָשיץ אין יאָר 1900. גאָר יונג איז ער צוגעשטאַנען צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער צאַרישער מאַכט. אין לאָשיץ איז ער געווען טעטיק אין „בונד" און שפּעטער אַוועק צו די קאָמוניסטן. אין סוף פון די 20־ער יאָרן האָט ער עמיגרירט קיין אַרגענטינע און פון דאָרט איז ער, אין 1931, אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד.

אין בוענאָס־איירעסער חודש־זשורנאַל „איקוף" שרייבט ש. זעלמענסאָן וועגן משה גאָלדשטיינס טעטיקייט אין אַרגענטינע:

„שטיל און באַשיידן האָט ער אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע ווי זיין קעמפערישע. זיין קאַמף האָט ער אָנגעהויבן פירן אַלס דעלעגאַט פון זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אין דער טריקאָטאַזש־פאַבריק, וווּ ער האָט געאַרבעט, און געפירט האָט ער דעם קאַמף אָרנטלעך, אָפּגעהיט דעם פּרעסטיזש פון פאַריין, נישט געלאָזט אויף אים אַ שפּרענקעלע פאַלן אין די אויגן פונעם באַלעבאָס און אַליין אַלס אַרבעטער, געווען דער מוסטער פון אָרנטלעכקייט. און אויך זיין שרייבערישע קאַריערע, האָט ער אָנגעהויבן מיט אָרנטלעכע, נישט פּרעטענציעזע, סענטימענטאַלע בילדלעך פון דעם אַרבעטער־לעבן".



משה גאָלדשטיין

משה גאָלדשטיין איז נישט געבליבן אין צענטראַל־רוסלאַנד, נאָר איז גלייך אַריבער קיין ביראָ־בידזשאַן, די יידישע אויטאָנאָמע געגנט, וווּ יידישע פּיאָנערן האָבן געפּרוווט באַלעבן פאַרוואָרלאָזטע מדבר־ערד. ער איז דאָרט שנעל באַקאַנט געוואָרן אַלס טאַלאַנטפולער שרייבער־דערציילער און אין 1933 איז דערשינען זיין ערשט ביכל „ביראָ־בידזשאַנער אויפן אַמור". אין 1941 זענען

אין מאָסקווע דערשינען אין בוך־פאָרם זיינע אַכט דערציילונגען וועגן ביראָ־בידזשאַן און אַ זאַמלונג דערציילונגען זיינע איז דערשינען אין 1944 אין ניו־יאָרק.

נחמן מייזיל שרייבט וועגן אים:

„מ. גאָלדשטיין איז מיט לייב און לעבן געווען צוגעבונדן צו ביראָ־בידזשאַן, און דאָס פּראָבלעם ביראָ־בידזשאַן איז די אַקס, ארום וועלכער עס דרייען זיך די אַלע דרויסנדיקע פּאַסירונגען און אויך די פּערזענלעכע איבערלעבענישן פון די מענטשן, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אין די אַלע דערציילונגען. מיר האָבן דאָ באַגייסטערונג, אימפּעט פון טרייע, איבערגעגעבענע בויער. מיר טרעפן אָבער אויך מידקייט און אויסגעשעפּטקייט, וואָס דאָס לעבן און די שוועריקייטן ברענגען. מיר האָבן פאַר זיך פּיאָנערן, וואָס זענען גובר שטרויכלונגען און שטערונגען, מיר האָבן פאַר זיך אַזעלכע, וואָס זענען אין ביראָ־בידזשאַן איבערגעשמידט געוואָרן אויף נייע מענטשן־קעמפער; מיר האָבן אָבער אויך אַזעלכע, וואָס זענען קיין ביראָ־בידזשאַן פאַרשלעפּט געוואָרן דורך אַ צופאַל, און דאָס שווערע לעבן, וואָס פאָדערט קרבנות, איז פאַר זיי אַן אָפּקומעניש. זיי פּלאָנטערן זיך דעריבער אין דעם אַרום, זיי געפינען פאַר זיך קיין אָרט נישט און זיי זענען אפילו צופרידן פון דורכפאַלן און דורכרייסן.

„און עס איז גוט, וואָס מ. גאָלדשטיין וויל אונדז נישט גלאַט געבן זיסינקע, סענטימענטאַלע, טענדענציעזע דערציילונגען, נאָר ער ברענגט אַרויס די שאָטן־זייטן פון מענטשן, און אויך די שוועריקייטן, וואָס עס זענען דאָ אויף שריט און טריט ביים באַזיגן די נאַטור, און ביי די פּלאָגן, וואָס עס שטייען אויס די איינוווינער".

„דער שטאָף, די טעמאַטיק, די סביבה, זענען אַ נייעס אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. — — — פון דער אַמאָליקער מענדעלישער גנילאָפּיאַטעווקע, פון דעם בוג, וואָס שלום־עליכם האָט אַזוי יידישלעך געשילדערט אין זיין ‚אויף פּסח אהיים', ווו פישל דער מלמד פאָרט מיט סכּנות־נפשות איבער דעם טייך, ביז דער דערציילונג ‚ביראָ־בידזשאַנער אויפן אַמור', איז ווירקלעך פאָלג מיר אַ גאַנג! דאָרט איז דער ייד עפּעס אַזאַ קנאַפּער מחותן מיט דעם טייך. — — — און די יידן ביי משה גאָלדשטיין האָבן זיך געלאָזט אויפן אַמור און פאַרמעסטן זיך אים צו באַזיגן. — — — און דעריבער זענען זייער ניי, אינטערעסאַנט די שילדערונגען און באַשרייבונגען, וואָס קומען אין מ. גאָלדשטיינס בוך. דאָס זענען נייע טענער, נייע שילדערונגען אין דער יידישער ליטעראַטור".

אין בוך „ליטעראַרישע עסייען" פון ל. כאנוקאָוו (ניו־יאָרק, 1960) לייענען מיר:

„מ. גאָלדשטיינס אויפמערקזאַם אויג, זיין רעאַליסטישער באַנעם פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט און אויך זיין רעאַליסטישער סטיל, האָט אונדז געגעבן גאַנצע שטיקער פון דעם ביראָ־בידזשאַנער פּיאָנערן־לעבן, ווו מ'האָט זיך באַדאַרפט צופּאַסן צו די נייע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען, צו דער ווילדער טייגע, צו דעם שטרענגן סיבירישן קלימאַט, צו פאַרשידענע אויסברוכן פון נאַטור־

כוחות. און נישט נאָר פיזיש האָט מען זיך געמוזט צופּאַסן, נאָר אויך גייסטיק. — — — מ. גאָלדשטיין אַנטפּלעקט זיך ווי אַ קרעפטיקער רעאַליסט, וואָס באַפּוצט נישט זיינע העלדן, קעכלט זיי נישט, זינגט זיי נישט קיין דיפיראַמבן. ער גיט זיי ווי זיי זענען, מיט זייערע ליכטיקע און שאָטנדיקע זייטן. ער באַשטעקט אויך נישט „מיט פעדערן" דעם נעגאַטיוון טיפּ, פאַרקערט, ער זוכט אים צו פאַרשטיין און אפילו, טיילמאָל, צו פאַרענטפערן. — — — איינע פון די מעלות פון מ. גאָלדשטיינס דערציילונגען באַשטייט אין דעם, וואָס דער שרייבער האָט באַוויזן צו באַהויכן יעדע פון זיינע דערציילונגען מיטן חן פון הומאָר. עס איז דער הומאָר, וואָס איז אַלעמאָל באַגלייט מיט וואַרעמען מיטגעפיל, מיט סימפּאַטיע פאַרן מענטשן, פאַר זיין געראַנגל. אינמיטן פון די סאַמע שווערסטע מאָמענטן גיט דער שרייבער זיין העלד געגנוג הומאָר צו פאַרלייכטערן און אַריבערצוטראָגן זיינעליידן און זיין פאַרצווייפלונג".

משה גאָלדשטיין איז, ביים אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה, אין 1941, פרייוויליק אריינגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי און איז העלדיש אומגעקומען, ווי אַ קאָמאַנדיר, אויפן סמאָלענסקער פראָנט, אין דער עלטער פון 43 יאָר. אין יידישן זשורנאַל „אייניקייט", וואָס איז דעמלט דערשינען אין מאָסקווע, איז אין אַ שוואַרץ טרויער־ראַמל געזאָגט געוואָרן, צווישן אַנדערן:

„דעם 11־טן אויגוסט 1943 איז אומגעקומען אויפן שלאַכטפעלד אינעם קאַמף קעגן די דייטשישע פאַרשקלאַפער דער יידישער שרייבער מ. גאָלדשטיין. אומגעקומען איז אַ זעלטענער חבר, אַ געטרייער זון פון אונדזער פאָלק, אַ הייסער פאַטריאָט פון אונדזער היימלאַנד. שטענדיק באַשיידן און שטענדיק שטאָלץ, ווירדיק, אויפריכטיק און ערלעך, האָט גאָלדשטיין פאַרקערפּערט אין זיך די איידלסטע אייגנשאַפטן פון אַ סאָוויעטישן מענטשן. אין די גרויזאַמע טעג פון דער פאָטערלענדישער מלחמה האָבן די דאָזיקע אייגנשאַפטן אין גאָלדשטיינען זיך נאָך מער אַנטפּלעקט. צוזאַמען מיט אַ סך אונדזערע באַליבטע חברים, מאָסקווער יידישע שרייבער, איז ער אַוועק אויפן פראָנט זיך שלאָגן קעגן פאַרהאַסטן שונא. אלס שרייבער איז ער געווען צווישן זיי דער סאַמע יינגסטער. זיינע ערשטע דערציילונגען זענען דערשינען פאַר דער מלחמה. נישט לאַנג פאַר דער מלחמה האָט גאָלדשטיין פאַרענדיקט דעם ליטעראַרישן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער מלוכהשן פעדאַגאָגישן אינסטיטוט און געטרוימט זיך אומקערן צוריק קיין ביראָ־בידזשאַן, וווּ ער האָט געלעבט אַ ריי יאָרן. ערנסט האָט גאָלדשטיין געטראַכט וועגן זיינע ווייטערדיקע ליטעראַרישע פּלענער".

אונדזער לאַנדסמאַן־קינסטלער איז באַגראָבן געוואָרן אין אַ ברידער־קבר צוזאַמען מיט אַנדערע געפאַלענע קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי, אין דאָרף זאַכאַראָווסק. אין דער רוסישער ליסטע פון די העלדיש־געפאַלענע קאָמאַנדירן איז ביי משה גאָלדשטיינס נאָמען געווען פאַרנאָטירט: „מ'האָט ביים געהרגעטן געפונען אַ פאַרשריבן ביכל אין דער יידישער שפּראַך". ערשט מיט יאָרן שפּעטער, אין 1958, האָט מען דאָס דאָזיקע ביכל אויפגעזוכט אין אַרכיוו, איבערגע־

זעצט עס אויף רוסיש און אַרויסגעגעבן אין 30 טויזנט עקזעמפּלאַרן דורכן מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוויעטסקי פּיסאַטעל״, אונטערן נאָמען „ביראָבידזשאַנצעס אויפן אַמור״.

די ניו־יאָרקער „פרייע אַרבעטער־שטימע״ שרייבט וועגן דאָזיקן בוך, צווישן אַנדערן, אַזוי:

„משה גאָלדשטיין האָט געפירט אַ נאָטיץ־בוך פון זיינע איבערלעבענישן אין ביראָ־בידזשאַן, און אַנגעשריבן די גאַנצע עפּאָפּייע פון דער האָראָ־וואַניע. — — — אין דעם בוך פון קאַרגע צוויי הונדערט זייטן מאָלט דער מחבר די עבודת פּרך פון די באַזעצטע יידן אין אַ מדבר, וואָס איז פאַרזונקען אין די טייגע־זומפּן; ווי דאָס לעבן פון די יידן איז אָפּט געהאָנגען אויף אַ האָר דורך די אָפּטע פאַרפלייצונגען פונעם צעשפּרייטן אמור־טייך; ווי קינד און קייט האָט זיך איינגעשפּאַנט אין יידישער עקשנות צו באַשאַפן נייע מעשי־בראשית, אַז פון וויסטענישן זאָלן ווערן בליענדיקע ערד־שטחים. משה גאָלדשטיין איז געבענטשט געוועזן מיט טאַלאַנט ארויסצוברענגען גרוי לעבן מיט אַ חנעוודיקן שמייכל, וואָס פאַרטרייבט די גרויקייט. שטילער טאָן, ריינע פּשטות פונעם פאָלקיש־יידישן וואָרט מאַכן די וואָכעדיקייט צו אַ הערויִק פון אַ לעבנס־געזאַנג. — — — פון די אַנגעפאָרענע יידן פון שטעט און שטעטלעך אין ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע, פון לענינגראַד און אפילו פון לאָס אַנדזשעלעס, ווי פון אַרגענטינע, הערן זיך רייד, וואָס שמעקן מיט אַן אַראָמאַט פון אונדזער באַקאַנטן ,טוביהן׳, שיינע שיינדלען און אפילו פון מאָטל פּייסי דעם חזנס. ס׳איז דורך און דורך ,עמך׳״.

און אָט איז אַ בילד, געמאָלן דורך משה גאָלדשטיין אין „ביראָ־בידזשאַנער אויפן אַמור״:

„אין דרויסן האָט געפלייצט דער רעגן. די בערג זענען פאַרשווונדן, די וואָלקנס האָבן זיי פאַרהילט מיט געדיכטע טונקעלע געוועבן. דער אַמור שטורעמט, בערגלעך מיט ווייסע קעפּלעך וואַקסן אויף און גייען אונטער. קיין פישער־שיפלעך זעט מען נישט. אין אַזאַ וועטער איז נישט גאָר באַקוועם צו שיפן זיך אויפן אַמור...״

און משה גאָלדשטיין מאָלט ווי יידן אַרבעטן אין אַזאַ שלאַקס־רעגן:

„מען שפּאַנט מיט די באָרוועסע פיס און מען שלעפּטביימער, צווייגן, מען גראָבט גריבער, וואָס פילן זיך גיך אָן מיט וואַסער, און די העק האַקן מיט טעמפּע קלעפּ און שפּריצן אין פּנים אריין. די אַרבעט גייט שווער. די העק גליטשן זיך פון די הענט אַרויס. דער רעגן שלאָגט איבער די לייבער, פון וועלכע עס זעצט אַ פּאַרע. מען איילט, מען יאָגט. די פערד שטייען מיט אומעטיקע בליקן, און ס׳רינט פון זיי, ווי מען וואָלט איבער זיי אָן אויפהער געגאָסן עמערס וואַסער...״

משה גאָלדשטיין איז געפאַלן אין בליענדיקן עלטער און אין סאַמע פאַנאַנדערבלי פון זיין קינסטלערישן טאַלאַנט. די יידישע ליטעראַטור האָט

אין אים פאַרלוירן אַ קרעפּטיקן שאַפער, וואָס וואָלט נאָך זיכער געבראַכט פיל וואָגיקע ווערק און פאַרשאַפט כבוד זיין פאָלק און אויך זיין אָפּשטאַם־שטעטל.

משה גאָלדשטיין איז געווען אַ זון פון כאַצקל גאָלדשטיין פון לאָשיץ. כאַצקל איז כל־ימיו געווען אַ האָרעפּאַשניק, וואָס האָט געלעבט פון שווערער אַרבעט. משה האָט פון טאַטנס שטוב אַרויסגעטראָגן אי ליבע צו אַרבעט, אי באַוווסטזיין צו קעמפן פאַר בעסערע, גערעכטערע פּרוכטן פון דער שווערער מי.

## יוסף פרידמאַן („יאָסל באָביק")

יוסף פרידמאַן אַלס שרייבער, איז באַקאַנט געוואָרן ערשט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער איז ער אין לאָשיץ געווען באקאנט פון זיין פריער יוגנט אָן.

ער איז געבוירן געוואָרן אין לאָשיץ, אין 1901, ביי אָרעמע עלטערן. האָט געלערנט אין תלמוד־תורה, נאָר זייער יונג געמוזט אָנהויבן אַרבעטן, צוליב דער נויט אין דער היים. ער איז געוואָרן אַ געגריוועטער שוסטער — דער איינציקער פאַך, וואָס האָט דאַן אין לאָשיץ געקאָנט געבן פּרנסה.


יוסף פרידמאַן („יאָסל באָביק")

צו 15 יאָר הויבט ער פּאַקטיש אָן זיין בילדונג אויף די אָוונט־קורסן פון דער „קולטור־געזעלשאַפט צוקונפט". אין דער זעלבער צייט, אין 1916, טרעט ער אַריין אין דער סאָציאַליס־טישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע און רוקט זיך שנעל אַרויס אַלס איינער פון אירע פעיקע אָנפירער. ביים גרינדן דעם לעדער־אַרבעטער־פאַריין, אין 1919, ווערט יאָסל באָביק באַלד זיין סעקרעטאַר. ער פירט שפּעטער אָן מיטן כאָר און מיט דער דראַמאַטישער סעקציע ביים פאַריין און ווערט איי־נער פון די אָנגעזעענע געזעלשאַפט־לעכע טוער אין שטעטל.

אין 1924 שיקט אים זיין פּאַרטיי, דער „בונד", קיין סאָסנאָוויעץ, ווו ער פירט אָן מיט אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפט־לעכע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין זאַגלעמביע. ביים פאַרייניקונג־צוזאמענפאָר פון אַלע לעדער־אַרבעטער אין פּוילן, אין 1927, שפּילט ער אַן

אָנגעזעענע ראָל און ווערט געוויילט אין דער צענטראַלער אָנפירונג. ווען ער קאָן נאָר, כאַפּט ער זיך אַראָפּ קיין לאָשיץ — מיט אַ רעפעראַט, אָדער סתם אַ באַזוך.

יאָסל האָט שטענדיק מיט ברען פאַרטיידיקט זיינע איבערצייגונגען און געקעמפט פאַר זיינע אידייען, אָבער אויך געהאַט דרך־ארץ פאַרן קעגנערס ערלעכע איבערצייגונגען און אידייען. ער האָט זיך דעריבער דערוואָרבן פריינט און אָנערקענונג אויך אין די קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען ווייט פון זיינע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן.

ביים מלחמה־אויסברוך, אין 1939, אַנטלויפט ער, דורך לאָשיץ, קיין ראַטנ־פאַרבאַנד, ווו ער פאַרבלייבט ביזן סוף פון דער מלחמה.

בעת די שוידערלעכע מלחמה־ און פאַרשיקונג־יאָרן, האָט זיך ביי אים דער־וועקט דער דראַנג צו שרייבן. גראָד דעמלט האָט ער דערפילט אַ באַדערפעניש אַרויסצוברענגען זיינע געפילן און געדאַנקען אויפן פּאַפּיר. ער פּרוווט דורך דעם פאַרלייכטערן דעם שטורעם און ווייטיק, וואָס צערייסן דעמלט זיין האַרץ. כאָטש אין אַזאַ צייט קוקט מען זיך, בדרך־כלל נישט אום אויף קיין שרייבער־אָנ־פאַנגער, רופן אָבער יאָסלס ערשטע לידער און דערציילונגען אַרויס אַ גרויסע פאַרינטערעסירונג ביי די יידישע שרייבער און קריטיקער אין ראַטנפאַרבאַנד.

אין יאָר 1945 איז אין דער מאָסקווער „אייניקייט" אָפּגעדרוקט געוואָרן זיין ערשט ליד „קינדער פאַרן אַהיים".

גלייך מיט די ערשטע רעפּאַטריאַנטן קערט זיך יאָסל באַביק צוריק קיין פּוילן, ווו ער פאַרנעמט זיין פּלאַץ אין די רייען פון זיין פּאַרטיי, „בונד", און אין איר שליחות, אין די אַלגעמיין־יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

נאָך אַ דריי־יאָריקן אויפהאַלט און ברייטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין נאָך־מלחמהדיקן פּוילן, קומט ער, אין 1949, קיין פּאַריז, ווו זיין ליטעראַרישע אַרבעט צעבליט זיך און ברייטערט זיך אויס. אין דער טאָג־צייטונג „אונדזער שטימע" פאַרעפנטלעכט ער פיל לידער און דערציילונגען. אויך אין אויסטראַליע, ווו ער וווינט זייט 1950, פאַרעפנטלעכט ער לידער און דערציילונגען אין די דאָרטיקע „יידישע פּאָסט" און „אונדזער געדאַנק". ער פירט דאָרט גלייכצייטיק אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט, זייענדיק אַקטיוו אין די אָנ־געזעענסטע יידישע אינסטיטוציעס.

יאָסל באַביקס לידער און דערציילונגען צייכנען זיך אויס מיט זייער פאָלקטימלעכער שפּראַך און פּשוטע רעאַליסטישע בילדער. די דערציילונגען זענען פּליסיקע, זייערע העלדן איבערצייגנדיקע, גענומען פון טאָג־טעגלעכן לעבן. זיינע לידער זענען האַרציקע מיט זייער פּשטות.

זיינע זכרונות און בילדער פון לאָשיץ, טראָגן ווירקלעך אַריבער אין אומגעבראַכטן שטעטל אַריין און ס'איז זיך צו ווינטשן, ער זאָל פאַרעפנטלעכן אַ בוך זכרונות, וואָס וועט זיכער זיין אַ נייע פאַראייביקונג פאַר אונדזער שטעטל.

מ. שנער

# מרדכי שנער (ב. פעדער)

דער רעדאַקטאָר פון דאָזיקן בוך, אונדזער לאַנדסמאַן מרדכי שנער (שינקאַרזש, יצחק שוחטס יינגסטער זון), איז שוין ביי דריי צענדליק יאָר באַקאַנט אין דער יידישער פּרעסע איבער דער וועלט מיט זיין פען־נאָמען ב. פעדער.

מרדכי שנער איז געבוירן געוואָרן אין לאָשיץ אין 1911. ווי אַלע יינגלעך אין יענער צייט, האָט ער אָנגעהויבן זיין בילדונג אין חדר, דערנאָך אין ישיבה. ער האָט אָבער געפּועלט ביי זיינע פרומע עלטערן און גלייכצייטיק געענדיקט די פּוילישע אָנפאַנג־שול. אין 1926 און 1927 האָט ער גע־לערנט אין וואַרשעווער ראַבינער־סעמינאַר „תחכמוני". אין 1928 איז ער אריינגעטראָטן אין מעזריטשער יידישער גימנאַזיע, וועלכע ער האָט געענדיקט אין 1931 און באַקומען אַן עקסטערן־מאַטורע. ער איז דאַן אריינגעטראָטן אויפן מאַטעמאַטישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט.



מרדכי שנער

מרדכי שנער איז נאָך אין גימנאַזיע, שפּע־טער אין אוניווערסיטעט, געווען טעטיק אין די אומלעגאַלע לינק־רעוואָלוציאָנערע קרייזן. צו־ליב זיין דאָזיקער טעטיקייט איז ער נאָך צוויי יאָר אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט. אין 1933 איז ער אַוועק קיין פּאַריז.

זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט האָט מרדכי אָנגעהויבן נאָך אַלס גימנאַזיסט, שרייבנדיק אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן אין „מעזריטשער וואָכנבלאַט". אין פּאַריז איז ער געוואָרן, אין 1934, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג „נייע פּרעסע", ווו ער האָט געאַרבעט ביז אינמיטן 1939. גלייכצייטיק האָט ער מיטגעאַרבעט אין ליטעראַרישן „פּאַריזער זשורנאַל" און רעדאַגירט דאָס חודשלעכע „האַנטווערקער־וואָרט".

עטלעכע חדשים פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פאָרט מרדכי שנער אָפּ קיין דרום־אַמעריקע. אין אָנהויב איז ער קאָרעספּאָנדענט פון דער „יידישער טעלעגראַפן־אַגענטור" (ייט"א) אין באָליוויע. די ייט"א שרייבט שפּעטער אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט: „מר. שינקאַרזש האָט אונטער דעם פסעוודאָנים ב. פעדער פאַר אונדז געשריבן פיל אַרטיקלען און לופט־פּאָסט־באַריכטן, באַלייכטנדיק אַלע אָנגעלעגנהייטן אויף אַ פאַכמאַנישן אופן. ער האָט מיט זיין פלינקער פען, קלאָרן סטיל און קרעפטיקן זשורנאַליסטישן טאַלאַנט, אַרויסגערופן גרויס אָנזען אין דער פּרעסע, ווו זיינע אַרטיקלען און ידיעות האָבן פאַרנומען אַ פּראָמינענטן פּלאַץ".

אין 1940 איז ער אָנגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי, ווו ער איז געוואָרן מיטרעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג, „אונדזער פריינט", אַן אַמט, וואָס ער האָט פאַרנומען ביז 1946, ווען די ווידער־דערשיינענדיקע נאָך דער מלחמה, אין פאַריז, טאָג־צייטונג „נייע פרעסע" האָט אים צוריקגערופן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ אין איר רעדאַקציע. פאַר זיין פאַרלאָזן אורוגוויי האָט די ציוניסטישע צייטונג „פאָלקסבלאַט", פון וועלכער ב. פעדער איז דעמלט געווען פּאָליטיש זייער ווייט, געשריבן וועגן אונדזער לאַנדסמאַן: „אַלס מיטרעדאַקטאָר פון ‚אונדזער פריינט' און אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער, האָט ער דערוואָרבן אַלעמענס סימפּאַטיע, פון זיינע נאָענטע און זיינע אידעישע קרייזן, ווי אויך פון די וואָס אַקטואירן נישט אין זיין אידעישן אַמביענט. זיין אויפריכטיקייט צו פראַגן, נישט אויסבאַהאַלטנדיק קיינמאָל זיין שטעלונג, האָט אַרויסגערופן אַ צוטרוי צו אים אין אַלע קרייזן, שאַפנדיק אים פריינט, צווישן וועלכע אויך מיר שעצן אים אויפריכטיק".

פון 1947 ביז מיטן 1949 איז ב. פעדער ווידער געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער „נייע פרעסע" אין פאַריז, און גלייכצייטיק קאָרעספּאָנדענט פון „דאָס נייע לעבן" (וואַרשע), „מאָרגן־פרייהייט" (ניו־יאָרק), „קאַנאַדער וואָכנבלאַט" (טאָראָנטאָ), „היינט" (בוענאָס איירעס) און אַנדערע צייטונגען. גלייכצייטיק איז ער געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון פאַריזער ליטעראַרישן זשורנאַל „פונדאָסניי" און רעדאַגירט די „יידישע וואָך".

אין 1949 איז מרדכי עולה געווען קיין ישראל, איבערייסנדיק מיט זיינע ביזדעמלטיקע אידעאָלאָגישע קרייזן. דאָ אַרבעט ער אַלס לינאָטיפּיסט און האָט גלייכצייטיק מיטגעאַרבעט אין „נייוועלט", „לעצטע נייעס", „ישראל־טאָג־איין־טאָג־אויס", „די וואָך", און איז אויך געווען קאָרעספּאָנדענט פון די פאַריזער צייטונגען „אונדזער וואָרט" און „אַרבעטער־וואָרט". די לעצטע עטלעכע יאָר איז ער מיטרעדאַקטאָר פון דער תל־אביבער וואָכנצייטונג „פאָלקסבלאַט".

דוד רוזאל

# דער חורבן

## לא יאומן

עדיין מסרב הלב להאמין, שאכן הכל כה התרחש בכל מוראו — שבאכזריות כה איומה נכרתה העיירה מאתנו, ויחד עמה — אבותינו ואמותינו, אחינו ואחיותינו, כל יקירינו ואהובינו.

עוד רואה אני לפני עיני את יום יציאתי מהעיירה. כה קשה וטראגי היה להיפרד מאבא־אמא, מכל הקרובים ומהעיירה כולה. אך חדורי אמונה היינו, שאין פרידתנו לנצח ושבקרוב שוב ניפגש. בנכר היינו, אך העיירה האירה לנו מרחוק; בגעגועים עמוקים התפרקנו עליה ועל אודותיה תמיד חלמנו. בכל דרכינו ליוותה אותנו, עודדה וניחמה בבדידות זו של הנכר.



היה־רחל ראָזענבאַנד מיט אירס אַן אייניקל

והנה נעלמה העיירה, איננה. רק זכרונות בלבד נשארו על לושיץ, בה כה יפה עברו שנות נעורינו ושעות אושרנו, שלפעמים דימינו שאין יפה וטוב ממנה בעולם כולו.

נכון, עיירה זעירה היתה לושיץ. אפילו בית־ספר תיכון לא נמצא בתחומה; אך הנוער שלנו לא פיגר בהשכלתו — בכוחות עצמו למד והתעלה, הגיע להישגים יפים והתמיד בהתקדמותו. תמיד פעיל היה, חתר ונהה לטוב ולנעלה.

כשם שהציונים בלושיץ מסורים היו בלב ונפש לרעיון גאולת העם בארצו, כך גם הקומוניסטים, הבונדיסטים וכל חברי שאר המפלגות, התמכרו בכנות ובכל מאודם לאידיאלים שלהם. אף היהודים האדוקים שבעיירה, היו יראי־שמים באמונת אומן ובלב שלם. ב„גם זו לטובה" ידעו להתגבר על כל עוניים וסבלם. יהודים ישרים ותמימי דרך היו בלושיץ, ואנחנו השרידים לעולם לא נשכחם.

עדיין לא נוצרה המלה שתוכל לבטא את כל צערנו ויגוננו על אבדנם. דוממים ואילמים אנו עומדים לזכר יהודי לושיץ הקדושים והטהורים. אבלים אנו לעולמים.

חיה־רחל רוזנבנד

## עס איז שווער צו גלויבן

ס׳ווילט זיך נאָך אַלץ נישט גלויבן, אַז דאָס איז געשען — אַז אונדזער שטעטעלע איז פון אונדז אַזוי גרויזאַם אַוועקגעריסן געוואָרן, און מיטן שטעטעלע — אונדזערע טאַטע־מאַמעס, שוועסטער־ברידער, אַלע טייערע און ליבע.

נאָך שטייט מיר פאַר די אויגן דער טאָג פון מיין אָפּפאָר. אַזוי שווער־טראַגיש איז געווען דאָס שיידן זיך פון טאַטע־מאַמע, פון אַלע נאָענטע און פון גאַנצן שטעטעלע. אָבער מען איז געווען פול מיט אמונה, אַז מען פאָרט נישט אַוועק אויף אייביק, אַז מ׳וועט גיך צוריקקומען. מען איז געווען אין דער פרעמד, אָבער דאָס שטעטעלע האָט צו אונדז געלויכטן פון דער ווייטנס ; צום שטעטל האָט מען טיף געבענקט, וועגן שטעטל האָט מען שטענדיק געטרוימט. אונדזער שטעטל האָט אונדז אומעטום באַגלייט. נישטאָ, נישטאָ. געבליבן זענען נאָר די געמוטיקט, געטרייסט אין דעם אַזוי שווערן און קאַלטן אין־דער־פרעמד.



אַן אויסגעליידיקט געסל אין לאָשיץ. אין פאָדערגרונט — דער אומגעבראַכטער יוסף דאָבזשינסקי.

נישטאָ מער אונדזער שטעטעלע, זכרונות פון לאָשיץ, ווו מען האָט אַזוי שיין פאַרבראַכט די יוגנט־יאָרן, ווו מען איז צייטנווייז אַזוי גליקלעך געווען, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז שענערס און בעסערס איז גאָרנישט בנמצא.

אמת, אונדזער שטעטעלע איז געווען זייער אַ קליינס. לאָשיץ האָט אפילו קיין גימנאַזיע נישט פאַרמאָגט ; אָבער אונדזער יוגנט איז צוליב דעם נישט געבליבן אָפּגעשטאַנען — אַליין זיך געלערנט, אַליין דערוואָרבן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען און תמיד געגאַנגען פאָרויס. אונדזער יוגנט איז תמיד געווען טעטיק, תמיד געזוכט.

אונדזערע ציוניסטן זענען געווען בלב־ונפש איבערגעגעבן דעם גרויסן אידעאַל

פון ציון־אויפבוי; אַזוי זענען אויך געווען גרויסע און ערלעכע אידעאַליסטן אונדזערע קאָמוניסטן, בונדיסטן און אַלע אַנדערע. אונדזערע פרומע יידן זענען געווען אמתע יראי־שמים און זייער שטענדיקן „גם זו לטובה״ האָט מען נאָר געקאָנט באמת מקנא זיין. פשוטע כשר־ערלעכע יידן זענען געווען אין לאָשיץ און מיר, איבערגעבליבענע־געראַטעוועטע, וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

עס איז נאָכנישט געבוירן געוואָרן דאָס וואָרט, וואָס זאָל קאָנען אויסדריקן אונדזער צער און יגון נאָך זייער אומקום. שטומע שטייען מיר אַנטקעגן זכר פון אונדזערע טייערע לאָשיצער יידן, די קדושים וטהורים און וועלן בלייבן נאָך זיי אייביקע אבלים.

חיה־רחל ראָזענבאַנד

## די ערשטע נאַצי־באָמבע אויף לאָשיץ

איך דערמאָן זיך דעם טרויעריקן נאָכמיטאָג פון 1־טן סעפּטעמבער 1939 אין לאָשיץ. פּלוצלונג — אַ געלויף אויף די גאַסן. דער סטרוזש פון מאַגיסטראַט לויפט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם מיטן גרויסן גרעגער אין האַנט און האַלט אין איין גרעגערן. מען רינגלט אים שנעל אַרום אינמיטן מאַרק און ער רופט אויס מיט אַ טרויעריקן קול: „דער דייטש איז איבערגעפאַלן פּוילן... עס איז דער־קלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָבי־ליזאַציע פון אַלע מיליטערפעיקע מע־נער... מען מוז זיך גלייך צושטעלן..״ באַלד זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן באַקאַנטמאַכונגען וועגן דעם.



בנימין זילבערשטיין

אַ פאַרצווייפלונג־שטימונג האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. אין די גאַסן האָבן זיך דערהערט געוויינען.

עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג די יוגנט איז אַוועק אין מיליטער. די שרעקלעכע ידיעות האָבן געיאָגט איינע די צווייטע. באָמבאַרדירונגען פון דער אומבאַוואָפנטער באַפעלקערונג אין די שטעט... מיט איינמאָל — אַן אָנגעלויף פון שעדלעץ. הונדערטער יידן, מענער, פרויען און קינדער, ווער צופוס, ווער אויף אַ פור. שעדלעץ איז מערדעריש באָמבאַרדירט געוואָרן דורך דער נאַצישער אַוויאַציע. די שטאָט ברענט. די אויפגעריסענע הייזער האָבן באַגראָבן

אונטער זיך מאַסן קרבנות. די מענטשן זענען געלאָפן קיין לאָשיץ, גלויבנדיק, אַז אַזאַ קליין שטעטעלע, אָן שום מיליטערישן גאַרניזאָן, וועט נישט באָמבאַרדירט ווערן. אַנדערע, אָבער, האָבן שוין דעמלט געוואָרנט נישט צו בלייבן אין די שטיבער, נאָר צו אנטלויפן אויף די פעלדער. פרייטיק זענען אָנגעקומען די פליטים פון שעדלעץ און גלייך אויפן צווייטן טאָג, שבת, 5 אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט זיך איבער אונדזער שטעטעלע באַוויזן אַ גרויסע גרופּע דייטשע אַעראָפּלאַנען. פון דער נאָענטער סביבה האָבן זיך דערהערט די ערשטע שטאַרקע אויפרייסן.

די ערשטע באָמבע אין לאָשיץ האָבן די נאַציִשע פליער באַוווסטזיניק געצילט אויף אונדזער איינציקער גרויסער שיל. אין איין מינוט איז די געביידע אויפגעריסן געוואָרן און אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פלאַמען. שטיקער וועגט זענען זיך צעפלויגן הונדערטער מעטער ווייט און געטראָפן אין די יידישע וווינונגען אַרום־און־אַרום.

געציילטע מינוטן פאַר דער באָמבאַרדירונג זענען יידן אַרויס פון שיל נאָכן אָפּדאַווענען דאָרט מנחה. צווישן זיי איז אויך געווען מיין שווער מרדכי אַבאַס ז״ל. זיי זענען געווען געציילטע מעטערס פון דער שיל, ווען עס איז געפאַלן די באָמבע. מיר האָבן געמיינט, אַז זיי זענען אַלע אומגעקומען. אָבער, ווי דורך אַ נס, זענען זיי געבליבן לעבן, נאָר אייניקע פון זיי זענען לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן.

ביי אַ וואַנט פון דער שיל איז געפאַלן טויט אַ בחור, אַ פּליט פון שעדלעץ, וועלכער איז מיט אַ טאָג פריער געקומען קיין לאָשיץ.

אין שטעטל איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע פּאַניק. באַלד האָבן זיך געהערט וויי־געשרייען פון די פאַרוווּנדעטע, וועלכע זענען געלעגן אין די גאַסן און הייזער. אַרום שיל זענען אויסגעבראָכן מערערע שריפות. מענטשן זענען געלאָפן ווי וואַנזיניק. עלטערן האָבן געזוכט זייערע קינדער און קינדער — די עלטערן. קיינער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט לעשן דאָס פייער און מיט געבן הילף די פאַרוווּנדעטע, וועלכע זענען אָפּגעגאַנגען אין בלוט. איינציקע יידן האָבן זיך נאָר אַריינגעריסן אין דער ברענענדיקער שיל און מיט מסירת־נפש אַרויסגעראַטעוועט אייניקע ספרי־תורהס.

דער אויסזען פון שטעטל איז געווען אַ שרעקלעכער. צעריסענע מענטשלעכע אברים האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. די געשרייען האָבן געעגבערט דעם מוח. די לעבנגעבליבענע האָבן גענומען אַנטלויפן פון שטעטל, ווער צו באַקאַנטע פּויערים אין די נאָענטע דערפער, ווער אויף די פעלדער אַרום שטעטל.

דער שבת־צו־נאַכטס איז געווען אַ נאַכט פון גרויל און פּיין. דאָס שטעטל איז געווען ליידיק — אַלע זענען אַנטלאָפן. אַ מאַן פופצן זענען געבליבן, צווישן זיי אויך דער שרייבער פון די שורות. וועגן שלאָפן איז, פאַרשטייט זיך, קיין רייד נישט געווען.

מיר האָבן אָנגעציילט העכער פערציק קרבנות.

אַלע איבערגעבליבענע האָבן זיך באַראַטן וועגן מקבר־זיין די קדושים. לויט דער איניציאַטיוו פון מיין שווער מרדכי אַבעס, דער איינציקער פון דער חברה־קדישא, וואָס איז מיט אונדז פאַרבליבן, זענען מיר ראשית אַרויס צונויפזאַמלען ווייסע ליילעכער, כדי איינצוּוויקלען די מתים. דאַן זענען מיר אַלע אַוועק אויפן בית־עולם גראָבן צוויי ברידער־קברים, אַ באַזונדערן פאַר די מענער און אַ באַזונדערן פאַר די פרויען. אינמיטן גראָבן די קברים זענען אָנגעפלויגן נאַצי־באָמבאַרדירערס, אָבער זיי האָבן אונדז נישט באַמערקט. נאָכן אויסגראָבן די קברים איז אַ טייל פון אונדז אַוועק ברענגען די טויטע קערפּערס. איינמאָל האָבן מיר געבראַכט קערפּערס אָן גלידער, דאָס צווייטע מאָל — גלידער אָן קערפּערס... די אָנגעוואָרפענע אויפן וואָגן מתים, צעקאַליעטשעטע, צעריסענע, טייל מיט אָפענע אויגן, האָבן אונדז דערשיטערט און פאַרשטיינערט.

מיר האָבן אָנגעהויבן דערקענען די הרוגים. דאָס זענען די נעמען וואָס איך געדענק פון די אומגעקומענע אין דער ערשטער באָמבאַרדירונג:

זלמן באָראָווסקי, ביי וועמען עס האָט געפעלט אַ האַנט, וועלכע מיר האָבן שפּעטער געפונען. נחום גאָלדפאַרב מיט זיין גאַנצער פאַמיליע (מען האָט אים גערופן נחום קוץ); איין זון זיינער איז נאָר געבליבן לעבן, ווייל ער איז געווען אין מיליטער און געפינט זיך איצט אין ישראל; ביי זיינער אַ טאָכטער איז אָפּגעריסן געוואָרן אַ פוס, ווען זי איז געפאַלן טויט. פעטאַיע (בנימין־יאַנקל) דער וואַסערטרעגער, מיט זיין פרוי און איין קינד, דאָס צווייטע קינד איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און שפּעטער געשטאָרבן. בנימין סטאָליער (מעכאַניק) מיט זיין פאַמיליע. צוועלף טויטע האָבן מיר אָנגעציילט פון יואלקע שפּאַקערס פאַמיליע.

צווישן די קרבנות זענען אויך געווען פליטים פון אַנדערע שטעט.

ביי דער קבורה, ביים צונויפזאַמלען און צונויפשטעלן די קערפּערס מיט די אָפּגעריסענע גלידער האָט זיך יענע נאַכט אויסגעצייכנט מיט זיין מסירת־נפש הערשל האָקסענהאָרן (הערשל יאָסל־אייזשעכעס). זיין זוכן די אָפּגעריסענע אברים און דערקענען צו וועלכן קערפּער זיי געהערן, האָט ביי אונדז אַלע אַרויסגערופן יראת־הכבוד. דער זעלבער איז שפּעטער, צוזאַמען מיט נאָך זיבן יידן, דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, לויט דער אָנווייזונג פונעם סעקרעטאַר פון דער געמיינדע שוויניאַרווו, קאַרטשמאַרטשיק.

ווען הערשל האָט ביי אונדז באַמערקט אַ שרעק ביים מטפל זיין זיך מיט די צעריסענע קערפּערס, האָט ער צו אונדז געזאָגט: „וואָס האָט איר מורא?... זיי האָבן נאָך כאָטש ווער ס'זאָל זיי באַגראָבן, מיר וועלן עס שוין נישט האָבן...״

ביים פאַרשיטן די קברים זענען נישט געווען קיין משפחה־קרובים, מיר האָבן אַלע, צעבראָכענע, מיט טרערן אין קעל, געזאָגט קדיש.

די זעלבע נאַכט האָבן קריסטן געפּרוווט אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָס די יידן זענען אַנטלאָפן און געוואָלט אויפרייסן יידישע קראָמען, כדי צו ראַבירן. מיר האָבן זיך קעגנגעשטעלט און נישט דערלאָזט דערצו. די איינציקע קראָם, וועלכע זיי האָבן באַוויזן אויפצורייסן איז געווען דעם שטאָט־חזנס יצחק־מאיר רוזאַלס, אָבער זיי האָבן דאָרט נישט געהאַט קיין סך צו נעמען...

*

עס זענען פאַרביי אייניקע טעג אָן באָמבאַרדירונגען און די באַפעלקערונג האָט גענומען זיך צוריקקערן אין שטעטל אריין. די פאַרצווייפלונג איז געווען אַ גרויסע, — יעדער האָט פאָרגעזען דעם שרעקלעכן מאָרגן. איך דערמאָן זיך דעם טאָג, ווען די פּוילישע פּאָליציי האָט פאַרלאָזט לאָשיץ; מיר זענען געבליבן אָן אַ מאַכט און געוווסט וועמען מיר האָבן צו דערוואַרטן... אויפן צווייטן טאָג זענען אָנגעקומען די דייטשע טאַנקען. זייער ערשטער באַפעל איז געווען צו עפענען די געשעפטן און זיי האָבן גערויבט וואָס זיי האָט זיך נאָר געגלוסט.

אין לאָשיץ האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימנים פון הונגער. מען האָט באַלאַגערט די בעקערייען, וועלנדיק זיך באַזאָרגן מיט ברויט.

כאָטש מען האָט די אָנקומענדיקע רויטע אַרמיי אויפגענומען מיט פרייד און מען האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, איז דאָך ביי יעדן געבליבן אַן אומזיכערקייט אין מאָרגן, טראָץ די סאָוויעטישע פאַרזיכערונגען, אַז „ווהין די רויטע אַרמיי קומט אריין, טרעט זי שוין נישט אָפּ צוריק...״ די שפּעטערדיקע געשעענישן האָבן באוויזן, אַז נישט אַלץ וואָס זיי זאָגן איז ריכטיק...

ווען די סאָוויעטישע אַרמיי האָט גענומען צוריקטרעטן ביז אַריבערן בוג, איז געוואָרן אַ פּאַניק אין שטעטל. מען האָט גענומען לויפן צו דער אָנגעוויזענער גרענעץ, כדי נישט צו פאַרבלייבן ביי די נאַציסטע מערדער. צווישן די דאָזיקע לויפנדיקע בין איך אויך געווען. פון דעמלט אָן האָט זיך איבערגעריסן מיין דירעקטע פאַרבינדונג מיט אונדזער שטעטל, פון וועלכן די באַקומענע ידיעות זענען געוואָרן שרעקלעכער פון טאָג־צו־טאָג.

בנימין זילבערשטיין

## ביינאַכט אין אויסגעליידיקטן שטעטל

מיין לעצטער באַזוך אין לאָשיץ איז פאָרגעקומען אין די קאָשמאַר־טעג פון 1939, ווען די ערשטע באָמבעס זענען געוואָרפן געוואָרן אויפן אומבאַשיצטן שטעטל.

פּונקט אין דעם טאָג, ווען עס איז געפאַלן די ערשטע באָמבע אויף לאָשיץ און אויפגעריסן אונדזער גרויסע שיל, בין איך אָנגעקומען מיט אַ מיליטערישן

טראַנספּאָרט אויף דער באַן־סטאַציע ניעמאָיקי. איך בין שוין דעמלט זייט צוויי יאָר געווען אין פּוילישן מיליטער, דורכמאַכנדיק מיין מיליטער־דינסט. אונדזער פּאָלק איז געשיקט געוואָרן פון מזרח־פּוילן, כדי צו פאַרטיידיקן וואַרשע קעגן די דייטשן. ווען מיר זענען אָבער צוגע־קומען ביז ניעמאָיקי — האָט דער צוג נישט געקאָנט ווייטער פאָרן, צר־ליבן שנעלן פאַרויסמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי. מען האָט אונדז אין ניעמאָיקי אַרויסגעזעצט פון די וואַ־גאָנען און דאָ געהייסן וואַרטן אויף ווייטערדיקע באַפעלן. איך האָב פון וויטנס געזען אונדזער שטעטל, אָבער גיין אַהין האָב איך נישט געקאָנט, מען האָט מיך אויף קיין שעה נישט געוואָלט באַפרייען פון מיליטער־לאַגער, ווייל יעדע מינוט האָט מען דערוואַרט אַ באַפעל פון הויפּט־שטאָב ווהין מיר דאַרפן ווייטער פאָרן.



יהושע בינשטאָק אַלס פּוילישער סאָלדאַט

איך האָב פון ווייטן געזען, ווי עס איז געפאַלן די באָמבע אויף אונדזער שטעטל. איך האָב גוט געהערט דעם אויפטרייסלענדיקן אויפרייס. איך בין אָבער, אַן אָנמעכטיקער אינגאַנצן, געשטאַנען פון ווייטן און מיט שוידער אין האַרץ צוגעקוקט, ווי עס הויבן זיך אויף פלאַמען פון צענטער לאָשיץ און שוואַרצע וואָלקנס רויך האָבן זיך גענומען טראָגן אַרום־און־אַרום. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן מיין געפיל אין יענע מאָמענטן.

אַרום 12 אַזייגער ביינאַכט, ווען איך בין פונקט געשטאַנען אויף דער וואַך אין דיזשור־דינסט, האָב איך פלוצלינג פון דער פינצטער דערהערט געשרייען און דערזען אַ זיך־דערנענטערנדיקע גרופּע מענטשן פון דער זייט פון לאָשיץ צו דער באַן־סטאַציע.

„געוואַלד! גאַנץ לאָשיץ ברענט!.. מיר זענען פאַרלוירן!..״ — האָב איך דערהערט, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו די מענטשן. דאָס זענען געווען אַנטלאָפענע פון לאָשיץ. בראש איז געגאַנגען דוד פּלאַטאָוו (דוד ריסקעווער פון דער נאָטעוויזנע). זיי האָבן מיר שוין דערציילט וועגן די ערשטע קרבנות, וועגן טויט פון פיטאַיע וואַסערטרעגער, נחום קוץ און אַנדערע. העלפן האָב איך זיי נישט געקאָנט — איך בין געווען הילפלאָז, פול מיט פאַרצווייפלונג, פונקט ווי זיי.

ערשט אויף מאָרגן ביינאַכט האָט אונדזער מיליטער־אָפּטיילונג באַקומען דעם באַפעל וווהין צו רירן פון ניעמאָיקי. דער וועג איז געווען איבערן שאָסיי דורך לאָשיץ. מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק צו קלאַפּן — אָט־באַלד וועל זען אונדזער שטעטל, טרעפן אייגענע, זיך זען כאָטש אויף געציילטע מינוטן, דורכפאָרנדיק.

איך האָב געריטן אויף אַ פערד אין סוף פון דער מיליטער־אָפּטיילונג. די נאַכט איז געווען אַ שרעקלעך־פינצטערע. איך האָב, אין דער פינצטער, געקלאַפּט אין טירן און פענצטער — קיינער האָט מיר נישט געענטפערט, נישט געעפנט קיין טיר. כ׳האָב זיך שנעל איבערצייגט, אַז דאָס שטעטל איז בוכשטעבלעך ליידיק. צוליב אַ ידיעה, אַז ביינאַכט וועט מען ווידער באָמבאַרדירן די שטאָט, זענען אַלע איינוווינער, אָן אונטערשייד, אַוועק אין די נאָענטע דערפער און פעלדער. כ׳האָב גאַלאָפּירט אויפן פערד איבער אַלע גאַסן און געסלעך, גערופן, געשריען... „יידן, וווּ זענט איר?!..״ נאָר אַ פּוסטער עכאָ האָט מיר געענטפערט. לעבן יאַנקל איטשע־מאירס אויפן טראָטואַר האָט זיך מיר פלוצלינג געדאַכט, אַז איך זע עפּעס... אַז דאָ, וווּ עס פלעגן שטענדיק מאַסנווייז שפּאַציר׳ן אונדזערע יידן, באַוועגן זיך ווידער מענטשן... אָבער ניין... כ׳בין אַרויף מיטן פערד אויפן טראָטואַר — ער איז געווען ליידיק, איך האָב נאָר געפילט די שאָטנס פון די שפּאַצירנדיקע...

איך האָב קיין לעבעדיקן נפש נישט געטראָפן אין שטאָט אין יענער פינצטערער נאַכט, — דאָס איז געווען מיין לעצטער באַזוך אין לאָשיץ.

כ׳בין רייטנדיק אַוועק ווייטער.

יהושע בינשטאָק

## פיינען אין געטאָ

ווען עס איז, אין 1940, געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ אין לאָשיץ, איז אין די עטלעכע באַגרענעצטע געסלעך געווען אַ גרויסע ענגשאַפט. אויסער די לאָשיצער יידן זענען אין שטעטל אויך געווען אַרויסגעשיקטע יידן פון אַנדערע שטעט, ווי בלאַשקי און קאַליש. מען האָט געוווינט נישט בלויז אין אַלע שטאַלן אויפן שטח פון געטאָ, אין אַלע קעלערס און אויף אַלע בוידעמער, נאָר אפילו אין שמואלקעס אַלטן אָמניבוס, וואָס איז פון לאַנג געשטאַנען אומבאַנוצט, האָבן געוווינט מענטשן. מען האָט געוווינט אָפט צו עטלעכע פאַמיליעס אין איין צימער און אַרויפגעשטעלט בעטן איינס איבער דעם צווייטן.

אויפן גאַנצן שטח פון געטאָ האָט זיך נישט געפונען קיין איין וואַסער־ברונעם. אַזוי ווי אַ העלפט פון טויטן געסל האָט געהערט צום געטאָ, זענען די מענטשן געגאַנגען נעמען וואַסער צום גלחס ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען

אין טויטן געסל, אָבער שוין אויסערן געטאָ. דער בירגערמייסטער, וואָס האָט דאָרטן געוווינט, האָט דאָס געזען און פֿאַרשריבן די נעמען פֿון די וואָס האָבן גענומען וואַסער. די זעלבע נאַכט, האָט מען די דאָזיקע יידן — זעקס אין דער צאָל — אַרויסגענומען פֿון די בעטן, אַוועקגעפֿירט צו דער דריטער בריק און זיי דערשאָסן. דאָס איז געווען גלייך אין ערשטן טאָג פֿון געטאָ. ערשט שפּעטער האָט מען אלע יידן פֿון געטאָ דערלויבט נעמען וואַסער פֿון איין ברונעם.

פֿאַר אַריבערטרעטן די גרענעץ פֿון געטאָ האָט געדראָט טויט־שטראָף אויפֿן אָרט.

אין מאַרק, ביים געטאָ, זענען ווייטער נאָרמאַל פֿאָרגעקומען די יאַרידן. ווען די דייטשן פֿלעגן באַמערקן, אַז אַ ייד רעדט מיט אַ פּויער דורך די געטאָ־פֿאַרצוימונגען, — פֿלעגן זיי דעם ייד גלייך דערשיסן. מען איז אָבער געווען געצווונגען עפּעס צו פֿאַרקויפֿן די אָנגעפּאָרענע פּויערים אויף די יארידן — כדי צו האָבן פֿון וואָס צו לעבן; זענען טאַקע דערביי געפֿאַלן פֿיל קרבנות.

די דייטשן פֿלעגן נעמען יידן פֿון געטאָ צו דער אַרבעט. דער „יודנראַט" פֿלעגט מוזן צושטעלן יעדן טאָג אַ באַשטימטע צאָל אַרבעטער. אָבער אויסערדעם פֿלעגן די דייטשן כאַפּן נאָך יידן און זיי מיטנעמען, כדי בעסטיאַליש צו פּייניקן. אין ווינטער 1941, ווען די דייטשן האָבן איינמאָל געפֿירט די באַשטימטע אַרבעטער, האָבן זיי אויפֿן וועג געכאַפּט נאָך 10 עלטערע יידן און מיך, אלס עלפֿטן. עס איז דאַן געווען אַ שטאַרקער פֿראָסט און ס'איז געלעגן אַ טיפֿער שניי. די נאַציס האָבן צוגענומען ביי די אַרבעטער די רידלעס, לאָפּאַטעס און אַנדערע אַרבעט־מכשירים און אַלץ געגעבן אונדז צו טראָגן מיט די נאַקעטע הענט. עס זענען אונדז פֿון דעם באַלד אָפּגעפֿרוירן די פֿינגער. מען האָט אונדז אַוועקגעפֿירט ביזן „אַרטיעך", אויפֿן סאַרנאַקער וועג. דאָ האָט מען אונדז, די 11 געכאַפּטע יידן, געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט ביזן האַלבן קערפּער. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ גייען זיי אונדז אויסענדיקן. צום גליק האָב איך געהאַט ביי זיך אַביסל געלט. איך האָב באַמערקט, אַז איינער פֿון די אַרבעטער קען זיך מיט איין זשאַנדאַר; איך האָב דעם דאָזיקן זשאַנדאַר, דורכן יידישן אַרבעטער, פֿאָרגעלייגט זיך אויסצוקויפֿן. דער דייטש איז באַשטאַנען. באַקומענדיק מיין געלט, האָט ער מיר געגעבן מיינע מלבושים, וואָס איך האָב געכאַפּט און אַנטלאָפֿן. איך בין גלייך אריין אין „יודנראַט" און דערציילט, וואָס דאָרט קומט פֿאָר, אָבער די יודנראַטלער האָבן גאָרנישט געקאָנט העלפֿן.

די צען איבערגעבליבענע קרבנות האָט מען געהייסן אַראָפּשאַרן דעם שניי פֿון די ראָוועס ביים שאָסיי. אונטערן שניי איז געווען וואַסער איבערגעצויגן מיט אַן אייז־שיכט. מען האָט די יידן געצוווּנגען זיך אריינצולייגן נאַקעטערהייט אין געפֿרוירענעם וואַסער אַריין. איינער פֿון זיי איז געשטאָרבן אויפֿן אָרט. די איבעריקע ניין זענען צוריקגעקומען אין געטאָ אריין האַלב־טויטע, מיט אָפּגעפֿרוירענע גלידער און זיי האָבן שוין געהאַלטן אין איין קרענקען ביזן אַלגעמיינעם אומקום.

די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז ביים יאַנאָווער רבין אין הויז קומען אין געהיים זיך צונויף יידן און דאַוונען בציבור. ווען די נאַציס האָבן זיך געוואָלט פאַרוויילן, זענען זיי באַפאַלן די שטוב פונעם רבין און פאַרנומען אַלע יידן אין די טליתים און תפילין און זיי אַוועקגעפירט אין דער זשאַנדאַרמעריע אין הויז פון אַפטייקער אויף דער ביאַלער גאַס. דאָ האָבן זיי די יידן געהייסן זיך ארומנעמען און צוזאַמען טאַנצן און זינגען. אין מיטן טאַנצן האָט מען אויף די יידן אָנגערייצט אַ ספּעציעל־געשולטן בייזן הונט, וועלכער האָט זיך ווילד



אַ בילד פון געטאָ־לאָשיץ, אין יאָר 1941. פאַר זיין געוועלב זיצט נחום גינזבורג, מיט אַ געלן באַנד אויף דער האַנט. לעבן אים — ישראל־ישעיה

געוואָרפן אויף זיי, געריסן זיי דאָס אָנטאָן און שטיקער פלייש פון לייב. די יידן האָבן נישט געטאָרט אָפּיאָגן דעם הונט, נישט אָפּלאָזן די הענט איינער פון צווייטן און געמוזט ווייטער טאַנצן. פאַר פרווון פאַרטיידיקן זיך קעגן הונט, האָבן די מערדער דערשאָסן אויפן אָרט. פאַרחלשטע, צעבלוטיקטע, האַלב־נאַקעטע אין די צעריסענע קליידער, פלעגט מען די יידן אָפּלאָזן, ווען די מערדער האָבן געהאַט געענוג די „פאַרוויילונג".

דער „יודנראט" איז, לויטן באַפעל פון די דייטשן, באַשטאַנען פון צען יידן פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אָבער פון די צען האָבן אָנגעפירט מיט דעם גאַנצן געטאָ בלויז צוויי פון צווישן זיי, די איבעריקע האָבן זיך זייער ווייניק געמישט. האַנט־ביי־האַנט מיטן „יודנראַט" האָט געאַרבעט די יידישע פּאָליציי. אויך דאָ זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען נאָר פאַרמעל געווען פּאָליציאַנטן און זיך מיט דער פּאָליציי־אַרבעט בכלל נישט פאַרנומען.

איך האָב מיטגעמאַכט דעם גאַנצן גיהנום־וועג מיט אַלע לאָשיצער יידן פון לאָשיץ ביז טרעבלינקע. דעם דאָזיקן וועג איז אומעגלעך צו פאַרגעסן און זייער שווער צו באַשרייבן.

דעם שוואַרצן שבת, דעם 22־טן אויגוסט 1942, זענען מיר אויפגעוועקט געוואָרן זייער פרי, פאַרטאָג, דורך אַ גרויסער באַוועגונג פון זשאַנדאַרן און ס.ס.־לייט איבער די שמאָלע געסלעך פונעם געטאָ. יעדער פון אונדז האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך אַן „אַקציע". פיל האָבן נאָך געוואָלט פרווון אַנטלויפן אין לעצטן מאָמענט; אָבער יעדער ייד, וואָס האָט אַריבער־געטראָטן די שוועל פון אַ הויז און אַרויס אויף דער גאַס, איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן, גלייך ווי ער איז באַמערקט געוואָרן. דערנאָך איז געקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן אַרויסקומען פון די הייזער און מיטנעמען נישט מער ווי צו פופצן קילאָ פאַר אַ פערזאָן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַלע יידן פונעם געטאָ זענען געווען פאַרזאַמלט אין מאַרק פאַרן מאַגיסטראַט זענען געשטאַנען צוגעגרייט פורן, אויף וועלכע מען האָט זיך געהייסן ארויפזעצן די פרויען און קינדער.

די מענער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צו זיבן אין אַ ריי. אין דער ערשטער ריי זענען געווען די מיטגלידער פון יודנראַט, פון וועלכע איך דערמאָן מיר גרשון לעווין, יהושע ראָזענצווייג, אליהו כאָטיטשער. איך בין געשטאַנען אין אַ ווייטערדיקער ריי, צוזאַמען מיט חיים פלאָט, אברהם גאָלדשטיין, אליהו ראַדזשינסקי, מענדל ווורובל און הענעך יאַבלאָנסקי. מיר האָבן געמוזט שטיין גלייך און נישט רירן זיך, ווייל ביי דער טיר פון מאַגיסטראַט איז געשטאַנען אַ זשאַנדאַר און אַכטונג געגעבן און ווער עס האָט זיך נאָר גערירט אַן איבעריקן דריי איז גלייך דערשאָסן געוואָרן.

צום ערשטן זענען אָפּגעפאָרן אויפן וועג קיין שעדלעץ די פורן מיט די פרויען און קינדער. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט מען אונדז, די מענער, געגעבן אַ באַפעל צו מאַרשירן. נישט ווייטער ווי ביז דער ערשטער בריק איז אַלץ געגאַנגען נאָרמאַל. אָבער שוין ביי דער ערשטער בריק האָט מען אונדז אָנגעהויבן באַשיסן מיט אויטאָמאַטיש געווער. מיר האָבן גלייך אַלע אָנגעהויבן לויפן אין גרויסער בהלה. פיל מענטשן זענען אויפן אָרט אומגעקומען. אַזוי האָט מען אונדז אָן אויפהער באַשאָסן דעם גאַנצן וועג ביז שעדלעץ און עס זענען געפאַלן אומצאָליקע קרבנות. לויפנדיק אַליין, איז שווער געווען צו זען וואָס עס געשעט מיט אַנדערע; אָבער איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב געזען ליגן טויט אויפן שאָסיי דעם בעקער אברהם קאָרטש און אברהם גאָלדשטיין, וועלכער איז ארויסגעגאַנגען פון לאָשיץ אין איין ריי מיט מיר, און נאָך צענדליקער אַנדערע, וואָס איך דערמאָן מיר נישט זייערע נעמען.

קיין שעדלעץ זענען מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט. מען האָט אונדז אַלע פאַרטריבן אויפן אַלטן שעדלעצער בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער שיל אויף דער וואַרשעווער גאַס. דאָרט זענען מיר געזעסן צוזאַמען מיט די

שעדלעצער יידן, צונויפגעפּאַקט אין גרויסער ענגשאַפּט, שוין צווישן פיל טויטע און אין קאַלוזשעס בלוט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך געהערט איינצלנע שאָסן אין די מענטשן אריין און באַלד דערנאָך האָבן זיך געהערט די קרעכצן פון די געפאַלנע. גאַנץ פרי האָט מען אונדז אָנגעהויבן געדיכט באַשיסן מיט מאַשין־געווער. די מענטשן האָבן זיך נאָך מער צונויפגעשטופּט און פון אַלע איז געוואָרן איין באַרג. די דאָזיקע שחיטה האָט געדויערט ביי אַ פופצן מינוט. דערנאָך האָט מען באַפוילן, אַז די מענטשן זאָלן זיך צוריק אויפזעצן, אָבער מיר זענען נאָך ווייטער געבליבן ליגן צוזאַמענגעקוועטשט, מורא־האָבנדיק אויפצוהויבן די קעפּ, טאָמער וועלן מיר ווידער באַשאָסן ווערן. שפּעטער האָבן די דייטשן אויסגערופן, אַז די וועלכע געהערן צו דער יידישער פּאָליציי, זאָלן זיך אויפהויבן און צוקומען צו זיי, צו די דייטשן. די פּאָר פּאָליציי־לייט, וואָס האָבן נאָך געלעבט, זענען צו זיי צוגעגאַנגען. מען האָט זיי איינגעשפּאַנט צו פיר אי̇ן אַ וואָגן און געהייסן אָפּרוימען די טויטע.

צווישן די טויטע האָב איך געזען פּיצעלעך ניי־געבוירענע קינדער, וועלכע מען האָט אַוועקגערוימט צוזאַמען מיט די מוטערס, וועלכע האָבן זיי דאָ אויפן פּלאַץ פאַר שרעק געמפּלט. איך האָב געזען ליגן גאַנצע פאַמיליעס טויטע צוזאַמען, קראַקמפּהאַפט אַרומגענומען איינער מיטן צווייטן. אין זכרון איז מיר איינגעקריצט דאָס בילד, ווי עס איז געלעגן אַ טויטע מוטער און לעבן איר איז געזעסן איר צוויי־יאָריק לעבעדיק קינד.

די האַרצרייסנדיקע סצענעס, וואָס איך האָב דאָרט צוגעזען איז אומעגלעך צו באַשרייבן, אָבער אויך אומעגלעך צו פאַרגעסן.

דאָס אָפּרוימען די טויטע איז אָנגעגאַנגען דעם גאַנצן זונטיקדיקן טאָג.

די לעבנגעבליבענע זענען געבליבן זיצן אויפן פּלאַץ ביז דינסטיק אינ־דערפרי, אַזוי פון שבת אָן, אין אַ גרויסער גליענדיקער היץ, אָן טרינקען און אָן עסן. דינסטיק אינדערפרי האָט מען אונדז גענומען טרייבן, דורכן מעזריטשער וועג, צו דער באַן־סטאַציע. די מענטשן, וועלכע האָבן אויפן וועג געכאַפּט מיט די הענט אַביסל בלאָטע פון די רינשטאָקן, כדי מיט דעם צו לעשן דעם שרעקלעכן דורשט, זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן.

9 אַזייגער אינדערפרי איז אָנגעקומען דער צוג מיט לאַסט־וואַגאָנען. יעדער וואַגאָן האָט געהאַט פיר קליינע פענצטערלעך, פאַרקראַטעוועטע מיט שטעכיקן דראָט. מען האָט אונדז באַפוילן איינצושטייגן אין די וואַגאָנען און גלייכצייטיק אונדז אָנגעהויבן באַשיסן. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער געדראַנג ביי די טירן פון די וואַגאָנען, די מענטשן זענען אריין טרעטנדיק איינער אויפן צווייטן. ווען דער וואַגאָן איז געווען ענג אָנגעפּאַקט, איז ער גלייך פאַרקלאַפּט געוואָרן.

אין דעם וואַגאָן, ווו איך בין געווען, איז געווען אַזאַ אומדערטרעגלעכע היץ און ענגשאַפּט, אַז די מענטשן האָבן זיך גלייך גענומען שטיקן. דורך איין

פענצטערל, ווו די דראָטן זענען געווען אָפּגעריסן, האָבן די מענטשן אַרויס־געוואָרפן זייערע קינדער, כדי זיי זאָלן נישט האָבן אַזאַ שרעקלעכן שטיקנדיקן טויט. די מענטשן האָבן גלייך באַקומען אַזעלכע ברוינע פּנימער, ווי ברוין־אָפּגעבאַקן ברויט פריש פון דער בעקעריי. מענער און פרויען האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט, ווי אין טאָג פון געבוירן, און איינער האָט געביסן דעם אַנדערן פון גרויס ווייטיק.

מיט מיר אין וואַגאָן האָבן זיך, צווישן אַנדערע געפונען די לאָשיצער יאָסל יאַבלאָנסקי, אליהו ראַדזשינסקי, הענעך יאַבלאָנסקי, יאַנקל זדאַנאָוויטש, דעם יאַנעווער רבינס יינגסטע טאָכטער און פיל בלאַשקער יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאָשיצער געטאָ.

די באַן איז נאָך געשטאַנען אויף דער סטאַציע אַ שעה צייט. פיל מענטשן האָבן אויפן אָרט גלייך געפּרוווט אַרויסשפּרינגען דורך די פענצטערלעך, אָבער זיי זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן.

פון דער מערהייט מענטשן אין וואַגאָן איז באַלד געוואָרן איין באַרג, זיי זענען דערשטיקט געוואָרן און געפאַלן טויט איינער אויפן צווייטן. עס זענען נאָר געבליבן שטיין אַביסל לעבעדיקע מענטשן ביי די פענצטערלעך, ווו מען האָט געקענט איינאָטעמען אַביסל פרישע לופט פון דרויסן.

באַלד אין אָנהויב פון דער רייזע, גלייך ווי די באַן האָט נאָר גענומען פאָרן, האָבן מענטשן אָנגעהויבן שפּרינגען דורך די פענצטערלעך אין דרויסן אַרויס. אַ סך פון זיי זענען דערהרגעט געוואָרן דורכן לויפנדיקן צוג און פיל זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די ס.ס.־לייט, וועלכע זענען געזעסן מיט מאַשין־געווער אויף די דעכער און באַשאָסן יעדן, וועמען זיי האָבן באַמערקט אַרויסשפּרינגען.

ווען די באַן איז שוין געווען נישט ווייט פון טרעבלינקע, האָב איך באַשלאָסן אויך צו שפּרינגען דורכן פענצטער; כ׳האָב שוין נישט געקלערט וועגן ראַטעווען זיך, נאָר פּשוט צו האָבן אַ לייכטערן טויט און נישט דערשטיקט צו ווערן. פאַר מיין אַרויסשפּרינגען האָבן נאָך פון די צוויי־הונדערט מענטשן בערך, וואָס זענען אריין אין וואַגאָן, געלעבט נישט מער ווי אַ צוואנציק בערך, וואָס זענען געשטאַנען ביי די פענצטערלעך. איינער, יאַנקל זדאַנאָוויטש, האָט מיך אונטערגעהאַלטן איך זאָל קאָנען אַרויפקריכן צום פענצטערל. איך בין אַרויסגעשפּרונגען. די זשאַנדאַרן פון וואַגאָן־דאַך האָבן מיר נאָכגעשאָסן, אָבער צו מיין גליק האָבן די קוילן מיר נישט געטראָפן. איך בין געבליבן ליגן אויף די רעלסן, — איך האָב געלעבט...

*

נאָכדעם ווי די באַן איז אַוועק, איז מיין ערשטער געדאַנק געווען, — ווי אַזוי אָנצוטרינקען זיך. דריי טעג אין אַ שטיקנדיקער היץ אָן אַ טראָפּן וואַסער אין מויל, — דאָס איז אַן אומדענקבאַרער פּיין. נאָכן שטילן מיין

דורשט, האָב איך גענומען קלערן וועגן צוריקומען אין מיין געגנט. 11 שעה בין איך געגאַנגען מיט הינטערוועגן ביז איך בין אָנגעקומען צו אונדזערס אַ פֿאַמיליע־פֿריינט, אַ קריסט מיטן נאָמען וויעלאָגורסקי, נישט ווייט פֿון מאָרד.

צו מיין פֿרייד האָב איך ביי וויעלאָגורסקין געטראָפֿן מיינע עלטערן, וואָס זענען צו אים אַנטלאָפֿן דירעקט פֿון געטאָ אין מאָרד, און אויך מיין יינגערן ברודער גדליהו. גדליהו איז, פּונקט ווי איך, געשפּרונגען פֿון אַ צוג, וואָס האָט אים געפֿירט קיין טרעבלינקע, און איז געבליבן לעבן. צוזאַמען מיט אים איז געשפּרונגען פֿון וואַגאָן אונדזער יינגסטער ברודער זישע, אָבער די דייטשן פֿונעם דאַך פֿון וואַגאָן האָבן אים דערשאָסן. ביי וויעלאָגורסקין זענען מיר געבליבן באַהאַלטן צוויי וואָכן.

אין דער צייט האָבן די נאַציס געשאַפֿן אין לאָשיץ דאָס „קליינע געטאָ״, וווּ עס האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אַלע אָפּגעראַטעוועטע פֿון דער ערשטער גרויסער ליקווידאַציע. מיר האָבן שוין נישט געוואָלט גיין אין געטאָ אַריין, ווייל מיר האָבן פֿאַרשטאַנען וואָסער גורל אונדז דערוואַרט דאָרט.

איינמאָל ביינאַכט, איז געקומען אונדז נעמען צו זיך מיין שוואָגער, מיין שוועסטערס מאַן, משה גאָלדשטיין. די משפּחה גאָלדשטיין פֿון מאָרד, וואָס פֿלעגט האַנדלען מיטן קורטשעווער פּריץ, האָט זיך דאַן געפֿונען אין דאָרף יאָזעפֿינאַ, ווו דער פּריץ האָט פֿאַר זיי אויסגעפּועלט ביי די דייטשן אַן אַרבעט־דערלויבעניש, בכן ער מוז זיי האָבן אויף אַ פּאָר מאָנאַטן צו אַ נויטיקער אַרבעט. צוזאַמען מיט אונדז זענען אין דאָזיקן דאָרף געווען יאָסל ניעביעסקי פֿון לאָשיץ און זיין שוואָגער משה, פֿון דער מיל, דער מאַן פֿון זיין שוועסטער מרים; מען פֿלעגט אים רופֿן משה פּיטשוך. זיי זענען אַנטלאָפֿן פֿון לאָשיצער געטאָ. ביי דעם דאָזיקן פּריץ אויפֿן דאָרף האָבן מיר אַלע געאַרבעט דריי חדשים. דאַן האָבן די דייטשן ליקווידירט אַלע ענלעכע אַרבעט־פּלעצער און באַפֿוילן די יידן, וואָס לעבן נאָך אין דער געגנט, זיך צו פֿאַרזאַמלען אין שעדלעצער געטאָ.

מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין די לעצטע ליקווידאַציע און האָבן באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן ווו איינער וועט נאָר קאָנען, ביי באַקאַנטע קריסטן.

איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן ביים פּאָליאַק שמורלאָ, 6 קילאָמעטער פֿון לאָשיץ, אין אַ קאָלאָניע ביים מאַיאָווקער וואַלד. צוויי יאָר, ביז דער באַפֿרייאונג, בין איך דאָרט געלעגן אין אַ בונקער, אויסגעגראָבן אין דער ערד אין שטאַל. איך האָב דאָרט געליטן גרויסע צרות. איך פֿלעג אָפֿט דריי טעג נאָכאַנאַנד נישט באַקומען קיין עסן. ווען איך בין באַפֿרייט געוואָרן האָב איך אַזוי אויסגעזען, אַז קיינער האָט מיך נישט דערקענט.

פֿון די אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר ביים פּריץ אין דאָרף יאָזעפֿינאַ, זענען געבליבן לעבן, אויסער מיר, נאָר צוויי מענטשן, — מיין פֿרוי ליבטשע גאָלדשטיין און מיין קוזין וועלוול גאַרבאַזש, איצט אין

תל־אביב. אַלע אַנדערע, וועלכע זענען דאָרט געווען, צווישן זיי מײַנע עלטערן און ברודער, האָבן די פּאָליאַקן אַליין אכזריותדיק אומגעבראַכט.

די צוויי לאָשיצער, וועלכע זענען דאָרט געווען מיט אונדז, יאָסל גיעביעסקי און זײַן שוואָגער משה, האָבן זיך, נאָכדעם ווי מיר זענען זיך צעלאָפן פונעם פּריץ, אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט אויף אַ קאָלאָניע נישט ווייט פונעם דאָרף לאָשקיעוויטש. אַנדערהאַלבן יאָר האָט זיי דער פּאָליאַק געהאַלטן. דערנאָך איז ער איינמאָל אריין אין זייער באַהעלטעניש, צוזאַמען מיט זײַנעם אַ שכן און זיי האָבן ביידע יידן פשוט געשאָכטן און זייערע קערפּערס אַרויסגעוואָרפן אין וואַלד אַריין. מײַן שוואָגער משה גאָלדשטיין, וועלכער האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין דער געגנט, איז וועגן דעם געוווּיר געוואָרן און געקומען איינמאָל בײַנאַכט מיר דערציילן וועגן דעם. אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט העלפן און נישט נקמה נעמען, — מיר האָבן נאָר געדענקט, אַז אויך אונדזער שרעקלעכער סוף דערנענטערט זיך. אויך מײַן שוואָגער האָט נישט דערלעבט די באַפרייאונג, — בלויז עטלעכע שעה פאַרן אָנקומען פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, האָבן אים די אָרטיקע קריסטן אַליין דערמאָרדעט.

מײַן גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען פון די הענט פון פּאָליאַקן. די פּוילישע פאַשיסטן האָבן אַ גרויסן טייל אין אונדזער אומקום, זיי האָבן אויסגעמאָרדעט זייער פיל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, העלפנדיק אַזוי־אַרום די נאַצישע חיות אין דורכפירן זייערע שוידערלעכע פאַרברעכנס.

פון מײַן גאַנצער נאָענטער פאַמיליע איז לעבן־געבליבן נאָר מײַן שוועסטערס אַ זון, וועלכער איז נאָך געווען אַ קליין קינד בעת דער קאַטאַסטראָפע און געפינט זיך איצט אין ישראל.

משה סמאָלאַזש

## מײַן פאָטער — צווישן די ערשטע לאשיצער קרבנות

מײַן פאָטער, פּיניע קאַרשנשטיין, אָדער פּיניע פאטקעווער, ווי מען האָט אים גערופן, איז געווען צווישן די ערשטע קרבנות, וואָס זענען געפאַלן אין לאָשיץ פון די הענט פון דער נאַצישער חיה. דעם 29־טן נאָוועמבער 1939 האָט מען אים בײַנאַכט אַרויסגעשלעפּט פון בעט און צוזאַמען מיט נאָך זעקס לאָשיצער יידן אָפּגעפירט אין אַ וועלדל הינטער דער שטאָט. צווישן די זיבן קרבנות זענען דאַן אויך געווען דוד מינץ און מאיר אייזענבערג (יענטע־פייגעס). מען האָט זיי געהייסן גראָבן פאַר זיך אַ קבר. דער איינציקער וואָס האָט זיך פאַרן טויט שארף קעגנגעשטעלט און זיך געאַמפּערט מיט די תלינים, איז געווען מאיר אייזענבערג. אָבער דאָס האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. אַלע זיבן זענען דערשאָסן געוואָרן און באַגראָבן געוואָרן אויפן אָרט, אונטער די ביימער.




די מצבה אויפן שעדלעצער יידישן בית־עלמין, אויפן קבר פון די ערשטע זיבן יידן, וועלכע די נאַציס האָבן דערמאָרדעט אין לאַשיץ

די דאָזיקע שוידערלעכע עקזעקוציע האָט אַרויסגערופן אין לאַשיץ אַ שרעקלעכע פּאַניק־שטימונג און געוויזן וואָס פאַראַ גורל עס דערוואַרט דער גאַנצער קהילה.

די לאָשיצער יידן האָבן די דאָזיקע ערשטע קרבנות זייערע אפילו נישט געקאָנט ברענגען צו קבר־ישראל. ערשט נאָך דער מלחמה, אין מאי 1946, איז מען ביי די פּאָליאַקן געוואויר געוואָרן ווו זיי זענען באַגראָבן, און מען האָט זייערע ביינער איבערגעפירט אויפן שעדלעצער יידישן בית־עולם, ווו מען האָט אויף זייער ברידער־קבר געשטעלט אַ מצבה.

העלע קאַרשנשטיין־בראון

## משה ביאַליקאַמיען און דער „יודנראַט"

אויף איינער פון די הזכרות נאָך די לאָשיצער קדושים אין תל־אביב, האָט אַ לעבנגעבליבענער פון לאָשיצער געטאָ, וועלכער איז אַהין געקומען אַלס פּליט פון פויזנער געגנט, דערציילט: „אויף איין ייד, דערמאָן איך זיך, האָט מען אָנגעוויזן מיט די פינגער — ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו גיין אין ,יודנראַט', אין וועלכן די נאַצי׳ס האָבן אים באַשטימט; דאָס איז געווען ר' משה ביאַליקאַמיען..." דער דערציילער האָט נישט געוווּסט, אַז לעבן אים, אויף דער טריבונע, איז פּונקט געזעסן ר' משהס טאָכטער — חיה־רחל ראָזנבאַנד, וועלכע האָט, הערנדיק די ווערטער, זיך ביטער צעוויינט...


משה ביאַליקאַמיען

משה ביאַליקאַמיען איז נישט געווען קיין בן־לאָשיץ. ער האָט געשטאַמט פון לוקאָוו, אָבער געווען אַריינגעוואַקסן אין לאָשיצער יידישן לעבן, איינגעוואָרצלט אין שטעטל, פּונקט ווי ער זאָל האָבן געשטאַמט פון דור־דורות לאָשיצער. דערצויגן אין חדר, געלערנט אין ישיבה, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר אַ באַלעבאַטיש קינד אין יענע יאָרן. ער האָט חתונה געהאַט קיין לאָשיץ מיט דער אַלטער שבע־ביילעס אַן איניקל, פייגע וויסבערג. געווען אַ גערער חסיד, פרום, אָבער נישט קיין קנאי און באַמיט זיך צו פאַרשטיין אפילו די די אייגענע קינדער, וואָס זענען אַוועק „לפי רוח הזמן".

אין אָנהויב האָט ער געפירט אַ ברויערײַ אין פּיטשיץ, דאָס דאַרף לעבן לאָשיץ; דערנאָך געאַרבעט אין דער משפּחהדיקער אָלעאַרניע פון שיינדל שבע־ביילעס און די לעצטע יאָרן איז ער געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער יידישער קהלה.

משה ביאַליקאַמיען האָט זיך טאַקע קעגנגעשטעלט און זיך אָפּגעזאָגט אויסצר־

פירן דעם בפירושן נאַציסן באַפֿעל צו ווערן אַ מיטגליד פֿון „יודנראַט". ער האָט נישט געוואָלט אָנטיילנעמען אין דער אינסטיטוציע, דורך וועלכער אַנדערע האָבן אָנגעטאָן פֿיל צרות די לאַשיצער געטאָ־יידן. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין אינסטרומענט אין די הענט פֿון די מערדער. אָבער נישט דאָס אַליין. ער האָט זיך שטאַלץ און מוטיק קעגנגעשטעלט אויך אַנדערע נאַצישע, אָדער יודענראַט־לערישע, באַפֿעלן און דערפֿאַר באַקומען מערדערלעכע קלעפּ פֿון די ס. ס.־באַנדיטן.

פֿון זיינע אַכט קינדער האָבן די נאַציס אומגעבראַכט פֿינף, צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע. צווישן די אומגעבראַכטע — דער זון ברוך, באַקאַנט מיט זיין שטרענגער פֿרומקייט און תורה־חכמה; דער שטענדיק־שטילער יאַנקל, וועלכן מען האָט גערופֿן למד־וואָווניק, צוליב זיינע מידות־טובות. ברוך, צוזאַמען מיט נאָך אַ ברודער, יוסף, זענען אַנטלאָפֿן פֿון געטאָ און געפּרוווט זיך ראַטעווען אין זאַקרע, — אָבער דאָרט האָט זיי דערגרייכט אַ נאַצישע קויל.

משה ביאַליקאַמיענס דריי קינדער זענען געבליבן לעבן: די טאָכטער חיה־רחל און דער זון יידל — אין קאָלאָמביע, אהרן — אין מעקסיקע.

## אין די לאַשיצער געטאָס

איך האָב פֿיל געלייענט וועגן די יידישע געטאָס אין אייראָפּע אין אַמעריקע צייטן. מעגלעך, אַז אויך אין אונדזער שטעטעלע איז, אין לויף פֿון דער געשיכטע, מיט הונדערטער יאָרן צוריק, געווען אַמאָל אַ געטאָ. איך צווייפֿל, אָבער, צי דער פּיין און גרויל איז ווען עס איז געווען אפֿילו ענלעך צו דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין די נאַצי־געטאָס אין פּוילן בעת דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפֿע. דער גורל פֿון אַלע געטאָס אין פּוילן האָט אויך נישט אויסגעמיטן דאָס געטאָ פֿון אונדזער לאַשיץ.

צוויי געטאָס זענען אין דער נאַצי־צייט געווען אין לאַשיץ. צום ערשטן, דאָס „גרויסע געטאָ", פֿון אָנהויב 1940 ביז דער גרויסער „אויסזידלונג" קיין טרעבלינקע, דעם 22־טן אויגוסט 1942 (ט' אלול תש"ב); און דאָס „קליינע געטאָ", פֿון 22־טן אויגוסט ביזן 28־טן נאָוועמבער 1942.

דאָס „גרויסע געטאָ" האָט נאָך פֿאַרנומען אַן אָנגעזעענעם טייל פֿון שטעטל. דער מאַרק איז געוואָרן אויסגעשלאָסן פֿון געטאָ און אויף אים האָבן זיך די יידן נישט געטאָרט באַווייזן, אָבער די אַרומיקע געסלעך האָבן נאָך טיילווייז געהערט צום געטאָ: דאָס „טויטע געסל" נאָר ביז ניעביעסקין; דאָס קילינסקי־געסל, די שייעוויזנע, די נאָטעוויזנע; די ביאַלער גאַס, ביז יאָסקע שולץ, האָט אין ביידע זייטן געהערט צום געטאָ, נאָר אין מיטן גאַס האָבן די יידן נישט געטאָרט גיין, ווייל דאָס איז געווען אַ דורכפֿאָר־וועג פֿון און צו די נאָענטע דערפֿער; די מעזריטשער גאַס האָט געהערט צום געטאָ ביז יידל שולצן און ווייטער האָבן יידן נישט געטאָרט גיין.

אין די דאָזיקע געסלעך האָט מען צונויפגעקוועטשט נישט בלויז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון לאָשיץ, נאָר אויך טויזנטער יידישע פליטים פון נאָענטע און ווייטע שטעט און שטעטלעך. עס האָבן געוווינט עטלעכע פאַמיליעס אין איין צימער. די ענגשאַפט איז געווען אַ שרעקלעכע און עס האָבן זיך פאַרשפרייט אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. מענטשן האָבן בוכשטעבלעך נישט געהאַט וואָס צו עסן און פיל־פיל זענען געשטאָרבן פון הונגער.



די לעצטע לאָשיצער יידן פאַרלאָזן דעם מאַרק, אויף זייער לעצטן וועג, בעתן גרויסן גירוש
(פון די בילדער פון פוילישן סקלאַד־אַפטעטשניק קאָוואַלסקי)

דאָס געטאָ איז געווען אַרומגעצוימט און פאַר אריבערגיין די גרענעץ האָט געדראָט טויט־שטראָף. אַזוי זענען איינמאָל דערשאָסן געוואָרן פאַר אַריבערגיין די געטאָ־גרענעץ זעקס מענטשן, צווישן זיי מרים־רבקה און יידל וואלעמאַנס אַן איידעם.

די אָפיציעלע מאַכט אין געטאָ האָבן געהאַט דער יידן־ראַט און די יידישע פאָליציי. זייער ראָל איז אויך אין לאָשיץ, ווי אין אַנדערע געטאָס, געווען אַ שענדלעכע. פיל, אפילו פריער אַנגעזעענע, יידן האָבן זיך אין געטאָ, אַלס „יודנראַטלער" און פאָליציאַנטן, אַרויסגעוויזן אַלס פאַרברעכער און אויסוואורפן, אייניקע אפילו אַלס פשוטע מערדער מיט חיהש־בלוטדורשטיקע פאַרדאָרבענע

נאַטורן. זיי האָבן מסתם געגלויבט, אַז טרעט־דיק איבער די לעבעדיקע קערפּערס פון זייערע ברידער, וועלן זיי ראַטעווען זייער אייגענע פעל, — אָבער דאָס האָט זיי ווייניק געהאָלפן, די מערהייט פון זיי איז אויך אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס.

עס דערמאָנט זיך מיר דאָס שוידערלעכע בילד, ווי איינער פון די יידישע פּאָליציאַנטן האָט געשלעפּט איבער דער גאַס אין לאָשיצער געטאָ, ביי די האָר



דאָס אויסגעליידיקטע שטעטל, שבת, דעם 22־טן אויגוסט 1942, גלייך נאָך דער גרויסער אויסזידלונג — אויפן מאַרק זענען פאַרבליבן טויטע יידן און אַוועקגעוואָרפענע פּעקלעך (פון די בילדער פון פּוילישן סקלאַד־אַפּטעטשניק קאָוואַלסקי)

אַ וואַרשעווער מיידל, כדי זי אָפּצושיקן מיט נאָך אַ גרופּע וואַרשעווער יידן־פּליטים אין דאָרטיקן געטאָ אריין. מען האָט די דאָזיקע גרופּע דערשאָסן נאָך פאַרן אָנקומען קיין וואַרשע. דער זעלבער פּאָליציאַנט, מיט נאָך צוויי לאָשיצער יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיי אָפּגעפירט קיין וואַרשע, זענען שוין אויך נישט צוריקגעקומען קיין לאָשיץ, — זיי זענען גלייך פאַרגאַזט געוואָרן אין טרעבלינקע.

איינער פון די דאָזיקע אויסוואורפן, אַ יידישער געטאָ־פּאָליציאַנט, האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער קלאַפּע און געשלעפּט צום זאַמל־פּונקט פאַר דער אויסזידלונג. איך האָב ארויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ מעסער, וואָס איך האָב געטראָגן מיט זיך, און אים געדראָט אָפּצושניידן די הענט, — נאָר דעמלט האָט ער מיך אָפּגעלאָזט. און אַ דאַנק דעם בין איך מסתם געבליבן לעבן.

געווען אויך פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו ראַטעווען יידן,

געוואָרנט פריער וועגן אַלע גזירות און אַקציעס, געהייסן אין דער צייט באַהאַלטן זיך, אַנטלויפן. איינער אַזאַ איז געווען משה אייזענבערג, יענטע־פייגעס אייניקל.

געווען יידן פאַרשריבענע אין דער פּאָליציי, אָבער האָבן נישט געהאַט קיין שייכות מיט איר, גאָרנישט געטאָן, נאָר אויסגענוצט זייער פּאָליציי־צעטל אַלס פרווו־מיטל זיך צו ראַטעווען.

אויך אין „יודנראַט" האָבן נישט אַלע געוואָלט מיטמאַכן די בלוטיקע שפּיל. אַזוי האָט באַלד אין אָנהויב פון דער אָקופּאַציע משה ביאַליקאַמיען זיך אָפּגע־זאָגט אָנצונעמען דעם אַמט אין יודנראַט, כאָטש ער איז צו דעם באַשטימט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט, און מיט דעם אָפּזאָג איינגעשטעלט זיין לעבן. הערשל פערלמאַן איז דורך די איבעריקע אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון יודנראַט, ווייל ער האָט פּראָטעסטירט קעגן זייערע מעשים און זיך אָפּגעזאָגט מיטצומאַכן זייער בלוטיקע אַרבעט.

*

די גרויסע אויסזידלונג קיין טרעבלינקע, ט׳ אלול תש"ב, האָט כמעט אויסגעליידיקט לאָשיץ פון יידן.

די איבערגעבליבענע יידן, לאָשיצער און פליטים פון אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן זיך ווי־עס־איז געראַטעוועט פון דער גרויסער אויסזידלונג, האָט מען קאָנצענטרירט אין „קליינעם געטאָ". דאָס איז געווען נאָר דאָס שייעוויזנע־געסל, מיט די עטלעכע געציילטע קליינע הייזלעך. די דריי חדשים, וואָס דאָס דאָזיקע געטאָ האָט געדויערט, זענען געווען טעג און נעכט פון קאָשמאַר און פיין, דערשיסונגען, רויבערייען און אויסזיכטלאָז וואַרטן אויפן טויט.

אין די שוידערלעכע געטאָ־באַדינגונגען זענען אויך געווען פאַקטן — אמת געציילטע — פון אַקטיוון קעגנשטעלן זיך דעם ווילקיר. אַזוי דערמאָנט זיך מיר ווי יאַנקל ניעביעסקי (מיטן צונאָמען „שמוטש"), האָט דערלאַנגט פעסטע קלעפּ דעם דייטשן סאָלדאַט, וואָס האָט אים געכאַפּט צו צוואַנג־אַרבעט. עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן.

עס איז שווער איבערצוגעבן ווי אַזוי עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו ראַטעווען פונעם גיהנום אין ביידע לאָשיצער געטאָס. צופאַלן, אָדער ניסים — כ׳ווייס אַליין נישט ווי עס אָנצורופן.

נאָכן ראַטעווען זיך פון דער אויסראָטונג אין „קליינעם געטאָ", האָב איך העכער אַ יאָר צייט געלעבט אין די וועלדער אַרום דעם דאָרף פּאַטקעווע, נישט ווייט פון לאָשיץ. עס רעדט זיך נאָר אַזוי „געלעבט". געווען געיאָגט ווי אַ משוגענער הונט, ווי אַ קרעציקער. בייטאָג האָבן די דייטשן גענישטערט אין וואַלד, געשאָסן צו יעדן שאָטן צווישן דיביימער, זוכנדיק פּאַרטיזאַנער און יידן. איך פלעג דאַן ליגן צווישן דער תבואה אויף די פעלדער, זומער, און ווינטער — צווישן די שטיינער אויפן ברעג טייך. נאָר ביינאַכט פלעג איך זיין

אין וואַלד, דעמלט האָבן דאָרט געהערשט די וועלף, אָבער פאַר די אמתע ווילדע חיות האָב איך זיך ווייניקער געשראָקן, ווי פאַר די צוויי־פיסיקע נאַצי־בעסטיעס...

ש. קאַרשענשטיין

## „דער שוואַרצער טייוול״

ווען איך דערמאָן מיר נאָר — און איז עס דען מעגלעך צו פאַרגעסן אויף אַ מינוט אפילו? — די שרעקלעכע נאַצי־צייט אין לאַשיץ, שטייט מיר פאַר די אויגן דער „שוואַרצער טייוול״. אַזוי האָבן די לאַשיצער יידן אַ נאָמען געגעבן אַ ס.ס.־אָפיציר, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרויזאַמער בעסטיאַ־לישקייט און סאַדיזם.

איך האָב געוווינט מיט מיינע עלטערן אין לאַשיץ, אין הויז פון מיין זיידן ר׳ זלמן בעקער ז״ל. אין דאָזיקן הויז, אויף דער נאָטעוויזנע, זענען געווען זעקס וווינונגען, אין וועלכע עס האָבן געוווינט ביי פערציק פערזאָן, ר׳ זלמן בעקערס זין, טעכטער, איידעמס, שנירן, אייניקלעך און אוראייניקלעך, פון וועלכע נאָר ווייניקע האָבן איבערגעלעבט דעם נאַצי־גהינום. מיין זיידע איז ביים אָנהויב פון דער מלחמה אַלט געווען 77 יאָר און שוין נישט געאַרבעט, נאָר גאַנצע טעג געלערנט. די בעקעריי האָבן געפירט זיינע אַ טאָכטער מיט אַן איידעם.

דער „שוואַרצער טייוול״ איז אָנגעקומען גלייך מיט די ערשטע נאַצי־כוחות, וואָס האָבן אָקופּירט לאַשיץ. ער פלעגט אַרומגיין אין גאַס מיט אַ שווערער „שפּיצרוט״ אין האַנט. ווען אַ ייד פלעגט אים באַגריסן, פלעגט דער „שוואַרצער טייוול״ נעמען שלאָגן דעם ייד מיט זיין שפּיצרוט, שרייענדיק: „ווי וואַגסטו, שמוציקער יודע, צו גריסן אַ דייטשן אָפיציר!?...״ פלעגט אים אַ ייד נישט באַגריסן, פלעגט ער שלאָגן פאַר באַליידיקן אים דורך נישט־באַגריסן. אַזוי, אַז ווען ער פלעגט זיך נאָר באַווייזן אין גאַס, פלעגט מען נעמען אַנטלויפן אין די הייזער אַריין

דער „שוואַרצער טייוול״ פלעגט ספּעציעל אַרומגיין היטן צי מען זעט נישט אַמאָל ביינאַכט קיין ליכט אין די יידישע הייזער, אַ זאַך וואָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. ביי מיין זיידן אין דער בעקעריי האָט מען דאַן געבאַקן ברויט, וואָס פלעגט צעטיילט ווערן אויף די שפּייז־קאַרטן, דאָס הייסט, אַז מען האָט געבאַקן מיט אַן אָפיציעלער דערלויבעניש. אָבער מען האָט דערביי, חלילה, נישט געטאָרט זען קיין ליכט־שיין אין דרויסן. איינמאָל איז מיין מומע חיה געגאַנגען ביינאַכט, אין קעלער אַריין ברענגען זאַלץ, האַלטנדיק אַ ליכט אין האַנט. דער „שוואַרצער טייוול״ האָט דערזען דעם שיין. ער האָט אויפגעריסן די טיר פון הויז, אַריין אין בעקעריי און צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צו מיין

מומעס שטערן, וועלנדיק זי דערשיסן פאַרן „פאַרברעכן״ פון גיין מיט אַ ליכט אין קעלער אַריין. מען האָט זיך דעמלט קוים אויסגעקויפט פון זיינע בלוטיקע הענט.

טראָץ אַלע פאַרבאָטן און פייניקונגען, פלעגן די פרומע יידן גיין אַלע טאָג דאַוונען אין בית־מדרש אַריין. איין פרימאָרגן, אָנהויב 1940, איז דער „שוואַרצער טייוול״, צוזאַמען מיט נאָך ס.ס.־לייט, אַריין אין בית־מדרש און אַרויסגעשלעפט אין מאַרק אַריין אַלע דאַוונענדיקע יידן אין די טליתים. צווישן די דאַוונער איז אויך געווען מיין טאַטע ז״ל. מען האָט די יידן געצוווּנגען מיט די טליתים זייערע צו רייניקן דעם מאַרק פונעם מיסט. דערנאָך האָט מען זיי געהייסן צוריק אָנטאָן די טליתים, אַרומנעמען זיך, קושן זיך און טאַנצן און אַזוי זיי פילמירט.

איינמאָל האָט דער „שוואַרצער טייוול״ באַמערקט, אַז דער אייזערנער פרענט אויף שעפסל היטלמאַכערס הויז, אין עק פון דער נאָטעוויזנע און מאַרק, איז בייַנאַכט נישט געווען פאַרלייגט אויפן האָק, ווייל ער איז צופעליק אַראָפּגעפאַלן. דער „שוואַרצער טייוול״ איז אַריין אינעם הויז און דערקלערט, אַז די יידן האָבן זיך נישט פאַרמאַכט און אים אָפּגעוואַרט, כדי אים צו שלאָגן מיט אייזערנע שטעקנס. ער האָט פון דאָזיקן הויז אַרויסגעשלעפט דאַן זעקס יידן צו דערשיסן: שעפּטל היטלמאַכער מיט זיינע צוויי זין, חיים־שמחה ניסענבוים, בריינע־רחלס איידעם יהושע און אברהם־ניסן דעם שוסטער. די פרויען פון די אַרעסטירטע האָבן געוואָלט אָפּגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט כדי אויסצולייזן די אַרעסטירטע. צי מען האָט זיי סוף־כל־סוף באַפרייט, ווייס איך נישט, ווייל איך בין פונקט דעמלט אַריבער די גרענעץ קיין ראַטנפאַרבאַנד און מער אין לאָשיץ נישט געווען.

דאָס איז געווען שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס איך בין אין יענער בלוטיקער צייט אַנטלאָפן פון לאָשיץ.

צום ערשטן מאָל בין איך אַוועק איבערן בוג צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי. פיל לאָשיצער יידן זענען דעמלט אַריבער אויף דער רוסישער זייט. דאָרט איז אונדז, אָבער, שווער געווען זיך איינצואָרדנען און זיך צוגעוווינען צו די סאָוויעטישע באַדינגונגען. פון לאָשיץ, ווי בכלל פון פוילן, זענען דאַן אָנגעקומען „גוטע״ גרוסן, אַז די דייטשן טשעפּען נישט די יידן, אַז „דער טייוול איז נישט אַזוי שרעקלעך...״ אַ סך יידן זענען דאַן, דעריבער צוריקגעפאָרן אין דעם נאַציש־אָקופּירטן פוילן, און איך צווישן זיי. באַלד, אָבער, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זייער בלוטיקע פאַרניכטונג לגבי די יידן. איך האָב נאָך באַוויזן צוריק צו אַנטלויפן אויף דער רוסישער זייט פון בוג און אַזוי־אַרום זיך צו ראַטעווען, דאָס אַריבערגיין דעם טייך איז שוין דאַן אָבער געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן.

חנה באָראָווסקי־הערשנזאָן

## אַ הילף־רוף פון לאַשיצער געטאָ

אין אַרכיוו פון וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט געפינט זיך אַ הילף־רוף, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון לאַשיצער געטאָ צום „דזשאָינט" אין וואַרשע. מיר ברענגען דאָ די פאָטאָקאָפּיע פון דאָזיקן בריוו, וועלכער איז געשריבן אין פויליש, און לויטעט אַזוי:

„לאַשיץ, דעם 1.6.1940.

„צום ,אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבואישן קאָמיטי' אין וואַרשע.

„פון קאָמיטעט צו העלפן די אויסגעזידלטע און די אָרעמע יידן אין לאַשיץ.

„ביילייגנדיק שיקן מיר אייך איבער אַ באַריכט פון דער דורכגעפירטער ,מצה'־אַקציע אויף פסח און גלייכצייטיק דערלויבן מיר זיך העפלעך אונטערצושטרייכן, אַז די טעטיקייט פון קאָמיטעט אין דער ריכטונג פון טראָגן מאַטעריעלע הילף די ברייטע מאַסן אויסגעזידלטע און אָרטיקע אָרעמלייט, איז פולשטענדיק אָפּגעשטעלט געוואָרן צוליבן נישט־דערהאַלטן פון אייך דורך אַ לענגערער צייט קיין געלט־שטיצע.

„וועגן דער הערשנדיקער אָרעמקייט און נויט צווישן די דאָזיקע ברייטע מאַסן איז איבעריק צו דערמאָנען, ווייל איר קענט מסתם די לאַגע, וואָס הערשט צווישן דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין און ביי די אויסגעזידלטע בפרט.

„מיר ווענדן זיך דעריבער צו אייך, ג. ה., מיט דער ביטע געפעליק צו אַסיגנירן פאַרן היגן קאָמיטעט אַ געהעריקע סובווענץ, כדי אונדז צו דערמעגלעכן אָנצוהויבן וואָסערע עס איז אַקציע מיטן ציל צו פאַרלייכטערן כאָטש טיילווייז די נויט פון די מענטשן, וואָס זענען געבליבן אויף דער לייטזעליקייט פון גורל אָן דער מינדסטער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט.

„מיר גיבן דערביי צו, אַז די היגע שטאָט האָט זיך באַשטייערט אויף דעם ציל מיט אַ חודשלעכן אָפּצאָל אויף אַ סומע פון 1000 זלאָטעס".

העברעאישער שטעמפּל: „ארי' ליביש ליפשיץ אב"ד דק"ק לאַשיץ".

אונטערגעשריבן, אין פויליש: הרב ל. ליפשיץ, א. ווײמאַן, י. רעדלאַך (אָדער: רעדבאַך), י. קאָטלאַרסקי, ז. קאַהאַן, ש. ראָזענצווייג, מ. גרינבערג. ביי דער זייט איז צוגעשריבן:

„דערמיט באַפולמעכטיקן מיר דעם ה' קאָטלאַרסקי איצקאָ אָפּצונעמען יעדן מין הילף, געלט, ווי אויך אין דער נאַטור".

אונטערגעשריבן: אַ. ווײמאַן.

## פאַרצייכנונג פון ד״ר רינגעלבלום וועגן לאַשיץ

אין דעם רינגעלבלום־אַרכיוו (2) פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, וואָס איז אָפּגעפּונען געוואָרן אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, געפינט זיך די פאָלגנדיקע פאַרצייכנונג וועגן לאַשיץ (ו. זילב — „געזאַמלטע פּאַקטן פון גירושים און רדיפות״):

דאָס שטעטל ליגט 25 קילאָמעטער פון שעדלעץ. זומער־צייט 1942 האָבן פיל יידישע מענער און פרויען זיך געקליבן אויף ערד־אַרבעט אין די נאָענטע דערפער. די פרוי איקס האָט געאַרבעט אין אַ שכנדיקן גוט פון אַ פוילישן באַזיצער צוזאַמען מיט נאָך יידן און איר אייגן קינד.

דעם 15־טן דעצעמבער האָט זיך געענדיקט דער אַרבעט־קאָנטראַקט פון די יידישע אַרבעטער, — זענען אַלע געשיקט געוואָרן נאָך לאַשיץ.

זומער־צייט איז פון לאַשיץ געוואָרן אַרויסגעשיקט אַ געוויסע צאָל יידן, נאָך זייער צוריקקומען קיין לאַשיץ. דעם 15־טן דעצעמבער איז פונדאָסניי געפירט געוואָרן אַ זויבערונגס־אַקציע. די פרוי איקס האָט זיך פּלוצלינג געפונען אין שטעטל אַרומגערינגלט דורך ס.ס. און זשאַנדאַרן. די לאַגע האָט איר אויסגעזען שלעכט און נישט היימלעך. זי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס זי האָט זיך געפונען אין אַ גינסטיקער פּאָזיציע צווישן צוויי פּלויטן און זיך דורכגעשטופּט מיטן קינד דורך איינעם פון זיי. זי האָט זיך געפונען אין אַ פּוסטן הויף. פון דאָרטן איז זי ווייטער דורכגעדרונגען דורך אַ פּלויט און זיך געפונען אין פעלד. דאָ האָט זי זיך שוין געפילט פריי און איז געגאַנגען צוריק אין גוט אריין.

דער באַזיצער האָט באַוויליקט צוצונעמען די אַנטריניקע יידן צו זיך אין דאָרף.

אין אייניקע טעג שפּעטער זענען געקומען ס.ס.־לייט און געזוכט די באַהאַל־טענע יידן. איינעם פון זיי האָבן זיי געפונען. דער איז גענומען געוואָרן אויף אַ „פאַרהער״ און ביי דעם פאַרהער אַרויסגעקריגן, אַז אין דאָרף געפינען זיך אין אַ בונקער עטלעכע יידן מיט באַלשעוויקעס.

די ס.ס.־לייט האָבן דאַן פאַרנומען דעם פריץ און אים אויפגעפאָדערט במשך פון אַ שעה אַרויסצוגעבן די באַלשעוויקעס און די יידן.

דער פריץ האָט פונאַנדערגעשיקט די פאַראַבקעס און מיט זייער הילף האָט מען אַרעסטירט 5 זיך אויסבאַהאַלטנדיקע באַוואָפנטע מענטשן און עטלעכע יידן. די ס.ס. האָבן די מענטשן צוגענומען און דעם פריץ גלייך דערשאָסן אויפן אָרט.

נאָך דעם האָט די „דזיעדזיטשקע״ שוין נישט געלאָזט דער פרוי איקס בלייבן אין דאָרף, איז זי געגאַנגען נאָך שעדלעץ און פון דאָרט קיין וואַרשע.

27־טן דעצעמבער 1942.

## מיין דור אין לאַשיץ און זיין טראַגישער סוף

פאַר מיינע אויגן שטייט שטענדיק מיין דור אין לאַשיץ... ער איז אין דער גרעסטער מערהייט אויסגעראָטן געוואָרן דורך די נאַציס. איך קלער וועגן די נאָענטסטע, וועלכע האָבן מיך אַרומגערינגלט, יינגלעך און מיידלעך פון מיין עלטער. ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען מיר אַלט געווען 15—18 יאָר. וויפל זענען געווען אַזעלכע אין לאַשיץ? איך ווייס נישט. איך וויל, אָבער, דערמאָנען די, וועלכע זענען געווען אין מיין קרייז און זענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס פון טרעבלינקע, נישט דערלעבנדיק אפילו ביז דער עלטער פון צוואַנציק יאָר. אָט זענען זייערע נעמען: גענענדל בעקערמאַן, חנה שלאַכטער, אסתר ראָזענצווייג, חיה בינשטאָק, חיה פייגנבלום, רבקה אייזענבערג, אסתר ביאַליקאָמיען, נעמי ליבערמאַן, גאָלדע טשערנאָוויטש, קעלטשע יונגשטיין, קעלטשע שטיינמאַן, שרה ליבער־מאַן, עלקע גראָסמאַן, שרה בעקערמאַן, שרה שפיגעלמאַן, רבקה זילבערקראַנץ, ברכה נוסבוים, מלכה פערלמאַן, ברײַנדל כלעבע־דאָוויטש, אסתר בעקערמאַן, פרומע שאַצקיער, רחל ענגלענדער, מלכה קאַיעט, חנה ראָזענ־צווייג, פייגע ווײַמאַן, שרה גוויאַזדאַ, צינע גוויאַזדאַ, שבע קאַפּלאַן, דאָבע זאַוואַדאַ, חיהטשע ליבערמאַן, רבקה טשאַרניעצקאַ, חנה ראָזענבוים, מרים פערלמוטער, העניע קופערשטאָק, אלתר־מרדכי ווייסמאַן, מאָטעלע ראָזענצווייג, מאָטל גאָלדרינג, אליהו וויינשטאָק, יאָסל ליבערמאַן, יהושע בלושטיין, הירשל פערל־מוטער, אפרים זילבערבערג, שמחה זילבערבערג, מיכאל ווײַמאַן, נחום ליבמאַן, שכריה ליבמאַן, אברהם פייגענבלום, פייוול ענגלענדער, יאַנקל בעקערמאַן, שרה־רבקה אראַם. זאָלן מיינע שורות פאַראייביקן זייער אָנדענק.



רבקה רויטמאַן־ראַק

מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אונדזער קינדהייט און די פריע יוגנט. דאָס איז געווען אַ שיינע יוגנט. יעדער האָט געהאַט זיינע פריידן און פיינען, זיינע טרוימען, אַמביציעס. מען האָט געטרוימט וועגן אַ צוקונפט. ווער האָט דען געקאָנט דענקען, אַז די צוקונפט וועלן זיין — די רויכערנדיקע אויוונס פון טרעבלינקע? קוקנדיק אויף די געציילטע פאָטאָגראַפיעס, וואָס זענען מיר פאַרבליבן פון יענער צייט, זעענדיק די שמייכלענדיקע פנימער, קאָן איך נאָך אַלץ נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זיי זענען אַזוי בעסטיאַליש אומגע־

בראַכט געוואָרן, — כאָטש דער ווינט האָט שוין אַזוי לאַנג צעשפּרייט זייער אש...

מיר האָבן געהאַט אַ רואיקע, און אפילו אַ גליקלעכע, קינדהייט אין לאַשיץ. די צייט האָט זיך אונדז, קינדער, אויסגעוויזן צו זיין רואיק, סטאַביליזירט. וועגן די שווידערלעכקייטן פון מלחמה האָבן מיר געוווּסט נאָר פון די דערציילונגען פון די עלטערע, מיר אליין זענען שוין געבוירן געוואָרן עטלעכע יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן, ווי קינדער, נישט געקוקט און נישט געזען ווייט... מיר זענען געווען אַרומגענומען דורך דער אינטימער וואַרעמער אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אינעם שטעטל.

אין די מאַי־פרימאָרגנס האָבן מיר געמאַכט אויספלוגן, „מאַיוווקעס". שבת באַגינען פלעגט איינער אויפוועקן דעם צווייטן און מיר פלעגן זיך צונויפנעמען, אַ צוואַנציק יוגנטלעכע, מיט פעקלעך עסן און אַרויסגיין קיין פּאַלינאָווע, אָדער אין נאָוואָסיעלסקי־וואַלד, אָדער גאָר אויף די נאָענטע בערגלעך אויפן וועג קיין ניעמאַיקי. דאָרט פלעגן מיר פריילעך פאַרברענגען ביז נאָך האַלבן טאָג, ווען די עלטערן זענען צוריקגעקומען פון דאַוונען.

אין אָוונט פלעגן מיר גרופּנווייז אַרויס שפּאַצירן איבערן וועג קיין שעדלעץ, ביז נאָכן צווייטן בריק. פון הינטער די ביימער ביים שאָסיי פלעגן זיך הערן יידישע, העברעישע און פוילישע לידער, געזונגען דורך אונדזער יוגנט. דער בריק האָט זיך נישט איינמאָל געהוידעט אונטער אַ שטורמישן טאַנץ.

אויך אין פאָלקס־שול האָבן מיר זיך גוט געפילט. מיר, די יידישע קינדער, זענען געווען כמעט אַ מערהייט אין שול. אויב עפּעס אַ פּויליש יינגל האָט אונדז אָנגערופן „בייליס", האָבן מיר אים אָן מורא גלייך צוריקגעוואָרפן — „מאַצאָר"... לרוב האָבן מיר אָבער געלעבט גוט מיט די קריסטלעכע חברים. מיט געוויסע פוילישע מיידלעך זענען מיר אפילו געווען באַפריינדעט.

די לערער האָבן זיך באַמיט אונדז דורכצודרינגען מיט אַ פּוילישן פּאַטריאָ־טישן געפיל. מיר זענען טאַקע געווען פּאַטריאָטיש געשטימט, געפייערט מיט ענטוזיאַזם די פוילישע נאַציאָנאַלע יום־טובים. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען ווייט פון אַסימילאַציע־געפילן. פאַר אונדז איז געווען אינגאַנצן נאַטירלעך — די שול מיט איר פּוילישקייט, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט: די היים, די משפּחה, דאָס שטעטל — אַלץ אַדורך־און־אַדורך יידיש, אַדורכגעזאַפּט מיט איינגעוואָרצלטער יידישער טראַדיציע.



עטלעכע פון דאָזיקן דור...

די יידישע יום־טובים זענען געפייערט געוואָרן מיט דער גאַנצער דורותדיקער טראַדיציאָנעלקייט, אפילו דורך מענטשן מיט אַ זייער פּראָגרעסיווער וועלט־אַנשויאונג.

*

אונדזערע קינדער־יאָרן זענען אַוועק און מיט זיי — די זאָרגלאָזע פרייד. באַלד זענען געקומען די ערשטע שווערע יוגנט־פּראָבלעמען.

די צייטן האָבן זיך פאַרערגערט. איבער פּוילן האָט זיך צעגאָסן אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, וועלכע האָט אויך נישט אויסגעמיטן לאָשיץ.

דערמאָנט זיך מיר דער ערשטער ערנסטער אַנטיסעמיטישער פאָרפאַל אין שטעטל, וואָס האָט אויף אונדז געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. דאָס איז פאָרגעקומען, דוכט מיר, אין יאָר 1937. אין איינער אַ זומער־נאַכט, ווען אַלע זענען רואיק געשלאָפן, נישט פאָראויסזעענדיק קיין שום בייז, האָבן כוליגאַנעס גענומען אריינוואַרפן שטיינער אין די יידישע הייזער. עס האָבן זיך באַלד דערהערט אָפּקלאַנגען פון אויסגעהאַקטע שויבן, געשרייען. אָבער, ווי דורך אַ נס זענען נישט געווען קיין קרבנות, אפילו נישט קיין פאַרוווּנדעטע. מיין מוטער האָט אינדערפרי געפונען צוויי שטיינער ביי די בעטלעך פון די קינדער, וואָס זענען געשטאַנען לעבן די אָפענע פענצטער.

פאַר אונדז, די יידישע יוגנטלעכע פון מיין עלטער, איז דער פאַל געווען נאָך ווייטיקדיקער, וואָס אינעם וואַרפן די שטיינער האָט אָנטיילגענומען אונדזערס אַ „חברטע״, דאָס פּוילישע מיידל רעגינאַ קאָזשעניעווסקאַ. זי האָט געוווינט בשכנות מיט פייגע ווײַמאַן, וועלכע האָט געוווינט אין הערש־יידלס הויז אויף קילינסקי־גאַס 1. פייגע און רעגינאַ זענען געווען חברטעס פון דער פריער קינדהייט און באמת באַפריינדעט; זיי זענען צוזאַמען אויפגעוואַקסן און, ווי מען זאָגט, „געגעסן פון איין שיסל״. די געשרייען פון מאַרק האָבן פייגען אויפגעוועקט אין מיטן דער נאַכט. זי איז צו צום פענצטער זען וואָס עס קומט פאָר. אין זעלבן מאָמענט איז אָנגעקומען רעגינאַ פון מאַרק. „רעגינאַ, וואָס איז געשען?״ — האָט זיך פייגע צו איר געווענדעט. אַלס ענטפער, האָט זי דערהערט: „פאַרשיווע זשידוווקע, גיי זען, וועסטו וויסן...״

דאָס האָבן מיר באַקומען פאַר אונדזער פּוילישן פאַטריאָטיזם...

דאָס וואַרפן די שטיינער אין די יידישע פענצטער אַריין איז נאָר געווען אַן אָנהויב פון אַ ברייט־פאַרמאָסטענער אַנטי־יידישער אַקציע, וועלכע האָט זיך, צום גליק, נישט איינגעגעבן. אויף מאָרגן אינדערפרי האָבן די כוליגאַנעס געפּרוווט מאַכן אַ פּראָוואָקאַציע פון אַלטן גראָבן סטיל. זיי האָבן, נעמלעך, אויסגעגאָסן רויטע פאַרב לעבן געוועלב פון האַווריליוקן און פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס איז בלוט פון אַ פּאָליאַק, וועלכן די יידן האָבן דערמאָרדעט. אַ יידישע דעלעגאַציע איז גלייך אַוועק צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט און אים אויפגעקלערט דעם בלבול. ביי האַווריליוקן האָט מען געפאָדערט מען זאָל דאָס

„בלוט״ שיקן אויף אַן אַנאַליזע. ער האָט דאָס, פאַרשטייט זיך, נישט געטאָן, נאָר אָפּגעוואַשן די פאַרב און אין שטעטל האָט זיך איינגעשטילט.

*

יעדעס יאָר האָט אַ נייער יאָרגאַנג געענדיקט די זיבן־קלאַסיקע פאָלקס־שול. איך מיט מיינע נאָענטע חברים און חברות האָבן פאַרלאָזט די שול־ווענט מער־ווייניק אין דער צייט פון דעם באַשריבענעם כוליגאַנישן אָנפאַל. פאַר יעדן פון אונדז איז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון ווייטערדיקער בילדונג. אין לאָשיץ איז קיין גימנאַזיע נישט געווען. וואָלט אין שטעטל געווען אַ מיטל־שול, וואָלט מסתם די מערהייט פון אונדזער יוגנט פאָרגעזעצט די לערע. אין נאָענטן שעדלעץ, ווו עס איז געווען אַמבאַקוועמסטן זיך צו לערנען, איז געווען אַ פּוילישע מלוכה־גימנאַזיע, ווו מען האָט קיין יידן כמעט נישט אָנגענומען. פאָרן זיך לערנען אין אַנדערע שטעט, ווו עס זענען געווען פּריוואַטע גימנאַזיעס, איז געווען פאַרבונדן מיט זייער גרויסע קאָסטן, אויף וועלכע נאָר איינצלנע האָבן זיך געקאָנט דערלויבן. דעריבער האָט נאָר אַ נישטיקער טייל פון אונדזער יוגנט פאָרגעזעצט די לערע נאָכן ענדיקן די פאָלקס־שול. געוויסע יינגלעך האָבן די עלטערן, נאָך דער פאָלקס־שול, געשיקט לערנען אין ישיבה; אַנדערע, ווידער, קינדער פון אָרעמע היימען, זענען גלייך נאָכן ענדיקן די זיבעטע קלאַס פאָלקס־שול, אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע אַרבעטן. אָבער די איבערוויגנדיקע מערהייט יוגנטלעכע איז געבליבן אין שטעטל, זיך געלערנט אַ פאַך, גענומען העלפן די עלטערן אין זייערע געשעפטן, אָדער פּשוט אַרומגעדרייט זיך ליידיק, אָן לערע, אָן באַשעפטיקונג און אָן אויסזיכטן אויף דער צוקונפט.

מען דאַרף באַמערקן, אַז אין יענער צייט, אַ יאָר־צוויי פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אין לאָשיץ נישט געפירט געוואָרן קיין לעבעדיקע טעטיקייט אין קיין שום יידישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער מיר זאָלן זיך קאָנען אויסלעבן. אין די פריערדיקע יאָרן זענען אין לאָשיץ געווען פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס: ציוניסטישע, סאָציאַליסטישע און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע, אָבער אין דער לעצטער צייט זענען זיי מער נישט געווען. איך געדענק נאָך די אָרגאַניזאַציע פון „השומר־הצעיר״ אין לאָשיץ — אָבער מיך און די פון מיין עלטער האָט מען נאָך דעמלט נישט אָנגענומען, מיר זענען נאָך געווען צו יונג. אין מיין זכרון זענען נאָך פאַרבליבן די בילדער פון די מאַרשן פון דער „השומר־הצעיר״־יוגנט איבער די גאַסן פון שטעטל; עס שטייען מיר פאַר די אויגן זייערע שטאָלצע רייען אין די בלויע קראַוואַטן, מיט דער ווייסער־בלויער פאָן בראש, ווי זיי גייען צום טאַקט פון די העברעישע באַפעלן. שפּעטער איז דאָס מער נישט געווען. די עלטערע חלוצים זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל; קיין אָנפירערשאַפט פון צווישן די יינגערע איז נישט געווען. איינצלנע האָבן נאָך דורכגעמאַכט אַ הכשרה און אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל — אָבער דאָס איז געווען פון דער עלטערער יוגנט, נישט פון מיין

דור. אויך צווישן אונדז זענען געווען ציוניסטן. אָבער זיי האָבן זייער איבער־צייגונג איינגעזאַפּט אין דער ציוניסטישער היים, — קיין אָרגאַניזירטע אַרבעט, וואָס זאָל צוציען אונדזער יוגנט, אויפקלערן אונדז, איז לעצטנס נישט געפירט געוואָרן. מיר זענען, פּאַקטיש, איבערגעלאָזט געוואָרן אונדזער אייגענעם, צופעליקן, גורל...

דאָך איז די דאָזיקע יוגנט געווען אַן ערנסטע, אַן אינטעליגענטע, און געשטאַנען אויף אַ הויכן מאָראַלישן ניוואָ. יעדער האָט זיך גוט אָריענטירט אין דער לויפנדיקער פּאָליטיק. מען האָט דיסקוטירט צווישן זיך, ווי דערוואַקסענע מענטשן. יעדער האָט געהאַט זיין אויסגעאַרבעטע פּאָליטישע איינשטעלונג. איך האָב נישט געקענט די איבערצייגונגען פון דער גאַנצער יוגנט פון מיין דור אין לאָשיץ, איך האָב אָבער דעם איינדרוק, אַז די מערהייט איז געווען אָריענטירט אויף לינקס.

*

אין בנין פון דער געוועזענער „קאָזע״ איז געווען אַ שטאָטישע ביבליאָטעק און לייען־זאָל, וואָס האָט טאָג־טעגלעך צוגעצויגן פיל יוגנטלעכע. די ביבליאָטעק איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער פרוי פון בירגערמייסטער און געווען אָפן יעדן נאָכמיטאָג, דאָרט האָט מען זיך געטראָפן, זיך געזעצהט וואָס צו לייענען, דיסקוטירט וועגן די איבערגעלייענטע ביכער און אָפט אַריבער צו פּאָליטיק...

אויך דער קינאָ „סטראַזשאַק״ האָט געהאַט דערפאָלג ביי אונדזער יוגנט. מען האָט געגעבן יעדע וואָך איין פילם אין משך פון דריי אָוונטן, פרייטיק, שבת און זונטיק. עס איז זיכער נישט געווען קיין איין יוגנטלעכער, וואָס זאָל אַדורכלאָזן אַמאָל אַ פילם.

דערפאַר האָט דער טאַנץ־זאַל, וועלכן עס האָט אויפגעעפנט עפּעס אַ פּריוואַטער אונטערנעמער פון אַ צווייט שטעטל, נישט געהאַט קיין דערפאָלג. די גרעסטע טייל עלטערן האָט געהאַלטן, אַז גיין טאַנצן אין אַן עפנטלעכן זאָל איז נישט־אָנשטענדיק, נישט מאָראַליש און נישט געלאָזט די קינדער גיין אַהין. דער טאַנץ־זאָל איז טאַקע שנעל געשלאָסן געוואָרן. אָבער דאָך האָבן מיר געטאַנצט... מען האָט איינגעאָרדנט פּריוואַטע טאַנץ־אָוונטן, ביי דער מוזיק פון אַ פּאַטעפאָן, אָדער פון ראַדיאָ. עס זענען פאָרגעקומען פריילעכע חנוכה־ און פורים־אָוונטן אין פּריוואַטע הייזער, מיט לאָטקעס און טענץ ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַמאָל פלעגט אויך פאָרקומען אַן אָפיציעלער גרויסער פורים־ אָדער חנוכה־באַל אין זאַל „סטראַזשאַק״ — דעמלט האָט מען געטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט. אויף אַזאַ באַל פלעגט קומען די גאַנצע יידישע און פּוילישע אינטעליגענץ, דער דאָקטאָר, אַפּטייקער, לערער.

*

די ערשטע מאָביליזאַציע איז פאָרגעקומען דעם 24־טן מערץ 1939. גלייך האָבן מאַמעס געוויינט אויפן מאַרק, באַגלייטנדיק די זין. אָבער דאָס איז געווען

אַ פֿאַלשער אַלאַרם און מען האָט גלייך אַלע באַפֿרייט. דער לעצטער זומער אין לאָשיץ איז געווען אַ רואיקער, אָן ספּעציעלע געשעענישן, — אָבער אין דער לופֿטן האָט זיך געפֿילט אַן אומרו, אַ טרויער האָט גענאָגט אין אַלע הערצער. די צווייטע מאָביליזאַציע, סוף זומער, איז פֿאָרגעקומען אין געאייל, און דאָס מאָל האָט זיך עס אָנגעהויבן אויף אַן אמת.

די ערשטע טעג האָט מען די מלחמה אין לאָשיץ נאָכנישט געפֿילט, אָבער שוין געזען אירע ערשטע רעזולטאַטן, — טאָג און נאַכט איז דאָס שטעטל געווען איבערפֿולט מיט פּליטים פֿון מערב, וועלכע זענען געלאָפֿן אויף מזרח. מיר זענען געזעסן ביי פּלטיאל בעקערמאַן און געהערט ראַדיאָ. דאָ איז כסדר געווען פֿול מיט מענטשן, מען האָט געזוכט דערפֿרייענדיקע ידיעות אויף די ראַדיאָ־כוואַליעס. ביי בעקערמאַנען האָט מען געקאָנט הערן אויך אויסלענדישע סטאַציעס, ווו מיר האָט געזוכט טרייסט, געוואַרט אויפֿן אָנגריף פֿון די אַליאירטע. אָבער די ידיעות זענען געווען פֿול מיט איוב־נייעסן, — די דייטשן זענען אָן שטערונגען געגאַנגען פֿאָרויס.

פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, אין אַכטן טאָג פֿון דער מלחמה, איז ניט ווייט פֿון לאָשיץ געפֿאַלן אַ באָמבע, וועלכערס אויפֿרייס עס האָט אָפּגעהילכט אין גאַנצן שטעטל און האָט אַלעמען אויפֿגעשווידערט. אויף מאָרגן אינדערפֿרי, שבת, האָט מען גענומען אַנטלויפֿן פֿון שטעטל, כדי זיך צו באַהאַלטן אין דער געגנט. און דעם זעלבן טאָג, פֿאַרנאַכט, האָט זיך טאַקע די מלחמה צעפֿייערט אויך איבער אונדזער שטעטל.

מיר האָבן זיך דעמלט געפֿונען ביים פּאָליאַק אָסטאָלסקי, לעבן דער מיל פֿון יאַטיך. אויף די פֿעלדער, אין ביידע זייטן טייכל, איז געווען פֿול מיט מענטשן. יעדן מאָמענט האָט מען געהערט אויפֿרייסן פֿון באָמבעס, וואָס האָבן פֿאַרהילכט די לופֿט. אַרום האָבן זיך געהויבן צונגען פֿייער און רויך פֿון די שריפֿות. די דייטשע באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער אומבאַוואָפֿנטער באַפֿעלקערונג. צוויי טעג זענען מיר — ביי אַ צוואַנציק לאָשיצער יידן — געלעגן אין אָסטאָלסקיס היי־שטאַל. די באָמבאַרדירער האָבן שווער געשניטן די לופֿט און זייער פֿיינפֿולער טראַסק האָט זיך מיט פּחד אריינגעריסן אין די הערצער, אַדורכגעדרונגען ביזן מאַרך פֿון די ביינער.

גלייך זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז בעת דער ערשטער באָמבאַרדירונג פֿון לאָשיץ, ווען עס איז אויפֿגעריסן געוואָרן די שיל, איז אויך פֿאַרברענט געוואָרן דאָס הויז פֿון מיין מומע זלאַטקע, מיט איר גאַנצן פֿאַרמעגן. צום גליק איז מיין מומע מיט דער פֿאַמיליע נישט געווען אין שטוב. זיי האָבן דערנאָך געוווינט ביי אונדז.

מיט אונדז אין דער סטאָדאָלע זענען, צווישן אַנדערע, געווען הערשל גוויאַזדע מיט דער פֿרוי און 5 קינדער, יאָסל גאָלדרינג מיט 5 קינדער, ישעיה מאַן מיט דער פֿרוי, נח און פּעשע שלאַכטער מיט די קינדער, חנא בער און די שעדלעצער פֿאַמיליע רינדער.

ביינאַכט, ווען דער גערודער פון די אַעראָפּלאַנען פלעגט שטיל ווערן, זענען מיינע עלטערן געגאַנגען אין שטאָט אריין, צוצוגרייטן און ברענגען עסן פאַר אונדז אַלע. דאָס שטעטל איז דעמלט געווען ליידיק, ווי אויסגעשטאָרבן, קיין לעבעדיקער נפש איז דאָרט נישט געווען, נישט קיין יידן און נישט קיין פּאָליאַקן.

נאָך אַ פּאָר טעג איז שטיל געוואָרן און מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָשיץ. מען האָט מאַסנווייז גענומען צוריקערן אַהיים. די דייטשן פלעגן דעמלט קומען קיין לאָשיץ נאָר אויפן משך פון טאָג און פאַרנאַכט אַוועקפאָרן. זיי האָבן נאָך דעמלט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אומענטשלעכקייט. טראָץ דעם האָט מען פאַר זיי מורא געהאַט. גלייך ווי די דייטשן פלעגן אינדערפרי אריינפאָרן אויפן מאַרק אויף זייערע טאַנקן, זענען די גאַסן מאָמענטאַל פּוסט געוואָרן; ווען זיי האָבן פאַרנאַכט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, האָט מען פרייער אָפּגעאָטעמט. די דייטשן האָבן זיך יענע טעג אויפגעפ״רט ווי צייטווייליקע געסט; זיי האָבן נישט איינגעפירט זייער מאַכט, גאָרנישט געענדערט. צום סוף האָבן זיי מודה געווען, אַז זיי וועלן דאָ נישט זיין די באַלעבאַטים, נאָר די רוסן וועלן קומען אויף זייער אָרט. די יידן האָבן זיך דערפרייט. מען האָט מיט אומגעדולד גענומען וואַרטן אויף דער רויטער אַרמיי. צום סוף האָבן די דייטשן בכלל אויפגעהערט קומען קיין לאָשיץ; די אָרדענונג אין שטאָט האָבן אויפגעהאַלטן פרייוויליקע בירגער, יידן און פּאָליאַקן.

סוף־כל־סוף איז געקומען דער „גרויסער" טאָג ווען עס האָט געדאַרפט אָנקומען די רויטע אַרמיי. דאָס איז געווען אַ פרייטיק. שוין פון באַלד אינדערפרי האָט אין שטעטל געהערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג. אַ דעלעגאַציע איז אויף ראָווערן אַרויסגעפאָרן אַנטקעגן. אויף דער ביאַלער גאַס האָט מען אויפגעשטעלט אַ טריאומף־טויער. די קאָמוניסטן האָבן געטיילט רויטע בלימלעך, וועלכע מיר האָבן אָנגעשפּילעט אויף די קלאַפּעס. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, ספּעציעל צווישן די קאָמוניסטן און דער לינק־געשטימטער יוגנט. אָבער אויך די איבעריקע יידן, וועלכע זענען ווייט געווען פון קאָמוניזם, און אפילו די וואָס האָבן געהאַסט די באָלשעוויקעס, זענען געווען צופרידן מיטן דאָזיקן גאַנג פון די געשעענישן. מצד די באָלשעוויקעס האָט אונדז דאָך נישט געדראָט קיין טאָטאַלע אויסראָטונג, וועלכע עס האָבן אָפן אָנגעזאָגט די דייטשן.

די רוסן האָבן אריינמאַרשירט קיין לאָשיץ ערשט נאָכמיטאָג. דאָס איז געווען אַ שיינער סעפּטעמבער־טאָג. מיר זענען געגאַנגען אין אַ דעמאָנסטראַציע דורך די גאַסן פון שטעטל, פול מיט ענטוזיאַזם האָבן מיר זיך געהאַלטן ביי די הענט און געווען גליקלעך. אין אָוונט האָבן די רויטאַרמייער געשפּילט אויף האַרמאָש־קעס און געטאַנצט פאַרן מאַגיסטראַט און פאַר דער שול, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט. מיר האָבן מיט זיי געטאַנצט אַ „קאָזאַטשאָק". דאָס גאַנצע שטעטל איז יענעם אָוונט אַרויס אין גאַס, — מען האָט צום ערשטן מאָל פרייער

אָפּגעטאָטעמט, נאָך עטלעכע וואָכן פון מלחמה־אָנשטרענגונגען. דעם גאַנצן שבת איז געווען אַזוי יום־טובדיק אין שטעטל.

די יום־טובדיקע שטימונג האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

באַלד זונטיק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די רוסן וועלן זיך צוריקציען איבערן טייך בוג, ווו עס וועט זיין די סאָוויעטיש־דייטשע גרענעץ. אין שטעטל איז גלייך אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. די רויטאַרמייער האָבן אפילו געלייקנט, אָבער באַלד האָט אויך דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז לאָשיץ פאַלט אריין צו די דייטשן.

*

עס האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון דער לעצטער טאָג אין לאָשיץ. די שטימונג איז ביי אַלעמען געווען אַ דערדריקטע און אַן אַפּאַטיע האָט באַהערשט יונג־און־אַלט. אין אָוונט בין איך נאָך אַרויס שפּאַצירן — מיין לעצטער שפּאַציר אין לאָשיץ, — צוזאַמען מיט גענענדל בעקערמאַן און חיה פייגענבלום. אויף די גאַסן איז געווען פינצטער. עס איז געפאַלן אַ דראָבנער רעגן, — דאָס וועטער האָט זיך פּלוצלינג געענדערט: נאָך אַ פּאָר וואָכן שיינע וועטערן, וואָס האָבן פאַרלייכטערט די נאַציס דאָס באָמבאַרדירן די הילפלאָזע פּוילישע שטעט און דערפער, איז געוואָרן פאַרכמאַרעט און ס'האָט גענומען רעגענען.

אויף דער גאַס האָט מען זעלטן וועמען געזען. מיר האָבן געטראָפן אונדזערע חברים קעלטשע יונגשטיין און אַלטער־מרדכי וויסמאַן. קעלטשע איז געווען אַן אמתע שיינהייט. אויך ער איז געווען הויך און שיין. איך האָב זיי דערציילט, אַז מיין פאַמיליע קלויבט זיך מיטצופאָרן מיט די באָלשעוויקעס. זיי האָבן מיר געווונטשן אַ גליקלעכע רייזע...

די רעשט פון אָוונט האָבן מיר פאַרבראַכט ביי חיה פייגענבלום. די פייגענבלומס זענען געווען שטאַרק דערדריקט. זיי האָבן שוין געהאַט אַלץ גרייט צו פאָרן צו זייער זון קיין בראַזיל. זיי זענען שוין געווען כמעט פאַרפאַקט צו דער רייזע. דעם לעצטן ווינטער האָבן אַלע חברטעס געהאָלפן חיהן העפטן טישטעכער און וועש מיטצונעמען... די מלחמה האָט צעשטערט אַלע זייערע פּלענער.

כ'האָב זיך געזעגנט, — איצט פאָר איך גאָר אַוועק... איך האָב זיך צעקושט מיט חיהן. איך בין מיט גענענדלען אַראָפּ אויף דער גאַס. מיר האָבן ביידע ביטער געוויינט. מיר זענען געגאַנגען שווייגנדיק, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, און נישט געקאָנט איינהאַלטן דאָס שלוכצן. האָבן מיר פאַרגעפילט, אַז מיר וועלן זיך שוין מער אין לעבן נישט זען?...

אויף מאָרגן פרי האָט אין שטעטל געקאָכט. מענטשן האָבן שנעל גענומען דינגען פורמאַנקעס. באַלד באַגינען האָב איך באַשטעלט די פורמאַנקע פון מיין

פּעטער נח שלאַכטער און מיר האָבן אָנגעהויבן פּאַקן די זאַכן מיטצונעמען. ביי אונז אין דער וווינונג איז געווען פול מיט מענטשן. עס זענען געקומען קרובים, שכנים און באַקאַנטע. קיינער האָט אַליין נישט געוווסט וואָס צו טאָן. עס איז נישט לייכט געווען זיך צו דעצידירן. מענטשן האָבן דורכן גאַנצן לעבן שווער געאַרבעט ביז זיי זענען צוגעקומען צו דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט, — ווי קאָן מען דאָס אַלץ איבערלאָזן און אַוועקוואַנדערן, צו זיין אין דער פרעמד נע־ונד? און ס'איז אויך שווער געווען צו געבן דעם צווייטן אַן עצה... קיינער האָט נישט געוווסט צי ער אַליין טוט ריכטיק.

מיר האָבן זיך געזעגנט ביי אַן אַלגעמיינעם געוויין און צערודערונג. מיין ליבע, העלדישע אַלטע באָבע, חיה־סימע, האָט געהאַט געשוואָלענע אויגן פון טרערן, אָבער זי האָט נישט אָפּגערעדט אונדז פון פאָרן.

מיר זענען אַרויס פון לאָשיץ אין אַ טריפנדיקן האַרבסט־טאָג. מיין פאָטער איז שוין פריער געווען אויף יענער זייט בוג, די מוטער מיט צוויי קליינע קינדער זענען נאָך פאַרבליבן אין לאָשיץ און שפּעטער געקומען צו אונדז. איך האָב געפירט די זאַכן... דער וואָגן איז געפאָרן פאָרויס. איך מיט מיין קוזינקע חנה שלאַכטער, זענען געגאַנגען פון הינטן. זי איז שפּעטער, צום אומגליק, צוריקגעפאָרן און געטיילט דעם גורל פון אַלע לאָשיצער יידן. ווען מיר האָבן זיך אַריינגעדרייט אויפן סאַרנאַקער וועג, האָבן מיר שוין געטראָפן פיל וועגענער, אָנגעלאָדענע הויך מיט זאַכן און הינטער זיי — מענטשן, איינגעהויקערט אין די אויפגעשטעלטע קעלנער, מיט יאוש און פחד אין די אויגן.

דאָרט ווו דער וועג פאַרנעמט זיך אויף סארנאַק, האָב איך אומגעדרייט דעם קאָפּ, כדי צום לעצטן מאָל אַרומצונעמען מיטן בליק דאָס שטעטל. איך האָב געקוקט מיט פאַרטרערטע אויגן, ווי איך וואָלט פאָרגעפילט, אַז איך וועל מער שוין נישט זען, נישט לאָשיץ, נישט די קרובים, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן, נישט די באַקאַנטע און פריינט, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן, נישט די חברטעס און חברים, מיט וועלכע איך בין צוזאַמען אויפגעוואָקסן.

רבקה רויטמאַן־ראַק

## געלע סעקשטיין און איר צוואה

מיט געלע סעקשטיין האָט מיך באַקענט אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, אויף טלאָמאַצקיע 13, אַרום יאָר 1932, דער דיכטער משה שולשטיין. איר נאָמען האָב איך שוין פריער געהאַט געהערט, געזען אירע בילדער אויף אַן אויסשטעלונג.

עס איז מיר, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז זי שטאַמט פון זעלבן שטעטל, וואָס איך. גאַנץ צופעליק האָב איך ביי דער קינסטלערין,



דער אויטאָפּאָרטרעט פון געלע סעקשטיין, וואָס איז געפונען געוואָרן אין רינגעלבלום־אַרכיוו

אין די ערשטע מינוטן פון אונדזער באַקאַנטשאַפט, אַ פרעג געטאָן:

— פון וואַנען שטאַמט איר?

— פון אַ פּיצל שטעטל...

— דאָך? עס האָט דאָך אַ נאָמען...

— איר האָט דעם נאָמען קיינמאָל נישט געהערט...

— פאַרוואָס? אויך מיר ביידע — ווייז איך אָן אויף שולשטיינען — שטאַמען פון קליינטשיקע שטעטלעך...

— פון לאָשיץ! — ענטפערט זי לאַכנדיק, — פון דעם שטעטל האָט איר זיכער נישט געהערט...

ביידע, סיי שולשטיין סיי איך, האָבן שווייגנדיק געשמייכלט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען אונדזער שמייכל און אונדז מאָדנע אָנגעקוקט. איך האָב גאָרנישט גערעדט, נאָר אַרויס־גענומען מיין אידענטיטעט־צייגניש און איר אָנגעוויזן אויף מיין געבוירן־אָרט.

— לאָנדסלייט! — איז זי אויפגעשפרונגען און מיך שטיפעריש אַרומגענומען.

יאָ, זי איז געבוירן אין לאָשיץ. אַרום יאָר 1904. זי איז אַוועק פון שטעטל נאָך אַלס קליין קינד. זי האָט בכלל אַזוי נישט־גערן גערעדט וועגן איר טרויעריקער קינדהייט. זי האָט דאָס שטעטל געדענקט מטושטשדיק. און געוואָלט: „מיטפאָרן אַמאָל צוריק צום געסל, ווו מיין וויגל איז געשטאַנען...״ ס׳איז אונדז נישט אויסגעקומען צו מאַכן צוזאַמען אָט־די קורצע רייזע, ווייל כ׳האָב באַלד נאָכדעם פאַרלאָזט פוילן און אויך שוין מער נישט געזען לאָשיץ. זי האָט מיר געמאָלן איר געבוירן־הויז: „ביים ראָג פון מאַרק און אַ גאַס, ווו אַראָפּ־צו איז געשטאַנען אַ גרויסע הילצערנע צערקווע...״

מיר זענען אויך אויף איין גאַס געבוירן, — די ביאַלער.

זי, וואַרשיינלעך, ביי גרשון שענקער אין הויז, אין ראָג פון דער ביאַלער גאַס און פון מאַרק.

*

זי האָט שטודירט אין דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע. געמאָלן, אויסגע־שטעלט. האַרט פאַר דער מלחמה האָט זי חתונה־געהאַט. געבוירן אַ טעכטערל שוין אין דער מלחמה. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד.

זי האָט, אָבער, באַוויזן אָפּצוראַטעווען און באַהאַלטן פאַר דער צוקונפט, ביי 300 פון אירע ווערק, צוזאַמען מיט אַ צוואה, וואָס איז אַ טראַגישער דאָקומענט פון דער שוידערלעכער צייט, אָבער פול מיט פעסטן גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט איבערלעבן דעם צורוי.

צווישן די קעסטלעך פון רינגעלבלום־אַרכיוו, וועלכע זענען געפונען געוואָרן אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, איז איינס געווען פול מיט די אַרבעטן פון געלע סעקשטיין. כמעט דריי הונדערט בילדער, אַקוואַרעלן, צייכע־נונגען און סקיצן. עס געפינען זיך דאָרטן פאָרטרעטן פון פיל יידישע שרייבער, אָבער אמרירנדיקסטן זענען אירע צענדליקער קינדער־צייכענונגען. יידישע קינדער — זייערע ליידן און פריידן, זייערע גרויסע הונגעריקע אויגן; קינדער, איינגעשפּאַנטע יונג אין שווערן עול פון לעבן און אין פחד פאַרן טויט, פול מיט זאָרג, ווי אַן טאַטע־מאַמע שוין. צווישן די בילדער האָט זי אויך געלאָזט אירס אַן אויטאָ־פּאָרטרעט — וואַרשיינלעך איר לעצט בילד. איר פנים איז פול מיט ווייטיק, דורכגענומען מיט ליידן און וועט אויף שטענדיק פאַרבלייבן ווי אַ דערשיטערנדיקער געשריי פון אומקומענדיקן געטאָ.

און אָט זענען טיילן פון איר צוואה, געשריבן אין וואַרשעווער געטאָ, דעם 1־טן אויגוסט 1942, בעת איינער פון די מוראדיקע „אַקציעס״:

„ווען איך שטיי אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט, ווען איך בין מער זיכער, אַז איך וועל נישט לעבן, ווי יאָ, וויל איך זיך געזעגענען מיט מיינע פריינט און מיינע אַרבעטן.

„10 יאָר אַרבעט. געקליבן, צעריסן און ווידער געאַרבעט, געגרייט זיך אויסצושטעלן מיינע בילדער און ספּעציעל די אויסשטעלונג ,פּאָרטרעטן פון יידישן קינד׳. איצט ראַטעווע איך לויט די מעגלעכקייטן וויפל איך קאָן און וויפל עס איז צוגעפּאַסט דאָס אָרט. פאַר דעם לאָז איך איבער אויף הפקר, אויף גאָטס באַראָט, צענדליקער אייל־אַרבעטן, פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער, סקיצן און אַנדערע.

„איך בעט נישט קיין שבחים, כ׳וויל נאָר אַ זכר פאַר מיין נאָמען און פאַר מיין טעכטערל, דאָס פעיקע מיידעלע מרגלית ליכטנשטיין — — — מיינע אַרבעטן שענק איך אַוועק דעם יידישן מוזיי, וועלכער וועט געשאַפן ווערן אין דער צוקונפט, כדי צו רעסטאַווירן דאָס יידישע קונסט־לעבן פון פאַר דער מלחמה ביזן יאָר 1939, ביז דער גרוילעכער טראַגעדיע פון יידישן קיבוץ אין פוילן.

„איך בין נישט פעיק איבערצוגעבן פּרטים וועגן אונדזער שוידערלעכן גורל, וועגן דער גרויסער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק. דאָס לאָז איך איבער פאַר מיינע קאָלעגן, יידישע שרייבער. איך בעט דעם מענטשן, די געזעלשאַפט, וועלכע וועט געפינען מיינע אַרבעטן, זאָל וויסן, אַז איך האָב דעם פאָרמאָט געמוזט ארומשניידן און צופּאַסן צו די באַדינגונגען.

„איצטער בין איך רואיק. איך מוז אומקומען, אָבער מיינס האָב איך

געטאָן. איך פּרווו באַהאַלטן אַ זכר פון מיינע אַרבעטן. זייט געזונט, מיינע חברים און פריינט, זיי געזונט יידיש פאָלק, דערלאָזט נישט מער צו אַזעלכע חורבנות".

אונטערגעשריבן: געלע סעקשטיין.

נישטאָ אירס קיין קבר. אומבאַקאַנט ווו ס'איז אהינגעקומען איר געביין. אָבער אַ מצבה האָט זי זיך איבערגעלאָזט, אין אייביקע, אין פאַרבן, אין קויל־שטריכן, אין פעדער־ליניעס און אין — אָט־די צעווייטיקטע שורות אירע.

ב. פעדער

## הערשל קאַרטש בעת דער נאַצי־הערשאַפט

די דייטשע אָקופּאַציע אין 1939 האָט אונדז, הערשל קאַרטש, מיך און אונדזער 7־יאָריק זונעלע, פאַרכאַפּט אין שעדלעץ. הערשל האָט פון דער ערשטער מינוט געטענהט, אַז „פון די דייטשן וועלן מיר זיך נישט אַרויסדרייען", און געהאַלטן, אַז יעדער מין מיטאַרבעט מיט די נאַציס איז אַ פאַרברעכן און קאָן די יידן גאָרנישט געבן. ווען די דייטשן האָבן געוואָלט שאַפן אַ „יודנראַט" אין שעדלעץ, האָט ער ממש „איינגעלייגט וועלטן", אַז „די יידן זאָלן זיך נישט לאָזן אריינאַרן אין זאַק אַריין". ער האָט אפילו פּרובירט אָרגאַניזירן אַ גרופּע ציוניסטישע יונגעלייט מיטן צוועק קעגנצושטעלן זיך דער שאַפונג פון אַ „יודנראַט", נאָר דאָס איז אים נישט געלונגען.

ביי דער ערשטער מעגלעכקייט פאָרט ער צוריק קיין וואַרשע.

דער „דזשאָינט" האָט דאַן געפירט אַ גרויסע הילף־טעטיקייט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. הערשל קאַרטש ווערט באַשטימט אַלס אָרגאַניזיר־אינספּעק־טאָר איבער דער וואַרשעווער וואָיעוואָודשאַפט. אין פעברואר 1940 ווערט ער געשיקט קיין ווענגראָוו אָרגאַניזירן אַ „הילף־שטעלע פאַר מוטער און קינד". די דאָזיקע אינסטיטוציע איז אייגנטלעך געווען באַשטימט פאַר די דעפּאָרטירטע פּאָליאַקן פון די פּויזנער און פּאָמערן־געביטן. דער „דזשאָינט" האָט אויף דעם צוועק באַשטימט אַ מיליאָן זלאָטעס, כדי צו העלפן די פּוילישע קרבנות פון דער דייטשער אויסזידלונג־קאַמפּאַניע. אַזוי ווי אין ווענגראָוו האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל פון די דאָזיקע דעפּאָרטירטע, האָט קאַרטש דאָרט געדאַרפט אָרגאַניזירן די הילף, צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון דער פּוילישער הילף־אָרגאַניזאַציע „ר.ג.א.", אדוו. פּיעשעוויטש.

אויפן דריטן טאָג, נאָך זיין אָנקומען קיין ווענגראָוו, האָט אים די געסטאַפּאָ אַרעסטירט פאַר „מישן זיך אין די ענינים פון די פּאָליאַקן". מען האָט אים געבראַכט קיין וואַרשע און נאָך אַ באַקאַנטער נאַצישער „אויספאָרשונג" מיט רוצחישע קלעפּ, פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס. דאָס איז געווען דער ערשטער

פאַל אין וואַרשע, ווען קעגן אַ ייד איז פאַרפירט געוואָרן אַ נאָרמאַלער פּאָליטישער פּראָצעס. עס האָט געקאָסט פיל מי און געלט צו פאַרוואַנדלען דעם ענין אין אַ „פאַרברעכן" פון עובר זיין אויף דער גזירה צו טראָגן אַ יידישן אָפּצייכן („אָפּאַסקע"). הערשל האָט אפילו געהאַט אַ פאַרטיידיקער, אדוו. וויעליקאָווסקי, אַ משומד און פּערזענלעכער פריינט פון נאַצישן גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק. מען האָט זיך באַמיט דעם פּראָצעס כסדר אָפּצולייגן, מיט דער האָפענונג, אַז „דערווייל וועט זיך די מלחמה ענדיקן", ווי מען האָט נאָך געטראַכט אין 1940. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן און אין יולי 1940 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס. הערשל איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 6 חדשים תפיסה. מען האָט אים פאַרשפאַרט אין מאָקאָטאָווער טורמע צוזאַמען מיט גנבים און מערדער, פון וועלכע ער איז די ערשטע צייט אויסגעשטאַנען צרות, נישט ערגערע ווי פון דער געסטאַפּאָ. אָבער ער האָט באַוויזן צו ווירקן אויך אויף די אונטערוועלט־מענטשן, וועלכע האָבן ביסלעכווייז באַקומען פאַר אים דרך־ארץ און געשענקט אים צוטרוי. באַפרייטע קרימינעלע אַרעסטאַנטן פלעגן מיר ברענגען פון אים גרוסן און בריוו און מיר פאָרלייגן הילף, ווייל — „פאַר אַזאַ מענטשל, ווי אייער מאַן, איז כדאי עפּעס צו טאָן"...

אין יאַנואַר 1941 איז ער באַפרייט געוואָרן פון תפיסה. גלייך אויף מאָרגן איז ער געכאַפּט געוואָרן אין גאַס „אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד". נאָך 48 שעה איז מיר געלונגען אים צו באַפרייען. אָבער די דאָזיקע 48 שעה פייניקונגען, אָן עסן, גלייך נאָך דער תפיסה־שטראָף, האָבן אים שרעקלעך צעבראָכן. דער „דזשאָינט", אַלס אַזעלכער, האָט שוין דאַן נישט עקזיסטירט און די אינספּעקטאָרן זענען געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין וואַרשעווער „יודנראַט". קאַרטש האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָנצונעמען וואָסער עס איז אַמט אין „יודנראַט", טענהנדיק, אַז „אויב מיר איז באַשערט איבערצולעבן די מלחמה, ווייל איך גיין מיטן קאָפּ אַרויף, נישט אַראָפּ און נישט שעמען זיך מיט מיינע מעשים". ער האָט דעריבער אָנגענומען אַ נידעריקן פּאָסטן אין דער יידישער הילף־אָרגאַניזאַציע „זש. ס. ס."

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג: אַ שטיקל ברויט איז געוואָרן דער עיקרדיקער פּראָבלעם. דעמלט האָט זיך הערשל אַרויסגעוויזן אַלס מענטש, וואָס האָט זיך אַליין אַמווייניקסטן אין זינען, נאָר קלערט פריער וועגן פאַרזאָרגן אַנדערע. זייער אָפט פלעגט ער זיך נישט צורירן צום עסן, ווייל ער „איז נישט הונגעריק" און זיין חלק אַראָפּגעטראָגן צו אַ קראַנקן שניידער אין קעלער־שטוב פון אונדזער הויז. אַ לאָשיצער אַלטער מלמד, ר' זלמן, פלעגט זיין אַן אָפטער גאַסט ביי אונדז אין געטאָ. זיין ווייב איז געווען קראַנק און ער אַליין איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ הונגעריקער. ווען ר' זלמן האָט זיך אַ שטיקל צייט ביי אונדז נישט באַוויזן, פלעגט קאַרטש לויפן צו אים און אַוועקטראָגן וואָס ס'איז נאָר מעגלעך געווען. דעם לעצטן ערב־פּסח, ווען קאַרטש

האָט אהיימגעבראַכט 8 מצות (צו 2 מצות אויף אַ פּערזאָן — ביי אונדז האָט זיך אויך געפונען דאָן מיינע אַ שוועסטער) און 12 אייער, האָט ר׳ זלמן געקראָגן מער ווי אַ העלפט דערפון, ווייל — „ער וועט דאָך קיין חמץ נישט עסן...״

הערשל איז געוואָרן צעבראָכן. ער האָט ווייניק גערעדט. אין שטוב האָט געהערשט הונגער און נויט. מיין מאַן האָט נאָר געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו ראַטעווען אונדזער יינגעלע. אין יולי 1942 האָבן מיינע עלטערן פון שעדלעץ געשיקט צו אונדז אַ שליח, אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, ער זאָל אונדז אַלע נעמען צו זיי, ווייל דאָרט זענען די באַדינגונגען נאָך געווען בעסערע ווי אין וואַרשע. מיין מאַן האָט נישט געוואָלט פאָרן, איך האָב אים נישט געוואָלט לאָזן אַליין און מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצושיקן דאָס קינד מיט מיין שוועסטער, וועלכע איז געווען מיט אונדז. מיר האָבן זיי ביידע אָפּגעפירט צו דער געטאָ־גרענעץ. קאַרטש האָט זיך געזעגנט מיט זיין יונגן זון, געגעבן אים די האַנט, נישט געקושט, נישט געוויינט, נאָר געזאָגט: „זיי אַ מאַנספּערשוין! דו מוזט זיין דער מאַמעס אַפּוטרופּוס, — האָב נישט קיין מורא!...״ ער האָט געפילט, און דאָס געזאָגט, אַז ער וועט שוין דעם זון מער נישט זען.

די יידישע זעלבסטהילף־אָרגאַניזאַציע „זש.ס.ס.״ האָט גענומען ליקווידירן איר טעטיקייט. פון די איבער 600 מיטאַרבעטער זענען געבליבן נאָר 19, צווישן זיי אויך הערשל קאַרטש. ער האָט געהאַט אַן „אַרבעט־קאַרטע״, געהערט צו די „פּריווילעגירטע״, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין רעכט אויף לעבן. די „אַקציעס״ זענען געוואָרן אַלץ אָפטער. מיר האָבן געלעבט ווי מייז אין אַן אונטערגעצונדענער שטייג, געלאָפן מיט פּיינלעכער שרעק פון אָרט צו אָרט. איינמאָל, אַזוי לויפנדיק, האָבן מיר צופעליק אָנגעטראָפן אַ נייעם שליח פון מיינע עלטערן, מיר זאָלן קומען צו זיי. קאַרטש האָט נישט געוואָלט פאָרן, נישט גלויבנדיק, אַז אין שעדלעץ איז בעסער ווי אין וואַרשע. אָבער מיך האָט ער געצוווּנגען צו פאָרן, ווייל „אַ מאַמע דאַרף זיין מיט איר קינד!״. זיינע געזעגענונג־ווערטער צו מ׳ר זענען געווען: „אפשר וועל איך נאָך אויך קומען, כאָטש איך גלויב נישט, אַז אין שעדלעץ איז דער ריכטיקער פּלאַץ...״

פון שעדלעץ האָב איך נאָך גערעדט מיט אים טעלעפאָניש, געבעטן ער זאָל זיך אַרויסקריגן פון גהינום אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז שוין אָבער געווען אומעגלעך.

ווען איך בין, אין דעצעמבער 1942, ווידער געקומען קיין וואַרשע, אין אַ באַהעלטעניש אין פּראַגע, האָט מען מיר דערציילט, אַז ערשט מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט מען מיין מאַן געזען אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ״ אין אַ טראַנספּאָרט, וועלכער איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

דאָרט איז ער, וואַרשיינלעך, באַלד אומגעבראַכט געוואָרן.

ש ר ה  ק א ר ט ש

## מיין טאַטע

אַמאָל, ווען מיין טאַטן באַגלייט האָט אַ פּחד
מיט האַרבסטיקן שטורעם, אין קיטל געהילט,
אויף לאָשיצער געסלעך אין שיל צו כל־נדרי —
צי האָט ער שוין דעמלט דעם ציטער דערפילט?

צי האָט ער שוין דעמלט געזען מיך אַ וואָגלער
פאַריאָגט, ווו עס לויערט אַ זיכערער טויט?
אַ וועלט האָט פאַרשלאָסן איר האַרץ און איך וואַנדער
אליין איבער וועגן פון אומקום און נויט.

צי האָט ער אַריבער די וואָלקנס פאַרשטעלטע,
אין הימל מיין שטערן זיך ראַנגלען דערקענט?
און אפשר פון דאָרט אַ בת־קול פאַרנומען:
דיין פאָלק ווערט אין איצטיקן שטורעם פאַרלענדט.

יום־כיפור. די שיל איז צעטרייסלט פון פחד,
מיט האַרבסטיקן שטורעם פאַרבליבן אַליין.
אויף שויבן פאַרטרערטע צי האָט ער דערקענט דאַן,
אַז דאָס איז זיין שטעטלס דער לעצטער געוויין?

איך זע אים, ווי ער האָט מיך דעמלט געטוליעט,
געקושט אין דער נאַכט און געוויינט אַזוי לאַנג.
ביי צאַנקענדע ליכטלעך, צי האָט ער פאַרשטאַנען,
אַז דאָס איז דער לעצטער כל־נדרי־געזאַנג?

און איצטער, פון יענע צעשטורעמטע ימען,
איך ליג אויסגעשפּיגן פאַריתומט ביים ברעג.
קיין זכר פון שוועסטער, פון טאַטע, פון מאַמע, —
אַ וואָגלער, צעווייטיקט, ביי ווינטן איך פרעג:

נישט שוין־זשע איר האָט עס אַזוי גיך פאַרגעסן?...
אין לעצטן געראַנגל מיין טאַטע ער שפּאַנט
אַריבער די פלאַמען, אַליין שוין געקוילעט, —
אין פאַרמעט געוויקלט ער טראָגט מיך אין האַנט.

די צווייטע האַנט בלוטיקט, מיט פינגער פאַרשטייפטע
אַ תורה, די לעצטע, ער קלאַמערט אין זיי.
די שיל אַ פאַרקוילטע מיט יידן צוזאַמען, —
„כל נדרי!..." — צעטראָגט זיך זיין לעצטער געשריי.

יוסף פרידמאַן

(„יידישע פּאָסט", מעלבורן)

# אין קאַמף מיטן טויט

אין 1938 בין איך גערופן געוואָרן צו מיין נאָרמאַלער דינסט אין פּוילישן מיליטער, אַזוי, אַז ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1939, בין איך געווען אַ סאָלדאַט און גלייך געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. ביי גרודזשאָנדז בין איך גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט דורך די דייטשן. מען האָט מיך אַוועקגעפירט קיין אינסטענבורק, אין דייטשלאַנד, אין אַ לאַגער ווו עס האָבן זיך געפונען נאָך אַ 200 יידישע קריג־געפאַנגענע פון פוילישן מיליטער. מיר האָבן דאָרט געאַרבעטביים רייניקן די גאַסן פון דער שטאָט. עס האָט איבער אונדז דאָרט געהערשט אַ נאַצי־קאַפּראַל, אַ סאַדיסטישער מערדער, וועלכער האָט אונדז געשלאָגן אָן אַ פאַרוואָס און געטריבן נאַקעטע אין אַ פראָסט, איבערן שניי.


אליהו מאַדענפראָסט

איך האָב זיך דאָרט פאַרשריבן נישט אַלס געבוירענער אין לאָשיץ, נאָר אין סעמיאַטיטש. ווייסנדיק, אַז סעמיאַטיטש איז פאַרנומען געוואָרן דורך די סאָוויעטן, האָב איך געמיינט, אַז כ׳וועל פריער באַפרייט ווערן און ס׳וועט זיך מיר אפשר איינגעבן אַנצוקומען לייכטער אויף דער צווייטער זייט בוג. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די געבוירענע אויף דער סאָוויעטיש־אָקופּירטער טעריטאָריע זענען גאָר באַפרייט געוואָרן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער. איך בין באַפרייט געוואָרן פון געפאַנגענשאַפט סוף 1940, באַקומענדיק פריער אַ צייגעניש פון אַ דייטשן מיליטערישן דאָקטאָר, אַ גענעראַל, אַז מיין געזונט־צושטאַנד איז אַ שוואַכער. די שוואַכע האָט מען אָפּגעשיקט קיין ביאַלאַ־פאַדלאַסקאַ אויף „לייכטער״ אַרבעט. אַדורכפאָרנדיק שעדלעץ, האָב איך דורך אַ פּוילישן באַן־אַרבעטער באַזאָרגט אַ צעטל צו מיין מוטער אין לאָשיץ, מעלדנדיק איר ווהין מען פירט מיך. דעם ערשטן באַגינען, ווען מען האָט מיך אין ביאַלע אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט, האָט ביים טויער געוואַרט אויף מיר מיין מאַמע. איך בין אויף איר אַרויפגעפאַלן, זי אַרומגענומען — די היטער האָבן דאָס נישט באַמערקט און זענען אַוועק מיט די איבעריקע אַרבעטער, אָן מיר.

איך בין מיט מיין מוטער אַוועק צוריק קיין לאָשיץ.

דער מאַגיסטראַט האָט מיך איינגעמאָלדן אויפן סמך פון דער דייטשער מיליטערישער צייגעניש וועגן מיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד — אַ סימן, אַז כ׳בין באַפרייט פון יעדער אַרבעט און פון לאַגער. אין לאָשיץ האָט מען דעמלט גענומען צו אַרבעט, אָבער מיך האָט מען נישט געטשעפּעט, אַדאַנק דער זעלבער צייגעניש. סיי דער יודנראַט און סיי די דייטשן האָבן די צייגעניש אָנערקענט.

איינער פון די יודנראַט־פירער האָט מיך גערופן און געזאָגט: „אויב דו קאָנסט נישט אַרבעטן, ווּעסטו אפשר ווערן אַ פּאָליציאַנט?" איך האָב אים געענטפערט: „אָבער אויב איך וועל זיין אַ פּאָליציאַנט, וועט נישט דער שוואַכער שלמה צעפּעלע גענומען ווערן צו דער אַרבעט, נאָר רייכע און געזונטע..." און איך האָב אויסגערעכנט נעמען, וואָס אַלע אין לאָשיץ האָבן געוווּסט פאַרוואָס מען שוינט זייביים נעמען צו דער אַרבעט. „אויב אַזוי, דאַרף איך דיך אויף כפרות!" — האָט מיר דער יודנראַטלער מיט כעס געענטפערט.

איינמאָל זענען געקומען ביינאַכט צוויי יידישע פּאָליציאַנטן, מיך אַרעסטירט און איבערגעגעבן דער ציווילער פּאָליציי, אונטער דער באַשולדיקונג פון אומלעגאַלן האַנדל מיט געשמוגלטער סחורה פון רוסלאַנד. מיין געזונט־צעטל האָט מיך דאַן אָפּגעהיט פון קלעפּ; נאָך אַן אויספאָרשונג האָט מען מיך באַפרייט, אָבער צוגענומען די צייגעניש. דאָס איז געווען דער גאַנצער מיין מיטן אַרעסטירן מיך. איצט וואָלט דער יודנראַט געהאַט איבער מיר אַ פרייע שליטה.

איך בין דאַן אַוועק קיין שעדלעץ, ווו איך האָב געלעבט אין געטאָ ביז אויגוסט 1942. ווען ס'איז פאָרגעקומען די גרויסע אויסזידלונג פון די יידן אין שעדלעץ, לאָשיץ און אין דער גאַנצער געגנט, האָב איך זיך באַהאַלטן מיט נאָך 150 יידן אויף אַ בוידעם פון אַ באָד און דאָרט איבערגעלעבט די שוידערלעכע מאָרד־טעג פון דער גרויסער בלוטיקער „אַקציע". דערנאָך האָב איך זיך אריינבאַקומען אין קליינעם שעדלעצער געטאָ, אין אַזוי־גערופענעם „טרויקאָנט", פון וואַנען איך האָב זיך געראַטעוועט אַלס קוימענקערער אין אַ דאָרף, אַרבעטנדיק, אַלס אַ פּאָליאַק, ביי אַ פאָלקס־דייטש.

איך וויל דאָ אַרויסברענגען די נאָבעלע האַנדלונג לגבי מיר פון אַ פּוילישער פאַמיליע מיטן נאָמען בורקאָווסקי, ספּעציעל פון דער פרוי. ווען זי האָט מיר צום ערשטן מאָל געפרעגט צי כ'בין אַ ייד, האָב איך מיט פחד געזאָגט דעם אמת, ווייל זי האָט דאָס סיי־ווי דערקענט פון מיין פּוילישער אויסשפּראַך. זי, ווי איר מאַן, האָבן, אָבער, גלייך דערקלערט זייער גרייטקייט מיר צו העלפן און דאָס באַוויזן מיט מעשים. איך האָב ביי זיי געהאַט די גאַנצע צייט אַן אָפענע טיר, ווו אָפּצועסן און זיך צו באַהאַלטן אין די שווערסטע מאָמענטן, כאָטש זיי האָבן דערביי ריזיקירט מיט זייער אייגן לעבן.

ווען מען האָט, אין נאָוועמבער 1942, ליקווידירט דעם לאָשיצער קליינעם געטאָ, האָט מען די לאָשיצער יידן געבראַכט אין אַ ציגעלניע אין גענשאָבאָרעק, לעבן שעדלעץ. איך האָב זיך אַהין אריינבאַקומען אַלס קוימענקערער און דאָרט געטראָפן מיין עלטערן ברודער מרדכי. איך האָב אים פון דאָרט אַרויסבאַקומען און אים איינגעאָרדנט ביי דער פאַמיליע בורקאָווסקי, אין אַ באַהעלטעניש אויפן בוידעם, ווו עס זענען געווען נאָך צוויי יידן. מען איז, אָבער, געוווּיר געוואָרן, אַז אַ פּאָליאַק האָט געמסרט בורקאָווסקין פאַר די דייטשן, אַז ער באַהאַלט אויס יידן. מיר האָבן אַלע געמוזט שנעל פאַרלאָזן דאָס גאַסטפריינטלעכע הויז. פרוי בורקאָווסקי האָט פאַר אונדז געדונגען אַ דייטשן אויטאָ, וועלכער האָט

מיין ברודער, מיך און די אַנדערע צוויי יידן אָפּגעפּירט אין לוקאָוואָר געטאָ. אין לוקאָוואָר געטאָ זענען מיר געבליבן ביזן 1־ט מאַי 1943, ווען ס׳איז אויך אויף אים געקומען דער סוף. מען האָט אונדז אריינגעשטופּט אין לאַסט־וואַגאָנען און אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע.

מיר האָבן זיך אויף דעם געריכט און געהאַט מיט זיך געצייג, צו קאָנען אויפשניידן די פענצטער־קראַטן, כדי אַרויסצושפּרינגען פון לויפנדיקן צוג. איך האָב זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט מיין ברודער, וועלכער האָט מיר צוגערעדט צו שפּרינגען. „דו ביסט עלטער״ — האָב איך געזאָגט — „שפּרינג דו דער ערשטער, איך וועל שפּרינגען נאָך דיר״. מרדכי איז אַרויסגעשפּרונגען, אָבער איך האָב מער נישט געהאַט קיין מוט און קיין לעבנס־לוסט דאָס צו טאָן. איך בין שוין געווען מיד פון די ביז־דעמלטיקע אַרומוואַנדערונגען, אויסבאַהאַלטן זיך און די אומאויפהערלעכע געפאַרן און צרות. עס איז מיר פאַרמיאוסט געוואָרן אַזאַ לעבן. מיין ברודער האָב איך מער נישט געזען און נישט געהערט פון אים.

איך בין אָנגעקומען קיין טרעבלינקע דעם 2־טן מאַי, 1943. עס זענען דעמלט אָנגעקומען אַהין דריי טויט־טראַנספּאָרטן: די לעצטע יידן פון לוקאָוואָר געטאָ און פון מעזריטשער געטאָ און די לעבן־געבליבענע פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

ביי דער „סעלעקציע״, נאָכן אויסשטייגן פון וואַגאָן אין טרעבלינקע, בין איך אַליין אַוועק אין דער זייט פון די פאַרמשפּטע גלייך צום קרעמאַטאָריע־אויוון. כ׳האָב נישט געוואָלט מער זיך מאַטערן. אַ דייטשער אָפיציר האָט מיך אָבער אָנגעכאַפּט און צוריקגעשלעפּט, מכבד־זייענדיק מיר מיט קלעפּ און שרייענדיק: „ביסט נאָך יונג און געזונט, דו קאָנסט נאָך אַרבעטן!״

און איך בין געבליבן לעבן.

דאָס „לעבן״ און די „אַרבעט״ אין טרעבלינקע זענען באַקאַנט און ס׳איז פאַר מיר שווער איבערצוגעבן די דאָרטיקע איבערלעבונגען. איינמאָל, ווען מען האָט מיך געשיקט אויף אַרבעט קיין מאַלקין, האָט זיך מיר, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע, איינגעגעבן צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין.

נאָך עטלעכע טעג וואַנדערן און שווערע איבערלעבונגען בין איך ווידער אָנגעקומען צו דער פּוילישער פאַמיליע בורקאָווסקי. מען האָט זיך מיט מיר דאָרט האַרציק דערפרייט און די פרוי האָט מיך אויפגענומען מיט טרערן אין די אויגן, ממש ווי אַ מוטער. איך האָב אָבער ביי זיי נישט געקאָנט בלייבן, ווייל זייער הויז איז געווען פאַרדעכטיקט דורך די דייטשן. איך בין דאַן אַריבער צו אַ פּאָליאַק אין דאָרף ווולקי לעשנע, מיטן נאָמען טשעלאַך, מיט וועלכן איך האָב אַמאָל געהאַנדלט. ער איז געווען אַן אויסוואורף און אויסגעגעבן יידן. מיך האָט ער, אָבער, געהאַלטן אַדאַנק דער פרוי בורקאָווסקי, וועלכע האָט אים געצאָלט דערפאַר 1000 זלאָטעס מאָנאַטלעך און אים פאַרזיכערט, אַז זי ווייסט, אַז איך האָב באַגראָבן אַ גרויס פאַרמעגן אין שעדלעץ, מיט וועלכן זי און ער, טשעלאַך, וועלן זיך צעטיילן, ווען איך וועל עס אויסגראָבן, נאָך דער מפּלה פון די דייטשן...

דאָך האָב איך לאַנג נישט געקאָנט דאָרט פאַרבלייבן. איך האָב אין דאָרף געטראָפן נאָך פיר יידן און מיר זענען אַלע אַוועק אין וואַלד אריין. נישט איינמאָל האָב איך נאָך געזען דעם טויט פאַר די אויגן, קומענדיק אין די פוילישע דערפער איינשאַפן זיך עסן. אָבער דאָך האָב איך, ווי ס'איז, אויסגעמיטן דעם טויט.

גלייך ווי די סאָוויעטישע אַרמיי האָט באַפרייט די געגנט, בין איך אָנגעקומען צוריק קיין לאָשיץ. פון מיין פאַמיליע האָב איך קיינעם נישט געטראָפן. די עטלעכע יידן, וואָס זענען דאָרט יאָ געווען, האָבן געלעבט אין שרעק פאַר די א.ק.־באַנדיטן. נאָכן אָפּזיין צוויי וואָכן אין שטעטל, בין איך פון דאָרט אַוועק.

אליהו מאַדענפראָסט

## בילדער פון דער „גרויסער אויסזידלונג" אין לאָשיץ

די בילדער אויף די קומענדיקע זייטן שטעלן פאָר פאַרשידענע פאַזן פונעם גירוש אין בלוטיקן טאָג פון שבת, דעם 22־טן אויגוסט 1942 (ט' אלול תש"ב), אויפן לאָשיצער מאַרק. די בילדער האָט פאָטאָגראַפירט, אין געהיים, דער אייגנטימער פון אַפטייק־סקלאַד, דער פּאָליאַק קאָוואַלסקי, פונעם באַלקאָן פון זיין וווינונג, אין גליקעס הויז. די פאָטאָס האָט ביי אים באַקומען, און געבראַכט קיין ישראל, נפתלי גינזבורג



# דרכם האחרונה

אוסקר פינקוס הוא בנו של העסקן היהודי הנודע מלושיץ, אברהם פינקוס — מן המעטים בין יהודי לושיץ שנשארו בחיים בתוך העיירה או בסביבתה. משפחת פינקוס חיה כעת בארצות־הברית של אמריקה. אוסקר פינקוס כתב ספר על חוויותיו־הוא וחוויות משפחתו בלושיץ ובמחבוא בסביבת לושיץ בכל שנות משטר־האימים של הנאצים בפולין. הספר הופיע בעברית בשם „אוד מ׳צל" בהוצאת „המתמיד", תל־אביב, תשי"ח. אנו מביאים כאן קטעים מתוך הספר הזה.



אָסקאַר פינקוס מיט זיין פאָטער אברהם, אין די פאַרייניקטע שטאַטן

אָסקאַר פינקוס איז דער זון פון באַקאַנטן לאָשיצער כלל־טוער אברהם פינקוס, וואָס האָט זיך געראַטעוועט מיט זיין משפּחה און זיי וווינען איצט אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אָסקאַר פינקוס האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן זיינע און זיין משפּחהס איבערלעבונגען אין לאָשיץ, און אין אַ באַהעלטעניש לעבן לאָשיץ, בעת דער גאַנצער נאַציִשער אָקופּאַציע. דאָס בוך איז דערשינען אין העברעיִש אונטערן נאָמען „אוד מוצל", אין פאַרלאַג „המתמיד", תל־אביב, 1957. מיר ברענגען דאָ גרעסערע אויסצוגן פון דאָזיקן בוך.

---

לגרמנים שהיו באזורנו נמסר בעוד מועד על דבר חיסולם הממשמש ובא של יהודי מחוז שדליץ. גם הפעם שמרו הגרמנים על שתיקתם, ולא עוד, אלא שעמדו וטיפחו בקרבנו אשליה של שאננות ושלוה. ביקורו של פישר בשדליץ והבטחת הארגעה שניתנה לאלפי הפועלים היהודים, נערכו בעצם אותו יום בו תכנן פישר עם ראשי הגרמנים המקומיים את פרטי ההשמדה. בשבועות שקדמו לחיסול נקטו הגרמנים במדיניות מיוחדת: מחד גיסא יצרו אשליה של נורמליזיציה בכך שהקימו מקומות עבודה חדשים, הוציאו תעודות זיהוי וניהלו תעמולה מרגיעה; ומאידך הטילו את מוראם והעלו את גל האימה לשיאו. הם הרגו יהודים באמתלות של מה בכך; עינו אסירים וחיסלו יודנראטים — בטענה של אי ציות להוראות. אימה משתקת מילאה את לב הבריות. הדברים הגיעו לידי כך, שמראהו של גרמני דיו היה שהגוף יילפת בשיתוק והמוח יחדל מפעול.

מינסק־מזוביצקי, עיירה שנמצאה כמאה ק"מ מאתנו, חוסלה ביום רביעי, ב־19 באוגוסט. אנו לא ידענו על כך דבר וחצי דבר. ביום ששי נמסר לגרמנים

של לושיץ ששעת הפעולה הגיעה. המועד נקבע — בוקר יום השבת. הגרמנים הכינו עצמם לקראת המאורע, ושקדו להוציא את ההוראות המתאימות בלי לעורר את חשדנו. בעת ששמונת אלפי תושביה היהודיים של לושיץ עלו בליל שבת על משכבם היו השוטרים ואנשי הגיסטפו ממרקים ומכינים את כלי נשקם.

הטלפון הקשור עם שדליץ צלצל בשעה 11 בלילה; הגרמנים הועמדו במצב הכן. עד לאותה שעה העלימו הגרמנים את תכניתם מפני המשטרה הפולנית, מאחר שחששו שהללו יגלו את הסוד. עתה כבר היה מאוחר מדי — השוטרים הגרמניים עברו ברובע הפולני ועוררו את השוטרים הפולניים משנתם. אותה שעה הובהלו רצים אל כפרי הסביבה בצוותם על האיכרים לבוא עם עגלותיהם ללושיץ. בשעה אחת אחר חצות החלו הגרמנים בכיתור הגיטו.

משעלה שחרו של ה־22 באוגוסט היה הגיטו של לושיץ מכותר על־ידי מאה שוטרים וזקיפים מזויינים כהלכה. היריות הראשונות נורו כלפי אלה שקמו כמנהגם יום־יום על מנת להגיע לעבודתם. הקרבנות האחרים היו בין אלה שהשכימו לפתוח את תריסי בתיהם. מי שהעין להציץ החוצה נורה. היריות מנעו לבסוף בעד האנשים מלצאת לרחוב. אז החלו הגרמנים יורים לתוך הבתים כשהם מפצפצים את החלונות והדלתות ופוגעים באנשים הקורסים בתוך בתיהם באימה. כך צרו על העיר כשהם דורסים אותה ברגליהם כדרוס ציפור פצועה.

האנשים לא ידעו בתחילה מה מתרגש עליהם. סבורים היו שהגרמנים עורכים אחת מחינגאותיהם הפראיות. אולם, משנוכחו שקצב־היריות אינו שוכך ושהעיר מוקפת מכל עבריה, הבינו שמשהו גדול מזה עתיד להתרחש הפעם. רובם חששו מפני עקירה, הילכך עמדו והכינו את בני ביתם לקראת ה„דרך". מאחר שידעו שהגרמנים לא יניחו להם ליטול עמם מטלטלים, לבשו את בגדי השבת שלהם, שתי מערכות של לבנים חמים ואדרת חמה — לקראת החורף הממשמש ובא. התינוקות נעטפו בכרים ואילו החולים והתשושים הונחו על גבי אלונקות.

אנשי הגסטאפו הגיעו לעיר בשעה תשע בבוקר. עמם באו מפקד השופו והאחראי על מחנות העבודה. הגסטאפו הרשתה לאחראי על מחנות העבודה לבחור מאתיים עובדים. אולם הלז דחה את הצעתם בסלידה.

ההוראה לפתוח בפעולה ניתנה בשעה עשר בבוקר.

המשטרה היהודית נקראה להתיצב. הגרמנים ציוו עליהם לצאת לרחובות הגיטו ולהורות לכל היהודים לצאת החוצה. המשטרה היהודית עשתה כמצוותם. לאחר היסוס־מה יצאו לרחובות העיר שמונה אלפים יהודים, כשהם ממררים בבכי ונפרדים מעל שכניהם וקרוביהם. היו אלה מרבית יהודי העיר.

האיכרים הופיעו באותה שעה עם עגלותיהם, והגרמנים סייעו להם ביריותיהם לפלס לעצמם דרך בתוך ההמון הצפוף. תחילה העדיפו כמה מאות מבני העיר להתחבא; אולם בראותם את כל התושבים בחוץ, הצטרפו גם רבים מהם לכלל.

חמת ההרג הגיעה אז לשיאה ועשרות הרוגים ופצועים היו מונחים על מרצפות הגיטו. הילדים הדקורים והזקנים שגולגלתם נמחצה —התגוללו בביבים שבצדי הרחובות.

בשעה אחת־עשרה ציוו הגרמנים על הנשים והילדים לעלות על העגלות. הגברים נצטוו לעשות את הדרך ברגל. האנשים נערכו בחמישיות ויצאו לדרך. אותה שעה החליטו שלושים ושמונה אנשים — מכל שמונת האלפים שבגיטו — להתחבא. עשרים ושבעה מהם בביתנו. שלושה מאלו שהחליטו להתחבא הצטרפו לבסוף אל ההולכים — לאחר שהללו כבר עזבו את העיר. שני חולים התעקשו להשאר במיטותיהם. הראשונה שהצליחה להימלט מהמשלוח לשדליץ, היתה סטלה, חברתו של הרשק. ראשון להרוגים בין ידידינו היה ד״ר זייד, אשר נורה ביחד עם דוניה בתו בנסותם להימלט מהגיטו המכותר.

עם צאת השיירות לדרך עמדו הגרמנים באגפים והחלו יורים לתוך ההמון. תינוקות וחולים ניטשו מיד על מרצפות הרחובות ומדרגות הבתים והגרמנים חיסלום בכידוניהם. אנשים מעדו בתוך ההמון הנדחף לפנים באימה ונדרסו תחת רגלי חבריהם. זקנים שחששו להידחק נצמדו אל קירות הבתים ושם נורו על ידי המאסף הגרמני. מרבית החולים נהרגו עוד בטרם הגיעו לקצה העיר.

הגרמנים, שתפקידם היה ללוות את השיירה בדרך, המתינו לה ליד הכנסיה. כשהם חוסמים את הדרך ומיראים את הסוסים. נדמה היה שהמקום הפך לגיהינום. נשים וילדים נפלו מעל העגלות, אנשים מעדו תחת רגלי הסוסים. הפצועים נרמסו ברגלי הצועדים והנשארים נקרעו לגזרים במטחי האש הבלתי פוסקים. הככר שלפני הכנסיה היתה מגואלת בדם ובמוחות ניגרים. רק אז הואילו אנשי הגסטפו לעזוב את לושיץ. אנשי השופו הובילו אז את העגלות העמוסות לראשית השיירה. לאחר דקות מספר היתה כל השיירה מחוץ לעיר, בהשאירה מאחוריה הרוגים ופצועים רבים. שוטרים גרמניים הלכו כמאסף בקצותם את הנחשלים ובשימם קץ לחיי הפצועים. בשלב ראשוני זה של המבצע שיכלה לושיץ מאה ושבעים איש; האחרים המשיכו בדרכם.

בסופו של רחוב שדליץ הגיעה השיירה לפרשת דרכים; דרך אחת הוליכה לנימויקי, והאחרת לשדליץ. משנוכח ההמון שהגרמנים מוליכים אותם לשדליץ, ניצת שביב של תקוה בלבם — סבורים היו שהגרמנים התכוונו לשכנם מחדש בשדליץ. העגלות שהיו עמוסות נשים וילדים נסעו בראש השיירה ונתעלמו עד מהרה מהעין. הגברים נדרשו לעשות את שלושים הק״מ מלושיץ לשדליץ ברגל. לצדי הדרך הלכו שוטרים פולניים. השופו נסעו מאחורי ההולכים במכוניתם הירוקה. במרכז המכונית הוצבה מכונת יריה ולידה ארגזי תחמושת ובירה. הנשר, סמלו של הרייך האדיר, פרש את כנפיו על דפנות המכונית.

היה יום קיץ חם; אחד הימים החמים ביותר בשנה. הצועדים הגיעו לדרך המלך בשעת הצהרים; השמש יקדה מעל לראשיהם והשפיעה עליהם מחומה הרב והלוהט. ענן אבק התאבך מתחת לרגלי ההולכים וכיסה אותם. עד מהרה

חשו אלו הלבושים היטב בכובד בגדיהם הרבים והחלו מתעייפים ונחשלים מאחורי השאר. היו שביכרו לפשוט מעליהם את מרבית בגדיהם; אולם החום היה עדיין קשה מנשוא — והשמש קפחה בלא הרף על ראשי ההולכים.

לא עברה שעה מרובה וההולכים נוכחו שהגרוע בכל — גרוע מהיריות, גרוע מהעייפות ואף גרוע מהמוות עצמו — היה הצמא הנורא שהחל לענותם. הם לא העלו זאת בדעתם טרם צאתם את העיר. רובם ככולם סבורים היו שיובלו לנימויקי ושם יותן להם ללגום מעט מים. אולם הגרמנים מנעו זאת מהם — שדליץ היתה מרוחקת כשלושים ק״מ ויום ה־22 באוגוסט בורך בחום לוהט ושודף.

הגרמנים הנוסעים במכוניתם ירו בלא הרף כשהם מכוונים אל תוך לבו של ההמון הצפוף והיגע. הקצין היה יושב ליד מכונת היריה בהנחיתו מדי פעם מטח יריות לעבר ההולכים. שני הגרמנים האחרים שנמצאו על המכונית הסתפקו ביריות מרובים רגילים. מבין כל השוטרים הפולנים היה רק אדם אחד שהשתמש ברובהו. אדם זה טען לאחר מכן להצדקת מעשהו שהסוביטים היגלו את כל משפחתו לסיביר — וזו היתה נקמתו בהם. ההרוגים והפצועים נפלו תחתם ונרמסו ברגלי הבאים אחריהם. הפצועים שעל אף זאת נותרו בחיים טולטלו לפאת הדרך. הגרמנים התעלמו מתחינתם למים או לכדור שיגאלם מעינוייהם.

הצמא גבר והלך ורבים כשלו ונפלו בדרך. היו בהם שהחלו צורחים כמטורפים בבקשם מים. בתים רבים נמצאו לצדי הדרך ולידם בארות, אולם כל מי שהרהיב בנפשו ליקרב אליהם נורה ונהרג. הדרך להטה והשמים אשר מעל יקדו כתנור — האבק השדוף היה רווי דם וזיעה. הגרמנים חפתו את שרווליהם וירו לתוך ההמון והשמים ירו את אשם ממעל. נדמה היה כאילו חברו אלהים ואדם בטבח נורא ועקוב מדם זה.

השיירה עצרה ליד מיובקה, כפר שנמצא במרחק שמונה ק״מ מלושיץ. הגרמנים הפסיקו נסיעתם וישבו לסעוד. הם פרשו מפה על הדשא הירוק והחלו שותים ואוכלים. כוח סבלם של האנשים הגיע באותה שעה לקצו. אנשים מספר החלו רצים לעבר הבארות, אלא שהם נורו ונהרגו. רבים החלו רצים בעקבותיהם, ולא עברו דקות מרובות וכל ההמון החל נוהר לעבר הבארות. האנשים שתו מתוך הדליים ומתוך השקתות ששימשו את הבקר. מהם ששכבו על הקרקע בגמאם את המים הניגרים ומהם שלקקו בלשונם השדופה את הבוץ ואת שלוליות המים. הם הגביהו את כתפיהם והרכינו את ראשם בהמתינם לשוטרים המסתערים לעברם ולכדורים השוצפים כלפיהם ושתו. אלה שהצטיידו בבקבוקים מיהרו למלאם ולהעבירם לחבריהם. אולם הגרמנים נחפזו למכוניתם ופתחו באש. האנשים מתו בלא אנחה כשהם דבקים עד לרגעם האחרון במשקה האלהי. הם המשיכו לשתות ולהעביר את בקבוקי המים לעומדים לידם ואילו הגרמנים המשיכו לירות בהמיתם את כולם ובנפצם את הבקבוקים בעודם באויר. לא יצאה שעה מרובה וכולם נמנו עם המתים — גוויות שסועות ושותתות

דם היו שרועות על כתלי הבארות ועל השקתות, או שהיו צבורות לערימה בצדי הדרך. ההמון המשיך להתקדם בהניחו מאחוריו, ליד בארותיה של מיובקה, כמה מאות הרוגים.

מחזה זה חזר ונתרחש גם בווינוב, עיירה מרוחקת כשלושה ק״מ ממיובקה. ראשוני ההולכים אך נכנסו הכפרה ומיד החלה נהירה נחפזת לעבר הבארות. האנשים דבקו אל דפנות הבארות, צרו על השקתות ושתו בצמאון. רובם לא עצרו כוח להגיע אל הבארות — הללו גהרו על הקרקע כשהם מלקקים את שלוליות המים הדלוחות. גם הפעם פתחו הגרמנים ביריות. קהל ההולכים לא נסוג לאחור והוסיף ללגום; אותה שעה קרסו תושביה הפולניים של הכפר על רצפת בקתותיהם מפחדם שמא ייפגעו על־ידי הכדורים המרחפים באויר. לא יצאה שעה מרובה ומרבית האנשים הצרים על הבארות נמנו עם המתים — מצבור ענקי של גופות רמוסות ומגואלות בדם. פצועים נאקו מכל עבר ודמם נמהל במי הבארות. החום גבר והלך והטור המשיך לנוע כשהוא יוצא את הכפר המוצל ופונה אל הדרך החשופה והחרכה בהעלותו ענני אבק רבים. הצמא לא שכך — להיפך, הוא גבר מרגע לרגע.

ההולכים הגיעו בשעות אחר הצהרים למורדי. עיירה זו, שמספר יהודיה נאמד באלפיים, היתה אותה שעה ריקה ושוממה מאדם. רק אז נוכחו ההולכים לדעת שלא על לושיץ לבד עברה הכוס. הטור פסע דרך העיר בדומית אלם. מאחורי העיר היו בריכות מים גדולות משני צדי הדרך. למראה המים הצוננים עצרו האנשים מהילוכם; אולם מכונת היריה החלה ממטירה מאשה וקהל ההולכים חידש את מסעו. עד כה היה טור ההולכים מלושיץ משאיר מאחוריו את הרוגיו ופצועיו. עתה היתה דרך המלך שלפניהם מכוסה בגוויותיהם של הרוגי מורדי ופצועיה. כמה מהפצועים שכבו על אם הדרך כשהם מתעוותים מכאב. למראה הטור המתקדם לעברם ניסו לגרור עצמם לצדי הדרך, אולם כוחם כשל ורובם ככולם נרמסו תחת רגלי ההולכים.

השעות נמשכו לאיטן, החום והצמאון גברו ומחזות ההרג חזרו ונישנו. המכונית בעלת מכונת היריה, אשר נסעה מאחורי ההולכים, היתה חולפת לעתים על פני ההולכים כדי לבקר את העגלות המתנהלות לאיטן בראש השיירה. לאחר זמן גילו כמה מבין ההולכים את נשותיהם וילדיהם כשהם מוטלים לצדי הדרך. ההולכים עברו דרך כפרים וחוות, אלא שכל תושביהם התחבאו ולא ההינו לצאת מבתיהם. העולם התכנס בתוך עצמו, אף הצפרים — ששאון היריות הממן — ביכרו להחבא בקיניהן. ההולכים אזרו את כל שארית כוחם בקוותם להגיע לשדליץ, מקום בו יגיע — כך קיוו — הקץ לסבלם הנורא.

היום הקיצי הלוהט החל קרב לסיומו. האויר היה עדיין חם וענני אבק מחניקים המשיכו להתאבך מעל דרך המלך, אולם השמש נטתה לשקוע. מלאו שמונה שעות מאז יצאו האנשים למסעם העקוב מדם. אז יצאה מכונית הצלב האדום מלושיץ אל הדרך בואכה שדליץ. במכונית ישבו שני גרמנים שמשימתם

היתה לחסל את הפצועים המתגוללים בצדי הדרך. הללו המתינו במשך כל היום הלוהט ורק עם בוא הערב יצאו לבצע את שליחותם הגואלת — שליחות שבוצעה על ידי גרמנים הנוסעים במכונית הצלב האדום. המכונית עצרה ליד כל אחד מהפצועים והגרמנים היו קרבים אליו ויורים בו בראשו. המכונית היתה מתקדמת בנסיעה אטית כשהיא משאירה מאחוריה מוות ודממה.

סמוך לשדליץ נטשה המכונית הירוקה את קהל ההולכים ונחפזה קדימה, אל העגלות המתקדמות לאיטן. הגרמנים ירדו מעל מכוניתם והחלו מצליפים בנשים בשוטיהם. רק לאחר זמן מה הבינו הנשים שהגרמנים ביקשון לרדת מעל העגלות. לאיכרים נאמר לשוב ללושיץ. קהל הנשים והילדים הצטופף באימה על אם הדרך וצפה אל הגרמנים בחרדה. הללו לא טמנו את ידיהם בצלחת ופתחו בטבח נורא. לאחר מחצית השעה נערמה ערימה עצומה של חללים ופצועים — נשים וילדים שנורו ונדקרו, שהוכו עד אבדן ההכרה או שנרמסו באכזריות.

טבח אכזרי זה הגיע לסיומו בעת שענן אבק סמיך החל נראה באופק — ענן שבישר את בואם של הגברים. אז ציוו הגרמנים על הנשים להיכנס לשורות ולהתקדם לעבר שדליץ. כך יצאו הנשים לדרך והגברים בעקבותיהן. אותה שעה איבדו הכל את קשריהם עם בני משפחתם, ומרבית הזקנים והילדים נמנו עם המתים. אולם, באופק האפור והמחשיך נראו גגותיה וצריחיה של שדליץ. הצמא שכך במידת מה; למראה העיר אספו ההולכים את שארית כוחם במאמץ נואש להגיע העירה. ליד שערי העיירה המתינו להולכים אנשי הגסטאפו המקומית ופלוגה של אוקראינים. הגרמנים שליוו את ההולכים מלושיץ המטירו לתוך ההמון את צרורותיהם האחרונים והיפנו את מכוניתם בחזרה. בעת שנכנסו יהודי לושיץ לשערי שדליץ היו שמונה מאות מביניהם מוטלים על הדרך הארוכה בלא רוח־חיים.

פרוורי שדליץ היו מאוכלסים פולנים, והרחובות המו מעם רב שהיה משוטט ברחובות להנאתו. אורות בקעו מתוך החלונות, ילדים שיחקו בחצרות וקהל המטיילים מילא את האויר בלהגו הקל ובצחוקו. היהודים העייפים שנכנסו העירה נדהמו נוכח שאננות זו והשפילו את מבטם — ואז ראו את ביבי השופכין של שדליץ והם מאדימים מדם. כך הוחוור להם שגם על יהודי שדליץ עברה הכוס.

עם היכנס היהודים לעיר נחפזו כל תושביה לחזות במאורע. הפולנים נקהלו משני צדי הרחובות בצפותם בלא קול אל זרם ההולכים השקט, המאובק והמגואל בדם. החיילים הגרמניים שנמצאו על המדרכות פקדו בנחרת בוז: „איינץ, צוויי... איינץ, צוויי, דריי..." וכל גופם טולטל בעווית של צחוק. אותה שעה עלה בידי כמה מההולכים לחמוק מבין השורות ולשוב ללושיץ. הללו נתקלו, מכל מקום, במכונית הצלב האדום וחוסלו טרם הגיעם לגיטו.

ההולכים הגיעו אל גדר התיל של הגיטו. המקום דמם כבית עלמין —

הגיטו של שדליץ התרוקן מאוכלוסיתו. הרחובות היו נטושים ושוממים, הבתים ריקים מאדם — אף נפש חיה לא נראתה מסביב. הגיטו של שדליץ היה ריק מיהודים. רק מי השופכין שזרמו בביבים אשר בצדי הרחובות, אדומים היו מדם אדם.

קהל גולי לושיץ פרץ פעם נוספת בבכי מר...

הגרמנים הציבו עליהם משמר הזק והובילום דרך רחובות הגיטו החשוכים. הטבח התחדש — והפעם במלוא עוזו. כל הגרמנים שנמצאו בשדליץ נטלו בו חלק — אנשי גסטאפו ושופו, חיילים ופקידי רכבת, אנשי הממשל האזרחי ואנשי משטרה — אף גרמני אחד לא נפקד. בקצהו השני של הגיטו, בין בית המדרש לבית העלמין היתה ככר גדולה תחומה משלושת עבריה בחומה גבוהה. לאותה ככר הינחו הגרמנים את יהודיה הלאים והתשושים של לושיץ. הככר מלאה היתה מפה לפה באלפי יהודים אחרים, ויהודי לושיץ נדחפו לשם, אל תוך ההמון הדחוס גם בלאו הכי. שם, על אותה ככר ענקית, רוכזו כל יהודי שדליץ, מורדי ולושיץ — עם רב בן עשרים וחמישה אלף נפש.

שדליץ כותרה באותה שעה עצמה בה כותרה גם לושיץ. נוסף על הגרמנים הקבועים שחנו בעיר, הובאה לשם יחידה של אוקראינים שמקום מושבם הרגיל היה בטרבלינקה. כל הגרמנים המקומיים נטלו חלק במבצע, החל בקצינים וכלה באחרון הפקידים והשמשים. מה שאירע עמם לא היה שונה ממה שאירע עם יהודי לושיץ. כל החולים שנמצאו אותה שעה בבית החולים היהודי, נורו ונהרגו במיטותיהם; עמם נורו ונהרגו גם כל הרופאים והאחיות שנמצאו שם. בודדים הצליחו להימלט מהמקום, ביניהם היה גם מוניק; הלה הובא לבית חולים לאחר שנתקף בטיפוס. בדרך דומה לזו חיסלו הגרמנים את מושב־הזקנים ואת בתי־היתומים שבעיר.

בעת ובעונה אחת עם השמדת הגיטו חיסלו הגרמנים גם את מחנות העבודה שבסביבה; עם מחנות אלה נמנו גם וולפר וגובל שבהם עבדו כארבע מאות מבני לושיץ. היריות אשר ניתכו על העיר העירו אותם משנתם, אלא שאיש מביניהם לא הורשה לצאת את גבולות המחנה. בעת שיהודי שדליץ נדחפו לעבר הככר ערכו הגרמנים את מיונם של עובדי המחנות. כל החלשים והתשושים, שנאלצו לעבור בין שורות הגרמנים שחבטו בהם באכזריות והצליפו עליהם בשוטיהם, הובלו לגיטו. מבין ארבע מאות בני לושיץ נשארו במקום רק מאתים. ביניהם נשארו גם זלוס ונויוס. בצהרי היום הגיעו למקום יהודי מורדי ובשעה עשר בערב הופיעו גם יהודי לושיץ. עם רדת הלילה כונסו עשרים אלף איש בככרה של שדליץ כשאימת המוות מרחפת מעל לראשם.

הככר שהיתה תחומה משלושת עבריה בחומות גבוהות, מנעה בעד בריחת האנשים מתוכה. בעבר הפתוח התבצרה קבוצת גרמנים שהחלה יורה לתוך הקהל הצפוף. האנשים נפגעו ומתו בדממה — תש כוחם של הנידונים למחות או להתריע. לא יצאה שעה מרובה ושורת האנשים הקדמית נמנתה עם המתים,

ביצרה אגב מותה את החומה הרביעית. ההמונים שנדחסו אל הככר באכזריות בהמית היו צמאים ועייפים; גדולה מזו, הם נאלצו לעשות את צרכיהם במקום הימצאם. מאחר שבלתי אפשרי היה לקום או להתנועע פרקו האנשים את נטלם מעליהם תוך כדי עמידה או ישיבה. הירח שעלה אותו זמן ראה ככר מגובבת גוויות מתים, מגואלת בדם ומטונפת בצואה. היורים התחלפו ביניהם; אולם עם רדת החשיכה ונוכח דומייתו של ההמון האומלל היתה להם מלאכת ההרג לזרא, שכן לאחר כמה שעות חדלו לירות. ההמון הלחוץ המשיך לשבת על הככר, מבלי שיותן לו להוציא את מתיו, ומשמרות הגרמנים עמדו נכחו בשקט עוין. מעם תחנת הרכבת עלתה נאקתם הצורמנית של קרונות הרכבת, וצפירת הקטרים הנוגה היתה פולחת לפתע את הלילה בקינה ממושכת.

שליחת האנשים ברכבת החלה כבר ביום השבת. הגרמנים בררו מקהל אנשי שדליץ אלף וחמש מאות אומנים ושלחום למחנה נפרד. בבוקר המחרת נערכו כל יהודי שדליץ ומורדי והובלו אל תחנת הרכבת. במקום שרדו אותה שעה רק יהודי לושיץ; הללו נדחקו אל אחת מפינות הככר. שאר הככר היתה זרועה גוויות מתים, בגדים וצואה. עגלות רתומות לסוסים הגיעו למקום והמשטרה היהודית הורתה לפנות את הככר ולנקותה. אותה שעה הועסקו אנשים אחרים בכריית שוחות ארוכות ועמוקות בבית העלמין ולתוכן הטילו הגרמנים את אלפי ההרוגים. הפצועים חוסלו ביריה שכוונה לראשם.

אז ציוו הגרמנים על אלף מבין אנשי לושיץ לצאת לדרך. הגרמנים שהועסקו בתחנה בארגון הנסיעה הצליחו לדחוס את יהודי שדליץ בקרונות, כך שנותר מקום לאלף יהודים נוספים. אלף בני לושיץ שהגיעו לרציפי התחנה מצאום כשהם ריקים. על המסילה ניצבה רכבת משא ארוכה, ומתוכה בקעו יללות וזעקות נוראות. כל מה שניתן לראות מבעד לאשנבי הקרונות הקטנים היו פרצופים מעוותים וצבים. כל אלף יהודי לושיץ נדחקו לחמישה קרונות ריקים שהמתינו בסוף הרכבת, והמשלוח יצא לדרך.

הככר, שרק חמשת אלפים מבני לושיץ עוד נותרו עליה, טוהרה ממתיה הרבים. הגרמנים שאלו אז את השוטרים אם יש ברצונם להילוות אל משפחותיהם או שהם מעדיפים להישאר בשדליץ. מאחר שקשריהם עם בני משפחותיהם נותקו בלאו הכי, העדיפו רובם להישאר. מבין עשרים וחמשת השוטרים בחרו תשעה להישאר עם יהודי לושיץ ואילו האחרים הועברו למקום שאליו הועברו אלף וחמש מאות האומנים.

במוצאי יום ראשון הובלו אחרוני הממתינים על הככר אל תחנת הרכבת. כמה מאות שכוחם תש ושלא היה עוד לאל ידם לקום וללכת נורו ונהרגו במקום. האנשים שהגיעו אל התחנה נצטוו לשבת על הרציפים ולהמתין. על אף ההרג הרב שנעשה בהם לא אימת המוות היא שרעצה את האנשים, אלא הצמא הנורא. הם יללו וצווחו וביקשו לשתות. השומרים שמצבם הנואש של היהודים הרנין את לבם, העדיפו להסות את ההמון ביריותיהם. כמה גרמנים ואוקראינים עברו בקהל

כשהם נוטלים ממנו טבעות ושאר דברי ערך בהבטיחם לעשוקים שממילא לא יזקקו להם.

אותו לילה גמלה ההחלטה בקרב הגרמנים להקים גיטאות קטנים בלושיץ ובשדליץ. אלף וחמש מאות בעלי המלאכה הוחזרו לעיר, מקום בו הוקצו להם כמה רחובות, והגרמנים הודיעום שהם רשאים לכלכל את חייהם כרצונם. כמו כן נצטוו הגרמנים שלא לפגוע ביהודים שמצאו מקלט או שהצליחו להתחמק מתחת ידי השומרים. את כל הבורחים והנחבאים ריכזו ביחד עם האחרים בגיטאות הקטנים החדשים. הוראה זו היא שגרמה לכך שאלה שנתפסו בלושיץ החל מיום ראשון ואילך לא הוצאו להורג.

עם עלות השחר פתחו הגרמנים בהעמסת חמשת אלפי יהודי לושיץ על הקרונות. לקרונות שבדי עמל ניתן לכנס בהם מאה וחמישים איש דחסו הגרמנים מאתיים ואף מאתיים וחמישים. את מלאכת הדחיסה ביצעו הגרמנים בעזרת כידוניהם, כך שלא נותרה אף פינה ריקה בקרון. אלה שלא מצאו מקום בקרונות הוטלו פנימה על ראשי קודמיהם והדלתות ננעלו מאחורי גבם ונחתמו.

האנשים הדחוסים בתוך הקרונות פתחו עד מהרה בקטטה נוראה, כשכל אחד מהם חותר להגיע אל האשנבים הקטנים — לשאוף אויר. אנשים נרמסו תחת רגלי חבריהם, חבטו וצבטו זה את זה. הקטטה הנוראה העבירה רבים מהם על דעתם... יללותיהם המטורפות וצריחותיהם בקעו למרחק רב... והרכבת עמדה על מקומה ולא נעה. השמש עלתה במרום השמים והחום גבר. השעות חלפו לאיטן והקהל הדחוס והמעונה בתוך הקרנות התקוטט, התעלף ורבו בו הקרבנות. הגרמנים שוטטו בין הקרפיפים כשהם מזויינים וסוקרים את הקרונות בסבלנות. לפתע נקרעה דלתו של אחד הקרונות וקהל בן מאתיים איש — עירומים למחצה, חנוקים ומטורפים — פרץ החוצה ביללות. הגרמנים פתחו מיד ביריות לעברם בהרגם את כולם. לאחר תקרית זו ניתן האות והרכבת יצאה לדרך.

הרכבת יצאה מתחנת שדליץ כשמגמת פניה מזרחה. על כל קרון ישב שומר גרמני מזויין. הרכבת חלפה על פני השדות במהירות כשהיא נושאת בחובה את נאקתם ויללתם המטורפת של חמשת אלפי האנשים שנחנקו למוות. ככל שהתקדמה הרכבת נחלשה היללה וגוועה. עם כל שקשוק נוסף גווע מישהו באחד הקרונות. הרכבת חלפה על פני כפרים וחוות מבלי להיעצר; רק פה ושם היו הקטרים משמיעים את צפירתם הממושכת והנוגה; — אותה קינה נוראה לה נהגתי להאזין חדשים רבים טרם הגיעה שעתה של לושיץ.

כשלושה עשר ק"מ לפני קוסוב, בקרבת הבוג, ישנה תחנת רכבת קטנה בשם טרבלינקה. הרכבת שחלפה על פני סוקולוב הגיעה לתחנה זו ועצרה. לאחר החלפת המסילה החלה הרכבת לנוע בכיוון צפונית־מערבית, כשהיא עוברת בין שיחים נמוכים ומטעים צעירים ומגיעה לבסוף לעיר חדשה שאינה מסומנת על שום מפה. הרכבת עצרה מהילוכה. הנידונים הגיעו לבית המטבחיים.

עם העצר הרכבת נעלו הזקיפים את שערי המחנה הגדולים. משמאל לרכבת

היו קרפיפים ערוכים במשולש גדול כשבמרכזם מוערמת ערימת בגדים גבוהה — בגדיהם של אנשים ונשים, ילדים וזקנים. מימינם היו כרויות שוחות ארוכות שהיו מלאות עד שפתן בגופות ערומות. המחנה היה מוקף גדר תיל כפולה שחצצה בינו לבין המטעים הצעירים שבסביבה. בכל פינות המחנה הוקמו מגדלי שמירה גבוהים; בהם ישבו גרמנים מזויינים במכונות־יריה ומצויידים בזרקורים. מעבר השוחות המצחינות השתרעו גנים מטופחים ומגרשי התעמלות. שארית הנוף הוסתרה על־ידי חומה גבוהה ואיתנה.

עם בוא הרכבת יצאו כמה גרמנים מאחד הצריפים וקרבו אליה כשתת־מקלע מוטל על כתפם ברפיון. בידיהם אחזו פרגולים בעלי קתות לבנות. הם עצרו וצפו אל האוקראינים אשר קרבו אל הקרונות על מנת לפתחם. הדלתות אך נפתחו וגוויות מתים רבות הוטלו החוצה ונערמו על הרציפים בגובה רב. מבין חמשת האלפים מיהודי לושיץ הגיעו לטרבלינקה כשהם בחיים חמש מאות איש בלבד. השאר נמחצו ונרמסו בקרונות, או שמתו בשנק ובצמא. חמש מאות אלה נקבצו על הרציף והובלו אל בין הקרפיפים. שם הורו הגרמנים למאתיים מהם לחזור לרכבת ולאסוף את גוויות המתים אל השוחות הכרויות מצדה האחר של המסילה. אירע שבעצם אותו יום דקר אחד מיהודי טרבלינקה איש גסטפו אחד למוות והגרמנים הזועמים עטו על כל האחרים והרגום, ולא נותר במחנה אף אחד מעובדיו הקבועים היהודיים. לא נותרה לגרמנים ברירה אלא להעסיק את החדשים בעבודת המחנה. לאחר שסיימו האנשים את מלאכת טיהור הרכבת והרציפים, עמדו הגרמנים וירו בכולם, בהטילם גם את גופותיהם של אלה לתוך השוחות. מבין שלוש מאות הנותרים בחרו הגרמנים חמישים איש, כדי שהללו יהוו את סגל העובדים הקבוע במחנה, ואילו כל האחרים נצטוו לנוע.

האנשים הובלו שמאלה. קבוצות קטנות של עובדים נעו סביב הצריפים כרוחות רפאים. ממרחק רב ניתן להאזין להמיתם הטורדנית של מנועי טרקטורים. מאחורי החומה הגבוהה התאבך כל הזמן עשן סמיך; האויר הערפילי היה רווי צחנה. לשונות אש היו פורצות לפעמים אל על בהעניקן לעשן גון אדמדם. האנשים הובלו לעברה של אותה חומה דוממת. שם עצרו נוכח כתובת ענקית „מקלחת". היו שם הוראות מדוייקות כיצד לנהוג בזמן החיטוי והרחצה: 1. הסר את כל בגדיך. 2. צבור אותם לערימה אחת על מנת שייקל עליך למצאם. 3. כסף ושאר דברי ערך יש למסור לקופאי, וכן הלאה והלאה. האנשים התפשטו, מסרו את ניירותיהם לידי הגרמנים, צררו את בגדיהם לחבילה אחת, קשרו את שרוכי נעליהם וקיבלו סבון לרחצה. אז הובילום הגרמנים אל מעבר לגדר.

על המגרש ניצב מבנה חסר חלונות שמסילת ברזל הובילה מתוכו למרחק רב. מסילה זו הובילה לשוחות ארוכות שעשן ולשונות אש התאבכו מתוכן במשך כל הזמן. טרקטור היה מועסק ליד היער בכריית שוחות חדשות. האנשים הלכו לעבר הבנין הגדול. קבוצה של עובדים המתינה באורך־רוח ליד קרוניות

גדולות. שורה של גרמנים גבהי קומה עמדה מן הצד; הללו שיחקו בחוסר סבלנות בפרגוליהם. כלבי ציד אימתניים רבצו לרגלי אדוניהם. דלתות הבנין נפתחו. לעיני האנשים נתגלו תאים רבים. הם הובלו לעבר התאים ונכנסו לתוכם. הדלתות ננעלו מאחורי גבם והוברחו בחוזקה.

בפנים שהו כרבע שעה. בינתים קרבו העובדים עם הקרוניות אל פתחי הבנין. הדלתות נפתחו והעובדים החלו מוציאים את גוויות האנשים. עיני המתים יצאו מחוריהן ופיהם היה קרוע לרווחה. הגוויות הושלכו לתוך הקרוניות והפועלים דחפון לעבר השוחות. שם הוצאו ונזרקו לתוך השוחות, מקום בו נשרפו לאפר.

לאחר שלושה ימי סבל נוראים הגיעה עקתם של יהודי לושיץ לקיצה.

*

במשך יום השבת שרר שקט בלושיץ. שתי יריות בודדות נורו על־ידי הגרמנים. ביריות אלו נהרגו שני ישישים שהתעקשו שלא לעזוב את העיר ונורו כשהם עטופים בטליתותיהם ופיהם מזמר את מזמורי התהילים.

בשעות אחר הצהרים של יום ראשון גילה שוטר פולני משפחה יהודית שלימה בעליתו של אחד הבתים והסגירה בידי הגרמנים. יהודים אלה לא הוצאו להורג, מאחר שאותו לילה הגיעה הפקודה מגבוה להקים את הגיטו הקטן.

במשך השבת ויום ראשון העבידו הגרמנים קבוצות של עובד״ם שנצטוו לפנות את העיר ממתיה. בבית העלמין היהודי נכרו באותם ימים כתשעים קברים; בהם נקברו, בין השאר, גם שלושה מחברינו — שמוליק, דוניה ואדז׳יק. היהודים אשר נהרגו בדרך המלך בואכה שדליץ נקברו על ידי האכרים שגרו בקרבת מקום. במשך כל יום ראשון יכולת לראות כיצד עוסקים עשרות כפריים בכריית קברים לצדי הדרך העולה לשדליץ. הפולנים נצטוו כמו כן למחות את כל כתמי הדם ושאר סימני ההרג שנמצאו בעיר. ביום השני פתחו הגרמנים בביזת הגיטו.

בבוקר היום השלישי הביאו השוטרים שתי קבוצות של נערות שהועסקו בכפרי הסביבה ומסרו להם כמה בתים בגיטו הריק. אליהן צרפו הגרמנים את כל מי שנתפס בידיהם מאותו יום ואילך, וכן גם את אלה שנמצאו כשהם נחבאים בגיטו. בערבו של אותו יום כבר נמצאו בגיטו הקטן הזה כחמישים איש.

אוסקר פינקוס

## אין אוישוויץ

דער אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 האָט מיך געטראָפן אין סאָסנאָוויץ. דאָרט האָב איך דורכגעלעבט די פּיינען פון געטאָ, ביז מען האָט די שטאָט, אין יוני 1943, געמאַכט „יודענריין". זיי האָבן אונדז דאַן אַריינגעוואָרפן, אַלע צוזאַמען, אַלט און יונג, קראַנקע און געזונטע, אין לאַסט־וואַגאָנעס, ווי בהמות, פאַרמאַכט



אסתר גרעטשאַניק־בינשטאָק

און אַוועקגעפירט. נאָך אין געטאָ זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות וועגן די טויט־פאַבריקן אין אוישוויץ. ווען מיר האָבן געזען, אַז דער צוג גייט אין יענער ריכטונג, האָבן פיל גענומען זאָגן, אַז מען פירט אונדז אומצוברענגען. אָבער די מערהייט האָט אין דעם נישט געוואָלט גלויבן.

ווען מיר זענען אויסגעשטיגן פון דער באַן אין אוישוויץ, האָבן אונדז די אַרבעטער גלייך געזאָגט: ווער עס וויל בלייבן לעבן, זאָל די קינדער לאָזן אויף הפקר... געוועזן פרויען וואָס האָבן אַזוי געטאָן. די מאַמעס, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן פון זייערע קינדער, זענען צוזאַמען מיט די קינדער אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס און גלייך אָפּגעפירט געוואָרן צו די קרעמאַטאָריעס. די איבעריקע האָט מען באַשטימט אויף „אַרבעט”. אַזוי ווי איך בין געווען אָן קינדער, האָט מען אויך מיך צוגעטיילט צו דער אַרבעט־גרופּע.

דאַן האָט מען מיר אויף דער האַנט אויסטאַטואירט דעם נומער 52839, וועלכער וועט מיר בלייבן אַלס צייכן און דערמאָנונג ביזן טויט אַריין. מען האָט אונדז אָפּגעשניטן די האָר און געגעבן לאַגער־קליידער, וואָס זענען אויף יעדן געווען אָדער צו־לאַנג, אָדער צו־קורץ, צו־ברייט, אָדער צו־ענג. ווען איך האָב זיך דאַן איינגעשפּיגלט אין אַ שמוציקער שויב פון אַ פענצטער, האָב איך זיך ביטער צעוויינט — איך האָב זיך אַליין נישט דערקענט.

מיר האָבן געזען די קרעמאַטאָריעס, געזען דעם טויט פאַר די אויגן, אָבער דער ווילן צו לעבן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט געמיינט, אַז „ס'איז נאָך נישט אַזוי געפערלעך”. מען האָט דערציילט, אַז די מערהייט אַרויסגעשיקטע יידן לעבט, אַ טייל געפינט זיך אפילו אין שטאָט און „עס גייט זיי נישט שלעכט”... מען האָט זיך אָנגעכאַפּט און געגלויבט אין די קלאַנגען, ווייל מען האָט נישט געוואָלט אומקומען, נישט געוואָלט גלויבן, אַז מען קאָן יעדע מינוט פאַרברענט ווערן לעבעדיקערהייט.

נאָכן באַקומען דעם נומער און די לאַגער־קליידער, האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער טייל פון אונדזערע ליידן.

יעדן טאָג, 6 אַזייגער פרי, איז פאָרגעקומען דער צייל־אַפּעל. אָבער אַרויסגעיאָגט פון די בלאָקן האָט מען אונדז זייגער 3 ביינאַכט און מיר האָבן געמוזט שטיין און וואַרטן ביז די ס.ס.־מאַנקע איז געקומען אָפּנעמען דעם צייל־אַפּעל. נאָכדעם האָט מען אונדז אַרויסגעיאָגט אויפן פעלד, ווו מיר זענען געשטאַנען און גאָרנישט געטאָן ביז מיטאָג. דאַן האָט מען אונדז

צוריקגעפירט אין לאַגער אַריין, ווו מיר האָבן באַקומען אַ טעפּעלע וואַסער־זופּ, וואָס האָט געהייסן מיטאָג־מאָלצייט. נאָכדעם — ווידער אין פעלד אַריין ביז 5 אַזייגער פאַרנאַכט. דאַן, צוריק אין לאַגער, האָבן מיר באַקומען אַ טעפּעלע שוואַרצע „קאַווע” מיט 150 גראַם ברויט. דאָס האָט אַזוי געדויערט דריי חדשים וואָס האָבן געהייסן „קוואַראַנטאַנע”־צייט, ווען מיר זענען נאָכנישט געווען קיין פולשטענדיקע „העפטלינגע”.

פון סאָסנאָוויץ זענען צוזאַמען מיט מיר געקומען קיין אוישוויץ דאָס לאָשיצער פּאָרפאָלק העניע דאָנסקי, יאָסל חיה־משהס טאָכטער, מיט איר מאַן, הערשל זינגער. זי האָט דורכגעלעבט צוזאַמען מיט מיר די גאַנצע פּיין פון אוישוויץ. איר מאַן איז דאָרט אומגעקומען. נאָכן אָנקומען קיין אוישוויץ האָט מען אונדז צעשיידט. זי האָט געאַרבעט אין אַ וועבעריי. מיר האָבן זיך צוריק געטראָפן ערשט בעת דער אויסזידלונג פון אוישוויץ־לאַגער, אויפן וועג קיין ראַווענסברוק.

אומגעפער צוויי מאָנאַטן נאָך מיין אָנקומען אין לאַגער אַריין, האָב איך געטראָפן די ערשטע לאָשיצערין — לאה גאָלדבערג, מרדכי־נאָטקעס טאָכטער. מיר האָבן געוויינט, קוקנדיק איינע אויף דער צווייטער. זי איז געווען אין זייער אַ שלעכטן מצב. זי האָט מיר דערציילט, אַז אין זעלבן לאַגער געפינט זיך מאַניע פינקוס, אברהם פינקוסעס טאָכטער. איך האָב זיך אַריינבאַקומען אין איר בלאָק. מאַניע האָט זיך דערפרייט, דערזעענדיק אַ לאָשיצערין, אָבער שטאַרק געוויינט אויף א־ר ביטערן גורל. זי האָט אויסגעזען זייער שלעכט, שטאַרק אויסגעמאָגערט. נאָכדעם האָבן מיר זיך אָפּט געטראָפן און צוזאַמען באַקלאָגט אונדזער לאַגע. אין איינער פון די סעלעקציעס איז זי, אין מיינע אויגן, באַשטימט געוואָרן אויף אומקום. איך האָב שטום צוגעזען ווי מען האָט זי אַוועקגעפירט אין קרעמאַטאָריע אריין. דאָס איז געווען אין יאַנואַר 1944.

נאָך דריי מאָנאַטן האָט מען אונדז איינגעטיילט אויף פאַרשידענע אַרבעטן. מיך האָט מען באַשטימט אין אַ פאַבריק פון האַנט־גראַנאַטן. מיר האָבן געאַרבעט זייער שווער פון פרימאָרגן ביזן אָוונט. טראָץ דער שווערער לאַגע, האָט יעדער געקלערט וועגן סאַבאָטאַזש. דריי מיידלעך איז געלונגען אַרויסצר־גנבענען אויפרייס־מאַטעריאַל און איבערגעבן אים אין מענער־לאַגער אַריין, צו די וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער זאָנדער־קאָמאַנדע ביי די קרעמאַטאָריע־אויוונס. מיט דעם אויפרייס־מאַטעריאַל האָט מען אויפגעריסן צוויי קוימענס און דערביי זענען איבערגעריסן געוואָרן די צוים־דראָטן פונעם לאַגער און פיל מענטשן האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו אַנטלויפן. נאָך דעם סאַבאָטאַזש־אַקט איז געוואָרן זייער שטרענג. יעדן טאָג האָט מען אַלע גענוי רעווידירט. ביי איינער פון די מיידלעך האָט מען געפונען אַ בריוועלע אַז „דער מאַטעריאַל איז דערהאַלטן געוואָרן”. דורך דעם איז אַלץ אויפגעדעקט געוואָרן און די דריי מיידלעך האָט מען אויפגעהאָנגען.

איינע פון די שרעקלעכסטע זאַכן אין אוישוויץ, וואָס איז מיר געבליבן

איינגעקריצט אין זכרון איז דער אָרקעסטער. מען האָט געשפּילט פרײלעכע מאַרשן, ווען מען האָט מענטשן געפירט צום טויט. ווען מען האָט געפירט אין קרעמאַטאָריע אַרײַן אַ טראַנספּאָרט יידישע קינדער, האָט דער אָרקעסטער געמוזט אויפשפּילן — „אַ יידישע מאַמע”.

איך האָב די גאַנצע צייט געאַרבעט אין דער גראַנאַטן־פאַבריק. אָפט בין איך געקומען צו דער אַרבעט קראַנקערהייט, מיט היץ, זיך געשטאַרקט און געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, כדי מען זאָל נישט דערקענען, אַז איך בין קראַנק — ווייל דאַן האָט מען גלייך געשיקט אין קרעמאַטאָריע אַרײַן.

איינמאָל האָט מען אויפגעהערט מאַכן סעלעקציעס, נאָר גענומען פאַרברענען די פרויען בלאָקנווייז אָן שום אונטערשייד, אַלע אָן אויסנאַם. לויט אונדזער אויסרעכענונג, לויט דער ריי פון אונדזער בלאָק, האָבן מיר נאָך געדאַרפט לעבן זעקס טעג. יענעם טאָג האָבן מיר געפרעגט די „אָבער־אויפזעערין” פונעם בלאָק, אַן ס.ס.־מאַנקע, צי עס לוינט זיך אונדז נאָך צו אַרבעטן, ווען עס דערנענטערט זיך אונדזער טויט־ריי. האָט זי אונדז געענטפערט, אַז מיט אונדז, אַלס גוטע אַרבעטערינס, וועט געטאָן ווערן אַ „ספּעציעלער גנאָד”: מען וועט אונדז געבן אַזאַ שטאַרקן גאַז, אַז מיר וועלן זיך נישט דאַרפן מאַטערן, נאָר גלייך שטאַרבן, ווייל די אַנדערע האָט מען פאַרגאַזט מיט שוואַכן גאַז, און מען האָט זיי פאַרברענט כמעט לעבעדיקערהייט. צו אונדזער גליק איז אָבער דעם זעלבן טאָג אָנגעקומען אַ באַפעל אָפּצושטעלן דאָס ברענען געזונטע מענטשן און מיר זענען געבליבן לעבן. דאָס איז געווען אין יולי 1944. מיר האָבן ווייטער געאַרבעט אין דער פאַבריק ביזן 31־טן דעצעמבער 1944.

דעם 31־טן דעצעמבער 1944 האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן אוישוויץ. מען האָט זיך אונדז געהייסן אויסשטעלן אין רייען און געמאָלדן, אַז קיינער זאָל זיך נישט באַהאַלטן, ווייל גלייך נאָך אונדזער אַרויסמאַרשירן, וועט דער לאַגער אונטערגעצונדן ווערן פון אַלע זייטן. איך בין שוין געווען באַהאַלטן אונטער אַ שעניק, נאָר הערנדיק די דראָונג בין איך אַרויס אין דרויסן און אַריין אין די רייען. ווען מיר זענען אַרויס האָבן שוין די רוסן באַלויכטן

---

## אין טאָג פון גרויסן גירוש 

דאָס בילד לינקס איז פון די בילדער, וועלכע עס האָט געמאַכט דער אייגנטימער פון פוילישן אַפּטייק־סקלאַד, קאָוואַלסקי, פון באַלקאָן פון זיין וווינונג אין הויז פון גליקען. מען זעט דאָ די יידן, פאַרזאַמלט אין מאַרק, שבת, דעם 22־טן אויגוסט 1942 (ט׳ אלול תש״ב) פאַרן גרויסן גירוש. רעכטס איז די קילינסקי־גאַס, פאַביאַנס הויז, דערנאָך הערש־יידלס און אבא שניידערס, ביים אָנדויב פון טויטן־געסל. דערנאָך איז הערשל אַפּעלס הויז (מיטן בוים אין פראָנט), ווייטער — שמואלקע דעם שניידערס. אויפן באַלקאָן פון שמואלקע שניידערס הויז שטייט אין טלית שלמה ריבקאָווסקי, דער שניידער; ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אַראָפּצוגיין אין מאַרק צו דער אויסזידלונג — די נאַצי־מערדער האָבן צו אים אַרויפגעשאָסן און ער איז געפאַלן אַ טויטער אויפן באַלקאָן. אין סוף, לינקס — בעדנאַרסקיס הויז.

אוישוויץ און טאַקע אויף מאָרגן פאַרנומען די שטאָט. צוויי מעת־לעת האָבן מיר מאַרשירט אין דער קעלט און ווער ס׳איז אָפּגעשטאַנען איז דערשאָסן געוואָרן. דערנאָך זענען מיר צוגעקומען צו אַ באַן און מען האָט אונדז אריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען פולע מיט שניי. מיר זענען געפאָרן עטלעכע טעג, איך קאָן נישט געדענקען וויפל, ווייל כ׳האָב נישט געפילט די צייט, געפינענדיק זיך אין אַ צושטאַנד פון חלשות, אָן כוחות. מיר זענען אָנגעקומען קיין ראַווענסבורק, ווו מיר האָבן, אין פראָסט און אין שניי, געשלאָפן אין גאַס, ווייל די לאַגערן זענען שוין דאָרט געווען איבערפולט. ווער עס האָט קיין כוח נישט געהאַט זיך צו שטויסן און כאַפּן, האָט נישט געהאַט צו עסן. נאָך צוויי וואָכן האָט מען אונדז אַוועקגעפירט קיין רעצאָוו, 60 קילאָמעטער פון ראַווענסבורק, ווו מיר האָבן געאַרבעט אויף אַ פלי־פּלאַץ, און געהאַקט אין וואַלד האָלץ פאַרן לאַגער און פאַרן פלי־פּלאַץ. דאָרט האָבן מיר אינגאַנצן געהונגערט, ווייל די רוסן זענען שוין געווען נאָענט און מען האָט נישט געקאָנט רעגולער צופירן קיין עסנוואַרג.

עס דערמאָנט זיך מיר די ערשטע באָמבאַרדירונג אויף אונדזער לאַגער. מיר האָבן פונקט געטראָגן פון וואַלד שווערע קלעצער, ווען עס זענען מיט רעש אָנגעפלויגן אַעראָפּלאַנען. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויפן פעלד; די ס.ס.־לייט האָבן אויסגעטאָן די העלמען און געלייגט זיך צווישן אונדז. מיר האָבן געהערט אויפרייסן, פון ווייטנס האָבן מיר געזען שריפות, וואָס האָבן אונדז געפרייט און געמוטיקט. איבער אונדז האָבן די אַעראָפּלאַנען, וואַרשיינלעך אַמעריקאַנער, אַראָפּגעוואָרפן בלעטלעך, געשריבן אין פויליש: „האַלט זיך! — ס׳איז שוין נישט ווייט די באַפרייאונג!״ ווען ס׳איז פינצטער געוואָרן האָט מען אונדז ווייטער געפירט אין לאַגער אַריין.

אין דאָזיקן לאַגער האָט מען אונדז געמאַטערט ביז סוף אַפּריל 1945.

מען האָט אונדז אַרויסגעפירט פון לאַגער זאַגנדיק, אַז מען פירט אונדז צו די אַמעריקאַנער, ווייל אַהער קומען די רוסן. אויפן וועג זענען שוין געגאַנגען מאַסן, אויסגעמישט, אָן אָרדענונג, ציווילע, מיליטער־לייט. די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געפירט, האָבן זיך איבערגעטאָן אין ציוויל־מלבושים און זענען איינציקווייז פאַרשוואונדן אין המון. אויף דער נאַכט האָבן מיר, די איבערגעבליבענע פרויען־פאַרשיקטע, זיך אַרומגעזען, אַז מיר געפינען זיך אַליין, אָן שמירה. די רוסן האָבן באַשאָסן די וועגן. פאַרטאָג בין איך מיט נאָך עטלעכע פרויען אַריין צו אַ דייטש אין אַ שייער, ווו מיר זענען געווען אַ גאַנצן מעת־לעת. אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי האָבן מיר דערזען, ווי דער דייטש הענגט אַרויס אַ ווייסע פאָן — מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די ישועה איז שוין ווירקלעך צו אונדז געקומען. די סאָוויעטישע אַרמיי איז טאַקע שוין געווען אין שטעטל. מיר זענען געווען פריי, — געבליבן לעבן... אונדזער פרייד איז געווען אויסגעמישט מיט אומגעהויערן טרויער נאָך די מיליאָנען, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין אונדזערע אויגן.

מיר זענען באַפרייט געוואָרן דעם 2־טן מאַי 1945.

## לאַשיצער פון פראַנקרייך אין אוישוויץ

זייענדיק אַ לאַנגע צייט אַ פאַרשיקטער אין אויסראָטונג־לאַגער אוישוויץ, האָב איך געזען אומקומען עטלעכע לאָשיצער פון פראַנקרייך, און איך וויל זיי דאָ דערמאָנען.

איך האָב צוגעזען, ווי מען פירט זיי צום טויט אין די קרעמאַטאָריעס, אָבער זיי נישט געקאָנט מיט גאָרנישט העלפן, ריכטנדיק זיך אַליין יעדע מינוט צו גיין אין זייער וועג.

בוטשע מאיר־בנימינס, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן, בוטשע בייטל, געהאַט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, — אומגעקומען אין אוישוויץ מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

ניסן דוד ליטמאַנס, אומגעבראַכט געוואָרן באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין אוישוויץ.

מיט איטשע אירעס בין איך צוזאַמען פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער אין פראַנקרייך און צוזאַמען פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ. זיין פרוי מיט צוויי קינדער האָבן זיך צום גליק געראַטעוועט פון טויט. ער איז געווען אַ טיפּישער ערלעכער אַרבעט־מענטש, אָן גרויסע פּרעטענזיעס און מיט פיל תמימות. ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, אַז מען זאָל סתם מאָרדן אומשולדיקע מענטשן. אפילו אין אוישוויץ, ווען מען האָט שוין געזען די גרויליקעווירקלעכקייט, האָט ער אין די ערשטע טעג געמיינט, אַז די נאַציס זענען מענטשן, געגלויבט, אַז דאָך מוז ביי זיי זיין אַ מענטשלעך געפיל... ווען מען האָט אונדז דאָרט צום ערשטן מאָל אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט און ער האָט באַקומען דעם ערשטן גרויסן זעץ מיט אַ גומי־שטעקן, האָט ער זיך געווענדעט צום ס.ס.־טייוול: „איך האָב דאָך אַ פרוי מיט צוויי קינדער..." מער האָט אים נישט געפעלט. ער איז אויפן אָרט שיעור געבליבן ליגן אַ טויטער, אַזוי האָט דיך ס.ס.־חיה אים געשלאָגן, „פאַר דער פרוי... פאַר די קינדער..." זיי האָבן אים דערמאָרדעט באַלד אין די נאָענטסטע טעג.

אין אוישוויץ איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן יאָסל חיה־מאַלעס, דעפּאָרטירט פון פּאַריז.

אויך אַ גאַנצע ריי אַלט־איינגעזעסענע, פראַנצויזירטע לאָשיצער זענען אומגעקומען אין אוישוויץ, אָבער איך קען נישט זייערע נעמען. זיי זענען געבראַכט געוואָרן שפּעטער, ווייל אין אָנהויב האָבן די נאַציס נישט געטשעפּעט קיין נאַטוראַליזירטע יידן, פראַנצויזישע בירגער, — שפּעטער האָבן זיי דעפּאָרטירט אַלע, אָן אויסנאַם.

חיים־איצל גאָלדשטיין

## און אפשר?

און אפשר צופוסנס די בערג,
פאַרבאָרגן ליגט ערגעץ אַ טאָל, —
אַהין פון מיין מאַמען דאָס אש
א ווינט האָט פאַרטראָגן אַמאָל?
ווו קיינמאָל קיין מענטשלעכער פוס
האָט נאָך נישט באַטראָטן די ערד,
מיט בערגיקן פחד אַרום —
מיין מאַמען איז ליגן באַשערט.
אַן אימה אין פינצטערע נעכט
טראָגט אום זיך אויף שטיינערנע ווענט;
און ס׳דאַכט זיך פון ביסעלע אש
מיין מאַמע — הויבט אויף אירע הענט.
איר פנים אין צאָרן עס פלאַמט,
אין ווייטיק פאַרביסן די ציין,
און ס׳פילט אַן מיט ציטער די נעכט
מיין מאַמעס פאַרשטיקטער געוויין.
און אפשר אַ שטורעם אַזאַ,
וואָס וואַרפט אַן אויף ימען אַ שרעק,
צעזייט האָט מיין מאַמען אין שטויב
ביים ים אויף אַ זאַמדיקן ברעג?
און איך איבער בערג און טאָלן
שוין יאָרן אין טרויער אַליין
זוך אום איר פאַרפייניקטן גוף,
מיין מאַמעס פאַרשטיקטן געוויין.

אויף ימען פאַראיינזאַמט אַ שיף,
שוין וואָכן אַ טרויער פאַרוויגט,
צו ברעגנגן מיין ווייטיק זי טראָגט
ווו מאַמעס דער שטויב דאָרטן ליגט.
כאָטש קושן איך וועל יענעם שטויב,
דאָך קיינמאָל נישט האָבן קיין רו...
און אפשר אויף ערד ווו איך טרעט
מיין מאַמעס געביין ליגט גאָר דאָ.

יוסף פרידמאַן

(„אונדזער שטימע", פּאַריז, 1950)

# איך בין געבליבן לעבן אין לאָשיץ גופא

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1939, בין איך אַלט געווען זעקס יאָר. עס איז מיר דעריבער שווער צו געדענקען דאָס לאָשיץ פון פאַר דער מלחמה, מיינע באַוווסטזיניקע זכרונות הויבן זיך אָן — צוזאַמען מיט דער קאָשמאַרנער נאַצי־צייט.

איך דערמאָן זיך מיין טאַטן, יאַנקל, און מיין מאַמען, צפורה. מיר האָבן געוווינט אין מאַרק, אין הויז פון קוצעוויטשן. מיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ געוועלב פון סאָדע־וואַסער.

מיין פאָטער האָט געהאַט אַ „פשעפּוסטקע" פון די דייטשן און מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס גיט אים אַ געוויסע זיכערקייט אפילו בעת די „אַקציעס". בעת דער ערשטער אויסזידלונג, פונעם גרויסן געטאָ, איז ער דעריבער אַרויס אויפן זאַמל־פּונקט אין מאַרק, זייענדיק זיכער, אַז מען וועט אים נישט נעמען. ער איז, אָבער, צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע יידן, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און איז דאָרט אומגעקומען.

מיין מוטער, צוזאַמען מיט מיר און אַ יונגן קוזין פון שעדלעץ, האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער און אַזוי אַרום האָבן מיר איבערגעלעבט די ערשטע אויסזידלונג. מיין מוטער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס דערנעענטערט זיך דער סוף אויך פון די ווייניק־איבערגעבליבענע יידן אין לאָשיץ. זי איז איינמאָל אַוועק צו קוצעוויטשן, דעם חזיר־הענדלער, און אים פאָרגעלייגט, ער זאָל אונדז אויסבאַהאַלטן ביי זיך, פאַר געלט. ער האָט אָפּגעזאָגט. דעם שמועס מיט אים האָט, אָבער אונטערגעהערט אַ צווייטער פּאָליאַק, נישט קיין לאָשיצער, נאָר אַ פּליט פון דער פּויזנער געגנט, וועלכער איז שוין בעת דער מלחמה געקומען קיין לאָשיץ. דער דאָזיקער פּאָליאַק, ר אָ מ אַ ן פּ ע ר ס י ק, האָט מיין מאַמען אַליין פאָרגעשלאָגן אונדז אויסצובאַהאַלטן ביי זיך אין שטוב. ביי אַ האַלב יאָר האָט ער געהאַלטן אונדז אַלע דריי. דאַן איז ער געקומען און דערקלערט, אַז די שכנים זענען אים חושד אין אויסבאַהאַלטן יידן און ער בעט אונדז, דעריבער, צו פאַרלאָזן זיין וווינונג. צו אונדז איז אינצווישנצייט צוגעקומען נאָך אַ קוזין מיינער, אַ ברודער פון ערשטן. מיין מוטער האָט ביידע קוזינען אַוועקגעשיקט צום לערער פון דער פאָלקס־שול ב אָ י ק אָ, וועלכער האָט געוווינט הינטער דער שטאָט און געווען מיט אונדז זייער באַפריינדעט. אַלס קליין קינד נאָך פלעג איך קומען צו אים און זיך שפּילן מיט זיינע קינדער. ער האָט, אָבער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוווסט, אַז מיין מוטער איז דערשאָסן געוואָרן, ביידע יידישע יינגלעך אויסגעגעבן, געמאָלדן וועגן זיי דער געסטאַפּאָ. מיינע קוזינען זענען אַנטלאָפן פון באָיקאָס הויז אין דער פאָלקס־שול אריין און געפּרוווט זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. מען האָט זיי, אָבער, לייכט געפונען און אומגעבראַכט.

מיין מוטער מיט מיר זענען אַוועק צו אַ פּאָליאַק, אַ קאָוואַל, מיטן נאָמען

קאָרסאַק, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט פאַר מיין טאַטן. צוקומענדיק צום קאָוואַלס ווינונג האָבן מיר אין דרויסן געטראָפן זיינס אַ טעכטערל. מיין מאַמע האָט איר געבעטן אריינגיין אין שטוב זאָגן, אַז מיר זענען געקומען. מיר האָבן געוואַרט אינדרויסן, מיינענדיק, אַז מען וועט אונדז באַלד אריינבעטן, אָדער, לפחות ארויסקומען פרעגן אונדז וואָס מיר ווילן. מיר האָבן געוואַרט מיט האַרץ־קלאַפעניש אַ לענגערע צייט. צום סוף האָט זיך געעפנט די טיר און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ — געסטאַפּאָוויעץ, וועלכן מען האָט, וואַרשיינלעך, אַלאַרמירט פון דער צווייטער זייט הויז.

אין די אויערן קלינגט מיר נאָך זיין פראַגע מיטן סאַרקאַסטישן שמייכעלע:

„ביסטו איינע יודין ?...״

מיין מוטער האָט האַסטיק אָפּגעלאָזט מיין הענטל, ביי וועלכן זי האָט מיך געהאַלטן און איך האָב דעמלט, אין דער עלטער פון ניין יאָר, געהערט מיין מאַמעס לעצטע ווערטער צו מיר:

„שרהלע, אַנטלויף !...״

איך בין אַנטלאָפן אין פעלד אריין. דער נאַצי־מערדער האָט מיך נישט נאָכגעיאָגט, ווייל דאַן וואָלט דאָך מיין מוטער אַנטלאָפן. ווי ווייט, האָט ער זיכער געקלערט, קאָן לויפן אַזאַ קליין קינד ?... מען וועט עס שוין שפּעטער לייכט כאַפּן...

מיין מאַמען האָב איך מער נישט געזען. מען האָט זי גלייך דערשאָסן. איך בין געבליבן איינע אַליין אויף דער וועלט. אָן געלט, אָן עפּעס. מיין קינדעריש באַוווסטזיין האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאַרשטעלן, נישט געקאָנט באַנעמען די גאַנצע טראַגישקייט פון מיין לאַגע. עפּעס אַן אינסטינקט האָט מיך, ווייזט אויס, דאָך געפירט אויפן וועג פון רעטונג.

איך האָב זיך אַראָפּגעבויגן אין פעלד, באַהאַלטן, מען זאָל מיר נישט קאָנען נאָכשיסן. נישט נאָכקלערנדיק קיין סך, האָב איך זיך געלאָזט צוריק צום זעלבן קריסט, ראָמאַן פּערסיק. ער האָט אונטער זיין ווינונג געהאַט אַ געוועלבל. ווען איך בין צוגעקומען, זענען דאָרט געווען קונים. ווי יונג איך בין געווען, האָב איך שוין געוווסט, אַז פאַר זייטיקע מענטשן, פאַר עדות, דאַרף מען זיך אויסהיטן. איך האָב דעריבער געוואַרט אין דרויסן ביז אַלע זענען אַרויס און דאַן בין איך אַריין אינעווייניק. פּערסיק איז געווען אַליין אין געוועלבל. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער גאָרנישט געפרעגט, גאָרנישט גערעדט — מסתם אַלץ אַליין שוין פאַרשטאַנען — נאָר מיך אָנגענומען פאַרן הענטל און אַרויפגעפירט אין שטוב אריין צו זיינע אייגענע קינדער.

צווישן דעם פוילישן פאָטער און זיינע קינדער איז דאַן פאָרגעקומען אַ קורצער געשפּרעך, וואָס רופט נאָך היינט, ווען איך דערמאָן זיך אים, אַרויס אין מיר אַ שוידער. ער האָט געפרעגט די קינדער צי זיי ווילן, אַז איך זאָל בלייבן מ״ט זיי. דאָס זענען געווען קינדער מער־ווייניק אין מיין עלטער. „אַ שאָד״ — האָט איינס פון די קינדער פשוט און אויפריכטיק געענטפערט —

„אַ שאָד מען זאָל סאַלען הרגענען... זאָל זי בלייבן מיט אונדז...“ דאַן האָט דער פֿאָטער געזאָגט די קינדער, אַז אין אַזאַ פֿאַל מוזן זיי שווייגן וועגן מיר, קיינעם נישט דערציילן, ווייל „דאַן קאָן מען אונדז אַלע הרגענען...“ און איך בין געבליבן אין הויז פֿון אָט־דער איידעלער פּוילישער פֿאַמיליע, וועלכע האָט מיך געהיטן ווי אַן אייגן קינד, ריזיקירנדיק דערביי מיט די אייגענע לעבנס.

אויף מאָרגן פֿרי, נאָכדעם ווי איך בין צוריקגעקומען, איז פּערסיק געגאַנגען געוווּיר ווערן, וואָס ס׳איז געשען מיט מיין מוטער. ער האָט זיך דורכשפּאַצירט פֿאַרביי דעם קאָוואַלס הויף, אָבער דאָרט גאָרנישט באַמערקט — פֿרעגן האָט ער דאָך נישט געטאָרט... ער איז אַוועק אויפֿן יידישן בית־עולם, און דאָרט האָט ער טאַקע געטראָפֿן דעם טויטן קערפּער פֿון מיין מוטער. זי איז געווען נאַקעט, — דייטשע, אָדער פּוילישע באַנדיטן האָבן אַראָפּגעצויגן אירע מלבושים. די פּוילישע קברנים האָבן זי דערנאָך דאָרט באַגראָבן.

פּערסיק האָט געהאַט צוויי ברידער. איינער פֿון זיי האָט געדינט אין דער געסטאַפּאָ, אין לאָשיץ גופֿא. פֿאַר אים און פֿאַר זיין פֿרוי און קינדער, וועלכע זענען אָפּט געקומען צוגאַסט צו מיינע רעטער, האָט מען מיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. ווי גיך מען האָט איינעם פֿון זיי געזען אָנקומען, האָט מען מיך באַהאַלטן, אַמאָל אין אַ שאַפֿע. אַמאָל אונטער אַ בעט, אָפּגעשלאָסן שנעל דעם צימער, ווו איך האָב זיך געפֿונען און דאָרט נישט אריינגעלאָזט די געסט. פּערסיקס צווייטער ברודער, דאַקעגן, איז געווען אַ טעטיקער ווידערשטענדלער און האָט, אַלס פּאַרטיזאַנער, געקעמפֿט קעגן די דייטשן, אויך אין דער לאָשיצער געגנט. די געסטאַפּאָ האָט אים סוף־כל־סוף געכאַפּט און אים דערשאָסן, צוזאַמען מיט זיינע דריי זין. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט מען אַרעסטירט ראָמאַן פּערסקין. די געסטאַפּאָ־לייט זענען געקומען אין שטוב אריין מאַכן אַ רעוויזיע. די פֿרוי פּערסיק האָט, אָבער, באַוויזן מיך צו באַהאַלטן אין קלאָזעט אויפֿן הויף, ווו מען האָט נישט געזוכט. פּערסיק איז געווען אַ חודש צייט אַרעסטירט. בעתן אַרעסט האָט ער באַוויזן אָנצוזאָגן זיין פֿרוי: „ווען איך וועל צוריקקומען, מוז איך טרעפֿן סאַלען ביי אונדז, אַ לעבעדיקע...“ די פֿרוי פּערסיק וואָלט פֿאַר מיר אפֿשר נישט איינגעשטעלט לאַנג איר לעבן... מען האָט אים באַפֿרייט, ווייל ער האָט טאַקע נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעס מיטן פּאַרטיזאַנער־קאַמף פֿון זיין ברודער.

אַזוי בין איך געבליבן ביי דער פֿאַמיליע פּערסיק ביזן סוף פֿון דער מלחמה. די עלטערן האָבן זיך צו מיר באַצויגן פּונקט ווי צו זייערע אייגענע קינדער, און די קינדער — ווי צו אַ שוועסטערל. די קינדער האָבן מיר איבער־געגעבן די לעקציעס פֿון שול און געלערנט. עס האָבן אויך נישט געפֿעלט קיין דענערווירונגען און שרעק. אומגעוווּנטשענע פֿלוצלינגע געסט, פֿאַר וועלכע מען האָט שנעל געמוזט באַהאַלטן דאָס איבעריקע קינד; פֿאַרדעכטיקע טריט אויפֿן טראָטואַר, צי אויף די טרעפּ, קלאַנגען וועגן רעוויזיעס, וועגן זוכן יידן...

*

די פערסיקס זענען בכלל געווען פאָרגעשריטענע און האַרציק־גוטע מענטשן. „אַלע מענטשן זענען גלייך, אויך יידן...״ — פלעגט ער איבערחזרן פאַר זיין פרוי און קינדער. איינמאָל האָט זי, אין אַ מאַרק־טאָג, דערזען צווישן די פויערים צוויי יידישע בחורים, האָט זי מיט אַ קינד אַרויסגעשיקט זיי אַ פעקל עסן און געהייסן זאָגן, זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן, ווייל ס׳איז פאַר זיי געפערלעך צו זיין אין לאַשיץ. זי האָט די יידישע בחורים, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט.

איינמאָל האָבן מיר דורכן פענצטער געזען, ווי מען האָט אויפן מאַרק געפייניקט ביזן טויט אַ יידיש מיידל, וואָס מען האָט געכאַפּט אין אַ נאָענטן דאָרף. די גאַנצע פערסיק־פאַמיליע האָט געוויינט פון דעם בילד, פונקט ווי איך.

*

נאָך דער מלחמה איז די פערסיק־פאַמיליע געווען גרייט מיך צו האַלטן ווייטער ביי זיך, ווי אַן אייגן קינד, אָבער גלייכצייטיק מיר געגעבן אַ פריי־ רעכט צו דעצידירן, אויב איך וויל גיין צו די לעבנגעבליבענע יידן. איך האָב אויסגעוויילט דעם צווייטן וועג, — איך האָב גוט געדענקט מיינע יידישע טאַטע־ מאַמע און מיין אָפּשטאַם.

דערווייל האָב איך גענומען גיין אין דער לאַשיצער פאָלקס־שול. ווען דער לערער באַיקאָ איז אריינגעקומען אין קלאַס און מיך צום ערשטן מאָל דערזען אַ לעבעדיקע, איז ער צעמישט געוואָרן, ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און צו מיר נישט געקוקט אין משך פון דער גאַנצער לעקציע...

ווען עס זענען קיין לאַשיץ צוריקגעקומען נאָך עטלעכע לעבנגעבליבענע יידן, האָב איך מיט זיי זיך פאַרבונדן, אָבער לאַנג נישט געקאָנט פאַרבלייבן אין שטעטל. איך בין אַוועק קיין לאָדזש. פון דאָרט האָט מען מיך צוזאַמען מיט נאָך יידישע קינדער, איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

איך בין אָנגעקומען, צום ערשטן מאָל, צו די ברעגעס פון אונדזער אויסגעחלומטן לאַנד, מיט דער טראַגיש־באַרימטער שיף „יציאת־איראָפּע 1947״ — „עקסאָדוס״ — און נאָך אַלע איבערגעלעבטע פּיינען, האָב איך דערפילט די ברוטאַלע הענט פון די ענגלישע מיליטער־לייט. מען האָט אונדז צוריקגעטריבן אין פאַרבלוטיקטן דייטשלאַנד אריין. ווען איך האָב אין האַמבורג זיך אָפּגעזאָגט אויסצושטייגן אויפן ברעג אַרויס — האָב איך באַקומען קלעפּ.

שפּעטער בין איך, דורך ציפּערן, אָנגעקומען שוין אין אונדזער אומאָפּהענגיקער מדינה, ווו מיין לעבן האָט זיך ערשט פאַקטיש אָנגעהויבן...

שרה ווייסמאַן

# אַלס אַריערין צווישן לאָשיצער פּאַליאַקן

מיין טאַטע, אליהו גאָלדפעדער, איז באַקאַנט געווען אין לאָשיץ מיטן צונאָמען „קאָזע" — פאַרוואָס מען האָט אים אַזוי גערופן ווייס איך נישט. מיינע עלטערן האָבן געהאַט אין מאַרק אַ גאַלאַנטעריע־געוועלבל, אָבער מיין פאָטער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט גלעזעריי און דאַן איז אין געוועלב געשטאַנען מיין מוטער, שרה. אין שטוב ביי אונדז זענען, אויסער מיר, געווען נאָך זיבן קינדער — זיי זענען אַלע, צוזאַמען מיט די עלטערן, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.



חיה־שולמית גאָדלפעדער־בן־אריה

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן בין איך אַלט געווען 13 יאָר. ביזן איינפירן דאָס געטאָ, איז דאָס לעבן ביי די יידן אין לאָשיץ געווען נאָך מער־ווייניק דערטרעגלעך. ווען מען האָט אונדז אָפּגעשלאָסן אין געטאָ, האָט מען גענומען רעדן, אַז מ׳וועט אַלע יידן אומברענגען. מיינע עלטערן האָבן באַצאָלט אַ קריסט אַ גרויסע סומע געלט און ער האָט מיר געמאַכט אַ פּוילישע „קענקאַרטע", וווּ איך האָב פיגורירט אַלס אַריערין מיטן נאָמען העלענאַ גורסקאַ. איך האָב דאַן געוואַר־בעט, אַלס יידיש מיידל, ביי אַ פּאַליאַק אין אַ דאָרף, נאָענט ביי לאָשיץ. לעבן דאָזיקן פּאַליאַק האָט געוווינט דער לאָשיצער גלח זאַרעמבאַ. די דינסט פון גלח האָט מיך געקענט. איך האָב איר דערציילט וועגן מיין פּוילישער „קענקאַרטע". זי האָט מיך, אין דער שטיל, גענומען לערנען קריסטלעכע תפילות, וואָס זאָלן מיר פאַרלייכטערן דעם אויפהאַלט צווישן פּאַליאַקן און זי, צוזאַמען מיטן גלח, האָבן מיר צוגעזאָגט צו העלפן.

אויף מאָרגן נאָך דער גרויסער אויסזידלונג פון לאָשיצער געטאָ, האָט דער פּאַליאַק ביי וועלכן כ׳האָב געאַרבעט, דערקלערט, אַז ער מוז מיך אָפּפירן קיין לאָשיץ. איך האָב אפילו נישט געפּרוווט זיך קעגנשטעלן. ער האָט מיך געבראַכט אין שטאָט אריין און איבערגעגעבן אין די הענט פון דער דייטשער פּאָליציי. מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין דער „קאָזע". דאָרט האָב איך געטראָפן אַ סך יידן, וואָס זענען אַנטרינען פון דער אויסזידלונג; צווישן זיי איז געווען מיינער אַן עלטערער ברודער, יעקב־שמעון.

אויפֿן צווייטן טאָג האָט מען אונדז אַלע באַזעצט אין קליינעם געטאָ. איך האָב געאַרבעט אין געטאָ ביי שניידעריי פֿאַר די דייטשן. איך פֿלעג אָפּטראָגן די אויסגעאַרבעטע זאַכן און ברענגען מאַטעריאַל צו דער אַרבעט. אַלס אַזעלכע האָב איך געהאַט אַ „פּשעפּוסטקע", אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין פֿון געטאָ אויף דער אַרישער זייט. אויך מיין ברודער האָט געהאַט אַזאַ דערלויבעניש, ווייל ער האָט געאַרבעט אַלס גלעזער אין די פּוילישע הייזער.

דאָס לעבן אין קליינעם געטאָ איז געווען זייער טרויעריק — מיר האָבן אַלע געוווסט וואָס אונדז דערוואַרט. מיר זענען דעריבער נישט געווען איבעראַשט, ווען דאָס געטאָ איז איין פֿרימאָרגן אַרומגערינגלט געוואָרן און עס איז געקומען די לעצטע אויסזידלונג. מען האָט אונדז אַוועקגעפֿירט צו דער באַן קיין ניעמאָיקי. עס האָט אונדז געהיטן די פּוילישע פּאָליציי. אויפֿן וועג צו דער באַן האָבן פּוילישע פּאָליציאַנטן דערשאָסן מיין ברודער, כדי צוצונעמען זיינע שטיוול און מאַנטל. זיי האָבן אים באַגראָבן לעבן דאָרף רידניק.

מיט דער באַן פֿון ניעמאָיקי האָט מען אונדז געבראַכט קיין שעדלעץ. דאָ איז מיר געלונגען צו אַנטלויפֿן פֿון צווישן די יידן. איך האָב זיך באַנוצט מיט מיין פֿאַלשער פּוילישער „קענקאַרטע" און בין אָפּגעפֿאָרן צוריק קיין לאָשיץ.

איך בין אַריין צום „קיעראָווניק" פֿון דער לאָשיצער פּוילישער פֿאָלקס־שול, גערלאַנד. זיי האָבן מורא געהאַט מיך צו האַלטן, אָבער סיי ער און סיי זיין פֿרוי האָבן זיך צו מיר גוט באַצויגן. איך בין געבליבן ביי זיי עטלעכע טעג, זיי האָבן מיך באַרואיקט און צוגעזאָגט צו העלפֿן. די גערלאַנדס האָבן זיך פֿאַר־שטענדיקט מיטן אַפּטייקער וויטשיק, אין דער ביאַלער גאַס, וועלכער האָט געהאַלטן די לאָשיצער אַפּטייק, אָבער געוווינט אין וואַרשע, וווהין ער פֿלעגט פֿאָרן אויף יעדן זונטיק. זיי האָבן באַשלאָסן איך זאָל פֿאָרן קיין וואַרשע און זיך איינמעלדן ביי דער פֿאַמיליע וויטשיק אַלס דינסט.

איך בין דעמלט צום ערשטן מאָל געווען אין וואַרשע, ווי בכלל צום ערשטן מאָל פֿאַרלאָזט די נאָענטע לאָשיצער געגנט. איך האָב מורא געהאַט צו עסן טריפֿה ביי די פּאָליאַקן. ווען כ'האָב שוין יאָ געגעסן, האָב איך פֿרום געמאַכט אַ ברכה איבער די טריפֿהנע מאכלים. אונטער יעזוסעס בילד פֿלעג איך זאָגן „מודה אני" אינדערפֿרי און ביינאַכט „קריאַת־שמע".

אַ דריי חדשים האָבן די וויטשיקס מיך געהאַלטן ביי זיך. איך האָב געהאָלפֿן אין שטוב און געגאַנגען אין קירכע, כדי נישט אַרויסצורופֿן קיין פֿאַרדאַכט. פֿאַר די שכנים האָט מען מיך פֿאָרגעשטעלט אַלס לאָשיצער פּויליש מיידל, וואָס איז אַנטלאָפֿן קיין וואַרשע, נישט וועלנדיק פֿאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אָבער די שכנים האָבן גענומען צושטיין און שרעקן: „אפשר איז זי דאָך אַ באַהאַלטענע יידישקע? איר קאָנט דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט איר..." די וויטשיקס האָבן מורא באַקומען פֿאַר אַ מסירה און זיי האָבן מיר געבעטן פֿאַרלאָזן זייער וווינונג, טראָץ זייער „בעסטן ווילן צו העלפֿן"...

עס האָט זיך פֿאַר מיר געשטעלט די פֿראַגע: וווהין זאָל איך גיין? איך

האָב געהאַט דעם אַדרעס פון נאָך אַ לאָשיצער פּאָליאַק אין וואַרשע, איינער מיטן נאָמען טרישטשיללאָ. טרישטשיללאָ איז געווען בורמיסטש אין לאָשיץ די לעצטע צייט פאַר דער מלחמה. ער איז אין שטאָט געווען באַקאַנט אַלס אוהב־ישראל און געטאָן פיל יידן טובות. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָשיץ, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט און אַוועק מיט זיין פאַמיליע קיין וואַרשע. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט דאָס געטאָן, ווייל זיין פרוי איז געווען אַ יידישע — כאָטש קיינער האָט עס אויף זיכער נישט געוווסט, ווייל זיי זענען נישט געווען קיין לאָשיצער געבוירענע — און אין וואַרשע וועט אים לייכטער זיין אויסצובאַהאַלטן איר יידישקייט. איך האָב געוווסט ווו ער אַרבעט און אַוועק צו אים אין ביוראָ. איך האָב אים אַרויסגערופן און געזאָגט ווער איך בין. ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן צו שווייגן און מיך מיטגענומען צו זיך אַהיים. איך האָב אים און זיין פרוי דערציילט מיינע איבערלעבונגען. זיי האָבן מיר מיטגעפילט, אָבער מורא געהאַט צו העלפן. איך בין אַוועק צוריק צו די וויטשיקס. ס׳איז געווען זונטיק, דער מאַן איז געקומען פון לאָשיץ. ער האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט, פאָטערלעך געגלעט און געזאָגט: „האָב נישט קיין מורא, מיר וועלן דיר העלפן. וועסט איבערלעבן...” איך האָב געוויינט און געקושט זיין האַנט, ווי אַ טאַטן.

וויטשיק האָט געהאַט אַ ברודער אין מילאַנוועק, לעבן וואַרשע. יענער האָט איינגעשטימט מיך צו נעמען צו זיך. איך בין אַהין געפאָרן מיט אַ ציטערניש, ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז זיי וווינען לעבן הויפּט־שטאַב פון דער געסטאַפּאָ. וויטשיק האָט מיר, ווען כ׳האָב פאַרלאָזט זיין וווינונג אין וואַרשע, געגעבן 500 זלאָטיס און געזאָגט, אַז כ׳זאָל קומען צו אים נאָך געלט, ווען כ׳וועל נאָר דאַרפן. איך בין בשלום אָנגעקומען צו זיין ברודער אין מילאַנוועק. מען האָט מיך זייער גוט אויפגענומען, ארומגעוואַשן, געגעבן פויערישע קליידער. אָבער אַרומדרייען זיך פריי האָב איך מורא געהאַט. ביי דעם וויטשיק אין דער וווינונג איז געווען אַ געהיימער צימער, פול מיט מאַטעריאַלן פון דער פּוילישער אונטערערד. דאָרט האָט מען מיך פאַרשלאָסן. ס׳איז געווען יאַנואַר. אַ קאַלטער פּוילישער ווינטער. כדי נישט געפרוירן צו ווערן האָב איך געמוזט כסדר ליגן גוט צוגעדעקט אין בעט. מען פלעגט מיר אריינברענגען עסן. איך האָב, אָבער, געפילט, אַז איך קאָן, אַליין צווישן די פיר ווענט, פּשוט משוגע ווערן און כ׳וועל לאַנג דאָרט נישט אויסהאַלטן. איך האָב, דעריבער, דערקלערט מיינע אויסבאַהאַלטער, אַז איך גיי ארויס, אפילו ווען עס דראָט מיר אריינצופאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן מיר געראָטן איך זאָל בעסער פאָרן פרייוויליק אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, ווו עס וועט מיר זיין לייכטער דורכצולעבן מיט מיין געפעלשטער „קענקאַרטע”. זיי האָבן זיך אינ־פאָרמירט, אַז אין לובלין איז פאַראַן אַזאַ ביוראָ, ווו איך דאַרף זיך מעלדן.

איידער איך בין געפאָרן קיין לובלין, האָב איך באַשלאָסן פריער אריינצו־פאָרן קיין לאָשיץ, — איך האָב נאָך געהאָפט, אַז אפשר וועל איך דאָך נאָך

טרעפֿן עמעצן פֿון מײַנע נאָענטע. איך בין אָנגעקומען מיט דער באַן קײן ניעמאָיקי אין אָנהויב אָוונט און אַוועקגעגאַנגען צופֿוס קײן לאָשיץ. איך בין אַרײַנגעגאַנגען צו אונדז אין שטוב. אַלץ איז געווען ווי אַמאָל. דאָס גאַנצע מעבל אויפֿן אָרט. אַפֿילו דאָס בילד פֿון בית־המקדש איז געבליבן הענגען אויף דער וואַנט, ווי אַמאָל. נאָר די מײַניקע זענען מער נישט געווען אין שטוב — נאָר אַ פּוילישע פֿאַמיליע. איך האָב זיי דערקענט — די פֿאַמיליע פֿון „דרוזשניק". ער, דער „דרוזשניק", אַ הויכער, מיט אַ רויט אָנגעפּרעסן פּנים, האָט אויסגעזען ווי אַ באַנדיט. ער איז געווען דער אויפֿזעער איבער די ייִדישע אַרבעטער אין געטאָ און האָט זיי געשלאָגן מכּות־רצח. אויף זײַן פֿראַגע וואָס איך וויל, האָבן מיר טרערן גענומען שטיקן אין האַלדז און איך האָב מיט אַ ווײנענדיקער שטימע געענטפֿערט:

„ס'איז מײַן שטוב..."

ס'האָט נישט געהאַט קײן זין צו לײקענען — איך האָב געזאָגט ווער איך בין. דער „דרוזשניק" האָט מיר כּלומרשט פֿרײַנטלעך געזאָגט, אַז איך קאָן בלײַבן נעכטיקן, נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט קײן פֿרײַ בעט, גייט ער ברענגען שטרוי, כּדי מיר אויסצובעטן אויף דער פּאָדלאָגע. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף זיך וואָס שנעלער ראַטעווען, ווײַל אָנשטאָט מיט שטרוי וועט ער צוריקקומען מיט געסטאַפּאָווצעס. איך האָב געזאָגט, אַז איך גיי אַרײַנברענגען מײַן וואַליזקע. עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. איך בין אַוועק צו דער פֿאַמיליע גערלאַנד. זיי האָבן זיך געוווּנדערט מיך צו זען, אָבער פֿרײַנטלעך אויפֿגענומען און מסכּים געווען מיך אויסצובאַהאַלטן איבער נאַכט. אינדערפֿרי האָט מיר פֿרוי גערלאַנד דערציילט, אַז די דײַטשן, וועלכע דער „דרוזשניק" האָט טאַקע אַלאַרמירט, האָבן מיך אַ גאַנצע נאַכט געזוכט אין גאַנץ לאָשיץ און דער עיקר אין ניעמאָיקי. אויפֿן צווייטן טאָג בין איך אַוועקגעפֿאָרן קײן לובלין און זיך געשטעלט אין דער ריי בײַם אַמט, וואָס האָט וווערבירט פֿרײַוויליקע אַרבעטער קײן דײַטשלאַנד. די באַאַמטע, צו וועלכע איך בין אָנגעקומען, האָט מיך עפּעס מאָדנע אָנגעקוקט און מיט אַ צערטלעך קול געזאָגט: „גיי אַרײַן צום דאָקטאָר — איך וועל דיר געבן אַ פּלאַץ, פֿאַר וועלכן וועסט מיר אײביק דאַנקבאַר זײַן". איך גלויב ביז הײַנט, אַז דאָס איז געווען אַ פֿאַרשטעלט ייִדיש מיידל, וועלכע האָט אין מיר דערפֿילט אַ לײדנס־שוועסטער.

דער דאָקטאָר, צו וועלכן איך בין אַרײַן, האָט מיך אַפֿילו נישט באַטראַכט, נאָר געזאָגט: „אויב דו ווילסט טאַקע פֿאָרן אויף אַרבעט — וועסטו זײַן געזונט; ווילסטו נישט — וועסטו זײַן קראַנק... זאָג מיר דעם אמת". איך האָב געזאָגט דעם אמת — האָט ער אונטערגעשריבן, אַז כ'בין געזונט. אויך די באַאַמטע האָט געהאַלטן וואָרט און מיך באַשטימט אויף אַן אויסערגעוויינלעכן פּלאַץ.

מען האָט מיך שנעל אָפּגעשיקט קײן דײַטשלאַנד. אַלץ איז אַדורך אין אָרדענונג. מײַן אַרבעט־אָרט איז געווען אין באַד־גאָדעסבערג, לעבן באָן, בײַ אַ

וועטערינאַר־דאָקטאָר. איך האָב געאַרבעט אַלס דינסט. די פֿאַמיליע איז נישט געווען קיין נאַצישע. מען האָט זיך צו מיר זייער גוט באַצויגן. די באַלעבאָסטע האָט מיר שטענדיק געוואָרנט: „גיב אַכטונג, אַז זאָלסט נישט האָבן צו טאָן מיט דער פּאָליציי...״

עס האָט מיר, באמת, גאָרנישט געפֿעלט — אָבער אין די נעכט האָב איך אין איינזאַמקייט שעהן געוויינט. איך האָב נישט געקאָנט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איך בין טאַקע געבליבן איינזאַם־אַליין אויף דער וועלט...

מען האָט מיך דאָרט אָפּעריִרט אויף אַן אויער. האָב איך מורא געהאַט, אַז אונטער נאַרקאָזע קאָן איך זיך אַמאָל פֿאַראַטן, געבן אַ יידישן אויסגעשריי, אָדער זאָגן מיין אמתן נאָמען... איך האָב, דעריבער, געבעטן מען זאָל מיך שניידן אָן נאַרקאָזע...

אין קירכע האָב איך זיך באַקענט מיט נאָך אַ פּויליש מיידל, וועלכע האָט דאָרט געאַרבעט ביי דייטשן. זי איז געווען מיט אַ יאָר עלטער פֿון מיר און זיך גערופֿן געניאַ. מיר האָבן זיך באַפֿריינדעט. זי האָט געאַרבעט ביי אַ נאַצי־פֿאַמיליע און שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן. זונטיק פֿלעג איך איר ברענגען עסן, פּרוכטן. איך האָב געפֿילט, אַז זי איז אַ יידיש מיידל, אָבער אַ גאַנץ יאָר האָבן מיר וועגן דעם נישט גערעדט צווישן זיך.

איין נאַכט, נאָכדעם ווי כ׳האָב אַ טרויעריקע לאַנג געוויינט און אַנטשלאָפֿן געוואָרן, האָב איך אין חלום געזען מיין מאַמען, וועלכע האָט מיר געזאָגט: „געניאַ איז אַ יידיש קינד. זאָג איר ווער דו ביסט... דאָס וועט דיר אַ סך לייכטער מאַכן און העלפֿן...״ דעם נאָענטן זונטיק האָב איך געניאַן אַרויפֿגערופֿן צו מיר אין צימער אַריין, זיך אַרומגעקוקט צי קיינער געפֿינט זיך נישט אין דער נאָענט, פֿאַרמאַכט הינטער אונדז די טיר און אָן אָטעם אַרויסגעזאָגט:

„געניא, כ׳בין אַ יידיש קינד!...״

זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט און מיר האָבן ביידע, שווייגנדיק, לאַנג געוויינט. זי האָט געשטאַמט פֿון בירטשא, לעבן פּשעמישל, אין גאַליציע, און געהייסן רחל לאַבאַ. פֿון דעמלט איז אונדז ביידע לייכטער געווען — געווען פֿאַר וועמען זיך אַראָפּצורעדן אָן מורא פֿון האַרצן, פֿאַר וועמען זיך אויסצוויינען.

באַד־גאָדעסבערג איז די גאַנצע צייט פֿון דער מלחמה נישט באָמבאַרדירט געוואָרן. ווען די אַמעריקאַנער האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, האָבן זיי געדראָט זי צו באַשיסן, אויב זי וועט זיך נישט אונטערגעבן, און זי האָט זיך אונטערגעגעבן.

עס איז געווען 6 אַזייגער פֿרי. מיין שעף האָט געקוקט פֿון פֿענצטער דורך אַ לאָרנעטע. ער האָט געזען אַ טאַנק ארייַנפֿאָרן אין שטאָט אריין, נאָר נישט אונטערשיידט, צי דאָס איז אַ דייטשער צי אַן אַמעריקאַנער. ער האָט מיר געגעבן די לאָרנעטע — אפֿשר וועל איך בעסער זען. איך האָב גוט געזען — אַן אַמעריקאַנער טאַנק... אין די אויגן זענען מיר געשטאַנען טרערן — צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע יאָרן, טרערן פֿון פֿרייד.

קורץ נאָך דער באַפרייאונג האָב איך געטראָפן אין דייטשלאַנד לאַשיצער ייִדן. זיי האָבן מיך איבערצייגט, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו פאָרן קיין לאַשיץ, — מיין גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען. אויך געניא האָט נישט געפונען קיינעם פון איר פאַמיליע. מיר זענען ביידע אַוועקגעפאָרן אומלעגאַל קיין בעלגיע. דאָ האָבן מיר געטראָפן די ייִדישע בריגאַדע. איך האָב זיך באַקענט מיט מיין צוקונפטיקן מאַן, וועלכער האָט געדינט אין דער בריגאַדע. ער האָט אונדז געהאָלפן פאָרן קיין ארץ־ישראל, וווהין איך בין אָנגעקומען אומלעגאַל מיט דער שיף „ביריה״.

היה־שולמית גאָלדפעדער־בן־אריה

## ווי איך האָב אַלץ דורכגעלעבט

איך האָב דורכגעלעבט די אָקופּאַציע, די גאַנצע שרעקלעכע נאַצי־צייט. ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך געווען, איז פאַר מיר אַליין, נאָך קנאַפּע צוואַנציק יאָר, אַ סוד... אומגלויבלעך... געווען אין ביידע געטאָס אין לאַשיץ, אין גרויסן און אין קליינעם, צוגעזען ביידע אויסזידלונגען, מיטן לעצטן אויך מיטגע־שלעפּט געוואָרן — און איך בין געבליבן לעבן. דאָס אומעגלעכע איז, ווייזט אויס, אַמאָל מעגלעך... איך וועל פּרווון דערציילן, פאַרצייכענען אַ טייל אי־בערלעבונגען פון יענע קאָשמאַר־יאָרן — כאָטש איך זע שוין אַלץ, ווי דורך אַ חלום און פיל איבערגע־לעבטע זאַכן זעען מיר אַליין אויס, אין פּערספּעקטיוו פון דער צייט, ווי אומגלויבלעך.

איך בין געווען אין לאַשיץ ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל. איך האָב געלעבט די גאַנצע צייט אין געטאָ. אין אָנהויב פון טראַגישן חודש אויגוסט 1942, אַ דריי וואָכן פאַר דער ערשטער אויס־זידלונג, האָט דער יודנראַט מיך אַוועקגעשיקט, צוזאַמען מיט נאָך צען מיידלעך, אויף פעלד־אַרבעט קיין קאָבילאַן, אַ 15 קילאָמעטער פון לאַ־שיץ צוזאַמען מיט מיר זענען דאָרט




ברכה זילבערבערג־ראָזנבוים אַלס אַרבעטערין אין דייטשלאַנד

געווען, צווישן אַנדערע, רייזל זילבערמאַן, עלקע גראָסמאַן, שרה ליבערמאַן, דעם ליזיקערס טאָכטער אסתר עלזאַן. מיר האָבן געאַרבעט ביי אַ פּוילישן גוטבאַזיצער און געוווינט צוזאַמען אין אַ הילצערנער כאַטקע. זונטיק אינדערפרי פלעגן מיר פאָרן קיין לאָשיץ אויפן גאַנצן טאָג און צוריקומען אין אָוונט, כדי מאָנטיק פרי אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט.

שבת, דעם 22־טן אויגוסט, האָב איך זיך נישט גוט געפילט און נישט אַרויס אין פעלד צו דער אַרבעט. אַרום 2 אַזייגער בייטאָג איז רייזל זילבערמאַן געקומען צולויפן מיט אַ געוויין אין באַראַק אַריין און דערציילט, אַז אַ פויער, וואָס איז געקומען פון לאָשיץ, האָט איבערגעגעבן, אַז „אין שטעטל גיסן זיך טייכן בלוט, מען שיסט און מען הרגעט די יידן..."

ווען דער גוטבאַזיצער, ביי וועלכן מיר האָבן געאַרבעט, האָט געהערט, וואָס עס טוט זיך אין לאָשיץ, האָט ער טעלעפאָניש אָנגעפרעגט אין דייטשן אַרבעט־אַמט, וואָס ער זאָל מיט אונדז טאָן. מען האָט אים געהייסן אונדז היטן און נישט אַרויסלאָזן פון באַראַק.

*

ביז מאָנטיק, דעם 24־טן אויגוסט, זענען מיר געווען ווי אַרעסטירטע. געגוי׳, וואָס אין לאָשיץ איז פאָרגעקומען, האָבן מיר נישט געוווסט, פּונקט ווי מיר האָבן נישט געוווסט וואָס אונדז אַליין דערוואַרט. מער ווי וויינען האָבן מיר נישט געקאָנט — אפילו נישט גערעדט צווישן זיך, נאָר איינע האָט ווי וואַנזיניק געקוקט אויף דער צווייטער, דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט און טרערן האָבן זיך געגאָסן.

מאָנטיק אינדערפרי האָט אונדז דער גוטבאַזיצער געהייסן גיין צו דער אַרבעט. באַדייט דאָס, אַז מיר בלייבן לעבן ?... — האָבן מיר זיך אַליין געפרעגט. עטלעכע שעה נאָר האָבן מיר „רואיק" געאַרבעט. פּלוצלינג איז צום פעלד אָנגעפאָרן אַ וואָגן מיט דייטשן. מען האָט אונדז אַלע געהייסן זיך אַרויפזעצן און דער וואָגן האָט גענומען פאָרן אויפן וועג קיין לאָשיץ. מיר זענען געווען זיכער, אַז אונדזער לעצטע שעה איז געקומען. וויינען האָבן מיר מער שוין נישט געקאָנט, נאָר שטום, מיט די אויגן, זיך געזעגנט איינע מיט דער צווייטער...

דער וואָגן איז אַריינגעפאָרן איבער די פוסטע לאָשיצער געסלעך און זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער ברויז. ס׳איז אַרויסגעקומען אַ דייטשער אָפיציר. מיר האָבן זיך געריכט אויף אַ באַפעל אונדז צו שיסן. דערשטוינטע האָט מען אונדז געפירט דורכן חרובן מאַרק, ווו אויף די פאַרבלוטיקטע שטיינער האָבן זיך געוואַלגערט פעקלעך עסן און זאַכן פון די אויסגעמאָרדעטע, ביז צום הויז פון בונעם וויינמאַן.

אין דאָזיקן הויז האָבן מיר שוין געטראָפן אַ 20 מיידלעך און קיין איין מאַן נישט, אָבער צווישן זיי קיין איינע נישט פון לאָשיץ. וואָס איז געשען מיט די

לאָשיצער יידן האָט קיין איינער פון זיי נישט געוווסט. ערשט אויפן צווייטן טאָג זענען צוריקגעקומען פון שעדלעץ אייניקע לאָשיצער יידישע פּאָליציאַנטן און פון זיי האָבן מיר זיך דערוווסט די ביטערע איינצלהייטן.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס עטלעכע־חדשימדיקע פּיינפולע לעבן אין קליינעם געטאָ.

מיר האָבן אַלע געוווסט, וואָס אונדז דערוואַרט און יעדן טאָג זיך גערעכט אויפן ביטערן סוף.

דאָ האָט מיך געפונען פראַדל ראָזנבוים און מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען.

*

צוויי אלטע יידן זענען געווען מיט אונדז אין קליינעם געטאָ, בעזשע און איטשע־מאיר ראָזענצווייג. דער לעצטער האָט זיך, בעת דער ערשטער אויס־זידלונג, באַהאַלטן צווישן צוויי דאָפּלטע ווענט ביי זיך אין הויז איבערן געוועלב. ער האָט דאָרט געהאַט עסן און טרינקען אויף אַ לאַנגער צייט. אָבער פּאָליאַקן, זוכנדיק רויב, האָבן אים געפונען אין געוואָלט דערמאָרדן. ער האָט גערופן צוהילף די דייטשן, וועלכע האָבן אים אָפּגעפירט צו אונדז אין קליינעם געטאָ. ווען מען האָט אונדז שפּעטער אויסגעזידלט, זענען ביידע אַלטע לייט אַרויס פון געטאָ איינגעוויקלט אין טליתים, און אַזוי אַוועק אויף זייער לעצטן וועג.

מיך, צוזאַמען מיט פראַדל ראָזנבוים, עלקע גראָסמאַן און שרה ליבערמאַן, האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט אויף פעלד־אַרבעט קיין דזשיאַטקאָווסקי, אַ דאָרף צווישן לאָשיץ און מעזריטש. אָבער צוויי טעג פאַר דער אויסזידלונג, דעם 22־טן נאָוועמבער, האָט מען אונדז צוריקגעבראַכט אין לאָשיצער קליינעם געטאָ אַריין.

בלויז פראַדל ראָזנבוים האָט זיך געראַטעוועט מיט אַ פאַלשן פוילישן פּאַס־פּאָרט און איז מיט אונדז נישט צוריקגעקומען.

*

דעם 24־טן נאָוועמבער 1942 האָט מען אונדז, אַלע איינוווינער פון קליינעם געטאָ, אַוועקגעפירט קיין ניעמאָיקי און פון דאָרט, אין איבערגעפולטע משׂא־וואַגאָנען, קיין שעדלעץ. פון דער באַן־סטאַציע אין שעדלעץ האָט אונדז די געסטאַפּאָ, באַגלייט מיט קלעפּ און שיסעריי, אַוועקגעטריבן אין אַ לאַגער, דריי קילאָמעטער הינטער שעדלעץ. דאָרט זענען געווען דריי הייזער מיט פאַרמשפּטע פאַר טרעבלינקע. איינס — פול מיט ציגיינער און צוויי — מיט יידן. פאַר אונדז האָט מען געפונען אַ ווינקל אויפן בוידעם פון איין הויז. עס האָבן זיך דאָרט געפונען יידן פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. מיר האָבן אַלע געוווסט וואָס אונדז דערוואַרט און די שטימונג איז געווען, ווי ביי פאַרמשפּטע צום טויט פאַרן אויספירן דעם אורטייל.

די הייזער זענען ביינאַכט געווען אַרומגערינגלט דורך די דייטשן, וועלכע האָבן אַריינגעשאָסן דורך די פענצטער. אינדערפרי האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן

אין דרויסן, ווו איבער אונדזערע קעפּ זענען אומאויפהערלעך געפלויגן קוילן. די לאָשיצער האָבן זיך געהאַלטן, ווי ווייט מעגלעך צוזאַמען. לעבן מיר זענען געווען עלקע און שרה. שרה (ליבערמאַן) האָט באַקומען אַ קויל אין אויער און זיך באַגאָסן מיט בלוט. ווען איך האָב זי געפרעגט צי עס טוט איר זייער וויי, האָט זי געענטפערט: „אַ שאָד, וואָס זיי האָבן נישט געטראָפן אַביסל העכער, אין שלייף, וואָלט שוין געווען נאָך אַלעמען".

ווי בהמות האָט מען אונדז אַוועקגעטריבן צו דער באַן און אָנגעשטאָפּט מיט אונדז די פּי־וואַגאָנען. מען האָט פאַרקלאַפּט די טירן און די באַן האָט גערירט. איך בין אַריינגעפאַלן צווישן עטלעכע עלטערע פרויען. זיי האָבן גלייך מיך גענומען שטופן צום פענצטער: „שפּרינג אַרויס, ביסט אַזוי יונג און ענלעך צו אַ שיקסע..." מען האָט מיר ממש נישט געלאָזט אריינקלערן אין מיין לאַגע. איינע פון די פרויען האָט אויסגעטאָן אַ בריליאַנטענעם רינג, אים אָנגעטאָן מיר אויף אַ פינגער און פשוט מיך אַרויסגעוואָרפן דורכן וואַגאָן־פענצטער... ווי דורכן חלום געדענק איך, ווי איך בין געפלויגן... אָן באַוווסטזיין. אַרום מיר האָבן געפייפט קוילן... איך בין געפאַלן אין ווייכן שניי...

דאָס איז געווען דעם 28־טן נאָוועמבער, אָנהויב אָוונט.

*

איך בין אויפגעשטאַנען, אַרומגעטאַפּט זיך צי איך בין נישט פאַרוווּנדעט. איך בין אַוועק דורכן פאַרשנייעטן פעלד אין דער זייט פון נאָענטן דאָרף. כ'האָב נישט געוואַגט אָנצוקלאַפּן אין אַ טיר... איך האָב איבערגעוואַכט די נאַכט אין אַ קלאָזעט ביים ראַנד פון דאָרף.

אינדערפרי האָט מיך געטראָפן דער פויער, דער אייגנטימער פונעם קלאָזעט — ער האָט מיך אַוועקגעטריבן, נישט געוואָלט אריינלאָזן אפילו זיך אָנוואַרעמען. אַ צווייטער פויער האָט מיך יאָ אַריינגעלאָזט אין זיין כאַטע, געלאָזט זיך אָנוואַרעמען, געגעבן עסן, אָבער אונטערגעאיילט איך זאָל וואָס שנעלער אַוועק...

ווהין זאָל איך גיין?...

איך האָב זיך געפרעגט אויפן וועג קיין מאָרד, קלערנדיק אָנצוקומען צוריק קיין לאָשיץ. אַזוי בין איך געגאַנגען פערציק קילאָמעטער. אין דער מערהייט שטיבער אויפן וועג, אין וועלכע איך האָב אָנגעקלאַפּט, האָט מען מיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן — דערקענט, אַז כ'בין אַ „זשידוואַ"... אין מאָרד שוין האָט מיר עפּעס אַן אָרעמער פויער יאָ געגעבן צו עסן. דאָס שטעטל איז געווען ליידיק, צערויבט, בלוט אויף די שטיינער — קיין איין ייד נישט... כ'בין אַוועק ווייטער, אַדורך דאָס דאָרף סקאַלימאָווע, וואָס איז אַזוי באַקאַנט געווען אונדזערע לאָשיצער — קיינער האָט מיך אויך דאָ נישט געוואָלט אויפנעמען. אַרום 8 אין אָוונט בין איך, ווי א געיאָגטער הונט, אַריין אין סקאַלימאָווער וואַלד, אַן אָרט וואָס דערמאָנט אַזוי אין אונדזערע יוגנט־אויספלוגן... איך האָב זיך אוועקגעלייגט,

ווי אַ חיה, אויפֿן גראָז און זיך נאָכאַמאָל גוט אויסגעוויינט. וואָס האָב איך מער געקאָנט טאָן? דאָס האָט מיך אַביסל באַרואיקט, לייכטער געמאַכט און כ׳בין אין דער פֿינצטער אַוועק ווייטער.

שפּעט ביינאַכט בין איך אָנגעקומען אין דאָרף סוכאָדאָלקי. וואָס איינצו־שטעלן האָב איך דאָך שוין נישט געהאַט — איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער כאַטע, ווו עס איז געווען ליכטיק.

עס האָט מיר געעפֿנט אַ מיטליאָריקע פּוילישע פֿרוי. זי האָט אויף מיר געקוקט מיט פּאַרדאַכט, דערקענט, אַז איך בין אַ געפּלאָגטע „יידישקע״, אָבער געגעבן מיר צו עסן, נישט פֿרעגנדיק גאָרנישט, געלאָזט זיך מיר אַרומוואַשן און — געלייגט אין אַ וואַרעם בעט אַריין שלאָפֿן.

אינדערפֿרי איז צוגעקומען צו מיר די פֿויערטע, אָסטאַפּאָוואַ האָט מען זי גערופֿן, און מיר איבערגעגעבן די סיבה פֿון איר גאַסטפֿריינטלעכקייט. זי האָט צוויי טעכטער, האָט מען גערופֿן איינע פֿון זיי זי זאָל זיך צושטעלן אויף צו פֿאָרן קיין דייטשלאנד אַרבעטן. זי האָט מיך געפֿרעגט צי איך וויל נישט פֿאָרן אויפֿן אָרט פֿון איר טאָכטער, מיט אירע דאָקומענטן, „דאָ וועסטו זיך דאָך סיי־ווי נישט קאָנען ראַטעווען״... איך בין גלייך איינגעגאַנגען. די פֿרוי האָט מיר געגעבן פּויערישע קליידער, פֿאַרפּאַקט אַ פּעקל עסן און מלבושים, ווי פֿאַר אַן אייגן קינד און מיך אַליין אַוועקגעפֿירט, אַלס מאַמע, אין אַרבעט־אַמט פֿון די דייטשן אין מאָרד. איך האָב גוט איינגעשטודירט מיין נייעם פּוילישן נאָמען, מיין אָפּשטאַם, די נעמען פֿון די עלטערן, זיידע־באָבע... ביים פֿאַרשרייבן זענען דאָך געווען שוועריקייטן, האַרץ־קלאַפּעניש, אָבער כ׳בין בשלום אַדורך דעם עקזאַמען און אָנגענומען געוואָרן אַלס פּעלאַגיאַ לוקאַשוק אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

באַלד אין באַן, וואָס האָט מיך, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פּוילישע פֿרויען, געפֿירט פֿון מאָרד קיין שעדלעץ — איז געקומען דער ערשטער מכשול. אַ פּויליש דינסט־מיידל פֿון לאָשיץ, אָלימפּקאַ, איז אויך געפֿאָרן מיטן זעלבן עשאַלאָן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. זי האָט מיך, פֿאַרשטייט זיך, באַלד דערקענט... עס האָט זיך מיר, אָבער, איינגעגעבן אַרויסצודרייען פֿון אירע הענט און זי האָט מיך נישט אויסגעגעבן; לאַנג, אָבער, וואָלט זי מיר, בין איך זיכער, נישט געלאָזט אויסבאַהאַלטן מיין יידישקייט. זי וואָלט מיך, ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק, אויב נישט ניכטער איז שיכורערהייט, פֿאַרשיט. צו מיין גליק האָט די קאָמיסיע אין וואַרשע, דורך וועלכע אַלע קאַנדידאַטינס האָבן נאָך געדאַרפֿט דורכגיין, די אָלימפּקאַ געפּסלט און כ׳האָב זי פֿאַרלוירן פֿון אויג.

איך בין אָנגעקומען קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט אין אַן עראָפּלאַן־פֿאַבריק. עס איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלן מיין איבעראַשונג, ווען איך בין דעם ערשטן טאָג געקומען צו דער אַרבעט און ביים זעלבן טיש, ווו מען האָט מיך אַוועקגעזעצט, האָב איך געטראָפֿן אַרבעטן אַ פּויליש מיידל — פֿון לאָשיץ,

קאַסיאַניקוונאַ... איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אויפֿן פּלאַץ חלשן. זי האָט מיך, אָבער, נישט דערקענט, — די איבערלעבונגען פֿון די לעצטע חדשים האָבן, ווייזט אויס, געלאָזט שטאַרקע צייכנס אויף מײַן פּנים, געענדערט עס, געעלטערט דער עיקר. עטלעכע טעג האָב איך געציטערט, ווען זי האָט צו מיר אַ קוק געטאָן — זי האָט מיך פֿאָרט נישט דערקענט און כ'האָב זיך באַרואיקט.

צוויי און אַ האַלב יאָר האָב איך געאַרבעט אין דײַטשלאַנד אַלס פּויליש מיידל. נישט איינמאָל בין איך געווען אונטער דער דירעקטער געפֿאַר אַנטדעקט צו ווערן. די געסטאַפּאָ האָט אונדז געהיטן און אָפֿט געפֿאָרשט, שטאַרק בודק געווען די דאָקומענטן און געבורט־מעטריקעס. אָפֿט איז מיר פֿאַרמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן אין דער שטענדיקער סכּנה, ווען איך האָב זיך פֿאַר די ווענט געדאַרפֿט היטן מיט אַ וואָרט. אָבער איך האָב דאָך אַלץ אַריבערגעטראָגן. פֿון צווישן 200 מיידלעך האָט מען מיך אויסגעוויילט, מיט נאָך פֿינף אַנדערע, און געשיקט אויף אַ פֿאַרפּולקאָמונג־קורס ביי טאָקערײַ — די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, 12 שעה טעגלעך, ביי ווייניק עסן. איך האָב אָבער אויסגעהאַלטן ביז די ענגלענדער האָבן באַפֿרייט די געגנט ביי האַמבורג, ווו די פֿאַבריק האָט זיך געפֿונען.

*

ווען איך בין, גלייך נאָך דער באַפֿרייאונג, געקומען אין דער יידישער קהילה אין האַמבורג און געבעטן מיך רעגיסטרירן אַלס יידישע פֿרוי, — האָט מען מיר נישט געגלויבט. מען האָט מיט חשד געקוקט אויף מיינע פּוילישע דאָקומענטן, אויף מײַן „אַריש" פּנים און געפֿרעגט מיט וואָס איך קאָן אויפֿווייזן מײַן יידישקייט... מען האָט מיר געגעבן אַ סידור און געהייסן דאַוונען. ווען כ'האָב מיט טרערן אין די אויגן גענומען אויפֿן קול זאָגן די תּפֿילות, האָבן זיי זיך איבערצייגט...

שפּעטער האָב איך דאָס זעלבע דורכגעלעבט אין בערגען־בעלזען. אין לאַגער האָט מען מיך אויסגעמיטן, געמיינט, אַז איך בין טאַקע אַ פּוילישע, וואָס פֿאַרשטעלט זיך איצט אַלס יידישקע, כּדי צו געניסן פֿון „דזשאָינט"־הילף...

כ'האָב זיך געפֿילט אין גלות צווישן יידן...

מען האָט מיך סוף־כּל־סוף אָפּגעשיקט קיין שוועדן, פֿון וואַנען איך בין געקומען קיין ישׂראל.

ברכה זילבערבערג־ראָזנבוים

## געטאָס, אויסזידלונג און אַרבעט אין דײַטשלאַנד

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1939, האָב איך געוווינט מיט מײַן מאַן, משה האָכמאַן, און אַ קליין קינד, ביי מיינע עלטערן, אין מאַרק. באַלד ווי די דײַטשן זענען אַריין, האָבן זיי אָנגעהויבן כאַפּן מענער אויף „אַרבעט". אַזוי ווי דאָס כאַפּן צו אַרבעט פֿלעגט מערסטנס פֿאָרקומען ביינאַכט, פֿלעגן מײַן

פאָטער, מיין מאַן און מיין ברודער לייבוש אַוועקגיין אויף די נעכט פון דער היים און זיך אויסבאַהאַלטן ביי הינטערשטאָטישע פויערים. אָבער נישט לאַנג האָבן פּאָליאַקן געוואָלט אויסבאַהאַלטן ביי זיך יידן, אפילו גוטע באַקאַנטע און אפילו פאַר געלט.


פראַדל ראָזענבוים

ווען עס איז איינגעפירט געוואָרן דאָס געטאָ אין לאַשיץ, איז אונדזער וווינונג איינגעשלאָסן געוואָרן אינעם געטאָ. אין אונדזער דירה האָבן שוין דעמלט געוווינט, אויסער אונדז, נאָך פיר משפחות פּליטים. איך, מיט מיין מאַן און קינד, האָבן געוווינט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן און ברודער, אין איין צימער. אַזוי האָבן מיר אַלע זיך געהאַלטן צוזאַמען ביזן בלוטיקן שבת.

דורכן פענצטער פון אונדזער וווינונג האָבן מיר באַלד אינדערפרי געזען ווי אַ דייטש האָט געשאָסן אַ יודנראַטלער, ווען ער האָט געוואָלט אַדורכגיין דעם מאַרק, ווייזנדיק זיין אָפּצייכן. פון דעם האָבן מיר גלייך געדרונגען, אַז עס גרייט זיך עפּעס אויסערגעוויינלעכס קעגן אונדז.

אַרום 10 אַזייגער פאַרמיטאָג האָט די יידישע פּאָליציי גענומען קלאַפּן אין די טירן — אַלע זאָלן אַרויסגיין אויפן מאַרק, מיטנעמען די וויכטיקסטע זאַכן, ווייל מען גייט אונדז עוואַקואירן. טויזנטער יידן האָבן גענומען שטראָמען אויפן מאַרק אַרויס. דער זאַמל־פּונקט איז געווען צווישן דער שורה מאַרק־הייזער, וווּ מיר האָבן געוווינט, ביז די הייזער, וווּ עס האָט געוווינט חיה־שרה־צאַלטשעכעס.

מיר האָבן גלייך דערזען, אַז אונדזער לעבן איז מער גאָרנישט ווערט. פון דער ביאַלער גאַס זענען אָנגעקומען טאַקסיס מיט דייטשן, זענען זיי אַריין אין פאַרזאַמלטן המון, אַרויף אויף די מענטשן און גלייך האָבן זיך דערהערט קרעכצן פון איבערגעפאָרענע און פאַרוואונדעטע.

איך געדענק ווי גרשון לעווין האָט אויסגערופן, אַז פרויען זאָלן זיך שטעלן באַזונדער און מענער באַזונדער. איך בין געבליבן מיט מיין מוטער — מיין פאָטער, מיין מאַן און מיין ברודער זענען אַוועק באַזונדער. מער האָבן מיר זיי שוין נישט געזען... די מענער האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען און געטריבן צופוס. אונדז, פרויען, האָט מען אַרויפגעזעצט אויף פויערישע פורמאַנקעס און אַוועקגעפירט קיין שעדלעץ. דורכפאָרנדיק פאַרביי די מענער־רייען, האָב איך נאָך באַמערקט מיין פאָטער — אַ בליק געטאָן אויף אים צום לעצטן מאָל.

דער שאָסיי קיין שעדלעץ איז שוין געווען פאַרזייט מיט טויטע יידן. דייטשן מיט מאַשינגעווער זענען געפאָרן אויף ביידע זייטן וועג און געשאָסן יעדן, וואָס

האָט געפּרוּווט אַנטלויפֿן, אָדער איז אָפּגעשטאַנען אין גאַנג, אָדער ווען עס האָט זיך זיי סתם פֿאַרוואָלט שיסן. ווען מיר זענען דורכגעפֿאָרן מאָרד, איז דאָס שטעטל שוין געווען ליידיק; אויפֿן מאַרק און ביי די טירן פֿון די ייִדישע הייזער זענען געלעגן צענדליקער און צענדליקער טויטע.

מען האָט אונדז מיט די פֿירן אַריינגעפֿירט קיין שעדלעץ, ביזן שיל־הויף, וווּ מען האָט אונדז געהייסן אַראָפּגיין. אויפֿן פּלאַץ זענען שוין געזעסן איינגעקוועטשט טויזנטער ייִדן און מען האָט אויך אונדז אַריינגעטריבן צווישן זיי. ביים אַריינגאַנג אויפֿן פּלאַץ איז געשטאַנען אַ שפּאַלער מיט דייטשן און געקלאַפּט מיט נאַהייקעס איבער די קעפּ. ווער עס איז געפֿאַלן פֿון די קלעפּ, איז מער נישט אויפֿגעשטאַנען, ער האָט זיך נישט באַוויזן אויפֿצושטעלן, ווייל די געיאָגטע הינטער אים זענען אַרויף אויף אים און אים צעטראָטן.

איך האָב נאָך ביז דעמלט באַוויזן זיך צו האַלטן צוזאַמען מיט מיין מוטער און מיר האָבן ביידע באַשיצט מיין פֿיר־יאָריק קינד. צוזאַמען האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד.

ביי די זייטן פֿונעם הויף זענען געזעסן דייטשע סאָלדאַטן מיט מאַשינגעווער. זיי האָבן געזויפֿט, געלאַכט, געחוזקט און ווען עס האָט זיך זיי נאָר פֿאַרגלוסט — אַריינגעשאָסן צווישן די זיצנדיקע ייִדן. ביינאַכט האָט געמוזט זיין רויִק. טאָמער האָט ערגעץ אַ קינד אַ וויין געטאָן, איז גלייך געפֿאַלן אין יענעם ווינקל אַריין אַ שנירל קוילן.

אינדערפֿרי האָבן זיך די דייטשן געריצט מיט אונדז. געפֿרעגט ווער ס'איז דורשטיק און געהייסן גיין נעמען וואַסער, — אָבער ווער עס האָט זיך דערוועגט דאָס צו טאָן, איז דערשאָסן געוואָרן. מ'האָט געמוזט זיצן איינגעבויגן, ווייל ווער עס האָט געפּרוּווט אויסגלייכן דעם רוקן, האָט באַקומען אַ קויל אין קאָפּ. לעבן מיר האָט אַ קויל געטראָפֿן דעם אָלעאַרניקס פֿרוי פֿון לאָשיץ. איר טויטער קערפּער איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף מיר מיט מיין קינד. איך האָב קוים באַוויזן זיך אַרויסצו־באַקומען פֿון אונטערן קערפּער און אַרויסשלעפּן לעבעדיק מיין קינד. אַזוי זענען מיר געזעסן, אָן עסן און אָן טרינקען, דריי נעכט און צוויי גאַנצע הייסע טעג. איך האָב מער קיין כּוח נישט געהאַט אויסצוהאַלטן. איך האָב זיך געוואָלט אויסגלייכן, כּדי מען זאָל מיך שיסן. מיין מאַמע, לעבן מיר, האָט דאָס, אָבער, נישט געלאָזט טאָן. זי האָט מיך געמוטיקט און אַריינגעגעבן כּוחות.

אויפֿן דריטן טאָג האָט מען אונדז געהייסן אויפֿשטיין און גענומען יאָגן אין דער ריכטונג פֿון דער באַן־סטאַציע. לעבן די באַן־שינעס בין איך אַנידערגע־פֿאַלן. איך האָב מער נישט קיין כּוח געהאַט צו גיין. מיין מאַמע האָט זיך נאָך געפֿונען לעבן מיר — זי האָט מיך געריסן ביי די האָר, איך זאָל קומען צו זיך און אויפֿשטיין. זי האָט נאָך געפֿירט ביים הענטל מיין קינד. איך בין אויפֿגע־שטאַנען. כּדי ס'זאָל מיר זיין לייכטער צו גיין, האָב איך אויסגעטאָן דעם מאַנטל און די שיך און אַלץ אַוועקגעוואָרפֿן. אָבער אַ פּאָר טריט ווייטער בין איך ווידער אומגעפֿאַלן. איך האָב פֿאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן

ווייס איך נישט. פּלוצלינג האָב איך דערפילט וואַסער אין מויל... איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. ווען איך האָב מיט מי געעפנט די אויגן, האָב איך דערזען לעבן זיך שטיין צוויי דייטשע סאָלדאַטן, מיט שיינע מונדירן און באַוואָפנט. זיי האָבן זיך צו מיר אַראָפּגעבויגן און געזאָגט אויף דייטש: „פריילן, ראַטעוועט זיך... לויפט שנעל אַוועק פון דאנען...״ איך האָב נאָר געקאָנט אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, ווי זאָגנדיק: „לאָזט מיר צורו... ס׳איז מיר שוין אַלצאיינס...״ כ׳האָב צוריק פאַרמאַכט די אויגן און זיך נישט גערירט פון אָרט. די צוויי דייטשן האָבן מיך, אָבער, נישט אָפּגעלאָזט, זיי האָבן מיך אָנגענומען פאַר די הענט און אויפגעשטעלט. זיי האָבן צו מיר געשעפּטשעט, ווי בעטנדיק: „ראַטעוועט זיך... באַלד קומט געסטאַפּאָ...״ זיי האָבן מיר געגעבן אַ פלאַש וואַסער. איך האָב געטרונקען. לעבן מיר האָב איך געטראָפן שטיין מיין מאַמעס שיך — זי האָט זיי מיר איבערגעלאָזט, אפשר ווען זיי מיר צונוץ קומען, ווען זי האָט געזען, אַז גיין מיט איר צוזאַמען קאָן איך שוין נישט. זי איז אַוועק צוזאַמען מיט מיין קינד צו די וואַגאָנען, וועלכע האָבן זיי אָוועקגעפירט קיין טרעבלינקע. מער האָב איך זיי נישט געזען און נישט געהערט פון זיי.

די צוויי סאָלדאַטן האָבן מיך נישט געלאָזט צוריק אַוועקפאַלן. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אויף עטלעכע ביימער פון דער צווייטער זייט באַן־ליניע און מיר געהייסן דאָרט זיך באַהאַלטן. איך בין אַוועק אין דער זייט פון די ביימער, אָבער איך האָב זיך נישט באַהאַלטן צווישן זיי, נאָר געבליבן זיצן פאַר זיי. איך האָב זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן, — נישט געווען ביי מיר קיין שום ווילן, קיין שום לוסט צו בלייבן לעבן. איך האָב מער נישט געקלערט וועגן לעבן, אויב איך בין בכלל אין יענעם מאָמענט געווען מסוגל וועגן עפּעס צו קלערן, צו דענקען.

איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסן אויפן גראָז לעבן די ביימער; מעגלעך, אַז שעהן און מעגלעך, אַז נאָר געציילטע מינוטן. עס זענען אָנגעקומען צוויי געסטאַפּאָ־לייט, רייטנדיק אויף פערד. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו מיר. אָבער איך האָב נישט געפילט קיין שום מורא, איך בין געווען גלייכגילטיק צו אַלץ. ווידער איז געשען עפּעס אַ מין נס: זיי זענען דורכגעריטן האַרט לעבן מיר, נאָר אַ האָר האָט געפעלט, אַז די פערדישע פּאָדקאָוועס זאָלן אויף מיר אַרויפטרעטן, — אָבער זיי האָבן מיך, זעט אויס, נישט באַמערקט. זיי האָבן נישט געשאָסן אין מיר, כאָטש איך האָב גלייכגילטיק דאָס דערוואַרט.

אין דעם מאָמענט, ווען די געסטאַפּאָ־לייט זענען פאַרביי, איז אין מיר געקומען דער איבערברוך. עס האָט מיך פּלוצלינג פאַרלאָזט די גלייכגילטיקייט און אָפּהענטיקייט און אויף זייער אָרט איז געקומען אַ לעבנס־ווילן, עפּעס א שטומער באַשלוס — איך דאַרף לעבן!

נישט ווייט פון די ביימער, הינטער וועלכע איך בין געזעסן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַלד. איך בין אַריין אין דאָזיקן וואַלד. ראשית־כל האָב איך צעריסן מיין יידישע „קענקאַרטע״ און אַלע איבעריקע דאָקומענטן, וואָס האָבן געקאָנט אַנטדעקן מיין יידישקייט. און דאַן האב איך גענומען גיין, נישט וויסנדיק וווהין

איך גיי, אָבער מאַכנדיק פּלענער, וואָס צו זאָגן די אָנגעטראָפענע מענטשן. איך בין צוגעקומען צו אַ דאָרף און אריין אין ערשטן הויז. איך האָב געטראָפן דאָרט אַן עלטערן פּאָליאַק, וועלכן כ'האָב געפרעגט צי ער קאָן מיך פירן קיין מאָרד. איך האָב אים דערציילט אַ געשיכטע, וואָס איך האָב אויפן וועג אויסגעטראַכט, אַז איך בין אַ שמוגלערין און האָב אין מאָרד ליגן פלייש... ער האָט פאַרלאַנגט 300 זלאָטעס. איך האָב איינגעשטימט, — איך האָב געהאַט ביי זיך 450 זלאָטעס. דער פּאָליאַק איז אַריין אין שטוב און מיך געלאָזט וואַרטן אויפן הויף. באַלד איז אַרויסגעקומען זיין פרוי, וועלכע האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיטן בליק און גלייך געפרעגט: „ביסט אַ יידישקע?״ ס'האָט נישט געהאַט קיין זין צו לייקענען און איך האָב מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ באַשטעטיקט: יאָ... „אויב אַזוי״, האָט זי געענטפערט, „קאָסט די רייזע קיין מאָרד 400 זלאָטעס״. איך האָב מסכים געווען.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן באַגינען און די פויערים האָבן מיך אריינגעפירט אין סטאָדאָלע איבערצונעכטיקן. די פרוי האָט מיר געבראַכט עסן, אַ טאָפּ וואַרעמע מילך. איך האָב זיך פּשוט מחיה געווען. נאָך עטלעכע טעג הונגער, דורשט, שלאָפלאָזיקייט און שרעקלעכע איבערלעבונגען — האָב איך אָפּגעגעסן צו דער זעט און איינגעשלאָפן אויפן שטרוי.

באַגינען האָט דער פויער געשפּאַנט זיין פערד־און־וואָגן און מיר זענען אַרויסגעפאָרן אין דער ריכטונג קיין מאָרד, וועגן לאָשיץ האָב איך דערווייל מורא געהאַט צו רעדן. אויפן וועג האָב איך דעם פויער דערציילט, אַז איך בין פון לאָשיץ און ווער איך בין. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געקענט מיין פאָטער. ער איז איינגעגאַנגען מיך צו פירן ווייטער ווי קיין מאָרד, צום דאָרף כרושניעוו, נישט־ווייט פון לאָשיץ. אין אַ קאָלאָניע, ביי כרושניעוו, האָט געוווינט אַ פויער, וועלכן מיין טאַטע האָט גערעכנט אַלס אַ פריינט און ער האָט ביי אים איבערגעלאָזט געלט און ווערט־זאַכן, ממש אַ פאַרמעגן. נישט ווייט פון דער קאָלאָניע בין איך אַראָפּ פון וואָגן, באַצאָלט דעם באַלעגאָלע און אים אַוועקגעשיקט. צוליב פאָרזיכטיקייט האָב איך נישט געוואָלט ער זאָל וויסן צו וועמען איך גיי.

די טיר האָט מיר געעפנט די פרוי פונעם פויער. דערזעענדיק מיך איז זי אזש בלאַס געוואָרן. זי האָט מיך נישט אַרויפגעלאָזט אפילו אויף דער שוועל פון איר שטוב. „איך האָב מורא...״ — האָט זי געזאָגט. איר מאַן, וואָס איז באַלד אָנגעקומען, האָט מיר געראַטן צו גייז קיין קאָבילאַן, אַ דאָרף, ווו עס אַרבעטן יידישע מיידלעך.

בלית ברירה האָב איך אָנגענומען זיין עצה און אַוועק קיין קאָבילאַן. דאָרט האָב איך טאַקע געטראָפן אין אַ הויף אַרבעטן יידישע מיידלעך, אָבער נישט קיין לאָשיצער. זיי האָבן נישט געוווּסט וועגן די גירושים אין דער געגנט. ווען איך האָב זיי איבערגעגעבן איינצלהייטן, זענען אַלע אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. איך האָב מיט זיי נישט געקאָנט פאַרבלייבן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט איך זאָל נעכטיקן מיט זיי. ביינאַכט פלעגט מען זיי ציילן... געראַטעוועט האָבן מיך צוויי לאָשיצער יידן, וואָס זענען פונקט אָנגעקומען, אייזשע־מאיר, אַ פּי־הענדלער

און יאָסל „קעלניע״, אַ שוסטער פון ביאַלע־גאַס. זיי האָבן מיך מיטגענומען שלאָפן אין אַ סטאָדאָלע, ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. מיט זיי בין איך געווען דריי טעג. דעם דריטן טאָג האָב איך באַמערקט דורכפאָרן אַ באַקאַנטן לאָשיצער פּאָליאַק, ראָמאַניוק זעכעל. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין לאָשיץ איז געשאַפן געוואָרן דאָס קליינע געטאָ. פאַר די לעצטע 40 זלאָטעס, וואָס איך האָב נאָך פאַרמאָגט, האָט ער מיך מיטגענומען קיין לאָשיץ.

אין קליינעם געטאָ האָב איך שוין געטראָפן באַקאַנטע און די איינציקע קרובה, וואָס איז מיר געבליבן פון דער גרויסער משפחה — ברכה זילבערבערג. דאָ האָט מען שוין געוווּסט גענוי וואָס עס טוט זיך אין טרעבלינקע. איינער, אַ לאָשיצער בחור, איז שוין געהאַט צוריקגעקומען פון אינעווייניק פון פאַרניכטונג־לאַגער גופא. ער האָט זיך באַהאַלטן אין אַן אויטאָ מיט קליידער פון די פאַרגאַזטע יידן און אַזוי־אַרום זיך אַרויסבאַקומען פון טרעבלינקע. מיר האָבן געוווּסט דעם סוף פון אונדזערע נאָענטע, געוווּסט, אַז דאָס זעלבע דערוואַרט אויך אונדז — אָבער געווען הילפלאָז, נישט געקאָנט זיך ראַטעווען.

פון קליינעם געטאָ האָט מען יעדן טאָג גענומען צען מיידלעך צו רייניקן די הייזער נאָך די יידן פון געוועזענעם גרויסן געטאָ. אויך איך בין געווען צווישן די רייניקערינס. דעמלט פלעג איך טרעפן מיינע פּוילישע חברטעס. „ראַטעווע זיך !..״ — האָבן מיר אַלע געראַטן. אָבער קיין איינע פון זיי האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי און נישט פאָרגעשלאָגן איר הילף... איינמאָל איז געקומען צו מיר יאַשאָ שיביצקי, וואַצעקס זון, און געזאָגט, אַז ער וועט מיר ברענגען אַ מעטריקע אַלס אַ פּוילישע און פון דעם וועט ער שפּעטער מאַכן אַ פּאַספּאָרט, כדי איך זאָל זיך קאָנען ראַטעווען. איך האָב געבעטן ביי אים צוויי מעטריקעס גלייכצייטיק, אויך פאַר מיין קוזינע ברכה.

מיט ברכהן בין איך איינמאָל אריין צו אונדז אין דער וווינונג, אין געהיים, אַז קיינער זאָל נישט זען, כדי אַרויסצונעמען צירונג, וואָס מיינע עלטערן האָבן באַהאַלטן אין אַ קאַפּליע פון אויוון. פיל קאַפּליעס פונעם אויוון זענען שוין געווען אַרויסגעהאַקט — מען האָט שוין געהאַט געזוכט, ווייסנדיק, ווו יידן באַהאַלטן זייערע פאַרמעגנס. מען האָט, אָבער, נישט אָנגעטראָפן אויף דער ריכטיקער קאַפּליע... איך האָב אַרויסגענומען נאָר דאָס בעסטע, וואָס איך זאָל קאָנען האַלטן ביי זיך, ווייל ווו אַוועקצולייגן האָבן מיר דאָך נישט געהאַט.

שפּעטער האָט מען מיך, מיט נאָך 9 מיידלעך, געשיקט קיין דזשיאַטקאָווסקי, אַ גוט לעבן לאָשיץ, אויף פעלד־אַרבעט. מיר האָבן געקאָפּעט קאַרטאָפל און געשלאָפן אין אַ שטאַל אויף שמוציקן שטרוי און געמוזט אָפּיאָגן די מייז. אַהין האָט מיר דער יונגער נורסקי, געשיקט דורך שיביצקין פון לאָשיץ, געבראַכט צוויי פאַלשע פּוילישע פּאַספּאָרטן, פאַר מיר און פאַר ברכה זילבערבערג. כ׳האָב אים דערפאַר אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע צירונג, וואָס איך האָב געהאַט, אויסער מיין מאַמעס אַ גאָלדן קייטל, וואָס איך האָב געטראָגן אויף זיך דורך אַלע שפּעטערדיקע צרות און שייד זיך נישט מיט דעם ביז היינט.

אין דזשיאטקאָווסקי, איך דערמאָן זיך נישט דורך וועמען, זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז דעם 23־טן נאָוועמבער, 1942, וועלן די דייטשן ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ אין לאָשיץ. דאָ האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט, אַז ברכהס פּאַספּאָרט האָט אַ „פעלער": די ארייננגעשריבענע שטאָט האָט זיך נישט געפונען אין דעם פּאָוויאַט, וועלכער איז געווען אויפגעשריבן, — די אויספילער האָבן פּשוט נישט געקענט די פּוילישע געאָגראַפיע... ברכה איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָשיץ, שוין אין די לעצטע טעג פון קליינעם געטאָ, כדי צו לאָזן פאַריכטן איר פּאַספּאָרט, זי איז אָבער מער נישט צוריקגעקומען, — זי האָט דאָרט געטראָפן אירע צוויי ברידער.

אין דזשיאַטקאָווסקי האָב איך זיך באַקענט מיט אַ פּוילישן בחור, וועלכער איז געקומען צוגאַסט צום פּריץ, ביי וועלכן מיר האָבן געאַרבעט. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו העלפן. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך אַרויספירן פון דער געגנט ווו אַלע קענען מיך, כדי איך זאָל קאָנען אָנהויבן באַנוצן מיין „אַרישן" פּאַספּאָרט. באַגינען, אַ טאָג פאַר דער פאָרגעזאָגטער ליקווידאַציע פונעם קליינעם געטאָ אין לאָשיץ, איז דער פּוילישער בחור צוגעקומען מיט אַ פאַרמאַכטער בריטשקע צו דער שטאַל ווו מיר האָבן גענעכטיקט און מיך איינגעלאַדן צו פאָרן מיט אים. איך האָב זיך געזעגנט מיט די איבעריקע לאָשיצער מיידלעך. מיר האָבן אַלע געוויינט. צווישן די מיידלעך איז געווען עלקע גראָסמאַן, שרה ליבערמאַנס שוועסטער, וועלכע האָט מיר געזאָגט: „מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז דו וועסט איבערלעבן... זאָלסט גריסן מיין שוועסטער שרה אין ארץ־ישראל..." איר לעצטן פאַרלאַנג האָבן איך דערפילט ערשט נײַנצן יאָר שפּעטער, בעת מיין באַזוך אין ישראל אין יאָר 1961.

איך האָב געבעטן מיך פירן צו דער זעלבער קאָלאָניע ביי כרושניעוו, ווו מען האָט מיך מיט אַ קורצער צייט צוריק נישט אריינגעלאָזט. אויפן וועג האָבן פּוילישע פּאָליציאַנטן אָפּגעשטעלט אונדזער בריטשקע. מיין באַשיצער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער אָפענער טיר מיט זיין צעשפּרייטן פוטער, פאַרשטעלנדיק מיך אינגאַנצן. די פּאָליציאַנטן האָבן אים אָפּן דערקלערט, אַז זיי זוכן יידן, ווייל מען מאַכט „יודענריין" די גאַנצע געגנט. „נו, איך בין דאָך נישט קיין ייד!..." — האָט ער זיי געענטפערט מיט אַ שמייכל, און זיי האָבן אונדז געלאָזט פאָרן, נישט אריינקוקנדיק אפילו אינעווייניק אין בריטשקע, ווו איך בין געזעסן און אינגאַנצן געציטערט.

די פּויערים אין דער קאָלאָניע האָבן מיך דאָס מאָל, ווען איך האָב זיי געוויזן מיין אַריש־פּוילישן פּאַספּאָרט, אריינגעלאָזט אין שטוב אַריין און געהאַלטן מיך באַהאַלטן ביי זיך א קנאַפּע וואָך. זיי האָבן מיר געגעבן אַ צלמל צו טראָגן אויפן האַלדז און אויסגעלערנט אייניקע קריסטלעכע תפילות און מנהגים, כדי איך זאָל קאָנען בעסער אָנגיין פאַר אַ קריסטין. דער פּויער האָט מיך צום סוף, אַרויסגעפירט פון שעדלעצער פּאָוויאַט, ווו די פּאָליציי האָט מיך געקענט, און צוגעפירט צו אַ דאָרף אין פּאָוויאַט פון ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ.

איך בין אַריין אין דער ערשטער פּויערים־כאַטע און געפּרוווט ווירקן אויף די

איינוווינערס פּאַטריאָטיש־פּויליש געפיל מיט אַזאַ מעשה: מען האָט מיך געכאַפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד און איך בין אַרויסגעשפּרונגען פון צוג, ווייל איך וויל נישט פאַרלאָזן פוילן, כדי צו העלפן די דייטשן... איך בעט אַרבעט ביי וואָס עס זאָל נישט זיין, נאָר פאַר עסן און שלאָפן... איך קאָן שטריקן...

די פויערים האָבן זיך אין אָנהויב באַצויגן צו מיר מיט אומצוטרוי, אָבער דאָך געגעבן מיר אויסצושטריקן וואָל־קליידער, ווען דאָס האָט זיי גאָרנישט געקאָסט, אויסער עסן און שלאָפן. עטלעכע חדשים האָב איך אַזוי געוואַנדערט פון איין פויערים־שטוב אין דער צווייטער, אין דעם ערשטן דאָרף און אין די שכנותדיקע. עס האָבן מיר דערביי נישט געפעלט קיין צרות. דאָ האָט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט מיר געוואָלט צונעמען מיין פּאַספּאָרט, אַ צווייטמאָל האָט מען אָנגעזאָגט „אָבלאַוועס אויף יידן און פאַרדעכטיקטע", פאַרדאַכטן בעתן איבערמעלדן זיך פון דאָרף צו דאָרף. פאַרטריבן פון די דערפער האָט מיך אַ „ליבע"־געשיכטע. אַ פּוילישער בחור האָט זיך אין מיר פאַרליבט און געוואָלט מיט מיר חתונה האָבן. ווען כ'האָב אים אָפּגעוואָרפן, זאָגנדיק אַז איך האָב אַ חתן אין מיליטער, האָט ער מיר פאָרגעהאַלטן: „איך ווייס, ביסט אַ זשידוווקאַ..." איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיך וועלן נוקם זיין אין מיר און איך מוז עוקר זיין פון דער געגנט. איך האָב באַשלאָסן זיך צו מעלדן פריייוויליק מיט מיין פּוילישן פּאַס, אַלס אַננאַ פּערקאָווסקי, ווי איך האָב אין אים געהייסן, אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אין ביאַלאַ־פּאָדלאַסקאַ איז געווען אַ דייטשער ווערביר־אַמט פאַר פּוילישע אַרבעטער. כ'האָב זיך דאָרט געמאָלדן. אויף דער פראַגע פון באַאַמטן פאַרוואָס איך טו דאָס, האָב איך געהאַט אַ גרייטן ענטפער: מיין חתן געפינט זיך אויף אַרבעט אין דייטשלאַנד און איך בענק צו אים... מען האָט מיך אַוועקגעפירט קיין לוקאָוו און פון דאָרט קיין לובלין, ווו מען האָט מיך געהאַלטן צוויי וואָכן, ביז מען האָט צונויפגעזאַמלט אַ טראַנספּאָרט פון טויזנט אַרבעטער.

די גאַנצע צייט האָב איך געלעבט מיט אַ שרעק — איך זאָל זיך נישט צונויפטרעפן מיט קיין לאָשיצער פּאָליאַק, וואָס קאָן מיך, ווילנדיק צי אפילו נישט־ווילנדיק, לייכט פאַרשיטן. און איך האָב זיך דאָך באַוויגן אין דער נאָענטער סביבה פון לאָשיץ. אַזוי האָב איך, איינשטייגנדיק אין דער קאָלייקע פון קאָנסטאַנטין קיין ביאַלאַ, ווען כ'בין געפאָרן זיך מעלדן צו דער אַרבעט, גלייך באַמערקט אַ לאָשיצער פּוילישן בחור. צום גליק האָט ער מיך נישט געזען. כ'האָב זיך אוועקגעזעצט מיטן פּנים צום פענצטער און נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ ביז ביאַלע...

און דאָך איז אַלץ אַדורך בשלום. אין אַפּריל 1943 בין איך אָנגעקומען קיין דייטשלאַנד. מען האָט מיך געשיקט אויף אַרבעט אין שטעטל אָסטערבורג, ביי שטענדהאַל, אין האָטעל־רעסטאָראַן „דער גאָלדענער לעווע". דריטהאַלבן יאָר האָב איך דאָרט געאַרבעט, צום ערשטן אַלס געוויינלעכע אויפרוימערין, שפּעטער אַלס אויפזעערין איבער די אַנדערע דינסט־מיידלעך. דאָס איז אַ שטאָט מיט אַ 50 טויזנט איינוווינער, וועלכע האָט רואיק געלעבט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה,

אפילו קיין איין מאָל נישט באַמבאַרדירט געוואָרן. די דייטשן, וואָס זענען געווען אין מיליטער, האָבן פאַרטראָטן פוילישע אַרבעטער און אַרבעטערינס.

ווען די אַמעריקאַנער האָבן פאַרנומען די שטאָט, אין 1945, בין איך אַוועק צוריק קיין פוילן, נאָך אַלץ אַלס אננא פערקאָווסקי — איך האָב געוווסט, אַז אויסגעבנדיק מיין יידישקייט, קאָן איך נאָר איינשטעלן מיין לעבן, צווישן די רעפּאַטריאירטע פוילישע אַרבעטער פון דייטשלאַנד גופא... און געמיינט האָב איך דערביי, אַז איך בין די איינציקע יידישע פרוי פון פוילן, וואָס איז געבליבן לעבן...

מען האָט מיך געבראַכט קיין וואַרשע און איך בין גלייך אָפּגעפאָרן קיין שעדלעץ, אויפן וועג קיין לאָשיץ. אין שעדלעץ האָב איך געטראָפן די ערשטע יידן. אומבאַקאַנטע, אָבער זיי האָבן מיך אויפגענומען ווי אַ שוועסטער. אין גאַס האָב איך געטראָפן דעם לאָשיצער פּאָליאַק פּיאָטער קאָפּריאַניוק. ווען ער האָט דערהערט, אַז איך וויל פאָרן קיין לאָשיץ, האָט ער זיך אזש איבערגעצלמט: „זאָלסט נישט דערוועגן... אין לאָשיץ מאָרדעט מען יידן...״ דאָך האָב איך גענומען גיין צו דער באַן — עס האָט מיך געצויגן „אַהיים״, אפשר איז דאָך עמעצער געבליבן... אויפן וואָקזאַל האָב איך געטראָפן אַ פוילישע מיידל פון לאָשיץ — זי האָט מיר ענלעך געוואָרנט: „וועסט נישט אַרויס קיין לעבעדיקע...״ און איך בין קיין לאָשיץ נישט געפאָרן.

קאָפּריאַניוק האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיינער אַ פעטער לעבט. איך האָב באַקומען זיין אַדרעס און בין אָפּגעפאָרן צו אים קיין לאָדזש.

אונדזער שטעטל לאָשיץ האָב איך מער נישט געזען.

פראַדל ראָזנבוים

## אַנטלויפנדיק פון גיהינום

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין 1939 בין איך געווען אַ יינגל פון 14 יאָר און זיך געלערנט שניידעריי ביי הערשל אָקסנהאָרן, יאָסל־אייזשעכעס. מיין פאָטער, אברהם וואָדע, איז געווען אַ דאָרפישער שניידער, וועלכן מען האָט אין שטעטל גערופן „דער לאַנגער וואָדע״. מיר האָבן געוווינט אויף דער ביאַלער גאַס נומער 1, ביים ראָג פון מאַרק, אין זעלבן הויז מיט גרשון שענקער. בעת דער מאָביליזאַציע, בעתן דייטשן איבערפאַל אויף פוילן, איז אַוועק אין מיליטער מיין עלטערער ברודער מאיר, וועלכן מיר האָבן באַגלייט אויפן וועג קיין שעדלעץ מיט געוויין, ווי צו א לוויה.

נאָך דער ערשטער באַמבאַרדירונג פון לאָשיץ, איז מיין פאַמיליע אַנטלאָפן אין דאָרף שוויניאַראָווע. דאָס איז געווען שבת שפּעט ביינאַכט. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין הויז פון אַ פויער, מיין טאַטנס אַ באַקאַנטן. ער האָט אונדז פריינטלעך אויפגענומען און געטרייסט. ער האָט אַליין פאָרגעלייגט צו שפּאַנען

אַ פערד־און־וואָגן און צוצופאָרן קיין לאָשיץ, כדי צו ברענגען די נויטיקסטע זאַכן פון אונדזער ווינונג, צוגעבנדיק: „און איר וועט זיין ביי מיר ביז עס וועט זיך באַרואיקן". מיר זענען טאַקע גלייך אַריינגעפאָרן קיין לאָשיץ, צווישן ברענענדיקע הייזער, מיט געהרגעטע אויף די גאַסן, און צוריקגעקומען קיין שוויניאראָווע מיט אַ פולער פור זאַכן. דער פויער האָט אונדז איינגעאָרדנט אין זיינעם אַ שייער.

מיין פאָטער, געהערנדיק צו דער חברה קדישא, איז געגאַנגען קיין לאָשיץ, כדי צו העלפן באַגראָבן די געפאַלענע פון דער באָמבאַרדירונג. ווען ער איז זונטיק צוריקגעקומען, האָט ער אונדז דערציילט פרטים וועגן חורבן און, אַז — פאָליאַקן רויבן אין די פאַרלאָזטע יידישע הייזער... עטלעכע טעג זענען מיר געווען ביים גאַסטפריינטלעכן פויער. איך מיט מיין ברודער מרדכי האָבן געאַרבעט ביי אים אויפן פעלד. מיין פאָטער האָט געזאָגט תהילים, בעטנדיק אויף בעסערע צייטן. אַזוי ווי עס האָט זיך נאָר אַביסל באַרואיקט, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט קיין לאָשיץ.

אין שטעטל האָט געהערשט אַ פּאַניק־שטימונג. פון די געגנטן, וואָס זענען שוין געווען פאַרנומען דורך די דייטשן, זענען מאַסנווייז יידישע פליטים געלאָפן אויף מזרח. אַנטלאָפענע פּוילישע סאָלדאַטן האָבן געבעטן ציווילע קליידער, כדי נישט אַריינצופאַלן אין געפאַנגענשאַפט. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט צוליבן פעלן ידיעות פון מיין ברודער מאיר, — מען האָט איבערגעגעבן, אַז זיין גאַנצער פּאָלק איז אומגעקומען אין קאַמף מיט די דייטשן. אונדזער פרייד איז, דעריבער, געווען אָן אומבאַשרייבלעכע, ווען ער האָט זיך אַ געוויסן טאָג באַוויזן אין לאָשיץ, אַן אויסגעמאַטערטער און הונגע־ריקער, נאָכן אַנטלויפן צופוס, אין משך פון לאַנגע טעג און נעכט, דורך פעלדער און וועלדער, אַרויסדרייענדיק זיך פון דייטשער געפאַנגענשאַפט.

*

ווען די רויטע אַרמיי איז צייטווייליק אַריין קיין לאָשיץ און די דייטשן זענען אַוועק, האָבן די יידן פרייער אָפּגעאָטעמט. די פאָליאַקן האָבן סאַרקאַסטיש געזאָגט, אַז „די יידישע באַפרייער זענען געקומען"... און די יידן האָבן זיי טאַקע זייער שיין מקבל־פנים געווען, מיט רויטע פענער. באַלד, אָבער, האָבן זיך די רוסן גענומען צוריקציען ביז אַריבער דעם בוג און אין שטעטל איז ווידער אויסגעבראָכן אַ פּאַניק. די יוגנט האָט, מערסטנטייל, באַשלאָסן מיטצופאָרן מיט דער רויטער אַרמיי. אויך איך האָב באַשלאָסן אַזוי צו טאָן. מיינע עלטערן האָבן זיך קעגנגעשטעלט און נאָר מיין אויפריכטיקע דראָונג מיט זעלבסטמאָרד, האָט זיי באַוויגן מיך צו לאָזן פאָרן צוזאַמען מיט מיינע דריי עלטערע ברידער. מיר האָבן זיך געזעגנט, טרייסטנדיק די עלטערן, אַז באַלד וועט זיך די מלחמה ענדיקן און מיר וועלן צוריקקומען...

אַ קורצע צייט זענען מיר געווען אין דראָגאָטשין, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער

ריי לאָשיצער פּליטים. עס זענען דאָרט, צווישן אַנדערע, געווען יוסף קאַניוכס קינדער און יאָסל־אייזשעכעס קינדער, ברוך, ישעיהו און הערשל אָקסנהאָרן. הערשל איז געפאָרן קיין לאָשיץ, כדי צו ברענגען די מוטער זייערע קיין דראָגאָטשין. די דייטשן האָבן אים אָבער באַמערקט אריינקומען אין שטעטל. ווען זיי זענען אים געגאַנגען אַרעסטירן, האָט אים אַ פּאָליאַק ווען דעם געמאָלדן און ער האָט גענומען אַנטלויפן דורכן פעלד. די דייטשן האָבן אים נאָכגעשאָסן און דערהרגעט.

פון דראָגאָטשין בין איך מיט מיינע ברידער מאיר, שעפסל און מרדכי, אַוועקגעפאָרן אין רוסישן שטעטל סטאַראַיאַ דאָראָגאַ, לעבן סלוצק. דאָרט זענען געווען פיל לאָשיצער. צווישן זיי: יצחק אייזנבערג, דער שלאָסער, מיט דער משפחה, צאַלקע זאַקרערס משפחה (אויך אייזנבערג), חיים־אורן קאַפּיטאָווסקי, און נאָך. יצחק שלאָסער האָט געאַרבעט ביי זיין פאַך און אויך צאַלקע מיט די קינדער — ביי זייער פאַך אַלס שוסטער. אַלע לאָשיצער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, זיך קעגנזייטיק געהאָלפן און געטרייסט. מען פלעגט זיך אָפט צונויפ־זאַמלען ביי יצחק שלאָסער, וועלכער איז שטענדיק געווען מוטיק און אויפגעלייגט און אַלעמען געמונטערט, רופנדיק צו האָפן אויף בעסערע צייטן. נאָר אין קאָמוניזם, וועלכן ער האָט אין לאָשיץ אָפּגעגעבן זיין גאַנץ לעבן, האָט ער מער נישט געגלויבט, — די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט האָט אים אויסגעניכטערט...

ווען די דייטשן זענען באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד, אין 1941, האָבן אַלע גענומען לויפן ווייטער אויף מזרח, טיפער קיין רוסלאַנד. מיר זענען שנעל פונאַנדערגעטיילט געוואָרן פון אונדזערע לאָשיצער פריינט. אויף די רוסישע וועגן האָב איך איינציקווייז פאַרלאָרן אויך מיינע ברידער און איך בין געבליבן איינער אַליין...

נחמן וואָדע

## אין פעלדער און וועלדער

אין יאָר 1938 האָט מיין פאַמיליע גענומען אין פאַכט אַ מיל אין סאַרנאַק און מיר האָבן זיך אַהין אריבערגעצויגן פון לאָשיץ. אין 1941 האָבן די דייטשן צוגענומען ביי אונדז די מיל און מיין גאַנצע פאַמיליע, אויסער מיך, צוריקגעפירט קיין לאָשיץ. איך בין געבליבן אין סאַרנאַק אַרבעטן ביי אַ פאָלקס־דייטש. אין גאַנץ סאַרנאַק זענען געבליבן ביי אַ 30 יידן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער באַן־ליניע. מען האָט זיי געהאַלטן הינטער אַ דראָט־פאַרצוימונג און שטאַרק באַוואַכט זיי געפירט צו און פון דער אַרבעט.

איין טאָג, אין 1942, זענען געקומען פון לאָשיץ קיין סאַרנאַק הערשל און יאָסל ליבערמאַן, משה טוביה־מאירס זין און אליהו און אברהם וויינשטאָק,

שמילקע פאַרבערס אייניקלעך. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז גאַנץ לאָשיץ איז אַרומגערינגלט דורך פאָליציי און מען לאָזט נישט אַריין און נישט אַרויס פון שטאָט. מען רעדט וועגן אויסראָטן אַלע יידן. זיי זענען קוים אַנטלאָפן לעבעדיקע פון שטאָט. אַן ערך אַ וואָך שפּעטער זענען יאָסל ליבערמאַן מיט אליהו וויינשטאָק אַוועק ביינאַכט קיין לאָשיץ, אויסגעגראָבן און געבראַכט די שטיקלעך גאָלד, וואָס זיי האָבן דאָרט פריער באַהאַלטן. צוזאַמען מיט זיי זענען דאַן געקומען קיין סאַרנאַק נחום און זכריה ליבמאַן, יחיאל אייזשעס צוויי זין.


אריה ליבערמאַן

מיר האָבן אַלע צוזאַמען גענומען מאַכן פּלענער, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען, ווייל מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז נאָכן ליקווידירן די יידן אין לאָשיץ, וועט באַלד קומען די ריי אויף די איבערגעבליבענע רעשטלעך און אַז מער ווי אַ פּאָר חדשים וועלן אונדז די דייטשן נישט לאָזן לעבן.

די 6 לאָשיצער: נחום און זכריה ליבמאַן, אליהו און אברהם וויינשטאָק, הערשל און יאָסל ליבערמאַן, מיט 2 סאַרנאַקער יידן, וועמענס נעמען איך געדענק נישט, האָבן געפונען צוזאַמען אַ באַהעלטעניש ביי אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען גזשעגאָרטשוק. דאָס איז געווען אין אַ קאָלאָניע לעבן אָרלאָווטשיצא. ביי דעם פויער איז די שטאַל געווען זייער נאָענט פון וווין־הויז. ער האָט צווישןביידע בנינים אויסגעגראָבן אַן אונטערערדישע הייל, וווּ די אַכט יידן האָבן זיך קוים געקאָנט אריינשטופּן. צו דעם באַהעלטעניש זענען געווען צוויי אריינגאַנגען — פון דער וווינונג און פון שטאַל. זיי פלעגן יעדעס מאָל געבן דעם פויער אַ שטיקל גאָלד און ער פלעגט זיי דערפאַר אַ צייט אריינגעבן עסן. זייער סוף איז געווען אַ טראַגישער. אין יאַנואַר 1943 האָט זיך גזשעגאָרטשוק איינמאָל אָנגעשיכורט און דורכן אריינגאַנג אין באַהעלטעניש פון דער וווינונג־זייט גענומען אַריינגיסן זידיק וואַסער. ווען די אומגליקלעכע יידן האָבן געוואָלט אַנטלויפן דורך דער שטאַל, זענען דאָרט געשטאַנען גזשעגאָרטשוקס אַ זון מיט נאָך אַ פּויער, מיט העק אין די הענט און זיי געהרגעט.

נאָר אליהו וויינשטאָק, אַ שווער־אָפּגעבריטער אויפן גאַנצן קערפּער, מיט

אַ פאַרברענט פנים, איז געלונגען צו אַנטלויפן. ער האָט געבעטן ביי פאַרבייגייער מען זאָל אים פירן צו דער פּאָליציי און מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין יאַנוור־פּאָדלאַסקי. די דייטשע פּאָליציי איז שפּעטער געקומען צו דעם פייער, געהייסן אים אויסגראָבן די טויטע קערפּערס פון די יידן און אים פאָטאָגראַפירט לעבן זיי מיט אַ האַק אין האַנט. דערנאָך האָט מען אים מיט דער גאַנצער פאַמיליע פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר „ראַטעווען יידן״...



פון רעכטס אויף לינקס: חיים וויינשטאָק, אליהו וויינשטאָק, יאָסל ליבערמאַן און חיים ליבערמאַן

די איינצלהייטן האָט מיר, נאָך דער באַפרייאונג, איבערגעגעבן גזשע־גאָרטשוקס אַ שכן, ווייזנדיק דעם קבר פון די דערמאָרדעטע. איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט אונטערגעצונדן, אַלס נקמה, דאָס הויז פונעם באַנדיט, — ער אליין איז נישט געווען.

אליהו וויינשטאָק איז דורך די דייטשן פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט. אַ לאָשיצער קריסטין האָט מיר שפּעטער געגעבן זיינס אַ יידיש בריוול, אין וועלכן ער האָט געבעטן איר אָפּצושרייבן זייער הויז אין לאָשיץ, פאַר געבן אים אין געהיים ברויט פאַרן טויט.

*

איך האָב, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, צו מיין גליק, נישט באַקומען קיין פּלאַץ ביי גזשעגאָרטשוקן...

אַ שטיקל צייט האָב איך זיך באַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק צוזאַמען מיט דער סאַרנאַקער פאַמיליע ראָזענבערג. דערנאָך בין איך אַוועק אין וואַלד אריין, זיך אָנשליסנדיק אין אַ גרופּע פון אַ 20 סאַרנאַקער יידן. זיבעצן מאָנאַטן האָבן מיר געלעבט אין וואַלד, ווי פאַרפאָלגטע חיות. בייטאָג זיך באַהאַלטן אין הייל

אָדער אויף דיביימער. ביינאַכט זיך דערנענטערט צו די דאָרפישע פעלדער און געגנבעט אַביסל קאַרטאָפל אָדער אַנדערע געוויקסן צו עסן.

געוועזן פּאָליאַקן, וואָס האָבן אונדז פאַרפאָלגט, אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער אייגן לעבן און אונדז געהאָלפן.

ווען אַ קריסט האָט איינמאָל איבערגעגעבן צו דער געסטאַפּאָ אַ באַהאַלטענעם ייד, אַ ברודער פון איינעם, וואָס איז געווען מיט אונדז אין וואַלד, האָבן מיר דעם קריסט ביינאַכט אַרויסגעשלעפּט פון שטוב און אים געהרגעט. אָבער אין אַלגעמיין זענען אונדזערע נקמה־מעגלעכקייטן געווען זייער באַגרענעצטע.

איך וויל דערמאָנען די פּאָליאַקן סאַרנאָווסקי און דאַנילוק, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן מיט ידיעות און מיט ברויט. דער לעצטער האָט מיך, אַ קראַנקן, געהאַלטן עטלעכע וואָכן ביי זיך אין שטוב און שפּעטער אַוועקגעפירט טיף אין וואַלד אַריין, אויף אַ זיכערן פּלאַץ.

צוריקגעקומען קיין לאָשיץ בין איך צוזאַמען מיט די ערשטע רייען פון דער סאָוויעטישער אַרמיי.

פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דער גאַנצער שוידערלעכער חורבן פונעם שטעטל, ווו כ'האָב נישט געטראָפן קיינעם פון מיינע נאָענטסטע.

אריה ליבערמאַן

## מיט לאָשיצער אויף פאַרשיקונג אין סיביר

צוזאַמען מיט נאָך פיל לאָשיצער זענען מיר אַנטלאָפן איבער דעם טייך בוג, נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן די גרענעץ צווישן דעם דייטשן און סאָוויעטישן טייל פוילן. די שטעט און שטעטלעך ביי דער סאָוויעטישער זייט פון טייך, ווי דראָהאָטשין, סעמיאַטיטשע, וואָלקאָוויסק, בריסק, זענען געווען פול מיט פליטים, „ביעזשענצעס", ווי די רוסן האָבן זיי גערופן, פון דער צווייטער זייט. די לאַגע פון די יידישע פליטים איז גלייך געווען אַ שווערע, — אָן אַרבעט, אָן וווינונג. פיל זענען טאַקע צוריקגעפאָרן, — נישט אַנענדיק, אַז זיי פאָרן אויף אַ זיכערן טויט. צווישן זיי זענען אויך געווען מיינע עלטערן.

איך, מיט מיין מאַן און קליינעם זונעלע, האָבן געוווינט אין בריסק, אויף דלוגע־גאַס 58. אונדזער וווינונג איז שנעל געוואָרן דער זאַמל־פונקט פאַר עטלעכע לאָשיצער פאַמיליעס, פליטים ווי מיר. דאָס זענען געווען: אברהם שטיינמאַנס, דעם מילערס, צוויי טעכטער, חנה און ליפּטשע, מיט זייערע מענער; הערשל קאַנענשטיין מיט זיין פרוי; יהושע גרינבערג מיט זיין פרוי; יאַנקל באַראָווסקי.

אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז אַלע פאַר־בליבענע יידן, פוילישע בירגער, וועלן גלייך צוואַנגס פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן, כדי אויסצומיידן די פאַרשיקונג.

ווען סאָלדאַטן, געקומענע מיט אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ, האָבן אונדז שבת פרי געזוכט, זענען מיר געווען באַהאַלטן אויפן בוידעם... נישט געפינענדיק אונדז, זענען זיי אָבער נישט אַוועק, נאָר געבליבן וואַרטן אין דער ווינונג.

נישט אָפּגערעדטערהייט, האָט יעדע פון די אויבנדערמאָנטע לאַשיצער פאַמיליעס אָנגענומען דעם זעלבן באַשלוס: ראשית־כל גיין צו אונדז, כדי זיך צו באַראַטן וואָס צו טאָן... די ערשטע זענען אָנגעקומען יהושע און חנה גרינבערג, שוין מיטן אָרעמען פעקל אונטערן אָרעם. די וואַרטנדיקע סאָלדאַטן האָבן זיי גלייך „פאַרבעטן" אין לאַסט־אויטאָ אַריין. דאָס זעלבע איז דערנאָך געשען מיט דער פאַמיליע קאָנענשטיין. דער זעלבער גורל האָט דערוואַרט, אײַנעם נאָכן צווייטן, אַלע אונדזערע לאַשיצער פרײַנט. דער וואַרטנדיקער לאַסט־אויטאָ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אונדזערע לאַנדסלייט. און מען וואַרט אַלץ אויף אונדז.


איטע בלאַטמאַן־זילבערשטיין

צו אונדזער באַהעלטעניש דערגייט די דראָונג, אַז די „ביעזשענצעס", וואָס וועלן זיך אויסבאַהאַלטן פון פאַרשיקונג, וועלן געמשפּט ווערן אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן... דערצו ווערט אונדזער ווינונג אויסגעליידיקט — אַלץ ווערט אויפגעלאָדן אויפן לאַסט־אויטאָ. מיר האָבן דאַן פאַרלאָזט אונדזער באַהעלטעניש און זיך געלאָזט אַוועקפירן צוזאַמען מיט אַלע לאַשיצער.

מען האָט אונדז אַרײַנגעזעצט אין ליידיקע לאַסט־וואַגאָנעס. די לאַשיצער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, ווי איין פאַמיליע. מיר זענען געזעסן אין איין ווינקל פון שמוציקן וואַגאָן — אַנטקעגן אַ גרופּע מעזריטשער יידן. פאַרשלאָסן, געהיט דורך נ.ק.וו.ד.־אַגענטן, אָן לופט, כמעט אָן עסן און אָן וואַסער, זענען מיר וואָכנלאַנג געפאָרן אויף מזרח, אַלץ ווייטער אין סיביר אַרײַן. פון באַן זענען מיר ענדלעך איבערגעזעצן אויף אַ „באַרזשע", אַזאַ טראַנספּאָרט־שיף, וואָס האָט אונדז געבראַכט קיין קאָמי, אַ ווייט־מזרחדיקע סאָוויעטישע רעפּובליק, וואָס איז געווען אונדזער פאַרשיקונג־אָרט. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ ווילדער געגנט, אַרומגערינגלט מיט אומענדלעכע וועלדער. די קעלטן ווינטער, וואָס ציט זיך גאַנצע 9 חדשים, דערגרייכן ביז 50 גראַד פראָסט. די אַרבעט

איז באַשטאַנען אין אויסהאַקן ביימער אינעם וואַלד. ביי דעם האָבן געאַרבעט טויזנטער פאַרשיקטע פון פרימאָרגן ביזן אָוונט.

געוווינט האָט מען אין שמוציקע הילצערנע באַראַקן. אַלע לאָשיצער, וועלכע מען האָט געהאַלטן פאַר איין משפחה, האָט מען ארייינגעפּאַקט אין איין צימער. מיר זענען געווען 12 פּערזאָן און אונדזער קליין קינד. מיר האָבן באַקומען אין צימער אריין זעקס בעטלעך — מער האָט נישט געקאָנט אריין. צווישן אונדז זענען געווען 5 פּאָרפּעלקער און צוויי בחורים — יאנקל באָראָווסקי און חנה



לאָשיצער פּליטים אין ראַטנפאַרבאַנד אין 1940: די משפחה פון וועלוול און שרה פייגנבוים מיט זייערע צען קינדער און ישעיה־גרוינעם אָקסענהאָרן

שטיינמאַנס אַ שוואָגער, יצחק — האָבן זיי אויך באַקומען איין בעטל און געמוזט שלאָפן צוזאַמען, כאָטש זיי האָבן צווישן זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אויסקומען. מיר האָבן צוזאַמען מיט אונדזער קינד אויך געשלאָפן אויף איין שמאָל בעטל.

איינס פון אונדזערע לאָשיצער פּאָרלעך — ליפּטשע שטיינמאַן און אביגדור ראָזענבוים — זענען נאָך געווען חתן־כלה, אומפאַרהייראַט. האָבן מיר שנעל איינגעאָרדנט אַ שטילע חתונה: אָפּגעבאַקן אַ פּאָר דאַרע קיכלעך און ער האָט זי מקדש געווען, אין אונדזער קעגנוואַרט, אַלס עדות, „כדת משה וישראל" מיט מיין חתונה־רינגל, וואָס כ'האָב אים געבאָרגט, — אַזוי האָבן זיי שוין רואיק געקאָנט שלאָפן אויפן געמיינזאַמען בעטל.

באַלד אין אָנהויב בין איך קראַנק געוואָרן אויף אַ טיפוס. איך בין עטלעכע וואָכן געלעגן מיט 40 גראַד היץ, אָן אַ דאָקטאָר, אַ גאַנצן טאָג אַליין מיט אַ פּיצל קינד, ווען אַלע זענען געווען ביי דער אַרבעט. ווען מיין מאַן איז אַמאָל נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, כדי צו היטן מיך מיטן קינד, האָט דער קאָמענדאַנט דערפאַר אויף מאָרגן צוגענומען אונדזער ברויט־קאַרטע, שרייענדיק מיט כעס, אַז „ווער עס אַרבעט נישט ביי אונדז, דער עסט נישט"... די לאָשיצער האָבן זיך, פאַרשטייט זיך, געטיילט מיט אונדז מיט זייער ברויט, ביז מיר האָבן צוריקבאַקומען אונדזער קאַרטע נאָכדעם ווי איך האָב זיך באַקלאָגט פאַר אַן אויספאָרשונג־קאָמיסיע, וועלכע האָט דעמלט צופעליק באַזוכט אונדזער באַראַק.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט הערשל קאַנענשטיינס פרוי, לאהטשע, געשוואַנגערט און געדאַרפט געבוירן אַ קינד. ווען זי האָט באַקומען ווייען האָט זי דער מאַן געפירט מיט אַ לאָדקע צוויי שעה איבערן טייך וויטשעגדא ביזן שטעטל קאָקוויצע, ווו ס'איז געווען אַ שפּיטאָל. די קימפּעטאָרין מיטן קינד צוריק פון שפּיטאָל האָט געבראַכט מיין מאַן, ווייל הערשל איז פּונקט געווען ביי אַרבעט אין אַ ווייטער געגנט. דער טייך איז דעמלט געווען שטורמיש און ס'איז אָנגעפאָרן אַ גרויסע דאַמף־שיף, וועלכע האָט מיטגעריסן די לאָדקע מיטן שטראָם. פּשוט מיט נסים האָבן זיי זיך געראַטעוועט און צוגעקומען צום ברעג.

אין באַראַק איז צוגעקומען אַ פערצנטער נפש, וואָס האָט דערצו גאַנצע נעכט געוויינט און קיינעם נישט געלאָזט שלאָפן. דאָך האָבן מיר דאָס קינד דערצויגן. אָן אַ דאָקטאָר, אָן אַ קראַנקן־שוועסטער. איך האָב מיטגעהאַט מיט זיך אַן „אַפּטייקל" מיט פאַרשידענע מעדיקאַמענטן, בין איך געוואָרן די „דאָקטאָרין" פון די לאָשיצער, צוטרעפנדיק מיט רפואות, ווען עמיצער איז קראַנק געוואָרן... איך האָב אויך דאָס קינד געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, אַרויסרייסנדיק אַ שוואם פון מיילכל, צוליב וועלכן עס האָט זיך געשטיקט. דאָס קינד איז היינט שוין אַ דערוואַקסענע ישראל־בירגערין.

שלעכטע דערנערונג, שווערע אַרבעט, קרענק, שמוץ — מיר האָבן אַלץ איבערגעטראָגן, ווייל מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, געהאָלפן איינער דעם צווייטן, ווי איין משפחה.

אויסערדעם האָבן מיר אויך געמוזט אַריבערטראָגן דערנידעריקונגען און אפילו בלבולים. אַזוי האָט דער אַרבעט־פירער אַמאָל אויסגעטראַכט אויף מיין מאַן, אַז ער האָט אַ זונטיק, אין אַ פראָסט, אַגיטירט די אַרבעטער זיי זאָלן נישט אַרבעטן, נאָר גיין אַהיים. מיט מי האָט זיך אונדז איינגעגעבן אויפקלערן דעם נאַטשאַלניק, אַז צוליבן גרויסן פראָסט איז קיינער, אויסער מיין מאַן, נישט געקומען צו דער אַרבעט און אַזוי אַרום האָט ער אויסגעמיטן אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך געקאָנט ענדיקן מיט אַן אורטייל פון 10 יאָר תפיסה.

נאָכן באַפרייען פון אַרבעט־לאַגער, האָבן מיר נאָך געהאַט וואַנדערונגען און צרות איבערן ראַטנפאַרבאַנד, ביז מיר זענען צוריקגעקומען, אין 1946, אויף

די חורבות אין פוילן. פון פוילן האָבן מיר אויסגעוואַנדערט קיין פראַנקרייך און אַלע איבעריקע לאָשיצער, וואָס זענען געווען מיט אונדז אויף דער פאַרשיקונג — קיין ישראל.

איטע בלאַטמאַן־זילבערשטיין

## פון היים־שטעטל ביז סיביר

געוויינלעך איז די לאָשיצער עלעקטראָווניע געווען טעטיק נאָר ביינאַכט, כדי צו באַלייכטן דאָס שטעטל. אָבער דעם 28־טן אַפּריל 1939 האָט מען ספּעציעל געלאָזט בייטאָג אין גאַנג די עלעקטראָווניע, כדי מען זאָל דורכן ראַדיאָ קאָנען אויסהערן היטלערס רעדע, אין וועלכער ער האָט געדראָט פוילן מיט מלחמה. איך האָב דעמלט אויך פאַרלאָזט מיין געשעפט און צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע געהערט ביי פאַלטע בעקערמאַן דעם ראַדיאָ. אין לאָשיץ איז שוין די שטימונג דאַן געווען אַ געדריקטע, — מען האָט שוין אין דער לופטן געפילט די אָנקומענדיקע מלחמה.

גלייך נאָכן אויסברוך פון דער פויליש־דייטשער מלחמה האָט די ערשטע באָמבע געטראָפן שבת נאָך מנחה אין אונדזער גרויסער שיל. דאָס שטעטל איז דאַן בוכשטעבלעך געוואָרן אויסגעליידיקט, קיינער איז נישט געבליבן, — מען איז זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע פעלדער אַריין. מען איז צוריקגעקומען אין די היימען אריין, ווען עס האָבן זיך געענדיקט די באָמבאַרדירונגען און די נאַצי־אַרמיי האָט פאַרנומען לאָשיץ. די יידן האָבן זיך געהאַלטן אין די הינטער־געסלעך, נישט געעפנט די קראָמען, מורא־האָבנדיק זיך צו טרעפן פנים־אל־פנים מיט די רוצחים.

די ערשטע טעג גלייך זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז עטלעכע פוילישע בחורים גרייטן צו אַ פּראָוואָקאַציע — צו הרגענען אַ דייטש, — כדי מען זאָל אויסשעכטן אַלע יידן פון שטאָט אַלס שטראָף. אין נאָענטן דאָרף סקאַלימאָווע איז געשען אַ פאַל, אַז אַ פּאָליאַק האָט געשאָסן צו די דייטשן, נישט טרעפנדיק קיינעם מיט דער קויל, — אָבער אַלס שטראָף האָבן די נאַציס פאַרברענט דאָס גאַנצע דאָרף. איך בין דאַן געגאַנגען אין אַ דעלעגאַציע צו דער נאַצי־מאַכט מעלדן וועגן דער געפּלאַנטער פּראָוואָקאַציע. די דייטשן זענען דעריבער ביינאַכט אַוועק אין זייער הויפּט־לאַגער, לאָזנדיק דאָס שטעטל אויף הפקר. די יידן האָבן זיך באַלד אָרגאַניזירט און יעדע נאַכט זענען 20 אַנדערע יונגע מענער אַרומגעגאַנגען אויף שמירה.

די ערשטע נאַצי־אָקופּאַציע האָט געדויערט 17 טעג און פרייטיק, הושענא־רבה איז אָנגעקומען די רויטע אַרמיי. די פרייד ביי די יידן איז געווען אַ גרויסע. מען האָט אויפגעשטעלט טריאומף־טויערן מיט בלומען און פענער צו באַגריסן די סאָוויעטישע סאָלדאַטן. די רויטע אַרמיי איז אָבער לאַנג נישט

געווען אין לאָשיץ. ווען איך בין נאָר געווויר געוואָרן, אַז די סאָוויעטן האַלטן ביי צוריקציען זיך איבערן טייך בוג, בין איך אַוועק צופוס פון לאָשיץ קיין סעמיאַטיטש, וווהין איך האָב גלייך אַריבערגענומען מיין פאַמיליע. באַלד זענען נאָך צענדליקער און צענדליקער לאָשיצער יידישע משפחות אָנגעקומען קיין סעמיאַטיטש. פון סעמיאַטיטש בין איך אַוועק קיין וואָלקאָוויסק, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון דער נאַצישער גרענעץ.

דאָ האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז די דייטשן האָבן, נאָכן אָקופּירן צוריק אונדזער שטעטל, דערשאָסן אַלע וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די באָלשעוויקעס. ווען זיי האָבן נישט געטראָפן דעם באַשולדיקטן, האָבן זיי אויף זיין אָרט דערשאָסן דעם פאָטער אָדער אַ ברודער. אַזוי האָבן זיי דערשאָסן גדליהו זמאָרע (גאָלדפאַרב), פאַר זיין זון, און פּיניע קאַרשנשטיין, אויפן אָרט פון זיין זון. פון די גרוינעמס האָבן זיי דערשאָסן איין ברודער פאַר אַ צווייטן. מען האָט קיין וואָלקאָוויסק געבראַכט דעם פלאַקאַט פון די נאַציס אין לאָשיץ וועגן די „דערשיסונגען פאַר מלוכה־פאַראַט״. צווישן די דערשאָסענע זענען אויך געווען דוד מינץ, מאיר אייזנבערג (יענטע־פייגעס), שמואל־דוד (חנאכעס), שמואל בער דער פריזירער, הערשל אָקסנהאָרן (יאָסל אייזשעכעס זון). מיט טרערן אין די אויגן האָט אין וואָלקאָוויסק געהאַלטן דעם פלאַקאַט אברהם זמאָרעס, — דאָרט האָט ער פיגורירט אַלס איינער פון די דערשאָסענע, אָבער ער האָט געוווסט, אַז אויף זיין פּלאַץ האָט מען דערשאָסן זיין טאַטן.

אין וואָלקאָוויסק זענען געווען עטלעכע צענדליק פאַמיליעס, יידישע פליטים פון לאָשיץ. אָבער נאָכן באַקענען זיך מיט דער לאַגע אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיך פיל פאַרשריבן צוריקצופאָרן קיין לאָשיץ, צו די דייטשן. צווישן זיי אויך איך מיט מיין פאַמיליע. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די אַלע פאַרשריבענע אַריינגעזעצט אין לאַסט־וואַגאָנען און אָפּגעשיקט אויף מזרח, קיין סיביר. צוויי וואָכן זענען מיר געפאָרן. מען האָט אונדז געהאַלטן פאַרשלאָסן אין די וואַגאָנען ווי בהמות און נישט אַרויסגעלאָזט אפילו צו טאָן די מענטשלעכע באַדערפענישן.

אונדזער פאַרשיקונג־אָרט איז געווען וואָזשעמקע, וואָלאָגאָדסקער גובערניע, אין סיביר, ווו דער פראָסט האָט ווינטער דערגרייכט ביז 40 גראַד און זומער זענען געווען גרויסע היצן. מיר האָבן דאָרט געאַרבעט שווער אין אַ וואַלד, די גאַנצע צייט פון דער מלחמה. מיר זענען דאָרט געווען צוזאַמען די פאָלגנדיקע לאָשיצער פאַמיליעס:

משה אָקסענהאָרן מיט זיין פרוי און קינדער; אברהם אָקסענ־האָרן (משהס זון) מיט זיין פרוי; משה אקסענהאָרנס איידעם לייבל קראָסנאָבודסקי מיט זיין פרוי; משה־אהרן פּרעטער, מיט זיין

פרוי און טאָכטער; י ש ר א ל  ק אַ מ י נ ק ע ר מיט זיין פרוי; א ב ר ה ם ק אַ ר ש ע נ ש ט י י ן מיט זיין פרוי; ל י י ז ע ר  ק אַ פּ ל אַ ן, דער פריזירער מיט זיין פרוי.

א י צ ל  ר א ק

# אויף בלוטיקע וועגן

(א ו י ט אָ ב י אָ ג ר אַ פ י ש)

די נאַכט האָט פאַרבלענדט מיט איר ווייסקייט. שפּהנווייז האָט זיך דער שניי אָן אויפהער געלעגט אויף דער ערד און זי איינגעהילט אין אַ זילבערנעם מאַנטל. אויפן הימל האָט אַרומגעשפּאַצירט אַ פולע לבנה אין באַגלייטונג פון מיליאָנען גאָלדיקע שטערן. אינעם זילבערנעם לבנה־שיין האָט מען דייטלעך געזען דעם גאַנצן אַרום: וואַלד און פעלד, בערג און טאָלן. די ווייסקייט פון דער נאַכט האָט אויפגעדעקט אַלע פאַרבאָרגענע וועגן, שווער געווען אין אַזאַ ווייס־בלענדנדיקער נאַכט צו שטעלן אַ טראָט, אַז די דייטשן זאָלן נישט באַמערקן.

הערשל האָט ענדגילטיק באַשלאָסן צו פאַרלאָזן סאָסנאָוויעץ. חדשים־לאַנג האָט ער זיך געראַנגלט מיטן געדאַנק — יאָ צי נישט פאַרלאָזן זיין היים אין סאָסנאָוויעץ און אַריבערפאָרן אין זיין געבוירן־שטעטל לאַשיץ. ווי נאָר די נאַציס האָבן פאַרנומען סאָסנאָוויעץ און אָנגעהויבן זייער חיהשע מלאכה, איז אים געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיין פרוי און קינדער פון סאָסנאָוויעץ און זיי אַריבערפירן קיין לאַשיץ, צו זיינע עלטערן, פון וואַנען ער באַקומט, פון צייט צו צייט, נישט קיין שלעכטע גרוסן. אין משך פון דער צייט דרייט ער זיך אַרום אַליין צווישן וועגט וואָס קלאָגן מיט מיט אים. יעדער צימער ווינט אויס אַן אַנדער געוויין. די פוסטקייט שלאָגט אַרויס פון יעדן ווינקל, און שרעקט. אין האַרץ נאָגט אַ צווייפל — צי וועט ער נאָך אַמאָל זען זיינע נאָענטע? דער וועג קיין לאַשיץ איז זייער לאַנג און שווער, און איז פאַרבונדן מיט פיל געפאַרן. בלייבן לענגער אין סאָסנאָוויעץ טאָר ער נישט. די לאַגע אין שטאָט פאַרערגערט זיך. יעדער מאָרגן ברענגט נייע שווערע גזרות פאַר די יידן.

גייען אַזוי פאַרביי טעג און וואָכן אין ראַנגלעניש. די טעג ווי די טעג, די נעכט זענען שרעקלעכע. קיין ליכט אָנצינדן טאָר מער נישט, און אין דער פינצטער שרעקן שאָטנס, וואָס לויפן פאַרביי זיין הויז. יעדער קלאַפּ אין אַ שכנס אַ טיר מאַכט אים אויפציטערן. קומט אָן דער מאָרגן, באַוויזן זיך ווידער די בילדער אויף די ווענט, וואָס הענגען אַרום, אין די ראַמען, ווי פאַריתומט. אויך די בלומען, מיט וועלכע זיין פרוי פלעגט באַצירן די היים, ליגן פאַרחלשטע, אָן אַ טראָפּן וואַסער.

הערשל פילט, ווי דער באָדן אונטער זיינע פיס הויבט אָן הייס ווערן. וועט ער נישט אַנטלויפן אין די נאָענטסטע טעג, ווער ווייסט וואָס ס'וועט געשען... אָבער, ווי קאָן מען דאָס אַזוי אַנטלויפן, איבערלאָזן אַ האָב־און־גוטס, אויף הפקר, און איבערפאָרן צו אָרעמע טאַטע־מאַמע?

גייט ער אַזוי אַרום פון איין צימער אין צווייטן, פון איין בילד צום צווייטן. יעדעס בילד רופט אַרויס פרישע דערינערונגען, באַגלייט מיט אַ פרישן ווייטיק. די געדאַנקען פאַרטראָגן אים ווייט־ווייט צו די קינדער־יאָרן אין זיין געבורט־שטעטל לאָשיץ.

ניין קינדער זענען זיי געווען. פיר זענען פרי געשטאָרבן און פינף האָבן מיטגעמאַכט שרעקלעכע קינדער־יאָרן. אויף וויפל הערשל געדענקט איז קיין קינדער־פרייד אין זיין שטוב קיינמאָל נישט געווען. אפילו דאָס פריידיקע געזאַנג, מיט וועלכן די מאַמע פלעגט אַמאָל וועלן פאַרוויגן אַ קינד, איז אַרויסגעקומען אויסגעמישט מיט טרויער. און צוויי דערשיינונגען האָבן הערשלען באַגלייט אַלע זיינע קינדער־יאָרן: הונגער און טרויער.

צו צוועלף יאָר האָט מען אים אָפּגענומען פון חדר און אריינגעגעבן צו מרדכי נאָטקעס אויסצולערנען זיך דאָס שוסטער־פאַך. נאָך זעט ער פאַר זיינע אויגן די רויע פנימער פון יענע שוסטער־יונגען, מיט הערשל ציצקע, זיין אייגענעם קוזין, בראש, וואָס האָבן געדאַרפט פון אים מאַכן אַ פאַכמאַן, אַ „לייט". לאַנג האָט זיך הערשל אין דאָזיקן שוסטער־וואַרשטאַט נישט געקאָנט האַלטן. אָבער פאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז דאָרט געווען, איז ער אויסגעשטאַנען געברענטע צרות. די מאַמע זיינע האָט אים פון יענעם שוסטער־גיהינום אַרויסגעראַטעוועט קוים אַ לעבעדיקן. בעסער איז שוין געווען ביי מנחם מרדכי־שמעונס. מנחם אליין איז שוין אין יענע צייטן געווען אַ פירער ביי די ציוניסטן און האָט הערשלען טראַקטירט מענטשלעך. אָבער הערשל האָט אויך דאָרט נישט געפונען קיין באַפרידיקונג. אים, דעם צוועלפיאָריקן יינגל האָט בעסער געצויגן צו די רחבותדיקע פעלדער און וועלדער, וואָס רינגלען אַרום דאָס שטעטל. ער האָט שטאַרק מקנא געווען די קינדער אין זיין עלטער, וואָס פלעגן מיט זייערע מאַמעס גיין אויפן גלחס לאָנקע. פלעגט נאָר קומען דער פרילינג, פלעגט דעם גלחס לאָנקע באַדעקט ווערן מיט הויכע, גרינע, שמעקנדיקע גראָזן. פון צווישן די גראָזן פלעגן זיך אַרויסזען מיליאָנען בלימלעך פון פאַרשידענע קאָלירן. אויפן ראַנד פון דער לאָנקע, נישט ווייט פון שעדלעצער שאָסיי, זענען געשטאַנען, אין אַ גלייכער ריי, אלטע ברייט־צעוואָקסענע טאָפּאָלעס, וואָס פלעגן וואַרפן זייערע שאָטנס טיף אין פעלד אַריין. נישט ווייט פון די טאָפּאָלעס איז געווען אַ קליינע אָזיערע פון וואַנען די זשאַבעס פלעגן אויסשפּילן זייערע סימפאָניעס. ווינטער פלעגט די אָזיערע דינען פאַר אַ גליטש־פעלד.

יעדן מאָרגן ווען הערשל פלעגט גיין צו דער אַרבעט, פלעגן זיינע אויגן

זיך ווייקן אין טרערן. ער פלעגט זיינע בליקן נישט קאָנען אָפּרייסן פון גלחס לאָנקע. טיף אין הערשלס נשמה האָט געגעסטיקט אַ געוואַלדיקער פאַרדרוס אויף טאַטע־מאַמע, פאַרוואָס זיי זענען אָרעם. ער האָט נאָך דאַן נישט באַנומען, אַז אויך טאַטע־מאַמעס קינדער־יאָרן זענען נישט געווען קיין בעסערע.

ווען הערשל איז שוין געוואָרן אַ „פאַרדינער", איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט פאַרשטאָפּט אַלע קוואַלן פון פרנסה. וואָס פאַר אַן אַרבעט האָט הערשל דאַן נישט געטאָן, אַבי צו דערגרייכן אַ שטיקל ברויט! און ווען קיין לאָשיץ איז דאַן געקומען אַ פאַלשער „משיח" (זיין נאָמען איז געווען פּרייז) כלומרשט וואַרבירן די יוגנט אויף פרייוויליקער אַרבעט פאַר די דייטשן, — געפינט זיך הערשל צווישן זיי. ווען די דייטשן האָבן די פרייוויליק־וואַרבירטע אַרבעטער פאַרנאַרט הינטער דראָט־פאַרצוימונג, אין אַן אַמוניציע־פאַבריק אין גיינעווקע, איז פאַר הערשלען קלאָר געוואָרן, אַז פון דאָרט וועט ער קיין לעבעדיקער נישט אַרויס; אָבער „קיווע מאָק" און הערש־דוד „גאַרב" האָבן, אַרבעטנדיק אין גיינעווקע ביי דער באַן, אים דאָך אַרויסגעראַטעוועט.

ביי זעכצן יאָר הויבט הערשל אָן אַ ניי לעבן, מיט אַ נייעם אינהאַלט. אפילו דער הונגער, באַקומט אַן אַנדער זין ווי ביז דעמלט. מרים פון ביאַלע, פון וועמענס מויל עס האָבן זיך געשאָטן ווערטער ווי פּערל, האָט הערשלען געגעבן אַ נייעם גלויבן, אַ נייע זון האָט פאַר אים אויפגעשיינט. ער ווערט אַ פּאַרטיי־מענטש, אַ בונדיסט.

מיט ברען וואַרפט זיך הערשל אריין אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט" וואָס האָט זיך דאַן געפונען ביי שייעצן, ווערט זיין צווייטע היים. די ביבליאָטעק ווערט פאַר הערשלען דער קוואַל פון וויסן.

יענע פאָר יאָר, איבערפולטע מיט טיפן גלויבן, אין אַ בעסערן מאָרגן, ביי אַ געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג אויף אַלע געביטן פון לעבן, האָט הערשל קיינמאָל נישט פאַרגעסן. יענע פריידיקע יאָרן, מיט קאָנצערטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קעסטל־אָוונטן, מיט הונדערטער צוהערער, וואָס פלעגן אָנפילן די זאַלן אין לאָשיץ, זיך שטויסן און שטופּן אין ענגשאַפט, — באַגלייטן אים אויף אַלע וועגן.

*

פופצן יאָר זענען אַוועק, זינט הערשל מיט זיין פרוי, צוויי אָרעמע, נאַקעטע קינדער, אָן אויסזיכטן אויף אַ בעסערן מאָרגן, האָבן דאָך באַשלאָסן זיך צו פאַרייניקן. הערשל דערמאָנט זיך, ווי גלייך נאָך זיין חתונה־נאַכט האָט אים אַ שווערער לאָקאַוט אין וואַרשע אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט. הערשל האָט דאַן געמוזט צוריקפאָרן אין זיין שטעטל לאָשיץ, צו טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן אַליין צוגעהונגערט.

נאָך שטייט אים פאַר די אויגן די וווינונג ביי נאָטע־לוין, וואָס די פרוי

זיינע האָט צוגעגרייט נאָך פאַר דער חתנוה. די וווינונג... האָט מען נאָר אַוועקגעשטעלט אַ בעט, איז שוין נישט געווען קיין אָרט פאַר קיין מענטש. פינצטער איז דאָרט געווען ווי אין אַ קבר. די זון האָט אַהין קיינמאָל נישט געוואָלט אריינבליקן. און דאָך האָט מען נישט פאַרצווייפלט. איז נישט געווען צו



מרדכי יידל־שרהקעס מיט זיין פאַמיליע, אין לאַשיץ, פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

עסן, האָט מען פאַרמאָגט אָנגעזאַמלטע קוואַלן פון וויצן, אַנעקדאָטן, לידער און דעקלאַמאַציעס. ווער האָט זיך דען געזאָרגט, וואָס דאָס שטיבל איז קליין? דער בוידעם, ווו דאָס שטיבל האָט זיך געפונען, איז געווען גרויס. און אַז חברה האָבן זיך צעוואַרעמט, און פריילעכע געזאַנגען האָבן איינגענומען נישט בלויז נאָטע־לויס הייזקע, נאָר דעם גאַנצן אַרום, — איז מרדכי יידל־שרהקעס, וואָס האָט געוווינט אין זעלבן הויז, אַרויפגעקומען מיט אַ פאַרלאַנג אַז אַלע זאָלן צו אים אַרונטער.

מרדכי יידל־שרהקעס הויז איז געווען אַן אויסנאַם אין שטעטל. מרדכין אַליין איז שווער געווען אריינצופּאַסן אין אַ קלאַס. צו די גבירים אין שטעטל האָט מען אים נישט געקאָנט פאַררעכענען. צו די אַרבעטער האָט מען אים נישט געטאָרט פאַררעכענען, ווייל ער איז דאָך געווען אַ „מייסטערל". אַזוי האָט מרדכי געשוועבט צווישן אַרבעטער און קליינבירגערלעכע. ווער עס האָט, אָבער, געקענט מרדכין פון דער נאָענט, האָט געוווסט, אַז אַזאַ אידעאַלע געשטאַלט איז שווער צו געפינען. די פריינטשאַפט צווישן הערשלען און מרדכין איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך האַרציקע. קיין קאַפּיטאַלן האָט מרדכי נישט פאַרמאָגט. אַ בעל־פרנסה איז ער אָבער שטענדיק געווען; זיין הויז איז געווען פול מיט פרייד און געזאַנג. מרדכי האָט קיינמאָל קיינעם גאָרנישט געגעבן. די פריינט, וואָס זענען צו אים אַריינגעקומען, האָבן געוווסט, אַז מרדכי גיט נישט, נאָר ביי אים נעמט מען זיך. אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין זיין הויז, געהער צו זיינע פריינט, פונקט ווי צו אים. אין מרדכין האָט הערשל געפונען מער ווי אַ ברודער, — שווער צו זאָגן ווי אַזוי הערשלס פאַרצווייפלונג וואָלט געווירקט אויף אים, ווען נישט מרדכי.

פרילינג 1924. הערשל באַשליסט צו פאַרלאָזן לאָשיץ. ווייטיק און פאַרדרוס האָבן הערשלען אַרומגענומען ביים געזעגנען זיין געבוירן־שטעטל. פאַרוואָס? פאַרוואָס מוז ער אַוועק פון שטעטל, וווּ אַלץ איז אַזוי נאָענט און היימיש? פאַרוואָס מוז ער אַוועק פון שטעטל גראָד אין פרילינג־טעג, ווען אַלץ אַרום האָט זיך געוועקט פון ווינטער־שלאָף צו אַ ניי לעבן?...

אָבער פון יענעם פרילינג זענען אַוועק פופצן יאָר. אַ שרעקלעכער ווינטער לאָזט זיך אַראָפּ איבער הערשלען און איבער דער גאָרער וועלט...

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר האָט אים אַרויסגעריסן פון זיינע מחשבות. משה שפּיצבערג איז אים געקומען זאָגן, אַז די גאַנצע גרופּע איז גרייט אין וועג אַריין און מען טאָר נישט אָפּלייגן די רייזע.

*

דער וועג קיין פּאָרעמבי איז אַדורך אָן שום אינצידענטן. כאָטש דאָס אריינבאַקומען זיך אין צוג איז געווען נישט פון די גרינגע זאַכן, זענען זיי אָבער בשלום אָנגעקומען צו דער גרענעץ פון „דריטן רייך" מיט די פּוילישע געביטן. הערשל האָט גוט איינשטודירט מיט זיין גרופּע ווי זיי האָבן זיך אומצוגיין אויף דער גרענעץ. דער וועג פון דאָרט, צופוס, קיין טשענסטאָכאָוו, איז געווען אַ בלוטיקער. די דייטשן האָבן זיי דערשנאַפּט אין די מישקאָווער וועלדער, און שטאַרק באַשאָסן. דער שניי איז באַפאַרבט געוואָרן מיט בלוט פון צוויי חברים, וועמען די דייטשן האָבן פאַרווונדעט. מען האָט געמוזט איבעררייסן דאָס וועלן דערגרייכן טשענסטאָכאָוו און זיך אָפּשטעלן אין מישקאָוו, כדי צו געבן די פאַרווונדעטע די ערשטע הילף. די ווונדן זענען נישט געווען

קיין ערנסטע און אויפֿן צווייטן טאָג האָט די גרופּע דערגרייכט טשענסטאָכאָוו.

אין טשענסטאָכאָוו איז הערשל מיט זיין גרופּע אַריין ווי אין אַ פֿייער. גראָד יענעם טאָג האָבן די טשענסטאָכאָווער יידן געמוזט אָנטאָן געלע לאַטעס. דאָס אַרויסגיין אין גאַס אָן אַזאַ אָפּצייכענונג, האָט געדראָט מיט טויט. הערשל מיט זיין גרופּע נוצן אויס אַ שרעקלעכן שניי־שטורעם און דערשלאָגן זיך צו דער באַן. עס גיט זיך זיי קוים איין איינצושטייגן אין אַ צוג, וואָס גייט קיין וואַרשע. דער וועג פֿון טשענסטאָכאָוו ביז וואַרשע איז געווען אַ בלוטיקער. אַ פּאָר מאָל זענען זיי אַראָפּגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון צוג, אייניקע מאָל אַליין אַרויסגעשפּרונגען, כדי אויסצומיידן דעם טויט. צעשלאָגענע, פֿאַרבלוטיקטע, האָבן זיי קוים דערגרייכט וואַרשע.

וואַרשע איז שוין דאַן געשטאַנען אין רואינען. צעשאָסענע הייזער, צייכנס פֿון נאַצישע באָמבאַרדירונגען, וואַרפֿן אָן אַ שרעק אויף די דורכפֿאָרער. די גאַסן ברודיקע, פֿאַרשאָטענע מיט ציגל און ליים. די פֿאַרבייגייער יאָגן זיך אין שווייגעניש, ווי זיי וואָלטן געוואָלט פֿון עפּעס אַנטלויפֿן. דער דייטשער שטיוול פֿילט אָן די גאַסן מיט ציטער. קיין ייד זעט מען נישט פֿאַר די אויגן. הערשל וויל וואָס שנעלער דערגרייכן צו דער יידישער געגנט. דאָרט זענען די חורבן־סימנים נאָך שרעקלעכער. איבער גאַנצע יידישע גאַסן טראָגט זיך נאָך דער רויך פֿון די דייטשע צינד־באָמבעס. קיין לעבעדיקן נפֿש זעט מען נישט אויף די גאַסן. די טראַמווייען פֿאָרן נישט.

דער מזרח־וואָקזאַל, וואָס איז שטענדיק געווען אָנגעשטאָפּט מיט יידן, סוחרים, קליינהענדלער און אַרבעטער, וואָס פֿלעגן קומען קיין וואַרשע, אָדער צוריקפֿאָרן אין זייערע שטעט און שטעטלעך, האָט איצט אַן אַנדער פּנים. דער גאַנצער וואָקזאַל, אַלע דורכגענג, זענען באַזעצט מיט „אַרישע פּנימער". דאָ פֿילט זיך גאָרנישט אַז וואַרשע שטייט אין חורבות. דאָ פֿילט מען נאָר ווי פֿון יעדן אַרישן פּנים קוקן אַרויס אויגן פֿול מיט שנאה צו אַ יידן, וואָס בלאָנקעט אַרום ווי אַ שאָטן. מיט חוזק און שפּאָט ווערט באַגלייט יעדער טראָט פֿון אַ ייד, וואָס זוכט אַ רעטונג. „משה!.." — שרייט מען נאָך הערשלען, — „אַ שאָד דיין וואַרטן, וועסט אַהין נישט דערפֿאָרן... אויב נישט די דייטשן, וועלן מיר דיך קאַלט מאַכן..."

אַ קעלט נעמט הערשלען דורך די ביינער. דעם גרעסטן טייל פֿון וועג האָט ער הינטער זיך. זאָל ער זיך לאָזן איצטער אָפּשרעקן? ניין! — באַשליסט אין זיך הערשל, — נישטאָ קיין צוריק! ער וועט פֿאָרן, וואָס עס זאָל נישט זיין.

דער וועג פֿון וואַרשע קיין לאָשיץ איז געווען דער שרעקלעכסטער. די דייטשן מיט די פּאָליאַקן האָבן זיך קעגנזייטיק צוגעהאָלפֿן אין געיעג אויף הערשלען מיט זיין גרופּע. וואָלט הערשל נישט געקענט גוט דעם וועג, וואָלטן זיי קיין לאָשיץ נישט דערפֿאָרן. פֿילמאָל זענען זיי געווען געצוווּנגען צו

שפרונגען פון לויפנדיקן צוג. דער וועג פון וואַרשע ביז ניעמאָיקי, וואָס דויערט געוויינלעך אַ פּאָר שעה, האָט ביי זיי גענומען עטלעכע טעג. בעתן שפּרונגען פון די באַנען, זענען דריי חברים אַוועקגעקומען. די איבעריקע זענען, צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע, קוים אָנגעקומען קיין ניעמאָיקי, וואָס איז געווען איינגעהילט אין אַ שרעקלעכער פינצטערניש. קיין לעבעדיקן נפש האָט מען נישט געזען סיי אויפן וואָקזאַל און סיי אַרום אים. דער שיין פון די צוויי טונקעלע לאָמפּן אין וואָקזאַלכל, האָט קוים דערגרייכט ביזן אַרויסגאַנג. אין דרויסן האָט מען געקאָנט מיט די הענט אָנטאַפּן די פינצטערניש. צו געפינען ישראל־ישעיהן אין אַזאַ חושך איז געווען אומעגלעך, און רופן אויפן קול איז געווען אַ מורא פאַר די דייטשן. ס'האָט גענומען אַ שפּאָר שטיקל צייט ביז הערשל האָט געפונען ישראל־ישעיהן. דערזעענדיק הערשלען האָט ישראל־ישעיה פאַרבראָכן די הענט און אויסגעשריען: „ווײ! ווײ!... צו וואָס ביסטו אַהער געקומען? אין לאָשיץ ברענט דאָך אַ פייער! שוין אַ פּאָר טעג ווי אַן עס־עס־אָפּטיילונג מאַכט חרוב דאָס שטעטל. אַנטלויף פון דאַנען, ווי גאָט איז דיר ליב!" בעט זיך ביי אים הערשל, ער זאָל אים מיטנעמען קיין לאָשיץ, כאָטש אָנצוקוקן זיין פרוי און קינדער, אַ רעד טאָן מיט טאַטע־מאַמע, וועמען ער האָט שוין יאָרן נישט געזען. „ניין!" — האַלט זיך ישראל־ישעיה ביי זיינס — „איך וועל דיך נישט אריינפירן צום מלאך־המות אין די הענט אַריין! אַנטלויף פון דאַנען! איך וועל דיינע נאָענטע איבערגעבן אַ גרוס".

דער לאָשיצער בעל־עגלה איז אַוועק אָן זיי. אָבער הערשל וויל זיך נישט לאָזן אויף אומבאַקאַנטע וועגן צו דער גרענעץ, נישט זעענדיק פריער זיינע נאָענטע. זיי לאָזן זיך צופוס צום שטעטל, דורך אומוועגן, כדי אויסצומיידן די דייטשן.

שלעפּן זיך שאָטנס איבער פעלדער און וועלדער, אין אַ שרעקלעכן פחד. יעדער געוואָי פון ווינט מאַכט אויפציטערן זייערע הערצער. און אַז זיי האָבן שוין דערגרייכט דאָס שטעטל, האָבן זיי געמוזט אַרויף אויפן „גוטן אָרט", זיך פאַרשטעקן הינטער די מצבות, מיינענדיק אַז דייטשן האָבן זיי דערשנאַפּט.

*

איבער דער שעדלעצער גאַס טראָגט זיך אַ שטאַרק געקלאַפּעריי פון דייטשישע שטיוול. אונטער אַ קאָמאַנדע־באַפעל „איינס, צוויי, דריי..." פאַרנעמען זיי זיך איצטער צו מאַכן זייערע איבערפאַלן אויף יידישע הייזער. איז נישט בעסער די טויטע וואָס רוען דאָ אונטער זייערע מצבות? — טראַכט זיך הערשל. זיי האָבן אָפּגעלעבט אַ לעבן אָן גרויסע פאַרלאַנגען, און אויף דער עלטער, אַז מען האָט דערפילט אַ שוואַכקייט אין די גלידער, האָט מען זיך צוגעגרייט תכריכים. נישט איינער פון די לאָשיצער זקנים פלעגט יאָר־יערלעך אַרויסנעמען זיינע תכריכים, זיי אויסלופטערן, און אריינלייגן צוריק אין קופערט, ווי עפּעס טייערע בגדים. און אַז געקומען איז די שעה, פלעגט דאָס שטעטל אַ ציטער

טאָן. יאַנקל טרעטניק און בנימין באַגרעבער פלעגן, קלאַפּנדיק אין די פּושקעס, רופן „צדקה תציל ממות!״ — טראָגן די יידן צו זייער אייביקער רו. שטיל איז דאַן געווען אין שטעטל, — מען טאָר נישט שטערן די רו פון דעם וואָס גייט אַוועק אין דער אייביקייט... גליקלעכע דורות זענען דאָס געווען, שטאַרבנדיק מיט אַ נאַטירלעכן טויט. היינט שטאַרבט מען נישט. היינט ווערט מען פאַרפייניקט, היינט טראָגט מען נישט קיין מתים אויפן „גוטן אָרט״, ווייל מען ווייסט נישט ווו זייער געביין קומט אַהין, — דאָס האָט הערשל שוין געוווסט. מיט אַזעלכע מחשבות האָט ער פאַרלאָזט דאָס „גוטע אָרט״, און דורך הינטערגעסלעך דערגרייכט דאָס הויז פון שמואלקע פאַרבער.

שמואלקע פאַרבערס הויז האָט פאַרנומען דעם ראָג פון דער ביאַלער און שווינירעראָווער גאַסן. דייטשע פּאַטרולן האָבן זיך אָן אויפהער אַרומגעדרייט אין ביידע גאַסן. יעדע אומפאָרזיכטיקייט האָט געקאָנט הערשלען אריינפירן אין די דייטשע נעגל. קלאַפּן אין די טירן, אָדער פענצטער, איז נישט גוט — די דייטשן קאָנען נאָך דערהערן. נישט קלאַפּן — קאָן ער אַזוי אָפּשטיין די גאַנצע נאַכט. פון אינעווייניק פון הויז האָט ער געהערט ווי מען זאָגט ווידוי. דער „אשמנו, בגדנו...״ האָט הערשלען ממש צעטרייסלט. ווי אַזוי קומט מען דאָך אַריין אינעווייניק? ווי אַזוי גיט מען זיי דאָך צו ווויסן אַז ער שטייט הינטער דער טיר? אַזוי זוכנדיק אָן אויסוועג, האָט ער דערהערט אַ וויינענדיקע פּרויען־שטימע. אין אָנפאַנג האָט הערשל געמיינט, אַז עס דאַכט זיך אים בלויז. וואָס ווייטער, האָט זיך אָבער די וויינענדיקע פרויען־שטימע צו אים אַלץ מער דערנענטערט, ביז הערשל האָט דערזען פאַר זיך שרהן, דוד רישקעס פרוי. די האָר צעשויבערט, דאָס פּנים אין בלוט, די קליידער צעריסן, הערט זי נישט אויף צו שרייען: „ראַטעוועט! ראַטעוועט מיין מאַן! האָט רחמנות אויף מיין דודן, וועמען מען האָט אַוועקגענומען צום דערשיסן!...״ ערשט איצט האָט איר שוועסטער פּערל אויפגעמאַכט די טיר און הערשל מיט זיינע חברים האָבן געקאָנט אַריין אין הויז.

לאַנג האָט הערשל נישט געקאָנט בלייבן מיט זיינע נאָענטע. דאָס פייער, וואָס האָט זיך אומגעטראָגן איבערן שטעטל, האָט אויך געקאָנט שנעל דערגרייכן צו אים. שוין אין גרויעם באַגינען איז יעקב־הערש מאָטל־זלמנס געקומען צו לויפן צו הערשלען, שרייענדיק: „שנעל! כאַפּ עפּעס אויף זיך, און לאָמיר לויפן צו דער גרענעץ. זיי נישט קיין יידענע״ — האָט ער הערשלען אונטער־געיאָגט — „און לאָז איבער דיינע טרערן אויף בעסערע צייטן...״

*

דער באַגינען איז געשטאַנען אַ וויינענדיקער. דער הימל, אַ פאַרוואָלקנטער, איז געהאָנגען ממש איבער די הייזקעס פון שטעטל. א שטאַרקער ווינט, באַגלייט דורך רעגן, האָט נישט געלאָזט הערשלען כאַפּן דעם אָטעם. די קעלט האָט דורכגענומען אַלע אברים. נישט אַנדערש, האָט זיך הערשל געטראַכט, אַז גאָט

האָט זיך צעוויינט איבערן גורל פון זיין פאָלק, וואָס גייט אָפּ אין בלוט, און הימלען וויינען מיט מיט אים...

וויינט, הימלען, וויינט! ווי גוט וואָלט געווען, ווען גאָט וואָלט אַראָפּגעשיקט אַ מבול, ווי אַמאָל, וואָס זאָל אָפּשווענקען די מערדער פונעם אויבערפלאַך פון דער ערד...

יוסף פרידמאַן (יאָסל באָביק

## אַנטלויפנדיק פון אומקום

די מלחמה־פּאַניק אין 1939 האָט אין לאַשיץ גלייך אַרויסגערופן אַ בהלה. מענטשן זענען געשטאַנען טאָג־און־נאַכט צוגעשמידט צו די געציילטע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, וואָס זענען געווען אין שטעטל, הערנדיק די ביטערע נייעסן. פּלוצלינג — די מאָביליזאַציע. דאַן איז די פּאַניק געוואָרן נאָך גרעסער. מאַמעס און טאַטעס דערציילן זיך, מיט אַ ציטער אין קול: „מיין זון האָט שוין באַקומען אַ צעטל זיך צוצושטעלן...״ יעדע ווילע קומט אַ צווייטער מיט דער זעלבער ידיעה. אַלע סחורות זענען באַלד געוואָרן טייער; די אַרטיקלען פון ערשטן געברויך האָבן גלייך גענומען אויספעלן.


חיים רוזאל

דעם שבת, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באָמ־באַרדירונג פון אונדזער געגנט, בין איך פונקט געווען ביי הערשל ריבקאָווסקי, וועלכער האָט געוווינט אין מאַרק. פּלוצלינג האָבן גענומען ציטערן די שויבן — דאָס זענען באָמבאַרדירט געוואָרן שעדלעץ און מאָרד. איך בין שנעל אהיימגעלאָפן, אויף דער פּאָלענאָווער גאַס, לעבן אַברהם חיים־משהס. אין גאַס איז שוין געווען אַ שטאַרקע פּאַניק. מען האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. איינע האָבן געקלערט וועגן פאַרלאָזן די שטאָט, אַנדערע האָבן געזוכט באַהעלטענישן. מען האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן וואָס מען זאָל טאָן, ביז פאַרנאַכט, ווען עס איז פּלוצלינג געפאַלן די ערשטע באָמבע אויף דער שיל. דאַן האָבן אַלע גענומען לויפן. ווער עס האָט געהאַט פערד־און־וואָגן, האָט געשפּאַנט און געפאָרן, — אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט וווהין...

ביי מיר איז דאַן געווען אַ פינף־וואָכנדיק קינד. מען האָט דאָס קינד אריינגעלייגט אין אַ לאַנג קישעלע, געכאַפּט אייניקע פּעקלעך און גענומען לויפן. מיין שווער, משה קאַפּיטאָווסקי, האָט געכאַפּט מיינס אַ קליין טעכטערל און באַלד איז ער פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן קינד. מיר לויפן אָפּ אַ שטיקל

וועג — קוקט זיך מיין פרוי אַרום, אַז זי טראָגט אַ ליידיק קישעלע, דאָס קינד פון אינעווייניק איז פאַרשוווּנדן. זי הויבט אָן וויינען, ספּאַזמירן. מיר קערן זיך צוריק אין שטעטל אַריין. ביי אברהם שמילקעס, מירמלשטיין, אויפן הויף, אין מאַרק, וווּ מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַנטלויפנדיק, איז דאָס קינד געלעגן אויף דער ערד, צווישן די וועגענער, ווי קיינמאָל גאָרנישט. מיר האָבן געכאַפּט דאָס קינד און געלאָפן אין דער ריכטונג פון גאַי. אויף דער ערד זענען שוין דאַן געלעגן, לעבן טייך, פיל לאָשיצער. דאָ האָבן מיר אויך געטראָפן דעם שווער מיטן קינד. די אַעראָפּלאַנען זענען געפלויגן אַרום אין דער געגנט, באַשאָסן און באָמבאַרדירט.

ווען ס'האָט זיך אין אָוונט אַביסל איינגעשטילט, זענען מיר אַוועק צו מיין שווערס אַ באַקאַנטן פויער אין שאַוולע, אַ דאָרף צווישן פּיעטריס און אדענאָווע. דער פויער האָט אונדז געגעבן אַ פּלאַץ לעבן זיין אָרעמער כאַטע, געגעבן די קינדער מילך און אונדז אָפּצועסן. אין אַ נאָענטער פאַרצעלע האָב איך געפונען מיין מוטער סימע, מיין ברודער מרדכי מיט זיין פרוי און פינף קינדער, און נאָך לאָשיצער יידן, צווישן זיי דוד מינץ (רישקעס) מיט זיין פרוי און אַ קינד. די געגנט איז כסדר באָמבאַרדירט געוואָרן און דאָס גיין פון אונדז צו זיי איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָשיץ, האָבן מיר זיך אַלע צוריקגעקערט אין שטאָט אַריין. דאָס איז געווען פאַר יום־כיפור. יום־כיפור זענען די שכנים פון אונדזער געסל געגאַנגען דאַוונען צו איטשע־מאיר ראָזענצווייג. בייטאָג, בעתן דאַוונען, זענען קיין לאָשיץ אָנגעקומען צוויי טאַנקן מיט דייטשן. זיי האָבן גענומען מאַכן רעוויזיעס אין די יידישע הייזער, זוכנדיק געווער און ווערטפולע זאַכן. ביי אונדז אין שטוב האָבן שוין דעמלט געוווינט דריי פאַמיליעס היימלאָזע פון אַן אַנדער שטעטל. די דייטשן האָבן אונדז געהייסן עפענען אַלע שענק און שופלאָדן, אָבער מיר זענען אָפּגעקומען אָן קלעפּ. פון אַנדערע הייזער האָבן זיך געהערט געשרייען, ווייל די דייטשן האָבן געשלאָגן. שטאַרק צעקלאַפּט געוואָרן איז דאַן יאָסקע שולץ. מיר האָבן גלייך דערפילט אויף זיך די מערדערישע נאַצישע לאַפּע.

ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען לאָשיץ, האָבן זיך אַלע געפרייט. די קאָמוניסטישע מאַכט האָט פאַרמשפּט צום טויט דעם פוילישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט. אַדאַנק די יידישע באַלעבאַטים, וואָס האָבן פאַר אים אינטערווענירט, איז דער אורטייל נישט אויסגעפירט געוואָרן. די יידן האָבן געטענהט, אַז די פּאָליאַקן וועלן אין זיי נקמה נעמען פאַר זיין טויט.

מיט דער צוריקטרעטנדיקער סאָוויעטישער אַרמיי זענען מיטגעלאָפן פיל יידן פון לאָשיץ. מיין ברודער מרדכי מיט זיין פאַמיליע זענען געווען פון די ערשטע. זיי האָבן זיך באַזעצט אין סעמיאַטיטש. אויף מרדכיס עצה בין אויך איך אַהין אַריבער, מיטנעמענדיק, אויסער מיין פרוי און קינדער, אויך מיין מוטער און שווער. אין סעמיאַטיטש האָב איך, צוזאַמען מיט מיין שוואָגער מרדכי פלאָט,

גענאַרבעט ביי שוסטעריי. מיין שווער, משה קאַפּיטאָווסקי, איז צוריקגעפאָרן קיין לאָשיץ. איך מיט מיין שוואָגער האָבן זיך, נאָך בערך אַ חודש, פאַרשריבן אויף אַרבעט אין רוסלאַנד.

נאָך אַ לאַנגער שווערער רייזע, בין איך אָנגעקומען אין שטעטל סנאָוו, לעבן באַראַנאָוויטש. דאָרט האָט מען אונדז, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע היימלאָזע, איינקוואַרטירט אין אַ מיליטערישן לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין פירשט ראַדזשיווילס אַ פּאַלאַץ. די רוסישע מאַכט האָט מיך דאַן באַשטימט אַלס פאַראַנטוואָרטלעכן איבער אַלע היימלאָזע אין לאַגער. איך האָב געדאַרפט איינטיילן די אַרבעט, אָפּנעמען דאָס עסן פאַר אַלע. מיר האָבן זיך ווי ס'איז איינגעאָרדנט.

קיין סנאָוו איז איינמאָל אָנגעקומען אַן איבערגעטוענער, מיט אַן אָפּגעגאָלטער באָרד און דערשראָקענער, פון לאָשיץ, מיין שווער.

די דייטשן האָבן אין לאָשיץ גענומען זוכן געוויסע יידישע קאָמוניסטן. ווען מען האָט זיי נישט געפונען, האָט מען גענומען זייערע עלטערן און זיי אומגעבראַכט. די נאַציס האָבן דאַן, צווישן אַנדערע, דערשאָסן, פיניע פּאַטקעווער, גדליה זמאָרעס, מאיר יענטע־פייגעס, דוד רישקעס. מען האָט געזוכט אויך איטשע מאָרדער (פלאט); ווען מען האָט אים נישט געפונען, האָט מען אויף זיין אָרט דערשאָסן זיין מחותן שמואל חנאכעס. מיין שווער, זעענדיק דאָס, האָט פאַרשטאַנען, אַז אויך אים דערוואַרט דער זעלבער גורל. ער האָט זיך דאַן אויסבאַהאַלטן, זיך איבערגעטאָן און ביינאַכט אַריבער די גרענעץ און געקומען צו אונדז.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן אים די רוסן אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט און מיר האָבן אים מער נישט געקאָנט אָפּגעפינען. אַ וואָך שפּעטער האָט מען אונדז אַלע, די וואָס האָבן נישט אַרויסגענומען קיין סאָוויעטישע פּעסער, פאַרשיקט קיין סיביר. אייניקע וואָכן זענען מיר געפאָרן אין משא־וואַגאָנען, וואַרעמענדיק ביי אַ שטיקל ליכט אַביסל וואַסער פאר אַ קינד. אין סיביר האָבן מיר געאַרבעט אין וואַלד ביי אַ 40־גראַדיקן פראָסט. ווען עס איז מיר געשטאָרבן אַ קינד, האָב איך עס געמוזט מיט אייגענע הענט באַגראָבן אין וואַלד, אויסהאַקנדיק אַ גרוב אין דער פאַרפראָרענער ערד. ווען דאָס אייז האָט געלאָזן איז מען מיר געקומען זאָגן, אַז דער קערפּער איז אַרויסגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך...

נאָכן אָפּמאַך צווישן דער מאָסקווער רעגירונג מיט גענעראַל שיקאָרסקי, האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין מיטל־אַזיע. צום ערשטן האָב איך געאַרבעט אין פאַרשידענע קאָלכאָזן. שפּעטער האָט מען מיך מאָביליזירט צו אַרמיי־דינסט, אויסערן פראָנט. איך האָב געקאָנט מיטנעמען מיין פאַמיליע און זיך איינגעאָרדנט אַלס פאַכמאַן ביי מיין פאַך, אַרבעטנדיק פאַר דער אַרמיי, אין דזשאַלעל־אַבאַד. דאָ, אין דער ווייטער אַזיאַטיש־סאָוויעטישער שטאָט, איז מיט מיר פאָרגעקומען אַ כאַראַקטעריסטישער קוריאָז. איינמאָל איז אריינגעקומען אַ יונגערמאַן און מיר פאָרגעלייגט איך זאָל אים געבן אַ שטיקל לעדער פאַר

זייף. הערנדיק זיין רוסיש־לשון מיטן יידיש־פּוילישן אַקצענט, האָב איך אים געפרעגט פון וואַנען ער שטאַמט. „פון וואַרשעווער געגנט" — האָט ער געענטפערט. „פון וואנען?" — האָב איך געפרעגט אַ פאַראינטריגירטער — „ווייל איך בין פון שעדלעצער געגנט". „פון אַ קליין שטעטל..." — האָט יענער ווייטער געענטפערט. „דאָך!" — בין איך נישט אָפּגעשטאַנען, ביז דער אומבאַקאַנטער האָט געענטפערט: „פון לאָשיץ..." איך בין, פאַרשטייט זיך, אויפגעשפּרונגען: „ווער ביסטו? ס'איז דאָך מיין שטעטל!..." דאָס איז געווען מיינער אַן אייגענער קוזין, משה גראָסמאַן, שמחהס זון. איך האָב אים נישט דערקענט, ווייל די לעצטע יאָרן האָבן זיי געוווינט אין פאַלעניץ, אָבער ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלן אונדזער באַגעגעניש אין ווייטן אַזיע... היינט געפינט ער זיך אין וואַרשע.

*

גלייך נאָך דער מלחמה האָבן מיר זיך רעגיסטרירט, אַלס פּוילישע בירגער, צוריקצופאָרן קיין פּוילן. מיר האָבן זיך באַזעצט אין שטשעטשין, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס אויפזעער איבער אַ הויז. מיר האָבן געוואָלט פאָרן ווייטער, דורך דייטשלאַנד זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל, אָבער נישט געהאַט די נויטיקע געלט־מיטלען דערצו. אַרויסגעראַטעוועט פון דער שווערער לאַגע האָט אונדז אַ לאָשיצער, וועלוול שטיינמאַן. זייענדיק אין דער יידישער בריגאַדע, איז ער געקומען זוכן זיינע שוועסטער ליפּטשע און חנה, וועלכע זענען געווען אין ראַטנפאַרבאַנד. זייענדיק אין שטשעטשין, האָט ער זיך אויך נאָכגעפרעגט אויף לאָשיצער לאַנדסלייט און אונדז געפונען. הערנדיק וועגן אונדזער לאַגע, איז ער מיט מיר אַוועק אין יידישן קאָמיטעט, ווו ער האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס זיינס אַ ברודער. פאַרן מונדיר פון דער יידישער בריגאַדע האָט מען געהאַט גרויס דרך־ארץ. מען האָט מיר און מיין פאַמיליע געגעבן קליידונג. דערנאָך האָט ער אונדז אַוועקגעפירט אין צענטער פון דער „בריחה", לאָדזש, און דערליידיקט מען זאָל אונדז אריינעמען אַלע אין קיבוץ. דאַן האָט ער אונדז אַריבערגעפירט קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען מיר זענען שפּעטער אָנגעקומען לעגאַל אין אונדזער מדינה.

חיים רוזאל

## אין געפאַנגענשאַפט ביי די נאַציס

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך געוווינט אין פּאַריז. אין סעפּטעמבער 1939 בין איך פרייוויליק אריינגעטראָטן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי צו קעמפן קעגן די דייטשן. זייענדיק אַן אויסלענדער, בין איך צוגעטיילט געוואָרן אין אַזוי־גערופענעם „פרעמדן־לעגיאָן". איך האָב מיטגעמאַכט שווערע קאַמפן קעגן דער דייטשער אַרמיי ביזן 7־טן יוני 1940,

ווען איך בין געוומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט פון די נאַציס. אין דעם פראַנצויזישן רעגימענט, וועלכער איז אריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, זענען צוזאַמען מיט מיר געווען 6—7 יידן. אין אָנהויב האָבן מיר באַהאַלטן אונדזער יידישקייט, אָבער די נאַציס האָבן אונדז שנעל דערקענט, און פראַנצויזישע פאַשיסטישע מוסרים האָבן דערצו נישט־וויייניק מיטגעהאָלפן.



בוטשע קויפמאַן

די נאַציס האָבן אונדז, יידן, גלייך געוומען שיקאַנירן און באַהאַנדלען פיל ערגער ווי אונדזערע פראַנצויזישע חברים.

איך בין געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי 5 יאָר אין עטלעכע לאַגערן: אין לוקענוואַלדע, 60 קילאָמעטער פון בערלין; אין פירסטענבערג ביים טייך אָדער, און אין דער „דיסציפלין־קאָמאַנדאָ" אין ליבעסדאָרף, אין מזרח פון בערלין.

צוויי און אַ האַלב יאָר האָב איך געלעבט אין אַ „שטראָף־באַראַק", טראָץ דעם וואָס דער רויטער קרייץ האָט געהאַט איבער אונדז אַן אויפזיכט אַלס קריג־געפאַנגענע. ווען איין יידישער געפאַנגענער האָט זיך מיט עפּעס „פאַרזינדיקט", — האָט מען באַשטראָפט אַלע יידן, „איין ייד פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם", האָבן געפערדיקט אונדזערע אויפזעער. אָפט פלעגן מיר באַקומען אַ שטראָף צו לויפן עטלעכע קילאָמעטער, טראָגנדיק אַ זאַק מיט 25 קילאָ זאַמד. נאָך שווערער איז געווען די צייט אין דער ספּעציעלער „דיסציפלין־קאָמאַנדאָ", ווו מיר האָבן שווער געאַרבעט ביי גראָבן קוילן, אָדער קאַנאַלן, און אויסהאַקן וועלדער. אָפט האָבן זיך די נאַציס איזדיעקעוועט איבער אונדז אויפן פאָלגנדיקן אופן: ווען מיר זענען 6 אַזייגער פאַרנאַכט צוריקגעקומען פון דער שווערער אַרבעט, האָט מען באַפוילן אַלע יידן אַרויסצוגיין פון די באַראַקן מיט אַלע זייערע זאַכן. מען האָט ביי יעדן אין די זאַכן געמאַכט „אַן אונטערזוכונג", וואָס האָט געדויערט ביז 10—11 אַזייגער ביינאַכט. און מיר זענען אַזוי געשטאַנען אין די רייען אָן עסן, אָן טרינקען, פאַרמאַטערט, — ווען אונדזערע פראַנצויזישע מיט־געפאַנגענע זענען שוין לאַנג געשלאָפן נאָכן האָבן אָפּגעגעסן דעם אָרעמען מאָלצייט.

אַזוי האָבן מיר געליטן ביזן 27־טן אַפּריל 1945, ווען מיר זענען באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי.

בוטשע קויפמאַן

## זוכנדיק לאַשיצער אַלס סאָלדאַט פון דער „בריגאַדע״

איך האָב עולה געווען פון לאַשיץ אַלס חלוץ נאָך באַלד אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן. אין סוף 1941 האָב איך זיך פרייוויליק אַנגאַזשירט אין דער ענגלישער אַרמיי. צוזאַמען מיט דעם ווילן נקמה־צו־נעמען אין די היטלערישע בעסטיעס פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, האָט אין מיר דעמלט געטליעט די האָפענונג נאָך צו קאָנען געפינען עמעצן פון מיין לאַשיצער משפחה — אפשר וועל איך זיי קאָנען מיט עפּעס העלפן, זייענדיק אין אייראָפּע אין אַן ענגלישן מונדיר.


זאב (וועלוול) שטיינמאַן, אין מונדיר פון דער יידישער בריגאַדע

איך האָב אָנטיילגענומען אין פיל קאַמפן, אין מצרים און איטאַליע. גלייך ווי עס איז געשאַפן געוואָרן די „יידישע בריגאַדע״ בין איך איבערגע־פירט געוואָרן אין אירע רייען; איך האָב געהערט צום באַקאַנטן „צווייטן גדוד״.

ווען עס האָבן זיך געענדיקט די קאַמפן, נאָכן שליסן דעם וואָפנשטילשטאַנד, האָבן מיר זיך געפו־נען אין אַ שטעטל אויף דער יוגאָסלאַוויש־עסטריי־כישער גרענעץ. דאָ זענען מיר, צום ערשטן מאָל, געקומען אין קאָנטאַקט מיט יידישע פּליטים, וועלכע האָבן מאַסנווייז גענומען שטראָמען פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. איך האָב גענומען זוכן צווישן זיי אונדזערע לאַנדסלייט, אָבער, צו מיין ווייטיק, נישט געטראָפן קיין איין לאַשיצער. עס זענען געווען יידן פון שכנותדיקע שטעטלעך, פון פּאָדלאַסיע, אָבער נישט פון אונדזער לאַשיץ. אָבער אויך דאָ איז, סוף־כל־סוף, צו מיר צוגעקומען איינער פון די פּליטים, מיך שאַרף אָנגעקוקט און געפרעגט: „איר זענט נישט קיין לאַשיצער?״ דאָס איז געווען נאָסקע, שמואל־אברהמס זון. מיר האָבן זיך צעוויינט. מיר האָבן שוין געוווסט, אַז קיין סך לעבנגעבליבענע פון אונדזער שטעטל וועלן מיר נישט טרעפן...

פון יוגאָסלאַוויע האָט מען אונדז, אין 1945, איבערגעשיקט קיין האָלאַנד, אין אַ קליין שטעטל ביי דער דייטשער גרענעץ. דאָ האָב איך געבעטן ביי דער העכערער מיליטער־מאַכט אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין פּוילן, אָנגעבנדיק, אַז איך וויל באַזוכן לאַשיץ, כדי צו זוכן מיין פאַמיליע. פון שטאַב האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז לויט זיינע אינפאָרמאַציעס זענען אַלע לאַשיצער יידן אויסגעמאָרדעט געוואָרן און צוליב דער געפאַר פאַר אַ ייד צו פאָרן קיין פּוילן זאָגט מען מיר אָפּ די דערלויבעניש. אָבער אין מערץ 1946 האָב איך, צוזאַמען מיט נאָך צוויי חברים־סאָלדאַטן זיך אַרויסגעלאָזט קיין פּוילן אָן אַ דערלויבעניש.



לאַשיצער אין שטשעטשין, פּוילן, באַלד נאָך דער מלחמה. רעכטס: יהושע גרינבערג און חנה ראָזענבאַנד־גרינבערג; לינקס: הערשל, שיינדל און חנהלע נוסבוים

נאָך אַ זייער שווערער וואַנדער־רייזע איבער האַלב אייראָפּע, בין איך אָנגעקומען קיין פּוילן.

די ערשטע לאָשיצער האָב איך געטראָפן אין לאָדזש. דאָס זענען געווען הערשל ליבערמאַן, אריה ליבערמאַן, פראַדל ראָזענ־בוים און אַנדערע. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן די ערשטע שוי־דערלעכע פּרטים וועגן דער אויסראָטונג פון די יידן אין אונדזער שטעטל.

דאָ בין איך אויך געוווּיר געוואָרן, אַז מיינע צוויי שוועס־טער זענען לעבן־געבליבן אין רוסלאַנד.

צוריקקומענדיק אין מיין אָפּטיילונג, בין איך פאַר מיין אומלעגאַלער רייזע געשטעלט געוואָרן פאַר אַ מיליטער־געריכט, וואָס האָט מיך פאַרמשפּט אויף 28 טעג תפיסה, וועלכע איך בין אָפּגעזעסן. דאָס האָט מיך אָבער נישט אָפּגעהאַלטן אין אַ פּאָר חדשים אַרום צו מאַכן נאָכאַמאָל אַזאַ אומלעגאַלע רייזע, כדי אויפצוזוכן מיינע שוועסטער.

אין שטשעטשין און אין דער אַרומיקער געגנט האָב איך שוין דאַן געטראָפן פיל לאָשיצער פאַמיליעס, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, צווישן זיי: ישראלקע נוסבוים, הערשל נוסבוים, משה בעקערמאַן, חיים רוזאל, יהושע גרינבערג, חנה ראָזענבאַנד, משה אָקסענהאָרן, וועלוול קאַרשענשטיין, העניע ברוקמאַן און אַנדערע. איך האָב זיך באַמיט זיי צו העלפן מיט וואָס איך האָב נאָר געקאָנט, ווייל מיין ענגלישער מיליטערישער מונדיר האָט פאַר מיר געעפנט פיל טירן, סיי אין יידישע און סיי אין אַלגעמיינע אינסטיטוציעס, ווו די פּליטים גופא איז שווער געווען אַנצוקומען. דער רוב לאָשיצער האָט געשטרעבט וואָס פריער עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אומגעהויערע שוועריקייטן און אויסגאַבן. אַזוי האָב איך חיים רוזאל פאָרגעשטעלט אַלס מיינעם אַ קוזין, באַקומען פאַר אים און זיין משפחה שטיצע און דערליידיקט, דורכן קיבוץ אין לאָדזש, זייער עליה. דאָס זעלבע פאַר יהושע גרינבערג. מיינע שוועסטער האָב איך, אָבער, אַלץ נאָכנישט געפונען. זיי זענען געקומען ערשט שפּעטער פון רוסלאַנד.

צוריקקומענדיק אין מיין קאַמפּאַניע זענען שוין אַלע געווען באַפרייט און כ׳בין געווען פון די לעצטע ארץ־ישראל־סאָלדאַטן, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן.

וועלוול שטיינמאַן

# אין לאָשיץ באַלד נאָך דער קאַטאַסטראָפע

דעם 19־טן נאָוועמבער 1944 בין איך צוריקגעקומען קיין לאָשיץ פון רוסלאַנד. איך בין אָנגעקומען מיט אַן אויטאָ פון שעדלעץ, צוזאַמען מיטן לאָשיצער חיים־יחיאל טענענבוים און דעם קאָנסטאַנטינער אייזשע קאַרשנשטיין. פאַרן ערשטן בריק זענען מיר אַראָפּגעגאַנגען פונעם אויטאָ, כדי אריינצוגיין צופוס אין שטאָט אַריין. מיר זענען פאַרביי דעם יידישן בית־עולם, וועלכער איז געווען גענצלעך צעשטערט און נאָר איין מצבה איז געשטאַנען אַ גאַנצע אויף אַ קבר. מיר האָבן זיך געקליבן אריינצוגיין צום מאַרק דורכן טויטן געסל.

ביים גלחס ברונעם האָט אונדז געטראָפן דער פּאָליאַק מאַרעק קאַרסיק, וועלכער האָט אונדז באַגריסט אין זיין ריינעם יידיש און געזאָגט, אַז די לעבנגעבליבענע יידן האַלטן זיך אויף ביי יוסף זייפנזידער אין הויז. מיר האָבן דאָרט געטראָפן ביי 40 יידן, צווישן וועלכע נאָר 16 זענען געווען לאָשיצער, די איבעריקע — פון אַנדערע שטעט.

ווען כ׳בין שפּעטער אַרויס אין גאַס האָט אויף מיר די שטאָט געמאַכט אַ דערדריקנדיקן רושם.

די ערשטע „באַגריסונג״ האָב איך באַקומען פון אַלקעסאַנדער, דעם פּוילישן פּאָסט־טרעגער:

„העי!״ — האָט ער מיר נאָכגערופן — „מרים־רבקהס זון, דו לעבסט גאָר!...״

דאָס הויז, ווו מיר האָבן אַמאָל געוווינט, האָט מער נישט עקזיסטירט. אויסער די ראָד־הייזער אין מיטן מאַרק, וואָס זענען געווען אָראָפּגעריסן, איז געווען צעשטערט דער גרעסטער טייל פון דער ביאַלער גאַס. אָנקומענדיק פון מאַרק, איז אויף דער רעכטער זייט געבליבן גאַנץ נאָר דאָס ראָג־הויז פון גרשון שענקער. ווייטער זענען אַלע יידישע הייזער, ביז דער אַפּטייק, געווען אַראָפּגעריסן, צעשטערט. נאָר אין דער טיף פון „דונאַי״ איז געבליבן גאַנץ דאָס הויז פון הערשעלע מלמד. אויף דער לינקער זייט פון דער ביאַלער גאַס איז דאָס לעצטע גאַנצע הויז געווען שרה בראָנשטיינס, ווו עס האָט געוווינט יצחק שוחט. אַלע הייזער, פון יאַפּאָנטשיק ביזן פּלאַץ פון דער רוסישער צערקווע, זענען געווען אַראָפּגעריסן און צעשטערט. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן האָבן די פּאָליאַקן מיט די דייטשן חרוב געמאַכט די הייזער, זוכנדיק דאָס פאַרמויערטע און באַגראָבענע יידישע גאָלד...

*

איך האָב דאָן, ביי פּאָליאַקן און ביי לעבנגעבליבענע יידן זיך דערוווּסט וועגן טראַגישן טויט פון מיין מוטער, מרים־רבקה שוואַרץ.

אונדזער הויז, אין דער ביאַלער גאַס, איז געווען דאָס לעצטע, די גרענעץ


מרים־רבקה שוואַרץ

פון „גרויסן געטאָ". מיין מוטער האָט איינמאָל, אין 1942, פאַרקויפט, דורכן שטעכיקן פאַרצוימונג־דראָט פון געטאָ, אַ פוילישער פרוי אַ שטיקל זייף. דאָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, אָבער זי האָט עס זיכער געטאָן, כדי צו האָבן אויף אַ שטיקל ברויט. דאָס „פאַר־ברעכן" איז באַקאַנט געוואָרן דער ידישער פאָליציי און צוויי ידישע פאָליציאַנטן האָבן זי געמסרט פאַר דער געסטאַפאָ. די זעלבע נאַכט האָט מען זי אַרויסגענומען פון שטוב, צו־זאַמען מיט זעקס ידישע פרויען פון בלאַשקי, פליטים אין לאַשיץ, אויך באַשולדיקטע אין ענלעכע „פאַרברע־כנס". מען האָט אַלע זיבן פרויען אַוועקגעפירט אינדערפרי צום דריטן בריק און זיי דאָרט דערשאָסן. מיין מוטער האָט נאָך באַוויזן, אַ שווער־פאַרוואונדעטע, צו אַנטלויפן פון עקזע־קוציע־פּלאַץ ביזן הויז פון דעם פוילישן לערער באַיקאַ. די באַנדיטן האָבן זי אָבער געכאַפּט, צוריקגעשלעפּט צום בריק און זי דאָרט פאַרענדיקט.

מען האָט מיר אָנגעוויזן אויפן אָרט, ווו די דערמאָרדעטע פרויען זענען באַגראָבן געוואָרן. איך האָב אָבער, צו מיין ווייטיק, נישט געהאַט די מעגלעכקייט און נישט באַקומען קיין הילף, אויפצוגראָבן די קערפּערס און ברענגען מיין מוטער מיט אירע גורל־שוועסטער צו קבר־ישראל.

*

איך האָב מיר דעמלט אין לאַשיץ איינגעאָרדנט אַ קליינעם שוסטער־וואַרשטאַט, אין אלתר פּרייס שטוב, כדי צו פאַרדינען אויפן לעבן.

האַרט פאַר דער מלחמה האָב איך אין וואַרשע געהאַנדלט מיט שיך, וועלכע מען האָט מיר אויסגעאַרבעט אין לאַשיץ, פון לעדער, וואָס איך האָב איינגעקויפט, אויף מיינע קאָפּיטעס. די קאָפּיטעס זענען געווען געצייכנט מיט פוילישע איניציאַלן פון מיין נאָמען.

נאָך דער מלחמה, ווען כ'האָב גענומען אַרבעטן, האָב איך געזוכט אין לאַשיץ קאָפּיטעס. ביי אַ פוילישן שוסטער האָב איך געטראָפן די קאָפּיטעס מיט מיינע אויסגעקריצטע איניציאַלן — אָבער ער האָט זיי מיר אפילו נישט געוואָלט באָרגן...

איך בין פֿאַרבליבן אין לאָשיץ ביז פֿאַר פּסח פֿון זעלבן יאָר, 1944, ווען פּוילישע באַנדיטן האָבן דערמאָרדעט אין מאָרד דעם לאָשיצער הערשל וואָלקער. נאָכן דאָזיקן מאָרד איז די מערהייט יידן אַוועק פֿון לאָשיץ. מיר האָבן זיך איבערגעטראָגן קיין לאָדזש, ווו מיר האָבן זיך אַלע געהאַלטן צוזאַמען אין אַ דירה אויפֿן דריטן שטאָק פֿון נאַרוטאָוויטשאַ־גאַס 25.

חיים שוואַרץ

## אַ באַזוך אין לאָשיץ גלייך נאָך דער היטלער־מפּלה

קנאַפּע צוואָנציק יאָר זענען אַריבער זינט יענעם מאָמענט, ווען איך בין אין אַן אַלטן קעלער פֿון אַ חרוב הויז אין וואַרשע, געוווּיר געוואָרן, אַז די היטלער־בעסטיע איז ענדגילטיק באַזיגט און מיר, אַ גרופּע פֿון זיבן מענטשן, קאָנען ענדיקן אונדזער אונטערערדיש חיה־לעבן און אַרויס אויף דער אויבערפֿלאַך. אין פּערספּעקטיוו פֿון די דאָזיקע אָפּגעלאָפֿענע יאָרן איז אָפֿט מיר אַליין שווער צו באַגרייפֿן ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן... איך האָב געהאַט דעם „כּבֿוד" צו זיין פֿון די ערשטע פֿאַרשיקטע אין אוישוויץ, מיטן נומער 42063 אויף דער האַנט. פֿון דאָרטיקן גהינום, בין איך, צוזאַמען מיט אַ גאַנצן טראַנספּאָרט, געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע אָפּצורייניקן די חורבֿות פֿון וואַרשעווער געטאָ. נאָך שרעקלעכע איבערלעבונגען אין וואַרשע גופֿא, האָב איך זיך, נאָכן אויפֿשטאַנד פֿון גענעראַל באָר, צוזאַמען מיט נאָך זעקס יידן און איין פּוילישן גלח, באַהאַלטן אין אַ קעלער פֿון אַ חרוב הויז אויף פֿראַנצישקאַנער גאַס 8 און דאָרט דורכגעלעבט דעם לעצטן שרעקלעכן ווינטער, ווען די רויטע אַרמיי איז געשטאַנען אין פּראַגע און דורכן ווייסל זיך דורכגעשאָסן מיט דער נאַצי־אַרמיי איבער אונדזערע קעפּ. נישט דאָ איז דאָס אָרט אַט־די אַלע איבערלעבונגען צו באַשרייבן — אויב זיי קאָנען בכלל באַשריבן און איבערגעגעבן ווערן. ווען מיר האָבן דערפֿילט איבער זיך די סאָוויעטישע סאָלדאַטן, און זענען, מער ענלעך צו שאָטנס, ווי צו מענטשן, אַרויס פֿון אונדזער באַהעלטעניש, איז מיין ערשטער באַוווּסטזיניקער געדאַנק און באַשלוס געווען, — פֿאָרן קיין לאָשיץ... אפֿשר איז עמעצער לעבן־געבליבן פֿון מיינע נאָענטע?

איך בין שוין פֿריער לאַנגע יאָרן נישט געהאַט געווען אין לאָשיץ. איך בין פֿאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ פֿון פֿראַנקרייך. אַרויסקומענדיק פֿון אונדזער „בונקער", האָב איך אָנגעטאָן אויפֿן לאַץ די דריי־קאָלירקע פֿראַנצויזישע קאָקאַרדע, וויסנדיק אַז דער פֿראַנצויזישער יחוס קאָן מיר פֿיל העלפֿן און אפֿילו ראַטעווען... אַ סאָוויעטישער מיליטערישער אויטאָ האָט מיך אָפּגעפֿירט קיין שעדלעץ. אין האַלב־חרובֿן שעדלעץ האָב איך פּשוט מורא געהאַט זיך נאָכצופֿרעגן אויף יידן, ווייל כ'האָב שוין געוווּסט וועגן דער באַציאונג פֿון די פּאָליאַקן צו יעדן, וועלכער זעט נאָר אויס צו זיין אַ ייד. סוף־סוף האָב איך

אין אַ פּויליש געשעפט געפרעגט און מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויף, ווו עס געפינען זיך יידן. ארײַנקומענדיק אהין, האָב איך צו מיין פרייד, גלייך געטראָפן אַ באַקאַנט פּנים: דאָרט איז געווען שוין אַ צייטווייליקער יידישער קאָמיטעט און מיט אים האָט אָנגעפירט פרוי שרה טשאַרנאָבראָדע־קאַרטש, וואָס איז אַמאָל געווען אַ לערערין אין לאָשיץ און שפּעטער חתונה געהאַט מיט מיין יוגנט־פריינט הערשל קאַרטש הי״ד.

מיר האָבן זיך, פאַרשטייט זיך, דערפרייט און — צעוויינט... ווי איז מעגלעך געווען דעמלט נישט צו וויינען, טרעפנדיק אַ באַקאַנט פּנים? זי האָט מיר שוין אינפאָרמירט, אַז אין לאָשיץ איז נאָר געבליבן די פאַמיליע פון אברהם פינקוס און מער קיינער נישט און מיר דורכויס געראַטן נישט צו פאָרן אהין, ווייל דער וועג איז זייער געפערלעך, — די באַנדיטן זוכן יידן און דערמאָרדן יעדן, וועלכן זיי טרעפן נאָר.

דער ווילן, אָבער, צו זען מיין טייער געבורט־שטעטל איז געווען גרעסער און שטאַרקער פון דער מורא פאַר יעדער געפאַר. זאָל זיין אָנקוקן נאָר חורבות, נאָר ליידיקע הייזער און קברים, — איך מוז זיין אין לאָשיץ, האָט אין מיר געברענט עפּעס אַן אינערלעכע פאָדערונג.

איך בין אַרויס פון שעדלעץ אויפן באַקאַנטן, פון קינדערווייז נאָך, שאָסיי, וואָס פירט קיין לאָשיץ. קיין רעגולערע קאָמוניקאַציע איז נאָך נישט געווען, — איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן אויף אַ צופעליקן אויטאָ, אויף אַ „טרעמפּ", ווי מען רופט דאָס. לעבן מיר איז געשטאַנען אַ מיטליאָריקער פּאָליאַק. קוקנדיק אויף מיין פּראַנצוויזישן אָפּצייכן, האָט ער מיר געפרעגט וווהין איך וויל פאָרן.

— קיין לאָשיץ, — האָב איך געענטפערט.

ער האָט מיך אַ לענגערע ווײַלע באַטראַכט, איינגעקוקט זיך, זיכער, אין מיין יידיש פּנים, גאָרנישט געפרעגט, נאָר געזאָגט:

— דיין וואַרטן דאָ איז אַביסל געפערלעך.. פון פיענקנאַ־גאַס גייט אָפּ באַלד אַ לאַסט־אויטאָ מיט מענטשן קיין לאָשיץ, אָבער איך ראַט דיר זאָלסט נישט פאָרן אהין... — האָט ער פילדייטיק געענדיקט.

איך האָב אויך אים, דעם ערלעכן פּאָליאַק, נישט געפאָלגט. איך האָב אויפגעזוכט דעם לאַסט־אויטאָ, באַצאָלט די רייזע־קאָסטן און איינגעשטיגן.

אויפן וועג ערשט האָב איך באַנומען די גרויסע געפאַר. דער אויטאָ איז געווען איבערפולט מיט מענטשן. ס'איז געווען נאַכט. איך בין געשטאַנען אין דער פינצטער צווישן עולם. די איינציקע טעמע אויפן גאַנצן וועג איז געווען — יידן. „מען האָט זיי נישט באַוויזן אַלע אויסצוראָטן..." „מען דאַרף זיי אויסשעכטן..." „קיין איינעם טאָר מען נישט לאָזן..." „זיי וועלן ווידער אומגליקלעך מאַכן פּוילן..." קיינער האָט נישט געפרוווט דערווידערן, קיין איינער האָט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין גוט וואָרט, אָדער מיט קיין מיטגעפיל־אויסדרוק... אפשר זענען יאָ געווען אַנדערש־טראַכטנדיקע און זיך מורא געהאַט אָנצורופן? איך האָב צוגעהערט, פאַרביסן די ליפּן און אַ שוידער האָט דורכגענומען מיין

גאַנצן גוף... איך ווייס נישט, צי זיי האָבן אין דער פינצטער נישט געזען מיין יידיש פנים, צי די פראַנצויזישע קאָקאַרדע אין מיין לאַץ האָט זיי אָפּגעהאַלטן? — מען האָט מיך נישט געטשעפּעט. איך האָב אָבער געפילט אַרום זיך די חיהשע אויגן און רוצחישע הענט, וואָס מאָרדן אויף די וועגן די איינציקע אָנגעטראָפענע לעבן־געבליבענע יידן.

דער אויטאָ איז אָנגעקומען קיין לאָשיץ שפּעט ביינאַכט. איך בין אויסגעשטיגן. איך האָב קוים דערקענט דעם מאַרק, — ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק: די צוויי רייען יידישע געוועלבער און וווינונגען אין מיטן מאַרק, ווו עס האָט שטענדיק געראַשט מיט יידיש לעבן, זענען פאַרשוווּנדן. אָפּגעווישט, צעשטערט, פאַרברענט צוזאַמען מיט די הונדערטער־הונדערטער יידן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט און געלעבט זייט לאַנגע דורות.

ווו גייט מען אינמיטן דער נאַכט? ווו רירט מען זיך, נישט צו באַקומען קיין מערדערישע קויל, אָדער מעסער, אין האַרץ אַריין?

איך האָב דאָך געמוזט פרעגן... און געפרעגט אַן עלטערן פאַרשפּעטיקטן דורכגייער, ווו עס וווינט אברהם פינקוס. ער האָט מיר אָנגעוויזן.

מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— ווער איז דאָרט?! — האָב איך דערהערט אברהם פינקוסעס דערשראָקענע שטימע.

— עפן אויף... איך בין עס, חיים־איצל...

און דאָ איז פאָרגעקומען אַ טראַגיש דורכרעדן זיך דורך דער פאַרבאַריקאַדירטער טיר.

ער האָט צום ערשטן נישט געגלויבט, אַז איך בין עס, נישט דערקענענדיק מיין שטימע. איך בין, האָט ער געוווּסט, אין פּאַריז, — ווי קום איך פּלוצלינג איצט קיין לאָשיץ? איך האָב אים אין עטלעכע ווערטער געמאָלן מיין טראַגישן, אמת־דאַנטעשן וועג. איז ווידער אַ מורא: די מערדער פלעגן אַ געכאַפּטן ייד צופירן צו פאַרפּעסטיקטע טירן, אים צווינגען צו בעטן עפענען, און דאַן — דערמאָרדן אַלע צוזאַמען... איך האָב אים דאָך איבערצייגט, אַז איך בין איינער אַליין און ער האָט מיך אַריינגעלאָזט.

אונדזער באַגריסונג איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער. געפרייט זיך און געוויינט... געוויינט און געפרייט זיך...

ווען איך בין, אינדערפרי, אַרויס באַקוקן אונדזער שטעטל, האָט מיר אויף יעדן טריט פאַרקלעמט דאָס האַרץ פאַר ווייטיק. ליידיק זענען די פּלעצער. ווו עס זענען געווען די שיל און דער בית־מדרש. פון די הייזער, ווו מיר האָבן געוווינט און פאַרבראַכט אונדזער יוגנט, קוקן אַרויס פּיינטלעכע פּנימער. נישטאָ מער די אַרבעטנדיקע האָרעפּאַשנע יידישע נאָטעוויזנע. די מעזריטשער גאַס, ווו איך בין אויפגעוואַקסן, איז האַלב־חרוב.

דעם שווערסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער פּלאַץ אַנטקעגן דער קריסטלעכער קירכע, אויף דער שעדלעצער גאַס, וואָס איז געווען אויסגעפּלאַס־

טערט מיט די מצבות פון יידישן בית־עלמין. איך האָב נישט געקאָנט, נישט געהאַט גענוג אינערלעכן כוח, אַרויפצוגיין איבערלייענען די אויפשריפטן אויף די מצבות.

דער בית־עלמין אליין,ביים טייך, איז געווען פאַרוויסט, — מען האָט אפילו נישט געלאָזט רואיק ליגן די ביינער פון דורות כשרע, ערלעכע לאָשיצער יידן.

*

דאָס האַרץ האָט מיר שרעקלעך געקלאַפּט, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל, באַלד נאָך מיין אָנקומען, גענומען גיין מיט דער מעזריטשער גאַס, אַראָפּ, צום הויז ווו עס האָבן אַמאָל געווינט מיינע עלטערן, טיף אין הויף ביי גדליה שאַשקעס. איך האָב געוווּסט, אַז פון מיין פאַמיליע איז דאָרט קיינער נישטאָ. מיין 77־יאָריקע מאַמע איז דורך די נאַצי־מערדער דערשאָסן געוואָרן בעת דער גרויסער אויסזידלונג אויפן וועג קיין שעדלעץ; מיין ברודער אברהם איז דער־שאָסן געוואָרן, ווען ער איז צוגעלאָפן פרווון ראַטעווען די מוטער. דאָס האָב איך שוין געוווּסט, אָבער דאָך האָבן מיך די פיס, ווי אַליין געטראָגן צום הויז ווו איך האָב פאַרבראַכט מיין יוגנט. אויפעפענענדיק די טיר — האָט מיר ווי אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ האַמער אין קאָפּ... דאָס אַלטע אָרעמע מעבל פון מיין טאַטע־מאַמע איז געשטאַנען אויפן זעלבן פלאַץ. אָט איז דער טיש... די קני האָבן זיך מיר איינגעבראָכן, איך האָב זיך מאַכטלאָז, אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, אַראָפּ־געלאָזט לעבן אים אויף אַ שטול. אין קאָפּ האָט מיר געשווינדלט... פאַר די אויגן איז מיר געשטאַנען מיין טייערע מאַמע. מיט וויפל צערטלעכקייט זי פלעגט מיר דערלאַנגען אויף אָט־דעם טיש דאָס אָרעמע ביסל זופּ! עפּעס אַנדערש האָט זי נישט געהאַט, — און אין אירע פאַרטרערטע אויגן פלעגט שטענדיק זיין אַ מין פאַרענטפערן זיך, פאַרוואָס זי קאָן מיר נישט געבן עפּעס בעסערס צו עסן...

קינדער האָבן זאָרגלאָז אויפן טיש פונקט געמאַכט לעקציעס, זיך פאָרענדיק ביי העפטן און ביכער. פאַר די אויגן האָבן זיך מיר געשטעלט די קינדער פון מיין שוועסטער, וועלכע האָט געווינט אין זעלבן הויז, — ווי זיי פלעגן אָפּמאַכן זייערע לעקציעס ביים זעלבן טיש.

פון די אויגן האָבן זיך מיר געגאָסן טרערן און אין האַלדז האָט עפּעס געשטיקט. כ׳האָב קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען. כ׳האָב נישט געענט־פערט אויף די פראַגן פון דער פּוילישער פרוי, וואָס איך וויל, וועמען איך זוך... זי האָט מסתם פאַרשטאַנען ווער איך בין. איך האָב געפילט, אַז איך מוז וואָס שנעלער אַרויס, אַנטלויפן. שטום, אָן אַ וואָרט, ווי איך בין אריין — בין איך אַרויס, און ווי אַ משוגענער געלאָזט זיך לויפן פון דער מעזריטשער גאַס אַרויס, אויפן מאַרק.

אַלע געוועלבער זענען געווען אָפן, — מיט די זעלבע סחורות, נאָר די סוחרים האָבן זיך געביטן... יאָ, נאָר אויפן ראָג פאָלינאָווער און מעזריטשער

גאַס האָב איך געקוקט אויפן געוועלבל פונעם מצבה־קריצער — דאָ האָט זיך אויך די סחורה געביטן... ווייטער איז געווען אברהם־שמילקעס...

אויפן צווייטן ראָג מעזריטשער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרק מיט מענדל־העניעס הויז. ווייטער — אירע שענקער... אָט־דאָ באַלד, אין סאָדע־וואַסער־געשעפט, פלעגט דאָך שטיין חיה־מאַליע... און אַביסל ווייטער — די זעלבע יאַטקע, נאָר זי איז מער נישט כשר... און דאָ, דערלעבן — דאָס ברויט־געוועלב פון מיין שוואָגער אברהם־יצחק בעקער... אַלץ איז געווען אויפן זעלבן פּלאַץ, נאָר אונדזערע ליבע יידן, וועלכע האָבן, הינטערן טיש, וואַרטנדיק אויף אַ קונה, אריינגעקוקט אין אַ ספר, אריינגעכאַפּט אַ קאַפּיטל תהלים, — זיי זענען מער נישט געווען..

*

איך האָב אין לאָשיץ באַקומען אַ גרוס, אַז אין קאָנסטאַנטין געפינט זיך מיינער אַ קוזין. ווידער אַ לעבן־געפערלעכע רייזע פון שטעטל צו שטעטל. כ׳האָב טאַקע דאָרט געטראָפן מיין קוזין. ער האָט זיך פאַרפעסטיקט אין אַ הויז, האַלטנדיק יעדע נאַכט וואַך מיט אַ קוילנוואַרפער אין פענצטער, — און דאָס, טראָץ דעם סאָוויעטישן מיליטערישן גאַרניזאָן אין שטעטל... באַלד נאָך מיין אָנקומען אהין, האָט דאָס סאָוויעטישע מיליטער געמאָלדן, אַז עס פאַרלאָזט קאָנסטאַנטין און ראַט די פּאָר יידן אויך צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, כדי נישט אומגעבראַכט צו ווערן דורך די פּוילישע באַנדיטן. מיין קוזין איז אַוועק צוזאַמען מיטן רוסישן מיליטער, איך האָב באַשלאָסן צוריקצוקערן קיין לאָשיץ.

נאָך לאַנגע זוכענישן האָב איך געפונען אַ פּוילישן פויער, וואָס איז איינגע־גאַנגען, פאַר אַ גרויסער סומע געלט, מיך אַוועקצופירן מיט זיין פערד־און־וואָגן קיין לאָשיץ. די מערהייט האָט מורא געהאַט דאָס צו טאָן, ווייל אויפן וועג פלעגן די באַנדיטן פון „א.ק.״ דערמאָרדן סיי דעם ייד, סיי דעם פּאָליאַק וואָס האָט אים געפירט. דער דאָזיקער פויער האָט מיך אָנגעטאָן אין זיינער אַ שווערער „בורקע״, אַריבערגעוואָרפן מיר אַ „קאַפּישאָן״ איבער די אויגן, אַוועקגעזעצט מיך לעבן זיך און שנעל געיאָגט דאָס פערד איבערן צעשטערטן פּוילישן וועג. איך בין געווען פול מיט שרעק, — מען האָט דערציילט וועגן אַזעלכע פורמאַנעס, וועלכע פלעגן זייער יידישן פּאַסאַזשיר אַליין אויפן וועג באַרויבן און דערמאָרדן.

איך בין בשלום אָנגעקומען צוריק קיין לאָשיץ, ווו איך בין נאָך פאַרבליבן צוועלף טעג, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע פון אברהם פינקוס און יאַנקל לאָשיצע.

איך האָב געפּרוווט זוכן איבערבלייבענישן פון אַמאָליקן בליענדיקן לעבן אין אונדזער געבורטס־שטעטל. כ׳האָב געוואָלט געפינען ביכער, ספרים, אפשר פאַרציי־כענונגען פון וועמען עס איז, — אַלץ איז געווען פאַרניכטעט, אויסגעראָטן און פאַרברענט, אפילו קיין ספר־תורה איז נישט געבליבן לזכרון. די נייע איינוווינער־באַלעבאַטים פון אונדזערע הייזער האָבן זיך באַמיט צו פאַרווישן יעדן שפור, יעדן אָנדענק פון אַמאָל.

אַ צעבראָכענער בין איך אַוועק פון לאָשיץ, איבער די נאָך־רויכערנדיקע

וועגן פון אייראָפּע, זוכן אין פראַנקרייך מיין פרוי און קינדער, פון וועלכע איך האָב שוין עטלעכע יאָר נישט געהאַט געהערט און נישט געוווסט צי זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון דער קאַטאַסטראָפע.

זייט דעמלט קום איך אָפּט קיין פוילן. און דווקא איבער די שוין זיכערע וועגן און רואיקערע צייטן, האָט געדויערט לאַנגע יאָרן, ביז איך האָב געפונען אין זיך די אינערלעכע כוחות נאָכאַמאָל צו באַזוכן אונדזער געבוירן־שטעטל. ערשט אין יאָר 1959 בין איך ווידער, צוזאַמען מיט מיין פרוי, געווען אין לאָשיץ, וווּ עס זענען אפילו קיין קברים נישט פאַרבליבן נאָך אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע.

חיים־איצל גאָלדשטיין

# נקמה

## מיין שוועסטער חיה — די פּאַרטיזאַנערין

אַנטלויפנדיק פון לאָשיץ, נאָכן אריינמאַרש פון די דייטשן, האָט זיך אונדזער פאַמיליע באַזעצט אין שטעטל קאָסטאָפּאָל, לעבן ראָוונע, אין דער סאָוויעטיש־פּאַרנומענער זאַנע פון פוילן. אין אַ הילצערנער שטוב, אויף אַ בערגל, אין אַ סאָד פון קאַרשנביימער האָבן זיי געוווינט. מיין טאַטע אברהם (חיים־משהס) און מיין מאַמע פייגע, בינשטאָק; מיין שוועסטער שרה מיט איר מאַן חיים, וועלכער איז אומגעקומען אַלס פּאַר־טיזאַן אין די דאָרטיקע וועלדער; מיינע שוועסטער: חיה, די העלדישע פּאַרטיזאַנערין;ביילע און שרה. פון בערגל, ווו מיר האָבן געוווינט, האָט זיך געזען דער טייך גירען, דער שטעטלדיקער וואַלד און פאַר אים דער ספּאָרט־פּלאַץ, די „באָיסקאָ", וואָס איז שפּע־טער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן יידישן מאַסן־קבר.


חיה בינשטאָק

מיר האָבן געמיינט, אַז דאָ איז אונדזער צייטווייליקע היים און וועלן רואיק לעבן ביז מיר וועלן זיך קאָנען צוריקקערן קיין לאָשיץ. אָבער מיר האָבן אַ טעות געהאַט... עס זענען געקומען די גרויליקע טעג פון יוני 1941, ווען די דייטשע בעסטיעס האָבן זיך דערנענטערט צו קאָסטאָפּאָל.

פיל יידן־פּליטים האָבן זיך שוין געפילט מיד און נישט געקאָנט ווידער און ווייטער לויפן. אַנדערע האָבן נישט באַוויזן דאָס צו טאָן. נאָר אַ קליינער טייל, צווישן זיי אויך איך, האָבן פאַרלאָזט קאָסטאָפּאָל, לויפנדיק אויף מזרח. איך בין אָנגעקומען קיין קיעוו, ווו איך בין מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. איך האָב געהאַט דעם כבוד אָנטיילצונעמען אין די שלאַכטן ביי סטאַלינגראַד, פון וועלכע עס איז מיר געבליבן אַן אייביקער אָנדענק — עס פעלן מיר פון

דאָרט האַלבע פינגער פון די פיס. איך האָב געליטן, אָבער זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז איך וועל צוריקומען און געפינען מיינע עלטערן, מיינע שוועסטער, טראָץ די ידיעות, אַז די דייטשן מאָרדן אויס אַלע יידן.

אין יאָר 1944 בין איך אָנגעקומען קיין פוילן מיט די ערשטע אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי. איך האָב זיך גלייך געלאָזט קיין קאָסטאָפּאָל, ציטערנדיק פון אויפרעגונג, אַז אָט־אָט וועל איך טרעפן עמעצן פון מיינע נאָענטע. איך בין אָנגעקומען אין שטעטל אריין ביינאַכט. ס׳איז געווען שרעקלעך פינצטער. אַרום האָבן זיך נאָך געהערט שיסערייען. אָבער איך האָב אויף גאָרנישט געלייגט קיין אַכט, נאָר געלאָפן אין דער פינצטער דורך די באַקאַנטע געסלעך. איך בין שנעל צוגעקומען צום באַקאַנטן הויז. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט... די טירן זענען געווען אויסגעבראָכן, די פענצטער אויפגעפראַלט, — איך האָב גערופן אין דער פינצטערניש מיינע טייערעס נעמען. אַ פוסטער עכאָ האָט מיר נאָר געענטפערט, איבערחזרנדיק מיין אייגן קול... איך האָב געקלאַפּט אין איינער און אין אַ צווייטער שכנותדיקער שטוב, — אומעטום האָבן דאָך געווינט יידן — אין אַלע האָט מיר געענטפערט אַ שוידערלעכע פוסטקייט.

אַביסל ווייטער האָב איך דאָך באַמערקט אַ באַלויכטענעם פענצטער. איך בין געלאָפן אהין אָן אָטעם — דאָרט האָט דאָך געווינט מיין באַקאַנטע יידישע פאַמיליע וולאָדאַרסקי. אויף מיין קלאַפּ אין טיר האָב איך באַקומען אַ באַסאָוון ענטפער אויף פויליש: „פּראָשע!" איך בין געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער אויף דער שוועל: אויסגעפּאַשעטע פּוילישע פּנימער האָבן געקוקט אויף מיר מיט שנאה־אויגן. איך האָב דייטלעך דערהערט ווי איינער זאָגט צום צווייטן: „אָ־אָ, זשידקי פשיעכאַלי..."

„ווו זענען אַלע מענטשן פון דאַנען?..." — האָב איך קוים אַרויסגעשעפּטשעט.

„די יידן?... מען האָט זיי אַלע אויסגעהרגעט!"

די קריסטן האָבן מיר דאָך אָנגעוויזן אויף אַ שטוב, ווו עס זענען געווען יידן, נאָר־וואָס צוריקגעקומענע פּאַרטיזאַנער פון די וועלדער. ביי די דאָזיקע יידן בין איך געוווירר געוואָרן פרטים וועגן מיין העלדישער שוועסטער חיה.

חיה איז אַנטלאָפן פון קאָסטאָפּאָל, ווען די נאַציס האָבן דורכגעפירט די לעצטע גרויסע „אַקציע" קעגן די יידן.

חיה איז געבוירן געוואָרן אין לאָשיץ אין 1921. זי האָט געלערנט אין דער פוילישער „פּאָוושעכנע" שול. זי האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי, נאָר זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטאַרק נאַציאָנאַל געפיל און איז שטענדיק געווען געוואַגט, אומדערשראָקן און אַנטשלאָסן.

פון קאָסטאָפּאָל איז זי אַוועק אין די וועלדער אַרום זדאָלבונאָוו, ווו זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. זי האָט אַ צייט העלדיש געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנער־רייען קעגן די נאַציס. איינמאָל איז חיה, צוזאַמען מיט עטלעכע קעמפער פון איר גרופּע, אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אוקראַינישע

מערדער, אין אַ כאַטע פון אַ דאָרף ביי זדאָלבונאָוו. מיין שוועסטער איז אַרויסגעשפּרונגען דורך אַ פענצטער און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון נאָענטן וואַלד. די אוקראַינער האָבן איר נאָכגעשאָסן מיט אַ האָגל פון קוילן. זי האָט דאָך באַוויזן צוצוקומען ביזן ראַנד פון וואַלד. דאָ איז געווען אַ באַריער, איבער וועלכן זי האָט געפּרוווט זיך אַדורכוואַרפן כדי אריינצוקומען אין וואַלד אריין. זי איז שוין דאַן, וואַרשיינלעך, געווען פאַרווונדעט. אויפן באַריער האָבן איר געטראָפן עטלעכע קוילן און זי איז אויף אים געבליבן הענגען אַ טויטע. אַלע איבעריקע פאַרטיזאַנער פון איר גרופּע זענען דעמלט אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט.

*

לאַנג האָב איך אין דער געגנט נישט געקאָנט פאַרבלייבן. איך האָב דאָרט אויך נישט געהאַט וואָס און וועמען צו זוכן...

איך בין אַוועק ווייטער מיט דער רויטער אַרמיי, שוין וויסנדיק, אַז קיינער פון מיינע נאָענטע איז נישט געבליבן לעבן. אַ פאַרצווייפלטער, פול מיט יאוש, בין איך אָנגעקומען קיין מאַידאַנעק, ווו עס האָבן נאָך ממש גערויכערט די אויוונס, אין וועלכע די יידן זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. אין אָנבליק פון די בערג מלבושים, שיך, קינדערישע שיכעלעך — האָט מען דאָ, פון די פוילישע בירגער אין דער רויטער אַרמיי, פאַרמירט אָפּטיילונגען צום פוילישן מיליטער, אויף צו באַפרייען דאָס איבעריקע פוילן, צום קאַמף פאַר וואַרשע.

איך האָב אָנטיילגענומען אין די ווייטערדיקע מיליטערישע אַקציעס, מיט־געמאַכט דעם זיגרייכן מאַרש אויף מערב, אָבער מיין לאַשיץ, מיין יידיש שטעטעלע האָב איך נישט געקאָנט באַפרייען — עס האָט מער נישט עקזיסטירט.

*

איך בין אַוועק ווייטער. נישט קיין באַן, נישט קיין פערד מער געהאַט, — ווי דעמלט, ווען כ'האָב, נאָך דער ערשטער באָמבאַרדירונג, אַריינגעריטן קיין לאַשיץ, — צופוס אין פינצטערע נעכט, האָב איך זיך געגנבעט דורך גרענעצן.

פון פוילן קיין טשעכיע, קיין עסטרייך, קיין דייטשלאַנד. און איך בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, אומלעגאַל, — אָבער כ'האָב נאָך זוכה געווען אָנטיילצונעמען אין העראָישן אומאָפּהענגיקייט־קאַמף אַלס לעגאַלער יידישער סאָלדאַט אין אונדזער צה"ל־אַרמיי.

זאָלן אונדזערע קינדער, געבוירענע אין אונדזער פרייער מדינה, די קינדער, וואָס טראָגן די נעמען פון אונדזערע פאַרפייניקטע טאַטע־מאַמעס, זיין פאַר אונדז אַ טרייסט.

יהושע בינשטאָק

# גרשון (גרישה) גולדברג

הוא עומד כאילו לנגד עינינו. רק תמול שלשום ראינוהו. ער, תוסס ובלי מורך משוחח, כאילו ידע את אשר מכין לו גורלו. אף־על־פי־כן חיכה לתוצאות הניתוח כשהוא בוטח שאכן יתגבר וימשיך דרכו מאז ומתמיד.

בן למשפחת קדרים עמלה ואנשים פשוטי־עם ולמודי סבל, שרקמו את רקמת חייהם מתוך מאבק מתמיד ברעב, בחוסר לחם ולמען חיי אנוש מינימליים ביותר — משפחה שמנתה שבעה ילדים, הורים חול־ניים, סבים וסבתות — כוורת רוחשת בחדר צר, נמוך תקרה וחסר אור וחדות־חיים.



גרשון (גרישאַ) גאָלדבערג

בן 19 היה כשהשטן ההיטלראי הח־שיך את עולמו ונשאר יחיד מכל אשר לו בעיירתו לושיץ ליד לובלין. במו עיניו ראה זוועת רצח כל בני משפחתו, רטישת אחיותיו התינוקות וטיבוע אחיו הרכים. הוא ראה רצח, יריות והתעללות בזקנים ובטף, וחלום־זוועות זה שבהקיץ לא עזבוהו כל ימי חייו והירבה לספר עליו.

תוהה ומבולבל ומזועזע, אחוז פחד מוות ובלי כוחות אנוש, פרץ בריצת־אמוק את גיא ההריגה ומילט נפשו אל היער ואל הפרטיזנים. אחז ברובה ונקם נקמת רצח־עולמו ולחם על נפשו ועל כבודו. הדבר לא עלה בידו בנקל. נחל הדמים שראה במו עיניו ושבו טבעה עיירתו, לא זיעזעו כפי שזיעזעה אותו יריית־נקמתו הראשונה בגרמני, וחדשים ושנים עברו עד שכוחו ורצונו חושלו והיה ככל הלוחמים.

בהתקרב החזית התמזגה פלוגתו בצבא־האדום, לחם בו כחייל סדיר ועבר קרבות סוערים. בהגיעו אל הנצחון, בברלין, נפצע קשה בראשו מרסיס פגז, עבר ניתוחים ומחלות וחדשים רבים פירפר בין החיים ובין המוות. כשהחלים, פשט את המדים ונדד בעיירות פולין לחפש, כאלפי יהודים אחרים ובלי תקווה, מי שהוא משרידי משפחתו. נפגש באנשי „הבריחה" ואלה העבירוהו למחנות הפליטים ולימדוהו דעת ומקצוע. כוחותיו חודשו בו והתגייס בלי הרהור למלחמת הקוממיות בישראל בהתאם לצו הלאומי. הפעם, מחושל בכוחו ובאמונתו, לחם את מלחמתו, מלחמת עמו. בגמר מלחמת העצמאות התנחל בגן־רשל שבשיכון העולים בהרצליה והתמסר לביתו. לא בחל בשום עבודה קשה, הצטיין בכל עבודות

הפרדס, בירקנות, בסלילת־כבישים, בבניין, בתעשיה — וביתו, חצרו וכל אשר אתו גדל וגאה.

פצעו האנוש נתגלה מחדש ולאחר שלושה שבועות של מחלה, הכריעו. הוא נפטר ב־20 ליולי 1961. הוא, שכה נאבק בכל תהפוכות גורלו וידו היתה לרוב על העליונה, נכנע בעודו צעיר. בן 41 היה במותו.

(„דבר") חיים דינר

## פאַרטיזאַנער־נקמה

ווען די רויטע אַרמיי האָט, נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, פאַרנומען אויף אַ קורצער צייט לאָשיץ, איז מיין גאַנצע פאַמיליע, ווי אַ סך אַנדערע לאָשיצער, אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד. מיר האָבן זיך, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע לאָשיצער פאַמיליעס, באַזעצט אין שטעטל קלעצק לעבן באַראַנאָ־וויטש. ווען די דייטשע אַרמיי איז באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1941, האָבן מיר נישט באַוויזן צו אַנטלויפן ווייטער אויף מזרח און זיך ראַטעווען, נאָר אריינגעפאַלן אין די הענט פון די נאַציס. ו' חשון, אין זעלבן יאָר, זענען אַלע לאָשיצער אין קלעצק און מיט זיי מיין גאַנצע פאַמיליע, בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן.

אין טאָג פון דער גרויסער שחיטה בין איך צופעליק גענומען געוואָרן אויף אַרבעט און נישט אומגעקומען, כאָטש איך האָב זיך געפונען נישט ווייט פונעם וועג, איבער וועלכן די יידן זענען געפירט געוואָרן צו די טויט־גריבער. מען האָט זיי געטריבן איבער אַ בריק, אויף וועלכן ס.ס.־לייט האָבן אַרויסגעריסן פון די הענט פון די יידישע מאַמעס די קליינע קינדער און זיי געשמיסן לעבעדיק אין וואַסער אריין. מיין שוועסטער איז דאָרט געטריבן געוואָרן מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט און צוויי עלטערע ביי דער זייט. מען האָט ביי איר אַרויסגעריסן דאָס קינד און עס אריינגעשמיסן אין טייך אריין. ווען זי האָט גענומען שרייען, האָט מען זי דערשאָסן אויפן אָרט און אירע עלטערע קינדער זענען אַליין אַוועק צום מאַסן־קבר.

אַ קליין קינד איז אויך אַרויסגעריסן געוואָרן פון די הענט ביי ברײנע חיים־דודס טאָכטער, פון לאָשיץ. זי מיט איר מאַן, מענדל שמאַלץ, האָבן נאָך געזען ווי זייער קינד צאַפּלט אין וואַסער, נאָכדעם ווי עס איז אכזריותדיק אַראָפּגעשליידערט געוואָרן פון בריק. זיי האָבן זיך, אָבער, אפילו נישט געקאָנט אָפּשטעלן, — דער געיאָגטער המון האָט זיי מיטגעשלעפּט מיט זיך.

ביי אַ דריי טויזנט יידן זענען דאָרט געיאָגט געוואָרן צו צוגעגרייטע גריבער. מען האָט זיי געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט. דאַן מיט מאַשינגעווער זיי אויסגעשאָסן און אריינגעוואָרפן אין די גריבער, אָפט נאָך לעבעדיקערהייט, בלויז

לייכט־פאַרוווּנדעטע. די ווייסרוסן האָבן פאַרשאָטן די גריבער, וואָס האָבן זיך דערנאָך נאָך אַ לאַנגע צייט גערירט, ווייל אינעווייניק זענען געלעגן לעבעדיקע גופים.

דערזעענדיק, וואָסער גורל עס האָט געטראָפן די יידן פון שטעטל, בין איך פון דער אַרבעט אַנטלאָפן, מיטן געדאַנק אָנצוקומען אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט. נישט איך האָב געקענט די געגנט, נישט איך האָב געהאַט פאַרבינדונגען, און בין געווען אומבאַוואָפנט און אָן שום מיטלען צום לעבן. דריי מעת־לעת האָב איך זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער דער געגנט, אָן עסן און אָן טרינקען, היטנדיק זיך, אין שרעק, פאַר יעדן מענטש, זיך דערשרעקנדיק און אַנטלויפנדיק פאַר יעדן שאָטן. איך בין געווען אויסגע־שעפּט. די פיס זענען מיר געווען געשוואָלן און צעבלוטיקט און קוים, וואָס איך האָב מיט זיי באַוועגט.

אויפן דריטן טאָג, פאַרמיטאָג, האָב איך, גייענדיק ביים ראַנד פון אַ שאָסיי, פּלוצלינג דערהערט הינטער זיך אַ גערויש פון שנעל־אָנפאָרנדיקע וועגנער. איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, אָבער צוליב מיין אָפּגעשוואַכטקייט נישט באַוויזן דאָס צו טאָן. עס האָבן מיך דעריאָגט צוויי פערד־און־וועגנער, פול מיט באַוואָפנטע ציווילע מענער. צוויי פון זיי זענען צו צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, אויפפאָדערנדיק מיר אויף דייטש אויפצוהויבן די הענט. נאָך אַ קורצן ווערטער־אויסטויש, שוין אין רוסיש, בעת וועלכן זיי האָבן מיך אָנגערופן שפּיאָן, האָב איך זיי דערקלערט, אַז איך בין אַ ייד. באַלד האָבן זיי צוריקגעצויגן די אָנגעצילטע צו מיר ביקסן, זיך צעשמייכלט און מיך אַרויפגענומען אויף איינעם פון די וועגנער.

אַזוי בין איך צופעליק אַריינגעפאַלן צווישן רוסישע פּאַרטיזאַנער. מען האָט מיך געבראַכט אין אַ לאַגער פון פּאַלאַטקעס, טיף אין וואַלד, און מיך גענומען אין שטאַב אויך אַ לאַנגן פאַרהער. ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז אַלץ וואָס איך דערצייל איז אמת, האָט מען מיך איינגעשלאָסן אין אַ קאַמף־אָפּטיילונג.

צוויי טעג שפּעטער האָט מען מיך שוין מיטגענומען צו אַ באַוואָפנטער אַקציע. מען האָט מיר געגעבן אַ ביקס, וועלכע איך האָב רעכט נישט געקאָנט נאָך האַלטן. ביים ראַנד פון וואַלד האָבן מיר, הינטער דיביימער, אָפּגעוואַרט צוויי אָנפאָרנדיקע אויטאָס מיט דייטשן. ווען ס'איז געקומען דער באַפעל צו שיסן, האָב איך מיין ביקס צוגעדריקט צו זיך און גענומען מאַנעווורירן מיט דער קליאַמקע. אין מוח האָט זיך מיר עפּעס געמישט... אין געדאַנק האָב איך געמוזט זאָגן צו זיך אַליין: „וואָס קלערסטו אַזוי לאַנג ?... אָט זענען דאָך די מערדער לעבן דיר — שיס !...”
איך האָב געגעבן אַ קוועטש מיטן צינגל... מיין גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער געטאָן, ווען מיין ביקס האָט געגעבן דעם ערשטן הילך. איך האָב געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט לייגט זיך איין... גיך זענען געפלויגן מיינע געדאַנקען : „איך, גרשון, דאָס שטילע לאָשיצער ייִנגל, האָב געהרגעט א מענטש...” איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך, אַ פאַרבלוטיקטער, אַרויסגעבויגן פון אויטאָ... איך האָב אָבער קיין צייט נישט געהאַט לאַנג צו טראַכטן. הינטער מיר, האָב איך דערהערט אַ געשריי :

„אין דיין מאַמען... סטרעלאַי!..." איך האָב אריינגעיאָגט אין לופּע נאָך אַ קויל, דאָסמאָל איז מיר שוין געווען לייכטער, איך האָב זיך שוין אַזוי נישט דערשראָקן, און גענומען שיסן איין קויל נאָך דער אַנדערער, צילענדיק צו די דייטשע מאַשינען. די דייטשן האָבן געענטפערט מיט אַ שיסעריי. דאָס קעגנזייטיקע פייער האָט אָנגעהאַלטן בערך אַ 20 מינוט, ביז מיר האָבן פון אונדזער קאָמאַנדיר באַקומען אַ באַפעל אָפּצושטעלן די שיסעריי. מיר זענען אַרויס אויפן שאָסיי. פון אלע זייטן האָט זיך געהערט אַ קרעכצעריי פון פאַרוווּנדעטע דייטשן.

די רוסן זענען צו צו די טויטע און פאַרוווּנדעטע, גענומען אַראָפּרייסן פון זיי דאָס געווער, די קליידער, די זייגערלעך. נאָר איך בין געשטאַנען אומבאַ־וועגלעך, ווי פאַרשטיינערט. אין קאָפּ האָט זיך מיר געמישט. עס איז צו מיר צוגעקומען דער קאָמאַנדיר און שמייכלענדיק געזאָגט: „דו ביסט נאָכנישט צוגעוווינט... דו זעסט, ווי זיי ליגן, די אויסוווּרפן? זיי האָבן געשאָכטן דיינע און מיינע טאַטע־מאַמע, דערמאָרדעט אומשולדיקע קינדער — דערפאַר האָבן זיי באַצאָלט מיט זייער לעבן..."

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מיין פּאַרטיזאַנער־לעבן, וואָס האָט געדויערט העכער דריי יאָר. איך האָב געקעמפט און נקמה־גענומען פון די מערדער. מיר האָבן דורכגעלעבט אויך שווערע צייטן: געווען געיאָגט, נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן. פיל פון אונדזערע קעמפער זענען אומגעקומען. מיר האָבן אויפגעריסן באַנען, צעשטערט בריקן, באַפאַלן דייטשע גאַרניזאָנען. דאָס האָט זיך געצויגן אַזוי, ביז אונדזער געגנט איז באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי און מיר זענען גלייך מאָביליזירט געוואָרן אין די רעגולערע אַרמיי־רייען. אַלס סאָלדאַט האָב איך מיטגעמאַכט דעם גאַנצן זיגרייכן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי ביז בערלין, ווו איך בין שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן.

איך בין אַרויס פון שפּיטאָל שוין נאָכן וואָפנשטילשטאַנד און זיך געלאָזט קיין לאָשיץ, האָפנדיק אַז כ'וועל געפינען עמעצן אַ לעבעדיקן פון מיין נאָענטער משפּחה. אָבער, צו מיין ווייטיק, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז פון מיין גרויסער פאַמיליע בין איך געבליבן איינער אַליין ביים לעבן. אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים קאָן איך זאָגן, אַז ווי ווייט מיינע שוואַכע כוחות האָבן דאָס דערלויבט, — האָב איך נקמה גענומען פאַר זייערע אומשולדיק־פאַרשניטענע לעבנס.

גרשון (גרישאַ) גאָלדבערג

## „מיר איז ליבער אומצוקומען מיט אַ ביקס אין האַנט"

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין 1939 האָב איך זיך מיט מיין מאַן, משה מענדעלסאָן, און יונגן זון, געפונען אין וואַרשע. משה איז, צוזאַמען מיט מנשה ווישניע, אין אָקטאָבער 1939 אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק. דאָרט האָבן


משה מענדעלסאָן

זיי זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין טיף־רוסלאַנד. משהן האָט מען אָפּגעשיקט קיין וויטעבסק.

מנשה ווישניע, דער באַקאַנטער פירער פון לאָשיצער פּראָפעסיאָנעלן לעדער־פאַריין און קאָמוניסטישער טוער, איז געבליבן, מיט זיין פרוי און זונעלע, אין סלאָנים און זיי זענען דאָרט אומגעקומען.

אין חודש דעצעמבער 1939 בין איך, מיט מיין זון דוד, אויך אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, פון וואַנען מיר זענען אָפּגעפאָרן צו משהן קיין וויטעבסק. דאָרט זענען מיר געווען ביז דייטש־לאַנד איז אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַר־באַנד, אין יוני 1941. גלייך אין זעלבן מאָנאַט האָט מען אונדז עוואַקואירט קיין אַלמאַ־אַטאַ אין קאַזאַכסטאַן, וווּ מען האָט אונדז געשיקט אויף פעלד־אַרבעט אין אַ קאָלכאָז.

דעם 8־טן יאַנואַר 1942 האָט מען משהן מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי. מען האָט אים געשיקט אויף אַ קורס פון אונטעראָפיצירן און דריי חדשים שפּעטער, איז ער אַלס סערזשאַנט אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן מאָסקווער פראָנט. פון דאָרט האָבן מיר דערהאַלטן פון אים צוויי בריוו. אין צווייטן בריוו האָט ער זיך ממש מיט אונדז געזעגנט, ווי ער זאָל פאַרפילן דעם טויט. ער האָט דאָרט, ווערטלעך, געשריבן, צווישן אַנדערן: „מיר איז ליבער אומצוקומען מיט אַ ביקס אין האַנט, קעמפנדיק קעגן די דייטשן...״

מער האָב איך פון אים נישט דערהאַלטן קיין בריוו און קיין ידיעה. נאָך אַ שטיקל צייט האָב איך אָנגעשריבן אין פּולק, ווו ער איז געווען, נאָכפרעגנדיק זיך אויף אים. איך האָב דערהאַלטן אַן אָפיציעלן ענטפער פון שטאָב פונעם פּולק אין דער רויטער אַרמיי:

„אייער מאַן, סערזשאַנט משה מענדעלסאָן, האָט באַוויזן העלדישקייט אין קאַמף, מוט אויפן פראָנט און כוח. דעם 22־טן יולי 1942 איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן און אָוועקגעשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל״.

מער האָב איך וועגן אים נישט געהערט און נישט געקאָנט זיך דערוויסן קיין איינצלהייטן וועגן זיין סוף.

משה מענדעלסאָן איז געבוירן געוואָרן אין לאָשיץ, אין יאָר 1906, און איז אומגעקומען אין דער עלטער פון 36 יאָר.

העלע קאָרשנשטיין

## אין געטאָס און פּאַרטיזאַנער־מחנות

דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מיך פאַרכאַפּט אין וואַרשע, ווו איך האָב געוווינט מיט מיין פרוי און קליין זונעלע. מיר האָבן דורכגעלעבט די באָמבאַרדירונג פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט און איר פאַר־נעמען דורך די נאַצי־חיילות. מיר האָבן גלייך פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער און פון דער נאַצישער לאַפּע און באַשלאָסן זיך צו ראַטעווען קיין ראַטנפאַרבאַנד.



אברהם סלוכאָווסקי מיט זיין פרוי און זונעלע, פאַר דער קאַטאַסטראָפע

אונדזער וועג אויף מזרח האָט געפירט דורך לאָשיץ. מיר זענען אָנגעקומען אין שטעטל אריין פאַרנאַכט, בין־השמשות. דער אויסזען פון מיין געבוירן־שטעטל האָט מיך אַרומגענומען מיט אַ שוידער. די גאַסן זענען געווען ליידיק, אַלע געשעפטן געשלאָסן. טיר און טויער צוגעמאַכט. נאָר זעלטן האָט זיך אין אַ פענצטער געלויכטן. מיין שטעטל איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן.

דעם צווייטן טאָג אינדערפרי האָט מען מיר דערציילט, אַז ביינאַכט האָט מען דערשאָסן אַכט לאָשיצער יידן, דערפאַר וואָס זיי, אָדער זייערע קינדער, האָבן אַמאָל מורד־במלכות געווען. שרעק האָט געשריען פון יעדנס אויגן. אַן אומגעהויערער טרויער און יאוש איז געווען אין יעדנס קול.

מיר זענען אַדורך די גרענעץ איבערן בוג ביי דראָגאָטשין און אָנגעקומען קיין מינסק. ביזן דייטשן איבערפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד האָב איך דאָרט געאַרבעט אין אַ טריקאָטאַזש־פאַבריק און געלעבט רואיק צוזאַמען מיט מיין

פרוי, קינד און אַ שוועסטער. נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און האָב אָנטייל־גענומען אין דער שלאַכט ביי מאָסקווע. הינטער מאָסקווע בין איך אריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די נאַציס. עס איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן און מיט סכנות־נפשות אָנצוקומען קיין מינסק, זוכנדיק מיין פאַמיליע. אין געטאָ פון מינסק האָב איך שוין געטראָפן בלויז מיין קינד מיט מיין שוועסטער, — מיין פרוי איז שוין געווען דערמאָרדעט.

מיין גרעסטע זאָרג איז דאַן געווען — אָפּראַטעווען, אויפהאַלטן ביים לעבן מיין זונעלע, נאָטעלע. מיר האָבן געלעבט מיט 80 גראַם ליימיק ברויט אַ טאָג און אַ פאָרציע וואַסערדיקער זופּ. דערפאַר האָב איך געמוזט גיין אויף צוואַנג־אַרבעט ביי אומענטשלעכע באַדינגונגען. איינמאָל, אין אַ ווינטער־אָוונט, ווען איך בין צוריקגעקומען פון דער שווערער אַרבעט, האָב איך מער נישט געטראָפן מיין קינד. זיינע ווינטער־קליידער זענען געבליבן. אים אַליין האָבן די באַנדיטן אריינגעוואָרפן אין אַ גאַז־אויטאָ, צוזאַמען מיט נאָך 25 אַנדערע יידישע קינדער.

מיין פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. אָבער עס איז נאָך שטאַרקער געוואָרן מיין אַנטשלאָסנקייט נקמה צו נעמען פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון מיינע נאָענטסטע. צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע יידן האָב איך זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ אין וואַלד אריין צו די פאַרטיזאַנער. אינטערעסאַנט, אַז צוויי קליינע יידישע קינדער, איינס פון אַכט יאָר און איינס פון עלף יאָר, זענען געווען אונדזערע וועגווייזער אין וואַלד אריין, — זיי זענען געווען די פאַרבינדלער צווישן די פאַרטיזאַנער און דעם געפּייניקטן געטאָ.

אונדזער ערשטער צוזאַמענטרעף איז געווען מיט אַ רוסישן פאַרטיזאַנער־פירער. ער איז אונדז אָנגעקומען אַנטקעגן, רייטנדיק אויף אַ פערד, צווישן די ביימער אין וואַלד. ער האָט געקענט אונדזערע קינדער־וועגווייזער, געוואַרט אויף אונדז און אונדז אויפגענומען ווי אַלטע פריינט. איך בין גלייך איינגע־שלאָסן געוואָרן אין די רעגולערע אַרמיי־טיילן פון די פאַרטיזאַנער. דאָס איז געווען אַן אַרמיי פון טויזנטער, יונגע און אַלטע, פרויען און מענער, רוסן, ווייסרוסן, פּאָליאַקן און פיל יידן. עס זענען כסדר געקומען צו אונדז יידן, געראַ־טעוועטע פון די געטאָס אין מינסק און אין די אַרומיקע שטעטלעך. אונדזער טעטיקייט־געביט זענען געווען די וועלדער אין מינסקער געגנט. אין ענגער פאַרבינדונג מיט אונדז האָט געקעמפט דער ספּעציעלער יידישער פאַרטיזאַ־נער־אָטריאַד, אונטער דעם אָנפירונג פון העלדישן יידישן קאָמאַנדיר זאָרין פון מינסק. מיין ערשטער אָנטייל אין אַ פאַרטיזאַנישער באַוואָפנטער אַקציע איז פאָרגעקומען צוזאַמען מיט פופצן יידישע קעמפער פון דאָזיקן אָטריאַד. מיר זענען צוזאַמען געווען 30 מאַן, 15 פון דער יידישער אָפּטיילונג און 15 פון אונדזערע, צווישן וועלכע איך בין געווען דער איינציקער ייד.

דאָס איז געווען דעם 15־טן מאַי 1943. אונדזער אויפגאַבע איז באַשטאַנען

אין מאַכן אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף אַ גרויסן לאַנדווירטשאַפטלעכן גוט, איבער וועלכן די דייטשן האָבן געבאַלעבאַטעוועט. מיר האָבן געדאַרפט באַפרייען די מענטשן, וואָס האָבן געצוווּנגענערהייט געאַרבעט אויפן גוט, מיטנעמען וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן פון לעבעדיקן אינווענטאַר און אַלעס איבעריקע פאַרניכטן. איך בין געווען צוגעטיילט צו אַ מינען־וואַרפער. נאָכן דורכפירן אונדזער אויפגאַבע, האָב איך מיט נאָך אייניקע רוסן און יידן, געשיצט דעם צוריקטריט פון אונדזערע קעמפער, צוזאַמען מיט די באַפרייטע צוואַנג־אַרבעטער און פיל בהמות. מיר האָבן אויפן שלאַכטפעלד איבערגעלאָזט אַכט טויטע דייטשן. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון מיין בלוטיקער נקמה.

איך מוז דאָ דערמאָנען דריי יידישע יוגנטלעכע, נאָך ממש קינדער, וועלכע האָבן געקעמפט ביי מיין זייט און באַוויזן אומגעהויערע העלדישקייט.

אַבראַשאַ קאַפלאַן, אַ יידיש ייִנגל פון 15 יאָר, פון מינסק. ער האָט, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פאַרטיזאַנער, באַשאָסן אַ דייטשן וואַך־פּאָסטן ביים ראַנד פון וואלד. ער האָט באקומען א קויל אין בויך און שווער פארוונדעט געוואָרן. אָבער אַ פארוונדעטער איז ער אויפגעשטאנען און מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג געוואָרפן זיין לעצטן גראַנאַט אויף די דייטשן, דערהרגענענדיק צוויי פון זיי. מען האָט אים געבראַכט אַ גוססדיקן אין לאַגער אריין. מיר האָבן אים נישט געקאָנט ראַטעווען. ער איז אויסגעגאַנגען אויף מיינע הענט, שעפטשענדיק אין יידיש: „נעמט נקמה... דער זיג איז אונדזערער...”

זשאַמקע איז אַלט געווען 16 יאָר. אַ הויך, שיין און פיזיש שטאַרק־אַנטוויקלט ייִנגל. ער האָט זיך שטענדיק געריסן צו די געפערלעכסטע אַקציעס און אַריין אין קאַמף פנים־אל־פנים מיט די דייטשן. איינמאָל בין איך געווען צוזאַמען מיט אים אויף אַן אַקציע. די דייטשן האָבן אונדז באַוואָרפן מיט גראַנאַטן פון אַ נאָענטן שטח. אַ גראַנאַט איז געפאַלן גאָר נאָענט פון אונדז. זשאַמקע האָט זיך בליץ־שנעל אָריענטירט, באַוויזן צו כאַפּן דעם גראַנאַט איידער ער האָט אויפגעריסן און אים צוריקוואַרפן צו די נאַציס, ווו ער האָט אַוועקגעלייגט טויט צוויי ס.ס.־לייט. זשאַמקע איז אומגעקומען אין איינער פון די אַקציעס.

יוסף טשאַליוכטשיק איז געווען אַ מאָגערער, מיטלוווקסיקער בחור פון 15 און אַ האַלב יאָר. ער איז געווען אַ אויסנאַמפּולער רייטער און אויפן פערד פלעגט ער אַריין אין קאַמף מיט דייטשן. ס'האָט אין אים ממש געברענט אַ נקמה־דורשט, וואָס האָט אים געטראָגן אויף זיין פערד אין די געפערלעכסטע קאַמף־פונקטן. ער איז געבליבן לעבן און דערנאָך פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פלאַץ אין דער קאַוואַלעריע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי.

ביי אונדז איז געווען אַן אָטריאַד, וועלכן מען האָט גערופן באַסין, אויפן נאָמען פון זיין קאָמאַנדיר, וועלכער האָט אַרומגענומען מערסטנס פרויען, קינדער און עלטערע, נישט קאַמף־פעיקע מענער. צווישן זיי זענען געווען זייער פיל יידן. אַן אָפּטיילונג פון דעם אָטריאַד, צען יידישע קעמפער, איז איינמאָל געפאָרן זוכן עסן. זיי זענען געכאַפּט געוואָרן דורך פוילישע „אַ.־ק.־פאַרטיזאַנער” און אויף אַ

באַרבאַרישן אופן דערמאָרדעט געוואָרן, נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען געווען יידן. די אומגליקלעכע זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן אויףביימער מיט די קעפּ אַראָפּ און אַזוי געמאַטערט געוואָרן ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות. אונדזער שטאַב האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן די „א.־ק.״־באַנדע. איך האָב זיך באַטייליקט אין דער אַקציע. פיר פון אונדזערע קעמפער, רוסן, זענען דעמלט געפאַלן אין קאַמף. מיר האָבן די באַנדע ליקווידירט, נעמענדיק אַ טייל פון איר אין געפאַנגענשאַפט. די געפאַנגענע באַנדיטן האָבן באַקומען זייער פאַרדינטן פסק פאַר פאַרגיסן יידיש בלוט.

העכער אַ יאָר צייט האָב איך געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנער־רייען, אָנטייל־נעמענדיק אין פיל שלאַכטן און איבערפאַלן אויף דייטשן און אויף זייערע אוקראַאינישע אַרויסהעלפער. אין יוני 1944 איז די געגנט באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי און מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אירע רייען צום ווייטערדיקן פאַרויסמאַרש אין קאַמף קעגן די נאַציס.

אברהם סלוכאָווסקי

## אַן איינפאַל פון אַ דייטש

מיר ברענגען דאָ איינס פון די לעצטע
מלחמה־דערציילונגען, פון אומגעקומענעם
לאַשיצער שרייבער משה גאָלדשטיין.

אינדערפרי האָט דער קאָמענדאַנט פון „פריי־לעבן״ באַפוילן, מען זאָל צו אים אריינפירן די צוויי יידן — לייזער־וואָלף דעם בעל־עגלה און דעם שניידער שלמה־דוד. דער קאָמענדאַנט, פעלדפעבעל קליינקאָפּ, איז געזעסן ביים טיש און געגעסן אָנבייסן. עס איז געווען זייער אַ שיינער פרימאָרגן, און דער פעלדפעבעל האָט געהאַלטן, אַז די זון מיינט נאָר אים, מיט דעם, וואָס היינט איז זי ליכטיקער ווי יעדן טאָג און וואַרעמט מער ווי שטענדיק. אָן די צוויי יידן, וואָס גייען אויס פון הונגער, האָט ער זיך דערמאָנט פונקט אין דער מינוט, ווען זיין באַדינער האָט אים דערלאַנגט צום טיש אַ שטיק געבראָטן חזיר־פלייש מיט קאַרטאָפל. אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים, און זיינע אויגן האָבן געשיינט פון פיל פאַרגעניגן.

— בורטע, ווי לאַנג קאָן אַ ייד לעבן אומגעגעסן? — האָט ער פאַרגעבן דעם באַדינער זיינעם אַ פראַגע.

— עס איז געווענדט אין אייך, הער פעלדפעבעל, — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט קורץ און נישט געטראַכט.

דעם פעלדפעבל איז זייער געפעלן געווען דער ענטפער און, קוויקנדיק זיך מיט דעם זעלטענעם איינפאַל זיינעם, האָט ער געהייסן אריינפירן די צוויי יידן.

אינעם אַלטן שטעלכל, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם הויז פון דער קאָמענדאַנטור, זענען געזעסן די צוויי יידן. די וואַך, וואָס האָט אָפּגעהיט די קאָמענדאַנטור, האָט פון צייט צו צייט אַריינגעקוקט צו זיי דורך אַ שפּאַרע פון דער טיר און געהיט, אַז די יידן זאָלן רואיק אויסגיין פון הונגער, קיינער זאָל זיי נישט שטערן און נישט צוהעלפן. אינדערפרי האָט דער סאָלדאַט געזען: די אַרעסטאַנטן זיצן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן אויף דער ערד, באַטראַכטן אַ פּאָר צעריסענע שטיוול און שעפּטשען זייער שטיל, קלאַפּנדיק מיט די ביינערדיקע פינגער איבער די פאַרטריקנטע אויסגעריבענע זוילן.

„די יידן האַנדלען פאַרן טויט מיט אַלטע שטיוול", — האָט דער דייטשער קאָפּ אַ טראַכט געטאָן און האָט אַוועקגעשפּרייזט אָפּהיטן, אַז דעם קאָמענדאַנט זאָל חלילה קיין שלעכטס נישט געשען. נאָר לייזער־וואָלף האָט גאָר נישט געטראַכט צו פאַרקויפן זיינע שטיוול, פּונקט אַזוי ווי ער האָט נישט געטראַכט פון שטאַרבן. אַ גאַנצן אינדערפרי האָט ער איינגעטענהט מיט שלמה־דודן און האָט אים געוואָלט איינרעדן, אַז די שטיוול וועלן אים נאָך צונוץ קומען, אַז ער דאַרף זיי אָפּהיטן. שלמה־דוד האָט אים אָנגעקוקט מיט זיינע אויסגעטריקנטע אויגן, און דאָס גרויע בערדל האָט געציטערט: — מיר איז אַלץ איינס, יאָ שטיוול, נישט שטיוול. אונדזערע ברידער האָבן אָן אונדז פאַרגעסן, אָדער מען האָט זיי אַלע אויסגעהרגעט אין וואַלד. אַליין וועלן מיר זיך פונדאַנעט נישט אַרויסראַטעווען, נישטאָ קיין כוחות צו באָרען זיך מיטן דייטש...

לייזער־וואָלף קאָן נישט פאַרטראָגן, אַז מען רעדט מיט אים וועגן טויט. בעט ער זיך:

— שרעק נישט מיט יענער־וועלט, שלמה־דוד. ווי לאַנג קרענקט דער דייטש, אַז איך זאָל ליגן פאַר אים ווי אַ געפּגרט פערד. ער וועט מיך אַזוי גיך נישט אויסמאָרען. מיין זיידע האָט צו ניינציק יאָר גענומען אַ יונג ווייבל.

אויף שלמה־דודס פאַרברענטע ליפּן באַווייזט זיך אַ שמייכל. אַז לייזער־וואָלף דערזעט דעם שמייכל, פאַרקלעמט אים דאָס האַרץ. עס איז גאָר נישט קיין שמייכל, נאָר אַ גרימאַסע.

— וואָס ביסטו דען בכוח צו טאָן, אַז אַ האַלבע וועלט ליגט ביים דייטש אין תפיסה? — פרעגט שלמה־דוד און שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ.

לייזער־וואָלף פאַרטראַכט זיך אויף אַ מינוט, פּרוווט אויפן צאָן דעם שפּיץ פון זיין האַרטער געלער וואָנצע און זאָגט מיט אַ טאָן פון אַ שטאַרקן מבין אויף זעלטענע זאַכן:

— און די אַנדערע האַלבע וועלט וועט דעם דייטש דערשטיקן. וועסט זען, שלמה־דוד, מיר וועלן נאָך פּראַווען אַ גרויסע שמחה ביים קבר פון אונדזערע שונאים.

שלמה־דוד טוט אַ שווערן זיפץ און לאָזט אַראָפּ דעם גרויען קאָפּ.

עס האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר און דער סאָלדאַט האָט אויסגעשריען:

— יידן, אַרויס!

לייזער־וואָלף איז בלאַס געוואָרן. ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן פון אָרט. שלמה־דוד איז אויפגעשטאַנען, ווי ער וואָלט שוין לאַנג געוואַרט אויף דער מינוט, ווען מען וועט אים רופן שטאַרבן, און ער האָט אין דער שטיל פאַר זיך אָנגעהויבן זאָגן וידוי.

*

אינדרויסן האָט געשיינט די זון. עס האָט געשמעקט מיט פרילינג. לייזער־וואָלף האָט אַ שלונג געטאָן די פרישע לופט און האָט זיך אויסגעגלייכט. אונטערגעטריבן פונעם סאָלדאַט, האָט ער אַ שפרייז געטאָן פאָרויס. הינטער אים איז געגאַנגען שלמה־דוד. דאָס גרויע שיטערע בערדל האָט געציטערט און דער אַלטער אויסגעטריקנטער גוף האָט זיך געבויגן צו דער ערד.

מען האָט זיי אריינגעפירט אין הויז פון דער קאָמענדאַנטור, צום פעלדפעבעל קליינקאָפּ. בייביידן איז דורכגעפלויגן אין קאָפּ איין און דער זעלבער געדאַנק: „באַלד וועט זיך אָנהייבן אַ ניי מאַטערניש..." מען האָט זיי דאָ שוין נישט איין מאָל געשלאָגן, געטראָטן מיט די פיס, געבריענט מיט אָנגעגליטע אייזנס. דער פעלדפעבעל האָט אַלץ געוואָלט ביי זיי דערגיין: „ווו באַהאַלטן זיך אויס די פאַרטיזאַנער? און נאָך וואָס זענען זיי ביידע, דער שניידער מיטן בעל־עגלה, געבליבן, ווען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז פונדאַנען אַנטלאָפן?"

נאָר נישט אַנדערש ווי די צוויי יידן האָבן ביי זיך געפּועלט בעסער צו שטאַרבן איידער זאָגן אַ וואָרט.

— אַ פאַרשאָלטענע ראַסע! — האָט דער פעלדפעבעל געברענט פון כעס און האָט באַפוילן אַוועקזעצן די יידן אויף הונגער־טויט.

היינט איז פעלדפעבעל קליינקאָפּ באַזונדערס גוט געשטימט. היינט פייערט ער זיין געבורטס־טאָג, ער ווערט אַלט אַכט־און־צוואַנציק יאָר. אַזאַ טאָג, האַלט דער פעלדפעבעל, דאַרף פייערן די גאַנצע מענטשהייט, אַלט און יונג דאַרפן טרינקען פאַר זיין געזונט. ער גיסט אָן אַ גלאָז ווייַן, הייבט זי אויף און פרעגט ביי די אַרעסטירטע:

— יידן, איר ווייסט, וואָס פאַר אַ טאָג היינט איז?

איידער עס דערגייט צו זיי די פראַגע, איידער זיי פאַרשטייען, וואָס ער וויל פון זיי, גייט אַוועק אַ שטיק צייט. שלמה־דוד קנייטשט דעם שטערן, פאַרמאַכט די אויגן. לייזער־וואָלף קוקט אָן דעם דייטש, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. ניין, זיי הייבן נישט אָן צו וויסן, וואָס פאַר אַ טאָג היינט איז.

— זייט־זשע וויסן, זין פון דער הימל־פאַרשאָלטענער ראַסע, אַז היינט איז דער טאָג פון מיין געבוירן, היינט דאַרפט איר טאַנצן פאַר מיר און זיך פרייען. פאַרשטאַנען?

לייזער־וואָלף קוקט אָן דעם דייטש, צי איז ער ביי די קלאָרע געדאַנקען? וואָס הייסט, ער הייסט פאַר זיך טאַנצן? וואָס זענען זיי — בערן, וואָס מען הייסט זיי טאַנצן? אָט ווען ער קאָן איצט לאָזן טאַנצן זיינע הענט איבערן

וויסן געררגעלע פונעם דייטשל, וואָלט ער זיך פּשוט מחיה געווען. ער וואָלט געשטילט דעם הונגער. ניין, לייזער־וואָלף ווייסט נישט, ווי אַזוי ער, דער הויכער, ברייט־פּלייציקער, פּופּציק־יאַריקער בעל־עגלה וועט זיך אָוועקשטעלן טאַנצן פֿאַרן דייטש.

שלמה־דוד, פֿאַרקערט, האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער דייטש וויל פֿון אים. ער הייבט אויף די אויגן, גיט אַ קוק אויפֿן פעלדפעבעל, ער וויל זיך גוט איינקוקן אין זיין פּנים, נאָר ער קאָן נישט קוקן לאַנג אויף איין זאַך, עס פֿאַרדרייט זיך אים דער קאָפּ עס איז, אַוודאי, פֿון שוואַכקייט. די פיס ציטערן אים און ציען אַראָפּ צו דער ערד. ער וואָלט זיך איצט אַ ביסל צוגעלייגט.

נאָר דער דייטש שרייט:

— טרינקט, יידן, וויין!

— אָנגיסן צוויי גלעזער וויין פֿאַר די מנוולים! טרינקט פֿאַר מיין געזונט און פֿאַרן געזונט פֿונעם פירער!

— ניין, — דרייט שלמה־דוד מיטן קאָפּ, און מיט זייער אַ שוואַך קול, וואָס מען הערט עס קוים, זאָגט ער:

— איך טרינק נישט קיין וויין און וועל נישט טאַנצן.

דער דייטש האָט אויפגעהערט עסן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין שלמה־דודס בלוי־הויטיק פּנים און מיט אַ פרייילעך קול איבערגעפרעגט:

— דו ווילסט נישט טרינקען? און ווילסט נישט טאַנצן? כאַ, כאַ, דו פֿאַרשאָלטענער ייד, דו וועסט טאַנצן ווי אַ בער, בילן ווי אַ הונט און קרייען ווי אַ האָן, כאַ, כאַ! און דו? — פֿרעגט ער ביי לייזער־וואָלפֿן — דו ווילסט אויך נישט טאַנצן?

לייזער־וואָלף האָט נישט געענטפערט. ער האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויפֿן דייטש. ער האָט אים אָפּגעמאָסטן, ווי גרויס ער איז. ער האָט אָפּגעשאַצט זיינע כוחות און די כוחות פֿונעם דייטש, און ווען ער האָט אַ קוק געטאָן און פֿאַרהאַלטן זיין בליק אויפֿן קאָמענדאַנטס האַלדז, האָבן זיך אין די ווינקלען פֿון זיינע אויגן באַוויזן אַן אַ שיעור רויטע אָדערלעך, זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער, און זיינע האַרטע פינגער האָבן זיך אויסגעצויגן און דערנאָך האַלב־קיילעכדיק פֿאַרבויגן. אין דער מינוט האָט דער פעלדפעבעל אָפּגעשפּיליעט דעם רעוואָלווער־טאַש, עס האָבן אַ קלאַפּ־געטאָן די אָפּצאַסן ביים סאָלדאַט, וואָס איז לעבן זיי געשטאַנען און אויף זיי געקוקט מיט אויגן פֿון אַ תלין. לייזער־וואָלף האָט אַוועקגענומען די אויגן פֿונעם דייטשס האַלדז, און פֿון דער טיפעניש פֿון זיין ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ברום:

— איך טרינק נישט פֿאַרן געזונט פֿון באַנדיטן און ווינטש נישט קיין גליק די דייטשן! — — —

— אויף טויט, — האָט דער דייטש באַפוילן, — זאָל מען זיי נישט דערהרגענען. צו פֿרי פֿאַר זיי צו שטאַרבן. זאָלן זיי זיך נאָך אָנטרינקען מיט זייער אייגן בלוט...

*

פאַרנאַכט האָט די זון אַריינגעשיינט צו די יידן. יעדן טאָג פאַר זון־פאַרגאַנג גנבעט זיך צו זיי אַריין אַ פּאַס שיין, ווייסן זיי, אַז עס גייט אַוועק דער טאָג, און עס קומט די נאַכט מיט טראַכטן און וואַרטן, אפשר וועט זי עפּעס ברענגען, אפשר וועט עמעצער קומען מיט אַ גרוס פון וואַלד. שלמה־דוד האָט שוין, אמת, אויפגעהערט צו האָפן אויף הילף, אויף זיינע אייגענע כוחות האָט ער זיך נישט וואָס צו פאַרלאָזן, ליגט ער און קרעכצט אין דער שטיל. היינט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עס איז שוין לאַנג צוגעפאַלן די נאַכט. ער האָט אַ שמיר געטאָן דאָס פּנים, און ער האָט געפּרוווט אויפעפענען די אויגן און האָט נישט געקאָנט. ער פּרוווט מיט די פינגער זיי אויפרייסן, נאָר ער דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק. זיי שטעכן אים, ווי עס וואָלטן דאָרט געשטעקט נאָדלען.

לייזער־וואָלף קוקט שוין לאַנג אויף שלמה־דודס פאַרבלוטיקטע אויגן. ער האָט נישט געגלויבט, אַז דער אַלטער לעבט נאָך. און ער וווּנדערט זיך, ווי אַזוי האָט ער אויסגעהאַלטן אַזעלכע קלעפּ. ער קוקט אויף שלמה־דודס גרויען קאָפּ, אויף זיין באָרד, וואָס איז רויט פון בלוט, און איז צופרידן, וואָס דער אַלטער לעבט. אָט רעדט ער, אויף צו־להכעיס די דייטשן. לייזער־וואָלף וואָלט אים געזאָגט אַ וואַרעם וואָרט צו קרעפטיקן, נאָר ער קאָן נישט רעדן. די צונג איז אים צעשניטן און געשוואָלן, ער קאָן נישט אַ ריר טאָן מיט איר. דאָס מויל איז אים פול מיט פאַרבאַקט בלוט און אין האלדז שטיקט אים. ער טוט זיך אָן אַ כוח, וויל עפּעס זאָגן, נאָר עס באַקומט זיך אַ ברום, אַ ברום ווי גאָר נישט פון קיין מענטשלעכן האַלדז אַרויס.

— וואָס איז מיט דיר, לייזער־וואָלף? — קערט אויס צו אים דעם קאָפּ דער אַלטער. — שטאַרק זיך, גיב זיך נישט אונטער, לייזער! — ער ציט אויס די האַנט, שאַרט אין דער לופט און טאַפּט אָן לייזער־וואָלפס האַנט. ער שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל: „אָפּגענומען ביי אים דאָס לשון״ — קרעכצט דער אַלטער.

אַ קילע מאַי־נאַכט.

עס שלאָפט דער קאָמענדאַנט פון „פריי־לעבן״. „פריי־לעבן״ איז ווי אויסגע־שטאָרבן. לייזער־וואָלף ליגט אויסגעצויגן, מיטן פּנים צו דער ערד, און הערט זיך צו צו די טריט פונעם וועכטער: אָט דערנענטערן זיי זיך און אָט דערווייטערן זיי זיך. ווען דער סאָלדאַט שפּרייזט אַוועק פון דער שטאַל, שאַרט זיך לייזער־וואָלף צו נאָענטער צו דער טיר, שפּאַרט זי אָפּ און שלינגט די קילע נאַכט־לופט. ער שטאַרבט נאָך אַ טרונק, עס טריקנט אים אין האַלדז, עס איבלט אים פונעם פאַרטריקנטן בלוט אין מויל. איין שלונג וואַסער ווען ער גיט, וואָלט זיין צונג געהיילט געוואָרן, און ער וואָלט ווידער גערעדט ווי אַ מענטש. נאָר ווער וועט אים געבן וואַסער? אָט, וויין האָט מען אים געוואָלט געבן. דער דייטש האָט אים מכבד געווען מיט וויין, ער זאָל פאַר אים טאַנצן. אַן איינפאַל פון אַ דייטש!

אין לייזער־וואָלפן ברענט אַ שרעקלעכער כעס. דאָס פאַרבלוטיקטע פּנים ברענט אים אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, די צעהרגעטע הענט שטייפן זיך אָן, ווי זיי וואָלטן זיך גרייטן ברעכן אייזן. ער ווערט אַלץ אומרואיקער, לייזער־וואָלף. ער דרייט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, לייגט זיך אויפן בויך און ציט אַרונטער אונטער זיך אַ קני, ווי ער וואָלט זיך גרייטן אַ שפּרונג צו טאָן. אָט דאָ, אין שכנות מיט אים, שלאָפט דער דייטש. אַן אָנגעטרונקענער, שלאָפט ער אוודאי געשמאַק. לייזער־וואָלף שטעלט זיך פאָר, ווי אין דער גרויסער שטוב פון דער קאָמענדאַנטור, אויפן בעט, וואָס שטייט אין דער לינקער זייט פון אַריינגאַנג,ביים ווענטל, וואָס טיילט אָפּ די שטוב פון דער קיך, ליגט דער פעלדפעבעל און שלאָפט. אין קיך שלאָפט זיין באַדינער; אין דרויסן גייט ארום דער וועכטער. דאָס ערשטע מאָל פילט לייזער־וואָלף אַ שטאַרקן פאַרדרוס אויף שלמה־דודן. ווען אויפן אָרט פון דעם אַלטן וואָלט געווען אַזאַ געזונטער, ווי ער, לייזער־וואָלף, וואָלט דער דייטש פון לאַנג שוין געווען ביי זיין אײדעלן עלטער־זיידן צו גאַסט. נאָר שלמה־דוד האָט שוין נישט קיין כוח צו זיצן. וואָס קאָן ער העלפן? און פון וואַלד קומט אויך קיינער נישט. ער קערט אויס דעם קאָפּ צו שלמה־דודן, ער וויל זיך מיט אים עצהנען, דערציילן אים פון זיין איינפאַל, פונעם געדאַנק, וואָס מאַטערט אים, נאָר די צונג פילט אָן זיין מויל, רירט זיך נישט און טוט שרעקלעך וויי.

שלמה־דוד שלאָפט נישט. ער ליגט איינגעקנוילט און קרעכצט זייער שטיל. לייזער־וואָלף שאַרט זיך צו צו אים און מיט זיין צעשניטענער געשוואָלענער צונג פּרווט ער רעדן. שלמה־דוד פילט זיין הייסן אָטעם, הערט זיין געמאַטערט ברומען, נאָר ער פאַרשטייט נישט, וואָס ער וויל אים זאָגן, און לייזער־וואָלף מאַטערט זיך, ער קערט די צונג, ער אָטעמט איין שלמה־דודן אויפן אויער:

— כ׳גיי... באַצאָלן.... עס ברענט... אָט דאָ... — קלאַפּט ער מיט דער פויסט אין ברוסט. — דערשטיקן דעם דייטש... כ׳גיי... — מער קאָן ער נישט רעדן. ער כאַפּט זיך מיט דער האַנט צום מויל, זיין פּנים פאַרקרימט זיך פון ווייטיק, און ער שאַרט זיך צוריק צו דער טיר. ער בלייבט ליגן, פאַרהאַלט דעם אָטעם און הערט זיך איין. דער וועכטער דערנענטערט זיך. ער שטעלט האַרטע שווערע טריט. זיי רודערן אויף די שטילקייט אַרום און רודערן אויף לייזער־וואָלפן. ער פילט דעם דייטש דורך דער טיר, אַ דינע ברעט טיילט זיי פונאַנדער. ער האַלט איין דעם אָטעם און וואַרט ביז די טריט וועלן זיך דערווייטערן. און ווען זיי דער־ווייטערן זיך, באַטראַכט לייזער־וואָלף די טיר. זי הענגט אויף אַ שלאָס און אויף צוויי שלייפן. אָט ווען ער הייבט זי אויף אָט אַזוי, בלייבט זי הענגען אויפן שלאָס. ער טוט עס גיך און שטיל. שלמה־דוד הערט קוים, וואָס לייזער־וואָלף טוט, נאָר ער ווייסט, אַז באַלד וועט עפּעס געשען, און ער שעפּטשעט שטיל פאַר זיך: „זאָלן דיר דיינע הענט צען מאָל געשטאַרקט זיין. זיי זיך נוקם פאַרן גאַנצן פאָלק, פאַר די צרות. זיי מיר מוחל, איך בין שוואַך און נישטאָ די ראיה...״ — לייזער־וואָלף הערט נישט, וואָס שלמה־דוד רעדט. ער לויערט. אָט דערנענטערט

זיך זיין רויב. ער הערט די טריט. באַלד וועט זיך דער סאָלדאַט אָפּשטעלן דאָ לעבן אים. ער האַלט די טיר ביי דער אינעווייניקסטער לייסט. ער האַלט זי שטאַרק, זי זאָל זיך קיין וויג נישט טאָן ער האַלט זי מיט די פינגער, ער האַלט זי מיט די בלוטיקע ציין, און ווען דער דייטש שטעלט זיך אָפּ, לייגט צו דאָס פּנים צו דער טיר, גיט זי לייזער־וואָלף פּלוצלינג אַ צי צו זיך...

צוויי מענטשן האָבן זיך איינגעקלאַמערט, איינגעביסן איינער אין אַנדערן. זיי האָבן זיך געוואַלגערט איינער אויפן אַנדערן, געדריקט, געשטיקט... שלמה־דוד איז צוגעקראָכן צו דער טיר. ער האָט געשאַרט מיט די הענט, געזוכט, ער האָט געוואָלט העלפן...

— ווו ביסטו, לייזער־וואָלף? גיב א־ם, ממית, לאָז נישט לעבן... — ער האָט געזוכט אַ שטיין, אַ שטיק האָלץ, נאָר לייזער־וואָלף איז שוין אויפגעשטאַנען און אַ שפּיי געטאָן: — ליג, נבלה! —

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן מיט דער ביקס איבערן הויף, — האָט אַ צי געטאָן די טיר פון שטוב, זי איז פאַרמאַכט. אָבער די פענצטער זענען אָפן. דער פעלדפעבעל האָט ליב פרישע לופט. לייזער־וואָלף גנבעט זיך צו צום פענצטער, שטעלט אַריבער אַ פוס, דערנאָך נאָך אַ פוס. אָט איז ער אינעווייניק... אויפן טיש שטייען פלעשער... עס פילט זיך אַ ריח פון וויין... לייזער־וואָלף אָטעמט אריין דעם ריח פון וויין און שטעלט געלאַסענע ווייכע טריט. ער גייט צו צום דייטש מיט צוויי פאַרבלוטיקטע הענט. מיט אַ פאַרבלוטיקט מויל און מיט רויטע אָנגעצונדענע אויגן. ער הויבט אויף די ביקס, וויל אַראָפּלאָזן דעם פריקלאַד אויפן דייטשס קאָפּ, נאָר ער כאַפּט זיך און שטעלט אים אַרויף אויף זיין האַלדז. ער שטיקט אים. ער שטעלט אַרויף די קני אויפן דייטשס ברוסט, פאַלט צו מיט די האַרטע בלוטיקע פינגער צום דייטשס האַלדז און ער קוועטשט אַרויס פון אים דעם לעצטן אָטעם.

ווען לייזער־וואָלף איז אַרויס, האָט ער געטראָפן שלמה־דודן שטיין מיט דער קני אויפן האַלדז פונעם דערמאָרדעטן דייטש. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם אַלטן פאַר דער האַנט, און זיי זענען אַוועק וווהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן...

משה גאָלדשטיין







**די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ישראל באַערן די קדושים אין טאָג פון דער 19־טער יאָרצייט נאָך אונדזער קהילה, ט׳ אלול תשכ״א (21־טן אויגוסט 1961), אין תל־אביב. אויבן — דאָס פּרעזידיום;ביידע אונטערשטע בילדער — די פאַרזאַמלטע לאַנדסלייט אין זאַל**

## יהודי לושיץ, שנרצחו על־ידי התלינים הנאצים

## לאָשיצער יידן, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס

איזאק אברהמטשע
איזאק צביה
איזאק רבקה
איזאק מענדל
איזאק אהרון
איזאק וועלוול
איזאק חנה
איזאק פייגע
איזאק מאיר
איזאק יאָסל (מאירס)
איזאק מיכל
איזאק מרדכי (מאירס)
איזאק יאָסל (זישקעס)
איזאק שרה לאנע
איזאק מרדכי
איזאק בערל
איזאק שמעון
איזאק אברהם
איזאק בעלטשע
איזאק חוה
איזאק פייגעלע
איזאק ישראל־חיים
איזאק וועלוול
איזאק ליבע
איזאק זישקעלע
איזאק בערל
איזאק שרה




די אנדענק־מצבה אין „מרתף־השואה" אויפן הר־ציון אין ירושלים

איזאק זיסל
איזאק שמעון
איזאק וועלוול
איזאק שמואלקע (זישקעס)
איזאק מאשע (הערץ)
איזאק מלכה
איזאק נוסקע
איזאק יענטע
איזאק חוה
איזאק חיים־לייב
אייזנבערג שלמה (קאץ)
אייזנבערג אלתר
אייזנבערג יאָסל
אייזנבערג זיסל
אייזנבערג יענטע־פייגע
אייזנבערג אברהמטשע
אייזנבערג מנוחה
אייזנבערג מאיר
אייזנבערג משה
אייזנבערג רויזע
אייזנבערג ליפטשע
אייזנבערג שרה
אייזנבערג יצחק
אייזנבערג רויזע
אייזנבערג גרשון
אייזנבערג מאיר
אייזנבערג שרה (איזאק)
אייזנבערג גדליהו
אייזנבערג מענדל
אייזנבערג בנימין
אייזנבערג ליפטשע
אייזנבערג שרה
אייזנבערג בנימין
אייזנבערג חיה
אייזנבערג שרה
אייזנבערג ליפטשע
אייזנבערג גדליהו

אייזנבערג זעליג
אייזנבערג פעסע
אייזנבערג שרה
אייזנבערג ליפטשע
אייזנבערג אהרן
אייזנבערג איטשע
אייזנבערג גוטמאַן
אייזנבערג פייגע
אייזנבערג ראובן
אייזנבערג רחל
אייזנבערג איטשע
אייזנבערג מאָטל (איטשע מילנערס)
אייזנבערג יעקב (מאָטל כאַטיטשערעס)
אייזנבערג חיים־יוסף
אייזנבערג איטשע
אייזנבערג משה
אייזנבערג פייגע
אייזנבערג חיה
אייזנבערג שרה
אייזנבערג צאַלקע (זאַקרער)
אייזנבערג שרה
אייזנבערג חיה
אייזנבערג רבקה
אייזנבערג אפרים
אייזנבערג חיים
אייזנבערג יצחק
אייזנבערג יעקב
אייזנבערג יצחק
אייזנבערג חיים
אייזנבערג יענטע
אייזנבערג זיסקינד
אייזנבערג הערשל
אייזנבערג לייבל
אייזנבערג גיטל
אייזנבערג דוד
אייזנבערג גרשון (אייזשעס)
אייזנבערג רויזע

אייזנבערג אברהם
אייזנבערג רחל
אייזנבערג מנחם
אייזנבערג לייבקע
אייזנבערג גדליהו
אייזנבערג יואל
אייזנבערג אידאַ
אייזנבערג דוד
אייזנבערג רויזע
אייזנבערג ביילע
אייזנבערג אריה
אייזנבערג צפורה
אייזנבערג מלכה
אייזנבערג דוד
אייזנבערג אסתר
אייזנבערג דוד (גאָנסקי)
אייזנבערג עלקע
אייזנבערג מאַטעס (גאָנסקי)
אייזנבערג חיה גיטל
אינזעק אברהם

אינזעק פעסע
אינעק אייזשע
אַפּעל פסח
אַפּעל שרה
אַפּעל טשייע
אָפּענהיים יצחק
אַפּענהיים שפרינצע
אָפּענהיים זעלדע
אָפּענהיים חנה
אַפּענהיים פייגע־דאָבע
אָקסענהאָרן זלאַטע
אָקסענהאָרן משה
אָקסענהאָרן איטשע
אָקסענהאָרן יהושע
אָקסענבערג פייגע (יאָסל אייזשעס)
אָקסענהאָרן שמאי גרוינים
אָקסענהאָרן הערשל
אָקסענהאָרן ברוך
אַקסענבערג שיינדל
אַקערמאַן מרדכי

באָראָווסקי אברהם־יצחק
באָראָווסקי יואל־דוד
באָראָווסקי חיה
באָראָווסקי אסתר
באָראָווסקי שרה־גיטל
באָראָווסקי זלמן
באָראָווסקי נעכע
באָראָווסקי נח
באָראָווסקי סילקע
באָראָווסקי ניסקע
באָראָווסקי יצחק
באָראָווסקי מנשה
באָראָווסקי אברהם
ביאַלאָסקורניק אליהו

ביאלאסקורניק טעמע
ביאַליקאָמיען משה
ביאַליקאָמיען פייגע
ביאַליקאָמיען יאַנקל
ביאַליקאָמיען ברוך
ביאַליקאָמיען אברהם־יצחק
ביאַליקאָמיען חיים־יאָסל
ביאַליקאָמיען אסתר
ביאַליקאָמיען יחיאל
ביאַליקאָמיען ראובן
בינשטאָק אברהם (חיים־משהס)
בינשטאָק פייגע
בינשטאָק חיה
בינשטאָק ביילע

בינשטאָק שרהלע
בינשטאָק אברהם־אליהו
בינשטאָק מרדכי
בינשטאָק גדליהו
בינשטאָק יאַנקל
בינשטאָק רבקה
בינשטאָק פייגע
בינשטאָק אברהם־רפאל
בינשטאָק לייבל
בירנבוים דוד (פלאַץ)
בירנבוים יאָסל
בירנבוים מאיר
בלאָשטיין פּיניע
בלאָשטיין רויזע
בלאָשטיין יצחק
בלאָשטיין פעסע
בלאָשטיין טעמע
בלאָשטיין פלתיאל
בלאָשטיין יהושע
בלאַטמאַן אבא
בלאַטמאַן חיה־רויזע
בלאַטמאַן מרדכי
בלאטמאַן רחל
בלאַטמאַן איטע־ביילע (שקלאַרזש)
בלאַטמאַן מנחם
בלאַטמאַן יענטע
בלאַטמאַן יעקב
בלאַטמאַן חנה
בלאַטמאַן לאה
בלאטמאַן פייגע
בלומבערג יעקב (פויקער)
בלומבערג רחל־לאה
בלומבערג חיים־דוד
בלומבערג פעסע
בלומבערג מרדכי
בלומבערג סאַלע
בלומק־נד שמואל

בעסלער יאָסל (סאַרנאַקער)
בעסלער ראובן
בעקערמאַן פלתיאל
בעקערמאַן שבע
בעקערמאַן אפרים
בעקערמאַן פריידע
בעקערמאַן אברהם
בעקערמאַן שרה
בעקערמאַן גענענדל
בעקערמאַן חוה
בעקערמאַן ליבע
בעקערמאַן אלתר (סאַרנאַקער)
בעקערמאַן הערשל
בעקערמאַן חיה (פריידמאַן)
בעקערמאַן אפרים
בעקערמאַן חוה
בעקערמאַן גענענדל
בעקערמאַן פריידע
בעקערמאַן יוסף
בער זינדל
בער מלכה
בראָנשטיין שמואל־בער
בראָנשטיין בינע
ברוקאַזש וועלוול
ברוקאַזש שרה (בינשטאָק)
ברוקאַזש ביילע
ברוקאַזש חיים
ברוקאַזש גאָלדע
ברוקמאַן חיים־דוד
ברוקמאַן בריינע
ברוקמאַן בנימין־הערש
ברוקמאַן מאַשע
ברוקמאַן מאָטל (רייזעלעס)
ברוקמאַן לאה
ברוקמאַן ברכה
ברוקמאַן מלכה
ברוקמאַן חיים

ברוקמאַן רבקה
ברוקמאַן מתתיהו (רייזעלעס)
ברוקמאַן אסתר

ברוקמאַן יעקב
ברוקמאַן מרים
ברוקמאַן משה

גאַליצקי ישראל־הערש (בעקער)
גאַליצקי יהודה
גאָלדבאַנד משה־יהודה
גאָלדבאַנד הערשל
גאָלדבאַנד קריינדל
גאָלדבאַנד שרה
גאָלדבאַנד אלתר
גאָלדבאַנד אברהם
גאָלדבאַנד פסח
גאָלדבאַנד רייזעלע
גאָלדבאַנד רחלע
גאָלדבערג משה
גאָלדבערג מתתיהו (נוטקעס)
גאָלדבערג טובה
גאָלדבערג אפרים
גאָלדבערג בערל
גאָלדבערג בריינע
גאָלדבערג עקיבא
גאָלדבערג לייבל
גאָלדבערג שרהלע
גאָלדבערג בריינדל
גאָלדבערג חנה
גאָלדבערג צמחל
גאָלדבערג זאב
גאָלדבערג מינע
גאָלדבערג אברהם
גאָלדמאַן שמואל־בער
גאָלדמאַן ליפטשע
גאָלדמאַן נחום
גאָלדמאַן ראובן
גאָלדמאַן בענדעט

גאָלדמאַן ישראל
גאָלדמאַן טויבע (מאַראַנצענבוים)




מצבה אויף אַ פּאַריזער בית־עלמין, געשטעלט דורך די לאָשיצער אין פראַנקרייך, צום אָנדענק פון זייערע אומגעבראַכטע עלטערן אין לאָשיץ

גאָלדמאַן יוסף
גאָלדמאַן חיה־רחלע
גאָלדמאַן שרה
גאָלדמאַן ארטשע
גאָלדמאַן העניע־רבקה
גאָלדמאַן איטשע
גאָלדמאַן שמואל
גאָלדמאַן דאָבע (שפּ־גלמאַן)
גאָלדפאַרב גדליהו (זמאָרע)
גאָלדפאַרב ברכה
גאָלדפאַרב אברהם
גאָלדפאַרב רפואל (פוליע)
גאָלדפאַרב יחיאל
גאָלדפאַרב זיסל
גאָלדפאַרב רפאל
גאָלדפאַרב דוד (רפאלס)
גאָלדפאַרב חנהטשע
גאָלדפאַרב משה (חנהטשעס)
גאָלדפאַרב פייגע (גראהמאן)
גאָלדפאַרב שמחה
גאָלדפאַרב פייגע
גאָלדפאַרב זעליג
גאָלדפאַרב נחום
גאָלדפאַרב זעלדע
גאָלדפאַרב משה
גאָלדפאַרב איטשע־מאיר
גאָלדפאַרב מלכה
גאָלדפאַרב ברײַנע־רחל
גאָלדפאַרב יאָסל
גאָלדפאַרב פייגע
גאָלדפאַרב יעקב
גאָלדפאַרב פריידע
גאָלדפאַרב צעשע
גאָלדפאַרב חוה (ברײַנע רחלס)
גאָלדפאַרב חיה־שרה (ברײַנע־רחלס)
גאָלדפאַרב שרה־מנוחה
גאָלדפאַרב ליפטשע

גאָלדפאַרב שלמה
גאָלדפעדער יצחק־גרשון (שמש)
גאָלדפעדער ישראל
גאָלדפעדער חנה
גאָלדפעדער מלכה
גאָלדפעדער נחום (יצחק־גרשונס)
גאָלדפעדער עלקע
גאָלדפעדער ישראל
גאָלדפעדער רבקה
גאָלדפעדער אליהו
גאָלדפעדער סימע
גאָלדפעדער נעכע
גאָלדפעדער שמאי
גאָלדרינג יוסף
גאָלדרינג רבקה
גאָלדרינג הערשל
גאָלדרינג חיה (קאַפּלאַן)
גאָלדרינג אברהם־יצחק
גאָלדרינג חיה־סימע
גאָלדרינג מאָטל
גאָלדרינג נאָטע
גאָלדרינג הערשל
גאָלדרינג טילע
גאָלדרינג לאה
גאָלדרינג יאָסל
גאָלדשטיין חנה־גיטל
גאָלדשטיין יחזקאל
גאָלדשטיין ביילע
גאָלדשטיין משה
גאָלדשטיין אברהם
גאָלדשטיין דבורה
גאָלדשטיין היהלע (דאָבזשינסקי)
גאָלדשטיין חוהלע (דאָבזשינסקי)
גאַרבאַרזש משה (נחמן העניעס)
גאַרבאַרזש יענטע
גאַרבאַרזש הערשל (נחמן העניעס)
גאַרבאַרזש העניע

גאַרבאַרזש בלומע
גאַרבאַרזש אברהם
גאָרן בערל
גאָרן יהודית
גאָרן מאָטל
גאָרןביילטשע (ציגעלשטיין)
גאָרן פייגעלע
גוז צאַלקע
גוז יוסף
גוז מילקע
גוז מרים (גאָלדשטיין)
גוז חנן
גוז יהושע
גוז נוסקע
גוזאָווסקי אסתר־שרה
גוזאָווסקי גרשון
גוזאָווסקי מירטשע
גוזאָווסקי חיים
גוויאזדע הערשל
גוויאזדע אברהם
גוויאזדע צינע
גזשיוואַטש מרדכי־פייוול
גזשיוואַטש פעשע
גזשיוואַטש אסתר
גזשיוואַטש יאָספע
גינצבורג נחום (אסתרס)
גינצבורג ישראל־ישעיהו
גינצבורג שיינע־שרה
גינצבורג משה־גדליהו
גינצבורג יצחק
גינצבורג זעלדע
גערש איטשע
גערש שמחה
גערש אלתר

גערשטמאַן מענדל
גערשטמאַן דוד (וואַסערטרעגער)
גרויסמאַן אליעזר
גרויסמאַן פראַדל
גרויסמאַן הערשל
גרויסמאַן עלקע
גרינבערג חיים (לייזערס)
גרינבערג מעלע
גרינבערג־שינקאַרזש גאָלדע
גרינבערג גיטעלע
גרינבערג הערשל
גרינבערג מאָטל
גרינבערג לאה
גרינבערג יהודה
גרינבערג גענענדל
גרינבערג חיה
גרינבערג וועלוול
גרינבערג לאה (בינשטאָק)
גרינבערג זיסקינד
גרינבערג שמואל־יאַנקל
גרינבערג אסתר־רחל
גרינבערג נאָטע־לייביש
גרינבערג ישראל איטשע (אָלעיארניק)
גרינבערג משה
גרינבערג רבקה
גרינבערג חנה
גרינבערג חיה (בערלס)
גרינבערג משה
גרינבלאַט דוד
גרינץ אברהם־משה
גרינץ סימע
גרינץ יהודית
גרינץ ביילטשע
גרינץ ריקל
גרינץ לאה

דאָבזשינסקי טוביה־יחיאל
דאָבזשינסקי יאָסל
דאָבזשינסקי־גאָלדשטיין אסתר
דאַראָזשעק סאַלעק
דראָגיצקי יעקב־לייב
דראָגיצקי טשאַרנע
דראָגיצקי פסח
דראָגיצקי חיים
דראָגיצקי־גאָלדבערג ברײַנע
דרעקסלער שרה־לאה
דרעקסלער העלע
דרעקסלער ליבע

האַנדלסמאַן נח
האָכמאַן יהושע
האָכמאַן גענענדל
האָכמאַן משה
האָכמאַן שפּרינצע
האָכמאַן שרה
האָפּמאַן שמואלקע
האָפּמאַן גדליהו־בער
האָפּמאַן יאַנקל
האָפּמאַן יוכבד
האָפּער יהושע (הערשעלעס)
האָפּער אליהו
האָפּער יוכבד
הייבלום שמחה (פּאַקער)
הייבלום פּעשע־גיטל
הייבלום רחל
הייבלום איצל
הייבלום מאָטל
הערמאַן ברוך
הערמאַן חיה (לאַווענדער)
הערמאַן משה
הערמאַן מענדל
הערמאַן ישראל־דוד
הערץ רחל
הערץ אסתר
הערץ אַלטע
הערץ איטשע (מינדלס)
הערץ רויזע
הערץ ניסן
הערץ ברכה
הערץ יהושע
הערשבערג דן
הערשבערג־שינקאַרזש העניע
הערשבערג הערשל
הערשבערג אסתר
הערשבערג יוכבד

וואַלדפויגל שמואל
וואַלדפויגל פריידע
וואַלדפויגל הערש־וועלוול
וואַלדפויגל ברוך
וואַסערמאַן אברהם
וואַסערמאַן אסתר־רבקה
וואַקסמאַן איטשע
וואַקסמאַן אברהם־מענדל
וואַקסמאַן פסח
וואַקסמאַן יעקב

וואַקסמאַן יקותיאל
וואַקסמאַן מינדל
וואַקסמאַן יאָסל
וואַקסמאַן יאַנקל
וואַקסמאַן מיכל
וואַקסמאַן משה־הערש
וואָדע גדליהו
וואָדע שפּרינצע (הערץ)
וואָדע צביהלע
וואָדע ניסן
וואָדע חנן
וואָדע משה
וואָדע יאָסל
וואָדע איטשע
וואָדע רבקה (מענדעלקאָ)
וואָדע אברהם
וואָדע מאָטיל (סמאָליאר)
וואָדע הערשל
וואָדע מאיר (זאַק)
וואָדע שעפּסל (דאָוודסטווע)
וואָדע מרדכי
וואָדע אברהם
וואָדע יוסף־בער
וואָלקער שמואלקע (ליטוואַק)
וואָלקער אברהם
וואָלקער לייבל
וואָלקער הערשל
וואָלקער פריידע (בידערמאַן)
ווײַמאַן בינעם (מיכלס)
ווײַמאַן מרדכי
ווײַמאַן ישעיה
ווײַמאַן חוה
ווײַמאַן מאיר (גרשון שענקערס)
ווײַמאַן יאָספּע (גרשון שענקערס)
ווײַמאַן וועלוול (גרשון שענקערס)
ווײַמאַן רחל
ווײַמאַן נח
ווײַמאַן־זעמעל שרה
ווײַמאַן שרה
ווײַמאַן פּסח (יאָסלס)
ווײַמאַן יאַנקל (יאָסלס)
ווײַמאַן נח
ווײַמאַן מלכה
ווײַמאַן פּסח (וואַלקעס)
ווײַמאַן מלך (וואָלקעס)
ווײַמאַן חיים נחום
ווײַמאַן יצחק־יעקב
ווײַמאַן אברהם
ווײַמאַן ישראלקע
ווײַמאַן יהושע־דוד
ווײַמאַן הערש־יצחק
ווײַמאַן משה
ווײַמאַן יואל
ווײַמאַן פּיניע
ווײַמאַן מענדל (אַדע:אָווער)
ווײַמאַן מינטשע
ווײַמאַן רבקה
ווײַמאַן רחלע
ווײַמאַן מאַשע
ווײַמאַן בריינע
ווײַמאַן שמואל
ווײַמאַן איטשעלע
ווײַמאַן רחלע
ווײַמאַן מייטעלע
ווײַנבערג אברהם־אייזיק
ווײַנבערג יעקב־משה
ווײַנזוכער מרדכי
ווײַנזוכער שיינדל
ווײַנזוכער שרה
ווײַנזוכער יענטע (פרידמאַן)
ווײַנזוכער ניסן
ווײַנזוכער דאָבע
ווײַנמאַן בונעם
ווײַנמאַן העניע

ווײנמאַן טרײנע
ווײנשטאָק שמואלקע
ווײנשטאָק חיה
ווײנשטאָק נעכע־לאה
ווײנשטאָק יודל
ווײנשטאָק חיים
ווײנשטאָק פּערל (זילבערקראַנץ)
ווײנשטאָק שײנע־פײגע
ווײנשטאָק אליהו
ווײנשטאָק חיים
ווײנשטאָק נעכע
ווײנשטאָק אברהם
ווײנשטאָק לאה־דבורה
ווײנשטאָק ברכה
ווײנשטאָק עלקע
ווײנשטאָק לײבקע
ווײנשטאָק פרײדע
ווײנשטײן לאה
ווײסבערג שײנדל (שבע־בײלעס)
ווײסבערג חיים־שמואלקע
ווײסבערג־בינשטאָק רבקה
ווײסבערג רחלע
ווײסבערג יאַנקעלע
ווײסמאַן יהושע
ווײסמאַן גרשון
ווײסמאַן יאָסל
ווײסמאַן רחל
ווישניע יאַנקל (ירוחמס)
ווישניע מנשה
ווישניע פּיניע
ווענגיערק יצחק
ווענגיערק ליבע
ווענגיערק דוד
ווענגיערק פרײדע־גיטל
ווענגיערק ריווע
ווענגיערק אברהם־מרדכי
ווענגיערק דאָבעלע
ווענגיערק יאַנקעלע
ווענגיערק איטעלע
ווערזשכע גרשון־העניך
ווערניצקי אלתר
ווערניצקי סערעלע
וורובעל צינע
וורובעל חוה
וורובעל רחל
וורובעל מינדל
וורובעל מענדל
וורובעל־לאַנדאו איטקע

זאַוואָדאַ דוד
זאַוואָדאַ שרה
זאַלצמאַן מרדכי
זאַלצמאַן פײגע
זלאַצמאַן לײזער (דאָמינע)
זאַלצמאַן מאַשע
זאַלצמאַן יענטע
זאַלצמאַן יאַנקל
זאַלצמאַן ברכה
זדאַנאָוויטש יאַנקל
זונשײן אברהם־לײביש (פּישעלעס)
זונשײן מאָטל
זונשײן חיים־אליהו
זונשײן חיים
זיבעלמאַן מנשה (שמואל־יאָסלס)
זיבעלמאַן שלמה
זיבעלמאַן בנימין־יאַנקל (פּיטײע)
זינגער הערשל
זינגער גרשון
זינגער אהרון

זילבערשטיין יוסף־אהרון
זילבערשטיין טויבע
זילבערשטיין יצחק
זילבערשטיין אסתר
זילבערשטיין יוסף (מאָרדער)
זילבערשטיין חוה־לאה
זילבערמאַן יחזקאל
זילבערמאַן בנימין
זילבערמאַן יוסף
זילבערבערג ברוך
זילבערבערג חוה (ראָזנבוים)
זילבערבערג רבקה
זילבערבערג לייבל
זילבערבערג טייבקע
זילבערבערג יאָסקע
זילבערבערג חיים
זילבערבערג שעפסל
זילבערבערג שמחה
זילבערבערג אפרים
זילבערקראַנץ פסח
זילבערקראַנץ חוה־לאה
זילבערקראַנץ לייבל

זילבערקראַנץ חוה (עלזאָן)
זילבערקראַנץ ישראל
זילבערקראַנץ יאַנקל (מינדלס)
זילבערקראַנץ רבקה
זלאָטאָגורי אבא
זעמעל הערשל (מנוחהס)
זעמעל אַלטע
זעמעל דוד
זעמעל יוכבד (פּאָלאַקעוויטש)
זעמעל לייבקע
זעמעל כינקע
זעמעל רוזשע
זשעליכאָווסקי אהרון
זשעליכאָווסקי משה־מענדל
זשעליכאָווסקי יאַנקל
זשעליכאָווסקי מענדל
זשעליכאָווסקי בוטשע
זשעליכאָווסקי אברהם
זשעליכאָווסקי שרה
זשעליכאָווסקי אסתר
זשעליכאָווסקי שרה
זשעליכאָווסקי פייגע־דאָבע

טאַרנאָווסקי חיים
טאַרנאָווסקי מלכה (ניסנבוים)
טייטלבוים בוטשע
טייטלבוים מאָטל
טייטלבוים איטשע
טענענבוים אברהם
טענענבוים יאָספע
טענענבוים סימע
טענענבוים אהרון
טענענבוים יאַנקל (יצחק־אהרנס)
טענענבוים איטשע
טענענבוים נחום

טענענבוים גענענדל
טענענבוים לייבל
טענענבוים לאה
טענענבוים זעלדע
טענענבוים גדליהו
טענענבוים פעסע (נוסבוים)
טענענבוים בערעלע
טענענבוים רחלע
טענענבוים משה
טענענבוים ירחמיאל
טענענבוים קלמן (לאַנעס)
טענענבוים יואל

טענענבוים אברהם־יצחק
טענענבוים שפרה
טענענבוים שרה
טענענבוים אייזשע־מאיר
טענענבוים שיינדל (פּאַליטיצקי)
טענענבוים מרדכי
טענענבוים יצחק
טענענבוים משה
טענענבוים יעקב (מאָרדער)
טענענבוים חיים (מאָרדער)
טשעמני חיים (ראַטשינער)
טשעמני פּערל (גוזאָווסקי)

יאַבלאָנסקי אברהם
יאַבלאָנסקי יאָסל
יאַבלאָנסקי יודל
יאַבלאָנסקי פייגע־בלומע
יאַבלאָנסקי זיסל
יאַבלאָנסקי ליפּע
יאַבלאָנסקי אברהם־יצחק
יאַבלאָנסקי חיה־דבורה
יאַבלאָנסקי שמעון
יאַגאָדזשינסקי דוד
יאַגאָדזשינסקי רבקה
יאַגאָדזשינסקי טויבע
יאַגאָדזשינסקי שרה
יאַגאָדזשינסקי יאַנקל
יאַווערבוים שמואל־הערש
יאַווערבוים יואל
יאַסזטשאָמב יאַנקל
יאַסטזשאָמב פּעסל
יאַסטזשאָמב לאהטשע
יונגשטיין יערמאַן
יונגשטיין חנה
יונגשטיין קעלטשע
יונגשטיין צבי
יוגנשטיין אליהו
יונגשטיין דוד
יונגשטיין בנימין

כהן (קאַהאַן) סערל
כהן עוזיאל
כהן חיה (ראָזענצווייג)
כהן יהודה
כהן צביה
כהן מלכהלע
כהן וועלוול
כהן ליבע (לעווין)
כהן וועלוול (קאָוואַל)
כהן פּעסע
כהן לאהטשע
כהן מינדל
כהן רבקה
כהן יאָסל
כהן יחזקאל
כהן ניסן
כהן פישל (יחזקאלס)
כהן הערש־חיים
כהן וועלוול (הערש־חיימס)
כלעבעדאָוויטש בערל

לאַבענדז חיים
לאַבענדז בינע
לאַנדאַו רויזע
לאנדאו אהרון
לאנדאו ברכהלע
לאנדאו מיכאל
לאַשיצע שלמה
לאַשיצע חנה
לאַשיצע אברהם
לאַשיצע ראובן
לאַשיצע מנוחה
לאַשיצע משה
לאַשיצע רבקה
לאַשיצע זישע
לאַשיצע דוד
לאַשיצע חיים
ליבמאַן אייזשע (נאַטעס)
ליבמאַן פסח (אייזשעס)
ליבמאַן רבקה
ליבמאַן משה־לייזער
ליבמאַן יחיאל (אייזשעס)
ליבמאַן רחל
ליבמאַן נחום
ליבמאַן זכריה
ליבמאַן אברהם
ליבמאַן יאַנקל
ליבמאַן שרהלע
ליבעל ליבע
ליבעל יעקב
ליבעל ליבע
ליבעל ישראל
ליבערמאַן טוביה־מאיר
ליבערמאַן לאה
ליבערמאַן בערטשע
ליבערמאַן נחמן־יאָסל
ליבערמאַן מענדל
ליבערמאַן יאַנקל (טוביה־מאירס)
ליבערמאַן רויזקע (בערישעס)
ליבערמאַן גוטשע (ציגלשטיין)
ליבערמאַן שאָשע



**אַ געהאָפטן ספר־תורה־מאַנטעלע אין בית־הכנסת פון גבעת־עליה, יפו, „לזכר הרב דעירנו לושיץ, ר׳ יצחק אייזיק ריזנברג ובנו ר׳ אהרן וכל תושבי העיר הנ״ל שנספו ע״י הנצים בימי השואה״. געשענקט דורך מרים־רבקהס זון, חיים בן אהרן־אלתר שוואַרץ און זיין פרוי ליבע, שרה גאָלדמאַנס טאָכטער**

ליבערמאַן יצחק
ליבערמאַן רחל
ליבערמאַן שלמה
ליבערמאַן פייגע (בלאַטמאַן)
ליבערמאַן אברהמלע
ליבערמאַן משה (טוביה־מאירס)
ליבערמאַן הערשל
ליבערמאַן חנה־פייגע
ליבערמאַן שרה
ליבערמאַן חיים
ליבערמאַן יאָסל
ליבערמאַן נחמן
ליבערמאַן אליהו
ליבערמאַן נעכע
ליבערמאַן נחמן
ליבערמאַן פייגע
ליבערמאַן אברהם
ליבערמאַן באַשע
ליבערמאַן שמואל
ליבערמאַן חוה (טרייסטמאַן)
ליבערמאַן אייזיק
ליבערמאַן בערל (ציטעריקס)
ליבערמאַן אברהם־יצחק
ליבערמאַן שלמה־דוד
ליבערמאַן מאַלע
ליבערמאַן אברהם
ליבערמאַן רבקה
ליבערמאַן שלמה
ליבערמאַן דבורה
ליבערמאַן משה
ליבערמאַן חיה
ליבערמאַן שרה
ליבערמאַן גאָלדע
ליוועגדער יואלקע
ליוועגדער חוה־מייטע
ליוועגדער מאיר
ליוועגדער חנה־ביילע
ליוועגדער כינקע
ליוועגדער אסתר־פייגע
ליוועגדער הערשל
ליוועגדער כינקע
לייבמאַן דוד
לייבמאַן אברהם
ליפשיץ אריה־לייב (יאַנאָווער רבי)
לעדערמאַן וועלוול (ליסאָווער)
לעדערמאַן יענטע (בינשטאָק)
לעדערמאַן ישראל
לעדערמאַן טילע (גאָלדשטיין)
לעדערמאַן אברהם
לעדערמאַן הערצקע
לעדערמאַן חיה־מאשע
לעדערמאַן מיכלע
לעוו נתן
לעוו חוה
לעוו חיים
לעוו יוחנן
לעוו יוכבד (באַראָווסקי)
לעוו מלכה
לעוו אסתר
לעוו רחל
לעוו דוד
לעוו שפרה (באַראָווסקי)
לעווין נוסקע (שמואל אברהמס)
לעווין אלטע (באַראָווסקי)
לעווין יאָסל
לעווין פעשע
לעווין גרשון
לעווין חיה (אַפּעל)
לעווין גדליהו
לעווין מרדכי־מיכאל
לעווין בוטשע
לעווין רבקה (פאַליטיצקי)
לעווין יעקב יצחק
לעווין סערל

לעווין גדליהו (חיים זיסלס)
לעווין שרה
לעווין חיים
לעווין מאָטל
לעווין דוד
לעווין ברײַנע (האָפּער)
לעווין וועלוול
לעווין נחום
לעווין רחל
לעווין משה
לעווין מרדכי (לעווקע)
לעווין רחל (קויפמאַן)
לעווין ישראל־חיים (לעווקע)
לעווין רחל
לעווין זוסמאַן
לעווין שלמה

מאַדענפראָסט איטע־דאָבע
מאַדענפראָסט מרדכי
מאַדענפראָסט פערל (מאַן)
מאַן ישעיה
מאַן שמואלקע
מאַן חיים שלמה
מאַן יאנקל
מאַן יאָסל (דוואָשקעס)
מאַן חיים־מיכאל
מאַנדלבוים יאַנקל (יאָשעס)
מאַנדלבוים חיה־שײַנדל
מאַנדלבוים אהרון
מנדלבוים גרשון
מאַנדלבוים גאָלדע
מאַנדלבוים גדליהו (יאָשעס)
מאַנדלבוים גיטל
מאַנדלבוים שמעון
מאַנדלבוים רחל
מאַנדלבוים גדליהו
מאַנדלבוים רייזל
מאַנדלבוים משה
מאַנדלבוים מינדל
מאַנדלבוים איטשע
מאַנדלבוים שײַנע
מאַנדלבוים אברהם־מאיר
מאַנדלבוים רחל (מענדעלקאָ)
מאַנדעלבוים גדאַלקע
מאַנדעלבוים מאָטל
מאַנדלבוים בערל
מאַנדלבוים זײַנוול
מאַנדלבוים מרים
מאַנדלבוים גענענדל
מאַנדלבוים פסח
מאַנדלבוים מלכה
מאַנדלבוים יאַנקל
מאַנדלבוים פײַטל
מאַנדלבוים יאָסל
מאַנדלבוים מאָטל
מאַנדלבוים מאיר
מאַנדלבוים חיים (שמואלקעס)
מאַנדלבוים מלכה
מאַקאַבאָצקי הלל
מאַקאַבאָצקי יענטע
מאַקאַבאָצקי משה־אהרון
מאַקאַבאָצקי צלאָווע
מאַרץ שמואלקע
מאַרץ דבורה
מאַרץ יואל
מאַרץ רבקה
מאַרץ צבי
מאַרץ יעקב־לייב
מאַרץ רייזל

מינץ חיה־שרה (רישקעס)
מינץ אָדל
מינץ דוד (רישקעס)
מינץ שרה (זילבערקראַנץ)
מינץ חיה־ליפטשע
מינץ יאָסקע (חיה־ליפטשעס)
מינץ חיים־שמחה (חיה־ליפטשעס)
מערמלשטיין רחל
מערמלשטיין יאָסל
מירמלשטיין גדליהו
מירמלשטיין ברכה (שפיגלמאַן)
מלך שמאי
מלך חיה־רחל
מלך לייבל
מלך רחל

מלך שלמה
מלך פעסע
מלך הינדע
מלעצינסקי זעלדע
מלעצינסקי מאיר
מלעצינסקי דוד
מלעצינסקי חיים
מלעצינסקי גענענדל
מלעצינסקי רחל
מלעצינסקי זיסל
מלעצינסקי פרץ
מענדעלסאָן משה
מענדעלקאָ שלום
מענדעלקאָ חוה
מאַראַנצנבוים משה (יאָסל־נאָטעס)

נאַוטשיציעל משה־מאיר
נאַוטשיציעל שמואל
נאַוטשיציעל נח
נאַוטשיציעל עזריאל
נאַוטשיציעל ירחמיאל
נאַוענשטערן אברהם
נוסבוים מנוחה (קאַמינקער)
נוסבוים מתתיהו
נוסבוים ברכה
נוסבוים משה (קאַמינקער)
נוסבוים רחל (טענענבוים)
נוסבוים גיטעלע
נוסבוים יהודה
נוסבוים חיה
נוסבוים ליבע
נורטמאַן רבקה
נורטמאַן שלמה
נורטמאַן בלומע
ניסנבוים שמואל

ניסנבוים יוכבד (בינשטאָק)
ניסנבוים גאָלדע
ניסנבוים מאַניע
ניסנבוים חיים־שמחה
ניסנבוים הינדע
ניסנבוים מנוחה
ניסנבוים שאול
ניעביעסקי יהושע־דוד
ניעביעסקי בן־ציון
ניעביעסקי בן־ציון
ניעביעסקי יאַנקל
ניעביעסקי לאה (שפיגלמאַן)
ניעביעסקי מאָטל
ניעביעסקי דוד
ניעביעסקי קריינדל
ניעביעסקי מענדל
ניעביעסקי חיים
ניעביעסקי בערל
ניעביעסקי יאָסל

ניעביעסקי יאַנקל
ניעביעסקי אברהם
ניעביעסקי שרה

ניעביעסקי יאַנקל
ניעביעסקי הערש־לייב
(שמואל־אייזשעס)

סאַלאָמאָן ישראל (וועגנגראָווער)
סאַלאָמאָן יאַנקל
סאַלאָמאָן יאַנקל
סאַלאָמאָן יאָסל
סאַרנאַצקי הערשל
סאַרנאַצקי ראַשקע
סאָלטיס אברהם
סאָלטיס טשייע
סאָלטיס פּעשע
סלוכאָווסקי אריה
סלוכאָווסקי משהלע
סלוכאָווסקי שרה
סלוכאָווסקי פּעסע

סלוכאָווסקי מענדל
סלוכאָווסקי חיה
סלוכאָווסקי שאָשע
סלוכאָווסקי חנה
סמאָליאַר יאָסל (לייזערס)
סמאָליאַר שמעון
סמאָליאַר רחל (בינשטאָק)
סמאָליאַר אהרון
סמאָליאַר שמאי
סמאָליאַר שמעון
סקאַלימאָוויטש ליבע
סקאַלימאָוויטש הערש־דוד
סקאַלימאָוויטש רחמה

עלזאָן איטע־ביילע
עלאָזן משה (ליזיקער)
עלזאָן מלכה
עלזאָן איטשעלע
עלזאָן חוהלע
עלזאָן איטשע
עלזאָן יענטע
עלזאָן שרה
עלזאָן אסתר־רחלע
ענגלענדער יאַנקל (פּייוולס)
ענגלענדער דינה
ענגלענדער משה
ענגלענדער חוה

ענגלענדער חיים (פּייוולס)
ענגלענדער ישראלקע
ענגלענדער רחל
ענגלענדער יאָסל (פּייוולס)
ענגלענדער רויזע
ענגלענדער יאָסל
ענגלענדער משה
ענגלענדער איטע
ענגלענדער יוסף
ענגלענדער מרים
עפּעלבוים אשר
עפּלבוים לאה
עפּעלבוים שמואל (כיליאַטיטשער)

פּאָליאַקעוויטש שלמה
פּאָליאַקעוויטש מאיר
פּאַליטיצקי חנה־שרה
פּאַליטיצקי עלקע
פּאַליטיצקי אייזשע
פּאַליטיצקי אברהם־מאיר
פּאַליטיצקי נפתלי
פוטערמאַן יהושע־דוד
פוטערמאַן הערשל
פוטערמאַן חיה־שרה (שוואַרץ)
פוטערמאַן יודל (וואָלמאַן)
פוטערמאַן משה (וואָלמאַן)
פוטערמאַן משה
פוטערמאַן רחל
פוטערמאַן אייזשע
פוטערמאַן אברהם
פוטערמאַן אסתר
פוטערמאַן דאָבע
פוטערמאַן שמואלקע
פוטערמאַן אברהם
פוטערמאַן נח
פוקס־שינקאַרזש טילע
פינקלשטיין אהרון (בנימינס)
פינקלשטיין דבורה
פינקלשטיין גיטל־רויזע
פינקלשטיין פייגע
פינקוס מאַניע
פיעטרושקע בינע
פיעקאַזש הענעך
פיעקאַזש גענענדל
פיעקאַזש יענטע
פיעקאַזש רחל
פיעקאַזש חיה
פיעקאַזש משה־שמאי
פישמאַן אייזשע
פישמאַן משה

פישמאַן חיים־בערל
פייגנבוים וועלוול
פייגנבוים שרה
פייגנבוים משה
פיינגבוים יאַנקל
פייגנבוים רבקה
פייגנבוים יעקב
פייזקאָווסקי עטל
פייזקאָווסקי משה
פלאַט יוכבד (קאַרשנשטיין)
פלאַט חיים (אָרישעס)
פלאַט משה (אָרישעס)
פלאַט וועלוול (באָגאַטש)
פלאַט אייזיק (מאַשעס)
פלאַט ישראל־חיים
פלאַט לייבל (באָגאַטש)
פלאַט פּעסע
פלאַט מאַטעס (סאָלטיס)
פלאַט מאַלע
פלאַט אסתר
פלאַט חיה־שרה
פלאַט רייזל
פלאַט יאָסל (טאָמקעס)
פלאַט רחל
פלאַט גדליהו (שאַשקעס)
פלאַט משה (שאַשקעס)
פלאַט חוה
פלאַט שמאי (ליבלינקעס)
פלאַט שרה
פלאַט משה
פלאַט טויבע (נאַוטשיציעל)
פלאַט דוד (בלענדער)
פלאַט לייבקע
פלאַט פייגע־נחמה
פלאַט איטשע (מאָרדער)
פלאַט אברהם (טוביה דער מילכ־קער)

פלאַט צוועטל (ראַבינאָוויטש)
פעלדמאַן מתתיהו
פעלדמאַן בעניעק
פעלדמאַן משה
פערלמאַן הערשל
פערלמאַן חיה (יאַגאָדזשינסקי)
פערלמאַן פייגע
פערלמאַן משהלע
פערלמאַן אסתר
פערלמאַן לאה
פערלמאַן חיה־גיטל
פערלמאַן דוד
פערלמאַן אליהו
פערלמוטער מענדל (העניעס)
פערלמוטער משה
פערלמוטער הערשל
פערלמוטער חיה
פערלמוטער טויבע
פערלמוטער מאָטל
פערלמוטער מרים
פערלמוטער הערשל
פערלמוטער עטל (לעווין)
פערלמוטער אלתר (העניעס)
פראַגער רייכל (שינקאַרזש)
פראַגער נתן
פראַגער דינה
פרידמאַן צביה (האָכמאַן)
פרידמאַן ישראל
פרידמאַן יצחק
פרידמאַן פסח
פרידמאַן יעקב
פרידמאַן משה
פרידמאַן הערשל
פרידמאַן ציזשע
פרידמאַן משהלע
פרידמאַן איטקעלע
פרידמאַן מאָטל (ביניאָמטשיכעס)

פרידמאַן שמואל
פרידמאַן זלמן
פרידמאַן שכנה
פרידמאַן חוה
פרידמאַן בצלאל
פרידמאַן אברהם־יצחק
פרידמאַן שמואלע
פרידמאַן מאָטל
פרידמאַן ליבע
פרידמאַן הערצקע
פרידמאַן חוה
פרידמאַן ציפּע
פרידמאַן הערשל
פרידמאַן עלקע
פרידמאַן שלמה
פרידמאַן נח
פרידמאַן חנה
פרידמאַן פייגע
פרידמאַן חיים
פרידמאַן יצחק
פרידמאַן יעקב־הערש
פרידמאַן שיינע־מרים
פרידמאַן וועלוול
פרידמאַן שרה
פרידמאַן אסתר
פרידמאַן מענדל
פרידמאַן שמואל־לייב
פרידמאַן חיה־דוואָשע
פרידמאַן משה
פרידמאַן פעשע
פרידמאַן שלמה־זלמן
פרידמאַן נחמה
פרידמאַן שיינע־פעסל
פרידמאַן דוד
פרידמאַן צבי־הערש
פרידמאַן שלמה
פרידמאַן זיינוול

צוקער זלמן (חיה איטשעס)
צוקער יהודה
צועקר אברהם
צוקערמאַן ליפּע
צוקערמאַן רבקה
צוקערמאַן הינדע
צוקערמאַן ישראל־יוסף
צוקערמאַן ישראל (בנימינס)
צוקערמאַן יאַנקל
צוקערמאַן דוד (בנימינס)
צוקערמאַן רחל
צוקערמאַן בנימין
צוקערמאַן חיים
ציגעלשטיין אברהם (סקאַלימאָווער)
ציגעלשטיין יאַנקל (סקאַלימאָווער)

ציגעלשטיין משה (סקאַלימאָווער)
ציגעלשטיין עטל (גרינבערג)
ציגעלשטיין בערל
ציגעלשטיין הינדע (פייגנבלום)
ציגעלשטיין ניסן
ציערנאָוויטש פּייוול
ציערנאָוויטש פייגע (סאַפּירשטיין)
ציערנאָוויטש שיינדל
ציערנאָוויטש יאַנקל
ציערנאָוויטש גאָלדע
ציערנאָוויטש מיכאל
ציערנאָוויטש אביגדור
ציערנאָוויטש מנחם
ציערנאָוויטש שלמה
ציערנאָוויטש סעכיע

קאַגאַן אברהם (טראַטש)
קאַנעלשטיין שמואל (מעכאַניק)
קאַנעלשטיין זעלדע
קאַנעלשטיין דוד (מעכאַניק)
קאַנעלשטיין ברײַנע
קאַנעלשטיין בערל
קאַנעלשטיין משה
קאַנעלשטיין בנימין
קאַנעלשטיין חנה־חיה
קאַנעלשטיין חיים־אהרון
קאַנעלשטיין אברהם־יצחק
קאַנעלשטיין שרה־ביילע
קאַנעלשטיין חיים־ישראל
קאַנקאַל משה
קאַפּלאַן רודיע
קאַפּלאַן ישראל־מאיר
קאַפּלאַן רחל (וורובעל)

קאַפּלאַן בערל
קאַפּלאַן איטשע
קאַפּלאַן שרה (פּלאַט)
קאַפּלאַן שייווע
קאַפּיטאָווסקי שמואל־שניאור
קאַפּיטאָווסקי רבקה
קאַפּיטאָווסקי חיים־אהרון
קאַפּיטאָווסקי גיטל
קאַפּיטאָווסקי אַלטע
קאַפּיטאָווסקי משה (חיים־אַהרונס)
קאַפּיטאָווסקי פּעשע
קאַפּיטאָווסקי בעריש (בעזשע)
קאַפּיטאָווסקי חיים־שמאי
קאַפּיטש ישראל (מאָרדער)
קאַפּיטש פּערל
קאַפּיטש משה
קאַפּיטש רבקה

קאַץ גרשון
קאָקאָשקי חיים־ישראל
קאָקאָשקי שרה
קאָקאָשקי רבקה־שיינדל
קאָקאָשקי נחמן
קאָקאָשקי דוד
קאָקאָשקי ניסן
קאָקאָשקי נאָטע
קאָקאָשקי גיטל
קאַרטש אברהם
קאַרטש הערשל
קאַרשנשטיין יאָסל (פּאַטקעווער)
קאַרשנשטיין אברהם
קאַרשטנשטיין עטעלע
קאַרשנשטיין אהרון (אַרטשע)
קאַרשנשטיין ביילע
קאַרשנשטיין רבקה
קאַרשנשטיין גענענדל
קאַרשנשטיין שיינדל
קאַרשנשטיין פייוול (טשיכאָווער)
קאַרשנשטיין רבקה
קאַרשנשטיין אברהם
קאַרשנשטיין לאה
קאַרשנשטיין פייגע
קאַרשנשטיין רבקה
קאַרשנשטיין פּיניע (פּאַטקעווער)
קאַרשנשטיין טשאַיע
קאַרשנשטיין רחלע
קאַרשנשטיין מינדל
קאַרשנבוים זעליג (יוקעלעס)
קאַרשנבוים אסתר־רחל
קאַרשנבוים יוקעלע
קאַרשנבוים פייגעלע
קאַרשנבוים דאָבעלע
קאַרשנבוים מרדכי (יוקעלעס)
קויפמאַן וועלוול (קריינדלס)
קויפמאַן הינדע

קויפמאַן חיה
קויפמאַן קריינדל
קויפמאַן חיים־פישל
קויפמאַן צאַלקע
קויפמאַן לייבל
קויפמאַן נח
קויפמאַן יאָסל
קויפמאַן גדליהו
קויפמאַן ברכה
קויפמאַן אריה
קויפמאַן רבקה
קויפמאַן חיה
קויפמאַן לייבל
קויפמאַן שלמה (יידל־לייבס)
קויפמאַן גדליהו
קויפמאַן דוד
קויפמאַן שרהלע
קויפמאַן שמואל
קויפמאַן ביילע
קויפמאַן שרה
קויפמאַן רחל
קויפמאַן ליפּטשע
קולאַוויעץ משה־דוד
קולאַוויעץ משה
קולאַוויעץ ברוך
קולאַוויעץ חיים
קולאַיוועץ פריידע
קולאַוויעץ גיטל
קולאַוויעץ ברוך
קולאַוויעץ פייגעלע
קולאַוויעץ חיים
קולאַוויעץ זעלדע
קולאַוויעץ גיטעלע
קולאַוויעץ שרהלע
קולאַוויעץ דוד
קולאַוויעץ ליבע
קולאַוויעץ רויזע

קופערשטאָק יאַנקל (שרה־רויזעס)
קופערשטאָק מאַליע
קופערשטאָק יאָקל
קופערשטאָק חיה
קופערשטאָק העניע
קופערשטאָק מענדל
קופערשטאָק הערשל
קופערשטאָק פעשע
קופערשטאָק ידל
קופערשטאָק אַלטע
קופערשטאָק לוי
קופערשטאָק שרה
קופערשטאָק יאַנקל
קופערשטאָק שרה־גיטל
קופערשטאָק אברהם
קופערשטאָק נאָטע
קלערמאַן משה־גד
קלערמאַן זיסל
קראַקאָוויאַק מאיר
קראַקאָוויאַק אשר

ראָזנקינד יודל
ראָזנצוויג איטשע־מאיר
ראָזנצוויג יהושע
ראָזנצוויג רחל
ראָזנצוויג אברהם־נחום
ראָזנצוויג חנה־פייגע
ראָזנצוויג מאָטל
ראָזנצוויג רחלע
ראָזנצוויג סימע
ראָזנצוויג יצחק
ראָזנצוויג משה (מלכה־גיטלס)
ראָזנצוויג יהודית
ראָזנצוויג עלקע
ראָזנצוויג חנה
ראָזנצוויג יהושע
ראָזנצוויג הערש־לייב
ראָזנצוויג גיטל (לעוו)
ראָזנצוויג דוד
ראָזנצוויג יאַנקל
ראָזנצוויג יענטע
ראָזנצוויג חנה־קריינדל
ראָזנצוויג חנה (איטשע־מאירס)
ראָזענבאַנד גרשון (גאָדלס)
ראָזענבאַנד זלמן
ראָזענבאַנד גיטל (בער)
ראָזענבאַנד בערעלע
ראָזענבאַנד ישראל
ראָזענבאַנד יצחק
ראָזען שלמה
ראָזען יאָסל
ראָזען זלאַטקע
ראָזען מעניע
ראָזנבוים משה (כאָטיטשער)
ראָזנבוים יעקב־משה (כאָטיטשער)
ראָזנבוים משה (דראַזשניעווער)
ראָזנבוים חיה־רחל
ראָזנבוים לייביש
ראָזנבוים יהושע
ראָזנבוים פעשע
ראָזנבוים רחל
ראָזנבוים באַשע
ראָזנבוים יאָסל
ראָזנבוים יואלקע (שפּאַקיער)
ראָזנבוים אהרון־שמואל
ראָזנבוים הערש־לייב
ראָזנבוים ברכה
ראָזנבוים עוזיאל
ראָזנבוים חיה (יאַווערבוים)

ראָזנבוים בראָנטשע
ראָזנבוים יוסף
ראָזנבוים געניאַ
ראָזנבלאַט דינה
ראָזנבלאַט משה
ראָזנבלאַט יאַנקל
ראָזנבלאַט מאַשע
ראָזנבלאַט רבקה
ראַפּעל ישראל
ראַפּעל טויבע (קויפמאַן)
ראַפּעל אייזשע
ראַפּעל דאָבע
ראַק זלמן
ראַק יעקב
ראַק לייביש
ראַק פייגע
רובינשטיין פנחס
רובינשטיין זיינוול
רובינשטיין מרים
רובינשטיין אלתר
רובינשטיין משה
רובינשטיין מרים (ניעביעסקי)
רובינשטיין איטשע
רובינשטיין יוכבד (האָכמאַן)
רובינשטיין ישראל
רובינשטיין מלכה
רובינשטיין יונה
רובינשטיין יענטע
רובינשטיין אברהם־יעקב
רובינשטיין אברהם
רובינשטיין יעקב
רובינשטיין אסתר
רובינשטיין לאה
רובינשטיין אסתר
רובינשטיין חיה־לאה
רובינשטיין אברהם
רובינשטיין וועלוול

רובינשטיין אסתר
רובינשטיין ליבע
רובינשטיין וועלוול
רובינשטיין צבי
רובינשטיין אסתר
רובינשטיין צבי
רובינשטיין פייגע
רובינשטיין בוטשע
רובינשטיין בינע
רובינשטיין אירע
רובינשטיין חנה־דאָבע
רובינשטיין שמואל־גדליהו
רובינשטיין חוה־זיסל
רובינשטיין ישראל־דוד
רובינשטיין משה
רובינשטיין פייוול
רובינשטיין יונה
רובינשטיין רבקה
רובינשטיין משה
רובינשטיין מלכה
רובינשטיין משה
רובינשטיין ביילע
רובינשטיין שמחה
רובינשטיין וועלוול
רובינשטיין פריידל־כאַסיע
רובינשטיין לייבל
רובינשטיין לאה
רובינשטיין הערש־יצחק
רובינשטיין גימפּל
רובינשטיין חיה
רובינשטיין אברהם־מאיר
רובינשטיין געלע
רובינשטיין גדליהו
רובינשטיין הערש־מענדל
רובינשטיין שרה
רובינשטיין שיינדל
רודע שמואל־דוד (חנאכעס)

רודע משה (חנאכעס)
רוזאַל סימע
רוזאַל מרדכי
רוזאַל רבקה
רוזאַל ביילע
רוזאַל יצחק
רוזאַל דוב
רוזאַל זכריה
רוזאַל פייגע
רוזאַל מעניע
רוזאַל שמואלקע
רוזאַל שיינדל
רוזאַל שרה
רוזאַל איטשע־מאיר
רוזאַל חיה־רבקה
רוזאַל יוסף־אהרון
רוזאַל ברכה
רויזמאַן מעלע (קאָקע)
רויזמאַן מלכה־רייזל
רויזמאַן שלמה
רויזמאַן שרה
רויזמאַן הערשעלע
רויטנבערג אריה (איטשע־נאָטעס)
רויטנבערג פרומע
ריבקאָווסקי שלמה (חיה־יהושעס)
ריבקאָווסקי חיים־אליהו
ריבקאָווסקי יואל

ריבקאָווסקי אסתר
ריבקאָווסקי יצחק
ריבקאָווסקי מאָטל
ריבקאָווסקי יאַנקל־הערש
ריבקאָווסקי גאָדל (גד)
ריבקאָווסקי טויבע
ריבקאָווסקי איטקע
ריבקאָזוסקי טשייע
ריבקאָווסקי הערשעלע
ריבקאָווסקי אריה
ריבקאָווסקי יואלקע (זאַוואַדער)
ריבקאָווסקי סימע
ריבקאָווסקי נאָטע־לייביש
ריבקאָווסקי בערל (ליסעווער)
ריזענבערג יצחק־א־יזיק (הרב)
ריזענבערג אַרקע (דעם רבס)
רייכנבאַך וועלוול
רייכנבאַך פייגע
ריניעצקי שמעון (פאַפירניק)
ריניעצקי אסתר
ריניעצקי לאה
ריניעצקי בריינע
ריניעצקי זלמן
ריניעצקי כאַסיע
ריניעצקי בערל
ריניעצקי משה
ריניעצקי פייגע

שאַצקער
שאַפאייזן שבתיאל
שאַרפאייזן אברהם (לאַנע)
שוואַרץ מרים־רבקה
שוואַרץ חיים־אשר
שוואַרץ מרדכי
שווארץ גיטל

שוואַרץ אלתר (פרייס)
שוואַרץ משה (פרייס)
שוואַרץ אייזשע (פרייס)
שוואַרץ העניע
שוואַרצבערג הערשל (סאָיוז)
שוויצקי יאָסל
שוויצקי איצל

שוויצבאַד חיים (דאַוואָקעס)
שוויצבאַד משה (דאַוואָקעס)
שולץ יאָסקע
שולץ חיים
שולץ שמואל־איצל
שולץ איצל
שולץ יאָסל
שולץ שייקע
שולץ שמואל־איצל
שולץ אברהם
שטיינקלאַפּער אהרון
שטיינבערג הערשל
שטיינבערג יענטע
שטיינמאַן בערל
שטיינמאַן חנה
שטיינמאַן הערש־לייזער
שטיינמאַן זיסקינד
שטיינמאַן חנה (געגענדעלעס)
שטיינמאַן אברהם
שטיינמאַן לאה
שטיינמאַן שרה
שטיינמאַן קיילטשע
שטיינמאַן שלום
שיינבערג יודל (זלמן־יחזקאליכעס)
שיינקינד יאַנקל
שיינקינד לאה
שינקאַרוש יצחק
שינקאַרוש שיינע־פּעסל
שינקאַרוש אברהמטשע
שינקאַרוש טויבע
שינקאַרוש רחל
שלאַכטער נח

שלאַכטער פּעשע
שלאַכטער טילע
שלאַכטער משה
שניידערמאַן משה (לייבל־ישראלקעס)
שניידערמאַן יענטע
שניידערמאַן ישראלקע
שניידערמאַן דינה
שניידערמאַן חיה
שניידערמאַן שרה
שניידערמאַן אסתר
שניידערמאַן יאַנקל
שניידערמאַן יוסף
שניידערמאַן פּייוול
שניידערמאַן אהרון
שניידערמאַן פריידע
שערץ הערש־יידל
שערץ בינע
שערץ פּערל (יאַגאָדזשינסקי)
שערץ אברהם
שערץ משה
שערץ יונה
שערץ יהושוע
שפּיגלמאַן לייבל
שפּיגלמאַן רבקה (פּאָליאַקעוויטש)
שפּיגלמאַן נחמה
שפּיגלמאַן דבורה
שפּיגלמאַן משה (וואָלפקעס)
שפּיגלמאַן שיינדל (וואָלפקעס)
שפּיגלמאַן בערטשע
שפּיגלמאַן שיינע־פרומע
שפּיגלמאַן בלומע
שפּיגלמאַן מיכאלקע

ת.נ.צ.ב.ה.

# צעזייט און צעשפרייט

צענדליקער, אָדער הונדערטער, לאָשיצער יידישע משפחות לעבן איצט צעזייט און צעשפרייט איבער פאַרשידענע קאָנטינענטן און לענדער. זיי זענען אויסגע־וואַנדערט פון שטעטל אין פאַרשידענע צייטן און אַדאַנק דעם געבליבן לעבן. אומעטום זעצן זיי פאָר די לאָשיצער טראַדיציעס פון ערלעכער אַרבעט, פון געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. זיי זענען פאַרבונדן צווישן זיך, מיט די לאַנדסלייט פון אַנדערע לענדער און געדענקען שטענדיק זייער אומגעבראַכט שטעטל. אַדאַנק זייער מי און מיטלען איז אין דער גרעסטער מאָס דערמעגלעכט געוואָרן דאָס דערשיינען פון דאָזיקן יזכור־בוך.

מיר האָבן געהאַלטן, אַז אויך זייער לעבן דאַרף אָפגעשפּיגלט ווערן אין דאָזיקן בוך.

צום באַדויערן, האָבן מיר נישט פון אַלע לענדער, ווו עס לעבן לאָשיצער, באַקומען ציפערן, נעמען און באַשרייבונגען, זיי זאָלן קאָנען דאָ פאַרצייכנט ווערן. די רעדאַקציע פאַרעפנטלעכט דעריבער נאָר דעם מאַטעריאַל, וואָס זי האָט באַוויזן צו באַקומען.

## פון לאָשיץ קיין אַמעריקע אין יאָר 1900

מיין פאָטער, יצחק עלזאָן ע״ה, איז געווען אַ שניידער. מיר האָבן געוווינט לעבן גרויסן בית־מדרש אויף דער מעזריטשער גאָס. ביי אונדז אין שטוב האָט געהערשט נויט און בכלל איז די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידישע בעלי־מלאכהס אין לאָשיץ בעת מיינע קינדער־יאָרן, געווען אַ שווערע. מען איז דעריבער געפאָרן זוכן אַ בעסערן מאָרגן מעבר לים. ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון לאָשיץ קיין אַמעריקע, אין יאָר 1900, האָבן שוין פיל לאָשיצער געהאַט עמיגרירט אַ סך פריער. עס זענען שוין דעמלט אפילו געווען אין לאָשיץ צוריקגעקומענע פון די פאַריייניקטע שטאַטן, — זיי האָבן זיך דאָרט נישט געקאָנט איינאָרדנען, אָדער סתם געבענקט אַהיים, צו עלטערן און משפחה. אויך מיינע דריי ברידער און אַ שוועסטער האָבן עמיגרירט פון לאָשיץ קיין אַמעריקע פריער פון מיר. מיין שוואָגער איז געקומען קיין לאָשיץ חתונה מאַכן אַ טאָכטער, — די טאָכטער האָט טאַקע דאָרט חתונה געהאַט און געבליבן אין שטעטל, דער שוואָגער איז אַליין צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

פאַר מיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע האָט זיך נאָרוואָס אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין לאָשיץ די געגריוועטע שוסטערייַ. די ערשטע, געדענק איך, אויף דעם געביט זענען געווען יאָסל, איטשע און אברהם חיים־משהס.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק האָב איך שוין דאָרט געטראָפן פיל לאָשיצער יידן. עס איז שוין אפילו פריער, פאַר מיין קומען נאָך, געווען אַ „לאָשיצער מנין" אין ניו־יאָרק, אָבער ער איז איבערגענומען געוואָרן דורך די מעזריטשער לאַנדסלייט.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די לאָשיצער לאַנדסלייט אין די פאַרייניקטע שטאַטן נישט געווען אָרגאַניזירט אין קיין פאַריין. די מאַטעריעלע לאַגע פון אונדזערע אימיגראַנטן איז ביז דאַן אויך געווען אַ שווערע, — אַ גרויסער טייל האָט געהאַנדלט אויפן מאַרק, אַ טייל איז געווען פּרעסער אין די שניידער־„שעפּער". די לאַגע האָט זיך געענדערט נאָכן יאָר 1914, ווען אַלע האָבן באַקומען אַרבעט צוליב די מלחמה־באַדינגונגען.

ביז 1914 זענען לאָשיצער טיילוויַיז צוריקגעפאָרן. צווישן זיי איז אויך געווען מאַטעס גאָלדוואַסער, וועלכן איך געדענק אַלס דאָזאָר פון דער יידישער קהילה אין לאָשיץ פאַר 1900, צוזאַמען מיט מאָטל דאָזאָר. מאַטעסן האָב איך געזען אין ניו־יאָרק אַרום יאָר 1908.

נישט־אָרגאַניזירטערהייט און ביי אַ שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע, האָבן מיר דאָך, אויך פאַר 1914, אָפּט געהאָלפן אונדזער שטעטל, געשיקט אויף מעות־חיטין. אין 1905 האָבן מיר געענטפערט אויף אַ בריוו פון מאַטעס גאָלדוואַסער, מיט 300 דאָלאַר אויף אַן ארון־קודש פאַר דער נייער שיל, נאָכדעם ווי די הילצערנע שיל איז אָפּגעברענט געוואָרן בעת דער צווייטער שריפה, אין יאָר 1892.

אין 1914 האָט געדראָט אונדזערן אַ בן־עיר אַרויסגעשיקט צו ווערן פון די פאַרייניקטע שטאַטן. דאָס האָט געגעבן דעם לעצטן שטויס די לאָשיצער לאַנדסלייט זיך צו אָרגאַניזירן און אַדאַנק אונדזערע באַמיאונגען איז טאַקע די גזירה קעגן אונדזער לאַנדסמאַן אָפּגערופן געוואָרן.

די ערשטע פאַרזאַמלונג צו גרינדן אַ לאָשיצער לאַנדסלייט־„סאָסייטי" איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק אין דעצעמבער 1914. עס זענען געקומען אַרום 60 לאַנדסלייט. אַלס פּרעזידענט פון דער „סאָסייטי" איז געוויילט געוואָרן הערשל גלאַזמאַן; אַלס וויצע־פּרעזידענט — דער שרייבער פון די שורות; סעקרעטאַר — מענדל פייגענבוים (צונאָמען „קוגל"); אַלס פינאַנס־סעקרעטאַר האָט אַמטירט אַ סעמיאַטיטשער, אַ שוואָגער פון אונדזערס אַ בן־עיר.

מיר האָבן זיך אָפּט געטראָפן, געמאַכט בעלער, געהאָלפן פריש־געקומענע לאַנדסלייט און באַלד נאָך דער מלחמה אָרגאַניזירט אַ ברייטע הילף פאַרן אויסגעאָרעמטן שטעטל. מיר האָבן אויך געקויפט אַן אייגענע „קרקע".

פון 1924 ביז לעצטנס האָב איך געוווינט אין קאַליפאָרניע און ווייניק זיך געטראָפן מיט לאַנדסלייט.

בערל עלזאָן

## לאָשיצער אין די פאַרייניקטע שטאַטן

די גרעסטע צאָל לאָשיצער לאַנדסלייט, נאָך ישראל, לעבן איצט אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. דאָרט זענען שוין פאַראַן לאָשיצער פון צווייטן און דריטן דור, דאָרט־געבוירענע, און עס לעבן נאָך פיל, זיידעס און באָבעס, אויסגעוואַנדערטע פון לאָשיץ אין סוף פון 19־טן און סאַמע אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט. צום באַדוירן האָבן מיר נישט קיין ידיעות פון אַלע, ווייל זייער פאַרבינדונג מיט די לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט אין אַנדערע לענדער איז אַ שוואַכע.

די לאָשיצער זענען צעוואָרפן איבער פיל שטאַטן, פון ניו־יאָרק אין מזרח, ביז קאַליפאָרניע אין מערב. די גרעסטע צאָל, אָבער, לעבט אין ניו־יאָרק גופא און אין שטאַט ניו־יאָרק, ווו עס עקזיסטירט אַ לאָשיצער „סאָסייטי".

מיר ברענגען דאָ די טיילווייזע רשימה, וואָס מיר באַזיצן, פון אונדזערע לאַנדסלייט אין די פאַרייניקטע שטאַטן:

איזאַק זישקע
איזאַק הערשל
אייזענבערג איזשע
אייזענבערג רחל
אייזענבערג אל.
אייזען סעם
אלטוסקי יהודה, הרב
בער יעקב
בינשטאָק הערשל
בלאַטיטאַ יצחק
בלאַטיטאַ מענדל
בלאַטיטאַ חיים
בלאַטיטאַ מאַליע
ברוקמאַן העניע
גוז שפרה
גאָלדפאַרב מאַקס
דרעקסלער דוד
וואָלקער בערל
ווײַנשטיין אשר
ווײַנשטיין אדי
ווייסגוס־זינגער
זעבראָוויטש
זאַלץ סעם

טשעמני ישראל
לאָשיצע נח
לאָשיצע יעקב און העניע
לערנער פערל
נוסבוים ישראל
נוסבוים הערשל
נוסבוים זעליג
עלזאָן בערל
פינקוס אברהם און חיה
פינקוס אשר
פערלמוטער יוסף
פרידמאַן י.
קאַרשענשטיין יצחק
קאַפּלאַן־קאַרשענשטיין פאַליע
קולאַוויעץ אברהם
ראָזענבלאַט יצחק
ראָטענבערג לייבל
ראָזען אלתר
ראָזענצווייג אברהם
ראַבינסאָן ס.
שערץ אייזשע
שפּיגעלמאַן יוסף
שפּיגעלמאַן נחום

## אין פראַנקרייך

די עמיגראַציע פון דער לאַשיצער יידישער יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין פאָריקן יאָרהונדערט. מען איז זיכער געפאָרן פון לאַשיץ קיין אַמעריקע שוין מיטן ערשטן גרויסן שטראָם פון עמיגראַציע נאָך אין די 80־ער יאָרן. וואָס ווייטער האָט זיך די עמיגראַציע פון שטעטל כסדר פאַרשטאַרקט. פראַנקרייך, אָבער, איז פאַר דער לאַשיצער יוגנט נישט געווען קיין צוציאונג־פונקט. די סיבות פון דעם זענען געווען פאַרשידענע. איך דערמאָן זיך, אַז אין שטעטל פלעגט מען דאָס אַנדערש פאַרענטפערן: „די לאַשיצער מקוה ציט צוריק, זי פאַרלירט איר שליטה נאָר ווען מען פאָרט מעבר לים...״ האָט מען מורא געהאַט פאָרן צוריקפאָרן און מען האָט געוואַנדערט ווייטער, דורכן ים...

דאָך האָבן עטלעכע לאַשיצער פאַמיליעס זיך באַזעצט אין פּאַריז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און באַלד נאָך איר. אַ גרעסערע לאַשיצער עמיגראַציע איז אָנגעקומען קיין פראַנקרייך אין סוף פון די 20־ער און אָנהויב 30־ער יאָרן. די עטלעכע אַלט־איינגעזעסענע לאַשיצער פאַמיליעס זענען שוין דעמלט געווען פראַנצויזישע בירגער און מיט אונדז ניי־געקומענע, מערסטנס אַרבעטער, נישט געוואָלט אפילו האָבן קיין מגע־ומשא.

מיר, די ניי־איינגעוואַנדערטע, האָבן זיך אָפט געטראָפן, באַמיט זיך ווייטער צו ציען דעם פאָדעם פונעם שטעטל. מען האָט געאַרבעט, געווען טעטיק געזעל־שאַפטלעך. מיר פלעגן פון ווייטן נאָכפאָלגן די געשעענישן אין שטעטל און זיך טיילן מיט יעדער ידיעה פון לאַשיץ. ווען ס'איז צו אונדז איינמאָל דערגאַנגען די ידיעה וועגן אַ שריפה אין לאַשיץ, האָבן מיר, כאָטש די מערהייט איז געווען אין זייער שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, גלייך צונויפגענומען און אַוועקגעשיקט הילף, לויט אונדזערע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן.

דער גרעסטער טייל לאַשיצער אין פראַנקרייך איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

*

היינט צו טאָג איז אין פראַנקרייך נישטאָ קיין סך לאַשיצער לאַנדסלייט. פון פאַר דער מלחמה זענען געבליבן לעבן: דער שרייבער פון די שורות מיט זיין פאַמיליע; בוטשע קויפמאַן מיט דער פאַמיליע; חוה־מלכהס טאָכטער ברכה און גדליה לערנער; די פאַמיליעס פון רחל פּייעס און יאָסל גרוטקעס; חנה פּערלמאַן, חיים רוזאַל, רידזשיוואַל יוסף, האַניגבוים דאָבע.

עס זענען צוגעקומען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, געראַטעוועטע אין ראַטנפאַרבאַנד: בנימין זילבערשטיין מיט זיין פרוי איטע בלאַטמאַן און זון; אברהם סלוכאָווסקי, געווען אין רוסלאַנד, געקעמפט אין די פאַרטיזאַנער־אָפּטיי־לונגען, פאַרלוירן אַ פרוי מיט אַ קינד; עדזשע ווייסמאַן; לייזער פלאַט מיט דער פאַמיליע.

אונדזער צאָל איז אַ קליינע און מיר האָבן אפילו נישט קיין אייגענע

„סאָסיעטע״, קיין לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע, אָבער פיל לאָשיצער באַטייליקן זיך אַקטיוו אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון פּראַנצויזיש־יידישן ישוב, באַטייליקן זיך אין יעדער אַקציע, וואָס דער ישוב פירט. יעדער פון אונדז לויט זיינע מעגלעכקייטן און אָנשויאונגען. אַזוי־אַרום ציען מיר ווייטער דעם פאָדעם פון אונדזער אומפאַרגעסלעך שטעטל, ווו עס האָט שטענדיק אַזוי געשפּרודלט מיט געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש לעבן.

חיים־איצל גאָלדשטיין

## אין אַרגענטינע

די ערשטע לאָשיצער, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין דרום־אַמעריקע, זענען געפאָרן קיין אַרגענטינע. דאָס איז געווען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

היינט־צו־טאָג געפינט זיך אין אַרגענטינע די גרעסטע צאָל לאָשיצער לאַנדסלייט אויפן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דער גרעסטער טייל פון זיי לעבט אין בוענאָס־איירעס און אין דער נאָענטער געגנט. דאָס זענען עטלעכע צענדליק משפחות, פון וועלכע אייניקע זענען אָנגעזען אין געזעלשאַפטלעכן און ווירטשאַפטלעכן לעבן פון דער דאָרטיקער גרויסער יידישער קהילה. עס זענען דאָרט געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די לאָשיצער לאַנדסלייט, סיי באַזונדער, סיי צוזאַמען מיט סאַרנאַק.

דער פאַרבאַנד פון די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ישראל האָט באַקומען הילף און שטייט אין קאָנטאַקט מיט די פאָלגנדיקע לאַנדסלייט אין אַרגענטינע:

איזאַק אברהם
איזאַק בנימין
איזאַק דוד
ברוכמאַן אסתר דע אַרבערג
באַרוכמאַן דע האָכמאַן אסתר
ברוקמאַן פייוול
גאָלדמאַן אייזשע
גאָלדבערג נאָטע
גאָלדפאַרב אברהם
גאָלדפאַרב אהרון־שמואל
גאָלדשטיין דע פּראַוויזע העניע־פייגע
וואַרשאַווסקי שמואל
ווײַנמאַן חיים
זעמעל מאיר
טענענבוים דע ווײַנמאַן רחל
לאַנדסמאַן שמעון
לוי דע שנעלוואַר יאָספע
לעווי דע גרידלעך גענענדל
ניעביעסקי משה
ניעביעסקי שמאי
ניעביעסקי הערשל
פישמאַן הערשל
פּערלמוטער פייוול
פראַגיער אפרים
פראַגיער יוסף
פראַגיער מיכאל
פראַגיער מרדכי
פראַגיער דע טשאַן דאָבע
קירשמאַן שמעון
קלערמאַן דע קאַפּיטמאַן עלקע
קלערמאַן דע עלבלינגער פייגע
קלערמאַן דע עפּלבוים חנה
רוזאַל הערשל
ענגעלמאַן דע רוזאַל רייזל
רוזאל יהושע
רוזאַל צעשע

# אין קאָלאָמביע

די עמיגראַציע פון לאָשיץ קיין קאָלאָמביע האָט זיך אָנגעהויבן מיט משה ווייסבערג, שיינדל שבע־ביילעס זון, און זיין משפּחה.

געווען איז דאָס אין די 20־טער יאָרן. מען האָט זיך אין פּוילן ביטער געראַנגלט פאַר פּרנסה. דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט און יידן זענען געבליבן אָן ברויט, — איז מען געלאָפן אין דער גרויסער וועלט אַריין.

געזען, אַז אין קאָלאָמביע איז דאָ אַ פעלד פאַר אַרבעט, אַז מ׳קאָן „מאַכן אַ לעבן״, האָט משה וועגן דעם באַלד צווויסן געגעבן אין דער היים און שיינדל שבע־ביילעס אייניקלעך האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין. זענען טאַקע די לאָשיצער אין קאָלאָמביע — חוץ די שפּיגלמאַנס, וואָס זענען אויך קרובים פון שבע־ביילען — בלויז שיינדל שבע־ביילעס אייניקלעך.

ווי ס׳איז צו זען, איז די עמיגראַציע פון לאָשיץ קיין קאָלאָמביע געווען אַ גאַנץ קליינע. אָבער היינט צו טאָג זענען שוין די לאָשיצער אין קאָלאָמביע גרויסע בכבודיקע משפּחות. מען האָט זיך פאַרמערט און פאַרגרעסערט וכן ירבו. זיי לעבן שוין אין לאַנד עטלעכע דרייסיק יאָר, אָרנטלעכע מענטשן מיט אַ גוטן נאָמען אין דער יידישער קאָלאָניע. אַלץ וואָס איז יידיש איז זיי טייער און זיי באַמיען זיך צו ציען ווייטער די גאָלדענע קייט פון לאָשיצער יידישקייט.

די יידן אין קאָלאָמביע, צווישן זיי די לאָשיצער, האָבן אַ סך פאַרדינסטן פאַרן לאַנד, פאַר דער ווירטשאַפט און קיינער לייקנט דאָס נישט, כאָטש מען האָט זיי נישט דערפאַר צופיל ליב...

דער יונגער דור ווערט דערצויגן אין אייגענע העברעישע שולן און ס׳איז צו האָפן אויף אמתע באַוווסטזיניקע יידן און צווישן זיי אויך די קינדער פון אונדזערע לאָשיצער לאַנדסלייט.

שווער צו פאַרענדיקן די שורות וועגן לאָשיצער אין קאָלאָמביע נישט צו שטעלן די פראַגע: פאַרוואָס איז גאָדל געפאָרן קיין קאָלאָמביע, ווען זיין אָרט איז געווען ארץ־ישראל?

געשען איז עס, ערשטנס, ווייל גאָדל איז אַריין אין דער משפּחה פון שיינדל שבע־ביילעס אייניקלעך און איז מיטגעריסן געוואָרן מיט זייער שטראָם קיין קאָלאָמביע; צווייטנס — ער איז געפאָרן אַלס העברעישער לערער און די מיסיע צו פאַרשפּרייטן העברעיש ביי אַזאַ ווייטן ישוב, איז אים געווען צום האַרצן; און אחרון־אחרון, דריטנס — ער איז געפאָרן מיטן שטאַרקסטן גלויבן, אַז קאָלאָמביע וועט זיין בלויז אַ סטאַציע פאַר ארץ־ישראל...

עס זענען אונטערגעקומען די היטלער־יאָרן, די מלחמה און די גרויסע קאַטאַסטראָפע פון די יידן אין אייראָפּע — די עליה איז געווען אומעגלעך. אָבער נאָכן אַנטשטיין פון ישראל, נעמט זיך גאָדל גרייטן, מיט פרייד און האָפענונג צו פאַרלאָזן די סטאַציע קאָלאָמביע.

דער גורל האָט אָבער געוואָלט אַנדערש און ער איז געבליבן אויף אייביק

אויף דער „סטאַציע מדינת־קאָלאָמביע", אין איר הויפּטשטאָט באָגאָטאַ, ווו ס׳איז טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן זיין לעבן אין עלטער פון 53 יאָר.

*

אין קאָלאָמביע לעבן די פאָלגנדיקע לאָשיצער לאַנדסלייט־פאַמיליעס:

ביאַליקאַמיען יהודה
ביאַליקאַמיען חיים־יאָסל
ראָזענבאַנד־ביאַליקאַמיען חיה־רחל
דאָבזשינסקי רפאל
דאָבזשינסקי־יאַגאָדזשינסקי טילע
דאָבזשינסקי ברוך
דאָבזשינסקי לייבל
ווייסבערג בערל
ווייסבערג איצל
שפּיגעלמאַן נאָטע

חיה־רחל ראָזענבאַנד

## אין בראַזיל

די צווייטע גרעסערע גרופּע לאָשיצער לאַנדסלייט אויפן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, אָבער אַ פּיל קלענערע ווי אין אַרגענטינע, געפינט זיך אין בראַזיל. די מערהייט פון זיי לעבט אין ריאָ־דע־זשאַניירא, אָדער אין דער נאָענטער שטאָט ניטעראָי. אָבער מען געפינט איינציקע משפחות פון לאָשיצער אָפּשטאַמיקע אויך אין אַנדערע שטעט, ווי סאַן פּאַולאָ און קוריטיבאַ.

מיר האָבן ידיעות וועגן די פאָלגנדיקע לאָשיצער משפחות אין בראַזיל:

בלאַטיטאַ יחיאל
גרינבערג יחזקאל
ווורובעל סעכיע און אירע קינדער
ווורובעל יעקב
ווורובעל פסח
כהן משה
ניסענבוים לייבל
פייגענבלום יצחק
פּאָלאַקעוויטש נח

## אין ענגלאַנד

די מערהייט פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ענגלאַנד געהער צו דער פאַרצווייגטער משפחה ווורובעל.

אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל איז פאַרבונדן און האָט ידיעות וועגן פאָלגנדיקע לאַנדסלייט דאָרט:

ווורובעל צילאַ
ווורובעל הערשקע
ווורובעל־פישער טעמע
גרינבערג הערשל
רובינשטיין ר.
רובין לייבל
רובין ל.
רובין דזשעק
רובין א.
פינקעלשטיין חיה־פייגע
פורמאַן

# אין קאַנאַדע

אין קאַנאַדע לעבן די לאָשיצער פון דער פאַמיליע ליבמאַן: ליבמאַן אליהו־חיים, ליבמאַן דוד, ליבמאַן הערשל, ליבמאַן חיים.

איינע פון צווישן זיי, שרהקע ליבמאַן־מידעק, אייזשע־נאָטעס טאָכטער, איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, — אַן אומדערהערטער מערדערישער אַקט האָט פאַרשניטן איר לעבן, צוזאַמען מיט אירע צוויי טעכטערלעך און 55 אַנדערע



שרהקע ליבמאַן־מיידעק מיט אירעביידע טעכטערלעך

אומשולדיקע קרבנות. אין 1955, אין יאָר ווען זי איז אַלט געוואָרן 45 יאָר, איז זי, צוזאַמען מיט אירע ביידע קינדער, די 15־יאָריקע חנה־איידל און די 11־יאָריקע יפה־פאַפע, געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל. אירע בריוו פאַרן אַרויספאָרן און פון וועג זענען געווען פול מיט פרייד און דערוואַרטונג — צו זען די יידישע מדינה, אַלטע פריינט און חברים. זי איז אין לאַנד אריין נישט אָנגעקומען... זי האָט זיך געפונען אין „אל־על"־אַעראָפּלאַן, וואָס איז דעם 27־טן יולי 1955, אָן אַ פאַרוואָס אַרונטערגעשאָסן געוואָרן אין בולגאַריע, אומ־ברענגענדיק אַלע 58 פּאַסאַזשירן. נאָר די פאַרברענטע קערפּערס פון שרהקען מיט אירע טעכטערלעך זענען אָנגעקומען קיין ישראל. זיי זענען געבראַכט געוואָרן צו אייביקער רו אינעם ברידער־קבר פון די דאָזיקע קרבנות אויפן בית־עלמין פון קרית־שאול, אין תל־אביב.

## אין ראַטנפאַרבאַנד

אין ראַטנפאַרבאַנד לעבן היינט צו טאָג מער ווי אַ צענדליק משפחות לאָשיצער לאַנדסלייט, צווישן זיי אויך איבערגעבליבענע פון די, וואָס זענען אַוועק פון שטעטל צוזאַמען מיט דער „רויטער אַרמיי" אין 1920, ווי אויך געבליבענע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## אין אורוגוויי

אין אורוגוויי לעבן נאָר געציילטע משפחות לאָשיצער — אַלע אין דער הויפּט־שטאָט מאָנטעווידעאָ. מיר ווייסן וועגן די פאָלגנדיקע:

| | |
|---|---|
| ראָזען רבקה־בלומע | גדליה שלאָסער |
| ראָזען איטקע | ווישניע לייזער |
| ראָזען הערש־לייב | ווישניע דבורה |

## אין ווענעצועלאַ

ראָזענבוים־גאָלדרייך פראַדל

## אין אויסטראַליע

| | |
|---|---|
| פרידמאַן יוסף | וורובעל זלמן |
| פרידמאַן ישעיהו | אָקסענהאָרן חנה |

## אין בעלגיע

| | |
|---|---|
| מאָרגענשטערן ישעיהו | מאָרגענשטערן־בלאָשטיין מאַשע |

## מיט לאָשיצער אין באָליוויע

בעת מיינע פּיליאָריקע רייזעס איבער אייראָפּע און אַמעריקע, האָב איך אומעטום געטראָפן לאָשיצער. געטראָפן, אָפטמאָל גאַנץ צופעליק, אומדערוואַרט, און זיך דערפרייט, זיך אַרומגעכאַפּט, ווי מיט אייגענע, נאָענטע.

ווען איך בין אָנגעקומען האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה קיין באָליוויע, אַ פאַרוואָרפן צוריקגעשטאַנען לאַנד אין די אַנדן־בערג פון דרום־אַמעריקע, האָב איך זיך באמת נישט געריכט, אַז אויך דאָרט וועל איך טרעפן לאַנדסלייט. און איך האָב געטראָפן. אויך אַהין זענען פאַרוואָגלט געוואָרן לאָשיצער יידן.

דער אַמערסטן באַווינטער טייל פון באָליוויע ליגט הויך אין די בערג. שטעט און דערפער געפינען זיך פיר־פינף טויזנט מעטער איבערן ים־פלאַך —

די לופט איז שיטער, שווער צו אָטעמען און די קעלט דאָקוטשעט, טראָץ דער נאָענטקייט פונעם עקוואַטאָר.

קאָטשאַבאַמבאַ איז די צווייט־גרעסטע שטאָט פון באָליוויע און ליגט נישט העכער ווי צוויי און אַ האַלבן קילאָמעטער איבערן ים־פלאַך. איז דאָרט אייביקער פרילינג, שטענדיק בליט, אָן אויפהער צוויטשערן די פייגל און די לופט איז מחיהדיק פריש. איך בין געקומען אַהין אין זשורנאַליסטישער שליחות, פאַרשן, באַשרייבן. אַ קליינע יונגע יידישע קהילה איז דאָרט דעמלט געווען, — אַ פּאָר צענדליק משפחות. האָט מען אָנגעוויזן אויף צוויי פון די עלטסטע „קלאָפּערס״, וואַנדערנדיקע הענדלער, אין שטעטל, וואָס קענען אָמבעסטן די געשיכטע פון דער קהילה, „און דערציילן בכלל אינטערעסאַנטע מעשיות...״ — האָט מען צוגעגעבן. זיי האַנדלען בשותפות, אַ טאַטע און אַ זון און מען רופט אַזוי זייער „פירמע״ — „פּאַדרע־ע־איכאָ״, „פּאָטער־און־זון״ אין שפּאַניש.

אין שאָטן פון די פּראַכטפולע פּאַלמעס אין שטאָטישן פּאַרק פון קאָטשאַבאַמבאַ האָב איך זיי געטראָפן, אין אַ הייסן נאָכמיטאָג, זיצן אויף אַ באַנק, אַרומגערינגלט דורך אַ געזעמל יידן. דער פּאָטער — אַ געזונטער הויכער ייד פון אַ יאָר איבער־זעכציק, מיט אַן אָפּגעברענט שיטער־באַבערדלט פּנים, האָט געדרשנט פאַרן עולם. ער האָט פּונקט דערציילט ווי אַזוי ער איז געפאָרן פון „ראָסעי״ קיין אַמעריקע מיט אַ יאָר פערציק, צי פופציק צוריק. „פּלוצלונג איז אין מיטן ים געוואָרן אַ שפּאַלט אין שיף און וואַסער האָט גענומען רינען פון אַלע זייטן... האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעזעצט אויף גומענע רעדער אין וואַסער אריין, אַרום־און־אַרום דער שיף... און אַ גאַנצע נאַכט, ביי גרויסע פייערן, האָט מען פאַריכט די שיף, פאַרלאַטעט אַלע לעכער און מיר זענען איינגעזעסן און ווייטער געפאָרן...״ אויסהערנדיק נאָך אַ פּאָר אַזעלכע געשיכטעס, האָב איך זיך דערנענטערט און געפרעגט:

„פון וואַנען שטאַמט איר, ר׳ ייד?״

„פון פוילן״.

„פון וואַנען אין פוילן?״ — האָב איך ווייטער געפרעגט.

„לאָזט אָפּ, האַקט אים נישט איבער!״ — האָט זיך אָפּגערופן דער דערלעבן־זיצנדיקער זון, אַ ייד פון אַ יאָר עטלעכע־פערציק.

איך האָב אָבער נישט אָפּגעלאָזט.

„פון שעדלעצער געגנט... נו, איר ווייסט שוין?״ — האָט דער אַלטער צוגעוואָרפן מיט פאַרדרוס פאַר איבעררייסן אים די דערציילונג.

דערהערט דאָס, בין איך דאָך געוואָרן נאָך מער צודרינגלעך: „אָבער פון וואָס פאַר אַ שטאָט?!...״

מיט אומצופרידנקייט האָט ער מיר סוף־כל־סוף געענטפערט:

„פון לאָשיץ... ווייסט איר שוין?... זענט איר שוין צופרידן?...״

דערהערנדיק, אַז איך בין אַ לאַנדסמאַן, האָט דער אַלטער איבערגעריסן

אַלע מעשיות, אַוועקגעשטופּט דאָס געזעמל און מען האָט מיך מיט כבוד אַוועקגעזעצט אינמיטן, צווישן „פּאַדרע" און „איכאָ".

„אַזוי גאָר ?... דעם ציטעריקנס אַן אייניקל ? !" — האָבן זיך ביידע דערפרייט. זיי האָבן געקענט מיין טאַטן, די גאַנצע משפחה. זיך גענומען אויספרעגן אויף שטעטלדיקע, אויף קרובים און פריינט.

נאָר איך בין זיך מודה ומתודה : ווער זיי זענען פון לאָשיץ ווייס איך נישט... זיי האָבן מיר געזאָגט, געמשלט, אויסגערעכנט דעם גאַנצן יחוס, ערגעץ פון דער מעזריטשער גאַס, — נאָר איך האָב זיך עפּעס נישט פונאַנדערגעקליבן אינעם שלשלת־היוחסין, נישט פאַרצייכנט און — פאַרגעסן.

ווי אַזוי, און צוליב וואָס, זיי זענען פאַרוואַלגערט געוואָרן פון ניו־יאָרק, דורך בוענאָס־איירעס, קיין באַליוויע, צוויי מענער אַליין, אָן פאַמיליעס, — דאָס האָב איך אויך נישט געקאָנט דערגיין. און דאָס האָט מיר גראָד שטאַרק אינטערעסירט...

אָבער פון לאָשיץ האָבן זיי געשטאַמט, — מיט הויט און ביינער פון אונדזער שטעטל.

*

אין באַליוויאַנער נידערלאַנד, ווייט, פאַרוואָרפן, אין דער טראָפּיש־הייסער שטאָט סאַנטאַ־קרוז, האָב איך געטראָפן מיין געוועזענעם שכן און בן־גיל אריה מאַראַנצענבוים, משה איטשע־נאָטעס. געבוירענע אין איין טאָג, געלערנט ביי די זעלבע מלמדים, — האָט מען זיך דאָך דערפרייט. ער איז אריינגעוואָקסן אין דער סביבה פון די ברוין־הויטיקע באַליוויאַנער, האָט זיך פאַרבונדן מיט זיי געשעפטלעך און פערזענלעך ; אָפּגעריסן פון יידן, אָן יידיש לעבן, — זיצט ער און בענקט... דערמאָנט ער דאָס שטעטל, וואָס איז מער נישטאָ, וויינט נאָך פאַמיליע, וואָס איז אויסגעראָטן ביזן סוף און — מאַכט ווייטער געשעפטן, דערציענדיק אַ פאַרפרעמדטן דור, — מיט אַזאַ טרויער אין בליק און, מסתם, ווייטיק אין האַרצן, אַז עס כאַפּט אַזש אַרום אַ קעלט, אין דער הייסער באַליוויאַנער טראָפּיק...

*

אין דער הויפּטשטאָט לאַ־פּאַז האָב איך באַגעגנט ישראל מאַן, סראָלטשע האָט מען אים גערופן, אַ זון פון יאַנקל דעם געלן שניידער. אין לאָשיץ איז נישט ער און נישט זיין טאַטע געווען פון די געהויבענע בעלי־מלאכהס, — געלאַטעט, דוכט מיר, נאָר פאַר פּויערים. אָבער פאַר די אינדיאַנער און באַליוויע איז ער אַ גוטער שניידער און מיט לאָשיצער אַרבעטזאַמקייט האָט ער זיך שנעל איינגעאָרדנט. ער האָט געהאַט צוויי לאָשיצער חברים לעבן זיך — דעם שטריקנמאַכערס דוד „שאַמולעס" זין. צוויי יונגע בחורים. זיי זענען געקומען אין ווייטן באַליוויע גלייך פון לאָשיץ, אָן שפּראַך, אָן געלט, אָן באַקאַנטשאַפט, אָן אַ גאַנגבאַר פאַך. האָט מען זיי געעצהט נעמען אַ „פּעקל", אַ פּאַק סחורה, הייסט עס, אויף די

פלייצעס און גיין „קלאַפּן”, פּשוט, — קלאַפּן אין טירן פון אָרעמע פּויערים און פּאַרקויפן אויף ראַטעס. איז עס זיי שווער געווען. האָבן זיי זיך גענומען צום טאַטנס פּשוטן שטריק־רעדל. פאַרוואָס זאָל מען נישט מאַכן אין באָליוויע קיין שטריק, וואָס מען מוז ברענגען אַזש פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין צפון־אַמעריקע? און זיי האָבן באַשלאָסן נעמען קאָנקורירן מיט די גרויסע אימפּאָר־טערן פון „יענקי”־לאַנד. און דאָס רעדל — איר געדענקט עס דאָרט פון הויף אין דער טיף, הינטער אַנטשעליכען? — האָט זיך גענומען דרייען און געשמאַק זיך אַ דריי געטאָן, אין ווייטן לאַ־פּאַז.

*

ווען איך בין אַ צייט שפּעטער געווען מיטרעדאַקטאָר פון אַ טאָג־צייטונג אין מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי, האָט מיר דער באָליוויאַנער קאָרעספּאָנדענט איינמאָל געשריבן ווערטלעך: „אייער לאַנדסמאַן (דאָ איז געקומען אַ נאָמען פון איינעם פון אונדזערע לאָשיצער דאָרט) מאַכט מיר אומטויט אייך צו שרייבן — ער האָט זיך, זאָגט ער, ברוך־השם, נישקשהדיק אַרויפגעאַרבעט, בעט אייך דורכויס אים שיקן אַ כלה, ער פאַרלאָזט זיך אויף אייך, אייער מבינות — טוט עס, למען השם, אַניט, טענהט ער, וועט ער פאַרבלייבן אַן אייביקער אַלטער בחור...”

איך האָב זיך מיט אַ סך זאַכן פאַרנומען אין מיין לעבן, — נאָר קיין שדכן קיינמאָל נישט געווען...

מ ר ד כ י  ש נ ע ר

## און אין פּוילן...

אין פּוילן זענען קיין לאָשיצער כמעט נישט פאַרבליבן. צוויי לאָשיצער פאַמיליעס ווינען אין וואַרשע: קאַרשנשטיין הערשל און קאַרשנשטיין־גאָלד־פאַרב דאָבע, און גראָסמאַן משה.

אין לאָשיץ גופא איז מער קיין איין ייד נישטאָ...

*

זייענדיק, זומער 1959, אויף אַ רייזע אין פּוילן, האָבן מיר באַשלאָסן צו באַזוכן אונדזער געבורטס־שטעטל.

דערנענטערנדיק זיך מיטן אויטאָ קיין לאָשיץ, האָבן אונדזערע הערצער גענומען האַסטיקער קלאַפּן, עס האָבן אונדז אַרומגענומען פאַרשטענדלעכע געפילן. ווען דער אויטאָ איז אריינגעפאָרן אין שטעטל, האָבן מיר נישט געקאָנט אַרויס־רעדן קיין וואָרט, מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט און גלייכצייטיק זיך צעוויינט...

מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט אַרום מאַרק. אָט זענען די זעלבע הייזער, די הילצערנע ווי די געמויערטע, די זעלבע געוועלבלעך... אָבער אַ ווייטיק שרייט אַרויס פון אונדז: ווו זענען אונדזערע יידן פון די געוועלבער? ווו זענען די יידישע קינדערלעך, וואָס פלעגן אָנפילן מיט רעש דעם מאַרק־פּלאַץ אין אַזעלכע זומער־טעג?!...

מיר האָבן פּאַמעלעך, שווייגנדיק, גענומען גיין איבערן שטעטל. פון זלמן מינצס מויער ביז מענדל־העניעס הויז אין מאַרק. דאָ האָבן מיר זיך אריינגעדרייט אין דער מעזריטשער גאַס. מיר האָבן געציטערט דורכגייענדיק דעם ליידיקן פּלאַץ, ווו ס'זענען אַמאָל געשטאַנען דער גרויסער בית־מדרש און די שיל.

אַ ווייטיק האָט אונדז געשטיקט אין האַרץ און אין האַלדז. מיר האָבן געוואָלט אַנטלויפן... אָבער מיר זענען נישט אַוועק פון שטעטל, איידער מיר זענען דורכגעגאַנגען אַלע געסלעך — די ביאַלער גאַס, די נאָטעוויזנע, די שוויניאַראָווער. אומעטום די זעלבע הייזער, נאָר מיט אַנדערע מענטשן — וואָס באַנוצן דאָס ·מעבל פון די פאַרגאַזטע אין טרעבלינקע, שלאָפן אין זייערע בעטן... דורכן טויטן־געסל זענען מיר אַרויסגעקומען צום בית־עולם. דאָ וואַלגערן זיך נאָך שטיקער מצבות ; ביי די געשענדעטע קברים פון אונדזערע זיידעס ליגן צעבראָכענע שטיקער שטיינער מיט האַלבע נעמען... דער ב״ת־עלמין איז נישט אַרומגעצוימט, בהמות קומען אויספּרעסן דאָס גראָז און פאַרומרייניקן מיט זייער מיסט דאָס אָרט, וואָס איז פאַר יעדן פון אונדז געווען אַזוי הייליק און ווו אונדזערע מאַמעס האָבן פאַרגאָסן אַזויפיל טרערן.

שווער איבערצוגעבן אונדזערע געפילן און ווייטיק.

מען האָט אונדז מאַסנווייז אַרומגערינגלט ; באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פּאָליאַקן האָבן צו אונדז גערעדט, דערציילט, אָבער מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט הערן — אין אונדזערע אויערן האָבן זיך געטראָגן אנדערע קלאַנגען, די לעצטע וויי־געשרייען פון די, וועלכע מען האָט פון דאַנען, פון מאַרק, געטריבן אויף זייער לעצטן טראַגישן וועג...

דאָס שטעטל זעט אויס אָרעם. פיל הייזער זענען איינגעפאַלן. מיר האָבן וועגן גאָרנישט געפרעגט... מיר זענען פון לאָשיץ אַוועקגעפאָרן גלייך קיין טרעבלינקע, ווו עס האָט זיך געענדיקט דער וועג פון די לאָשיצער יידן. דאָרט האָבן מיר, אויפן טויט־פּלאַץ, געלייגט בלומען לזכר אַלע קדושים פון לאָשיץ, וואָס זענען דאָ אומגעבראַכט געוואָרן, — אין נאָמען פון אַלע לעבנגעבליבענע לאָשיצער, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

רויזקע און חיים־איצל גאָלדשטיין

# אין אייגענעם לאנד

## יוצאי לושיץ בישראל

במדינת ישראל חיים כיום כ־160 משפחות מבני עירנו, העומדות בקשרים עם „ארגון יוצאי לושיץ".

לפני קום המדינה ישבו בארץ 32 משפחות, שעלו מלושיץ. לאחר מלחמת העולם השניה ותקומתה של מדינת ישראל, עלו ארצה 95 משפחות מבני עירנו, שנחלצו



דער קאָמיטעט פון די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ישראל צוזאַמען מיט די ישראלדיקע רעדאַקציע־מיטגלידער פון יזכור־בוך, תל־אביב, 1961. פון רעכטס צו לינקס: זיצן — יוסף בן־יעקב (יאָסטזשאָמב), רחל האָכמאַן־פּאַסטערנאַק, מרדכי שנער (שינקאַרזש), דוד רוזאל, בעלטשע גאָלדבאַנד־שמולעוויטש, מנחם רוזאַל; שטייען — יצחק אָקסענהאָרן, אברהם ליבערמאַן, חנה האָכמאַן־ווייסגראָז, שמואל לאנדוי

בנס מצפורני הדורסים הנאציים. בשנים האחרונות באו למדינת ישראל כ־30 משפחות נוספות מיוצאי לושיץ.

רבים מבני עירנו השתתפו במלחמת העצמאות של מדינת ישראל ושלושה מבנינו נפלו מות־גיבורים בשדה־הקרב.

משפחות ספורות ואנשים בודדים סללו את הדרך מעיירתנו לארץ ולמדינת־היהודים הנכספת, וכמה נוקב הכאב שרק כה מעטים הלכו בעקבותיהם.

המערכת

# די לאַשיצער לאַנדסלייט אין ישראל

אין מדינת ישראל געפינען זיך ביי אַ 160 משפחות אָפּשטאַמיקע פון לאַשיץ, וואָס שטייען אין פאַרבינדונג מיט אונדזער לאַנדסלייט־פאַריין.

פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל 32 משפחות לאַשיצער. גלייך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל זענען געקומען אין לאַנד אַריין 95 משפחות לאַשיצער לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך על־פּי־נס געראַטעוועט פון די מערדערישע נאַצישע נעגל. אין די לעצטע יאָרן זענען אָנגעקומען אין לאַנד אַריין נאָך אַ 30 פאַמיליעס פון לאַשיצער לאַנדסלייט.



די פאָרשטייער פון לאַשיצער לאַנדסלייט־פאַרבאַנד אויפן וועלט־קאָנגרעס פון פּוילישע יידן אין ישראל. אויבן: ביים מדינה־פּרעזידענט יצחק בן־צבי (ערשטער ־עכטס), צוזאַמען מיט אַנדערע דעלעגאַטן — דוד רוזאל (צווייטער פון לינקס); אונטן: דוד רוזאַל און אברהם ליבערמאַן (פינפטער און זעקסטער פון לינקס) צוזאַמען מיט אַלע דעלעגאַטן פון דער פּאָדלאַסיע־געגנט

פיל פון די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל האָבן אָנטיילגענומען אין דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה פון ישראל. דריי זין פון לאָשיץ זענען דאָ העלדיש געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד.

עטלעכע לאָשיצער משפחות און יחידים האָבן געוויזן דעם וועג פון שטעטל צום אייגענעם, אויסגעטרוימטן, יידישן לאַנד און נאָר אַ שאָד און ווייטיק, וואָס אַזוי ווייניק האָבן נאָכגעטאָן זייער ביישפיל, ראַטעווענדיק אין דער צייט, זייער לעבן און צוטראָגנדיק אַ ציגל צום היסטאָרישן בוי פון דער יידישער מדינה.

רעדאַקציע

## בני לושיץ שנפלו במלחמת העצמאות

בחרדת קודש וברגשת לב, נעלה זכרם של יוצאי קהילתנו, אשר הקריבו חייהם למען האדרת עם ישראל ועצמאותו במולדתו ההיסטורית. שמם ופעלם צרורים לנצח בלבבות כולנו.

### מתתיהו מנדלבוים

מתתיהו מנדלבוים, או כפי שקראו לו בלושיץ „מאַטעס מאַנדעלבוים", בנו של „איטשעלע דער באָבעס", היה פעיל בתנועה הציונית־סוציאליסטית כבר בגיל צעיר מאוד ואהוב על כל הדור הצעיר בעיר.

בספר „יזכור... פרשיות חייהם ומותם של הנופלים במלחמת־הקוממיות בישראל", בהוצאת ממשלת ישראל — נפלה טעות בנוגע למקום הולדתו. נאמר עליו:



„בן יצחק ורבקה. נולד בשנת 1909. למד בבית־ספר עממי. היה לסנדלר ומצא את הדרך אל התנועה החלוצית. הצטרף ל,פרייהייט' והיה בהכשרת ,תל־חי'. ב־15.7.1933 עלה לארץ. חבר רמת־הכובש".

„ב־9.6.1948 — — — הופגזה רמת־הכובש קשה. אחד הפגזים התפוצץ באמצע המחנה והרסיסים פגעו בו ונפל חלל ב־9.6.48. הובא למנוחת־עולמים בבית־הקברות ברמת־הכובש. השאיר אחריו אשה ושני ילדים".

ברשימת המזכירות של קיבוץ רמת־הכובש נאמר:

„נפל ונעקר אבר חי מגופה של רמת־הכובש. אלון חסון מגופה של ביתנו.

„בארץ — איש העבודה והגנה, איש אֲשר סימל את מיטב התכונות של חלוציות עממית. כוננות בכל שעה, פשטות עילאית.

„בן 39 היה במותו. הניח אחריו אשה ושני ילדים (ילד בן 8 וילדה בת 3). 15 שנה בארץ ובקיבוץ רמת־הכובש.

„מתתיהו מנדלבוים נולד בשנת 1909 בלושיץ, פולין. איש העבודה והעמל משחר ילדותו. מבני העם אשר התנועה החלוצית בתנופתה העלתה מהשכבה העמלנית לגובה של בוני משק וקיבוץ וחיי התישבות, והעניקה להם עולם חדש של מושגים.

„אין מלים בכדי לתת ביטוי לכאב העמוק באבדנו חברים יקרים ונאמנים למפעלנו ולחיים המשותפים. החברים אשר עברו אתו כברת דרך ארוכה יחד בקיבוץ ובארץ יזכרו את מתתיהו לעד.

„עם האדמה הזאת אשר לא תישמט מידנו לעד — יאצר זכרו".

## שמחה קמינר

שמחה קמינר היה בן אחת המשפחות המכובדות בלושיץ. אביו ר' מרדכי־קלמן היה במשך שנים רבות פרנס־הקהל, איש חסיד ותלמיד־חכם.



על דמותו ומידותיו של שמחה קמינר נאמר בספר „יזכור" כלהלן:

„בן מרדכי וברכה. נולד ב־10.5.1922. למד בבית־ספר חרדי ובאביב תרצ"ה עלה עם הוריו ארצה. בעודו נער, מתו עליו אביו ואמו. יצא לעבודה במסגרות והצטרף לתנועת „הנוער העו־בד' וזמן־מה עבד בקיבוץ. נטה שכמו לסבול בשקט ובענוה, והיה נכון לכל משימה. לשם מילוי חובה חלוצית עבד שנים אחדות במפעל האשלג בסדום שבדרום ים־המלח ורק לעתים רחוקות בא העירה למנוחה קצרה. באַפריל 1945 התנדב לבריגדה העברית. לא הספיק להשתתף במלחמותיה, אלא בפעולותיה למען שארית־הפליטה באר־צות מערב־אירופה. משחזר לארץ הס־תדר בתל־אביב והוסיף לשרת ב„הגנה", במסעות, באימונים, בסיורים ובהקמת נקודות־ישוב בנגב, בהעלאת מעפילים מהאניות וכו'.

„בחורף תש"ח התיצב לשירות המולדת. עבר קורס מ"כים וקורס צלפים

והשתתף בליווי שיירות לירושלים ובהרבה קרבות באזור לטרון ובכל הדרך לירושלים, אך מרוב ענווה לא סיפר עליהם דבר. באחרונה נלחם בנגב ועל סף הפוגה ב׳ נפל בקרב על בית־עפה ביום 18.7.1948. הועבר לבית הקברות בנחלת־יצחק ב־23.1.1951״.

## דוד זלוטוגורה (הר־זהב)

בנם של יהושע־משה ומרים־זיסל זלוטוגורה מלושיץ, נולד בשנת 1926, עלה עם הוריו ארצה בשנת 1934.

וכך מועלית דמותו בספר „יזכור״:

— — — „עלה ארצה באוקטובר 1934. חונך חינוך מסורתי. למד ב,ישיבה׳ בירושלים ואחר־כך ב,היכל התלמוד׳ בתל־אביב. בגיל 14—15 נתפס להשקפות חילוניות, הצטרף ל,הנוער העובד׳. — — — בן 16 התגייס לנוטרות, פוטר בגלל גילו הרך והצטרף לפלמ״ח. אגב שירותו בפלמ״ח הכיר את חיי הקבוצה והצטרף לקבוצת ,שדמה׳. ב־1945 שירת בבריגדה העברית.

— — — „עם פרוץ מלחמת־השחרור מיהר להגנת פרברי תל־אביב. השתתף בהקמת ביצורים ועמדות ובקרבות שבסביבת בית־החרושת „חלזון״. הועבר אחר־כך לירושלים, וגם שם השתתף בקרבות רבים בסביבתה. ניחן בחוש של ביקורת והומור. תכונות אלו עמדו לו בכל השעות הקשות ועזרו גם להרמת רוחם של חבריו. מוריו ומיודעיו הוקירו את כשרונותיו, עליזותו וטוב־לבו. תמיד היה מוכן לעזור לזולת ושנא עוול ומרמה. הצטיין ברגש אחריות. גדולה היתה השפעתו על חבריו והוא לא נרתע מכל תפקיד שהוטל עליו. מפקדיו העריכוהו בגלל קור־רוחו ואומץ־לבו ברגעים קשים. נשלח לקורס קצינים לאחר שהכירו בו כשרון פיקודי ושליטה ברוחו במצבים הקשים שבקרב. אך לא הספיק לסיים את הקורס, כי בשעת מחסור בכוחות נקראו לומדי הקורס להגנת ירושלים. נפל בקרב הקשה של בית־ג׳אלה, כאשר חיפה על התקדמות חבריו, ביום 19.10.1948. נקבר בשייך־באדר א׳. ב־30.8.1950 הועבר למנוחת־עולמים להר־הרצל בירושלים״.

## אחי דוד

בת שבע הייתי בהוולד דוד אחי. אמי היתה טרודה בעבודתה בחנות ועלי, הילדה הצעירה, הוטל לפקח על הפעוט. ואני זוכרת שהתפללתי בלבי: הלואי ויגדל אזי לא אצטרך עוד לשמור עליו.

כשהיה דוד בן שמונה, עלינו ארצה. אבא שלח אותו לבי״ס דתי והוא נכנס לכיתה ד׳, אך לא הסתגל לבית־ספר זה. הוא עלה בהרבה בידיעותיו


דוד זלוטוגורה

וכושרו השכלי על הילדים בני גילו, ולכן השתעמם בביה"ס ולא מצא ענין בלימודים. במקום זה השתובב ו„הפך עולמות". הורי החליטו אז לשלחו לירו־שלים, להמשיך שם בלימודי קודש. סבתי התגוררה בירושלים ויכלה להש־גיח על הילד. וכך למד דוד בירושלים עד גיל 14. הוא גידל פאות ארוכות, לבש את לבוש הילדים במאה־שערים והיה כאחד מהם.

בהיותו בן 14 נשלח עם קבוצה של נערים ללמוד תורה ב„היכל התל־מוד", ישיבה חדשה, שנבנתה אז בתל־אביב. באותו זמן התחיל לקרוא גם ספרות „חיצונית", הושפע ממנה והש־קפות עולם אחרות מאלה שהסכין להן במשך ימי ילדותו עוררו בו ספקות לגבי האמונות והדעות שנטעו בו מוריו ומחנכיו. הוא החליט אז לפרוש מן הישיבה, הצטרף ל„נוער־העובד" והתחיל לעבוד בבית־חרושת. היה זה בתקופת מלחמת העולם השניה. דוד החליט להתגייס. עדיין צעיר היה ובכל זאת הצליח להתקבל כנוטר ונשלח לשמור בשדה־תעופה בסביבת חיפה. אך כעבור חדשים מספר נתגלה גילו האמיתי והוא נשלח הביתה. אולם דוד לא נח ולא שקט ושאף למצוא לעצמו מסגרת חיים נאותה לו. ואז הצטרף לקבוצת נוער־עובד, שיצאה להכשרה במשק גנוסר.

שנת ההכשרה בגנוסר היתה השנה המאושרת בחייו. משם נשלחה הקבוצה כקבוצת פלמ"ח ליגור. מעתה היה העיקר האימונים והכוננות לקראת העתיד.

אח"כ התגייס לבריגדה, נשלח למצרים ואח"כ לאיטליה. עם גמר המלחמה שמח להיפגש עם אחים ניצולים מהגהינום הנאצי. היה חדור רוח אידיאליזם והקרבה עצמית, וסבל מאוד כאשר נתקל ביהודים אשר כל מעייניהם נתונים במסחר ורוכלות. כשחזר מאירופה סיפר לי: „כאשר יצאתי מן המחנה, שמחתי לפגוש את היהודי הראשון, אך הלה שאל אותי מיד: ,יש לך משהו למכור?' נפגעתי קשה וכמעט סטרתי לו, אך מיד זכרתי את כל אשר עבר עליהם וכי לא רק בגופם בלבד הם נפגעו". הוא שמח לעזור לכל אחד ובכל זמן. היה בז לכסף ולרכוש. „אני יכול להסתפק במה שיש לי", היה רגיל לומר, „אינני מקנא באלה שעושים כסף".

בשנת 1946 חזר ארצה, לחיים האזרחיים. ביקשנו ממנו שיפנה ללימודים, כי היה בעל כשרונות. אך הוא עמד על דעתו שהעבודה היא אידיאל בשבילו, והחליט ללמוד מקצוע. קנה לו כלים והתחיל ללמוד נגרות. עד מהרה נוכח כי

אינו מתאים למקצוע זה, עבר לטופסנות והצטיין בעבודה זו, ועד מהרה השיג סוג א׳א׳. העבודה היתה קשה, מפרכת, אך הוא שמח בחלקו. הוא בנה, הוא „יצר״. „לעולם לא אוכל להיות קבלן״ — היה נוהג לומר. „מדוע?״ — שאלתיו. „אני חושב שאינני מסוגל לעסקים״.

בזמנו הפנוי מעבודה קרא הרבה. התעמק בספרי פילוסופיה, ולעתים היה מתווכח אתי. הוא ביקש תכלית לחיים, תהה לנתיבות עולם וערג אל היפה, הנשגב והמושלם. החיים היו כחידה בעיניו.

עם הכרזת המדינה התייצב מיד לשורות ה„הגנה״, ומונה כאחראי לעמדה במזרח תל־אביב. הוא אמר לאמא: „אנחנו לא מחכים שיקראו לנו, אנו למעשה מגויסים תמיד״. פעם סיפר לי על ההתקפה על כפר סלמה, „הם תפסו ששה חברה וחתכו אותם לגזרים״. כנראה מוכרח היה להשיח את לבו. „גם אתה צריך להיות שם?״ — התקוממתי. „שתקי״, פקד עלי, „אַל תספרי לאמא״.

כעבור זמן מה נשלח לירושלים. שם גויס כשוטר בריטי. צריך היה לסייע להעביר נשק לעמדות. עם תום המנדט פוטר יחד עם אחרים מן המשטרה והצטרף להגנת ירושלים. הוא לחם בצפון ירושלים, מול שיך ג׳ארח, בתי מנדלבוים וכו׳. הצטיין ברוחו העשויה ללא חת והשפיע מרוחו זו על חבריו לקרב. וכה סיפר לנו מפקדו:

„באחת העמדות נפצע קשה אחד הבחורים. הבחור היה מניצולי הגיטאות ויחיד ממשפחתו שנשאר בחיים. חייו היו נתונים בסכנה והיה צורך דחוף להעביר אותו מיד לבית־חולים לשם ניתוח. אך כיצד להוציאו מן העמדה כאשר מטר כדורים ופגזים מתפוצץ ללא הרף? אי־אפשר היה לצאת אף לרגע מן העמדה, ואף לא להזמין אמבולנס לכאן. ,אמא׳ — זעק הבחור — ,הצילוני, אני רוצה לחיות׳. דוד העמיס את הבחור על גבו וזחל עמו תחת מטר כדורים עד שהוציאו מאזור הסכנה. זעה ניגרה מפניו והוא נשם ונשף בשארית כוחותיו, אך הגיע למטרה״. ומפקדו הוסיף: „הוא היה תלמיד־חכם — הוא היה אדם בלתי רגיל״.

בזמן ההפוגה הראשונה בא דוד לחופשה קצרה לתל־אביב. הוא היה אז בן 22, במיטב עלומיו. סיפר בהתלהבות על הקרבות ועל הכיבושים בירושלים. רוחו היתה טובה עליו, והיה עליז. כאשר חזר לירושלים נשלח לעמדות הדרומיות בתלפיות. הם היו שם כמעט מנותקים מן העיר. היה קשה להביא מזון. דוד נזכר בנסיון הטבחות שלו ובישל בשביל חבריו לנשק. אך עסק שם, כמובן, לא רק בבישול... „ביצרתי עמדה״ — סיפר אחר כך, — „הפיאטים קולעים למטרה. הם הרסו כמעט את כל העמדות שלנו ופצעו והרגו בחורים בתוכן. אך העמדה שלי החזיקה מעמד והם לא יכלו לה״. כאשר בא קצין המטה לבקר את העמדות שאל: „מי הוא המהנדס שבנה עמדה זו?״ „נו, הרי עבדתי פעם בטופסנות״ — אמר דוד — „וחוץ מזה, נחוץ ,ראש׳״. כן מילא בהצלחה תפקיד של חבלן, ורצה ללכת לקורס לחבלנות. „זה כמו משחק בשח״ — אמר.

ביקשו למנותו כאפסנאי ראשי באזור ירושלים, אך הוא סירב. „זה לא בשבילי, מקומי בחזית". בחופשתו האחרונה בסוף הקיץ היה נסער ושבע־קרבות. הוא סיפר על הבחורים שנפצעו. „זה נורא" — אמר — „אינני רוצה להיפצע. אם צריך לקרות לי משהו מוטב שאמות מיד". ניבא ולא ידע מה ניבא. אלו היו דבריו האחרונים אלי. נבהלתי. „תהיה בריא!" — צעקתי אחריו, כאשר ירד מן המדרגות. הוא נעצר והצטחק אלי. בטחון מופלא נבע מכל ישותו. גם חבריו אמרו כך. הוא היה מלא חיים. לא האמין שעלול לקרות לו משהו. כאשר חזר לירושלים אחרי חופשתו האחרונה, בסוף קיץ תש"ח, צורף לקורס של מ"כים, אך מיד עם התחלת הקורס הצטנן ולפי הנוהג — חייל שנעדר 48 שעות הוצא מן הקורס. דוד הפך עולמות, הוא לא רצה להפסיד את הקורס. הוא יצא קודח מבית־החולים והצטרף לקורס. בחול המועד סוכות נשלחו משתתפיו לפעולה. היה עליהם לכבוש את העמדות מדרום לירושלים ולהצטרף לכובשים בנגב. „כאשר בא משה דיין (אז מפקד ירושלים) ודיבר אלינו על המשימה" — סיפרו לי כמה בחורים מהגדוד — „לא קיבלנו שליחות זו ברצון. אנו שבענו קרבות, רוב חברינו נהרגו, עתה באנו לקורס ללמוד. דוד קם ואמר: ,אם אנחנו לא נלך — מי ילך?' הוא הלהיב את חבריו והשפעתו היתה עצומה. יצאנו ברצון לקרב. רוחו של דוד היתה טובה עליו. הוא היה המקלען. כ־12 שעות לפני הקרב חל בו איזה שינוי. כאילו ניבא לו לבו רעות, והיה עצוב ועצבני. בליל י"ז בתשרי התקפנו את בית ג'לה. דוד קיבל פקודה לעזוב את החפירה. הוא התרומם עם המקלע, קיבל צרור בראש ונפל בלי רוח חיים". בקשתו נתמלאה, הוא לא סבל יסורים. המות בא כחתף.

כשבוע ימים אחרי זה קיבלתי הודעה מהדואר על מכתב רשום. ניגשתי למשרד הדואר. הפקיד מסר לי מעטפה קטנה ובה פתק קטן ועליו כתוב במכונת כתיבה: „אנו מצטערים להודיע כי דוד הר־זהב נפל בקרב על בית ג'לה ביום 19.10.48".

מרגלית אַפל

## לאַשיצער אין דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה פון ישראל

פיל לאַשיצער לאַנדסלייט האָבן אָנטיילגענומען אין די היסטאָרישע אומאָפּ־הענגיקייט־קאַמפן פון מדינת־ישראל, אין יאָר 1948.

דריי פון די קעמפער, זין פון לאַשיץ, זענען געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט, אָפּגעבנדיק זייערע יונגע לעבנס פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער ידישער מדינה.

די דאָזיקע דריי העלדן זענען:

מתתיהו מאַנדעלבוים, געבוירן אין 1909 אין לאַשיץ, אַ זון פון „איטשעלע דער באָבעס". געווען אַ טוער פון דער „יוגנט־פרייהייט" אין לאַשיץ. עולה געווען אין 1933 און געוואָרן אַ חבר אין קיבוץ רמת־הכובש. בעת די אַראַבער האָבן באַשאָסן דעם קיבוץ, דעם 9.6.1948, איז ער געטראָפן געוואָרן דורך אַ האַרמאַטן־קויל און געפאַלן אויפן אָרט.

ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. די אָנפירונג פון זיין קיבוץ שרייבט וועגן אים: „עס איז אויסגעריסן געוואָרן אַ לעבעדיקער אבר פון גוף פון רמת־הכובש. — — — אַ מענטש פון אַרבעט און הגנה, וואָס האָט סימבאָליזירט די בעסטע אייגנשאַפטן פון פאָלקסטימלעכן חלוציזם".

שמחה קאַמינער, מרדכי־קלמנס אַ זון געבוירן אין 1922. געקומען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט די עלטערן, אין יאָר 1935. געווען טעטיק אין דער באַוועגונג „הנוער העובד", געאַרבעט אין אַ קיבוץ, אין דער פּאָספּאַטן־אונטערנעמונג אין סדום. אין 1945 זיך אַנגאַזשירט פרייוויליק אין דער יידישער בריגאַדע פון דער ענגלישער אַרמיי און געשיקט געוואָרן קיין מערב־אייראָפּע, ווו ער האָט פיל געטאָן פאַר דער שארית־הפליטה. צוריקקומענדיק קיין א"י, נאָכן וואָפנשטילשטאַנד, איז ער אריין אין דער „הגנה". ביים אויסברוך פון דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה האָט ער אָנטיילגענומען אין פיל קאַמפן, ספּעציעל אויפן וועג קיין ירושלים, צום סוף געקעמפט אין די רייען פון דער יידישער אַרמיי אין נגב, ווו ער איז געפאַלן, ביי בית־עפה, דעם 18.7.1948.

אין ספר „יזכור", וואָס די ישראל־רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן וועגן אַלע געפאַלענע אין די אומאָפּהענגיקייט־קאַמפן, ווערט געזאָגט וועגן אים: „ער האָט אונטערגעשטעלט אַן אַקסל צו ליידן רואיק און מיט ענוות, און איז גרייט געווען צו דערפילן יעדע אויפגאַבע".

דוד הר־זהב, אַ זון פון יהושע־משה און מרים־זיסל זלאָטאָגורע פון לאָשיץ. געבוירן אין 1926 און געקומען קיין א"י צוזאַמען מיט די עלטערן, אין 1934. געלערנט אין חדר און ישיבות אין ירושלים און תל־אביב. שפּעטער אַוועק צו „הנוער העובד". בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געדינט פרייוויליק אין דער „יידישער בריגאַדע" און זיך באַטייליקט אין פיל שלאַכטן. ביים אויסברוך פון דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה, אין 1948, איז ער גלייך אריין אין די באַוואָפנטע, קעמפנדיקע „הגנה"־רייען. אָנטיילגענומען אין קאַמפן ביי תל־אביב, דערנאָך אין ירושלים. אַרויסגעוויזן גרויסע אָנפירונג־פעיקייטן און געשיקט געוואָרן אויף אַן אָפיצירן־קורס. ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דעם קורס, ווייל אַלע זיינע אָנטיילנעמער האָבן געמוזט געשיקט ווערן צו פאַרטיידיקן ירושלים, ווו ס'זענען אויסגעבראָכן שאַרפע קאַמפן. בעתן שווערן קאַמף ביי בית־ג'אלה איז ער געפאַלן דעם 19.10.1948, פאַרטיידיקנדיק די הויפּטשטאָט פון אונדזער יונגער מדינה.

# דוד רוזאַל

אויף די יערלעכע אזכרות און צונויפטרעפן פון די לאָשיצער אין ישראל איז אָנגענומען נישט צו אַפּלאָדירן די רעדנער; מען נעמט אויף יעדנס ווערטער מיט ערנסטן שטילשווייגן, ווי עס פּאַדערט דער מאָמענט פון מתייחד זיין זיך מיטן אָנדענק פון די קדושים. אָבער אָט איז געשען אַן אויסנאַם: ווען יוסף בן־יעקב האָט געמאָלדן, אַז דער ועד פון לאַנדסלייט־פאַרבאַנד האָט באַשלאָסן צו פאַרשרייבן דוד רוזאַל אין „גאָלדענעם בוך" פון קרן־קיימת־לישראל, איז




די צייגניש פון איינשרייבן דוד רוזאל אין „גאָלדענעם בוך" פון קרן־קיימת־לישראל

אויסגעבראָכן אַ ספּאָנטאַנע שטורמישע אָוואַציע. אַזוי איז אויסגעדריקט געוואָרן די אָנערקענונג פון די לעבנגעבליבענע לאָשיצער פאַר דעם — ווי עס זאָגט זיך אין דער צייגניש פון „ספר הזהב" — „גרינדער און פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד פון לאָשיצער לאַנדסלייט". און עס זאָגט זיך מיט רעכט, אין דאָזיקן דאָקומענט, אַז ער איז פאַרשריבן געוואָרן לדורות „אַלס אָנערקענונג פאַר זיין איבערגעגעבענער טעטיקייט צו אָרגאַניזירן די שארית־הפליטה פון דער קהילה אין ישראל און אין די תפוצות און זיין הילף אין דער אַבסאָרבציע פון די נייע עולים, וואָס קומען אין לאַנד אַריין".

*

נישטאָ אויף דער וועלט, בוכשטעבלעך, קיין איין אָפּשטאַמיקער פון לאָשיץ, וועלכער זאָל נישט קענען דעם נאָמען און אַדרעס: דוד רוזאַל, באָראָכאָוו־גאַס 15, תל־אביב. עס איז זיכער נישטאָ קיין איין לאָשיצער ייד אויף דער וועלט, — מעג ער אפילו נישט וועלן האָבן קיין שום מגע־ומשא מיט אונדז, זיינע לאַנדסלייט, — וועלכער זאָל נישט האָבן אַמאָל דערהאַלטן אַ בריוו פון דוד רוזאַל. דער דאָזיקער בריוו האָט טאַקע שטענדיק אויפריכטיקע ווערטער פון אינטערעסירן זיך מיט געזונט, מיט פאַמיליע, — אָבער זעלטן בלויז דאָס. דוד דערמאָנט שטענדיק וועגן עפּעס, וואָס איז פאַרבונדן מיט לאָשיץ, שטענדיק וועקט ער צו עפּעס, שטענדיק פאַרבינדט ער מיט עמעצן פון די שטאָטישע, שטענדיק זוכט ער עפּעס אַ לעבנגעבליבענעם. און יעדער ניי־אָפּגעפונענער לאַנדסמאַן איז ביי אים ווי אַ געפונענער לעבעדיקער גליד פון זיין משפּחה.

ווי זיין טאַטע יידל־שרהקעס אַמאָל, אין שטעטל, האָט שטענדיק געקלערט וועגן „לינת־הצדק״, וועגן „הכנסת־כלה״, זאָרגט דאָ דער זון — אין אַ ברייטערן פאַרנעם, ווי צו שאַפן אַ הלוואה פאַר אַ לאַנדסמאַן, ווי צו באַזאָרגן אַ לאָשיצער נייעם עולה מיט אַ שיכון. און ווען דאָס גיט זיך אים נישט איין, טראָץ זיין לויפן, טראָץ זיינע אינטערווענצן, איז — כאָטש אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט, אַ מיטגעפיל. ער טוט אַ פאַל אַריין צו יענעם אין שטוב, אינמיטן טאָג צי אין אָוונט, מיט אַ ברייטן שמייכל, מיט אַן אָנשטעקנדיקן געלעכטער — „ס'עט שוין גוט זיין...״ קאָן ער נישט קומען — איז דאָ זיינס אַ בריוו.

*

אָנגעהויבן זיין בילדונג האָט דוד, ווי אַלע דעמלט אין לאָשיץ, אין אַ חדר, שפּעטער אין אַ חדר־מתוקן און געווען אַ שילער אין דער ערשטער מאָדערנער יידישער שול אין לאָשיץ. שוין דעמלט טאַקע, אין שול־קלאַס, גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער אָנגעהויבן זיין ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, גרינדנדיק די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פּרחי־ציון״.

ער איז נישט געוואָרן קיין שניידער, ווי זיין טאַטע איז געווען, נאָר אויסגעלערנט זיך גאָר שטעפּעריי, ווייל טאַטע־מאַמע האָבן מסתם געמיינט, אַז אין שוסטערישן שטעטל וועט אַ לעדער־פאַך ברענגען מער ברכה, ווי די ירושהדיקע שניידער־מאַשין... אָבער דוד האָט יונג דערפילט, אַז די צוקונפט ליגט גאָר בכלל נישט אין שטעטל. ער האָט דערזען די ברייטע האָריזאָנטן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער יידישער יוגנט — אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליס־טישער באַוועגונג און זיך געוואָרפן אין איר מיט זיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען. יעדע ציוניסטישע אַקציע, יעדע אונטערנעמונג — אומעטום איז ער געווען צווישן די אָרגאַניזירער און טרעגער פון עול. דערביי האָט ער נישט פאַרנאַכלעסיקט די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון זיין פאַך — דווקא ער, דער טעטיקער, קעמפערישער ציוניסט, איז געוואָרן געוויילט אַלס פאָרזיצער פון דער שטעפּער־סעקציע אין קאָמוניסטיש־באַהערשטן לעדער־אַרבעטער־פאַריין. זייענדיק שפּעטער

אַ צייט אין קיעלץ מיט זיין קיבוץ אויף הכשרה, האָט ער אויך דאָרט נישט פאַרלאָזט די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט און איז געוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאריין פון די לעדער־אַרבעטער אין אַזאַ שטאָט ווי קיעלץ.

דוד רוזאל איז לאַנגע יאָרן געווען אין לאָשיץ דער קאָרעספּאָנדענט פון „שעדלעצער וואָכנבלאַט" ווו ער האָט יעדע וואָך באַלויכטן אַלע וויכטיקע געשעענישן אין שטעטל.

ער האָט אָרגאַניזירט, אין 1929, די „פרייהייט"־יוגנט אין לאָשיץ און האָט נישט באַגנוגנט זיך מיט רופן אַנדערע צו הכשרה און עליה, נאָר באַלד געוואָלט אַליין ווייזן אַ ביישפּיל און עולה זיין. ער האָט עס שוין געוואָלט טאָן אין אָנהויב 1933 און באַשטעטיקט געוואָרן דערצו דורך זיין קיבוץ, אָבער די צענטראַלע פון „פרייהייט" אין וואַרשע האָט אים פאַרהאַלטן ביי אַנדערהאַלבן יאָר, נישט קאָנענדיק אים באַפרייען פון זיין טעטיקייט אַלס מיטגליד פון לאַנד־ראַט אין פּוילן און פון ראַיאָן־קאָמיטעט אין פּאָדלאַסיע. ער האָט דאַן מיט דערפאָלג אָרגאַניזירט „פרייהייט"־סקויט־פּונקטן אין פיל ערטער פון פּוילן.

אין 1934 איז ער עולה געווען, און צוזאַמען מיט אונדזער לאנדסמאַנקע שיינדל וויינשטאָק, האָבן זיי אויפגעבויט זייער גאַסטפריינטלעכע היים אין תל־אביב.

דוד רוזאַל אַרבעט שוין לאַנגע יאָרן אין תל־אביבער עיריה, און איז גלייכ־צייטיק טעטיק אין זיין פּאַרטיי, אָפּט ביי פּאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן, — אָבער ער געפינט שטענדיק צייט פאַר די ענינים פון די לאַנדסלייט.

מיר זענען שטענדיק מערערע מענטשן אין קאָמיטעט פון אונדזער לאַנדסלייט־פאַרבאַנד אין ישראל, אָבער דוד איז שטענדיק ביי אַלץ דער לעבעדיקער נערוו, — אין קאָמיטעט, אין דער ליי־קאַסע, ווי ביים צוגרייטן דאָס דאָזיקע בוך, וואָס וואָלט אָן זיין איבערגעגעבענער אַרבעט זיכער נישט געקאָנט דערשיינען. און עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אַלץ טוט ער פרייוויליק, אָן שום מאַטעריעלע נוצן אָדער פּניות.

זאָלן־זשע די דאָזיקע שורות זיין דער אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר אים מצד אַלע זיינע לאַנדסלייט.

דער קאָמיטעט

## לאָשיצער אין ירושלים

איך בין געבוירן געוואָרן אין לאָשיץ, אָבער איך האָב פאַרלאָזט אונדזער שטעטל אין מיין גאָר פריער יוגנט און עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

איך בין אַלט געווען 15 יאָר, ווען איך בי״ן אָנגעקומען, אין יאָר 1925, פון לאָשיץ קיין ירושלים. איך בין געקומען צו מיין פעטער, דוד גרינבערג, וועלכער איז געווען דער איינציקער לאָשיצער, וואָס האָט דאַן געלעבט אין ירושלים.



יעקב פרידמאַן

דוד גרינבערג האָט עמיגרירט פון לאָשיץ קיין אַרגענטינע אין 1917. דאָרט איז ער אריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און געווען אַ זייער טיכטיקער טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג. אין 1920 האָט ער דאָרט אָנגעפירט מיט אַ שטרייק פון 500 אַרבעטער אין אַ גרויסער פאַבריק. די אַרגענטינער פּאָליציי האָט זיך אריינגעמישט, ווען־דיק ברעכן דעם שטרייק. עס זענען פאָרגעקומען בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן די שטרייקנדיקע מיט דער פּאָ־ליציי און שטרייקברעכער. עס זענען געווען קרבנות. מיין פעטער איז גע־זוכט געוואָרן דורך דער פּאָליציי און עס האָט אים דערוואַרט אַ גרויסע שטראָף. ער איז דעריבער אַנטלאָפן פון אַרגענטינע און געקומען, אין 1920, קיין ארץ־ישראל. ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו עס איז אין אים פאָרגעקומען אַ גייסטיקער איבער־ברוך — ער איז פרום געוואָרן און זיך דערנענטערט צו די רעליגיעזע קרייזן.

דער ערשטער לאָשיצער, וואָס אי֗ך האָב באַגעגנט אויף אַ ירושלימער גאַס, באַלד נאָך מיין קומען, איז געווען הערשל פלאָט. ער איז געווען פשוט פאַר־שמאַכט פון הונגער. איך האָב אים מיטגענומען צו מיין פעטער, וועלכער איז שטענדיק גרייט געווען צו העלפן יעדן, בפרט אַ לאַנדסמאַן. הערשל האָט געלעבט מיט אונדז צוויי יאָר און איז צוריקגעפאָרן קיין לאָשיץ בעתן קריזיס אין 1927.

דוד גרינבערג איז געשטאָרבן אין יאָר 1957, אין דער עלטער פון 62 יאָר.

אין 1926, ווען עס איז ביי דער נאָר־וואָס געגרינדעטער העברעישער אוניווער־סיטעט אויפן הר־הצופים, געשאַפן געוואָרן די בוך־בינדעריי, בין איך דאָרט אָנגעקומען אַלס לערן־יינגל. איך אַרבעט דאָרט ביזן היינטיקן טאָג, נאָכן דערגרייכן דעם אַמט פון איר מנהל.

אין 1936 האָב איך באַוויזן אַראָפּצוברענגען פון לאָשיץ מיין פאָטער, פרוי און קינד. מיין פאָטער, ר׳ יואל־דוד פרידמאַן, געבוירן אין לאָשיץ אין 1887, לעבט אין ירושלים, זייענדיק גליקלעך צו פאַרברענגען זיין עלטער אין דער אייביקער הויפּטשטאָט פון יידישן פאָלק.

יעקב פרידמאַן

# דער לאַנגער און שווערער וועג

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט מען מיך, אַלס 19־יאָריקן בחור, אין 1915, מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרמיי. מען האָט מיך דאַן אַוועקגעפירט פון לאָשיץ אין טיף־רוסלאַנד, אָבער דאָרט האָט זיך מיר איינגעגעבן באַפרייט צו ווערן איידער איך בין געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. איך האָב גענומען וואַנדערן איבערן הונגעריקן רוסלאַנד, ווו עס איז באַלד אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג. איך האָב אָבער קיין הונגער נישט געליטן, אַדאַנק דעם לאָשיצער פאַך, געגריווועטע שוסטעריי, ביי וועלכן איך האָב געאַרבעט. אין דער שטאָט פעזנע האָב איך געטראָפן אַ לאָשיצער לאַנדסמאַן, יצחק־מאיר גרינבערג (ריי־זעלעס), וועלכער האָט דאָרט געהאַט אַ שיך־פאַבריקל און כ'האָב ביי אים געאַרבעט צוויי יאָר. אין 1919 האָב איך, מיט אַ פרוי און אַ קליין קינד, זיך צוריקגעקערט קיין לאָשיץ. ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזט לאָשיץ, נאָך דער פויליש־רוסישער מלחמה, אין 1920, זענען פיל לאָשיצער יונגעלייט מיטגעלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד, כדי נישט אריינצופאַלן אין פוילישן מיליטער. אויך איך בין דאַן מיט מיט דער אָפטרעטנדיקער רויטער אַרמיי. מיין פרוי מיט צוויי קינדער, זענען געבליבן אין לאָשיץ.


יהושע קויפמאַן

חדשים־לאַנג האָב איך געוואַנדערט צופוס, אָדער אויף דעכער פון אָנגע־שטאָפטע באַן־וואַגאָנען, ביז איך בין אָנגעקומען קיין בערדיטשעוו, ווו איך האָב געטראָפן מיין פרויס עלטערן. מיר האָבן באַשלאָסן פאַר יעדן פרייז זיך אַרויסצובאַקומען פון רוסלאַנד קיין ארץ־ישראל, ווו עס זענען שוין געווען מיינע צוויי שוואָגערס, דער פרויס ברידער. איך האָב דאַן געקויפט אַ פערד־און־וואָגן, געמאַכט איבערן וואָגן אַ בויד און איך מיט דער פאַמיליע פון מיינע שוויגער־עלטערן, צוזאַמען אַכט נפשות, האָבן גענומען וואַנדערן איבער רוסלאַנד, ווי אמתע ציגיינער. בייטאָג זענען מיר געפאָרן און ביינאַכט זיך אָפּגעשטעלט אין פעלד רוען אין דער בויד. נאָך אַ וואַנדערונג פון אַן ערך צוויי וואכן, זענען מיר צוגעקומען צו דער רומענישער גרענעץ.

דער וועג קיין ארץ־ישראל האָט געפירט דורך רומעניע.

דאָס דורכשמוגלען זיך איבער דער רוסיש־רומענישער גרענעץ איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות. מיינע שוויגער־עלטערן מיט זייער פאַמיליע זענען פאַרבליבן אין ראַטנפאַרבאַנד און נאָר איך אַליין האָב באַוויזן זיך אַריינצובאַקומען קיין רומעניע. אַהער האָב איך באַוויזן אַריבערצוברענגען אומלעגאַל פון לאַשיץ, מיין פרוי מיטביידע קינדער און מיין שוועסטער גאָלדע, מיטן געדאַנק דורכויס עולה צו זיין קיין א״י. אין רומעניע האָב איך ביי שוסטעריי־אַרבעט אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט און אין 1922 באַוויזן צו באַקומען פאַלשע פאַפּירן אַלס „קאַפּיטאַליסט", אַז איך פיר כלומרשט אַ שיף האָלץ קיין א״י, און מיר האָבן זיך געלאָזט פון קאָנסטאַנצע אויף אַ לאַסט־שיף צו די ברעגעס פון אונדזער אויסגעטרוימטן לאַנד.


אשר קויפמאַן

12 טעג האָבן מיר זיך געשלעפּט ביז חיפה. אָבער דאָ האָט די ענגלישע פּאָליציי אַנטדעקט, אַז אונדזערע דאָקומענטן זענען געפעלשטע, מיר באַזיצן נישט קיין וויזעס, און אונדז נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון דער שיף. מיט אונדז צוזאַמען זענען געווען נאָך אַ צען יידישע משפחות אין דער זעלבער לאַגע. פון חיפה האָט מען די שיף אָפּגעשיקט קיין יפו. עס זענען אַרויפגעקומען צו אונדז זשורנאַליסטן. די פּרעסע האָט געשריבן וועגן אונדז. מ׳האָט אינטערווענירט. אָבער עס האָט ווייניק געהאָלפן. מיינע שוואָגערס האָט מען אפילו נישט צוגעלאָזט זיך זעען מיט אונדז. נאָך אַ פּאָר טעג האָט מען די שיף צוריקגעשיקט קיין חיפה, כדי אונדז פון דאָרט צוריקצושיקן קיין אייראָפּע. אין דער לעצטער מינוט, ווען די שיף מיט אונדז האָט שוין גענומען רירן פון חיפהער פּאָרט, האָבן די יידישע מוסדות באַקומען אַ דערלויבעניש אונדז אַריינצולאָזן אין לאַנד. דעם 28־טן אַפּריל 1922 האָבן זיך געענדיקט אונדזערע פּיינפולע וואַנדערונגען און מיר האָבן באַטראָטן דעם באָדן פון הייליקן לאַנד.

קיין לאַשיצער זענען נאָך דעמלט כמעט נישט געווען אין ארץ־ישראל. איך וייס נאָר וועגן יוסף דובשני (מלכה זלמן־דודס), וועלכער איז געקומען אין לאַנד אריין פון לאַשיץ נאָך אין יאָר 1911.

איך האָב געדונגען אַ צימער אין דער דייטשער קאָלאָניע אין חיפה, אָבער נישט געקאָנט דאָרט פאַרדינען אויף ברויט. מיר זענען אַריבער קיין יפו. אין אַ ווינקל פון רחוב שבזי האָב איך געדונגען אַ צימער און גענומען אַרבעטן,

אָבער נאָך פיר חדשים — נישט געהאַט צו באַצאָלן די אַנדערהאַלבן פונט דירה־געלט און געמוזט זיך אַרויסציִען. אַ ביליקערן צימער איז שווער געווען צו באַקומען, ווייל מען האָט נישט געוואָלט אריינעמען מיט קליינע קינדער. אויף רחוב מזא"ה, אין תל־אביב, זענען דאַן געווען הויכע זאַמד־בערג, און אויף זיי אוהלים, לייוונטענע פּאַלאַטקעס, צו פאַרדינגען. עס האָט געקאָסט נאָר אַ האַלבן פונט אַ חודש און איך האָב זיך באַזעצט מיט מיין פאַמיליע אין אַזאַ אוהל. צוויי יאָר האָבן מיר אַזוי געוווינט. און אין דעם אוהל האָבן מיר אויפגענומען געסט און אפילו ניי־געקומענע לאַנדסלייט. אַזוי האָבן מיט אונדז דאָרט געלעבט זייערע ערשטע טעג אין לאַנד רחל לעווין און מתתיהו גאָלדוואַסערס פלימעניצע, אסתר, וועלכע זענען דאַן געקומען פון לאַשיץ.

אין 1924 איז געווען אַן איניציאַטיוו פון תל־אבי־בער שטאָט־פּרעזידענט דיזענגאָף, אַז מען זאָל זיך באַזעצן ביים היינטיקן תל־אביבער פּאַרק, ווו ס'איז נאָך געווען אַ זאַמדיקע וויסטעניש, קויפנדיק מגרשים אויף אויסצוצאָלן, צו 10 פּיאַסטער אַ חודש, דעם באַטרעף פון 21 פונט. איך האָב עס געטאָן און זיך באַזעצט שוין אין אַן אייגענער פּאַלאַטקע. קיין לאַשיץ, צו מיינע עלטערן, האָב איך געשריבן, אַז „איך האָב שוין אַ פּאַר־מעגן מיט אייגענעם באָדן..." דורך צוויי סוחרים האָב איך דאַן געשיקט אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן פאַר מיין פאַמיליע אין לאַשיץ.


ביילע קויפמאַן

אין 1925 זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל מיינע עלטערן, אשר, דער גלעזער, און ביילע־רבקה קויפמאַן, מיין שוועסטער אירל אָקסענהאָרן מיט אַ קינד און די שוועסטער צפורה (היינט גראַבער). ווען כ'האָב זיי אריינגעפירט אין אונדזער פּאַלאַטקע אויף די זאַמדן, האָבן זיי דער־שטוינטע געפרעגט: „ווו איז דיין וווינונג און דאָס פאַרמעגן, וועגן וועלכן דו האָסט געשריבן ?..." „עס וועט אַלץ זיין, מען דאַרף האָבן סבלנות", — האָב איך געענטפערט.

מיין פאָטער איז באַלד אַרויס אין גאַס מיט אַ קעסטל גלאָז און ער האָט זיך גענומען צו פאַריכטן שויבן. ער איז פאַר־נאַכט צוריקגעקומען מיט אַ באַרג מטבעות מיט לעכער און געפרעגט וויפל דאָס איז, ווייל ער האָט זיך נישט אָריענטירט נאָך מיטן א"י־געלט. מיר האָבן איבער־געציילט — ער האָט פאַרדינט ממש אַ „מטמון": 80 פּיאַסטער, בשעת איך פלעג ביי שווערער אַרבעט אין אַ פאַבריק נישט פאַרדינען מער ווי 30 פּיאַסטער אַ טאָג. איך האָב זיך דעריבער אויך גענומען צו גלעזעריי.

אַ שטיקל צייט שפּעטער האָב איך זיך אַריבערגעצויגן אויף רחוב חבר־הלאומים, ווו איך האָב אויפגעשטעלט אַ הייזקע און אריינגענומען די גאַנצע

פאַמיליע. אַלע האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעאָרדנט באַזונדער, אָבער איך וווין אין דער זעלבער הייזקע ביזן היינטיקן טאָג.

מיין שוועסטער גאָלדע, וואָס איז געקומען צוזאַמען מיט מיר, האָט שפּעטער געהייסן גלאַזער און איז יונגערהייט געשטאָרבן — אירע קינדער זענען די באַרימטע ישראלדיקע פוטבאָליסטן און ספּאָרטלער, די ברידער גלאַזער.



אשר קויפמאַן (דער גלעזער) מיט זיין פרוי ביילע־רבקה, זייערע קינדער און אַ קליין אייניקל, אין די ערשטע יאָרן נאָך זייער אָנקומען קיין ארץ־ישראל

מיינע עלטערן האָבן אין ארץ־ישראל דערלעבט אַ טיפע עלטער. מיין פאָטער אשר איז נפטר געוואָרן אין דער עלטער פון 80 יאָר און די מוטער — אין דער עלטער פון 74 יאָר.

יהושע קויפמאַן

## פון עין־חרוד, אין צפון, ביז נגבה, אין דרום

אין קיבוץ עין־חרוד, נישט ווייט פון אַלטן היסטאָרישן קוואַל פון גדעונס צייטן, לעבט אונדזער לאַנדסמאַנקע דינה גוזאָווסקי־ברוידע.

זי איז אַ טאָכטער פון לאָשיצער שו״ב ר׳ חיים גוזאָווסקי. געבוירן און דערצויגן אין לאָשיץ, איז זי געווען פון די ערשטע יוגנטלעכע חלוצים אין שטעטל. זי האָט עולה געווען אין 1926. דאָ איז זי גלייך אריינגעטראָטן אין קיבוץ, אין אָנהויב אין „העובד״, אין פתח־תקוה, דערנאָך אין קיבוץ „הכובש״, היינט רמת־הכובש. די לאַגע אין לאַנד איז דעמלט געווען זייער אַ שווערע. דינה האָט געאַרבעט ביי שווערער פּיזישער אַרבעט; אַ צייט אין אַ פּרדס, צו וועלכן

מען האָט געמוזט גיין עטלעכע קילאָמעטער צו און פון דער אַרבעט; שפּעטער — אין „מטבח־הפועלים". מען האָט געוווינט אין געצעלטן און דאָס עסן איז באַשטאַנען אָפט פון בלויז — ברויט מיט וואַסער. שבת פלעגט מען גיין צופוס דורך די זאַמדן פון פתח־תקוה קיין תל־אביב, ווייל די רייזע־קאָסטן זענען געווען אַ צו גרויסע אויסגאַבע...

אין 1929 איז דינה אַריבער קיין עין־חרוד. דער קיבוץ האָט נאָך דורכ־געמאַכט זיין שווערע אַנטוויקלונג־צייט. דינה האָט מיטגעליטן און געהאָלפן טראָגן דעם אַלגעמיינעם חלוצישן עול. זי האָט געאַרבעט ביי די פאַרשידנסטע אַרבעטן. יאָרן־לאַנג איז דינה געווען די פאַראַנטוואָרטלעכע אין בית־התינוקות פון קיבוץ. זי האָט אויף אירע הענט דערצויגן צענדליקער און צענדליקער עין־חרוד־קינדער, וואָס זענען פאַר, אַלס נייער דור, דעם שיינעם קיבוץ־וועג. און גלייכצייטיק האָט זי אויפגעשטעלט אַן אייגענעם דור, דריי זון און אַ טאָכטער, אייניקלעך פון לאַשיץ, וואָס זענען ממשיך דעם וועג פון מאַמע־טאַטע.

דינה האָט דערפילט פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן אין איר קיבוץ און איז אָנגעזען און באַליבט ביי אַלע חברים.

אין דרום פון לאַנד, אין קיבוץ נגבה, געפינט זיך אַ צווייטע לאַשיצערין — בעלטשע גאָלדבאַנד־שמולעוויטש. זי איז געווען אין לאַשיץ איינע פון די גרינדערינס און אָנגע־זעענסטע פירערינס פונעם „השומר־הצעיר". שוין אין דער פאָלקס־שול האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר חוש פאַר קולטור־אַרבעט און שטאָלצן יידיש־נאַציאָנאַלן געפיל. דעם „השומר־הצעיר" האָט זי געווידמעט איר גאַנצע ענערגיע און געווען אין אים טעטיק מיט יוגנט־לעכן ברען. גלייכצייטיק האָט זי אויך מיטגעאַרבעט אין דער געמיינזאַמער ציוניסטישער קולטור־ און זאַמל־טעטי־קייט אין לאַשיץ.


בעלטשע גאָלדבאַנד

בעלטשע איז געקומען אין לאַנד אריין אין 1935, דאָ איז זי שפּעטער אריינגעטראָטן אין קיבוץ נגבה. זי האָט דורכגעמאַכט אינעם קיבוץ די שווערע צייטן פון פאַרוואָרצלען זיך אויף דער נגב־ערד און דאַן די גאַנצע קעמפנדיקע עפּאָפּייע פונעם קיבוץ אין דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה פון דער יידישער מדינה.

בעלטשע דערפילט ווייטער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן אין איר קיבוץ, אָדער אין זיין נאָמען און אין נאָמען פון דער באַוועגונג — אויסער אים.

די היים פון בעלטשע און הלל שמולעוויטש אין נגבה איז אַ וואַרעמע היים פאַר לאַנדסלייט, חברים פון דער באַוועגונג, און אַפילו זייערע קינדער, וועלכע געפינען דאָרט שטענדיק די אַטמאָספער און ליבע, ווי אין אַן אייגענער היים.

מ. ש.

## רחל לעווין

רחל לעווין־אַבראַמאָוויטש איז געווען פון די ערשטע „שוואַלבן", וועלכע האָבן אין די צוואַנציקער יאָרן עולה געווען פון לאָשיץ קיין ארץ־ישראל. אַ טאָכטער פון אַן אָנגעזעענער רעליגיעזער פאַמיליע, איז זי פון דער פריער יוגנט געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטעטל און אַן אַקטיווע מיטגלידערין אין דער ערשטער „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע.

די עלטערן האָבן זיך קעגנגעשטעלט איר עליה, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט ברעכן איר פעסטן באַשלוס, וועלכן זי האָט דורכגעפירט און זי איז אָנגעקומען אין לאַנד אריין אין יאָר 1925. ווי אַלע חלוצים אין יענער צייט, האָט זי דורכגעמאַכט שווערע קליטה־יאָרן ביזן פאַרוואָרצלען זיך אין לאַנד. זי האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט איינגעבראָכן, נישט אונטערגעגעבן די שוועריקייטן און אויפגעשטעלט איר היים, און אַ פרישן דור, אין תל־אביב, ווו זי וווינט אַלע יאָרן.

## חברי „השומר הצעיר" בארץ

דמות בולטת בקן „השומר הצעיר" בעירנו היה מ נ ח ם ר ו ז ל. עוד בהיותו נער צעיר, מלא מרץ ויזמה, הצטרף לתנועה ונמנה עם ראשוני חבריה בלושיץ. דרש הרבה מעצמו ושימש מופת לאחרים במסירותו ובנאמנותו לער־כים החלוציים. בן שבע־עשרה ביקש לצאת לנקודת הכשרה, וכשלא ניתן לו הדבר בשל גילו הצעיר, יצא על דעת עצמו לקיבוץ הכשרה בצ׳כיה, שהה שם כשנה, ובשנת 1931 עלה ארצה — ראשון העולים מקן „השומר הצעיר" שבעירנו והצעיר שבהם.



מנחם רוזאַל

בארץ הצטרף לקיבוץ רמת הכובש וחי שם כמה שנים.

אחר־כך גר שנים רבות בכפר־סבא.

גם לילדיו הקנה אותם הערכ׳ים, שהיה נאמן להם מנעוריו — בתו חונכה בקיבוץ שמיר ובנו — בקיבוץ נגבה.

בראשית שנת 1933 עלתה ארצה ר ח ל ה ו כ מ ן, מהעולות הראשונות של

הקן שלנו. עלתה על אף התנגדותם החריפה של הוריה החרדים. בארץ הצטרפה לקיבוץ גבעת־גנים — נגבה דהיום — והיתה בין ראשוני הקיבוץ.

בלצ׳ה גולדבנד־שמולביץ׳, — מהפעילות והמסורות לתנועה בעירנו. מילאה תפקידים רבים במסירות ובהתנדבות. עלתה ארצה בינואר 1935. מאוחר יותר הצטרפה לקיבוץ נגבה, בו היא חברה ופעילה עד היום. ביתה פתוח תמיד לכל ילדי עירנו המתחנכים בנגבה, הם מוצאים שם אווירה ביתית וחמימות משפחתית.

צילה פולקביץ׳ — עלתה ארצה בשנת 1936. עוד בשחר נעוריה הצטרפה לקן. התבלטה במיוחד בקולה הערב והצלול, והנעימה בשירתה כל מסיבה וחגיגה בקן ובכינוסים המחוזיים של התנועה.

צילה הצטיינה גם כשחקנית על הבמה, ובלהקה הדרמטית של הקן שיחקה את התפקידים הראשיים. את הכשרתה עשתה בפלונסק, וידעה להסתגל לתנאים קשים על אף הרגלים נוחים למדי בבית אבא־אמא. רבים נשרו בדרך, אך צילה החזיקה מעמד ובשנת 1937 עלתה ארצה יחד עם בעלה נחמיה שטרן.

ראשית דרכה בארץ היה קיבוץ שער הגולן. כעבור שנתיים עברה לכפר מסריק, וכעת היא חיה עם משפחתה בקיבוץ גבת.

משה רוזנצווייג — ממייסדי הקן ונציגו במוסדות התנועה הציונית בעירנו. עלה ארצה בשנת 1935. כאן התנסה בכל העבודות — בבנין, בחקלאות ובסלילת כבישים. חבר נאמן להסתדרות ומשומרי הגחלת של תנועת העבודה מאז ועד היום.

יוסף בן יעקב — נאמן ומסור לתנועה ולערכיה. היה פעיל בקן „השומר־הצעיר" בלושיץ ונשאר נאמן לתנועה עד היום בארץ. הוא פעיל בארגון יוצאי קהילתנו ועוזר לעולים חדשים במיטב יכולתו ולמעלה מזה. עלה ארצה בשנת 1936.

כן עלו באותה שנה החברים: שינדל וינשטוק (כעת יפה רוזל), פיגה זילברמן, מלכה קרקוביאק, שרה ואברהם ליברמן ויצחק לונדר.

ר. ה.

## די משפחה ראָזענבאַנד

פיר קינדער פון דער ראָזענבאַנד־משפחה, גרשון גאָדלס קינדער, פון לאָשיץ, לעבן אין ישראל.

חיים־יאַנקל — היינט חיים אביטל — איז אין לאָשיץ געווען פון די ערשטע טעטיקע חלוצים און אַלס אַזעלכער געקומען קיין ארץ־ישראל באַלד מיטן אָנהויב פון דער פינפטער עליה, אין 1925. ער האָט געלעבט אין אָנהויב אין קיבוץ, אָבער דורכגעמאַכט פיל קראַנקייטן, און געמוזט צייטווייליק פאַרלאָזן דאָס דאָרף־


חיים אביטל (ראָזענבאַנד)

לעבן אויפן אויסדריקלעכן באַפעל פון דאָקטוירים. ווען ער האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין ירושלים אַלס באַאַמטער אין קופּת־חולים, האָט ער נישט איבערגעריסן מיטן דאָרף, און עס גיסט זיך אין אים האַרמאָניש צונויף דער נייער טיפּ פון יידישן לאַנדווירט מיטן שטאָט־מענטש און אָפט איז שווער צו אונטערשיידן, וועלכער פון דיביידע עס דאָמי־נירט ביי אים...

ער איז געווען פון די ערשטע מתישבים אין מוצא־עלית, ביי ירושלים, ווו ער, מיט זיין פרוי חיה, באַאַרבעטן ביז־היינט זייער לאַנדווירטשאַפט־לעכן משק און ער פאַרוואַנדלט ז׳ך, נאָך אַ טאָג אַרבעט אין שטאָט — אין אַ „חקלאי״, ווי מען רופט אין ישראל דעם „פויער״.

אַ טעטיקר „הגנה״־מענטש, האָט חיים, צוזאַמען מיט נאָך געציילטע יידישע מתישבים פאַרטיידיקט דעם ישוב, מיט מסירות־נפש, קעגן אַ פילפאַך־גרעסערן שונא בעת אונדזער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה.

ער איז אָנגעזען און געאַכטעט אין דאָרף און אין שטאָט. עס שטעלט זיך אָפט די פראַגע, ווו נעמט חיים צייט, אויסער זיין ביוראָ־אַרבעט און אַרבעט אויפן משק, צו זיין פאָרזיצער פון „ועד העובדים״ אין דער קופּת־חולים פון דער הויפּט־שטאָט, דאָס הייסט אָנפירן מיט די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון 450 אַרבעטער, זיין טעטיק אין ירושלימער אַרבעטער־ראַט, אין זיין פּאַרטיי און דערביי — זיין שטענדיק גרייט צו באַפרייען זיך פון אַלע אַרבעטן, כדי אויפצונעמען אַ לאַנדסמאַן, וואָס קומט פון מרחקים צו די בערג פון ירושלים?...

*

מיר ברענגען דאָ אינטערעסאַנטע אויסצוגן פון זיינער אַ אויטאָביאָגראַפיע:

מ־7 ילדי בני משפחתנו רוזנבנד (גרשון־גאָדלס) נשארנו ארבעה וכולנו בארץ.

אחותי ריקל, הצנועה והענווה, עדינת הנפש, ואחותי מלכה, טובת־הלב ותמימת הנפש, עלו על מוקדי טרבלינקי, יחד עם כל בני עירנו ובית ישראל בפולין.

אחי גודל, שחינך בני דורנו בלושיץ לציונות ולהגשמה, בגלל אי כשרו לעבודה פיסית (מחלת לב) המיר גולה בגולה והיגר לקולומביה. שם ראה את הארץ „מנגד״ — בעיני רוחו, ואליה לא בא. נפטר בדמי ימיו בשנת 1952 בקולומביה.

משיכתי לארץ ישראל ואהבתי אליה ינקתי בשחר ימי, מלימוד התנ״ך ומקריאת הספרות העברית דאז.

משיכתי לכפר, לחקלאות, באה לי מחצר ביתנו בפרוור הגויים, אשר נשקף על פני האפרים הירוקים, הנחל, שדות־הקמה והיער הנובישלצאי.

אז גמלה בלבי ההחלטה: בבוא היום — אעלה ארצה ואחיה בה חיי כפר.

בגיל 15 התחלתי את המסע הגדול לוורשה הבירה. שם נכנסתי להסתדרות „החלוץ". רבה היתה שמחתי כשנתקבלתי בה כחבר, אחרי בחינות בעברית ובידיעת תולדות התנועה הציונית.

בשנת 1925 יצאתי להכשרה. עקב המשבר והפסקת העליה המשכתי בקיבוץ ההכשרה עד 1929. עבודתי במשך 5 שנים, בחקלאות ובחרושת כבדה, יחד עם גויי הסביבה, חישלה את גופי ורוחי לעמוד בכל תנאי החיים בארץ עד היום הזה.

בשנת 1929 עליתי ארצה יחד עם חברי קבוצתי „שחריה". היתה זו הקבוצה הראשונה של העליה החמישית. זכורני את השמחה ותרועות הששון של הציבור בתל־אביב בהן נתקבלנו אחרי 5 שנות הפסקת העליה. הואיל והוכשרנו לחיי הארץ, בידיעת השפה, ההוי הארצישראלי, והרגלי עבודה, חשנו עצמנו מיד כ„וותיקים". רק שבוע ימים בילינו בתל־אביב. את השירה והריקודים באותו השבוע, בחוצותיה וברחובותיה של העיר, לא אשכח עד עולם.

דרכי בארץ — מחדרה, בה עבדתי וקדחתי שנה שלמה, דרך יבניאל שבגליל, בה חרשתי וקיצרתי בשדותיה, בהתרוממות נפש ובשירה שבלב, עד מושבות עמק הירדן, מגדל, המושבה כנרת, מפעל רוטנברג בנהריים, שמירה בכרמי חיטין. ב־1933 חזרתי לתל־אביב. שם ביליתי את השנתים האומללות ביותר. חסר היה לי הנוף הכפרי, השדות והמרחבים הפתוחים. עם התחלת עבודתי בקופת־חולים בשנת 1935, חזרתי לחוף הכנרת בטבריה ולנופים האהובים עלי.

בשנת 1938 התיישבתי במוצא, בה זכיתי להגיע למנוחה ולנחלה, בה בניתי, במו ידי, את ביתי, אריח על גבי לבנה את מגרשי בן שנים וחצי דונם, שהיה כולו סלע אחד, הפכתי, במשך עשר שנים, בעבודה מפרכת מעלות השחר עד מאוחר בלילה, לגן פורח. והימים ימי „מאורעות" — הימים לעבודה, והלילות לשמירה. מועטים היה הלילות שאפשר היה לישון במיטה. נקודתנו הקטנה היתה מוקפת כפרים ערביים עוינים, והיה עלינו לעמוד על המשמר לילה־לילה.



רבקה עזריאלי־ראַזענבאַנד

*

די צווייטע פון דער ראָזענבאַנד־משפחה איז געקומען, אויך מיטן דער פינפטער עליה, אין 1925, רבקה, היינט עזריאלי. זי האָט דאָ דורכגעמאַכט אַ

שוועו חלוציש לעבן אין יענע הערּאָישע יאָרן. געאַרבעט ביי וועש, ביי שוואַרצע אַרבעטן, אין קבוצות, — אָבער קיינמאָל נישט פאַרלאָרן דעם מוט, געהונגערט, אָבער געטאַנצט, ווי אַן אמתע חלוצה און געשריבן קיין לאָשיץ באַגייסטערטע בריוו — קומט, עלו!

זי האָט זיך איינגעאָרדנט אין שטאָט און אויפגעשטעלט צוויי דורות — קינדער און אייניקלעך.

אַביסל שפּעטער איז געקומען אין לאַנד אריין, אין יאָר 1936, ש י י נ ע, היינט גראַבסקי, נאָכן פירן אין לאָשיץ אַ לאַנגיאָריקע פרוכטבאַרע שומרישע טעטיקייט.

די „מוזשינקע״ פון דער משפחה, ח נ ה, היינט גרינבערג, האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן שוידער פון די קאַטאַסטראָפע־יאָרן אין פוילן, נאַצישע אָקופּאַציע אין לאָשיץ, מאַטערנדיקע וואַנדערונגען איבערן גרויסן רוסלאַנד, סיביר — לעבנגעבליבן און אויפגעבויט איר היים אין דער יידישער מדינה, וועגן וועלכער עס האָט געחלומט איר גאַנצע משפחה.

## בית־וויינשטאָק

ביסלעכווייז האָט די פאַרצווייגטע משפחה קויפמאַן, וועלכע האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין לאַנד, אַרויסגעשלעפּט אַלץ מער גלידער אירע פון לאָשיץ. אין 1929 האָבן זיי אַראָפּגעבראַכט קיין א״י זייער טאָכטער אסתר מיטן איידעם אליהו וויינשטאָק (שמואל־קע פאַרבערס). ביי־דע האָבן שווער גע־אַרבעט, כדי צו קאָ־נען דערציען זיי־ערע קינדער, אָבער זייער אָרעמע שטוב איז גלייכצייטיק גע־ווען אַן אמתע היים פאַר אַלע לאָשיצער, וואָס זענען געקומען אין לאַנד אַריין. צו די פסחדיקע סדרים פלעגט אליהו צונויפ־נעמען ביי זיך אַלע לאַנדסלייט, וואָס ער האָט נאָר געקענט, און געפראַוועט אַ סדר ווי אין לאָשיץ.


אליהו וויינשטאָק


אסתר וויינשטאָק

ווען איך בין געקומען אין לאַנד אַריין, אין 1934, און באַלד קראַנק געוואָרן אויף דער פּאָפּולערער ארץ־ישראל־קראַנקייט פּאַפּיטאַטשע, איז אסתר נישט אָפּגעטראָטן פון מיין בעט, ווי אַ מאַמע, מיך געהיט און דערנאָך געזען איך

זאָל קומען צו זיך. און איך בין ווייט נישט געווען דער איינציקער לאַשיצער קראַנקער ביי זיי אין שטוב, עס זענען געווען נאָך פיל אַנדערע און זיי האָבן אַלע באַהאַנדלט מיט צערטלעכער איבערגעגעבנקייט און אומפאַרגעסלעכער האַרציקייט.

אין 1936 האָט אליהו אַראָפּגעבראַכט פון לאַשיץ זיין פּלימיעניצע, שיינדל (יפה) וויינשטאָק, יידל פאַרבערס טאָכטער, וועלכע אליהו און אסתר האָבן אויפגענומען ווי אַן אייגן קינד. ווען מיר האָבן שפּעטער חתונה געהאַט, האָבן אליהו און אסתר אונדז באמת פאַרטראָטן די עלטערן. עס ליגט נאָך ביי מיר דער טלית, וועלכן אליהו האָט מיר געגעבן ביי דער חופּה, ווי אַ טאַטע.

אליהו איז געווען אַ שטאַרק־רעליגיעזער, אָבער ער איז געווען באַליבט און געאַכטעט דורך דער גאַנצער שכונה, ווו ער האָט געוווינט. אויף זיין איניציאַטיוו און אַ סך אַ דאַנק זיין אַרבעט, איז געבויט געוואָרן דער בית־הכנסת אין צפון־תל־אביב. ער איז געווען גליקלעך ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון דער שיל, אָבער פאַרגעזען זיין באַענטן סוף, זאָגנדיק דאַן: „איך גיס דעם יסוד, אָבער צי איך וועל זוכה זיין צו ענדיקן דעם בנין, ווייס איך נישט..״ ער איז אין זעלבן יאָר, אין 1940, געשטאָרבן פון אַ ראַק אין דער עלטער פון 41 יאָר. דעם בוי פון דער שיל האָבן געענדיקט אַנדערע.



שמואלקע און חיה וויינשטאָק

אסתר האָט איבערגעלעבט איר מאַן מיט 18 יאָר און געשטאָרבן אין 1958.

אליהו איז געווען שטאַרק געקרענקט, וואָס זיינע עלטערן זענען אין דער מלחמה געבליבן אין לאַשיץ. אליהוס עלטערן, שמואלקע און חיה וויינשטאָק, זענען געקומען קיין א״י אין 1935, אָבער זיי האָבן שטאַרק געבענקט נאָך די קינדער און אייניקלעך, וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַשיץ, און זענען צוריקגעפאָרן. אין 1936 זענען זיי ווידעראַמאָל געקומען, אָפּגעווען אַ שטיקל צייט און צוריקגעפאָרן קיין לאַשיץ, כדי ענדגילטיק עולה צו זיין מיט דער גאַנצער איבעריקער משפּחה — אָבער דאָס האָבן זיי שוין נישט באַוויזן דורכצופירן און אַלע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

דאָס איז מסתם, דער גרעסטער צווייג פון אַ לאַשיצער יידישער משפּחה, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט אַדאַנק בהדרגהדיקער, צייטמעסיקער עליה קיין ארץ־ישראל.

דוד רוזאל

## די משפחה אָקסענהאָרן

אירל־עדה אָקסענהאָרן איז געקומען אין לאַנד אַריין צוזאַמען מיט איר פּאָטער, אשר קויפמאַן, אין 1925. זי איז, אָבער, אַ יאָר שפּעטער צוריקגעפאָרן קיין לאָשיץ צו איר מאַן יצחק. ערשט אין 1933 האָבן די קויפמאַנס באַוויזן אַראָפּצונעמען צוריק אין לאַנד אַריין זייער טאָכטער מיט דער פאַמיליע. יצחק און אירל אָקסענהאָרן זענען געקומען מיט דריי קליינע קינדער און באַזעצט זיך אין אַ קליינעם צימער אויפן זעלבן הויף ווי די קויפמאַנס, אויף חבר־הלאומים. און אין תל־אביב איז צוגעקומען נאָך אַ לאָשיצער שטוב, אָפּן פאַר אַלע לאַנדסלייט. אין 1935 האָבן זיי אַראָפּגעבראַכט צו זיך פון לאָשיץ דעם אַלטן טאַטן, ר׳ הערש־טרייטל אָקסענהאָרן און אַ לאַנגע צייט האָבן אַלע זעקס געוווינט אין זעלבן ענגן שטיבל.



משה אָקסענהאָרן מיט זיין פרוי, באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה פאָטאָגראַפירט אין דייטשלאַנד)



עדה (אירל) אָקסענהאָרן

די שנור, אירל, האָט דעם אַלטן שווער באַדינט און אָפּגעגעבן כבוד, ווי עס קומט אַן אייגענעם פאָטער. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 56 יאָר, אין 1958, אויפריכטיק באַוויינט, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע, דורך אַלע לאָשיצער אין ישראל. דער אַלטער שווער, זאָגנדיק קדיש אויף איר קבר, ווי נאָך אַ טאָכטער, האָט מיט טרערן דאַן געזאָגט, אַז לאַנג וועט ער זי נישט קאָנען איבערלעבן. ער

איז, נאָך איר טויט, אַריין אין אַ מושב־זקנים און געשטאָרבן, אין 1960, אין דער עלטער פון קנאַפּע הונדערט יאָר.

ר׳ הערש־טרייטל האָט נאָך געהאַט דאָס גליק אויפצונעמען אין ישראל זיין עלטסטן זון, משה אָקסענהאָרן, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון דער קאַטאַס־טראָפע אין צווייטן וועלט־קריג, אין רוסלאַנד. משה הערש־טרייטלס, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין בני־ברק, צוזאַמען מיט זיינע קינדער און אייניקלעך, האָט דאָרט געפירט אַ פרומע לאַשיצער־יידישע שטוב, געליבט און געאַכטעט דורכן גאַנצן אַרום; געווען אַן אמתער שמח־בחלקו, פירנדיק אַן אַרבעטזאַם לעבן, כמעט ביז זיין לעצטן טאָג. ער איז נפטר געוואָרן אין מאַי 1962.

## אונדזער חב״דניק

נאָר געציילטע קילאָמעטער פון תל־אביב געפינט זיך דאָס דאָרף שפריר, אָדער ווי עס איז בעסער באַקאַנט אַלס כפר־חב״ד. דאָס איז אַ ישוב פון חב״ד־חסידים, וווּ טויזנטער יידן קומען יעדעס יאָר פייערן, מיט חדווה און טענץ, די חב״ד־יום־טובים. דער „מכולת״, דאָס שפייז־געשעפט, אין דאָזיקן דאָרף ווערט געפירט דורך אַ הדרת־פּנימדיקן חסיד, וועלכער איז אונ־דזערס אַ לאַנדסמאַן, אַ לאַשיצער, דאָס איז ר׳ יצחק־מאיר גרינבערג, נחמן מלמדס זון.


יצחק־מאיר גרינבערג

געבוירן אין לאַשיץ, געלערנט אין זיין טאַטנס חדר, דערנאָך אין דער בריסקער ישיבה, אָבער ווי אַ סך לאַשיצער וואויל־לערנערס אין יענע יאָרן, האָט ער זיך יונגערהייט נאָך גענומען לערנען געגריוועטע שוסטעריי, כדי צו קאָנען העלפן דעם אָרעמען טאַטן, דעם מלמד. אין 1914, וועלנ־דיק אויסמיידן די צוואַנג־אַרבעט ביי די פראָנט־אָקאָפּעס, איז ער אַוועק קיין רוסלאַנד. די ערשטע יאָרן האָט ער דאָרט געאַרבעט אַלס שוסטער און שפּעטער — שוין אין באָלשעוויסטישן ראַטנ־פאַרבאַנד — געהאַט אַן אייגענע גאַרבעריי, וווּ עס האָט אויך געאַרבעט אַ לאַשיצער, יהושע קויפ־מאַן, וואָס לעבט היינט אין ישראל. אין 1925 האָט מען זיין פאַרמעגן קאָנפיסקירט, אים פאַרשיקט קיין סיביר, פון וואַנען עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן און באַזעצן זיך אין קורסק, וווּ ער האָט געאַרבעט אַלס פאַרוואַלטער אין אַ רוסישער שענק. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אים איינגעגעבן, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן־פּליטים פון פוילן, צו פאַרלאָזן ראַטנפאַרבאַנד, און דורך פוילן און פראַנקרייך, עולה זיין קיין ישראל.

אין ראַטנפאַרבאַנד האָט ער שטענדיק, ביי די שווערסטע באַדינגונגען, אין געהיים, אָפּגעהיט און אויפגעהאַלטן זיין חסידות. געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון געהיימע ישיבות, געהאָלפן תלמידי־חכמים און געווען אַ גבאי אין דער חברה־קדישא.

אין 1949 איז ער געווען צווישן די גרינדער פון חב״ד־דאָרף אין ישראל.

צוזאַמען מיט ר׳ יצחק־מאירן, איז געקומען קיין ישראל זיינע אַ טאָכטער מיטן מאַן. דער איידעם, שלמה מעדאַנטשיק, אַ רוסישער ייד, דערצויגן אין די חב״ד־ישיבות, אַ באַן־מאַשיניסט, וועלכער אַרבעט אין „רכבות־ישראל״ ביי זיין פאַך, איז „ראש הכפר״, דער בירגערמייסטער פון חב״ד־דאָרף. ער פאָרט צום חב״דער רבין קיין ברוקלין אויף די ימים־נוראים און בעת זיין לעצטן באַזוך, האָט אים דער ניו־יאָרקער שטאָט־פּרעזידענט באַערט מיט אַ גאָלדענעם שליסל פון דער שטאָט ניו־יאָרק.

אַזוי ווערט אין ישראל פאָרגעזעצט דער חסידישער דרך פון לאָשיצער יידן.

דוד רוזאל

## בערל בינשטאָק

בערל בינשטאָק האָט געמאַכט איינע פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטן פאַרן דאָזיקן בוך — די ליסטע פון די אומגעבראַכטע לאָשיצער קדושים. עס איז נישט זיין שולד, אויב זי איז נישט אינגאַנצן קיין פולע; ער האָט אָבער געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, אויסגענוצט אַלע מעגלעכע מקורות, מיט מי און יראת־הכבוד אַלץ געטאָן, כדי אַלע נעמען צו פאַראייביקן.



בערל בינשטאָק

*

בערל בינשטאָק איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער „פרייהייט״־אָרגאַניזאַציע אין לאָשיץ און איר ערשטער סעקרעטאַר. שטענדיק געווען טעטיק אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אין איר אָנפירונג אין לאָשיץ. פאַמיליע־שוועריקייטן האָבן אים געשטערט פאַר דער מלחמה צו פאַרווירקלעכן זיין אידעאַל און עולה זיין קיין א״י. דער מלחמה־שטורעם האָט אים פאַרוואָרפן קיין ראַטנפאַרבאַנד מיט דער פרוי און אַ קליין קינד. נאָכן וואָפנשטילשטאַנד — צוריקגעקומען קיין פוילן און אין יאָר 1957 עולה געווען קיין ישראל. ער וווינט אין יפו, זעצט דאָ פאָר דאָס לאָשיצער שוסטער־פאַך און באַטייליקט זיך אַקטיוו אין פאַרבאַנד פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל.

ד. ר.

## פונעם שוסטער־שטעטל צום אַקער אין גני־יונה

דער אַספאַלט־שאָסיי, וואָס שלענגלט זיך פון רחובות קיין חולדה, אַריין ערגעץ ווייטער אין די הרי־יהודה, פירט אונדז קיין גני־יונה — צו לאַנדסלייט, צו לעבנ־געבליבענע, דורך טויזנטער נסים, ווי מיר אַליין, פון אַלטן קליינינקן שטעטל אין פוילן.

לאָשיץ איז געווען אַ שוסטער שטעטל. צעמאָזאָליעטע יידישע הענט האָבן אויסגעאַרבעט „געגריוועטע" שיך, אַמאָל נאָך פאַרן ווייטן „ראַסיי", דערנאָך פאַר גרויספוילן. זענען לעבן געבליבן אַ טייל לאָשיצער שוסטערס. איר טרעפט זיי, צי ביים אַלטן שוסטער־העמערל, צי ביי עפּעס אַ מאַשין, צי גאָר אין אַ געשעפט, — אין תל־אביב און אין בוענאָס־איירעס, אין פּאַריז און אין מעלבורן, אין ניו־יאָרק און אין וואַרשע.

און אָט אויך — אין גני־יונה.

אָבער נישט ביים שוסטערשן וואַרשטאַט.

אין אַ שטאַל מיט קי און — ביים אַקער אין פעלד.

זיצן געסט, לאַנדסלייט, געקומענע פון פּאַריז, פון קאָלאָמביע אַזש, פון לאָנדאָן, אין דער וואַרעמער היים פון אליהו קאַרשנשטיין. אַ בעטאָנענע צוויי־צימערדיקע הייזקע.

„אוודאי אַן אייגנס!" — ענטפערט ער שטאָלץ אויף אַ פראַגע, — „ווי ס'איז אייגן די גאַנצע מדינה!"...

און אויפן טיש שטייען גלייך אייגענע זויערמילך, אייגענע אייער און פּוטער, פון אייגענע קי און עופות.

אַ לעבנגעבליבענער פון דער גרויסער אין שטעטל, אַלטער קאַרשנשטיין־פאַמיליע. יוסטע באַלעבאַטים. שוסטערס, סוחרים. אָבער ווי קומט ער צו ערד, צום אַקער?

אין רוסלאַנד, וווּ ער האָט זיך געראַטעוועט, האָט ער געזען, אַז אין די ערגסטע, שווערסטע צייטן, איז דעם פּויער אַמבעסטן, ער איז אַמזיכערסטן, ער האָט שטענדיק ווי־עס־איז אָפּצועסן פאַר זיך און קינד. ער האָט דאָרט געאַרבעט אין קאָלכאָזן. און — אין שלאָפלאָזע נעכט געגומען טרוימען וועגן אייגענער ערד. ווען ער איז, גלייך נאָך דער מלחמה, צוריקגעקומען קיין פוילן, האָט ער זיך באַזעצט אויף דער ערד — אין נידערשלעזיע. געוואָרן אַן ערד־אַרבעטער, אַ פּויער. אַ שיין דייטשיש הויז געהאַט, קי און פערד און — פּרוכטבאַרע, פעטע ערד צו באַאַרבעטן. ער האָט זיך אָבער שנעל אַרומגעזען:

„נישט קיין אייגענע ערד דאָרט, נאָר פרעמדע איז זי געווען..."

ער איז געקומען קיין ישראל, מיט אַ פרוי און דריי קינדער. נישט געקלערט, פאַרשטייט זיך, וועגן שטאָט. עס ציט אים דאָך די ערד־אַרבעט שוין פון לאַנג. איז ביי אים אַ יום־טוב געווען, ווען ער האָט באַקומען טאַקע אַן אייגענע שטאַל מיט דער ערשטער אייגענער קו, אויף אייגן־אייגענער ערד. היינט מעלקט מען שוין

מער ווי איין קו. און אין שטאַל הירזשעט אויך אומגעדולדיק אַ יונגער פערד. די פעלדער זענען פאַראַקערט און פאַרזייט. די ירקות אויפן טיש זענען אויך פון אייגענעם גאָרטן.

„שווערלעך אין אָנהויב. עס טראָגט נאָך נישט. מען מוז צואַרבעטן ביי פרעמדע. אָבער כל ההתחלות קשות," — זאָגט ער נאָך מיט דער שטעטלשער אשכנזישער אויסשפּראַך.

„דער עיקר, איך בין ביי זיך, פיל זיך פעסט, בעל־הבית אויף מיין אייגענער ערד — נישט אין רוסלאַנד, נישט אין פוילן האָב איך דאָס געקאָנט פילן, — מען האָט עס מיר נישט דערלאָזט... איך האָב געאַרבעט, — די אמתע בעלי־בתים זענען געווען אַנדערע..."

און ער פאַרשטייט און גרויסט זיך:

„פּונקט ווי אַ לאַשיצער פויער, האַ?! מיין טאָכטער פאָרט מיטן ראָווער יעדן טאָג קיין עקרון אין גימנאַזיע אַריין, די קלענערע גייען דאָ אין שול. און ווי האָט עס אַ פויער געוווינט דאָרט אין לאַשיץ?..."

און ווען דאָס ערשטע קעלבל איז געבוירן געוואָרן, — דערציילט אַביסל פאַרשעמט די פרוי, — איז געווען אַ יום־טוב אין שטוב, פּונקט ווי אַ קינד זאָל צוקומען...

קאַרשנשטיין האָט אַ לאַנדסמאַן פאַר אַ שכן. טשעמני איז שוין אַ וותיק דאָ, — שוין מערערע יאָרן אינעם דאָרף.

„אויך פון פוילן געקומען אַהער?"

„אַך, ניין. פון פיל־פיל וייטער..."

דער וועג פון שוסטער־שטעטל צו דער ישראל־ערד, האָט אים געפירט נישט דורך נידערשלעזיע, נישט דורך סיבירער שנייען, — נאָך גאָר דורך הייסע אָנסופיקע פעלדער פון וויטן בראַזיל.

די דאָזיקע פאַמיליע איז אַוועק פון לאַשיץ נאָך אין אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן, באַלד נאָך די ערשטע אַנטי־יידישע עקסצעסן אין דער באַנייטער פוילישער מדינה, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויסגעוואַנדערט קיין בראַזיל. געווען האָרעפּאַשניקעס אין שטעטל, צוגעהאַנדלט מיט תבואה. אין בראַזיל האָט מען דעמלט געגרינדעט אַ „יידישע קאָלאָניע" — „קוואַטראָ אירמאַנס". די קאָלאָניסטן האָבן באַקומען הונדערטער דונאַמען ערד, גאַנצע סטאַדעס בהמות, פערד און קי. פרוכטבאַר, רייך, פול מיט וואַסער און פּאַשע, זענען די פעלדער פון בראַזיל. מען האָט אריינגעלייגט פּראַצע עס זענען געקומען שפּעדיקע שניטן. די סטאַדעס זענען זיך צעוואָקסן און צעשפּרייט איבער בערג און טאָלן, — אַזויפיל פרייע ערדן דאָרטן! אָבער די „יידישע קאָלאָניע" אַלס אַזעלכע, אַלס גאַנצע, האָט נישט געדייעט. פאַרקערט, כסדר איינגעשרומפּן געוואָרן. מען איז, איינער נאָכן צווייטן, אַוועק. רעדט אָן ערד־מענטש, וואָס איז עס שוין זייט יאָרן:

„די ערד דאָרט האָט עפּעס נישט געבונדן צו זיך..."

די שפע, די סטאַדעס קי — זיי האָבן דעם ייד פון שטעטל נישט פאַרוואָרצלט.

געווען, פֿאַרשטייט זיך, אויך אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען ביי שכנים, אָבער נישט שרעקלעך. עס האָבן געבליט די פֿעלדער, די סטאַדעס האָבן זיך געמערט — אָבער דאָס ביסעלע יידיש לעבן, וואָס איז אין אָנפאַנג יאָ דאָרט געווען, האָט ביסלעכווייז איינגעדאַרט, פֿאַרוויאַנעט.

„...איז ווי זאָל מען זיך פֿילן גוט?... די ערד דאָרט האָט עפּעס נישט געבונדן צו זיך..." — אים, דעם פּשוטן ייד פֿון ווייטן פּוילישן שטעטל.

גלייך ווי די יידישע מדינה איז אַנטשטאַנען, איז דאָרט, אין „קוואַטראָ אירמאַנס", פֿאַר דעם יידן קלאָר געוואָרן, — אַז דאָ, ביים ירדן, און נישט ביי דער אַמאַזאָנאַס, איז דאָס ריכטיקע אָרט זיינס.

דאָ וועט די ערד שוין יאָ צו זיך בינדן.

האָט מען פֿאַרקויפֿט די סטאַדעס, אָפּגעגעבן די פֿעלדער, פֿאַרפּאַקט די בעבעכעס, און די פֿאַמיליע, אַלטע טאַטע־מאַמע, קינדער, אייניקלעך — אַלץ איז עולה געווען קיין ישראל. באַזעצט זיך אין גני־יונה.

רעדט פּשוט אַ יידישער פּויער:

„עס איז, פֿאַרשטייט זיך, קיין פֿאַרגלייך נישט צווישן קוואַטראָ אירמאַנס און גני־יונה..."

אַזאַ אונטערשייד, ווי צווישן לעגענדאַר־רייכן און אומגעהויער־גרויסן בראַזיל, און דעם אָרעמען קליינינקן ישראל, ווי צווישן דעם אַמאַזאָנאַס־טייך און דעם ירדן...

רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן אַ פּשוטער ערד־ייד:

„...דאָ איז אָבער עפּעס אַנדערש. די עטלעכע טרוקן־ערדיקע דונאַמען זענען טאַקע אייגענע... כ'קאָן עס אייך נישט געבן צו פֿאַרשטיין פּינקטלעך... די עטלעכע אָרעמע קי זענען עפּעס נאָענטער... אַרום איז יידיש לעבן... די קינדער — צוריק יידן, און — מיר אַליין אויך... די אַלע יאָרן דאָרט האָט זיך אַזוי געבענקט נאָך דעם אַלעמען..."

**ב. פּעדער**

(„ישראל טאָג־איין־טאָג־אויס")

## די לאָשיצער לאַנדסלייט אין ישראל

אייזענבערג שמואל, חולון
אייזענבערג צבי, משמר־השבעה
אַקסענהאָרן יצחק, תל־אביב
אַקסענהאָרן ברוך, נתניה
אַקסענהאָרן העניע, בני־ברק
אַקסענאָהרן אברהם, בני־ברק
אַבראַמאָוויטש־לעווין רחל, תל־אביב
אביטל (ראָזענבאַנד) חיים, מוצא־עילית
איזאַק מאיר, תל־אביב
איזאַק־נאַרטמאַן מלכה
אַקסענהאָרן בערל, חיפה
אילענבערג־רובינשטיין, בני־ברק
אייזנבערג שמעון, פרדס־חנה
בן־דוד־זילבערמאַן צפורה, תל־אביב
בן־יעקב (יאסטשאָמב) יוסף, תל־אביב
בן־יעקב־ראָזענצווייג בעלטשע
בעקערמאַן משה, גב־ים
בינשטאָק יהושע, רמות־ים
בינשטאָק־פרעטער יאָספע
ברוידע־גוזאָווסקי דינה, עין־חרוד
באָראָווסקי יעקב, ירושלים
בער אברהם, חיפה
בן־אריה־גאָלדפעדער חיה, רמת־גן
בלומבערג מרדכי, חיפה
בינשטאָק מרדכי, תל־אביב
בינשטאָק־ראָזענקינד לאה
בינשטאָק בערל, תל־אביב—יפו
בראַון־קארשנשטיין העלאַ, חולון
בלאַטיטאַ חיים, חולון
בירנבוים חיה, תל־אביב
גראַבער־קויפמאַן צפורה, תל־אביב
גאָלדפאַרב א. שמואל, קרית־חיים
גאָלדבאַנד־שמולעוויטש בעלטשע, נגבה
גינזבורג נפתלי, תל־אביב
גרינטשניק־בינשטאָק אסתר, תל־אביב
גראַבסקי־ראָזענבאַנד שיינע, תל־אביב

גרינבערג יצחק־מאיר, כפר־חב״ד
גרינץ דוד, משמר־השבעה
גרינץ־מאַנדלבוים נחמה
גרינבערג יהושע, תל־אביב
גרינבערג־ראָזענבאַנד חנה
גרינבערג־ראָזענבוים צביה, נוה־חיים
גלאַס־פערלמוטער מרים, כפר־גלעדי
בורשטיין־הערמאַן רייזל, עתלית
דבשוני יוסף, תל־אביב
דונסקי־בינשטאָק העניע, תל־אביב
דראגיצקי שלמה, טבעון
דראַגיצקי־קויפמאַן דאָבע
האָפּטמאַן־אייזענבערג חנה, תל־אביב
הערשזאָן־באָראָווסקי חנה, ירושלים
הערשבערג חיים, דימונה
האָפּער לייב, חולון
העלפּיאָט־ברוקמאַן רחל, תל־אביב
הר־זהב (זלאָטאָגורע) טובה
וואַדע נחמן, רמת־גן
ווישניע יצחק, רעננה
ווייסגראַס־האָכמאַן חנה, תל־אביב
וויינשטאָק חיים, תל־אביב
וויינשטאָק יהושע, תל־אביב
וויינשטאָק אברהם, גבעתיים
וואָדע הערש, כפר־אתא
וואָדע ניסן, קרית־חיים
וואָדע שמעון, קרית־בנימין
ווײמאַן שרה, כפר־אתא
זלאָטאָגורע משה, תל־אביב
זלאָטאָגורע זיסל
זלאָטאָגורע־אַפּעל מרגלית, תל־אביב
זשעליכאָווסקי יעקב, חיפה
זשעליכאָווסקי משה, בני־ברק
זיעלאָני־גאָלדמאַן רבקה, יפו
זינגער חיים, חיפה
זינגער־שווּצבלאַט כאַסיע

זילבערמאַן שלמה, חולון
חבויניק עלקע, רמת־גן
טענענבוים חיים־יחיאל, כפר־סבא
טענענבוים צבי, יפו
טוך־פערלמאַן שרה, נהריה
טשעמני יעקב, נתניה
טשעמני ברוך, פרדס־חנה
טורבינער־גאָלדשטיין פערל, רמת־יוסף
טענענבוים זיסל, חולון
טשערנאָוויץ משה, כפר־סבא
יאַסטשאָמב רבקה (ריווע), בת־ים
כהן פישל, קרית־ים
כהן אליהו, חיפה
כגן מאיר, כפר־סבא
כספי־זילבערבערג יואל, גדרה
כספי־קאַרטש גיטל
ליבערמאַן אברהם, תל־אביב
ליבערמאַן־גראָסמאַן שרה
לאַנדוי שמואל, תל־אביב
ליבערמאַן אריה, רמות־ים
לוקסענבורג־איזאַק זעלדע, תל־אביב
לעווענדער יצחק, כפר־סבא
לעווין חיים, באר־שבע
לעווין־קאָפּיטאָווסקי שאָשע
לינזאָן יואל, נהריה
מענדעלסאָן יעקב, כפר־הרא״ה
מענדעלסאָן־גאַרבאַזש רבקה
מירמעלשטיין יצחק־מאיר, תל־אביב
מיכאָווסקי־שוואַרץ חנה
מאַדענפראָסט אליהו, גבעתיים
מערזעל שלמה, בני־ברק
מענדעלסאָן דוד, חולון
סאַרנאַצקי־לעוו חיה, רמת־ישי
סמאָלאַר בערל, רמות־ים
סמאָלאַרזש משה, קרית־ביאליק
עזריאלי־ראָזענבאַנד רבקה, גבעתיים
פּלאַט דוד, אזור
פּלאַט־קופערשטאָק רחל
פּלאַט דב, קרית־חיים
פּוטערמאַן־אָקסענהאָרן שיינדל, בני־ברק
פּרעטער אהרון, תל־אביב
פּרעטער־ווערניצקי שרה־מאַשע
פּערלמוטער מתתיהו, תל־אביב
פּערלמוטער אברהם, אשקלון
פּישמאַן דוד, קרית־חיים
פּישמאַן־לעוואַנדע גיטל
פּישמאַן אליהו, פתח־תקוה
פרידמאַן יעקב, ירושלים
פּאַסטערנאַק־האָכמאַן רחל, גבעתיים
פּערלמאַן רפאל, חיפה
פרישמאַן־גאָלדשטיין בלומע, רמת־יוסף
פּערלמאַן יוסף, משמר־הנגב
צעסנער־אייזנבערג חנה, נס־ציונה
קש־אייזנבערג סאָניאַ, אילת
קראַקאָוויאַק חיים, תל־אביב
קאַמינער יוסף, תל־אביב
קאַמינער משה, תל־אביב
קאַמינער־אַבערסאָן אסתר, תל־אביב
קאַמינער־עקשטיין העניע, תל־אביב
קאַמינער־ראָזנבוים בלומע, תל־אביב
קאַרשנשטיין שלמה, בני־ברק
קאַרשנשטיין־קאַפּלאַן רבקה
קראַסנאָבאָרסקי־אָקסענהאָרן חנה
קאַנעלשטיין הערשל, רמת־גן
קאַנעלשטיין־כהן לאה
קויפמאַן יהושע, תל־אביב
קירשנער־שפּיאָלטער לאָלאַ, רמת־גן
קאָלאָדני־ראַק לאָלאַ, עכו
קאָקאָשקאָ ניסן, עכו
קאַרשנשטיין וועלוול, אשקלון
קאַרשנשטיין אליהו, גני־יונה
קייט משה, תל־אביב
קאַרשנשטיין גדליהו, רמת־גן
קאָפּיטאָווסקי חיים, בת־ים
קאָפּיטאָווסקי־מאָקיבאָצקי רבקה
ראָזענצוויג בעלטשע, תל־אביב

ראָזענבוים־שטיינמאַן חנה, רעננה
ראָזענבוים־שטיינמאַן ליבע, רעננה
רובפאָגעל־רובינשטיין חיה, אבו־כביר
ריבקאָווסקי זאב, כפר סלמה
ריבקאָווסקי אברהם, תל־אביב
ראָזענצווייג משה, תל־אביב
ראַק איצל, פתח־תקוה
רויטמאַן־ראַק רבקה, פתח־תקוה
רוזאל דוד, תל־אביב
רוזאַל־וויינשטאָק שיינדל
רוזאַל חיים, משמר־השבעה
רוזאַל־קאַפיטאָווסקי שאָשע
רוזאַל מנחם, תל־אביב
ראָזענבלאַט חיים־לייב, בת־ים
רובינשטיין אייזיק, רמת־השרון
רובינשטיין בנימין, תל־אביב
ראָגאַל ישראל, יפו
רינעצקי טוביה, רמת־יצחק
רושאַנסקי פיניע, לוד
ראָזענבוים־זילבערבערג ברכה, בת־ים
ריבקאָווסקי הערש, רמת־יוסף
ראַק מיכאל, כפר־סבא
ראַק אהרון, כפר־סבא
שיינקינד אברהם, תל־אביב
שלאָמאָוויטש־גאָלדבאַנד חיה, הרצליה
שליפער־קראַקאָוויאַק מלכה, תל־אביב
שוואַרץ אברהם־יעקב, תל־אביב
שוואַרץ חיים, יפו
שוואַרץ־גאָלדמאַן ליבע
שטיינמאַן זאב, קרית־חיים
שטערן־פאָלאַקעוויטש צילה, גבת
שפּאַרער־וויינשטאָק חסידה, תל־אביב
שפּיר־יאַסטשאָמב עלקע, רמת־יוסף
שנער (שינקאַרזש) מרדכי, תל־אביב
שוואַרצבערג העניע, רמת־השרון
שאַרפאייזן גרשון, בני־ברק

# אינהאלט — התוכן

## דאָס רעליגיעזע לעבן



## שטעטלשע מענטשן

## אַרבעטער־טוער

## פען־מענטשן



## דער חורבן

## צעזייט און צעשפּרייט



## אין אייגענעם לאַנד